מתתיהו שמולעוויטש

# רויטע טעג

(זכרונות פון אַ פריידהייטס־קעמפער)

פון העברעאיש: ש. שנהוד

פאַרלאַג „אלישע", תל־אביב, תש"י — 1950

צום אָנדענק

פון מיינע עלטערן צבי און שרה

און מיין ברודער רפאל,

וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן

דורך די נאצים.

זאָל דאָס זיין אלס מצבה אויפן

אומבאקאנטן אָרט פון זייער קבר.

אין טעג, אין רויטע,
פון פאָגראָמען און בלוט,
אין די שווארצע נעכט פון פאַרצווייפלונג
די פאָן וועלן מיר הייבן איבער דאָרף, איבער שטאָט
און אויף איר: קאַמפ און באַפרייאונג — — —
(„י א י ר"*: „אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן")

# מזרע

## א.

שטעכל־דראָט... פון איין זייט, ים — מיטללענדישער ים, און פון דער צווייטער זייט פעלדער. און דער פאַרצוימטער שטח איז דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין ארץ־ישראל: מזרע. צווישן די פאַרצוי־מונגען זענען אויפגעשטעלט געוואָרן באַראַקן. דאָרט לעבן אַרעס־טאַנטן...

לויט דער אָפיציעלער באַצייכנונג זענען מיר איבערהויפּט נישט קיין אַרעסטאַנטן. מיר זענען בלויז „פאַרהאַלטענע". קיינער דאַרף נישט באַווייזן אונדזער שולד. אַזוי ווילן עס די ענגלענדער. צוליב „היטן די אָרדנונג" (זאָג, אינוואַזיע) איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער אין אונדזער לאַנד. אָבער אין תוך גענומען איז עס נישט שרעקלעך. דאָס געזעץ לויטעט, אַז בלויז 12 חדשים איז דער־לויבט צו פאַרהאַלטן אַ מענטש, אָן אַן אויספאָרשונג און אָן אַ משפט, לויט די געזעצן פון אויסנאַמס־צושטאַנד. ניין, ס'איז נישט שרעקלעך! 12 חדשים וועלן סוף־סוף פאַרביי. 12 לאַנגע חדשים פון אַ דעגענע־רירט מאָנאָטאָן לעבן. 6 אינדערפרי ציילט מען אונדז, דערנאָך

* דער פסעוודאָנים פון אברהם שטערן.

טיילט מען אויס דעם פרישטיק: ברויט און מאַרמעלאַדע. מיטאָג — ציילט מען אונדז ווידער. דערנאָך דאָס מיטאָג־עסן. פאַרנאַכט איז אַן איבערגעקערטער סדר: אַ מאָלצייט און דערנאָך דאָס ציילן, — די לעצטע ציילונג און מען פאַרמאַכט אונדז אין די באַראַקן. דער מענטש לעבט פון איין מאָלצייט צום צווייטן. פון איין ציילונג צו דער צווייטער. דו ווילסט לייענען, לערנען, „אויסניצן די צייט". אָבער דאָס איז שווער. עס דוכט דיר, מיט דעם האַלסטער־איין די צייט. און דו ווילסט עפעס־וואָס טאָן, די צייט זאָל שנעל אַוועק. פילן און זיכער זיין אַז זי פאַרגייט, אַז די 12 חדשים וועלן זיך אַמאָל ענדיקן. אַמאָל האָט עמעץ געשפּאַסט, „אייל זיך נישט, פריינט, נאָך די 12 חדשים וועט מען דיר צולייגן נאָך 12 חדשים. דו האָסט צו טאָן מיט ענגלענדער און זיי זענען פרעכטיקע אויסטייטשער פון יעדן געזעץ". דער „שפּאַס" פאַרשאַפט אַ שוידער. „טאָמער וועלן זיי באמת פאַרלענגערן?" אָבער ס'איז נישט מעגלעך! עס שטייט דאָך בפירוש געשריבן אין די שוץ־רעגולאַמינס לויט וועלכע מיר זענען פאַרהאַלטן, אין פּאַראַגראַף 17, „אַז דער אַרעסטירטער וועט נישט געהאַלטן ווערן אין פאַרהאַלט מער ווי 12 חדשים". איז סאַראַ פלאַץ דאָ פאַראַן פאַר קאָמענטאַרן? — אזוי טוסטו זיך אַליין בארויקן און הייבסט ווייטער אָן ציילן די טעג...

יעדן טאָג קומען־אָן נייע „פאַרהאַלטענע". די באַראַקן ווערן איבערפולט. פון מאָל צו מאָל באַפרייען זיך אַ פּאָר. דאָס קומט פלוצלינג... גליקלעכע. דו ביסט זיי מקנא, באַגלייטסט זיי מיט אַ בליק פול קנאה און גלוסט. פאַרלאַנגען נאָך פרייהייט, בענקענישן צו דעם מאָמענט אין וועלכן מען וועט דיר מעלדן, אַז דו קענסט גיין פונדאַנען...

דער ערשטער צוזאַמענברוך איז געקומען, ווען דער ערשטער פון די פאַרהאַלטענע, שמואל'קע קאַפּלאַן, האָט געענדיקט זיינע 12 חדשים אַרעסט. מען האָט אים געהייסן איינפּאַקן זיינע זאַכן און זיך צוגרייטן צום פאַרלאָזן. אַ פרייד אין לאַגער. פאַרשטענדלעך: געזעץ איז געזעץ! דער גליקלעכער שלאָפט נישט די גאַנצע נאַכט. נאָך 12 לאַנגע חדשים וועט ער ווידער זיין מיט זיין פרוי און קינדער צוזאַמען. אויך מיר שלאָפן נישט. יעדער איינער האָט געציילט און נאָך אַמאָל

געציילט די וואָכן און די חדשים וועלכע זענען אים פאַרבליבן ביזן סוף יאָר. צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך ווידער מיט אים געזעגנט. ער איז געגאַנגען מיט אלע זיינע זאַכן צום ביוראָ דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן און אַהיים גיין. דאָרטן זאָגט מען אים, אַז ער דאַרף... זיך אומקערן אין לאַגער אויף נאָך 12 חדשים... דאָס איז אַ שרעקלעכע זאַך פאַר דעם, וואָס דענקט, אַז דאָס געזעץ אונטערדריקט אים. ביסט נישט מער דער ארעסטאַנט פון געזעץ. דו ביסט דער אַרעסטאַנט פונעם שטאַרקן. פון איצט אָן, האָט עס נישט קיין ענדע. עס האָט נישט קיין שום צוועק ווייטער צו ציילן די טעג. דו מאַכסט זיך דעם אכזריותדיקן חשבון: די בעסטע יאָרן דיינע האָסטו פאַרלויערן... ווערסט אפשר אויף אייביק נישט אַרויס פונדאַנען. די פרייהייט וועלכע האָט זיך געוויזן ערגעץ־וואו אויפן האָריזאָנט, איז פאַרשוואונדן און מען זעט זי נישט מער...

•

...קודם איז געווען דינסטיק, דער צווייטער שבת־טאָג אונדזערער. דינסטיק פלעגן זיין באַזוכן. דאָס איז געווען אַ יום־טוב. איינמאָל אין דער וואָך איז דיר דערלויבט צו זען דיינע טייערסטע: דיינע עלטערן, דיין פרוי, דיינע קינדער, דיין געליבטע. איצט איז אויך דאָס פאַרביי. עס איז פאַרבאָטן צו באַזוכן אונדז. מיר טאָרן נישט זען קיין מענטש פון דרויסן. און קיין מענטש פון יענער זייט שטעכל־דראָט, טאָר אונדז נישט זען. לויט וועלכן פאַראַגראַף? ווייזט־אויס, לויטן פאַראַגראַף „כל דאַלים גבר". עס גייען פאַרביי חדשים און דו קוקסט־אויס דעם טאָג, אין וועלכן מען וועט מודיע זיין, אַז די גזירה איז בטל געוואָרן. „זיי קענען זיך דאָך נישט איזדעקעווען אזוי ביז אָן אַ סוף" — טראַכסטו ביי זיך אין האַרצן — „נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי וואָכן, די גזירה וועט בטל ווערן"... — אָבער: זיי קענען. די כוונה פון דער מאַכט איז צו פאַרמיידן פון אונדז קאָנטאַקט מיט אונדזערע חברים אינדרויסן. אזוי טייטשן זיי אויס די גזירה.

סאַראַ שטות! עס איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן די טורמע אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען פארמיידן קאָנטאַקט צווישן פאָליטישע אַרעסטאַנטן און דער דרויסן־וועלט. די איינפאַל־קראַפט פונעם

אַרעסטאַנט שטייגט שטענדיק איבער די איינפאַל־קראַפט פון זיין היטער... און וואָס נאָך ווען דאָ איז דער גראָבעריונג פון די פאַר־האַלטענע אינטעליגענטער פון דעם אינטעליגענטסטן פון די פאַרהאַל־טער. און טאָמער איז זייער כוונה אַן אַנדערע? טאָמער איז זייער כוונה, צעברעכן אונדזער גייסט דורך דעם פערזענלעכן אָפּרייסן אונדז פון די משפחות? צי וועט עס זיי געלונגען? און אזוי זענען מיר איבערגעבליבן פאַר שטראָף און פאַר גענאָד אין די הענט פון דער מאַכט. קיינער האָט נישט געזאָרגט פאַר אונדז. קיינער האָט נישט געעפנט דאָס מויל.

און וואו איז געווען דער יידישער ישוב?

*

געווען איז עס אין יאָר 1941. דער ישוב טאַנצט דעם קאַפּיטו־לירונגס־טאַנץ. דאָס קאַפּיטולירן דורך דעם גלויבן, אַז דאָס איז דער וועג: „מיט אונדזער טריישאַפט וועלן מיר איבערצייגן. פאַר אונדזער געטריישאַפט וועט אונדז באַצאָלט ווערן. לאָמיר זיין טריי און חלילה אונדז זיך מישן לטובת די ווידערשפעניקער פון מלכות. דער וועג פאַר גאולה — טרייהייט דער מאַכט. די ענגלענדער זענען נישט קיין פאַרפירער!... טאַקע אַ „ווייס־בוך״... אָבער, דאָס איז בלויז אַ פאַרבייגייענדיקע זאַך. דאָס אַלץ איז געקומען צוליב דער מינכן־פּאָליטיק. נאָר אָט האָט אָפּגעוויאַנעט די מינכן־פּאָליטיק. און זאָל נאָר די מלחמה זיך ענדיקן...״

דאָס איז די פּאָליטישע פילאָזאָפיע פון דעם ציוניזם. דאָס איז זייער שאַרפע פעסטשטעלונג. ווער עס דענקט אַנדערש: ווער עס האַלט, אַז ס׳וועט נישט זיין קיין שלום און קיין פשרה מיט דער בריי־טישער מאַכט איז „משוגע״, איז אַן „עוכר ישראל״ און עס איז נישטאָ קיין בעסערעס פאַר אים ווי דער פּאַראַגראַף 17 פון דעם רעגירונגס־געזעץ וועגן וועלכער מען שרייבט נישט אַנדערש ווי „אונדזער רעגירונג״...

*

...מיר דורשטן נאָך ידיעות וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אינ־דרויסן. צי איז אַלץ דאָרט אין אָרדנונג? פאַראַן זאַכן, וועגן וועלכע

עס איז שווער צו רעדן, נאָר מיר פאַרשטייען זיי: די לאַגע אינדרויסן איז שווער. מיר ווייסן נאָכנישט, ווי אזוי וועט די יינגע באוועגונג בייקומען די שוועריקייטן. אָבער עס איז שווער משלים זיין מיטן געדאַנק, אז זיי וועלן נישט בייקומען. און דערווייל שיט זיך קלאַפּ נאָך קלאַפּ אויף דער יינגער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך נאָכנישט אויסקריסטאַליזירט, וואָס מען קען זי נישט אויף דער גאַס, וואָס מען פאַרשטייט זי נישט. אַלע זענען קעגן אונדז! מען וויל אויך נישט פאַרשטיין! ס׳איז זיי שווער מוותר צו זיין אויף דער אילוזיע: — „די ענגלענדער וועלן אַנערקענען אונדזער גערעכטיקייט!" דאָס פאָלק, וואָס לעבט אין אילוזיע איז געגליכן צו דעם לונאַטיקער, וואָס די לבנה־שיין לאָקט אים. ער וויל איר דערגרייכן. אומזיסט דיין צו־ריקרופן אים. ער גייט... גייט... און אויב וועסט אים נישט איינהאלטן רעכטצייטיק, אויב וועט ער זיך נישט אויפכאַפּן אין דער צייט, וועט ער דערגיין ביז צום אָפּגרונט...

## ב.

עס איז אָנגעקומען „פּאָסט" — אַ בריוו פון יאירן. מיר האָבן פאַר־האַקט די לאָדן און פאַרשלאָסן די טירן פון באַראַק. מיט אַ ציטערדיקן קול ליינט פאָר נפתלי* דעם בריוו:

„...אָט איז צו מיר דערגאַנגען אַ ידיעה, אז פיר פון אונדזערע מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן אין אַ דירה אויף דיזנגאָף־גאס דורך דער געהיימפּאָליציי. צוויי פון זיי גוססען. איך ווייס, אז זיי האָבן ביי

---

*) נפתלי לובענטשיק — איינער פון יאירס נאָענסטע מיטהעלפער. אַרעס־טירט געוואָרן סוף יאָר 1941. געהאַלטן געוואָרן אין מזרע, דערנאָך איבערגע־פירט אין עכו־פעסטונג און פון דאָרט פאַרטריבן אין יאָר 1944 צוזאַמען מיט די 251 קיין אפריקע. אין פעסטונג קראַנק געוואָרן. די מאַכט האָט אים נישט געוואָלט באַפרייען אפילו ווען זיין לאַגע איז געווען געפערלעך. געשטאָרבן אין פאַרהאַלט אין גלות אַריטרעאַ, אפריל 1946.

זיך נישט געהאַט קיין געווער. פשוט דערמאָרדעט... מיר זענען אין אַ שווערן קריזיס. איך ווייסט נישט ווי אַזוי מיר וועלן אים אַדורכ־קומען...

באַשטימטע קרייזן שלאָגן מיר פאָר מיך צו באַהאַלטן און היטן, מיט דעם תנאי מיר זאָלן איינשטעלן אונדזער טעטיקייט. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב אָפּגעזאָגט"... און די ענדע פון דעם לעצטן בריוו: „זאָל געשען וואָס עס וועט געשען — איר דאַרפט פאָרטזעצן!"

ער האָט שוין געוואוסט וואָס עס שטייט אים פאָר. ווי אַלע רייד זיינע איז אויך דער בריוו געווען רואיק און זאַכלעך. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז זיין לעצטער בריוו. מיר האָבן אים רואיק געהערט. אַלע האָבן מיר געוואוסט — נאָר קיינער האָט נישט געוואַגט ארויפצוברענ־גען עס אויף די ליפּן. יעדעס האַרץ זאָרגט. נאָר דאָס הארץ ענטפערט נישט איבער דעם מויל וואָס עס זאָרגט...

כ"ו אין שבט, 13־טער פעברואר — אַ ווינטער טאָג. מיר וועקן זיך אויף. נפתלי, ווי זיין שטייגער איז, טושט זיך אויך אין ווינטער. ער קומט צוריק אין באַראַק אַריין. ער האָט געוואוסט וועגן דעם אומגליק נאָך נעכטן. ער נארט זיך נאָך אַליין, אז ס'איז אַ טעות. אפשר איז עס בלויז אַ קלאַנג אַזאַ? און דעריבער האָט ער עס קיינעם נישט דערציילט. אינדערפרי איז ער פריער ארויסגעגאַנגען זיך טושן און אינדרויסן געפרעגט איינעם פון די פּאָליציאַנטן אויב די זאַך איז ריכטיק.

עס איז נישט געווען קיין טעות. איצט קומט ער צוריק אין באַראַק און אַנשטאַט זיין געווענלעכן „גוט מארגן רבותי!" האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילן שוואכן קול: „רבותי, יאיר איז דערמאָרדעט געוואָרן"...

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן רואיק, אָבער ס'איז שווער אי־בערצוגעבן די קראַפט און דעם אָפּקלאַנג וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אין דעם מאָמענט זענען מיר געבליבן צוגענאָגלט צו אונדזערע ערטער ווי די געשטאַלטן וואָס שטעלן פאָר „לעבעדיקע בילדער" אויף דער בינע. קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. אין די אויערן האָבן בלויז גע־קלינגען און געהאַלטן און איין קלינגען, מיט טויזנטער קולות און



## „יאיר“ — אברהם שטערן

דער מענטש, וועלכער האָט דורכדרינגלעך באַגריפן די כוונות פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־הערשאַפט אין ארץ־ישראל און אַרונטערגעריסן זייער מאַסקע פון „גערעכטיקייט“.

גרינדער און אָנפירער פון דער אונטערערדישער פרייהייטס־באַוועגונג א. ג. „לוחמי חרות ישראל“ (לח״י). איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ענגלענדער דעם 12.2.1942 (כ״ה שבט תש״ב).

ווידער־קולות, די ווערטער: „יאיר איז דערמאָרדעט געוואָרן". דערנאָך שווייגנדיקע האָבן מיר ממשיך געווען דאָס אָנטאָן זיך, דאָס צובעטן די בעטן און שטיל אַרויסגעגאַנגען פון די באַראַקן. די ווערטער קלינגען נאָך אין די אויערן און שלאָגן זיך נאָך צו די שוועל פונעם באַוואוסטזיין, און ווען צו ענדע דרינגען זיי אריין אין דיין באַוואוסטזיין, וואונדערסטו זיך, אַז דו ביסט איבעראַשט געוואָרן: די זאַך איז דאָך פאַרשטענדלעך. האָסט דאָך געוואוסט, אַז דאָס וועט פּאַסירן, נאָך וואָס ביסטו איבעראַשט געוואָרן?...

אין דיין פאַנטאַזיע מאָלט זיך דאָס בילד פון איינס פון יאירס לידער „דאָס ליד פון אונטערגרונט":

...ציונס גואל וועלן מיר אויפנעמען.
אויפנעמען אים. וועט אונזער בלוט
אַ רויטער טעפּיך זיין אויף גאַסן
און אויפן טעפּיך אונדזער מוח
ווי רויזן ווייסע...

און אָט זעסטו זיין מוח — אַ ווייסע רויז...
מיטאָגצייט זענען אָנגעקומען צייטונגען.

מיר כאַפּן די צייטונגען. די ידיעה איז אויף דער ערשטער זייט.

דאָס רעאַגירן פון דער פּרעסע איז אַ טאָפּלטער און דרייפאַכיקער מאָרד. אַ שוידער־טאַט, נאָך אַן ערגערער פון די רוצחימס. די בריטישע רוצחים האָבן סוף־סוף גוט געוואוסט אין וועמען זיי צילן, זיי האָבן גוט געוואוסט, אז ער איז דער פיינט. זיי האָבן זיך בלויז טועה געווען דענקנדיק, אַז מיט יאירן וועט זיך ענדיקן דער קאַמף קעגן זיי, וועט פאַרביי די סכנה פאַר זייער הערשן דאָ.

אָבער, וואָס איז די שאָדן־פרייד פון דער העברעאישער פּרעסע — העברעאיש לויט איר שפּראַך? די גאַנצע פּרעסע רויעט מיט פעלשונגען, מיט פאַרווישונגען... פאַרווישונגען פון אַ בריטישן פאַרברעכן. „אַ פאַרבלאָנקעטע יידישע נשמה" — איז געווען דאָס קעפּל אין איינע פון די צייטונגען. דער אינהאַלט פון דער ידיעה האָט דערציילט וועגן אַ פּאַטאַלאָגיש געשטאַלט, וואָס האָט געוואָלט גיין אין שבתאי צבי'ס

דרכים, אַ קרענקלעך געשטאַלט, וואָס האָט געקענט ברענגען אַן אומ־גליק אויפן פאָלק. און אָט, אַ לויב צו גאָט און צו די בריטישע זיכער־הייט כּוחות אין לאַנד. מיר זענען אים פּטור געוואָרן. פון צווישן די שורות האָסטו געפילט דעם פאַרלייכטערונגס־זיפץ: איצט וועט מעגלעך זיין פאָרטזעצן די גרויסע שיינע אילוזיע, פון גלויבן אין דער גערעכ־טיקייט, און אין דעם גוטן ווילן פון די ענגלענדער. קיין איין וואָרט וועגן מאָרד... גוט, געשאָסן און געהרגעט געווארן בעת ער האָט געוואָלט אַנטלויפן. לויטן באַקאַנטן נוסח. — און דו פרעגסט זיך אַליין: יאיר איז דערמאָרדעט געוואָרן, ווער האָט אים דערמאָרדעט?

ג.

ס'איז מער קיין ספק נישט: מיר זענען דורכגעפאַלן... דער אונ־טערגרונט צעפאַלט זיך...

אַ טאָג יאָגט אַ טאָג. לאַנגע דערוואַרטונגס־טעג פאַר עפּעס נישט קלאָרס. אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלער דורכפאַל רייסט־אונטער דאָס גלויבן אין אונדזער אידעאישער גערעכטיקייט אויך ביי מענטשן וועלכע זענען נאָנט אונדז. מענטשן דערווייטערן זיך פון אונדז. שוואַכע מענ־טשן. זיי אַנטלויפן פון אַ טרענקנדיקע שיף. פאַרלייקענען אַלץ...

פון דרויסן איז נישטאָ קיין ידיעות. אין תּוך גענומען פאַרמאָגן מיר נישט מער קיין „דרויסן". רעשטלעך זענען געבליבן. ווער זענען זיי? וואו זענען זיי?

נאָר אָט ברענגט מען אַ נייעם פאַרהאַלטענעם. אַ באַקאַנט פּנים. יאָ! אונדזערס אַ בחור! וואָס דערציילט ער? אָבער וואָס איז דאָס? ער וואַקלט זיך אויף די פיס. מיט שווערער מי שלעפּט ער דעם שטרויזאַק וועלכן ער האָט אָט איצט באַקומען פון מאַגאַזין אַרויס. ס'איז מעגלעך? ער איז דאָך אַ פעסטער בחור?! גייענדיק צום לאַגער גייט ער פאַרביי דעם פּלויט. „שלום! שלום אפרים!" — שרייט מען צו אים. ער וואַרפט אַ פאַרוואונדערונגס־בליק פונאונטער דעם שטרויזאַק, וואָס ליגט אויף זיינע אַקסלען און קאָפּ, צו דער ריכטונג פונעם לאַגער, „שלום אייך". „וואָס איז מיט אים?" פרעגן זיינע באַקאַנטע. „דאָס איז פּרויקע?"

דער פּאָליציאַנט עפנט פּאַר אים דעם טויער, ער געפינט זיך שוין אין פאַרצוימטן געביט, וואָס רופט זיך לאַגער נומער 4. דאָס איז אונדזער לאַגער. און ווען דער טויער פאַרמאַכט זיך הינטער אים, איז ער שוין איינער פון אונדז. עס האָבן זיך איבערגעריסן זיינע קאָנ־טאַקטן מיט דער וועלט...

מען העלפט אים טראָגן זיינע זאַכן און מען פירט אים אין באַראַק אַריין.

אַ סקעלעט. ער לאָזט נישט אַרויס קיין הויך פון מויל. קיינער ווייסט נישט וואָס קומט דאָ פאָר, נאָר אַלע האָבן דערפילט, אַז עס איז עפּעס־וואָס שרעקלעכעס געשען. דער דערשראָקענער בליק פרויקעס, וועלכער איז שטענדיק פריילעך געווען, האָט אָנגעזאָגט שלעכטס. ער זיצט אויף איינס פון די בעטן, און מיר שטייען אַרום אים. די שטילקייט וואָס האָט דאָ באַהערשט, וואַרפט אָן אויף דיר אַ טרויעריקייט און אַ געפיל, אַז ביסט איבעריק דאָ.

אייגנטלעך, וואָס איז די דאָזיקע טרויעריקייט? צי איז אַן אומגליק ווען מען „פאַלט־אריין" און מען קומט אָן צו דעם מקום מנוחה? צי איז עס נישט דאָס געזעץ פון דער מלחמה? עמעץ האָט זיך דערמוטיקט און זאָגט:

— נו חברה, לאָזט אַ ביסל רוען. מ'האָט געבראַכט עפּעס עסן. און ווענדענדיק זיך צו אים: אפרים וועסט עסן, יאָ?

ער האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן זיינע אויגן צו דעם, וואָס פרעגט, זיך איינגעקוקט אין אים מיט אַ שטומפּיקן בליק, און האָט פּאַמעלעך געזאָגט: „צו מיר האָסטו גערעדט?"

— יאָ, וועסט עסן?

— אַ דאַנק. פאַראַן דאָ וואַסער?

דו הערסט זיין קול און דו וואונדערסט זיך: דאָס איז דער פרויקע? וואָס איז דער פרעמדער טאָן אין זיין שטים? דער בחור, וואָס איז געווען אויף יעדן פלאַץ באַליבט, וואָס יעדער איינער איז אים אַ חבר געווען, דער חוצפּעדיקער, וועלכן מיר האָבן פריער געקענט?

עמעץ האָט דערלאַנגט וואַסער. ער האָט געטאָן אַ פּאָר שלונג און צוריקגעגעבן דאָס טעפּעלע.

— ביסט נישט הונגעריק? — האָט מען אים ווידער געפרעגט.

— ניין! שפּעטער אפשר וועל איך עסן. וואָס מאַכט איר? וואָס הערט זיך ביי אייך?

— מיר ווילן וויסן וואָס איז ביי דיר?! — דערציילן.

אַ שמייכל האָט פאַרקרומט זיינע ליפּן. „אַלע אייגענע דאָ?" — האָט ער געפרעגט.

— יאָ. דו קענסט דערציילן, אויב ס'איז אין דעם נישטאָ קיין ספּעציעלע סודות.

— „אַלזאָ, איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן צריק מיט פינף טעג. יידן האָבן מיך פאַרכאַפּט".

— פון וואַנען ווייסטו, אז עס זענען יידן? — האָט ווער געפרעגט מיט אומצוטרוי.

— איך ווייס, איך קען אים...

— וועמען?

— דעם מנובל וועלכער האָט עס געטאָן...

— איך האָב געוואָלט פאָרן קיין תל־אביב. ער האָט מיך איינגע־לאַדן אין דער טעקסי אריין. אינעווייניק זענען געזעסן נאָך פיר מענ־טשן. ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט האָבן זיי מיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן, געבינדן מיר די הענט און פיס, און פאַרבינדן מיינע אויגן. נעכטן ערשט האָט מען אַרונטערגענומען די שמאַטע.

די מעשה הייבט־אָן פאַרדריסן. זיין קול הערט זיך ווי פון אַן אַנ־דערער וועלט. וואָס טוט זיך דאָ? ס'איז דאָך נישט צו נעמען אויפן געדאַנק, אַז אַזאַ זאַך האָט זיך אין אמתן פאַרלאָפן! און אפרים זעצט־פאָר:

— איך ווייס נישט וואוּהין מען האָט מיך געפירט. דוכט מיר, אַז דאָס איז געווען עפּעס אין אַ פּרדס, דאָרטן האָט מען מיך געהאַלטן פיר טעג...

— נו, איז וואָס?

ער האָט אַ שיפן קוק געטאָן צו דעם, וואָס פרעגט, אַ בליק פול כעס און פאַרביטערונג:

— דאָרטן האָט מען מיך געפייניקט!

באַלד האָסטו אַלץ פאַרשטאַנען. אין דער סעקונדע האסטו זיך דערמאָנט, אז ווען מען האָט באַדאַרפט אַ כלי פאַר איבונגען אין כפר־סבא, פלעגסטו זי דאָך פון אים באַקומען. נישט אַנדערש, ער איז געווען דער מאַגאַזינער. אַ שרעקלעכע פראַגע האָט איינער פון אונדז געלאָזט פאַלן. אַ שרעקלעכע פראַגע אין וועלכער ס׳איז אַזויפיל זאַכן געווען אָפּהענגיק. „וואָס איז מיט די מאַגאַזינען?!"

— „זיי זענען געפאַלן" — האָט אפרים קורץ געענטפערט. און אין די אויגן האָבן זיך אַ שטעל געטאָן טרערן. ער האָט זיך געוואָלט צוריקהאַלטן פון וויינען, נאָר פלוצים האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט, איינגעגרובן דעם קאָפּ אין די הענט און זיך צעוויינט...

צעטומלטע האָבן מיר זיך איינער דעם צווייטן אָנגעקוקט. אַ שרעקלעכע מחשבה האָט געעקבערט אין אונדזערע מוחות. „ער האָט זיך נישט געהאַלטן, ער האָט אויסגעזאָגט. ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. ער האָט פאַראָטן". דערווייל ליגט ער און זיין קערפּער ציטערט פון כליפּן.

עס האָט ווער אַ שעפּטשע געטאָן: „דאָס איז נישט זיין שולד. ער איז צו יונג געווען פאַר אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע. דאָ איז די שולד פון זיין קאָמאַנדיר".

אינצווישן האָט עמעץ געגומען בארואיקן אפרימ׳ן. ער האָט ווייזט־אויס, דערפילט די כוואַלע מיטלייד, וואָס איז אונדז אַדורך, האָט ער זיך פאַמעלעך אויפגעזעצט און געזאָגט:

— דריי טעג האָט מען געבונדן מיינע הענט פון הינטן, און אַזוי פלעגן מיך אויפהענגען מיט די הענט אויף אַ שטריק. יעדע שעה, אומגעפער, פלעגט מען מיך באַפרייען און נעמען פאָרשן. און ווען כ׳האָב שוין קיין ברירה נישט געהאַט, פלעג איך זיי אויסמאלן אויסגעטראַכטע פלעצער. פלעגן זיי נאָכלאָזן אַ ביסל, און איידער מען איז ארויסגעגאַנגען האָבן זיי מיר געזאָגט אַז מען וועט מיך הרגענען אויב ס׳וועט זיך ארויסשטעלן, אַז כ׳האָב אפּגענאַרט... און איך האָב אַזוי געוואָלט מען זאָל מיך הרגענען... כ׳האָב שוין מער זיך נישט געקענט האַלטן. איך האָב געדענקט, אַז איך וועל נישט קענען אויסהאַלטן אויף די דריי טעג. אָבער איך בין געווען זיכער, אַז אין פאַרלויף פון די דריי טעג

וועט מען זיך דערוויסן װעגן דעם פּאַרכאַפּן מיך און אונדזערע בחורים וועלן איבערפירן די מאַגאַזינען. אין פערטן טאָג האָב איך שוין מער נישט געקענט... איך בין נישט פון אײַזן... איר פאַרשטייט, איך האָב שוין נישט געפילט קיין ווייטיק. כ'האָב נישט געשריגן און כ'האָב אויך קיין כוח נישט געהאַט צו שרייען. אָבער — מער נישט געקאָנט, אפשר ווייל כ'האָב פון אָנפאַנג אָן געגלויבט, אַז אין משך פון דריי טעג וועלן זיי אַלעס אויפראַמען. אָבער זיי האָבן נישט אויפגעראַמט. אַלץ איז געפאַלן!

— פונוואַנען ווייסטו, אַז זיי האָבן נישט אויפגעראַמט?

פונוואַנען? יאָ. נאָך דעם ווי כ'האָב אויסגעגעבן דעם פּלאַץ פון די מאַגאַזינען, האָט מען פון מיר געפאָדערט איבערצוגעבן מיינע חברים. כ'האָב נישט געוואָלט. האָט מען מיך ווייטער אָנגעהויבן פּייניקן. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז יצחק האָט פאַרלאָזט זיין אַרבעטס־פּלאַץ און איז איבערגעגאַנגען קיין תל־אביב. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז אויב איך וועל בלויז איבערגעבן איינעם — וועלן זיי מיך באַפרייען. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן קיין שלעכטס נישט טאָן די חברים אויב ס'וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז כ'האָב נישט אָפּגענאַרט וועגן די מאַגאַזינען. און איך האָב בלויז געוואָלט מען זאָל מיך באַפרייען איך זאָל זיך קענען אַריינהאַקן אַ קויל אין קאָפּ. און יצחק'ן וועלן זיי סיי־ווי נישט געפינען, ווייל נעכטן האָט ער באַדאַרפט אריבערגיין קיין תל־אביב. און אין דעם האָבן זיי מיך נישט געקענט באַשולדיקן. זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז נעכטן איז ער געווען דאָ און האָט פאַרלאָזט...

— „מיר פאַרשטייען" — האָט ווער זיך אַריינגעמישט — „האָסט אויסגעגעבן זיין נאָמען!"

— „יאָ. כ'האָב איבערגעגעבן..." ער האָט אויף אונדז אָנגעהאָנגען אַ בליק ווי ער זאָל וואַרטן מען זאָל אים דעם קאָפּ אַרונטערנעמען און וואונדערט זיך, אַז דער זעץ קומט נישט. ער האָט נישט געקענט אויס־האַלטן אונדזער בליק. ער האָט אַרונטערגעלאָזט זיינע אויגן און פאַר־שוויגן.

— „אָבער ווי אזוי ווייסטו, אז די מאַגאַזינען זענען געפאַלן?"

— „פון יצחק'ן האָב איך זיך דערוואוסט. איך האָב זיך מיט אים

באַגעגנט בעת דער אויספאָרשונג אין דער געהיימפּאָליציי. ער איז אַרעסטירט געוואָרן. דאָס איז געווען נעכטן און היינט אינדערפרי האָבן מיר זיך באַגעגנט. ער האָט געזאָגט, אַז אַ קורצע צייט פאַר זיין אַרעסט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די מאַגאַזינען זענען נישטאָ. פיר פולע מאַגאַזינען... ס'איז גאָרנישט איבערגעבליבן"...

— „אָבער רבונו של עולם, ווי אַזוי ביסטו געקומען צו דער געהיימפּאָליציי?!"

— „מען האָט מיך ארויפגעלייגט אויף אַ לאַסט מאַשין, דוכט זיך מיר, און מיר זענען געפאָרן. זיי האָבן געזאָגט אַז איצט גייט מען מיך באַפרייען. איך ווייס נישט ווי לאַנג מיר זענען געפאָרן. פּלוצים האָט זיך דער אויטאָ פאַרהאַלטן און מיך האָט מען אַרונטערגעוואָרפן אין אַ ראָוו פון־דערנער. איך האָב געוואָלט אַרונטערנעמען די שמאַטקעס פון די אויגן אָבער די האַנט האָט נישט דערגרייכט צום קאָפּ. (ערשט איצט באַמערקסטו אויף סאַראַ מאָדנעם אויפן ער האַלט די הענט, זיי זענען נאָך אויסגעדרייט און ער באַוועגט זיי שווער). נאָך אַ מינוט האָב איך דערפילט אַז אויטאָ פאַרהאַלט נעבן מיר. אַ פּאָר מענטשן זענען צוגעגאַנגען צו מיר און האָבן אַרונטערגענומען די שמאַטע פון מיינע אויגן. כ'בין בלינד געוואָרן. גאָרנישט געזען, נאָר כ'האָב זיך געפרייט, אַז איך בין געראַטעוועט געוואָרן, און איך ווייס נישט צי כ'האָב קודם געזען די ענגלענדער אָדער קודעם געהערט זייער לשון. מיט העפלעכקייט פון אַגענטן האָבן זיי מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר מיינע אַקסלען, מיך אויפגעהויבן פון צווישן די דערנער, מיר דערלאַנגט אַ פּאָר „נאָק־אַוטס" און מיך אַריינגעוואָרפן אין טענדער אַריין. נעכטן און היינט בין איך געווען אויף די געהיימפּאָליציי. מען האָט מיך כמעט נישט געפאָרשט, בלויז געדראָט, אַז מען וועט מיך דערהרגענען. און היינט האָט מען מיך אַהער געבראַכט.

דאָס איז געווען די ערשטע געשיכטע פון אַ „פאַרכאַפּטן". ווער האָט געקענט אויפן געדאַנק ברענגען, אַז אַזאַ זאַך איז געמאָלט? ווי זאָל עס קומען נישט נאָך אים אַנדערע „פאַרכאַפּטע" מיט ענלעכע געשיכטעס, וואָלט קיינער נישט געגלייבט אפרים'ס רייד. מיר וואָלטן אים

געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם. „ער איז אַרופּ פון זינען" — וואָלטן מיר געזאָגט. אָבער נאָך אים זענען געקומען אַנדערע...

עס וועלן זיכער קומען טעג, ווען קיינער וועט נישט וועלן גלייבן אַ זעלכע זאַכן. און גיט עס זאָל פאַרצייכנט ווערן מיט זייערע נעמען און מיט זייערע דאַטעס. צו אייביקע שאַנד.

ווען יצחק איז אָנגעקומען, דער יצחק וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געהיימפּאָליציי אלס רעזולטאַט פון אפרימ׳ס איינ־ברעכן זיך אין די הענט פון די יידישע „מיטארבייטער", האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז אויף דער געהיימפּאָליציי האָט מען געדראָט אפּר־ימען, אז מען וועט אים דערהרגענען, אויב ער וועט נישט אויסגעבן אַלץ, וואָס ער ווייסט. אפרים האָט פאַרזוכט באַגיין זעלבסמארד. ער האָט געוואָלט אַרונטער־שפּרינגען דורכן פענסטער פון פערטן שטאָק פון פּאָליציי בנין. נאָר מען האָט באַוויזן אים איינצוהאַלטן. און מען האָט אים מער נישט געפייניקט. ווייל נאָכוואָס דאַרפן זיי עס? אַנדערע טוען שוין זייער אַרבעט. דאָס איז די הויפּט חכמה אין דעם סיסטעם פון דער בריטישער הערשאַפט. און מיט זייער כיטרעקייט געפינען זיי שטענדיק די, וואָס טוען זייער מלאכה.

דערווייל האַלטן אין איין קומען אין פאַרהאַלטונגס־לאַגער אין מזרע „פאַרכאַפּטע" דורך יידן, פאַרפייניקטע און צעבראָכענע. אין פאַרשידענע תקופות האָבן אויסגעהאַלטן אונדזערע מענטשן די פּיינען פון דער געהיימפּאָליציי. קיינער האָט זיך נישט אונטערבראָכן. אָבער עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געקענט ביישטיין דאָס פּייניקן דורך די יידן. נישט ווייל די ענגלענדער האָבן ווייניקער גע־פּייניקט. ניין און ניין! ווער עס איז אריינגעפאַלן אין די הענט פון דער גרופּע סאַדיסטן פון דער א"י געהיימפּאָליציי איז דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום. אָבער ביים פּייניקן פון דער געהיימפּאָליציי האָסטו געוואוסט, אַז דו שטייסט פאַר אַ פּיינט. און דער באַוואוסטזיין גיט דיר ליידנס־פעאיקייט, דאָס וואָס איז נישט פאַראַן ווען יידן פאַר־כאַפּן און פאַרפּייניקן דיך. ווען די ווייטיק דערגרייכט צום העכסטן שטאַפּל פון איבער־מענטשליכן ליידן, ווען דער מענטש פאַרלאַנגט שוין גאָרנישט, בלויז רו, און עס אַרט אים כלל נישט אויב די רו איז דער טויט

אַליין, שטעלט זיך פון זיך אַליין די שרעקלעכע פראַגע: „צי איז כדאי?" פאַר אַ סאַדיסטישן פּיינט, וואָס ברענט דיר די נעגל, ברעכט דיר די הענט, טובלט דיין קאָפּ אין וואַסער ביז צום דערשטיקט ווערן, איז דיין ענטפער קלאָר: „כדאי". דאָס פּייניקן באַשטעטיקט עס! און דו פאַרהאַקסט דיינע ציין, בלויז פון צייט צו צייט רייסט זיך אַרויס אַ שרעקלעכער געשריי, ווען דו קענסט שוין נישט באַהערשן די ווייטיק, וואָס שטאַרקט זיך פּלוצים — נאָר דו פאַרהאַקסט ווייטער די ציין און שווייגסט.

אָבער ווען דיין פּייניקער איז אַ ייד? אַ ייד!!!

דאָס איז געווען אין יאָר תש"ב. אין פערטן יאָר צו דעם הערשן פון „ווייס־בוך". דאָס איז געווען אין די צייטן פון בריטישן הויכקאָמיסאַר מאַק־מייכל. דאָס איז געווען אין די טעג פון „סטרומאַ"...

ד.

פינצטערע טעג ציען זיך...

פאַראַן דעזערטירער פון פראָנט. דער טעראָר פון אינעווייניק און פון דרויסן, די אידיליע צווישן מאַק־מייכלס געהיימפּאָליציי־ביוראָען און געוויסע ביוראָען פון דער סוכנות, יאירס פאַלן, דאָס אַלץ זענען קלעפּ אויך אויף די קעפּ פון אַ סך וועלכע ציילן זיך צווישן די געטרייע און כאַראַקטערפולע. אַ סך גיבן זיך פּשוט אליין איבער דער געהיימפּאָליציי. זיי ווערן געבראַכט אין לאַגער ארײַן. מיר ווילן זיי נישט קענען און שליסן זיך נאָך מער אָפּ, צוזאַמען מיט די ווייניקע וועלכע זענען אָן אַ גרעניץ געטריי געבליבן. און ארום אונדז ווי ס'זאָגט דאָס ליד: אַן אימה און אַ טויט־פינצטערניש. דאָס ערגסטע פון אַלץ: דער אָפּרייס פונעם דרויסן. וואָס טוט זיך דאָרט? וואָס און ווער איז דאָרט איבערגעבליבן? סוף סוף איז עמעץ געקומען „לעבעדיק". לעבעדיק אויך אין מאָראַלישן זין.

ערשט איצט האבן מיר געהערט, ווי עס לעבן אונדזערע בחורים אינדרויסן. אומגלויבלעכע זאכן. „שבתאי" (יהושע כהן) האָט אלץ

געגומען אין זיינע הענט אריין. טאַקע בלויז אַ הייפל מענטשן זענען פארבליבן געטריי און גאנץ אין זייער גייסט, נאָר ער האָט אויך דאָס הייפל באַשרענקט ביז צו אַ פּאָר־צענדליק מענטשן וועלכע ער האָט פערזענלעך געקענט, און געוואוסט, אַז מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. זייט אַ פּאָר וואָכן, אַז דאָס בילד פון „שבתאי" הענגט אויף די ווענט פון די הייזער אין די גאַסן פון די שטעט, און אויף די פלאקאטן־שטעלעס אין די קאָלאָניעס. אין דער צייט איז אויך געווען פארעפנט־לעכט זיין בילד אין דער גאנצער פרעסע אין לאַנד, צוזאָגנדיק פון דער פּאָליציי אַ פרייז פון טויזנט פונט פאר זיין קאָפּ. און ער איז בסך־הכל 18 יאָר אַלט. ער איז שטענדיק אַ באַוואָפנטער. „כל זמן איך לעב וועלן זיי מיך נישט בעמען" — זאָגט ער — „און אַ טייערן פרייז וועלן זיי באַצאָלן פאַר מיין לעבן". „שבתאיס" מוטער פארגיסט אַ ים מיט טרערן און מיט פאַרשידענע וועגן שיקט זי צו אים רחמים־געבעטן ער זאָל זיך איבערגעבן דער פּאָליציי און ראַטעווען זיין לעבן. נאָר ער איז פאַרשוואונדן... קיין ידיעה דערגרייכט שוין נישט מער צו דער מוטער. פון פאַרצווייפלונג האָלט זי אין טאָש פון איר שירץ אַ ראַזיר־קלינגל, זיך איבערצושניידן די אָדערן ווען די ידיעה וועגן טויט פון איר געליבטן זון וועט זי דערגרייכן. „שבתאי" ווייסט פון דעם אַלעמען, נאר ער גיט נישט קיין לעבנס־צייכן...

צוויי גרויסע אויפגאַבן פאראן פאַר אים, און ס'איז נישטא אַזאַ כוח אין דער וועלט, וואָס זאָל אים פאַרמיידן פון אויספירן זיי: איינע איז נוקם זיין זיך פאַר יאירס מאָרד און פאַרענדיקן די פרשה פון אונדזער דורכפאַל מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם פיינט.

און די צווייטע: ווען עס וועט זיך אַביסל איינשטילן, בויען דעם אונטערגרונט פונסניי.

הונגעריקע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע באַהאַלטן זיך אויס די רעשטלעך איבערגעבליבענע, אויסער זייערע וואָוינערטער. מען שלאָפט אויף פעלדער און אין פרדסים, אין וויינגערטנער און אין וועלדלעך, אז אַ יידיש אויג זאָל זיי נישט זען. דאס חרפה־יאָר, יאָר תש"ב.

דאָס סטרומאַ־יאָר, דאָס יאָר פון פאַרכאַפּונגען און אויסליפערונגען.

און הונגער און אַ לעבן אין פּרדסים.

דאָס איז דער גרוס, וואָס מיר באַקומען פון דעם דרויסן, פון בחורים, וואָס הונגערן נאָך ברויט. נאָר מער פון דעם — הונגערן זיי נאָך נקמה.

פון איין זייט איז עס אַ דערמוטיקונג. מיר שטאָלצירן איבער די וועלכע זענען פאַרבליבן געטריי. מיר זענען שטאָלץ איבער זייער מוטיקן באַשלוס. אָבער צוזאמען מיט דעם, איז דאָך נישט מעגליך, אז אַ הייפל יונגע בחורים, נישט דערפאַרענע, אָן מיטלען, נישט האָבנדיק קיין שטעלונג און געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, זאָלן קענען זיין דער גורם און אויספילן די אויפגאַבע פון א פרייהייטס־באַוועגונג. ניין, עס איז נישט מער קיין באַוועגונג. דאָס איז איינפאַך און פשוט: אַ באַנדע. אַ פרייהייט מלחמה קען זיך נישט פירן בלויז אויף איין געביט, בלויז מיט „טעראָריזם", אָדער אויף עפעס־וואָס אַן אַנדערן אופן. טעראָר־אַקטן האָבן קיין שום ווערט, ווען זיי זענען נישט באַגלייט מיט פּאָליטישע טאַטן, ווען זיי זענען נישט געווענדעט צו דערגרייכן פּאָליטישע צילן, צוגעפּאַסטע צו די שטאַפּלען פון דעם פרייהייטס־קאַמף. דער אונטערשיד צווישן אַ פרייהייטס־באַוועגונג און צווישן אַ פאנאטיק'ע באַנדע איז ווי דער אונטערשיד צווישן דער לאָגיק און אויסרעכנונג און צווישן דעם געפיל. אַ פרייהייטס־באַוועגונג דאַרף אַנטהאַלטן אין איר „זע־פּלאַן" די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק וועלכע איז פאַרבונדן מיט דעם פרייהייטס־קאַמף. אָנהייבנדיק פון די וועלט־לעך־פּאָליטישע פּראָבלעמען און ענדיקנדיק מיט די קליינטשיקע טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דער דערציאונג פון די מאַסן און דאָס צוגרייטן זיי אנטייל צו נעמען אין קאַמף. די איבערקערעניש פאַרלאַנגט א סך קליינע איבערקערענישן, אויב מען קען אזוי זאָגן, איבערקערענישן אין טאָג־טעגלעכן לעבן מיטן ענדערן ווערטן אין אַלע די פראַגן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם פרינציפּ. דאָס אַלץ דאַרף זיך געפינען אין זע־פּלאַן פון אַ פרייהייטס־באַוועגונג, דאָס אַלץ דאַרף זיין איינגעשלאָסן און דינען אַ פונדאַמענט פאַר אַ טעראָריסטישער, פּאָליטישער, אויפקלערערישער, און פּראָפּאגאנדע־אקציע. ניין. מיר עקזיסטירן נישט מער. אינדרויסן עקזיסטירט בלויז

אָ באַנדע. און זי קען נישט דינען מער ווי אַ קערן, אַן אָנהאַלט־פּונקט פאַר די וועלכע וועלן קומען בויען די באַוועגונג.

און ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד ווען אין איינעם אַ טאָג דערהאלטן מיר אַ בריוו פון „שבתאי״ אין וועלכן ער דריקט־אויס די זעלבע מיינונגען. ער האָט גוט געוואוסט וואָס זיין מעמד איז. ער ווייסט וואָס זיין אויפגאַבע איז. ער ווייסט ווי אַזוי עס דאַרף זיין געבויט א פרייהייטס־באַוועגונג. און ווי אזוי זי דאַרף ווירקן. אומזיסט האָב איך אים חושד געווען, אז ער איז באשרענקט און זעט בלויז אין טעראָריזם אליין דעם מיטל צום ציל.

מיר האָבן זיך געפרייט, ווייל דער ריכטיקער באוואוסטזיין, אָן אילוזיעס און אָן איבערטרייבונגען איז דער פעסטער פונדאמענט. מיר זענען טאקע בלויז א קערן. אָבער דער קערן איז זייער א געזונטער, ווייל ער איז זייער א קלאָרער.

*

איך צווייפל צי איך וועל קענען איבערגעבן די אטמאָספער און שילדערן דאָס אלגעמיינע געפיל, וואָס האָט באהערשט דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מזרע, וואו ס׳זענען געווען איינגעשפּאַרט ביי א 150 יידישע יינגעלייט. בדרך כלל איז דאס געווען אַ אטמאָספער פון פארצווייפלונג און אנטוישונג. איך ווייס נישט אויב עס וועט זיין א גוזמה ווען איך וועל זאָגן, אַז בלויז 40 זענען פרבליבן געטריי דעם געדאנק און זענען גרייט ממשיך צו זיין.

דער רוב מענטשן זענען אינערלעך צעבראכן. ס׳איז זיי ממש נישט צו דערקענען. אלץ איז פון זיי אוועקגענומען: די פרייהייט, די משפחה, דער טאַט, דער מוט, און די הויפּזאַך: דאָס גלויבן. מיטן צוזאמענברעכן זיך פון דער ארגאניזאציע אינדרויסן, איז אויך צע־שטערט געוואָרן דאָס בשתפותדיקע לעבן פון דער געזעלשאַפט אינע־ווייניק. די געזעלשאפט, וואָס איין געדאנק האט זיי פאראייניקט, האָט זיך צעשפּאָלטן אויף גרופּן, גרופּן פון איינצעלנע מיט כוונות און שטרעבונגען. די — פאר דערמוטיקונג און זוכן א קעגנזייטיקע באַ־רעכטיקונג פאר זייער גלויבנלאָזיקייט און זעלישע שוואכקייט, און די — פאר דערהאלטן די אמונה, פאר באטראכטן און לייגן יסודות

פאר א נייעם בנין, וואָס דאַרף, וואָס מוז אויפשטיין אין איינעם א טאָג.

וויניק זענען די וועלכע זענען נישט געפאלן אין גייסט. אבער נאָך ווייניקער האָבן זיך געפונען מענטשן וועלכע האָבן געקענט הערשן איבער זייער גייסט. ווייל די וועלכע זענען נאָך פארבליבן טריי צו זייער גלויבן — האָבן פארלוירן די קאלטבלוטיקייט. דער רוב מענטשן זענען נישט פעאיק געווען צו באטראכטן די לאגע קאלטבלוטיק און מיט לאָגיק, און האָבן נישט געקענט באשליסן וואָס צו מאכן. די מענטשן האָט באהערשט א שנאה צו די יעניקע וועלכע האָבן אונדז געשטרויכלט, וועלכע האָבן זיך פארבונדן מיטן פיינט. און אויב ס׳איז אפשר מעגלעך געווען זיי צו פארשטיין, נאָך דעם אלעמען, וואָס איז געשען, איז פארשטענדלעך, אז מיר האָבן נישט באדארפט צוגיין מיטן נעגאטיוון וועג. א פרייהייט באוועגונג טאר נישט ארויפווארפן די שולד פון אירע דורכפאלן אויף א צווייטן. די שולד איז שטענדיק אונדזערע. ווייל אויב האָט דער ישוב באוויזן א נישט פאָליטישע און מאָראלישע רייפקייט, זיין פארברעכן און זינד אין צוזאמען ארבעטן מיטן פיינט — זענען מיר שולדיק אין דעם, ווייל ס׳ווייזט־אויס, אז מיר האבן נישט גענוג קלאָר געמאכט די לאגע, נישט אוועקגעשטעלט די זאכן אין זייער ריכטיקן ליכט. מיר האָבן נישט ארייַנגעדרונגען אין זיי, אין זייער זעל, אין זייער הארצן. און אויב איז עס געווען אן ארגאניזאציאָנעלער דורכפאל — ווייזט־אויס, אז עפעס איז קאלע געוואָרן אין בנין, און דערפאר איז ער איינגעפאַלן. און אויב האָבן די מענטשן זיך גייסטיק געבראָכן, און מיר זענען עדות צו דער פארצווייפלונג און אנטוישונג, צו דער אפהענטיקייט און צו דעם אוועקגיין, ווייזט־אויס, אז די דערציאונג איז נישט אין אָרדנונג געווען, ווייזט־אויס, אז מיר האָבן נישט איבערגעקליבן די מענטשן; ווער עס האָט געוואָלט האָט זיך געקענט געפינען אין אונדזערע רייען. אן אונטערגרונט־באוועגונג אין אירע ערשטע טריט קען נישט זיין קיין מאסן באוועגונג. זי איז פארפליכטעט און מוז זיין א באוועגונג פון איינצלנע אויסדערוויילטע.

ביי א צוויי וואכן, בערך, נאָך יאירס טראגישן טויט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פערמענטירן ביי אונדז. ווי געזאָגט בלויז אַ קלייגער

טייל פון אונדזערע געטרייע מענטשן, האָט נאָך געקענט מאַכן דעם קאַלטן און לאָגישן חשבון פון דער לאגע. דאָס זענען געווען טעג און נעכט פון אויסקלאָרן געדאנקען, פון קאָנטראָלירן די סיבות פונעם דורכפאַל, פון ארויסציען מסקנות, פון איינשטעלן טאַטן פאר דער צוקונפט, פון לייגן אידעאָלאָגישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע און טאַקטיק פונדאַמענטן פאר דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין ציון.

ה.

שבתאי איז מודיע: „דורכגעפאַלן".

דער ערשטער טאַט איז געווען דער נקמה טאַט. זי איז געווען געווענדעט קעגן מאַרטאָן, יאירס מערדער. ער האָט דאָס אַריינגעהאַקט אין יאיר׳ס געפענטעטן גוף די קוילן.

די בחורים גייען אַרום ווי לונאַטיקער. עס איז באַקאַנט, וואָס יאיר האָט געזאָגט אַ וואָך פאַר זיין דערמאָרדעט ווערן: „אויב וועט מען מיך דערמאָרדן, איילט אייך נישט. וועגט און קלערט גוט איבער. ווירקט מיט געדאַנק".

ווער עס האָט געוואוסט מיט אַזאַ קלאָרקייט, מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז דער טאָג דערנענטערט זיך, דעם איז לייכט געווען צו זאָגן: „וועגט גוט איבער, איילט אייך נישט". שווערער איז געווען די זאַך דעם, וועלכן ס׳איז אָפּגענומען געוואָרן דער מוח, און דעם וועלכן דער קלאַפּ האָט אים אַ זעץ געגעבן איבערן קאָפּ און איז געבליבן לעבן און יעדעס קעמערל פון זיין בלוט שרייט: נקמה. און טראָץ דעם איז דער טאַט גוט געפּלאַנט געוואָרן. נאָכשפּיאָנירן, אויסוויילן דעם פּלאַץ, אָנגרייטן די מינע.

יעדן אינדערפרי גייט מאַרטאָן פאַרביי די סטעשקע רעכטס פון שרונה, דאָרט איז אונטערגעלייגט געוואָרן די מינע. אַלץ זעט־אויס פשוט און זיכער. נאָר ווייזט־אויס, אַז עמעץ, וואָס איז העכער פון אַלץ, האָט אונדז זייער געוואָלט אויספּרוּוון. ווער האָט געקענט פאַרויסזען אַזאַ דורכפאַל? אַ לאַסט־מאַשין האָט זיך פאַרהאַלטן אין וועג און

מאָרטאָן האָט געמוזט אָפּנייגן אין אַ זייט און פאָרן אין זייט פון וועג. די מינע איז געשפרענגט געוואָרן. איר קראַפט האָט באַוויזן איבער־צוקערן די מאַשין זיינע. און נישט מער. דער מערדער איז אַרויס אַ גאַנצער...

און האַרט דערביי אַ צווייטער דורכפאַל:

דאָסמאָל איז עס נישט בלויז אַ נקמה טאַט. דאָסמאָל איז עס אַן אַקציע וואָס איר ציל איז צו ליקווידירן מיט איין האַנט־וויש די קעפּ פון דער בריטישער אַדמיניסטראַציע. און דאָס איז דער פּלאַן: אין גאַראַזש פונעם פּאָליציי קאָמאַנדיר אין לאַנד, מאַק־אַנעל, איז אונטער־געלייגט געוואָרן א מינע. ער פירט פון דאָרטן יעדן אינדערפרי אַרויס זיין מאַשין. ער וועט צעשמעטערט ווערן. נאָר דאָס איז בלויז דער אָנפאַנג. מען קען זיך משער זיין, אז אין דער לוויה פון דעם פּאָליציי־קאָמאַנדיר אין לאנד וועלן אנטייל נעמען אלע מיטגלידער פון דער רעגירונג און אַלע די, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער ציווילער און מיליטערישער מאַכט. און לגבי די אונטערטרעגער פון „סטרומאַ", לגבי די מערדער פון יאירן איז נישטאָ קיין סענטימענטאַלע צע־קוועטשטקייט. דער וועג, וואָס פירט צום צווינטער איז מינירט געוואָרן מיט אַ סך מינעס, מיט דיסטאַנסן איינער פון צווייטן און אַלע באַ־האַפטן צוזאַמען. און ווען די געהויבענע באַגלייטער וועלן אָנקומען צו דעם מינירטן פעלד, וועט דער גאַנצער שאָסיי־אָפשניט מיט אַלע צוזאַמען פליען אין דער לופט...

אַ טייוולאָנישער פּלאַן?

רוף עס ווי דו ווילסט עס רופן, נאָר ס'איז זיכער, אַז דאָס אויס־פירן פון אַזאַ פּלאַן וואָלט דערנענטערט דעם צעפאַל און ליקווידירונגס פּראָצעס פון דער בריטישער הערשאַפט אין לאַנד.

און ווידער אַ דורכפאַל.

דאָסמאָל עפעס אויסנאַמסווייזע איז אין גאַראַזש אַריינגעגאַנגען נעמען די מאַשין נישט מאַק־אַנעל אַליין, נאָר זיין דינער. ער איז צערשמעטערט געוואָרן. און אַן אַראַבישן דינער מאַכט מען נישט, פאַרשטייט זיך, קיין פּראַכט־לוויה.

נאָך אַ פּאָר טעג האָט מען געפונען די מינעס אויפן וועג צום צווינטער.

ו.

אַ גליענדיקער זומער טאָג. די פּאַרהאַלטענע אין לאַגער דרייען זיך אַרום נאַקעטע. יעדן פאַל זענען זייערע קערפּער ווייניקער פאַרדעקט פון זייערע נשמות. אויף דער נשמה לייגט מען אַ סך אָן, אַ סך טייטל־בלעטער מיט זיי צו פאַרדעקן דעם לאַנגוויל, די אַנטוישונג, דעם יאוש.

און אין אַזאַ לאַגע איז צו אונדז אַרונטערגעקומען דער שטן אונדז איבעררעדן.

ער איז אַרונטערגעקומען אין געשטאַלט פון לאַגער־אָנפירער אין דער באַגלייטונג פון צוויי סערזשאַנטן. מען איז אַריינגעקומען אין לאַגער און אונדז געמאָלדן, אַז אַלע פאַרהאַלטענע דאַרפן זיך פאַרזאַמ־לען אין איינעם פון די באַראַקן, ווייל עס זענען געקומען חשובע געסט וועלכע ווילן מיט אונדז רעדן. די ידיעה שפרייט זיך גאָר שנעל פונ־אַנדער... מען ווייסט טאַקע נאכנישט ווער עס זענען די געסט און וואָס דער פאַרלאַנג איז, אָבער בלויז די ידיעה אַליין איז אויפגענומען געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס, מיט באַגייסטערונג. אויב נישט לטובת דעם ענין, וועט אפשר אַן ענדערונג קומען. און די פאַרהאַלטענע איז שוין אַזוי נימעס געוואָרן דאָס דאָזיקע מאָנאָטאָן און האָפענונגלאָזע לעבן. אין געציילטע מינוטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע פאַרהאַלטענע אין באַראַק, אויף דעם סערזשאַנטס אָנווייזונג האָבן זיי זיך אָנגעשטופּט אין איין האַלבן, איבערלאָזנדיק די צווייטע העלפט פונעם באַראַק פאַר די געסט. עס האָבן זיך אָנגעשטופּט ביי אַ 150 האַלב־נאַקעטע מענטשן, נישט ראַזירט, באָרוועס — ווילדע מענטשן. און פאַר דעם ציבור, וואָס איז מער ענלעך צו איינעם פון די זאָלאָ־שבטים, ווי צו פרייהייט קעמ־פער פון אַ קולטורעלן פאָלק, הייבן־אָן צו דערשיינען פאָרשטייער פון דער בריטישער מאַכט: צו ערשט דער לאַגער־אָנפירער אין דער באַ־גלייטונג פון צוויי אָפיצערן פון דער געהיימפּאָליציי און סערזשאַנטן.

דערנאָך דער געהיימפּאָליציי־קאָמאַנדיר אין לאַנד, דזשיילס, און מיט אים עפּעס אַן אָפיצער באַפּוצט מיט מעדיילן, אַ הויכראַנגיקער. (לויט ס'האָט זיך אונדז דערנאָך ארויסגעוויזן איז דאָס געווען אַן אָפיצער פונעם הויפּט־שטאַב פון דער „אינטילעדזשענס” אין מיטל־מזרח, בריגאַדיר באַלענטיין, וועלכער איז געקומען ספּעציעל אין לאַנד אַריין, כדי צו פאַרהאַנדלען מיט די „טעראָריסטן”).

אַזוי האָבן זיך איינגעאָרדנטביידע „מחנות” איינער אַנטקעגן צווייטן.

▪

דער אָנפירער פונעם לאַגער האָט געבעטן דעם ד"ר צדיק צו זיין אַ דאָלמעטשער. ער איז צוגעגאַנגען אַן אָנגעטוענער אין זיין „סליפּ” צו דער זייט פון דעם באַפּוצטן גענעראַל. און „זיין מאַיעסטעט” דער גענעראַל האָט באַוויליקט צו עפענען זיין מויל:

„דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך באַזוך דאָס לאַנד, און דערפאַר וועט אונדז אַוודאי לייכט זיין צו פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. מעגלעך, אַז איר האָט אַ סך צרות אָנגעטאָן דעם מיסטער דזשיילס און דער רעגירונג אין לאַנד, און עס קאָן זיין, אַז אויך זיי האָבן זיך באַצויגן צו אייך מיט געלאַסנלאָזיקייט און אָן פאַרשטענדעניש. איך בין געקומען צו אייך מיר זאָלן זיך קענען אויף אַ מענטשלעכן אופן פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. איך ווייס, אַז איר האָט פּאָליטישע פאָדערונגען. אָבער רבותי, פאַר וואָס זאָלט איר נישט קומען און זאָגן וואָס איר ווילט? נאָך וואָס אייך באַנוצן באָמבעס און רעוואָלווערן, אַז מען קען רעדן?” דאָ האָט מיר איינער פון מיינע פריינט אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער: „אָדער ער איז אַן אידיאָט, אָדער ער האַלט אונדז פאַר אידיאָטן!”

און „זיין מאַיעסטעט” דער גענעראַל האָט ממשיך געווען: זאָגט אונדז וואָס זענען אייערע פאָדערונגען וועלן מיר זיי דערפילן. איר הרגעט מענטשן פון די פאַרזיכערהייטס־כוחות, און מיר הרגענען אייערע חברים — און אויף אַזאַ אופן וועט דאָך נישט נעמען קיין סוף צו דער זאַך. ליבער זוכן אַ וועג פאַר פאַרשטענדעניש. מיר וועלן פאַרשטיין איינער דעם צווייטן! נאָך וואָס פאַרגיסן בלוט?...

זיינע צביעותדיקע רייד, האָבן גענומען פּאַרדריסן. עמעץ האָט זיך געוואָנדן צום דאָלמעטשער:

„פרעג אים צו וועמען רעדט ער".

— די פראַגע איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש און דער גענעראַל האָט געענטפערט: איך ווענדע זיך צו די מענטשן פון שטערנס גרופּע".

— „דאָ זענען נישט פאַראַן אַזעלכע. מיר זענען פאַרהאַלטן אָן אַ געזעץ און אָן אַ געריכט!"

— „גוט" — האָט פאָרגעזעצט דער גענעראַל — „מעגלעך, אַז די וועלכע האָבן גערעדט זענען באמת נישט קיין חברים אין דער פאַרטיי. מעגלעך, אַז צוליב אַ טעות געפינען זיי זיך דאָ. אבער איך דענק, אַז עס זענען פאַראַנען אויך מענטשן, וועלכע געהערן צו דער דאָזיקער פאַרטיי. און צו זיי רעד איך. און איך זאָג־צו, אַז ווער ס'וועט רעדן אין זייער נאָמען, דעם וועט נישט געשען קיין שלעכטס. ריכטיק מיסטער דזשיילס?" — האָט ער געפרעגט ווענדנדיק זיך צום קאָמאַנדיר פון דער ארץ־ישראלדיקער געהיימפּאָליציי. און יענער האָט געענטפערט מיט אַ פייערלעכן „יאָ".

„אַלזאָ — האָט פאָרטגעזעצט דער גענעראַל — איר ווילט איך זאָל ממשיך זיין?" אַ פּאָר שטימעס האָבן אים געענטפערט „יאָ, יאָ!" — און רחמנות בליקן האָבן זיך געוואָנדן צו אונדז ווי זיי וואָלטן זאָגן: „שטערט אים נישט: אפשר שטייען מיר פאַר אַ באַפרייאונג".

אין כאָר פון די קולות פון די קאַפּעטולירטע איז אַריינגעפאַלן אויך אַן אויסרוף פון איינעם פון אונדזערע מענטשן „עס אַרט אונדז נישט!" אָבער דער גענעראַל האָט עס נישט געוואָלט הערן. ער האָט געוואָלט ממשיך זיין, און ער האָט ממשיך געווען: —

„מיינט נישט, אַז פאַר מיין טובה וועגן בין איך געקומען צו אייך. פאַר אייער טובה וועגן איז די זאַך. צי ווייסט איר, אַז די פאַרזיכער־הייטס־כוחות דאָ אין לאַנד ציילן 30.000 מאַן? ווי וועט איר אונדז קענען באַזיגן? מיר ווייסן וועגן אייך אַלץ. מיר ווייסן אויך וואו עס געפינט זיך יהושע כהן, און אויב מיר וועלן בלויז וועלן — וועלן מיר אים כאַפּן..."

„ער באַדאַרף בלויז וועלן", — האָט ווער זיך ארויסגעכאַפּט אין ווינקל און די חברה האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. דער גענעראַל האָט דאָס נישט „געהערט". ער האָט פאַרגיצועצט זיינס:

„צי ווייסט איר וואָס אייערע חברים טוען אין דרויסן? ווען איר וואָלט געזען דעם קערפּער פון מיסטער מאַק־אָנעלס דינער, וואָלט איר אויפגעשוידערט! 40 דזשיליגנייט „פינגער" האָט אַנטהאַלטן די מינע וועלכע איז דאָרטן אונטערגעלייגט געוואָרן!"

ס... וועלכער איז נישט לאַנג אַרעסטירט געוואָרן און האָט גוט געוואוסט דעם צוזאַמענשטעל פון דער מינע „איז אָנגערירט געוואָרן" און האָט פאַריכט אין דער שטיל:

„סאַראַ ליגנער! זיבעציק זענען דאָרט געוועזן!" — און דאָס ווינקל האָט זיך צעלאַכט.

דער גענעראַל איז געקומען ביז צום הויכפּונקט פון זיין געמאַכ־טער איידלקייט און רופט־אויס: „סאַראַ שוידער טאַט!"

אין ווינקל הערן זיך שעפּטשערייען: „סאַראַ איידעלע נשמה!" און צוזאַמען מיט דעם איז אַן אומבאַקאַנטער אויסרוף אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין חלל פונעם זאַל: „ס ט ר ו מ אַ!".

דער גייסט פונעם גענעראַל האָט אָנגעהויבן אַרונטערגיין נידרי־קער און נידריקער. ער האָט, ווייזט־אויס, געפונען אַז די לאָקונג־שפּראַך וועט נישט מצליח זיין, האָט ער אנגענומען אַן אַנדערע שפּראַך. די שפּראַך פון דראָאונגען: „אויב דענקט איר, אז מיר וועלן דאָס דולדן, זייט איר זיך נישט מער ווי טועה! מיר קענען אייך ארויס־פירן פון דעם לאַנד, און איר וועט עס שוין קיינמאָל מער נישט זען!" — דאָס איז געווען אַ קליינער רמז אויף דעם, וואָס זיי זענען גרייט מיט אונדז צו מאַכן. און בלויז אַ מינוט פאַר דעם איז ער געווען אַן „אויפ־געשוידערטער" פון דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם נעבעכ־דיקן אַראַבער וועלכער האָט פאַרלוירן דאָס לעבן אַנשטאַט זיין האַר, דער מנובל.

ס'איז לייכט געווען אַרויסצופילן, אז דער הער גענעראַל האָט זיך פאַפּלאָנטערט אין זיינע פלאַפּלערייען און איז אַוועק פון ענין צוליב וועלכן ער איז געקומען. ער האָט נאָך ממשיך געוועזן צו פלאַפּלען וועגן

דעם און וועגן יענעם, אַביסל מיט דראָאונגען און אַביסל מיט איבער־בעטונגען און צום סוף האָט ער ארויסגעצויגן די גאָדל פונעם זאַק:

„בכדי אייך דערמעגלעכן זיך דורכצושמועסן מיט אייערע חברים אינדרויסן, זענען מיר גרייט צו באַפרייען צוויי מענטשן וועלכע וועלן צוזאָגן, אַז זיי קומען צוריק נאָך אַ וואָך. מיר פון אונדזער זייט זאָגן צו, אַז קיינער וועט זיי נישט נאָכשפּיאָנירן. זיי וועלן פריי זיין צו גיין וואו זיי ווילן, אויב זיי וועלן מצליח זיין צו ווירקן אויף יהושע כהן ער זאָל אויפהערן זיינע טעראָריסטישע אַקציעס ביז ענדע דער מלחמה, וועט איר אַלע באַפרייט ווערן!...“

די פנימער פון די פאַרהאַלטענע, די וועלכע דער לאַנגער אַרעסט האט געבראָכן זייער גייסט, האָבן אויפגעשיינט פון פרייד און האָפע־נונג. בליקן פול־דערוואַרטונג האָבן זיך געווענדעט צו אונדז, צום ווינקל, וואו עס האָבן זיך אָנגעשטופּט די יעניקע וועלכע די אַרעסטן און ליידן צעברעכן זיי נישט. דער גענעראַל האָט, ווייזט־אויס, באַמערקט די כוואַלע פון פרייד און בכדי צו שטאַרקן דעם רושם, וואָס זיינע רייד האָבן געמאַכט האָט ער ארויסגעצויגן פון זיין שייד נאָך אַ פייל: „און די רעגירונג וועט זיך באַציען צו אייך מיט כבוד. מיר וועלן אייך אינ־דרויסן העלפן. מיר וועלן זיך נישט רעכענען מיט אייער זיצן. רעגי־רונגס שטעלעס וועלן אָפן זיין פאַר אייך!“

די פייל האָט נישט געטראָפן צום ציל. אפילו די וועלכע זענען צעבראָכן אין גייסט, ביי וועלכע עס איז נישט איבערגעבליבן קיין סך הייליקע ווערטן אַ חוץ פון באַפרייט צו ווערן פון דער פאַרשאָלטענער טורמע, האָבן דערפילט דעם שלעכטן גערוך, וואָס שלאָגט פון גענעראַלס לעצטע רייד, זיי האָבן דערפילט די דערנידערונג אין דעם פרוב אונדז אָפּצעקויפן.

דער גענעראַל האָט פאָרגעשלאָגן צוויי שעה פאַר באַראַטונג און דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן ווייל קיינער האָט נישט געענט־פערט. דער גענעראַל מיט זיין פמליה האָבן פארלאָזט דעם באַראַק. אינדרויסן האָט ער מן הסתם געשמייכלט צום קאָלאָנעל דזשיילס און געשעפּטשעט: „האָסט געזען ווי איך האָב מסדר געווען די דאזיקע נייטיווס?“ און פול מיט שמחה זעט ער אין דער פאַנטאַזיע די

התפעלות פון זיינע חברים אין שטאַב, די פאַרערער פון זיינע פּעאַ־קייטן אין קאָלאָניאַלן הערשן, און דעם אויסצייכנונגס־מעדאַל, וואָס וועט בקרוב באַפּוצן זיין ברוסט.

דערווייל שפּילט זיך ביי אונדז אָפּ זייער אַ לעכערלעכער און שמוציקער ספּעקטאַקל. די העלדן פונעם ספּעקטאַקל זענען די אַלע „עובר בטלדיקע" (אַזוי רופן מיר די וועלכע האָבן זיך איינגעבראָכן אין זייער גייסט). אין אַ סעקונדע זענען זיי אַלע געוואָרן „טעראָ־ריסטן" געטרייע, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט פאַראַטן, נישט פאַר־לאָזט, נישט געזאָגט און נישט גערעדט, אַלע אַלע כשרע „שטער־ניסטן". איינער קומט און דערקלערט: „רבותי, איך שפּיל בלויז אַ שפּיל, צוליב דער באַפרייאונג... ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז די געהיימפּאָליציי האַלט דאָ מענטשן וואָס גיבן איר איבער אינפאָרמאַציע דעריבער שפּיל איך אַ שפּיל פון אַ קעגנער". אַ צווייטער קומט און דערקלערט, אַז ער איז גרייט תשובה צו טאָן און זיין טעטיק אין דער באַוועגונג ווי אַמאָל, אויב מיר וועלן אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס וועט אונדז דאַסמאָל געגעבן, ארויסצוגיין און אַלץ בויען פונסניי. אַ דריטער איז נאָך מער חוצפּהדיק פון ביידע, ער טרעט גלייך צו צום ענין און דערקלערט בזה הלשון „מיר": מיר זענען סיי־ווי צו שוואַך אינדרויסן, און מירן נישט קענען ווירקן אין מלחמה צייט. ליבער, דעריבער, מיר זאָלן דאָס מאַכן גיבע ווי דורך אַ הסכם — און אין צווישן וועלן מיר זיך אָרגאַניזירן..." חשבונות אָן לאָגיק, פאָרשלאַגן אויף פאָרשלאַגן. „מיר וועלן אויך פאָדערן צו באַפרייען די אַרעס־טאַנטן", — שלאָגט־פאָר איינער, וועלכער האָט געוואָלט דערשיינען פאַר אונדז ווי אַן עקסטרעמסטער. „און די טעכטער פון בית־לחם", — גיט־צו אַ צווייטער, ווענען דער טריק פון „עקסטרעמקייט" געפעלט. אַ מענגע פון באַגרינדונגען פאַרן אָננעמען די פּראָפּאָזיציעס... אַ מענגע פּראָפּאָזיציעס...

אונדזער באַראַטונג האָט נישט לאַנג געדויערט. עס איז אונדז אַלעמען קלאָר געווען די לאַגע: פאַרן פּרייז פון באַפרייען אונדז וועלן מיר נישט מוותר זיין אויף אונדזער קאַמף.

אפשר איז דאָס די טראַגישקייט וואָס אין דעם געשטאַלט פונעם

שטן: ער שפּילט „וואַ־באַנק”. דעם שוואַכן טאַקע איז ער מצליח צו צעברעכן, נאָר פאַרן שטאַרקן דינט ער נישט ווילנדיק ווי אַ גורם צו שטאַרקן. דאָס איז געווען אַ שווערער פּרוב. באַלד זענען קלאָר געוואָרן די פאַרשידנהייטן: ווער איז דאָ אַן אמתער פרייהייטס־קעמפער אין זיין כאַראַקטער און ווער ס׳איז נישט מער ווי אַן אַוואַנטוריסט, — וואָס דער גאַנצער ענין איז ביי אים געווען בלויז אַ ספּאָרט. און מיר, דאָס קליינע הייפל, טאַקע זייער שוואַך זענען מיר געוועזן אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט נאָך דער באַוואוסטזיין איז געווען אַ פעסטער און אַזוי אויך די גרייטקייט. דער שטן איז אונדז נישט בייגעקומען.

אמת. מיר זענען געשלאָגן געוואָרן אָרגאַניזאַציאָנעל. נאָר אַ הסכמה אויף „וואָפן־שטילשטאַנד” הייסט, אַ מאָראַלישער טויט. די הסכמה וועט נישט געגעבן ווערן...

*

צי איז דען כדאי זיי סתם אַזוי פשוט אָפּשטויסן און דורך דעם צו פאַרשטאַרקן זייער וואַכזאַמקייט? אפשר גרייטן־צו אונדזערע בחורים אינדרויסן נאָך אַקציעס און ווילן איבעראַשן? און אויך אונדז דאָ איז נישט כדאי צו דערוועקן פאַרדאַכטן. אַלץ איז דאָך אָפּהענגיק אין אונדזער הצלחה צו אַנטלויפן.

נאָכן באַטראַכטן אַלע אומשטענדן איז באַשלאָסן געוואָרן צו ברענגען אַזאַ ענטפער:

א. דאָ אין לאַגער זענען נישט פאַראַן קיין „שטערניסטן”. עס זענען בלויז פאַראַן פאַרהאַלטענע. און מיר זענען גרייט איינצוגיין אויף אַ משא ומתן נאָר אַלס „אַ ציבור פון פאַרהאַלטענע”.

ב. פייערלעך זאָל פאַרזיכערט ווערן, אַז די מענטשן, וועלכע פאַרטרעטן אונדז וועט קיין שלעכטס נישט געשען און די רעגירונג וועט זיי דערנאָך נישט רודפן.

ג. דער משא ומתן וועט נישט געפירט ווערן מיט דער רעגירונג נאָר מיט די פאַרשטייער פונעם בריטישן מיליטער (ד. ה. די „אינטעלידזשענס־סערוויס”).

ד. כדי צו געבן אַן ענטגילטיקע תשובה אויף די פאָרשלאַגן פון דער אינטעלידזשענס, דאַרף די מאַכט געבן מעגלעכקייט זיך צו

באַראָטן מיט די איבעריקע פּאָליטישע אַרעסטירטע און פאַרהאַלטענע וועלכע זענען איינגעשלאָסן אין די איבעריקע טורמען אין לאַנד. צוזאַ־מען מיט זיי וועט באַשלאָסן ווערן אויב פאָרצושלאָגן די פּראָיעקטן דער „שטערן־פּאַרטיי״ אינדרויסן.

מיר האָבן בלויז געוואָלט פאַרדינען צייט און נאַרן די ענגלענ־דער. אפשר וועט אַמאָל די היסטאָריע פאַרצייכנען די נישט וויכטיקע קליינע געשעעניש פון דעם משא ומתן און אונדזער באַציאונג צו אים, די ליניע וועלכע מיר האָבן אָנגענומען—ווי דער אָנהויב פון אַ ווענדונג אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק וואו מיר זענען צום ערשטן מאָל געשטאַנען אין אַ משא ומתן מיטן פיינט, ווי אַ גורם..אַ כוח אַנט־קעגן אַ כוח! געווער אַנטקעגן געווער! ביטערעקייט אַנטקעגן ביט־רעקייט!

געווען איז עס אַ ברענענדיקע ווייטיק, ווען מיר האָבן געזען וואָס ס׳קען אויפטאָן אַ ווירקנדיקער ווידערשטאַנד און דאָס שעדיקן דעם פיינטס אינטערעסן וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ „באַנדע״, וואָס אין איר שפּיץ שטייט אַ 19 יאָריקער יונגערמאַן! די אימפּעריע לייגט אים פאָר אַ וואָפן־שטילשטאַנד. און וואָס וואָלט געווען, ווען ס׳וואָלטן זיך געעפנט די אויגן פון דעם גאַנצן ישוב? ווייל דערווייל האָט די אימפּעריע געוואָלט פאַר יעדן פּרייז ס׳זאָל שטיל זיין אין לאַנד! ווען מיר וואָלטן באַדראָט זייער זיכערקייט, ווער ווייסט וויפיל הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען וואָלטן די ענגלענדער מסכים געווען צו ראַטעווען פאַרן פּרייז פון דער דאָזיקער רו?

און די מנהיגים פונעם פאָלק פאַרמאָגן איין תורה אויף די ליפּן: מיט אונדזער טריישאַפט אָן אַ תנאי וועלן מיר איבערצייגן! „אונדזער טריישאַפט צו דער אימפּעריע וועט קלאָר מאַכן די ענגלענ־דער וואָס עס זענען די אינטערעסן זייערע!..״

...ווי זיס איז דער סם פון אילוזיע!

*

— — נאָך צוויי שעה האָבן מיר געמאָלדן, אַז די פאַרהאַלטענע קענען נישט פירן קיין משא ומתן אַלס עפּעס אַ פּאָליטישער בלאָק, אָבער „די פאָרשטייער פון די באַראַקן״ וועלכע זענען אויך אָן דעם

געווען באַקאַנט דער מאַכט פונעם לאַגער, ווען מען איז אויפגעגאַנגען אין לאַגער איז געווען בלויז צו היטן דעם סדר און די ריינלעכקייט אין די באַראַקן, זענען גרייט זיך צו באַגעגענען מיטן גענעראַל. דער גענעראַל האָט באַפוילן, אז ער וואַרט אויף זיי און וויל זיי זען. די פאָרשטייער פון די באַראַקן און דער דאָלמעטשער זענען צו אים ארויסגעגאַנגען. פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער ענטפער איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון די באַראַקן אין וועלכע עס זענען געזעסן אונדזערע מענטשן. אַלע אונדזערע באַדינגונגען זענען אָנגענומען געוואָרן.

אַלע צדדים זענען צופרידן געווען. דער גענעראַל — האָט גע־דענקט, אַז מיט זיין שליחות האָט ער מצליח געווען אָפּצונאַרן די „נייטיוווס". די פאַרהאַלטענע — ווייל זיי האָבן געזען, אַז די פרייהייט איז נאָענט. מיר — ווייל מיר האָבן אויסגעהאַלטן דעם פרוב.

צומאָרגנס האָט זיך באַוויזן אַ דעלעגאַציע פון דער „אינטעלי־דשענס". זיי זענען קלוגער געווען. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט פאָליטישע צוזאָגן: אַ אידישע מדינה נאָך דער מלחמה. אין צייט פון דער מלחמה דאַרף זיין רואיק אין לאַנד. די הבטחות דאַרפן געהאַלטן ווערן בסוד. דער בריטישער שווינדלער וויל אונדז פאַנגען אין זיין נעץ. מיר דאַרפן געבן אַ תשובה נאָכן באַראַטן זיך מיט די איבריקע פאַרהאַלטענע. ס'איז נאָכנישט פעסטגעשטעלט געוואָרן אויב די דעלעגאַציע אונדזערע וועט באַזוכן די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין קרימינאל אָדער מען וועט זיי ברענגען צו אונדז. דער „אינטעלידזשענס" וועט וועגן דעם געבן אָנ־ווייזונגען דער געהיימפּאָליציי און זיי וועלן מסדר זיין דעם ענין ווי ס'איז זיי באַקוועם. אויך אונדז איז עס נישט וויכטיק. דער עיקר איז, אַז דער ענין ציט זיך...

ווייל אין צווישן ווערן פאָרגעזעצט אונדזערע צוגרייטונגען צום אַנטלויפן. דער משא ומתן שאַפט גוטע באַדינגונגען פאַר דעם. מען קוקט אויף אונדז ווי אויף צוקונפטיקע מיניסטאָרן. בירגער פונעם פיינט, נאַציִשע אַגענטן, און אויך אַראַבישע פאַרהאַלטענע וועלכע זיצן אין די שכנותדיקע לאַגערן — אַלע דריקן אונדז די הענט צוליב דעם „נצחון". אויך אין אונדזער לאַגער איז אַ דערוואַכונג און אַן אידיליע. דער שטרייט און די סיכסוכים זענען פאַרשוואונדן. אַלע זענען פאַר־

איינִיקט. אַלע זענען שטערניסטן. און דער עיקר: די וואָך איבער אונדז איז שוואַכער געוואָרן. אַ פּאָר וואָך־פּאָסטנס זענען אַרונטערגענומען געוואָרן פונעם לאַגער. מיר דאַרפן אויסנוצן די לאַגע. ווען נישט איצט, טאָ ווען? ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַן אַנטרינונגס־פּלאַן. צו ערשט איז באַשטימט געוואָרן 6 אַנטרינער. כאָטש די שמירה איז שוואַכער געוואָרן איז פונדעסטוועגן אונדזער פּלאַן געווען אַ שווערער און אַ געוואַגטער. שוין פון לאַנג איז אונדז געלונגען אַריינצוגנבענען אין לאַגער אריין צוויי רעוואָלווערן. מעגלעך, אַז איצט וועלן זיי אונדז צונוצקומען. דער פּלאַן איז אַן איינגעשטעלטער און ס׳איז אויך מעג־לעך, אַז איינער אָדער צוויי פון אונדז וועלן פאַלן. נאָר ס׳איז נישטאָ קיין ברירה. דאָס איינשטעלן זיך איז נויטיק און דעריבער איז עס גוט.

ס׳איז באַשטימט געוואָרן דער טערמין פאַרן אַנטרינען. אין דער פינצטער וועלן מיר ארויס פונעם באַראַק דורך אַן עפענונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער נעץ פון איינעם פון די פענסטער. די עפנונג איז שטענדיק געווען פאַרמאַכט און קיין שום קאָנטראָלע האָט נישט געקענט געפונען, אַז מיט אַזאַ לייכטיקייט קען מען זי עפנען. קריכנדיק וועלן מיר צוקומען צום פּלויט, פאַרן גרוב, וואָס דינט אַלס שעלטער פאַר לופט־אַנגריפן. הינטער אונדז וועלן מיר פאַרמאַכן דעם פּלויט און קריכנדיק אין שעלטער וועלן מיר צוקומען צו די צוויי פּלויטן, וועלכע נעמען־ארום דעם לאַגער. ביי די פּלויטן היטן פּאָליציי, באַוואָפנטע מיט ביקסן. די הויפּטזאַך זיי זאָלן נישט באַמערקן ווען מיר וועלן איבערהאַקן דעם דראָט פון די פּלויטן. ווען די שטעכל־דראָטן וועלן דורכגעשניטן זיין, וועלן מיר זיך שוין אַן עצה געבן; יעדער פּאָליציאַנט האָט אַן אָפּשניט פון 30—40 מעטער צו היטן. און אין דער לענג שפּאַצירט ער. אַז די עפנונג וועט גרייט זיין וועט מעגלעך זיין דורכצוקריכן אומבאַמערקט. און אויב וועט מען אונדז באַמערקן וועלן מיר זיך דורכרייסן און אויב ס׳וועט זיין נויטווענדיק וועלן מיר זיך באַנוצן מיט געווער. אין דער נאָענט וועלן אונדזערע חברים פון דרויסן וואַרטן מיט אַ מיליטער־רישן אויטאָ, מיט געווער און מונדורן...

נעכט פון אָבסערוואַציע: ווי אָפט קומט דער קאַרפּראַל אויף

אינספעקציע, די באַוועגונג פון די פּאָליציייליט. מיר האָבן כמעט יעדן פּאָליציאַנט שוין דערקענט לויט זיינע געוואָינהייטן ביים שפּאַציר. ווער פון זיי פּלעגט געוואָינט זיין זיך צו פאַרהאַלטן ביי אַ געשפּרעך מיט זיין חבר פון דעם נאָענטן אָפּשניט, ווער פון זיי איז זיך נוהג שפּאַצירן אָן אויפהער, און ווער זיך אוועקזעצן אויף אַ שטיין, איינוויקלען א סיגאַרעט און רויכערן אים אין אַרבל. יעדן קאָרפּראל האָבן מיר געקענט לויט דער צייט פון קאָנטראָלע, וואָס ער פּלעגט מאכן. גאַנצע נעכט פלעגן מיר אויסגלאָצן די אויגן צו דעם פונקט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ דיסטאַנס פון 80—70 מעטער פונעם באַראַק פענסטער. מיר האָבן זיך צוגעוויינט צו זען אין דער פינצטער. צום סוף איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די זאַך איז מעגלעך און ס׳איז באשטימט געוואָרן אַ דאַטע פאַרן אַנטרינען. אַ טאָג פאַר דעם זענען קאָנטראָלירט געוואָרן די רעוואָלווערן. זיי זענען אויסגעפוצט און אָנגעלאָדן געוואָרן, די צוואַנג איז אָנגעשאַרפט און אָנגעאיילט. אַלץ איז גרייט.

אַלץ? יאָ. פון אונדזער זייט. אָבער, וואָס זאָל מען מאַכן ווען דער שטן טאַנצט דעם שעדיקונגס־טאַנץ. אַ טראַגי־קאָמישע מעשה האָט פּאַסירט, וואָס האָט אונדז דרך אגב אנטפּלעקט עפּעס־וואָס פונעם כאַראַקטער פון אונדזערע שכנים:

אַ טאָג פאַר אונדזער דאַטע האָבן זיך פּלוצים דערהערט געשרייען פון דעם שכניתדיקן לאַגער, דער לאַגער פון די אַראַבישע פאַרהאַלטענע. דאָרטן זענען געווען אַ פּאָר־צענדליק אַראַבישע פאַר־האַלטענע נאָך פון זייט די אומרוען פון 1936—39 וועלכע זענען נישט באַפרייט געוואָרן, ווייל די געהיימפּאָליציי האָט געהאַט באַוויזן, אַז זיי זענען פראָ־נאַציס. די פאַרהאַלטענע האָבן זיך דערוואוסט, אַז איינער פון זיי האָט זיך פאַרקויפט צו דער מאַכט און גיט־איבער אינפאָרמאַציע דער געהיימפּאָליציי. זיי האָבן באַשלאָסן אים צו הרגענען. און פאַרנאַכט זענען אים באַפאַלן 6 אַראַבער און אים צעשטאָכן מיט מעסער, אָבער צו הרגענען אים איז זיי נישט געלונגען. די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט. די אַטענטעטער איז געלונגען זיך אָפּצוטראָגן פונעם פּלאַץ און דער פאַרוואונדעטער איז

אַוועקגענומען געוואָרן אין אָרטיקן שפּיטאָל אריין. דאָרטן האָט ער דערציילט ווער ס'זענען געווען די אָנפאַלער. מען האט די אָנפאַלער גלייך אויסגעפאָרשט און זיי האָבן מורא געהאַט אז זיי וועלן געשטעלט ווערן צו אַ משפּט. אַ פּחד איז אויף זיי געפאַלן און האָבן באַשלאָסן נאָך אין דער נאַכט צו אַנטלויפן. און אַנטלויפנדיק האָבן זיי זיך געוואָלט באַנוצן מיט דעם זעלבן שעלטער מיט וועלכן מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אונדזער וועג. דער ראָוו איז געווען אַ בשות־פותדיקער און האָט זיך געפונען צווישן ביידע לאַגערס. ביינאַכט. דער ערשטער אטענטעטער איז ארויס פונעם באַראַק, איבערגעהאַקט דעם פּלויט און איז אַריין אין ראָוו. דאָ איז אים באַפאַלן אַ טויט־שרעק, און נאָכדעם, ווי ער איז אַריין אין ראָוו האָט ער פּלוצים אָנגעהויבן לויפן צום נאָענסטן פּאָליציאַנט, אים גערופן און געמאָלדן וועגן דער כוונה פון זיינע חברים. דער פּאָליציאַנט האָט אַלאַרמירט הילף. די איבעריקע פינף וועלכע האָבן שוין באַוויזן אין צווישן פאַר־לאָזן דעם באַראַק, האָט מען געכאַפּט...

צומאָרגנס ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם פאַל האָבן מיר באַשלאָסן פאַרן פאַרלאָזן דעם באַראַק נאָכצוקאָנטראָלירן צי ס'איז נישט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך ביי דעם פּלאַץ וואו דער ראָוו דערגרייכט דעם פּלויט.

דער חשבון, איז טאַקע געווען אַ ריכטיקער. מיר קענען דאָך די ענגלענדער. דאָרטן וואו ס'אַנטפּלעקט זיך אַ „לאָך” פאַרשטעקט מען אים מיטן אַוועקשטעלן אַ וואַך־פּאָסטן. מאך אן אַטענטאַט אויף אַ געוויסן אָפּשניט פון אַ שאָסיי וועסטו מאָרגן גענוי אויף דעם פּלאַץ טרעפן אַ שומר מיט אַן אָנגעשפּיזטע ביקס. און אויב אין דרויסן איז עס נישט געפערלעך און עס שטערט נישט צו מאַכן אַן אָנגריף אויף דעם זעלבן פּלאַץ מיט שטאַרקערע כוחות, האָט דאָ אָבער דער איבעריקער שומר קאַלע געמאַכט אונדזער גאַנצן פּלאַן. צו אַלדע רוחות! ווידער אָנהייבן פונדאָסניי! וואו וועלן מיר געפינען אַ „לאָך”?!

*

מיר האָבן געוואָלט ווייטער אָנהאַלטן דעם משא ומתן מיט די ענגלענדער, ביז... צום אַנטרינען. דאָס האָט באַדאַרפט זיין אונדזער

ענטגילטיקע תשובה. אַ תשובה, וואָס לאָזט זיך נישט צווייזייטיק טייטשן. מיטן אָפּשטופּן דאָס אַנטלויפן צוליב דעם פאַל מיט די אַראַבער, איז געווען נויטיק ווייטער צו שפּילן דעם דיפּלאָמאַטישן שפּיל.

מען רופט צום טעלעפאָן. מען פרעגט אָן פון דער „אינטעלידזשענס" צי מען קען קומען נאָך אַ תשובה. „מיר וואַרטן דאָך איר זאָלט אונדז דערמעגלעכן צו באַראַטן מיט די איבריקע פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן און פאַרהאַלטענע!"

„וואָס?" ענטפערט אַ פאַרוואונדערט קול — „איר האָט זיך נאָך־נישט בעראטן? מיר האָבן דאָך נאָך מיט אַ וואָך צוריק באַפוילן דער ס. אי. די. אַז זיי דאַרפן אייך דערמעגלעכן אַ באַגעגניש! מיר טעלעפאָנירן באַלד צו דזשיילס'ן. מיר האָפן, אַז דער ענין וועט וואָס שנעלער דערלעדיקט ווערן".

און נאָכן פאַרלויף פון דריי טעג זענען דערשינען זיבן אונדזערע חברים וועלכע זענען געווען אין עכו־פעסטונג. זיי זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס די „געפערלעכסטע". זיי זענען געהאַלטן געוואָרן אין דער פעסטונג אין שרעקלעכע באַדינגונגען. נישט נאָר, וואָס לויט די שוץ רעגולאַמינס און די רעגולאַמינס פון אויסנאַמס־צושטאַנד האָט מען נישט געטאָרט האַלטן פאַרהאַלטענע אין קרימינאַל און דאָס פאַרהאַלטן זיי בכלל איז געווען נישט געזעצליך (לויט די געזעצן, וועלכע די ענגלענדער האָבן געמאַכט) נאָר אויך די באַדינגונגען אין וועלכע מען האָט זיי געהאַלטן זענען געווען נישט מענטשלעכע. זיי זענען איבערגעפירט געוואָרן פון מזרע קיין עכו מיט א פּאָר מאָנאַטן צוריק און פון דעמאָלט אָן האָבן מיר זיי נישט געזען. און אָט זענען זיי געבראַכט געוואָרן צו אונדז אויף אַ באַראַטונג. זיי זענען אַריינגע־קומען אין לאַגער אין דער באַגלייטונג פונעם אָנפירער פון עכו־קרימי־נאַל, דער באַוואוסטער סאַדיסט — גראַנט. באַלד האָבן מיר צעוויסן געגעבן אַז מיר וועלן נישט אָנהייבן די באַראַטונג כל זמן עס געפינט זיך אַן ענגלענדער אין לאַגער. די זאַך האָט מיסטער גראַנט אויסגעזען ווי אַ באַליידיקונג, האָט ער באַלד באַפוילן טעלעפאָנירן צו דער געהיימפּאָליציי אָנפרעגן וואָס צו מאַכן. דער באַפעל איז געקומען,

אַז ער דאַרף פֿאַרלאָזן דעם לאַגער. מיסטער גראַנט האָט געקריצט מיט די ציין — און פֿאַרלאָזט.

איצט ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די שמחה. מיר האָבן די חברים פֿון עכו איבערגעגעבן וועגן משא ומתן און וועגן אונדזערע כוונות. דאָס האָט געדויערט גענוי 10 מינוט. עס זענען נישט געווען קיין חילוקי דעות אין צעזאַמענהאַנג מיט אונדזער תשובה.

כמעט אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר צוזאַמען פֿאַרבראַכט. מיט זאָרג האָבן מיר זיך איינגעקוקט אין זייערע אָפּגעפֿאַלענע פּנימער און געזען זייער אויסגעדאַרטקייט. די ליידן און דאָס איזדעקעווען זיך איבער זיי אין משך פֿון די לעצטע חדשים, האָבן שוין פֿון לאַנג געלאָזט אויף זיי די שפּאָרן. דער רוב לייד שוין פֿון מאָגן־קראַנקהייטן. ביי שלמה'ן באַווייזן זיך שוין סימנים פֿון שווינטזוכט. דאָס ליידן וועט זיי נישט צעברעכן. זיי זענען באמת „געפּערלעך" פֿאַר דער אימפּעריע. די אימפּעריע דאַרף זאָרגן זיי צו פֿאַרניכטן. און זי מאַכט עס. נישט דורך אייוונס, טאַקע מיט זיידענע הענטשקעלעך — ווי עס פּאַסט פֿאַר הערן, פֿאַר דזשענטלמענער.

און אין דעם טאָג האָט געהערשט אַ שמחה. מיר האָבן זיך ווידער באַגעגנט, ברידער צו ליידן, צו געווער און צו אידיאַל! אָבער אויך דער טאָג איז פֿאַרביי. עס איז געקומען די צייט פֿון צעשיידן זיך. זיי, האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע צעלעס אין קרימינאַל, אין דער אַלטער פֿעסטונג, צו הונגער און צום ליידן, און מיר — צו אונדזערע באַראַקן.

*

איצט האָט אָנגעהויבן דער אינטעלידזשענס דריקן. מען וויל אַן ענטפֿער. די ענגלענדער זענען קינסטלער פֿון איבעררעדן און פֿון אָפּשטאָפּן. קינסלער פֿון אַרויסדרייען זיך. זיי האָבן געוואוסט, אויב מיר האַלטן אמתדיק זיך צו באַראַטן מיט אַנדערע פֿאַרהאַלטענע, איז דאָך אונדזער הויפּט כוונה, די פֿאַרהאַלטענע אין עכו. דאָרטן האָט מען געהאַלטן יאיר'ס נאָענסטע מענטשן. נאָך מער, אין קרימי־נאַל אין ירושלים זענען נישט פֿאַראַן פֿאַרהאַלטענע. דאָרטן זיצן אַרעסטאַנטן וועלכע זענען געמשפּט געוואָרן דורך אַ מיליטער־

געריכט, און זייער סטאַטוס איז אַ סטאַטוס פון קרימינעלע אַרעסטאַנטן. אַריינמישן זיי אין אַ דיפּלאָמאַטישן משא ומתן, וואָס זיינע פאָלגן זעען־אויס צווייפלהאַפטע, הייסט אַנערקענען זייערע רעכטן אַלס פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. דאָס ווילן זיי נישט. אַלזאָ, די אָפּיצערן פון דער „אינטעלידזשענס" פאַרלאַנגען אַ קלאָרן ענטפער.

צו ערשט האָבן מיר געענטפערט, אַז מיר האָבן זיך נאָך נישט באַראַטן מיט אלע מענטשן. זיי האָבן געמאָלדן קורץ: „איר האָט זיך באַראָטן מיט די פּאָליטעשע, און דאָס איז גענוג." זיי וועלן קומען אין דעם־און־דעם טאָג צו באַקומען אַן ענטגילטיקע תשובה.

מיר האָבן באַשלאָסן פּרוּבן ווידער אנטלויפן, און אויב דאָס אנטלויפן וועט נישט צושטאַנד קומען איז באַשלאָסן געוואָרן זיי אזוי צו מעלדן:

א. מיר זענען גרייט אָנצונעמען די פּאָליטישע הבטחות און גלייבן ענגלאַנד, אז אירע כוונות זענען ערלעכע, מיטן באַדינג אז עס זאָלן באַלד פּארקומען ענדערונגען און די ביורגערלעכע מאַכט אין לאַנד זאָל איבערגיין אין די יידישע הענט.

ב. ענגלאַנד וועט דערלויבט זיין צו האַלטן איר מיליטער ביז נאָכן קריג.

ג. צווישן די ערשטע רעכט, וואָס וועלן איבערגייען צו דער אויפזיכט פון יידן איז די אויפזיכט אויף דער עליה און איר איינאָרדנונג. פאַר דעם צוועק זאָל צוגעשטעלט ווערן בריטישע הילף אין שיפן און אין טראַנספּאָרט.

ד. דער ענין דאַרף באַשלאָסן און געענדיקט ווערן אין משך פון איין חודש.

ה. אויב אין צווישן וועלן זיך די דייטשן דערנענטערן צום לאַנד און די ענגלענדער וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, דאַרפן זיי עפענען די טירן פון די קרימינאַלן און לאַגערס און שטעלן צו אונדזער פאַרפיגונג די מאַגאַזינען פון געווער. מירן קענען זיין פאַרבונדעטע, ווייל מירן שטענדיק קעמפן מיט יעדער פרעמדער מאַכט.

און די תשובה איז איבערגעגעבן געוואָרן מיט אַ גענויער פּינקטלעכקייט.

די לאַגע איז קלאָר געווען.

און אונדז איז די זאַך נאָך מער קלאָר געוואָרן, ווען אין אַ פּאָר טעג ארום זענען איבערגעפירט געוואָרן די צוויי מענטשן, וואָס פלעגן איבערגעבן אונדזערע תשובות אין עכו־פּעסטונג. דער פּייער־לעכער צוזאָג איז פריער געגעבן געוואָרן דורך די ענגלענדער, אז די פארשטייער וועט קיין שלעכטס נישט געשען...

ז.

נאָכדעם, וואָס מיר זענען געצוואונגען געווען צו פאַרציכטן אויפן פלאַן פון אַנטלויפן זענען מיר צוריקגעקומען צו דער לאַגע פון גול. מיר האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט. נאָך אַ וואָך, האָבן מיר באַקומען אַ צעטעלע פונדרויסן אין וועלכן „שבתאי" שרייבט:

„שוין זעקס נעכט ליגן מיר אין פעלד ביים פלויט אויף דעם באַשטימטן אָרט. דער אויטאָ, וואָס שטייט נישט ווייט קען סוף סוף דערוועקן אַ חשד. ווען קומט איר?! זייט אונדז מודיע דורך וועש, וואָס איר וועט הענגען אין לאַגער מאָרגן אַ זייגער 12 ביי דער זייט וואָס גייט אַרויס אינדרויסן..." און ווייטער, פעסטשטעלן סימנים: דאָס אויספירן אין דער נאַכט — אָפּלייגן — מבטל זיין. פאַרשטייט זיך, אז מיר האָבן זיי סיגנאַליזירט זיך אָפּצוטראָגן...

אונדזער אָנשטרענגונג צו געפינען אַ מעגלעכקייט פון אַנטלויפן פאַר זעקס מענטשן איז צונישט געוואָרן. מיר האָבן באַשרענקט די צאָל אויף דריי. די איבעריקע וועלן קומען דערנאָך. היות ווי דער וועג דורכן שעלטער איז געווען פאַרמאַכט, איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגיין ביינאַכט אין איינעם פון די שכניתדיקע לאַגערן. די אנטרינער האָבן שוין באַדאַרפט דורכגיין — נישט צוויי פלויטן, נאָר פיר. האָט מען נישט געטאָרט איינשטעלן די הצלחה פון אנטלויף דורך צו אַ גרויסער צאָל מענטשן. מיר האָבן זיך באַמיט אויסצופירן די זאַך נאָך איידער מען פאַרענדיקט דעם משא ומתן. אָבער די אויספאָרשונגען און די אָבסערוואַציעס זענען נאָכנישט געווען פאַרענדיקט, און אונדזער

ענטגילטיקע תשובה איז איבערגעגעבן געוואָרן די אָפּיצערן פונעם אינטעלידזשענס. נאָך איידער מיר האָבן פלאַץ געהאַט צו אַנטלויפן. אין משך פון אַ פּאָר נעכט פאַר דעם אויספירן, פלעג איינער פון אונדז ארויסגיין ביינאַכט פון באַראַק דורך דער באַהאַלטענער עפענונג אין די קראַטן פון פענסטער. שטילערהייט פלעג ער קריכן ביז צום פּלויט, קאָנטראָלירט די באַוועגונג פון די פּאָליציייליט נעבן אים, און פאַרטאָג פלעג ער צוריקקומען און איבערגעבן די רעזול־טאַטן פון די אָבסערוואַציעס. נעכט פון שרעק און דערוואַרטונג. אויב מען וועט פּאַקן דעם אָבסערוואַטאָר וועט אַלץ דורכפאַלן! יעדער שאָרך, יעדע באַוועגונג אינדרויסן, יעדער סקריפּ פון טויער, יעדער רוף צו פאַראָל פון דער זיך דערנענטערנדיקער קאָנטראָל, פלעג אָנפילן אונדזערע הערצער מיט שרעק: „אָט האָט מען אים באַמערקט!”... הערסט זיך איין... צי וועט זיך הערן די סערענע פון אלאַרם, צי ניין? ניין! דערווייל איז אַלץ אין אָרדנונג... און אונד־זער שליח קומט צוריק פון מאָל צו מאָל און גיט־איבער די רעזולטאַטן. די זאַך וועט שווער זיין אויסצופירן... מען קען דאָ נישט בויען אויף לאָגיק... ס׳איז קיין פלאַץ פאַר אויסרעכנונגען... אלץ איז אָפּהענגיק אין מזל! מיר האָבן נישט ליב צו זיין אָפּהענגיק פונעם מזל, נאָר דאָסמאָל איז נישטאָ קיין ברירה. ווען ס׳איז נישטאָ קיין בעסערער פאַרבינדעטער, זאָל דער מזל זיין דער פאַרבינדעטער.

*

נאַכט. אין פלאָג שלאָפן־איין אַלע באַראַקן־איינוואוינער. נאָר איינצלנע, די, וואָס ווייסן וואָס ס׳דאַרף פּאַסירן, ליגן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אויף זייערע בעטן און קוקן־אויס... ס׳האַרץ קלאַפּט שטאַרק. די נאַכט ווערט אונדזער גורל באַשטימט. דאָס אומגליק קען פּאַסירן אויב וועט מען באַמערקן די אַנטרינער זייענדיק אין נאָענטן לאַגער. דעמאָלט וועלן זיי זיך געפינען ארומגערינגלטע פון אַלע זייטן נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט פאָרויסגיין אָדער צוריקציען. הייסט עס: פאַרלירן דריי פון אונדזערע אמטייערסטע מענטשן...

איין געשטאַלט הייבט זיך אויף פאַמעלעך פון איר בעט און באַלד נאָך איר הייבן זיך אַנדערע פינף אויף. דאָס זענען די אַנטרינער

און די מיטהעלפער. אַלץ ווערט געטאָן נישט ארויסלאָזנדיק קיין סאָפּ. יעדער פּרט, יעדער באַוועגונג איז אויסגערעכנט געוואָרן פריער. מיר ווירקן ווי אויטאָמאַטן, ווי שאָטנס. דער לאָדן פון פענסטער ווערט געעפנט. די קאָמאָפלאַזשירטע עפענונג ווערט געעפנט. דער לעצטער האַנט־דרוק. מען געזעגנט זיך אָן אַ קול. די דריי אַנטרינער גליטשן זיך פּאַמעלעך ארויס אינדרויסן דורך דער שמאָלער עפענונג. מען ליגט אויף דער ערד און מען נעמט קריכן. די איבערגעבליבענע אין באַראַק באַגלייטן זיי מיט די בליקן, בליקן פול פּחד און זאָרג. קריכנ־דיק זענען זיי אריבער דעם אָפענעם שטח פון דעם לאַגער־הויף מיט הצלחה. קיינער האָט זיי נישט באַמערקט. זיי פאַרשווינדן הינטער אַ באַראַק.

אין באַראַק איז רואיק. קיינער האָט נישט געפילט, קיינער האָט זיך נישט געוועקט. די העלפער גרייטן־אָן לאַלקעס פון קאָלדרעס און קליידער און לייגן זיי אַריין אין די ליידיקע בעטן. די אייגנטימער פון די בעטן באַנען איצט אַנטקעגן די פרייהייט, אַנטקעגן דעם פראָנט. און דער פראָנט הייבט זיך באַלד אָן. נאָך אַ ביסל און זייער לעבן וועט זיין אין סכנה...

די אַנטרינער זענען דערגאַנגען ביז צום פּלויט. ליגנדיק הינטער אַ וואַנט פון אַ באַראַק זוכן זיי דעם פּאָליציאַנט. מען זעט נישט דעם פּאָליציאַנט! אַ געפיל פון דערלייכטערונג און פרייד. דער וועג איז פריי! איצט, נאָר צוגיין און איבערשניידן די שטעכל־דראָטן. דער ערש־טער דערנענטערט זיך צום פּלויט און הייבט־אָן די ארבעט... אַ שניט... נאָך אַ שניט... און נאָך אַ שניט...

און פּלוצים הייבט זיך אויף פונעם גרוב אַ פּאָליציאַנט... ער קנעפּלט זיך די הויזן, דעם ראָק, און רירט זיך נישט פון פּלאַץ. ער איז דריי מעטער פון די אַנטרינער. איצט איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט זיך צורקצוציען. ליגן אָן אַ באַוועגונג! אפשר וועט ער נישט באַמערקן... דער אָטעם פאַרהאַלט זיך. עס הערט זיך בלויז דאָס קלאַפּן פונעם האַרץ. ווי שטילט מען איין דאָס האַרץ? דריי געשטאַלטן ליגן אָן אַ באַוועגונג ביים פּלויט און אַ פּאָליציאַנט נעבן זיי. ער האָט פאַרקנעפּלט זיינע הויזן פאַראָכטן דעם מאַנטל, און רירט זיך נישט פון אָרט. שטייט און געניצט.

און פלוצים האָט ער דערזען די אויסגעשטרעקטע שאָטנס אויף דעם באָדן. ער האָט זיך דערנענטערט, זיך איינגעקוקט — און... אַ שמייסנדיקער פייף רייסט זיך אַרויס. דער אַלאַרם־פייף. באַלד האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פּאָליציי, קאָרפּראַלן, סערזשאַנטן אין לאַגער אַריין און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאָכלויפן נאָך די אַנטרינער...

לויטן פּלאַן האָבן באַדאַרפט די אַנטרינער צוריק־קומען אין באַראַק קוים וועט מען זיי באַמערקן זייענדיק נאָך אין אונדזער לאַגער. אָבער, פריער האָבן זיי באַדאַרפט פאַרשטעקן די רעוואָלווערן און די צוואַנג אין קליינע גריבעלעך, וועלכע מען האָט אָנגעגרייט פאָרויס, און זיי פאַרדעקן. און דאָס אַלץ האָבן זיי באַדאַרפט מאַכן איינס, ווערנט דעם לויפן, און די נאָכלויפער זאָלן עס נישט באַמערקן... דאָס נאָכלויפן איז איצט פאָרגעקומען אַרום דעם באַראַק. אַלע זענען שוין וואַך און מען קען קלאָר הערן דאָס געלויף פון די נאָכלויפער און די אַנטרינער. די צוהעלפער, די וועלכע האָבן געוואוסט וועגן דעם, וואָס קאָמט־פאָר איז פאַרשטענדלעך געווען, אַז די אַנטרינער זוכן איצט אַן עפענונג אַריינצוקומען אין באַראַק. אויף אַ פּאָר ערטער האָבן זיך אויפגעפּראַלעט פענסטער. מיר האָבן געמאַכט געוואַלדעס און מיט מאַנטלען און קאָלדרעס פלעגן מיר איינהאַלטן דורך די פענסטער די נאָכלויפנדיקע פּאָליציאַנטן. אויפן קאָפּ פון איינעם אַ פּאָליציאַנט האָט זיך אָנגעטון אַן אַרבל פון אַ מאַנטל, וואָס איך האָב געהאַלטן און ווען איך האָב אַ ציַ געטאָן דעם מאַנטל צוריק, איז דער פּאָליציאַנט געפאַלן, און אַ געשריי האָט דורכגעריסן די לופט „יאַ־אַללאַ! דאַבאַכוני!" (גאָט! מען האָט מיך דערהרגעט!) איינער נאָכן צווייטן שפּרינגען די „אַנטרינער" אין באַראַק אַריין. איין קאָפּע מיטן פוס געגנוגט אויף צו צעוואַרפן די „פּופּעס". קאָלדרעס, קליידער און סתם שמאַטעס זענען צעוואָרפן אויפן דיל. אין די בעטן זיצן מענטשן, וואָס זייערע פּנימער זענען פאַרשלאָפן און פאַרוואונדערט... אַלע פרעגן „וואָס איז געשען?" אויך די וועלכע האָבן גוט געוואוסט וואָס ס'איז געשען, פרעגן אויך די זעלבע פראַגע.

די טיר עפנט זיך און ס'קומען אַריין אַן אָפיצער און אַ בריטישער סערזשאַנט.

„ווער איז געווען אינדרויסן?“ פרעגט דער סערזשאַנט.

„וואָס הייסט?“ באַקלאָגן מיר זיך — „פאַרוואָס לאָזט מען אונדז נישט שלאָפן? וואָס זענען די געשרייען? וואָס איז געשען?!“

דער סערזשאַנט ווערט אַביסל צעטומלט פון אַזאַ „קעגן־אַטאַקע“. ער הייבט אָן דערקלערן, אַז ווייניקסטנס איין מענטש פון דעם באַראַק, האָט זיך אַרומגעדרייט אינדרויסן און ווייזט־אויס געפּרובט אַנטלויפן. מען האָט אים געזען שפּרינגען דורכן פענסטער אין באַראַק אַריין.

„עס איז אַ ליגן!“ — עמפּערן מיר זיך — קיינער פון אונדז איז נישט געווען אינדרויסן! מיר האָבן געהערט געשרייען און פייפערייעןביים באַראַק, און אַ געלויף, האָבן מיר געמיינט, אַז ס׳איז עפּעס־וואָס געשען: אַ לופט־אָנגריף אָדער פּאַראַשוטיסטן. האָבן מיר אויפגעריסן די פענסטער צו לויפן אין די שעלטערס און זען וואָס עס טוט זיך“.

דער ענגלענדער, פאַרשטייט זיך, גלייבט נישט און פּרובט דראָען: „זאָגט, ווער איז געווען אינדרויסן, אַנישט וועט איר אַלע באַשטראָפט ווערן!“

„קיינער איז נישט געווען אינדרויסן“.

איצט פּרובט ער שוין געפינען די אַנטרינער. ער קאָנטראָלירט דאָס האַרץ ביי אַ פּאָר מענטשן, פאַרמוטנדיק, אז נאָכן לויפן וועט דאָס האַרץ שטאַרקער קלאַפּן. דאָס פאַרמוטן איז לאָגיש. אָבער וואָס זאָל ער טאָן, ווען ער איבערצייגט זיך, אַז ביי אַלעמען קלאַפּן די הערצער? וואָלט אים בלויז איינגעפאַלן צו קאָנטראָלירן די הענט אַנשטאַט דאָס האַרץ, וואָלט ער געטראָפן די „אַנטרינער“. ס׳איז לאָגישער געווען צו זוכן פאַרשמירטע הענט פונם קריכן אויפן באָדן, ווי דאָס קלאַפּן פונעם האַרץ. יצחק יעזערניצקיס האַנט איז אויך פאַרוואונדעט און ס׳טריפט פון איר בלוט, ווייל לויפנדיק האָט ער געפּרובט שפּרינגען דורך אַ פענסטער, וואָס איז געווען פאַרדראָטעוועט מיט שטעכל־דראָט, מיינענדיק, אַז דאָס פענסטער איז אָפן, ווייל ס׳איז שווער געווען צו באַמערקן דעם שטעכל־דראָט אין דער פינצטער. אָבער, ס׳איז דעם סערזשאַנט נישט איינגעפאַלן צו קאָנטראָלירן די הענט. ער האָט פאַרלאָזט דעם באַראַק דראָענדיק, „מאָרגן וועט מען אייך ווייזן“. איצט דאַרפן מיר גרייט זיין אויף אַ רעוויזיע. אפשר נאָך ווערנט דער נאכט. די רעוואָל־

ווערן און די צוואַנג האָבן די אַנטרינער באַוויזן צו פאַרשטעקן אין די אָנגעגרייטע גריבלעך און פאַרדעקן מיט ערד. בלויז איין מאַגאַ־זינדל קוילן האָט איינער פון די אַנטרינער ארויפגעוואָרפן אויפן דאַך פון אַקעגנאיבערדיקן באַראַק. מען ווייסט נישט צו עס האָט זיך דאָרטן פארהאַלטן אָדער עס האָט זיך אַראָפגעגליטשט פון דעם דאַך און אַרונטערגעפאַלן אויף דר׳ערד. ביים באַראַק אונדזערן איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרן אַ פּאָליציאנט און ס׳איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט אַרויסצוגיין אינדרויסן קאָנטראָלירן דעם ענין. פרימאָרגן קען מען געפונען דאָס מאַגאַזינדל. פאַמעלעך וואַשן זיך אָרום די „אַנטרינער״.

איצט ווייסן מיר, אַז אויך אויף אַזאַ אופן וועלן מיר נישט מצליח זיין. ס׳איז כלל נישט וויכטיק וואָס ס׳וועט מאָרגן פאַסירן... שטראָף אָדער נישט קיין שטראָף. ס׳האָט קיין באַדייט... בלויז זאָרגן מען זאָל נישט געפונען דאָס מאַגאַזינדל...

וואָס וועט איצט זיין? ווי וועלן מיר ארויס?

עס האָט אונדז אַרומגענומען אַ געפיל, וואָס ס׳איז שווער צו־באַשרייבן. מיר זענען ווייט געווען פון אַנטוישונג, אָבער קיין אויסוועג האָבן מיר נישט געזען. דאָס איז געווען אַ מין געפיל, אַז דער פּשוטער שכל, דער מענטשלעכער שכל — איז קליין, אז ער גענוגט אונדז נישט. עס פאַרלאַנגט זיך דאָ עפּעס, וואָס איז ענלעך צו כישוף...

מיר זענען ווייט געווען פון פאַרצווייפלען, אָבער דערווייל — אַ ליידיקער חלל.

אַ רעוויזיע איז נישט פאָרגעקומען. נישט ביינאַכט און נישט צו־מאָרגנס. מיטן מאָרגנשיין האָבן מיר געזען דורכן פענסטער בלישטשען דאָס מאַגאַזינדל אויפן דאַך. אונטן שטייט נאָך דער פּאָליציאַנט, שטייט שטראַם און נערוועז.

פרימאָרגן. נאָך דער ציילונג, וואָס איז פאָרגעקומען גלייך ווי אַלע טעג פון יאָר, האָבן זיך געעפנט די טירן פון די באַראַקן. מיר זענען ארויסגעגאַנגען ווי געוועגלעך יעדן טאָג, גלייך גאָרנישט האָט פאַסירט. פאַרקערט: אַ רוח שטות איז אין אונדז אריין און מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ „מלחמה״, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט מיט וואַרפן שיך איינער דעם צווייטן, און איין שוך איז ארויפגעוואָרפן געוואָרן

אויפן דאַך. האָט מען אים באַדאַרפט אַרונטערנעמען. אַלע האָבן געלאַכט, ווען דער אייגנטימער פונעם שוך האָט זיך באַדאַרפט דראַפּען אויפן דאַך אים אַרונטערצונעמען. ס׳איז איבעריק צו באַמערקן, אַז מיטן שוך איז אויך אַרונטערגענומען געוואָרן דאָס מאַגאַזינדל. דאָס געווער איז צוריק געבראַכט געוואָרן אין זיין באַהעלטעניש.

דער פּרוּב איז דורכגעפאַלן.

ח.

איצט טאָר מען קיין צייט נישט פאַרלירן. ס׳איז אָנצונעמען, אַז אויב מען האָט טאַקע נישט אַנטדעקט די „אַנטרינער״, איז דאָך, קיין ספק נישט, אַז די מאַכט וועט פאַרשטאַרקן אירע באַמיאונגען צו אַנט־דעקן כאָטש, ווער עס זענען די טעטיקע. און מען קען נישט וויסן צי דאָס וועט זיך זיי נישט איינגעבן. און דעמאָלט וועט מען אונדז שיקן קיין עכו. פון דאָרט, וועט שווערער זיין צו אַנטלויפן. פון דאָרטן וועלן מיר אפשר אינגאַנצן נישט קענען אַנטלויפן. מיר דאַרפן ווידער פּרובן! און דאסמאָל מוז עס אונדז געלונגען.

און ס׳איז ווידער פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ פּלאַן. דאָסמאָל קענען בלויז צוויי פון אונדז גיין. דער פּלאַן איז געווען זייער קאָמפּליצירט. די צוויי אַנטרינער דאַרפן זיך אויסבאַהאַלטן ווערנט דעם גאַנצן טאָג אין איינעם פון די מאַגאַזינען, צווישן אַ הויפן שטרויזעק. דער מאַגאַזין געפינט זיך אויסער אונדזער לאַגער און אויסער דער שמירה ליניע. זיי דאַרפן אַהין אַריינגיין אין די מיטאָג־שעהן נאָך דער צווייטער ציילונג. אין מאַגאַזין וועלן זיי וואַרטן ביז צו דער נאַכט־וואַך, און מיטן צופאַלן פון דער פינצטערניש וועלן זיי ארויסגיין דורכן פענסטער, קריכנדיק וועלן זיי אריבער דאָס פעלד און אין ווינקל וועלן זיי אַריבער דעם אויסערלעכן פלויט. אויב אַלץ וועט געלונגען וועלן זיי האָבן פאַר זיך די גאַנצע נאַכט, און קענען אָנקומען צופוס קיין חיפה. די זאַך איז אָבער פאַרבינדן מיט געוויסע שוועריקייטן: ווען די מענטשן גייען ארויס פונעם לאַגער אין מאַגאַזין אַריין, ציילט מען זיי און מען פאַרשרייבט די צאָל ארויסגייער. און ווען מען קערט זיך אום, ציילט

מען זיי ווידער. די צאָל פון די מענטשן וואָס גייען יעדן טאָג אין פראָוויאַנט־מאַגאַזין ברענגען די פראָוויאַנטן פאַרן קיך, איז זעקס. אויסער דעם גייען דריי מענטשן אין קאַנטין אַריין ברענגען פאַר די ארעסטאַנטן זאַכן, וואָס זיי קויפן פאַר זייער אייגן געלד, ווי: סיגאַרעטן, שאָקאָלאַד, זייף אא״וו. בסך־הכל גייען אַרויס 9 מענטשן. ווי וועלן מיר איינאָרדנען, עס זאָלן אויך צוריק קומען 9, ווען צוויי פון זיי וועלן בלייבן „באַגראָבן״ צווישן די שטרויזעק? מען האָט געפונען אַ פאָרטל. אין דעם מאַגאַזין פון די פראָוויאַנטן טרעפן זיך צענויף אַרעסטאַנטן פון אַלע לאַגערן: די בירגער פונעם פיינט, אזעלכע וועלכע זענען פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש, אַראַבער און מיר. עס נויטיקט זיך, צוויי פרעמדע זאָלן זיך אָנשליסן צו אונדזער גרופּע „טרעגער״. אין פאַרלויף פון צוויי־דריי טעג זענען מיר שוין געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט די „טרעגער״ פונעם פיינטס־בירגער לאַגער. מיר האָבן שוין געוואוסט, אז ס׳זענען פאַראַן צווישן זיי גוטע „ברידזש״ שפּילער. ס׳וועט נישט שווער זיין זיי איינצולאַדן צו אונדז. זיי וועלן קומען אויב מיר וועלן זיי פאַרבעטן. ס׳איז נאָר אַ פראַגע אויב דער פּאָליציאַנט, וואָס שטייט ביים טויער פון לאַגער וועט זיי נישט באַמערקן. מען דאַרף וואַרטן ביז ס׳וועט שטיין אויף דער וואַך איינער פון די נייע פּאָליציאַנטן, וועלכער האָט נאָכנישט באַוויזן צו דערקענען פאַרהאַלטענע לויט זייער אויסזען און ווייסט נישט אין וועלכן לאַגער יעדער פאַרהאַלטענער איז איינגעשפּאַרט. דער מאַגאַזין פון די שטרויזעק געפינט זיך ביי דעם קאַנטין און די געסט דאַרפן שלעפן די קאַנען מילך און אַריינגיין אין אונדזער לאַגער אלס „טרעגער״. פאַרשטענדלעך, אז די גאסטגעבער וועלן זיך אנטשולדיקן אויף דעם מאדנעם אופן פון אויפנעמען געסט: די זאַך וועט ווערן אַ וויץ און ס׳פאַרשטייט זיך, אז די געסט וועלן נישט חרטה האָבן זייענדיק שוין אין מיטן וועג. און ווען ס׳וועלן זיך אָנשליסן די צוויי „טרעגער״ צו אונדזערע שליחים אין קאַנטין, וועלן זיך פאַרגנבנען די צוויי אַנטרינער צום מאַגאַזין פון די שטרויזעק. אין לאַגער וועלן זיך ווידער אומקערן דריי מענטשן און דער חשבון וועט זיין 0=9—9. די ברידזש־געסט וועלן מיר באַשעפטיקן מיט אן אינטערעסאַנטן שפּיל, ביז די וואַך וועט זיך טוישן, און מיט

זייער ארויסגיין וועלן מיר דערקלערן דעם פּאָליציאַנט, וועלכער וועט שטיין ביים טויער, אַז דער פריערדיקער וועכטער האָט באַוויליקט די געסט אַריין צוקומען. אַמהעכסטנס וועט דער פּאָליציאַנט עס איבער־געבן זיין פּאָרגעזעצטן, און דער נעבעכדיקער פּאָליציאַנט, וואָס ביי זיין וואַך־צייט זענען די פרעמדע אריינגעקומען אין לאַגער אַריין, וועט שוין באַצאָלן. אָבער, דאָס אַלץ צומאָרגנס... און צומאָרגנס... און וועמען אַרט עס צומאָרגנס! זאָל זיי דער טייוול נעמען!

נאָך אַ שוועריקייט איז פאַראַן. נאָך אַ האַרבערע, פון דער פריער־דיקער: פאַר זונאונטערגאַנג, איידער מען פאַרשליסט די באַראַקן קומט פאַר אַ ציילונג. ווי וועט ארויס גאַנץ די צאָל אַרעסטאַנטן ווען ס׳פעלן צוויי? און די אַנטרינער געפינען זיך נאָך דעמאָלט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער! מיר דאַרפן אויסגעפינען אַן אויפן, לויט אים זאָל מען ציילן צוויי מענטשן צוויי מאָל. דאָס איבערפירן צוויי מענטשן פון באַראַק צו באַראַק דאַרף געמאַכט ווערן אין אַן אויגן־בליק. און דאָס נאָך דעם, ווי די טיר פונעם באַראַק איז שוין געשלאָסן. פאַר דעם צוועק קומען אין באַטראַכט נאָר שכנותדיקע באַראַקן אין וועלכע ס׳זיצן אונדזערע מענטשן און צווישן זיי דאַרף געמאַכט ווערן די „טראַנזאַקציע״. בעת דער ציילונג גייט דער סערזשאַנט גלייך אַריבער פון דעם באַראַק צו אונדזערן. מיר דאַרפן אויך זאָרגן, אַז אין אַראַבישן לאַגער זאָל געמאַכט ווערן די ציילונג פאַר אונדזערע, ווייל כל זמן אין שכנותדיקן לאַגער דרייען זיך אַרום אינדרויסן מענטשן, קענען זיי זען, ווי מיר עפנען אַ לאָדן פון באַראַק און ווי דורך אים שפרינגען צוויי מענטשן און דער לאָדן פאַרמאַכט זיך צוריק פונדרויסן. אָבער, פאַר זיכערקייטס וועגן וועלן מיר אויפהענגען קאָלדרעס צו „ליפטערן״ אויפן פלויט, וועלכער גייט דורך צווישן ביידע לאַגערס און אַזוי וועלן מיר פאַרשטעלן פאַר זיי דעם ספּעקטאַקל. און טאָמער וועט אונדז נישט געלונגען צו ווענדן דעם סערזשאַנט, וועלכער מאַכט די ציילונג, צום אַראַבישן לאַגער פריער?

•

און דער באַשטימטער טאָג איז געקומען:

אין מיטן העלן טאָג האָבן מיר זיך געזעגנט... רואיק און געהיים.

ווידער האָבן מיר געשמועסט איבער די ערשטע אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר די אַנטרינער, ווידער איבער די קאָנטאַקט־וועגן צווישן אונדז, איבער דער געהיים־שריפט.

און זיי זענען געגאַנגען צו דער קאַנטין ברענגען סיגאַרעטן און שאָקאָלאַד...

צוויי שעה זענען פאַרביי... די „טרעגער" קערן זיך אום מיט צוויי געסט, וואָס טראָגן מילך־קאַנען. איצט ווייסן מיר, אַז ביי דער קאַנטין דרייען זיך פינף מענטשן אַנשטאָט דריי. נאָך אַ שעה איז פאַרביי און אָט זעען מיר פונווייטנס דריי מענטשן קומען פון קאַנטין מיט אַ אָנגעלאָדענעם קאָרב סיגאַרעטן און שאָקאָלאַד. אַלץ איז אין אָרדנונג! בלייבט־איבער בלויז דער ענין פון דער ציילונג.

איצט איז שוין דאָ אַ נויטווענדיקייט צו מעלדן נאָך אַ פּאָר מענטשן וועגן וואָס ס׳גייט און פּעסטשטעלן יעדן איינעם זיין אויפ־גאַבע. ביז איצט האָבן בלויז געציילטע געוואוסט, וואָס עס קומט פּאָר. די פרייד איז אויסגעמישט מיט זאָרג... ס׳איז נאָך פאַראַן אַ ציי־לונג... אין דריי שעה אַרום... אין צוויי שעה... אין אַ שעה...

„בחורים לאָמיר שפּילן האַנטבאַל!"

ס׳ווערט אָנגעצויגן אַ נעץ און ס׳הייבט זיך אָן אַ לעבהאפטע שפּיל, „א מעטש", ווייל דאָס איז לויטן פּלאַן .. און ווען דער סער־זשאַנט דערשיינט צו ענדע אין טויער פון לאַגער, זעט ער א „הייסן" שפּיל און דער עולם פאַרהאַלטענע שטייען און קוקן זיך צו. אַלץ ווערט געמאַכט דאָ מיט באַגייסטערונג. מיר האָבן דערוועקט אַמביציע ביי דער געגנערישער גרופּע, מיר האָבן זיך פאַרוועט מיט זיי, מיר האָבן געשאַפן אַן אָנגעלייף און קלאַטשעריי נאָך יעדן געלונגענעם „שאָס". מען האָט ארויסגענומען אלע מענטשן פון די באַראַקן. מיר ווענדן זיך צום סערזשאַנט מיט אַ ביטע, ער זאָל דאָסמאָל איינאָרדנען די ציילונג צו ערשט אין אַראַבישן לאַגער דערנאָך ביי אונדז, מיר זאָלן צייט האָבן צו ענדיקן דעם שפּיל, ווייל ס׳פעלן נאָך צוויי פונקטן ביז צו ענדע. „און דיר איז דאָך אַלץ־איינס צי דו ציילסט קודם זיי אָדער אונדז". ער גיט אונדז נאָך די בקשה און ווענדעט זיך צום

אַראַבישן לאַגער. מיר פאַרענדיקן דעם שפּיל. דער ספּאָרט־געפּיל פון די ענגלענדער ברענגט נישט קיין שאָדן צו דער זאַך.

איצט לויפן אַלע צום טוש. כמעט ביי יעדן באַראַק דאַרף זיך דער סערזשאַנט פאַרהאַלטן און וואַרטן ביז מען קומט צוריק פונעם וואשן. ער בורטשעט, ער בייזערט זיך, מיר אנטשולדיקן זיך און ער איז מוחל און בעט, אַז להבא זאָלן מיר אכטלייגן אויף דער צייט. און אָט איז ער שוין אין שכנותדיקן באַראַק. דאָרט, צווישן אַנדערע ליגט איינער פון די מענטשן קראַנק, איבערגעדעקט ביז איבערן קאָפּ מיט אַ קאָלדרע, — נאָר די פיס שטעקן אַרויס. און נאָך אַ נעבעכדיקער געפינט זיך אין דעם באַראַק. זיינע באַקן זענען געשוואָלן און דאָס פנים איינגעוויקלט אין אַ האַנטוך. ווען עס פאַרמאַכט זיך די טיר הינטערן סערזשאַנט און אַראַבישן קאָרפּראַל, נאָכן אָפּציילן די מענטשן פון באַראַק, שפּרינגט דער חולה אַראָפּ פונעם בעט און ביי דעם, וואָס לייד אויף ציינווייטיק, גייט־אָפּ דאָס געשוויר. ביידע „קראַנקע" שטייען שוין גרייט ביים פענסטער. דער סערזשאַנט מיטן קאָרפּראַל גייען־איבער צו אונדזער באַראַק. אויפן שוועל פונעם באַראַק טרעפט זיך אָן דער סערזשאַנט אויף איינעם פון אונדז. דאָס איז דער דיזשורנע פון באַראַק. ער לויפט איצט מיט אַ ליידיקן פּאַס אָנפילן וואסער ביי די קראַנען. אַ דיזשורנע, אַ פארגעסער! אין לעצטן מאָמענט דער־מאָנט ער זיך, אז מען דאַרף ברענגען וואַסער! לויפנדיק בעט ער אנטשולדיקונג ביים סערזשאַנט פאר זיין פאַרשפּעטיקן. בלויז אַ קליינע ווײַלע וועט דער סערזשאַנט דאַרפן וואַרטן. דער „דיזשורנע" לויפט איילנדיק און הערט נישט דעם ענטפער פון סערזשאַנט. ער ווייסט נישט צי ער איז אים מוחל, צי ער בורטשעט. דער סערזשאַנט ווידער האָט קיין ברירה, ער מוז וואַרטן. ווייל וואָס זאָל ער מאַכן? דערלאַנגען אַ ראַפּאָרט און פאַרלאַנגען פון דירעקטאָר ער זאָל באַשטראָפן דעם זיך פאַרשפּעטנדיקן דיזשורנע? און אָט שרייען נאָך די חברים פון דיזשורנע מיט „כעס" פארוואס ער האָט פארשפּעטיקט און פאַרשאַפט אַן איבעריקע טירחה דעם גוטן סערזשאַנט. איינער פון אונדז דערקלערט שפּאַסיק דעם סערזשאַנט, וועלכער שטייט ביים אריינגאנג, די צרות וועלכע מיר האָבן שטענדיק ווען ס'קומט די ריי

פאר דעם דיזשורנע אויסצופילן די אויפגאַבן פון ריינלעכקייט אין באַראַק. אַלע שטופן זיך שוין אָן ביי דער טיר ארום דעם סערזשאַנט און קאָרפּראַל און בעטן אנטשולדיקונג. דער סערזשאַנט און דער קאָרפּראַל זענען אַרומגערינגעלט מיט פיינע מענטשן, וועלכע פאַר־שטייען זייערע שווערע אויפגאַבן און באַדויערן וואָס זיי פאַר־שאַפן זיי איבעריקע טירחה... און דער סערזשאַנט מיטן קאָרפּראַל „פאַרשלאסן" אין קרייז פון העפלעכע מענטשן האָבן נישט געקענט באַמערקן, ווי צום קרייז זענען צוגעקומען נאָך צוויי. די צוויי „קראַנקע" וולכע זענען געציילט געוואָרן אין נאָענטן באַראַק, און זיי האָבן נישט געקענט זען, אז בעת די מענטשן פונעם „העפלעכן קרייז" האָבן זיך אנטשולדיקט און געשפּאַסט אויפן קאָנטאָ פון דעם „דיזשור־נע", האָט שאול* געעפנט דעם לאָדן פון שכנותדיקן באַראַק, וועלכער איז פאַרמאַכט מיט אַ ריגל פונדרויסן, און די צוויי „קראַנקע" זענען פון דאָרטן ארויסגעשפּרונגען. שאול האָט דעם לאָדן ווידער פאַרמאַכט. דער דיזשורנע פילט נאָך אָן דאָס וואַסער אין קראַנען צימער. ער פילט־אָן און גיסט־אויס, פילט־אָן און גיסט־אויס, ביז עס דערגרייכן אים רופן און קללות פון די חברים, דעמאָלט ווייסט ער, אז אלץ איז אין אָרדנונג. ער קערט זיך לויפנדיק אום איבערלאָזנדיק נאָך זיך ריטשקעלעך וואַסער. אין אויגנבליק זעט ער ווי „עמוס" און „גלעד" געפינען זיך שוין אין באַראַק. מען דאַרף זיך מער נישט „דערמאָנען" אין קיין שום זאַכן. אין באַראַק, אין קעגנוואַרט פונעם סערזשאַנט, שיטן זיך ווידער אויף אים קללות און טענות פאר זיין פאַרגעסן. און דער סערזשאַנט האָט הנאה, אז מען נעמט זיך אָן זיין קריוודע. פיינע בחורים זענען זיי!... איצט ציילט ער זיי. אלץ איז אין אָרדנונג. די צאָל שטימט. קיינער פעלט נישט...

און אין דער נאַכט ליגן 40 מענטשן איןביידע באַראַקן און הערן זיך איין. עס הערט זיך גאָרנישט. קיין פייף, קיין שאָס האָט נישט געשטערט די נאַכט רו. פאַרטאָג זענען מיר איינגעשלאָפן.

* דאָס איז שאול גלילי („ארנון"), וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ענגלענדער אין 1946 יאר, אין פאַרהאַלט, אין גלות קעניע.

אינדערפרי 6 אַ זייגער, ווען מען איז געקומען ווידער אונדז ציילן, זענען אין שכנותדיקן באַראַק געשלאָפן צוויי מענטשן פאַר־דעקטע ביז איבערן קאָפּ מיט קאָלדרעס. אלע שלאָפן רואיק אין באַראַק. און דער סערזשאַנט האָט נישט געוואוסט, אז די שלאָפנדיקע זענען דורך די פאַרמאכטע וויעס אַלע זיינע באַוועגונגען. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די פערדעקטע און האָט זיי געציילט. נאָר דער אראבישער קאָרפּראַל, וועלכער איז געגאַנגען נאָך אים, האָט געוואָלט מאַכן זיין אַרבעט געטריי. ער האָט אָפּגעדעקט די קאָלדרעס פון די וואָס שלאָפן פאַרדעקט איבערן קאָפּ און אָט... שמאַטעס און נישט קיין מענטשן.

דער סערזשאַנט איז בלאַס געוואָרן, ער האָט ווידער געציילט, טאָמער האָבן די בחורים געטריבן בלויז אַ שפאַס. ניין! צוויי פעלן!!! ער וועקט־אויף די מענטשן, פרעגט וואָס ס'איז דאָ געשען. די מענטשן זענען איבעראַשט און פאַרשלאָפן, קיינער ווייסט נישט וואָס ס'האָט פאַסירט און פאַרוואָס מ'טשעפּעט זיך צו זיי.

באלד זענען אַלאַרמירט געוואָרן דער אָנפירער מיט די אָפיצערן. אין אַ פערטל שעה ארום איז דער לאַגער געווען פול מיט פאָרשער. ווען מען האָט דאָרטן אין באַראַק געפרעגט אויף די נעמען פון די מענטשן וועלכע פלעגן שלאָפן אין די צוויי ליידיקע בעטן איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן: שאול גלילי און שלמה יעקובי. די צוויי האָבן זיך אין דער צייט אויסגעקנאַקט דיביינער אויפוועקנדיק זיך פונעם רעש, וואָס די אויספאָרשער און די אָפיצירן האָבן געמאַכט, און רחבותדיק געגעניצט ליגנדיק אין אונדזער באַראַק. דער אָנפירער האָט באלד איבערגעגעבן טעלעפאָניש צו דער געהיימפּאָליציי, אז גלילי און יעקובי זענען אַנטלאָפן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מזרע. אין אַ שעה ארום זענען אלע וועגן געווען פאַרמאַכט און אָפי־צערן פון דער פאָליציי האָבן געזוכט צוויי מענטשן, וואָס זענען אנטלאָפן פון לאַגער, האַלטנדיק אין זייערע הענט די בילדער פון גלילי און יעקובי...

די נעמען פון די ריכטיקע אַנטרינער איז זיי געלונגען צו אַנט־דעקן ערשט 2 אַ זייגער נאָכמיטאָג. מיר זענען אויסגעשטעלט געוואָרן

אין רייען און ס'איז געבראַכט געוואָרן די קאַרטאָטעקן פון אַלע פאַרהאַלטענע מיט זייערע בילדער. מען האָט אויסגערופן יעדן איינעם ביים נאָמען און לויטן בילד פעסטגעשטעלט, אז ער איז עס טאַקע. ווען עס זענען אויסגערופן געוואָרן די נעמען, יצחק יעזערניצקי און עזרא לוי, האָט זיך קיינער נישט אַ ריר געטאָן.

און די צוויי זענען שוין דעמאָלט געווען ביי „שבתאי" און זיינע חברים צו זייער גרויסער איבעראַשונג און פרייד...

*

צומאָרגנס האָבן מיר געזען אין צייטונג אַזאַ מעלדונג: „רחל און איתן געבן צו וויסן מיט פרייד וועגן געבורט פון זייער זונעלע, דעם בכור" לויט ווי מיר האָבן באַשטימט, האָבן מיר געוואוסט אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און מיר האָבן זיך געוואונטשן אַ „מזל טוב" צוליבן „געבורט פונעם זון".

און ס'איז טאַקע עפעס דעם דאָזיקן טאָג געבויערן געוואָרן. דער באַנייטער בנין פונעם קעמפנדיקן אונטערגרונט.

## ט.

די צוויי וועלכע זענען אַנטלאָפן פון מזרע, האָבן געטראָפן אינ־דרויסן ביי אַ 50 מענטשן וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן דעם נסיון פון דער שווערסטער תקופה. אויף זיי, האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן, זיי זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן באַוואוסטזיין און גלויבן אין זייער גערעכטיקייט. דאָס קלאָרע וויסן, דאָס וויסן, אז די גערעכ־טיקייט איז מיט זיי, איז געווען דאָס, וואָס האָט זיי געשמידט און געהיטן פאַר יעדן קלאַפּ: הונגער, ליידן, שנאה און רדיפה. און זיי זענען געווען הונגעריקע און ליידנדיקע, פאַרהאַסטע און פאַרפאַלגטע...

גבורה טאַטן ווערן באַקאַנט און אין דעם איז פאַראַן אַ מין באַפרידיקונג פאַרן העלד. אַ לעבן פון גבורה, האָט נישט קיין רעק־לאמע. האָט נישט קיין רום. און דאָס לעבן אין די אונטערגרונט־טעג, אין וועלכע ס'איז נישט געווען קיין טאַטן כלפּי חוץ, — דאָס לעבן,

איז געווען אַ העלדיש לעבן; דאָס איז געווען די תקופה פון שמידן דעם כאַראַקטער אונדזערן.

די בויער פון אונטערגרונט אין ציון האָבן זיך באַגעגנט פנים אל פנים מיט דערווירקלעכקייט. אַ שווערע ווירקלעכקייט. שוועריקייטן אָן אַ צאָל. ווי אכזריותדיק איז דער פאַקט, ווען דער פרייהייטס־קאַמף און דאָס פאַרווירקליכן פון יעדן אידעאַל, איז אָפּהענגיק פון אַזאַ פּראָזאַאישע זאַך, ווי געלד. די שווערסטע פראַגע מיט וועלכער די אונטערגרונט באַוועגונג ראַנגלט זיך, איז די פראַגע פון מיטלען. און פונוואַנען זאָלן זיי נעמען געלד שוין איצט ביי די ערשטע טריט? אַ פאַרכישופטער ראָד האָט זיך דאָ געשאַפן: ווען עס עקזיסטירט אַן אונטערגרונט און ער קעמפט, קען ער לעזן דאָס פּראָבלעם פון די מיטלען מיט פאַרשידענע וועגן. אָבער כדי אויפצושטעלן אַן אונטער־גרונט און קעמפן, פאַרלאַנגען זיך מיטלען, כלים. און צו כלים קען מען נישט צוקומען אָן געלד. און דערווייל ליידן. מאַנגל אין געהעריקע אויפּנטהאַלטס־פּלעצער, מאַנגל אין געווער, מאַנגל אין אַ דרוקעריי. אַלץ, אַלץ פעלט. און מיט די דאַזיקע שוועריקייטן איז געמאַכט געוואָרן אלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט מאַכן. טראָט ביי טראָט. אלץ נאָך אין דער מיניאַטור.

*

און אין צווישן איז געפּלאַנט געוואָרן ביי אונדז, דאָ אינעווייניק, אַ נייער אנטרינונגס־פּלאַן. די צוויי, וועלכע האָבן מצליח געווען, האָבן געוואוסט וועגן אים און האָבן גענומען אויף זיך עס דורכצו־פירן. דער פּלאַן איז נישט געווען קיין לייכטער. מען האָט באַדאַרפט ארייננדרינגען פון דרויסן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און באַהערשן אַ גאַנצן פליגל, באַהערשן דאָרטן די וועכטער שטילע הייט מיט דער הילף פון אַ שלאָף־מיטל. אויספירן די ארבעט האָבן געקענט בלויז מענטשן וועלכע האָבן זייער גוט געקענט די באַדינגונגען פון לאַגער. און אָט דווקא פון דער זייט, וואו ס'איז מעגלעך געווען ארייננצו־דרינגען אין לאַגער אריין, ממש ביים פּלויט, האָט זיך איי געפונדעוועט אַ מיליטערישער לאַגער פון לופט־אָפּווער־קאַנאָנען. דער פּלאַן איז בטל געוואָרן. מען טאָר נישט איינשטעלן, דאָס, וואָס עקזעסטירט שוין

אינדרויסן. מיר דאַרפן זוכן אַן אַנדערן וועג. און ווידער שטעלט זיך די פראַגע: ווי אַזוי קריגט מען זיך פונדאַנען ארויס?

דאָס רוב צייט פאַרברענגט מען מיט אויסרעכנונגען און מיט געשפּרעכן וועגן אַ מעגלעכקייט פון אנטלויפן. ווערנט דעם געשפּרעך שוועבן מיר נישט ווילנדיק אין אַ וועלט פון חלומות און מען אַנטלויפט אויף די פליגל פון דער פאַנטאַזיע. וועגן וואָס איז דעמאָלט נישט גערעדט געוואָרן? שיפן, אַעראָפּלאַנען, צוויי שיפלעך וועלן קומען צום ברעג ים און מיר וועלן זיך אַדורכרייסן צו זיי.

און איך געדענק דעם טאָג ווען ס'איז צו מיר צוגעקומען „עמוס", דאָס איז יהודה בן־דוד, און האָט אָנגעהויבן בזה הלשון: „הער מתי, נעכטן האָב איך גערעדט מיט מנשה'קען און ער האָט מיר עפּעס געזאָגט, וואָס אין פלוג זעט עס אויס ווי איינע פון די פאַנטאַזיעס פון דער חברה, אָבער נאָכדעם, ווי איך האָב אריינגעקלערט האָב איך זיך איבערצייגט, אז עס פארמאָגט שוואונג און נישט פאַנטאַזיע. איך וועל דיר דערקלערן דעם ענין, אָבער זאָלסט מיר נישט איבערהאַקן ביז איך וועל ענדיקן".

„נו, הייב שוין אָן יודקע — האָב איך געזאָגט — ווּעלן מיר זען וואו ס'האָט דיך פאַרטראָגן דער נאַכט־חלום".

„גיי צו אלדע רוחות! איך רעד ערנסט, און דו הייבסט־אָן מיט דיינע וויצן!"

האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד אין איינעם פון די ווינקלען אין לאַגער.

„אַלזאָ, איך וואָרן דיך ווידער" — הייבט־אָן יהודה — „זאָלסט זיך נישט באַציען לייכטזיניק צום ענין. מנשה'קע איז נעכטן געקומען צו מיר און האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף פּרובן בויען אַ טונעל. וואַרט אַ סעקונדע. שטער נישט. איך ווייס נישט צי ער האָט באַרעכנט דעם ענין ביז ענדע, צי ס'איז געוועזן ביי אים ווידער ווי איינער פון די פּלענער, וואָס בליצן־אויף ביי אונדזערע בחורים יעדעס מאָל פונ־דאָסניי. על כל פנים, איך האָב געוואָיגן דעם ענין און אָט זענען די באַטראַכטונגען און די אויסרעכנונגען, וואָס איך האָב געמאַכט: עס פאַרלאַנגט זיך אַ טונעל אין דער לענג פון 40 מעטער, כדי מיר זאָלן

קענען אָנקומען פון הינטער דער וואַך ליניע...״ און יודקע האָט אָנגעהויבן צו אנטוויקלען אלע אויסרעכנונגען זיינע וועגן דער מאָס ערד, וואָס מיר וועלן ארויסנעמען פון טונעל, וועגן אונטערשטיצער, וואָס מיר וועלן בויען כדי צו פאַרמיידן בויפעליקייט, ווי אזוי מיר וועלן איינאָרדנען דעם צודעק און ווי אזוי מיר וועלן קאַמאָפלאַזשירן דעם אַריינגאנג, פון וואנען מיר וועלן נעמען מכשירים אא״וו, אא״וו. פאַר יעדן פרט האָט ער געזאָרגט אין זיין פאַנטאַזיע. אויב מיר וועלן פאָרטזעצן מיט אַ שנעלקייט פון אַ מעטער אַ טאָג, וועלן מיר זיין נאָך 40 טאָג אינדרויסן. לאָמיר זאָגן, אז ס׳וועט אפילו געדויערן צווי מאָנאַטן. אין מזרע איז די ערד זאַמדיק. אין זאַמד איז לייכט צו גראָבן. מיט צוויי־דריי שעה ארבעט אין טאָג וועט דער קאָנטיגענט פול זיין...

ער רעדט און רעדט און איך זיץ און גאַף: אַ פאַנטאַזיע אָדער אַ ממשותדיקע זאַך? און ווען יהודה האָט פאַרענדיקט זיין דערקלערן, האָב איך קיין ספק נישט געהאַט, אז דאָ איז אַ ממשותדיקע זאַך. דא און דאָרט האָט מען נאָך פאַריכט די אויסרעכנונגען. דאָ און דאָרטן האָבן מיר געטראָפן לייכטערע לעזונגען. אָבער אין אַלגעמיין, נעמט די זאַך אָן הויט און ביין. מען דאַרף פארברייטערן דעם „טרוסט פון מוחות״. אין פלוג איז אלץ פיין, נישט ריכטיק? מיר האָבן געוואָלט אָנהייבן דאָס גראָבן רואיק און פלוצים איז אויף אונדז ארויפגעשפרונגען אַ נייער צאָרן.

געציילטע טעג נאָך דעם, ווי ס׳איז באשלאָסן געוואָרן בויען דעם טונעל, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז אין דער נאָענסטער צייט וועט מען איבערפירן דעם קאָנצענטראַציע־לאגער פון מזרע קיין לאַטרון. און ווידער שטייען מיר פאר דעם אומבאַקאַנטן. ווייל וואָס וועט זיין ווען אין לאַטרון וועלן די באדינגונגען נישט זיין אזעלכע גינסטיקע פאר בויען דעם טונעל? ווייל דער באָדן פון עמק אילון איז דאָך נישט קיין זאַמד באָדן, ווי דער באָדן פון מזרע ביים ברעג ים! און די סביבה איז פול מיט מיליטערישע לאַגערן! און קלאַנגען גייען אום, אז ס׳וועלן דאָרט זיין ספעציעלע וואַך־אָרדנונגען...

די אידיי איז געווען אַזאַ שיינע. עס האָבן זיך אין איר געקלאַמערט

דער ווילן און די האָפנונגען און די געדאַנקען! מיר וועלן זי נישט נאָכלאָזן.

*

אַ חודש צייט פאַרן אַריבערגאַנג קיין לאַטרון האָבן זיך אָנגעהויבן די פאָרבערייטונגען פאַר בויען דעם טונעל אין... לאַטרון. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן די 20 מענטשן, וואָס וועלן אין אָנפאַנג פון דער אַרבעט אריינגעפירט ווערן אין סוד פונעם ענין. די מענטשן וועלן וואוינען אין איין באַראַק, פון וועלעכן ס׳וועט ארויסגיין דער טונעל. מיר נויטיקן זיך אין אַ פּלאַן פונעם לאַגער און אין אַ טאָפּאָגראַפישער מאַפּע פון דער סביבה. מיר דאַרפן אויך וויסן אין וועלעכן טייל פון דעם גייעם לאַגער דענקט מען איינצוקוואַרטירן די יידן. מיר ווייסן, אַז אזא מאפע געפינט זיך אין ביוראָ. מיר האָבן „באַקומען" די מאַפּע און זי איז אָפּקאָפּירט געוואָרן און צוריק געלייגט אופן זעלבן אָרט. איצט האָבן מיר שוין געקענט וויסן פון וועלעכן פונקט וועט באַקוועם זיין אָנצוהייבן בויען דעם טונעל. מיר דאַרפן פאַרכאַפּן דעם עקסטרע־מען באַראַק אין לאַגער, וועלכער איז פאַרצייכנט אין דער צייכנונג מיטן נומער 4. דאָס וועט זיין דער יידישער לאַגער. און דער עקסטרע־מער באַראַק איז אַמנאָענסטן צו דער שמירה ליניע. פון יעדן אַנדערן באַראַק וועלן מיר דאַרפן דורכגיין אַ גרעסערן מהלך און פון אונטער אַנדערע באַראַקן. די צרה איז, וואָס דער באַראַק איז דער באַקוועמס־טער ווייל זיינע פענסטער גייען־ארויס צום שאָסיי. און וועלכער ארעסטאַנט וועט נישט וועלן זען די אויסן־וועלט ווען אפילו ס׳איז אים נישט מעגלעך זיך צו באַנוצן מיט איר. אַלע וועלן וועלן דעם באַראַק. ווי וועלן מיר דערלעדיקן דעם ענין? ווי אזוי וועלן מיר פאַרכאַפּן דעם באַראַק, וואָס איז אונדז נויטיק? עס הויבן זיך פאַר אונדז אָן שטערונגען אויף שטערונגען. און די הויפּטזאַך: אַלץ איז אָפּהענגיק אין דער סודותפולקייט. ווי וועלן מיר זיך איינאָרדנען, אַז אין אַ לאַגער אין וועלכן ס׳לעבן 150 מענטשן זאָלן אַנדערע זיך נישט דערוויסן, אז מיר בויען אַ טונעל? ס׳וועט זייער לייכט זיין דורכצו־פאַלן! דערווייל ווערט דער סוד געהיטן אויך פאַר די וועלכע דאַרפן אריינקומען אין באַראַק פון די אַנטרינער.

# דער טונעל

## א.

ביי אַ חודש צייט איז פאַרביי פון דעם באַשלוס וועגן בויען דעם טונעל ביז דעם אריבערגיין קיין לאַטרון. אין משך פון דער צייט ווערן געמאכט באטראכטונגען, פאָרבערייטונגען און פרובן. מיר האָבן שוין בארעכנט, אז בכדי ארויסצונעמען די ערד פון באַראַק וועלן מיר דארפן מאכן גערטנדלעך. ווען די ערד איז צעגראָבן באמערקט מען נישט ווען זי ווערט העכער. אָבער, שוין העכער אַ יאָר, אז די מאַכט פון לאַגער באַמיט זיך אונדז ארויסצונעמען אויף ארבעט און מיר שטעלן זיך אַקעגן. עס קען דערוועקן אַ פאַרדאַכט, סיי ביי דער מאַכט און סיי ביי די פאַרהאַלטענע, אויב מיר וועלן פלוצים מסכים זיין צו פאַרזייען גרינס און פלאנצן בלומען. כדאי אָנצוהייבן שוין פון איצט, פאַרן אריבערגיין. מיר באַמיען זיך, דער פראבלעם פון ארבעט זאָל ווידער ארויף אויפן טאָגאָרדנונג. און ווען דער אָנפירער דער־מאָנט אַמאָל דעם ענין זענען מיר אים מודיע, אז מיר וועלן עס שטעלן אונטער אַן אָפשטימונג אויף אַן אלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אלע פאַרהאַלטענע. צווישן די פאַרהאַלטענע פירט זיך אַ וויכוח. מיר זענען גלייכגילטיק צו דער פראַגע. און ס'ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס מסכים זיין צו באַארבעטן דאָס שטיקל פעלד פאַר יעדן באַראַק, מיט דעם באַדינג, אז דאָס גרינס וועט געהערן אונדז און ס'וועט נישט

אַריינגערעכנט ווערן אין דעם שפּייז, וואָס מיר דאַרפֿן באַקומען פֿון דער מאַכט. דער אָנפֿירער באַשטייט. נישט מיר, נאָר אַנדערע האָבן אָנגעהויבן באַאַרבעטן די ערד. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן ערשט דערנאָך... און ווער וועט חושד זיין, אַז מיר האָבן אַ וועלכע ס׳איז כּוונה?

פֿון דעם טאָג אין וועלכן מיר האָבן באַשלאָסן צו בויען אַ טונעל, איז אַלץ געוואָרן באַטראַכט און איינגעשטעלט פֿאַר דעם צוועק. עס האָט זיך געניוויטיקט, למשל, צו זאָרגן פֿאַרדעם, אַז די 20 „שטער־ניסטן" זאָלן נישט דערוועקן קיין חשד. אַ טייל פֿון זיי האָט מען געגעבן אָנווייזונגען זיי זאָלן מאַכן אַן אָנשטעל פֿון פֿאַרצווייפּלטע און פֿון קעגנער. זיי פּלעגן איבערגעבן „סודות" אונדזערע קעגנער, און שפּילן אַ ראָל פֿון פֿאַרעטער. אויך להבא וועלן זיי דאַרפֿן שפּילן דעם שפּיל און דעמאָלט וועט מען נישט חושד זיין און נאָכשפּיאָנירן אונדז. ווייל זיי וועלן דאָך האָבן „באַגלייבטע מענטשן" אין באַראַק און זיי וועלן איבערגעבן אַלץ וואָס ס׳ווערט געטאָן און ס׳ווערט גערעדט ביי אונדז.

עס זענען אויך געווען פּריינט, וואָס דורך דער גאַנצער צייט פּלעגן זיי וואוינען אין איין באַראַק, און איצט וועלן זיי זיך מוזן צעשיידן, ווייל נישט יעדער קען דאָך אַריין אין באַראַק פֿון די אַנטרינער. און די זאַך וועגן טונעל דאַרף מען דאָך היטן בסוד! מען טאָר עס נישט דערציילן אַפֿילו דעם בעסטן פּריינט. און דעריבער בלייבט די ברירה זיך צו צעקריגן מיט אַן אַלטן פּריינט. קריגן זיך ביז אויף „ברוגז" אַז די זאַך זאָל נישט דערוועקן קיין פֿאַרדאַכט, אַז אָט האָבן זיך צוויי פּריינט צעשיידט. אַזוי שאַפֿט זיך די גרופּע פֿון די צוואַנציק, וואָס אין פּלוג זיינען זיי נישט איינשטימיק מיט זייערע אָנשויאונגען, אָבער פּאַסן זיך צו איינער צום צווייטן אין געזעל־שאַפֿטלעכן זין און ווילן זיין אין איין באַראַק...

אַזוי איז געשאַפֿן געוואָרן די איינטיילונג פֿאַרן איבערגיין, נישט דערוועקנדיק קיין פֿאַרוואונדערונג און פֿאַרדאַכטן.

און אָט שטייען מיר ערב דעם איבערגיין. איצט דאַרף געמאַכט ווערן איינע פֿון די דעצעדירנדיקע זאַכן: אַן „אינוואַזיע" אין דעם באַראַק

אַריין פון וועלכן ס'איז מעגלעך צו בויען דעם טונעל. צוויי טעג פאַרן איבערפירן דעם לאַגער, דאַרפן אהין פאָרן 20 מענטשן אויסרייניקן די באַראַקן, אריינשטעלן בעטן אא"וו. פאַרשטייט זיך, אז אין דער גרופּע „חלוצים" זענען אריין אַ פּאָר מענטשן וועלכע האָבן באַדאַרפט אריין אין פאַסיקן באַראַק, זייער אויפגאַבע איז געווען: באַלד נאָכן אויסרייניקן די באַראַקן אריינלייגן זייערע זאַכן אין דעם באַראַק וועלכן מיר האָבן זיי אויסגעמאָלן אויף דער מאַפּע. איינער פון די שליחים האָט אויך געוואוסט אויף סאַראַ צוועק מיר ווילן זיך באַנוצן מיט דעם באַראַק. אין פאַל ווען ס'וועט זיך ארויסשטעלן, אז אונדזערע אויסרעכנונגען אויף דער מאַפּע זענען פאַלשע, מעג ער אליין געפינען דעם פאַסיקן באַראַק און „אריין". די „חלוצים" פון די פאַרהאַלטענע זענען אַוועקגעפאָרן...

*

אין צוויי טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ גענויע רעוויזיע אין אונדזערע אַלע זאַכן איידער מען האָט אונדז ארויפגעזעצט אויף די אויטאָבוסן. פאַרשטייט זיך, אז מען האָט גאָרנישט געפונען. ווייל וואָס האָבן זיי געקענט געפינען?... אייגענטלעך, איז געווען וואָס צו געפינען, נאָר דער „וואָס" זענען געווען אַ פּאָר רעוואָלווערן וועלכע זענען גוט פאַרשטעקט געווען און דער מוח פון גוי האָט נישט געקענט דערגרייכן צו זיי.

מיר זענען איינגעשטיגן אין די אויטאָבוסן און דער קאָנוואָי האָט געריִרט. די וואַך איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אז ס'איז נישט מעגלעך געווען צו קלערן וועגן אַרויסרייסן זיך ווערנט דער נסיעה. אין יעדן אויטאָבוס זענען געזעסן ביי די טירן פינף באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן. דערצו נאָך אויף יעדער צווייטער באַנק אַ פּאָליציאַנט. פאַרן קאָנוואָי איז געפאָרן אַ פּאָליציי־מאַשין באַוואָפנט מיט אַ שווערן מאַשין־געווער און אַ גרופּע פּאָליציי באַוואָפנט מיט ביקסן און לייכטע מאשין־געווערן. צווישן איין אויטאָבוס און צווייטן — אַ פּאָליציי־מאשין און ביים סוף פונעם קאָנוואָי ווידער אַ פּאָליציי־מאַשין. מיר זענען געפאָרן מיט אַן אומוועג און נישט פאַרבייגעפאָרן

אפילו איין יידישן ישוב. דאָס איז געווען אַ נייער מיליטערישער שאָסיי, וועלכן מיר האָבן נישט געקענט, ווייל ער איז געבויט געוואָרן אין מלחמה צייט. אין משך פון 4 שעה רייזע האָבן זיך די אויגן אונדזערע אָנגעזעטיקט מיטן צויבער פון פּאַטערלאַנד, און דאָס בענקעניש נאָך פרייהייט האָט אנגעפילט אונדזערע הערצער.

און אָט דער שאָסיי תל־אביב — ירושלים. נאָך אַביסל קומען מיר אָן. איצט דאַרפן מיר זיך גרייטן צו אַן „אינוואַזיע" אין באַראַק אַריין. אָט באַווייזט זיך שוין דער לאַגער מיט זיינע באַראַקן וועלכע זענען ענלעך צו באַן־וואַגאָנען פאַר פי. מיר נייגן־אָפּ פונעם הויפּט־שאָסיי צו אַ שמאָלן זייטיקן שאָסיי. נאָך אַ ווײַלע און מיר זענען פאַרן טויער פון לאַגער. דער טויער האָט זיך געעפנט. מיר פילן, אַז די מאַשינען פאָרן אין בלאָטע. דאָס איז דער נייער לאַגער. אַלץ הייבט זיך דאָ אָן פונדאָסניי. דער טויער שליסט זיך הינטער דיר און ווידער דאָס געפיל ווי ביים ערשטן מאָל ווען ער האָט זיך פאַרמאַכט. דאָס איז אַ משונהדיק געפיל, אַ געפיל פון איבעררייס מיט דער וועלט. עס דוכט מיר, אַז קיין זאַך איז נישט ענלעך צו דעם געפיל.

די טויערן מוזן ווידער אויפגעמאַכט ווערן! און אונדזער טאַט פאַר אויפמאַכן די טויערן איז די אינוואַזיע אין דעם באַראַק, וואָס איז אַמנאָענסטן צו דער דרויסן־וועלט. עס הייבט זיך אָן דאָס ארונטערגיין פון די אויטאָבוסן. פאַראַן אַ געזעץ אין דער וועלט, אז דער ערשטער באַדינגג צו דערגרייכן וואָס עס איז, איז, צו וויסן קלאָר וואָס מען וויל. און אין דער צייט ווען אַלע שטייען נעבן די אויטאָבוסן און וואונדערן זיך ווי אריבערצוגיין די „שרעקלעכע" בלאָטע, זאָרגן פאַר זייערע זאַכן, פאַר די פעקלעך, פאַר די רענצלעך, פאַר די שיך זיי זאָלן זיך נישט אויסשמירן אין בלאָטע, געפינען מיר זיך שוין אין וועג צו „איינעם פון די באַראַקן". פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ ווערט געמאַכט ווי דורך אַ צופאַל. ווי דורך אַ צופאַל זענען מיר מער איילנדיק און ס'איז אונדז אויך נישט וויכטיק וואו מיר וועלן אריין... און ביים באַראַק וועלכער איז פאַרצייכנט געוואָרן נאָך אין מזרע, שטייט דער שליח פון דער גרופּע „חלוצים". און מיר — ווי נישט דעם באַראַק זענען מיר אויסן. מיר ווילן אים באַגריסן און דערציילן די איינדרוקן

פון דער נסיעה. בלויז דורך אַ צופאַל, גלייך ווי נעבן־ביי שטעלן מיר אַריין אונדזערע זאַכן אין דעם באַראַק און נישט אין אַן אַנדערן...

אריינגייענדיק אין באַראַק פאַלט אונדזער ערשטער בליק אויפן דיל. די, וואָס האַלטן דעם סוד טוישן צווישן זיך אויס פרייד־בליקן. דער דיל איז אַ שטיינערנער דיל! אויך מיט אַ בעטאָנענעם דיל וואָלטן מיר זיך אַן עצה געגעבן, אָבער מיט אַ שטיינערנעם דיל וועט זיין לייכטער! נישט אָפּרוענדיק זיך פון דער לאַנגער נסיעה, נעמען מיר זיך איינאָרדנען אין באַראַק. אין אַ שעה ארום זעט דער באַראַק אויס, ווי פון לאַנג שוין באַזעצט: הענגערס, פּאָליצעס, שרייב־טישן, אַלץ אויף זיין אָרט. מיר וואָוינען שוין דאָ! די אינוואַזיע איז געלונגען!

*

ערשט אין צוויי טעג אַרום האָבן דערזען די איבעריקע פאַרהאַל־טענע, אַז מיר האָבן פאַרכאַפּט דעם בעסטן באַראַק, דעם באַראַק, וואָס זיינע פענצטער גייען־ארויס צו דער וועלט. זיי פאַרלאַנגען צו וואַרפן אַ גורל. „ס'איז ניש קיין גערעכטיקייט" — טעהנען זיי. און אייגנטלעך איז זייער טענה אַ גערעכטע. אָבער די גערעכטיקייט — פאַרשידענע מאָסן פאַרמאָגט זי. און מיר זענען מער באַרעכטיקט צו וואוינען אין אַ באַראַק וועלכנס פענסטער גייען־ארויס צו דער וועלט... מיר פאַרזוכן אַפּשטופּן דעם פאָרשלאַג פון אַ גורל. מיר טענהען: „ס'איז אונדז נישט געלעגן אין וועלכן באַראַק מיר געפינען זיך. פאַרקערט — אונדזער באַראַק — אזוי האַלטן מיר — איז אָפן פאַר ווינטן און פאַר רעגן. נאָר, ווייזט־אויס, איר פאַרגינט אונדז נישט און אלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן דערוועקט ביי אייך אַ קנאה. ס'ווייזט אויך אויס, אז איר ווילט ספּעציעל אונדז דערצערנען. ווייל איר ווייסט; אַז מיר האָבן זיך שוין איינגעאָרדנט אין באַראַק. מיר האָבן געמאַכט הענגערס און פּאָליצעס און איצט דאַרפן מיר דאָס אַלץ איבערפירן?! ניין! מיר וועלן נישט מסכים זיין צו אַ גורל וואַרפן!"

אַ סך האָבן פאַרציכטעט אויפן גורל וואַרפן. נאָר מענטשן פון איין באַראַק האָבן זיך איינגעעקשנט. דאָס גורל וואַרפן וועט פאָר־קומען! מיר האָבן געוואוסט, אויב מיר וועלן זיך איינשפּאַרן וועט

דער ענין דערגיין צום אָנפירער, און דעמאָלט וועט שוין דער ענין זיין אין אים אָפּהענגיק. ס׳קאָן זיין, דעמאָלט וועט געמאַכט ווערן אַ גאַנץ נייע אָרדנונג און דאָס רעכט פון די פאַרהאַלטענע זיך איינצואָרדנען אין די באַראַקן לויט זייער ווילן וועט אונדז אַוועקגענומען ווערן. איבעריקנס טאָרן מיר נישט דערוועקן קיין חשד. ס׳איז ליבער מיר זאָלן פּרובן אונדזער מזל ביים גורל וואַרפן. איינשפּאַרן זיך קענען מיר דערנאָך. אַמהעכסטנס וועט מען אויף אונדז זאָגן, אַז מיר זענען נישט אָרנטלעך... אויף צופאַרגרעסערן די שאַנסן האָבן מיר צוגענומען צום גורל וואַרפן די איבעריקע בחורים אונדזערע, וועלכע האָבן לויט אַן אָנווייזונג פאַרכאַפּט דעם שכנותדיקן באַראַק. אויך דאָס איז געווען וויכטיק פאַר אונדז. עס וועט דאָך שטענדיק זיין די סכנה, אַז די מענטשן פון שכנותדיקן באַראַק וועלן באַמערקן, וואָס ס׳קומט ביי אונדז פאָר. בעסער, אַז באַגלייבטע מענטשן זאָלן עס באַמערקן, ווי מענטשן, וואָס זייער מוראַל איז אַ צווייפלהאַפטע. דער חשבון איז געווען, אויב וועט דער גורל פאַלן אויף אונדזערע מענטשן פון שכנותדיקן באַראַק אריינצוגיין אין אונדזערן, „וועלן זיי מותר זיין נאָך אַ משא ומתן". די שאַנסן זענען געווען 1 : 2. און דער גורל איז געפאַלן! דער באַראַק איז פאַרבליבן אין אונדזערע הענט!

אָבער דעם שכנותדיקן באַראַק האָט מען באַדאַרפט רוימען פאַר אַנדערע. און צווישן יענע איז געווען אַ מוסר!

ב.

אין נייעם קאָנצענטראַציע־לאַגער זענען מיר איבערגעפירט געוואָרן אין דעצעמבער 1942. מיר האָבן זיך זייער געאיילט. מיר האָבן געוואָלט זיין איינגעזעסן אמשפּעטעסטן נאָך דריי חדשים. מיר טאָרן זיך נישט פאַרזאַמען. די צייט איז קעגן אונדז. אַ גרויסע אַרבעט דאַרף נאָך געטאָן ווערן איידער דער יידישער אונטערגרונט וועט קענען אָנהייבן אַ מלחמה קעגן דעם אָקופּאַנט. אַ לאַנגע שווערע מלחמה וועט דאָס זיין און דאָסמאָל וועט זי זיך נישט אויפהערן ביזן זיג, ביז אונדזער פאָלק וועט פריי־זיין. מיר דאַרפן זיך איילן!

אָבער לאַנגזאַם פּריינט. מיר דאַרפן זיך טאַקע איילן, אָבער איילן זיך איבער דער מאָס ברענגט דורכפאַלן. און מיר גלוסטן צו זען שוין די עפענונג אין דיל און די ארויסגענומענע זעק ערד פון דאָרט. מיר ווילן שוין אָנהויבן דאָס באַנען אנטקעגן דער פרייהייט אָדער בעסער געזאָגט, אנטקעגן דעם פראָנט. אָבער נישט געאיילט! פריער מוזן מיר אַלץ אָנגרייטן און באַטראַכטן. קיין זאַך זאָל נישט געטאָן ווערן נישט האָבנדיק די געהעריקע זיכערקייט, אַז דאָס איז די אַממייסטן נוצבאַרע זאַך.

נעכט און טעג פון אָבסערוואַציעס גייען פאַרביי, קאַלטע ווינטער נעכט. דו שטייסט שעהן אויף שעהן אין בית־הכבוד פון באַראַק און אָבסערווירסט דורכן פענסטער, וואָס עס קומט פאָר אינדרויסן. דער לאַגער איז ווי געהעריק געשיצט. דער לאַגער איז אינגאַנצן איינגע־טונקען אין ליכט פון שטאַרקע עלעקטרישע לעמפּ און פּראָזשעקטאָרן. ער און אַ טייל פון פעלד איז באַלאָכטן און יעדן מענטש זעט מען פון 200 מעטער אויסערן לאַגער. צוויי שטעכל־דראָט פלויטן רינגלען אַרום דעם לאַגער. דער ערשטער איז פינף מעטער די הייך, דער צווייטער איז ניידריקער, דערפאַר אָבער עלעקטריזירט. דאָ און דאָרטן זענען צעהאָנגען אויף אים שילדלעך מיט דער באַקאַנטער צייכנונג, וואָס דערוועקט שטענדיק אומעטיקע געדאַנקען און אַ ריח פון קבר פילט זיך פון איר. און אונטער דעם קאָפּ־שיידל — אַן אויפשריפט: „טויט סכנה! הויכע שפּאַנונג!" צו אַלדע רוחות, דער טויט זייערער! עס קומט־אריין אַ קאָנטראָלע... דו דאַרפסט זען און זיין אַ נישטגע־זעענער, זיי זאָלן נישט באַמערקן, אז מען פאָלגט־נאָך זייערע מעשים. אין לאַגער קומט־אריין אַ בריטישער סערזשאַנט אין דער באַגלייטונג פון אן אראבישן פּאָליציאַנט. דעם הונט איז ווייסט־אויס, נישט גענוג דאָס לאָמפּן־ליכט! אין יעדן ווינקל, וואָס איז איינגעהילט אין שאָטן, לייכט ער אריין מיט אַ טאַשן־לעמפּל, קאָנטראָלירט די פלויטן און די באַראַקן... וויפיל איז דער זייגער? איצט איז 1.30 ביינאַכט... ס'איז כדאי צו פאַרשרייבן, טאָמער וועל איך פאַרגעסן. צו אַלדע רוחות! נעכטן זענען געוועזן ס"ה 4 קאָנטראָלעס ווערנט דער גאַנצער נאַכט. און איצט איז ערשט 1.30 און ער קומט שוין צום פינפטן מאָל!

און מיט סאַראַ שטילקייט ער גייט! ווי אַ גנב... גלייך ער זאָל זיכער זיין, אז עפעס־וואָס איז דאָ נישט אין אָרדנונג... ימח שמו! דער סערזשאַנט איז אַ סכנה פאר אונדז, ער קען עפעס־וואָס „דער־שמעקן"... אָט גייט ער פארביי דעם באַראַק! קוקט־אריין אינעווייניק! צו אַלדע רוחות! ער שטעקט אריין צופיל די נאָז! ווען מען קען אים פאַרסאַמען!... מען וועט אוודאי דאַרפן ווידער ארייינלעגן לאַלקעס אין די בעטן, אויב ס'וועלן זיך געפינען מענטשן אין טונעל בעת אַ קאָנטראָלע.

יעדע נאַכט קומען־צו פרטים וועגן דער וואַך, וועגן די באַוועגונגען פון די פּאָליציאַנטן און זייערע געוואוינהייטן און צו יעדער מכה געפינט זיך די רפואה.

*

נאָך אונטערזוכונגען און אַבסערוואַציעס איז אויסגעפונען געוואָרן, אז דאָס בויען דעם טונעל קען נישט געמאַכט ווערן אין דעם בית־הכבוד, ווי מיר האָבן פריער געדענקט. ער געפינט זיך אין דעם ווינקל פון באַראַק, וואָס איז נאָענט צום פּאָליציאַנט, וועלכער דרייט זיך אינדרויסן. יעדע באוועגונג אין בית־הכבוד קען דער פּאָליציאנט דערהערן. דאָס בויען דעם טונעל דאַרף זיך אָנהויבן ביים צווייטן ווינקל פון באַראַק. אָבער דאָס ווינקל איז אָפן פאר יעדן! ווי וועט מען דאָרט עפנען דעם דיל? די שומרים פון לאַגער, סערזשאַנטן, קאָרפּראַלן און פּאָליציאַנטן קומען דאָך אריין אין באַראַק אמווייניקסטן 3 מאָל אין טאָג. און דער באַראַק איז אָפן פאַר יעדן ווערנט דעם גאַנצן טאָג. ווער עס וויל קען ארייינגיין. ס'קומען מענטשן פון אַנדערע באַראַקן לערנען, שמועסן, שפּילן אין קאָרטן און אין שאַך. ארויס־טרייבן זיי קען מען נישט. אונדזער באַראַק קען נישט אַנדערש זיין פון די איבעריקע באַראַקן. ווי וועלן מיר בייקומען די סכנות אויב מיר וועלן אַרבעטן אויף א פּלאַץ, וואָס איז פריי פאַרן אויג? עס וועט דאָך זיין אַ זיכערער דורכפאַל קוים וועלן מיר אָנהייבן אויף אַזאַ אופן.

און יעדעס מאָל ווען ס'האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אז ס'איז נישטאָ קיין אויסוועג, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, פלעגט זיך געפינען די לעזונג. ספּעציעל אין שלאָפלאָזע נעכט פלעג אויפשוואומען דער

געדאנק. דו ציסט דיין שכנס קאָלדרע... „שלאָפסט?“ און נישט אַכטלייגנדיק אויף זיין ענטפער לאָזטו נישט נאָך און צעלייגסט דיין פאָרשלאַג. און אָט אַזאַ נאַכט. איך בין נאָך וואַך און טראַכט ווי אזוי וועלן מיר פאַרשטעלן דעם ספעקטאַקל פאַר נישט געבעטענע געסט. און אָט שעפטשעט יהודה מיין שכן: „מתי, דו שלאָפסט?“ „ניין“.

מיט איין שפרונג זיצט ער אויף מיין בעט.

— עס דוכט מיר, אז כ'האָב געפונען!

— לאָמיר הערן.

— מירן מאַכן אַ קליידער־ווינקל מיט אַ פאָרהאַנג...

כ'האָב באַלד פאַרשטאַנען זיין כוונה.

— אבער דאָס קען דערוועקן אַ פאַרדאַכט... — האָב איך געזאָגט.

— פאַרוואָס וועט עס דערוועקן אַ פאַרדאַכט? אויך אָן דעם טונעל איז עס אַ גוטער איינפאַל. פשוט צוליב ריינלעכקייט. אנשטאט די קליידער זאָלן זיין צעהאָנגען איבער די ווענט פון באַראַק, וועלן מיר אלץ צוזאמען נעמען אין איין ווינקל אריין און פאַרהענגען מיט אַ פאָרהאַנג...

די אידיי איז געווען אַ גוטע. מירן דאַרפן לכל הפחות צוויי וואָכן וואַרטן מיטן גראָבן, ביז יעדער וועט זיך צוגעוווינען זען דאָס קליידער־ווינקל, אריינקוקן, זאָגן זיין מיינונג וועגן אזא אָרדנונג, זען, אז ס'איז דאָרטן קיין שום געהיימע זאַך נישטאָ, און דער עיקר, וואָס וועט אויף אזא ענין זאָגן דער אָנפירער?

און צומאָרגנס האָבן מיר איינגעאָרדנט אזא קליידער־שאַפע. אין ווינקל האָט מען געמאַכט הענגערס. אין דער מיט האָט מען אָנגעצויגן דראָטן און דאָס אַלץ האָט זיך פאַרמאַכט פון צוויי זייטן מיט קאָלדרעס וועלכע מען וועט קענען אַוועקרוקן אויף רינגעלעך, ממש ווי אַ פאָרהאנג. אין דעם קליידער־ווינקל האָבן מיר אויפגע־האנגען אלע אונדזערע קליידער. אויפן דיל די רענצלעך, די קעסטלעך און די פעקלעך. דער באַראַק איז ווי גרעסער געוואָרן נאָכדעם, ווי עס זענען אוועקגענומען געוואָרן די קליידער פון די ווענט און די רענצ־לעך פון אונטער די בעטן. עס קומען די מענטשן פון אלע באַראַקן

און קוקן זיך איין. און מיר באַרימען זיך, אַז אונדזער באַראַק איז דער ריינסטער פון אַלע...

ווען דער אָנפירער איז געקומען אויף קאָנטראָלע, איז ער באַלד צוגעגאַנגען צו דער שאַפע. ער עפנט דעם פאָרהאַנג און מיר איילן זיך אים צו דערקלערן: „פאַר ריינלעכקייט האָבן מיר דאָס געמאַכט". די זאַך געפעלט אים. „ווערי נייס, ווערי נייס", זאָגט ער. נאָך מער. ער רופט באַלד די איבריקע פאָרשטייער פון די באַראַקן און ווייזט זיי אַ מוסטער ווי מען זאָרגט פאַר ריינלעכקייט און שלאָגט־פאָר אויך אַנדערע צו מאַכן קליידער שאַפעס...

יעדער סערזשאַנט, וועלכער קומט אריין און זעט צום ערשטן מאָל די שאַפע פרעגט ער: „וואָס איז דאָס?" מיר דערקלערן אים, אַז ס'איז אויס ריינלכקייט, ס'זאָלן זיך נישט ארומוואַלגערן די קליידער אין באַראַק. — לויטן פאָרשלאַג פונעם אָנפירער האָבן מיר דאָס געמאַכט. און זיי זאָגן:

— ע גוד אַידיא (אַ גוטע אידיי).

און מיר באַשטעטיקן.

— „ע ווערי גוד אַידיאַ". (אַ זייער גוטע אידיי).

און אין אמתן געזאָגט איז עס געווען אַ גוטע אידיי...

### ג.

כאָטש די זאַך איז נאָך געווען אַ סוד אויך פאַרן רוב מענטשן אין באַראַק — האָט יעדער געוואוסט אַז עפעס־וואָס האַלט ביי געשען. איצט איז געקומען די צייט אויפצודעקן דעם ענין און מאָביליזירן אַלע מענטשן צו דער צוגרייטונגס־אַרבעט.

אין איינעם אַן אָוונט האָבן מיר אויפגעדעקט דעם סוד... אַ באַגייסטערונג... אַ זאָרג: רבונו של עולם, אַזוי פיל סכנות נאָך פאַר אונדז, אַזוי פיל שטרויכלונגען!...

באַלד זענען מיר צוגעטרעטן באַשטימען די איינאָרדנונגען אין באַראַק. קודם כל זענען צעטיילט געוואָרן די אויפגאַבן: 6 גרעבער, וועלכע וועלן זיין באַשעפטיקט מיטן גראָבן דעם טונעל, די גערטנער,

וועלכע וועלן באַשעפטיקן זיך מיטן צעגראָבן דאָס שטיקל פעלד פאַרן באַראַק. זיי דאַרפן אויך זאָרגן, אז יעדן טאָג זאָל זיין געגרייט אַ בייט וועלכע זאָל אויפנעמען די „פּראָדוקציע", 4 שפּיאָנען: זייער אויפגאבע איז צו וויסן, וואָס דענקען וועגן אונדז די מענטשן אויסער דעם באַראַק. 2 סטאָלער, וואָס גרייטן־אָן פון האָלץ און ברעטער די שטיץ־באַלקנס. באַלד דאַרפן זיי צוטרעטן מסדר זיין קליינע „פּריוואַטע" טישלעך, וואָס אין פאַל ווען מען וועט דאַרפן, וועלן זיי צענומען ווערן און זייערע ברעטער וועלן דינען אַלס שטיצערס, אא"וו. יעדער מענטש און זיין אויפגאַבע. יעדער מענטש און זיין פּלאַץ. אָבער, למעשה, האָבן מיר אַלע געזאָרגט פאַר אַלץ.

פאַרן אָנהייבן די ארבעט האָבן מיר געדאַרפט בייקומען נאָך אַ שוועריקייט: די שטיינער פון דיל זענען נישט קיין געפּאַסטע. ברייטע שפּאַרעס זענען פאַראַן צווישן איין שטיין און צווייטן. און איין שטיין איז צעמענטירט צום צווייטן. פאַרשטייט זיך, אז אויב מיר וועלן ארויסנעמען שטיינער פונעם דיל, וועלן זיך שאַפן ברייטע שפּאַרעס, און ביי אַ לייכטע רעוויזיע, קוים וועט מען אַ ריר טאָן די רענצלעך פון שאַפע וועט זיך באַווייזן, אז דער דיל איז אָפן. צעמענט האָבן מיר נישט. אויך צו באַקומען איז שווער. און ווען מיר וועלן באַקומען וועט עס אויך נישט ברענגען קיין גרויס נוצן, ווייל מיר וועלן דאָך נישט קענען יעדן טאָג געבן פרישן צעמענט און ארונטערנעמען איידער ער טרוקנט זיך צו. מיר דאַרפן טרעפן אזא מין קלעב־שטאָף, אַ מין טייג אָדער פּלאַסטעלין אין קאָליר פון צעמענט, ער זאָל פאַרהאַרטע־וועט ווערן אין אַ געוויסער מאָס אין משך פון אַ פּאָר שעה און וועלכן מיר וועלן קענען לייכט ארונטערנעמען. מיר עפנען אַ „לאַבאָראַטאָריע פאַר סינטעטישן צעמענט". וואָס האָבן מיר נישט געמישט? און צום סוף האָט מען געפונען די פּאַסיקע מישונג: אַ מאָס מעל, אַ מאָס פון געמאָלענעם קאַלעכשטיין, און אַ האַלבע מאָס געמאָלענע האָלץ־קוילן. דאָס געמישט מיט וואַסער, האָט זיך באַקומען אַ מין טייג אין קאָליר פון שמוציקן צעמענט, ווי אין דיל פון באַראַק.

די אַרבעטס־כלים פאַר די גערטנדלעך באַקומען מיר יעדן אינ־דערפרי פון מאַגאַזין ארויס. פאַרנאַכט דאַרפן מיר זיי צוריקגעבן.

ס'איז אונדז געלונגען צוגנבענען אַ רידל פון האַרטן שטאָל. פון רידל האָבן מיר געמאַכט אַ מין לאַנגן שאַרפן מעסער מיט וועלכנס הילף מיר האָבן געקלערט צו גראָבן. יעדער מכשיר, וואָס מיר האָבן געדאַרפט צופאַסן צו דער אַרבעט האָט געשאַפן אַ נייעם פּראָבלעם. כדי צו שאַפן מכשירים פון שטאָל, האָבן מיר זיך געמוזט באַניצן אויך מיט שטאָלערנע מכשירים. און מיר האָבן נישט. מיט עקשנות פלעגן מיר גראַווירן במשך צוויי אָדער דריי טעג מיט אַ טשוואָק, מיט אַ שער, מיט אַ מעסער, מיט אַ מעסערל, מיט גלאָז און מיט יעדוועדער זאַך, וואָס האָט זיך געוויזן פאַר לאָגיש צו גראַווירן מיט דעם אין שטאָל, ביז עס פלעגט זיך שאַפן אַ טיפער קריץ, גענוג אויף צו צעברעכן דעם רידל דורך בייגן. עקשנות, עקשנות און ווידער עקשנות — דאָס איז אין וואָס מיר האָבן זיך אממייסטן געניטיקט. עקשנות איז, ווייזט־אויס, שטאַרקער פון שטאָל.

עס האָבן זיך שוין פאַרענדיקט אלע צוגרייטונגען און מען קען שוין אָנהייבן די ארבעט. קודם כל — עפנען דעם דיל. נאָר איין נאָכטייל פאַרמאָגט דער דאָזיקע עקסטרעמסטער באַראַק, וואָס ער איז זייער נאָענט צו די פּאָליציאַנטן און קוים וועלן מיר אָנהייבן איצט קלאַפּן טשוועקעס אין צעמענט אריין, אים צו צעברעקלען און ארויס־נעמען די שטיינער, וועט זיך דאָס דערהערן אינדרויסן: און ס'פּאַ־סירט דאָך ווען מען קלאַפּט אַ נאָגל אין דער וואַנט, קומט־צו אַ פּאָליציאַנט אָדער דער דיזשורנע סערזשאַנט, געוואָר ווערן די סיבה פונעם קלאַפּן. אָבער אויך פאַר דעם איז פאַראַן א רפואה, דאָסמאָל איז עס אָפּהענגיק אין הימל: מיר דאַרפן אַ רעגן. וואָס איז דער ענין שמיטה צום בארג סיני? די זאַך איז איינפאַך: די דעכער פון די באַראַקן זענען געמאַכט פון בלעך. ווען עס לאָזט זיך אַ שטאַרקער רעגן פון הימל מאַכט ער אַן אַ רעש, וואָס פאַרטויבט די אויערן, ווען ער טרעפט זיך אָן אָן די דעכער פון בלעך. דעמאָלט וועלן מיר קענען קלאַפּן עס זאָל זיך נישט הערן אינדרויסן. דעמאָלט וועלן מיר אָנהייבן בויען דעם „סינימאַ" (אזוי האָבן מיר גערופן דעם טונעל). פריער וועלן מיר מאַכן אַ פּראָבע. מיר וועלן סתם קלאַפּן אין דיל און אַ פּאָר מענטשן וועלן שטיין אינדרויסן און צוהערן. אויב זיי וועלן נישט

הערן דאָס קלאַפּן איז אַ סימן, אז אויך דער פּאָליציאַנט וועט נישט הערן. מיר וואַרטן אויף רעגן...

טאָג טאָג קוקן מיר אין הימל אריין, מען זוכט וואָלקנס...

*

אויב ווּעסטו נאָכזוכן אין די דאָקומענטן פון די מעטריאָלאָגישע סטאַציעס אין ארץ־ישראל, וועסטו געפינען, אז דעם 12־טן יאַנואַר 1943 איז אין עמק אילון ארונטער אַ שטאַרקער רעגן. דער רעגן קלאַפּט אויף די דעכער פון די באַראַקן און דער רעש, וואָס ער מאַכט באַקומט זיך אין אונדזערע אויערן ווי אַ סימפאָניע, וואָס די מלאכים פון הימל שפּילן פאַר אונדזערטוועגן! נאָר זאָל ער נישט אויפהערן פאַר דער צייט! שנעל צו דער אַרבעט! מיט כוח קלאַפּן מיר אין דיל און אינדרויסן הערט מען נישט... פּאָרויס!

די פאָרהאַנג איז אויפגעהויבן געוואָרן (די קורטינע פונעם „סינימאַ"), די רענצלעך און די קעסטלעך ארויסגעשאַרט, ווידער איז די פאָרהאנג פאַרמאַכט געוואָרן און צוויי מענטשן זיצן אינעווייניק און קלאַפּן. שטיין נאָך שטיין גייט־ארויס פונעם דיל, און אין דער צייט גרייטן־אָן די סטאָלאַרעס די ברעטער צו מאַכן דעם „טיש" אויף וועלכן ס׳וועלן ליגן די שטיינער און וועלן דינען ווי אַ צודעק — „די טיר פונעם סינימא". עס זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן שומרים איינער אין בית־הכבוד און איינער ביים עקסטן פענסטער, וואָס דורך אַ שפּאַרע פון זיין לאָדן קען מען זען דעם שטעג, וואָס פירט אין באַראַק אריין. אָבער ווער האָט חשק ארויסצושטעקן די נאָז אינדרויסן אין אזא רעגן? די פאַרהאַלטענע זיצן אין זייערע באַראַקן און די פּאָליציאַנטן פאַרשטעקן זיך אין זייערע ביידלעך.

אין צוויי שעה ארום איז אַלץ פערטיק. דער באַראַק זעט ווידער אויס ווי עס זאָל אין אים גאָרנישט זיין. אַ שטייגער ווי אַלע איבעריקע באַראַקן. מענטשן לייענען, לערנען, שמועסן, שפּילן שאַך, ווי קיינמאָל גאָרנישט. אָבער מיר פילן גלייך מיר זענען איינגעשרומפּן געוואָרן. אונדזער זעל און גוף געפינט זיך דאָרטן, אונטער די רענצלעך. איצט ליגן די שטיינער אויפן „טיש", צוגעפּאַסטע און געאָרדנטע ווי פריער. נאָר אַנשטאָט ממשותדיקן צעמענט איז פאַראַן דאָרט „סינטעטישער

צעמענט״. אין אָוונט, נאָכן אָפּשליסן דעם באַראַק וועלן מיר ווידער עפענען דעם צודעק און אים פאַרבעסערן. דערווייל איז עס גענוג. מיר זענען נאָכנישט געוואָוינט צו אַזאַ נערוון אָנשטרענגונג. און פאַרן ערשטן טאָג איז גענוג צוויי שעה. נאָך אַ סך ארבעטס־טעג האבן מיר פאר זיך...

*

אין ווינקל פון דער קליידער־שאַפּע, זענען ארויסגענומען געוואָרן זעקס גרויסע שטיינער, וואָס צוזאַמען האָבן זיי געשאַפן אַ גלייכ־ווינקלדיקן דרייעק. די שטיינער זענען ווידער איינגעאָרדנט געוואָרן ווי פריער, אויף אַ צוגעפּאַסטן דרייעק, געמאַכט פון ברעטער. די שטיינער, וואָס אויפן האָלץ (דעם „טיש״) האָבן מיר צוגעקלעבט איינעם צום צווייטן מיט צעמענט, וואָס מיר האָבן באַקומען אַ דאַנק די אויסבעסערונגען, וואָס די מאַכט פון לאַגער האָט באַשלאָסן צו מאַכן אין איינעם פון די ביוראָ־בנינים. די שפּאַרע, וואָס האָט זיך געשאַפן ארום דעם באַוועגלעכן דרייעק, פלעגן מיר, נאָך דער ארבעט, פאַרשטאָפּן מיט צעמענט פון שטוב־אויסארבייטונג. די טיר, ד.ה. די ברעט מיט די שטיינער, איז געווען אַ שווערע. מיר האָבן זי טאַקע נישט געוואויגן אָבער איך שטעל מיר פאָר, אז איר געוויכט איז געווען לכל הפחות 120—150 קילאָ. כדי אויפצוהייבן די ברעט מיט די שטיינער, האָבן מיר צוגעטשעפּעט צו איר פיר דראָטן מיט רינגעלעך ביים סוף. די „אויערן״ פלעגן אריינגיין אין די שפּארעס ארום דעם דרייעק. דאָס, פארשטייט זיך, איז פאַרדעקט געוואָרן מיט „צעמענט״. כדי אויפצוהייבן די דעק האָט מען געמוזט ארונטערנעמען די שיכטע „צעמענט״, ארויסנעמען די „אויערלעך״, דורכפירן דורך זיי צוויי אייזערנע שטאַבעס, און צוויי שטאַרקע מענטשן האָבן זי באַדאַרפט אויפהייבן מיט אָנשטרענגונג און מיט פאָרזיכטיקייט.

די ערשטע טעג ארבעטן מיר בלויז אין די אָוונטן, צווישן 6 און 9. נאָך דער ציילונג און נאָכן פאַרמאַכן די באַראַקן איז נישטאָ קיין געפאר עמעץ פון די פאַרהאַלטענע זאָל אריינקומען אין באַראַק. און די וועכטער זעען מיר דאָך פון ווייטנס דורכן פענסטער פונעם בית־הכבוד, און אין פאַל ווען זיי וועלן אריינקומען אין לאַגער וועלן

מיר נאָך האָבן צייט צוריק צושטעלן דעם צודעק אויף זיין פלאַץ און אים פאַרלייגן מיט די רענצלעך און קעסטלעך. די סכנה איז דערווייל נאָכנישט גרויס. אָבער פון דעם מאָמענט אָן, ווי די מענטשן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם טונעל, פון דעם מאָמענט, וואָס מיר האָבן אים אָנגעהויבן גראָבן, איז עס אונדז געוואָרן אזוי טייער, אז די זאָרג טאָמער וועלן מיר דורכפאַלן, פלעג גורם זיין צו אַ ריזיקער נערוון שפּאַנונג. ס'איז נישט פאראַן קיין גרעסערע סכנה פאַר אונטערגרונט־אַרבעט, ווי די געשפּאַנטקייט פון נערוון. עס איז לייכט דאָס פעסט־צושטעלן. זיי נאָר געפּרובט! און פיל פּראַקטיק פאַרלאַנגט זיך, ביי ווער ווייסט וויפיל צייט דאָס קען אויסהאַלטן? מירן דאַרפן נאָך אַ טיקייט און דאָס הערשן איבער די נערוון. די חדשים פון בויען דעם טונעל זענען געווען פאר אונדז אַ שולע אויך אין דעם זין. איך וועל דאָ שילדערן איינע פון די ערשטע נעכט ביי דער ארבעט:

ווען די פּאָליציאַנטן קומען אריין אין לאַגער פאַר דער ציילונג, ציילן מיר זיי: אַ סערזשאַנט, אַ קאָרפּראַל און 5 פּאָליציאַנטן, צוזאַמען זיבן. פון דעם מאָמענט היטן מיר דעם טויער. מיר מוזן זיכער זיין, אַז קיינער פון זיי איז נישט געבליבן אין לאַגער נאָכן פאַרענדיקן די ציילונג. און ווען זיי ענדיקן די ציילונג, ציילן מיר פון ווייטנס די די ארויסגייענדיקע פּאָליציאַנטן. דער שומר מעלדעט: „אלע זענען ארויס". איצט הייבט מען אויף די „פּאָרהאַנג". אין מיטן אויפהייבן הייבט זיך אָן די אַלגעמיינע פאָרשטעלונג. יעדער האָט מורא טאָמער ווערט געמאַכט ווערן אַן אומפאָרזיכטיקע באַוועגונג. פאַרשטייט זיך, נישט אלע זענען באַשעפטיקט ביי דער ארבעט, און די וואָס זיצן אויף זייערע בעטן ליידיק, געפינען זיך נישט קיין רו. אלע אויגן זענען געווענדעט צום ווינקל. נאָכן אויפהייבן דעם פאָרהאנג נעמען פיר מענטשן ארויס די רענצלעך און די קעסטלעך. באַלד אַנטפּלעקט זיך דער דיל. דער פאָרהאַנג בלייבט אָפן און צוויי גייען־צו עפענען די דעק. מיר האָבן שוין אַ גרוב אַ האַלבן מעטער די טיף. ווען דער גרוב איז אָפן, ווערט שטאַרקער די געשפּאַנטקייט, ווייל דאָ זענען נישט מ י ר אין סכנה; דער ע נ י ן איז אין סכנה. אַ טויטע שטילקייט הערשט אין באַראַק. און די דאָזיקע שטילקייט שטעלט אונדז אין

סכנה. ווייל מען פלעגט דאָך שטענדיק זיין געוואוינט צו הערן אין די שכנותדיקע באַראַקן דעם רעש, דאָס געלעכטער, וויצן, דיסקוסיעס, שפּילערייַ אא״וו. וואָס קומט פּאָר שטענדיק אין אונדזער באַראַק, אָוונטצייט, אַזוי ווי אין אַלע איבעריקע באַראַקן. און אָט אַ שטילקייט. צי וועט די זאַך נישט דערוועקן קיין חשד? אָבער ווער קען איצט שמועסן וועגן טאָג־טעגלעכע ענינים? דער „סינימאַ״ איז אָפן און דאָרטן שטייט איינער פון אונדז און גראָבט און דער צווייטער פּילט־אָן זעק מיט ערד. יעדעס טעלערל ערד, וואָס גייט־אַרויס פון גרוב דערנענטערט אונדזער פרייהייט און ווי אַזוי קענסטו זיך קאָנצענ־טרירן איצט אין סתם־אַזוי ענינים? אָבער די שטילקייט קען אונדז אין סכנה שטעלן. אין שכנותדיקן באַראַק קען מען דאָך דערהערן דעם ווידערקול, וואָס לאָזט זיך הערן פון גרוב און פאַרשטיין... אָדער איינפאַך דערהערן די... שטילקייט און זיי וועלן נעמען חושד זיין און נאָכשפּיאָנירן!

„חברה״ — זאָגט יהודה — „מיר דאַרפן מאַכן א רעש, ווי יעדן טאָג. די שטילקייט וועט דערוועקן פאַרדאַכט ביי אונדזערע שכנים. לאָמיר זינגען, שפּילן אין קאָרטן, ווי געוועגלעך״. דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען. ס׳הייבט זיך אָן אַ קאָרטן שפּיל מיט „מוזיק״, ווי מיר רופן עס שוין פון לאַנג. אָבער בלויז א מינוט געדויערט די „מוזיק״ און דער רעש. ווער עמען אינטערעסירט איצט קאָרטן? אין ווינקל גראָבט מען... אהין זענען די בליקן געווענדעט. אין בית־הכבוד שטעט דער היטער. וועגן אים איז די זאָרג. און טאָמער וועט ער נישט באַמערקן די קאָנטראָלע? און נישט פילנדיק דאָס, צאַנקט־אויס דאָס געזאַנג. ווידער הערשט די שטילקייט. „צו אַלדע רוחות! וואו איז די ,מוזיק׳?״ מען הייבט־אָן פונדאָסניי. דאָס מאָל ציט עס זיך שוין לענגער, אָבער ס׳איז נישט נאַטירלעך. עס פילט זיך, אַז מענטשן צווינגען זיך צום זינגען. און פלוצים די מעלדונג פון שומר:

„אַ סערזשאַנט איז אריין״.

אין דער סעקונדע ווערט אלץ איבערגעלאָזט. אַ רגע פון שטילקייט. אַ שנעלע מעלדונג צו די ארבעטער. „חברה, זינגען!״ — דאָס געזאַנג הייבט זיך ווידער אָן און דאָסמאָל מיט טעמפּאָ. אין

סעקונדן ווערן די זעק אריינגעוואָרפן אין גרוב אריין, ס׳איז צוריק־געשטעלט געוואָרן דער צודעק, די רענצלעך, די קעסטלעך, ס׳איז אַרונטער געלאָזט געוואָרן די פאָרהאַנג... מיר זענען גרייט צו דער קאָנטראָל. טאַקע בלויז זייער זעלטן געשעעט מען זאָל אריינקומען נאָכן שליסן די באַראַקן, אָבער מיר דאַרפן שטענדיק זיין גרייט דערצו. און ווען דער סערזשאַנט גייט פאַרביי די פענסטער און פּרובט די שלעסער פון די טירן, געפינט ער, אז אלץ איז פאַרמאַכט און קיין עפנונג איז נישטאָ.

און ווען דער סערזשאַנט איז ארויס פון לאַגער, עפנט זיך ווידער דאָס „סינימאַ״, ווי אַ שווערער שטיין זאָל אַראָפּ פון יעדנס האַרצן. ערשט איצט הייבט־אָן דער רעש. גלייך מיר זאָלן אלע צוריקקומען פון אַ שווערער און מסוכנדיקער ארבעט. די זעק ערד ווען מיר אויס־ליידיקן ביינאַכט. רואיק ווען זיצן צוויי מענטשן אין בית־הכבוד און דאָרטן דורך אַ שפּאַרע, וואָס איז פריער אָנגעגרייט געוואָרן און קיין מענטש באמערקט זי נישט וועט מען פאַמעלעך אויסשיטן די ערד פון די זעק. זשמעניע נאָך זשמעניע. און פון מאָל צו מאָל וועט מען אוועקשאַרן מיט אַ שטעקעלע דאָס בערגעלע אינדרויסן. זיי דאַרפן לאַנגזאַם ארבעטן, אָן איילעניש. קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן...

*

אין אַ וואָך איז דער גרוב פערטיק געווען. נישט מיט אלץ טאַקע, האָט די ווירקלעכקייט געשטימט מיט די טעאָרעטישע אויסרעכנונגען. דער גרוב אין פאָרעם פון אַ דרייעק האָט נישט געשטימט פאַר אונדזער באַדערפעניש. עס האָט זיך גענויטיקט צו פאַרברייטערן אים אונטערן דיל. די שטיינער, פון אונטער וועלכע עס איז אַוועקגענומען געוואָרן די ערד האָבן מיר געדאַרפט אונטערשפּאַרן מיט ברעטער. אַ מין טיש איז דאָרט געמאַכט געוואָרן, אויף וועלכן ס׳איז סטאַביל געשטאַנען דער צווייטער דרייעק. די עפנונג איז געווען אַ קליינע, גענוג פאַר איין מענטש אריינצוגיין, אָבער דער גרוב, דער „סאַלאָן״, איז געווען באַקוועם: 2.20 מ׳ די טיף, 1,5 אויף 1 מ׳ די ברייט. און ווען מיר האָבן דערגרייכט צוויי מעטער די טיףביים גראָבן דעם „סאַלאָן״ איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ בשורה, וועלכע האָט נישט פאַרלייכטערט

אונדזער געפיל: די בשורה פון אַ פעלז. אין אַ פעלז וועלן מיר דאַרפן האַקן! מינוטן פון אנטוישונג... אַלץ איז קעגן אונדז!

מאַכט נישט! אויב אַלץ איז קעגן אונדז — זענען מיר קעגן אַלץ! און מיר וועלן אַלץ בייקומען!

*

נאָכן פאַרענדיקן אויסגראָבן דעם „סאַלאָן", האָבן מיר געדאַרפט פעסטשטעלן די גענויע ריכטונג פון טונעל. סאַראַ ווינקל דאַרף שאַפן דער טונעל מיטן באַראַק כדי ער זאָל צוקומען צו דער וואַדי* וואָס שאַפט אַ מין קני ביים פאַרדרייען זיך לינקס. אַדאַנק דער קני געפינט זיך דער פלאַץ אויסער דעם פאָליציאַנטס זע־געביט און צוליב דער טיפקייט געפינט ער זיך אויך אין שאָטן און איז געשיצט פאַר די עלעקטרישע לאָמפּן און פּראָזשעקטאָרן. בלויז ביי דעם פלאַץ וועלן מיר קענען ארויסגיין אומבאמערקט. יהודה און איך האָבן אָנגעהויבן די טריגאָנאָמעטרישע אויסמעסטונגען. נאָכן אויסמעסטן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַן „אויסשאָס" פון ביידע עקן באַראַק האָבן מיר באַקומען דעם ווינקל: 75 ראַדיוס. מעסטנדיק דעם ווינקל איז אונדז קלאָר געוואָרן, אז דער דיסטאַנס איז אַ סך אַ גרעסערער פון דעם, וואָס מיר האָבן מיטן אויג אָפּגעשאַצט. ס׳האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַנשטאָט 45 מעטער, די אָפּגעשאַצטע אויפן אויג, וועלן מיר דאַרפן גראָבן אַ טונעל אין אַ לענג פון 70 מעטער! רבונו של עולם! 70 מעטער גראָבן אין אַ שווערן באָדן. אַ האַלבע הויך לכל הפחות וועט זיין אין פעלז! ווי וועלן מיר עס מאַכן? כ׳האָב געפילט, אז איך ווער בלאַס. אויך יהודה האָט אויפגעשוידערט.

— ס׳איז נישט מעגלעך! זע, ווי נאָענט דאָס איז!

— יאָ, ס׳זעט־אויס נאָענט — האָב איך געזאָגט — ווייל מיר ווילן ס׳זאָל זיין נאָענט. לאָמיר זיך נישט נאַרן. מיר דאַרפן גראָבן אַ טונעל אין דער לענג פון 70 מעטער, און ס׳ווייזט־מיר אויס, אז דאָס איז דער איינציקער וועג פאַר אונדזער באַפרייען זיך פון דאַנען.

---

* וואַדי — אַ נאַטירלעכער ראָוו, וואָס פילט זיך אָן אין רעגן־טעג מיט פליסיק וואַסער, און זומער טרוקנט ער אויס.

נישטאָ וואָס צו רעדן און נישטאָ וואָס צו פאַרצווייפלען. מיר וועלן פאַרגרעסערן די פּאָרזיכטיקייט, מיר וועלן פאַרגרעסערן דעם טעמפּאָ פון דער ארבעט און אויב מען וועט דאַרפן וועלן מיר מיט די נעגל און ציין ארויסנעמען די 70 מעטער.

— עס מוז אונדז געלונגען — האָט י. געזאָגט מיט באַשלאָסנקייט.

— רעד נישט דערווייל מיט קיינעם וועגן דעם. מען דאַרף נישט שווער מאַכן דאָס האַרץ. אויב מיר וועלן מצליח זיין צוקומען אין 2 חדשים צו 45 מעטער וועט שוין זיין אַ געלעכטער דערנאָך צו צוגעבן נאָך 25 מילא, נאָך אַ חודש...

— נישט דער חודש איז דאָ די הויפּטזאַך. די צרה איז, אַז נאָך 6—7 קוביק מעטער ערד וועלן מיר דאַרפן פונאַנדערשפּרייטן. מיר דאַרפן אויך נעמען אין רעכנונג אַ מעגלעכקייט פון אַן איינברוך. דער טייוול ווייסט, ווי שטאַרק ס׳איז די שיכטע ערד איבער דעם טונעל. ווער ווייסט וויפיל צייט דאָס קען אויסהאַלטן? מירן דאַרפן נאָך אַ ריזיקע צאָל ברעטער פאַר שטיצערס. פון וואַנען וועלן מיר זיי נעמען? מיר וועלן דאָך נישט קענען צענעמען גאַנצע באַראַקן! ס׳איז גענוג, אז פון יעדן ליידיקן באַראַק האָבן מיר שוין אין אָנפאַנג אַרונטערגענומען אַ צאָל באַלקנס. מען באַמערקט טאַקע נאָכנישט, אָבער אויב מירן ווייטער ארונטערנעמען — וועט מען באַמערקן. וואָס וועט זיין אָן ליכט? ווי וועלן מיר אריינפירן ליכט אויף אַזאַ ווייטער שטרעקע? און דאָס איינשטעלן זיך ביי דער אַרבעט גופא! יעדע אומפּאָרזיכטיקע באַוועגונג פון איינעם פון די 20 קען אונדז שטרויכלען, יעדעס ארויס־געכאַפּטע וואָרט. הונדערט פּאָר אויגן און הונדערט פּאָר אויערן האָסטו אין לאַגער. און ס׳איז קיין ספק, קוים דערשפּירט איינער, וועלן באַלד אלע וויסן און צומאָרגנס וועט עס אויך וויסן די געהיימפּאָליציי. צי איז עס נישט קיין וואַנזין פון אונדזער זייט?...

און ס׳איז טאַקע ריכטיק: עס איז אין דעם פאַראַן אַ געוויסע מאָס וואַנזין. מיר וועלן נאָך נישט איינמאָל דאַרפן מאַכן זאַכן, וואָס גרעניצן אין זייער געוואגטקייט מיט וואנזין. און די זאך איז קלאָר: מיר מוזן פון דאַנען ארויס, זאָל זיין וואָס! און דעריבער, אַנשטאָט צו טראַכטן וועגן דער מאס וואַנזין, קום לאָמיר צוגיין פראַקטיש, זוכן נייע וועגן די

עוד פונאַנדערצושפּרייטן, באַקומען ברעטער, צו פאַרשטאַרקן דעם טעמפּאָ פון דער אַרבעט און פאַרקלענערן דאָס געפאַר...

און מיר האָבן אריינגעטראכט... 20 מוחות האָבן טאָג און נאַכט געקלערט ווי אזוי פאַרשנעלערן דאָס בויען דעם טונעל. ווי אים פאַר־פעסטיקן און אויסבעסערן, ווי צו היטן מען זאָל אים נישט אַנטדעקן, ווי פונאַנדערשפּרייטן די ערד און ווי־אזוי צו באַקומען ברעטער, ווי איינאָרדנען ליכט און ווי אזוי אריינפירן לופט. טאָג און נאַכט אָן מידקייט. מאָנאַטן אויף מאָנאַטן...

*

אין דער צייט פון גראָבן דעם גרוב — דעם „סאַלאָן", האָט מען געקענט הערן אַזאַ געשפּרעך:

— היינט האָבן מיר ארויסגענומען 6 פולע זעק!

— דאָס אַלץ איז אַ גאָרנישט! איך וואָלט זען דעם ערשטן מעטער פונעם טונעל אַליין, אַ שטיקל באַפרייאונג.

און געווען איז עס אַ יום־טוב ווען דער גרוב איז פאַרענדיקט געוואָרן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גראָבן דעם טונעל. פון דער ערשטער מינוט אָן דאַרפן מיר היטן, די ריכטונג זאָל זיין אַ ריכטיקע. מיר האָבן געמאַכט אַ ספּעציעלן מכשיר פון צוויי שטיקער האָלץ אין אַ ווינקל פון 75 ראַדיוס עס זאָל אונדז העלפן געפינען די ריכטונג. ווייל אוועקרוקן זיך מיט אַ פּאָר ראַדיוסן בלויז, קען עס אונדז אוועק־פירן ווייט פון פונקט, אפילו אַ פּאָר צענדליק מעטער! אויסער דעם ריכטונגס־ווינקל פון דעם טונעל דאַרפן מיר אויך מעסטן דעם שיפּוע־ווינקל פונעם באָדן, וואָס גייט־ארונטער צו דער וואַדי און פאַרטיפערן דעם טונעל לויט דעם ווינקל. מיר האָבן געמאַכט אַ וואַסער־וואָג און מיט אויסרייד גלייכצומאַכן די בייטן פון אונדזער גאָרטן, וואָס איז געווען איבערן טונעל, האָבן מיר געמאָסטן דעם שיפּוע־ווינקל פון באָדן. מיט דעם ווינקל דאַרפן מיר פאַרטיפן דעם דנאָ פונעם טונעל.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גראָבן. מיר אַרבעטן בלויז אָוונט־צייט: פון 6 ביז 9 אין אָוונט. מיטן אויסלעשן דאָס ליכט איז אַלץ פערטיק. בלויז די זעק ערד פונאַנדערשפּרייטן. און איצט שטייט פאַר אונדז דאָס פּראָבלעם פון ליכט. בעת מיר האָבן געגראָבן דעם גרוב

האָבן מיר נאָך געקענט אַרבעטןביים ליכט, וואָס איז אריין פון באַראַק. איצט איז אַ פולשטענדיקע פינצטערניש. און אין דער פינצטער איז נישט מעגלעך צו גראָבן. אָבער וואָס קענען נישט אונדזערע לייט? מען דאַרף ליכט? וועלן מיר מאַכן ליכט! ווי אַזוי? זייער איינפאַך: אין קלאָזעט קענען מיר זיך באַנוצן מיט דער עלעקטריק אַ גאַנצע נאַכט. פאַר די קלאָזעטן איז פאַראַן אַ ספּעציעלע ליניע אין לאַטרונער לאַגער. אין דער צייט, וואָס אין די באַראַקן לעשט זיך אויס דאָס ליכט זייגער 10 אין אָוונט דורך אַ צענטראַלער פאַרבינדונג פאַר אַלע לאַגערן און פאַר אַלע באַראַקן, האַקט מען נישט איבער דעם ספּעציעלן שטראָם פאַר די קלאָזעטן ווערנט דער גאַנצער נאַכט. די פאַרבינדונג געפינט זיך אין באַראַק. מיר וועלן פאַרציכטן זיך צו באַנוצן מיט עלעקטריק אין בית־הכבוד און אַנשטאָט דעם וועלן מיר ציען דראָטן און מיר וועלן מסדר זיין אַ קאָנטאַקט אין קליידער־ווינקל. די פאַרבינ־דונג איז געמאַכט געוואָרן אויף אַן אופן, אַז מען האָט עס כמעט נישט געקענט אַנטפּלעקן. איך דענק, אַז ביז היינט עקזיסטירט ער נאָך אין באַראַק נומער 4, לאַגער נומער 4 אין לאַטרון. צווישן צוויי באַלקנס אין אַ דינער שפּאַרע גייען־דורך צוויי דראָטן. פון אויבן זענען זיי פאַרבונדן מיט די דראָטן, וואָס פירן דעם שטראָם אין בית־הכבוד אריין און פון אונטן איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרבינדונג, אַז ס׳איז גענוג צו פאַרבינדן צו אים אַנדערע צוויי דראָטן, מיט אַ בירנע אין צווייטן עק און מיר האָבן שוין ליכט אין טונעל. די פאַרבינדונג אונטן, געפינט זיך פאַרשטעקט אין דער וואַנט. דער באַראַק פאַרמאָגט טאָפּל־ווענט: פון דער דרויסן־זייט, ברעטער און פון דער אינען־זייט פורנירן. די פורנירן זענען צוגענוגלט צו האָלצערנע באַלקנס וועלכע זענען דער סקאַלעט פון באַראַק. אויב וועסט אַרויסציען פון איינעם פון די פורנירן, אין קליידער־ווינקל, די טשוועקעס וועסטו זען, ווי דעם פורניר קען מען אַוועקרוקן אין אַ זייט. דעמאָלט וועט פאַר דיינע אויגן זיך אַנטפּלעקן דער קאָנטאַקט. איצט איז אויך שוין בעסער איבערצוגעבן מעלדונגען די גרעבער. מען דאַרף שוין נישט לויפן צום עק באַראַק און אריינ־שרייען אין טונעל אריין: „פאָרזיכט! אַ סערזשאַנט אין לאַגער!" איצט איז גענוג, אַז דער היטער אין בית־הכבוד דרוקט אויפן קאָנטאַקט.

איין מאָל — „הער אויף אַרבעטן, ליג רואיק!” צוויי מאָל — „דיין אַרבעטס־צייט איז געענדיקט, ארויס!” דריי מאָל — „אַרויס שנעל! אַ געפאַר!” לויט אַלע געזעצן פון דער טעכניק...

און די אַפעטיטן פון אודזערע מענטשן קען מען נישט זעטיקן. ערשט נעכטן האָבן זיי געזאָגט „ווען וועלן מיר שוין זען דעם ערשטן מעטער פון דער פרייהייט” און היינט זאָגן זיי „ווען וועלן מיר שוין זיין הינטער דעם עלעקטריזירטן פלויט?!” און ביזן פלויט האָבן מיר ביי אַ 13 מעטער. דערווייל האָבן מיר בלויז דריי. 3/70 פון פרייהייט!

## ד.

אין אַ וואָך אַרום וועט זיין דער צווייטער יאָרצײַט נאָך יאיר׳ן. אינדרויסן שפירט מען שוין אונדזער טעטיקייט. דאָ און דאָרט שטויסן זיך אָן די פּאָליציאַנטן אָן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד ווען זיי ווילן עמעצן אַרעסטירן. דער, וואָס אַרעסטירט יידן געפינט זיך אין געפאַר. ביז איצט איז די זאַך געווען צו איינפאַך. אַ פּאָליציאַנט אין מונדור אָדער אַ שפּיצל פלעגט צוגיין צו אַ מענטש, בעט ביי אים דאָקומענטן און אין „נאָמען פון געזעץ” פירט ער אים אין געהיימפּאָליציי. איצט איז עס אַביסל געפערלעך געוואָרן. גייט זיך צו אַ פּאָליציאַנט צו אַ מענטש וועלכן ער האָט דערקענט לויט אַ בילד, אָדער לויט אַן אָנווייזונג פון אַן אַנדערן ייד, בעט דאָקומענטן, און יענער נעמט־ארויס, אין געגנזאַץ פון יעדן געזעץ... אַ רעוואָלווער און... שיסט. און אויב איז דעם שפּיצל נישט געלונגען צו אַנטלויפן פאַלט ער „אויף דער וואַך פונעם קעניגרייך”. די מאַכט פּילט, אַז עס וועבט זיך עפּעס־וואָס. און זיי ווייסן: דאָסמאָל וועט עס נישט זיין קיין שפּאַס. דאָסמאָל וועלן זיך מער נישט קענען די „סנייפּערס” (בעסטע צילערס אין זייער לשון) פון דער געהיימפּאָליציי מאַכן אַ שפּיל פון צילן אין מענטשן, וועלכע שטייען פאַר זיי מיט אויפגעהויבענע הענט, ווי זיי האָבן געמאַכט מיט פיר פון אונדזערע צוריק מיט צוויי יאָר אויף דיזנגאָף גאַס. זיי וועלן אויך נישט קענען בינדן קייטעס כדי זיי צו מאַכן אַ ציל פאַר זייערע קוילן, ווי זיי האָבן געמאַכט מיט יאיר׳ן. דאָסמאָל וועט עס

שווערער און געפערלעכער זיין. די „טעראָריסטן" גייען־ארום באַ־
וואָפנסע און אויך צו געפינען זיי איז שווער. די אינפאָרמאַציע־צושטע־
לער ווייסן וועגן זיי גאָרנישט, און אויב צופעליק וועט זיך איינער פון
זיי אָנשטויסן אָן אַ געטרייען שפיצל, וואָס וועט אים וועלן פירן אויף
דער פאָליציי, שטויסט זיך אָן דער שפיצל אָן אַן „אויטאָמאַטיש פייער".
און אַ בעל מזל איז ער, אויב ער באַוויזט צו הייבן פיס... עפעס־
וואָס וועבט זיך דאָ. אָבער ווען וועט דאָס אויסברעכן?...

מיר קענען די ענגלענדער. מיר ווייסן שטענדיק וואָס זיי דענקען
און וואָס ס'איז דא צו דערוואַרטן פון זיי. ס'איז אונדז נישט געווען קיין
ספק, אַז זיי וועלן זיך גרייטן אויף נקמה־אָנגריפן אין טאָג פון יאָריס
יאָרצייט. זיי וועלן רעכנען אַז אין דעם טאָג וועט געמאַכט ווערן אַן
אָנגריף אויפן לאַטרונער לאַגער. זיי וועלן אוודאי אַוועקשטעלן פאַר־
שטאַרקערטע שמירה־פּאָסטנס אין די נעכט פאַר דער דאַטע און נאָך איר
און זיי וועלן וואַרטן אויף אונדזער פּאַרזוך צו אַנטלויפן. אָ! געערטע
דזשענטלמענס, מיר קענען אייך מיט אייער גאַנצע ביטרעקייט און
טיפּשות; ס'איז קיין ספק נישט, אז איר וועט אייך וועלן זוכן ביי
אונדז. אין פאַרגאַנגענעם יאָר האָט איר טאַקע נישט געזוכט, ווייל
איר האָט געמיינט, מיר עקזיסטירן נישט מער אינדרויסן. דאָס מאָל
וועט איר זוכן, מיר ווייסן.

אָבער ווען? אין דער קריסטלעכער דאַטע פון זיין טויט, אָדער אין
דער יידישער? דער אונטערשיד איז ביי העכער אַ וואָך. און נאָך. אין
יאָרצייט־טאָג וועלן זיי קומען, אָדער פאַרדעם?

אין יעדן פאַל טאָר מען נישט איינשטעלן „דאָס טייערסטע". מיר
דאַרפן אַלץ פארמאכן, אוועקנעמען יעדוועדע זאך, וואָס קען דערוועקן
אַ חשד, און וואַרטן אויף אַ רעוויזיע. צוויי וואָכן לכל הפחות, וועלן
מיר פאַרלירן. אָבער די הויפּט זאַך איז די פאַרזיכטיקייט. דער שכל
איז דאָך מחייב, אז זיי וועלן מאַכן אַ רעוויזיע און מיר גרייטן זיך
דערצו.

טאָג טאָג, נאַכט נאַכט, וואַרטן מיר אויף זייער קומען. מיר ווייסן,
אַז מען קומט ווי געוועגלעך פאַרטאָג ווען אַלץ שלאָפט נאָך. כאָטש
מיר אַרבעטן נישט, היטן מיר דורך די נעכט און קאָנטראָלירן צו ס'איז

גישט פאַראַן אַ באַוועגונג פון מאַשינען אויפן שאסיי. צי מען פאַרהאַלט זיך נישט פארן טויער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. עס פאַרגייט א וואָך און אַלץ איז רואיק. קיין סימנים זענען נישטאָ. פונדעסטוועגן ווייסן מיר, די ענגלענדער וועלן זיך גרייטן אויף אַקציעס פון אונדזער זייט. און איינע פון די אַקציעס, פאר וועלכער זיי וועלן מורא האָבן, איז דאָס אַנטלויפן פון לאַטרון. זיי ווייסן אַז „פון לאַטרון וועט זיך אָנהייבן דאָס שלעכטס" און אין אַ גרויסער מאָס זענען זיי גערעכט. דער שכל איז מחייב, אז זיי וועלן זוכן ביי אונדז. און צו אלער ערשט מכשירים, וועלכע קענען צוניצקומען ביים אַנטלויפן. זיי וועלן זוכן: צוואַנגען, מאַפּעס, געווער, מונדירן, און ווער ווייסט צי ס׳קען זיי נישט איינפאַלן צו זוכן אויך טונעלן.

*

דער יאָרצייט פון יאיר׳ס טויט. מיטן זונאויפגאַנג וועקט דער שומר אלע מענטשן פון באַראַק. „מען קומט!" איצט איז דער פּרוב. מיר בלייבן וואַכע אין די בעטן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין דער לאַגער אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון פּאָליציאַנטן. אַלץ ווערט געמאַכט אינדרויסן אינדערשטיל. זיי ווילן איבעראַשן. מיר דערלויבן זיי צו דענקן, אַז זיי האָבן אונדז איבעראַשט און ווען ס׳עפנט זיך די טיר און עס גייט־אריין אַ גרופּע פּאָליציאַנטן אין באַראַק אַריין, מאַכן מיר דעם אָנשטעל פון אויפ־וואַכנדיקע ערשט פון אַ טיפן שלאָף און נישט איילנדיק פּאָלגן מיר זייער באַפעל. יעדער שטייט אין זיינע שלאָפקליידער נעבן זיין בעט. אַ פּאָליציאַנט גענענט צום קליידער־ווינקל, די איבריקע זוכן ביי אונדז אין די בעטן, אויף די פּאָליצעס, אין די ווענט, איבעראַל. דער פּאָלי־ציאַנט וועלכער האָט זיך געלאָזט צום קליידער־ווינקל, האָט אויפגע־הויבן דעם פאַרהאַנג און האָט געזאָגט וועגנדיק זיך צום צווייטן פּאָליציאַנט: „דאָ דאַרף עפּעס זיין!" זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן ארויס־נעמען פון דאָרט די קליידער און נישטערן אין די קעשענעס און אין דער פּאָטשעפּקע. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זוכן אין די רענצלעך און אין די קעסטלעך.

דער גאָטזעליקער יצחק סימן־טוב, וואָס זיין בעט איז געווען דאָס נאָענסטע צום קליידער־ווינקל, האָט אין איינעם דערקענט דעם וועלכער האָט אים ארעסטירט אינדערהיים. דער פּאָליציאַנט האָט גערעדט אַ ביסל עברית. יצחק פאַרזוכט אריינגיין מיט אים אין אַ שמועס. זיי זענען דאָך אלטע „ידידים". אויף דער פּאָליציאַנט האָט אים דערקענט. דער פּאָליציאַנט שמועסט טאַקע פריינטלעך, אָבער דאָס שטערט אים נישט צו זוכן. און ער זוכט גרינטלעך. אַלץ איז שוין אַפּערגעגומען געוואָרן פון ווינקל. אין דער זעלבער צייט זוכן די איבעריקע אין די בעטן און אין אונדזערע זאַכן. מיר טאָרן זיך נישט רירן פון פּלאַץ. הויפנווייז ליגן אונדזערע קליידער: קאָסטיומען, וועש, קאָלדרעס און שטרויזעק, פושקעס און פּראָוויאַנט. דאָס אַלץ אַרט אונדז נישט. מיר לאָזן זיי זוכן וויפיל עס גלוסט זיך זיי. אַ מאָל פּראָטעסטירן מיר בלויז אויף זייער נידערטרעכטיקייט, אָבער דאָס איז נישט משפיע אויף זיי און אָט זעען מיר דעם פּאָליציאַנט, וואָס זוכט אין קליידער־ווינקל, זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני און פאַרזוכט ארויסנעמען דעם „צעמענט". און אָט שלעפּט ער עפּעס. רבונו־של־עולם! וואָס איז דאָס? ער ציט ביים דראָט! ביים „אויער", וואָס דינט אויפצוהייבן דעם דעק. מיר זענען פאַרלויערן! אַלץ איז געענדיקט! אָבער ער לאָזט פּלוצים אָפּ דעם דראָט און נעמט עפּעס אַ שווערע זאַך אין האַנט אַריין. יצחק פּרובט שפּאַסן פון אים. דער פּאָליציאַנט קלאַפּט אין דיל. אַ פאַרדומפּענער ווידערקול הערט זיך. מען פילט, אז מען קלאַפּט אויף אַ ליידיק פּלאַץ. דערנאָך צוויי קלעפּ אויפן דיל אויסערהאַלב דעם ווינקל. דער אונ־טערשייד באַמערקט זיך גוט. די צוויי קלעפּ אין ווינקל — דאָס זענען נישט געווען קיין קלעפּ אויף אַ שטיין. עס האָט זיך יעדן פון אונדז אויסגעדוכט, אַז די קלעפּ זענען דירעקט אין זיין האַרצן אריין. מיר האָבן שוין געוואוסט, אז מיר זענען פאַרלויערן. נאָך אַ מינוט און מען וועט אויפעפנען די דעק און ס'וועט זיך אנטפּלעקן דער טונעל...

כדי צו פאַרמיידן ווייטערדיקע פּרובן, האָבן מיר אָנגעמאַכט אַ רעש. אַ כוואַליע פון פּראָטעסטן אויף דער רעוויזיע צווישן די קליידער און אויף דעם געמיינעם אויפפירן זיך פון די פּאָליציאַנטן, האָט אַ פּלייץ געטאָן אויפן פאַראַנטוואָרטלעכן אָפיצער, וואָס איז אין דער סעקונדע

אַריין אין באַראַק. און אין דער צייט איז יצחק ממשיך זיין פריינטלעך געשפּרעך מיטן פּאָליציאַנט: „דו רעדסט היינט אַ בעסערן עבֿרית, ווי דעמאָלט ווען דו האָסט מיך אַרעסטירט". „הער סימן־טובֿ, דענק נישט אַז איך בין אַזאַ טפּש!" — האָט געענטפערט דער פּאָליציאַנט און זיך אויפגעהויבן פון דיל. ער איז געשטאַנען אין דער זייט און געזוכט מיט די אויגן צו ס'איז נאָך פאַראַן אַ ווינקל אין וועלכן ער האָט נאָכנישט געזוכט. די פּאָליציאַנטן דראַפּען נאָך אויף די ווענט, זוכן אין יעדער שפּאַרע, אפילו צווישן די שפּאַרעס אין די דעכער האָבן זיי געזוכט. און צום סוף זענען זיי אַלע אַרויס...

נאָכדעם, ווי דער לעצטער ענגלענדער האָט פאַרלאָזט דעם לאַגער, האָט יצחק איבערגעגעבן אינדערשטיל אַלע איינצלהייטן פון דער רעוויזיע אין קליידער־ווינקל. און די וויכטיקסטע איינצלהייטן זענען די: א) באַלד ביים אַריינקומען האָט דער „ידיד" זיך געווענדעט צום קליידער־ווינקל; ב) ער האָט געעפנט דעם „צעמענט" און אַרויסגעצויגן דעם „אויער", אַ שאָקל געטאָן מיט אים און אַ צי געגעבן. די צודעק, פאַרשטייט זיך, האָט זיך נישט גערירט, אָבער די זאַך האָט דאָך ביי אים באַדאַרפט דערוועקן אַ חשד; ג) דער אומגעריכטער אינעם ווידערקול פון די קלעפּ, און צום סוף: ד) זיינע לעצטע ווערטער צו יצחקן: „הער סימן־טובֿ, דענק נישט, אַז איך בין אַזאַ טפּש..."

ס'איז כמעט קיין ספק נישטאָ, אַז זיי ווייסן וועגן דעם טונעל. פאַרוואָס האָבן זיי אים נישט געעפנט? פאַרוואָס „כאַפּן" זיי אונדז נישט? נאָר איין דערקלערונג איז דאָ פאַראַן: זיי ווילן מיר זאָלן זיין באַשעפטיקט מיט דעם פּלאַן און מיר זאָלן נישט זוכן קיין אַנדערע מעגלעכקייטן פון אַנטלויפן און ביים אַרויסגיין „וועלן זיי אונדז פאַרלייגן אַ נעץ" און פּטור ווערן פון אונדז מיט איין באַנד פון אַ מאַשין־געווער. יאָ, דאָס און נאָר דאָס, קען זיין די דערקלערונג פאַר דעם.

אפילו די אָפּטימיסטן צווישן אונדז, האָבן נישט געקענט ברענגען איבערצייגנדיקע גרונדן פאַרן נישט אַנטפּלעקן דעם טונעל. אמת איז טאַקע, אַז דער ענגלענדער, יצחקס „ידיד", איז נאַרישער פון יעדן דורכשניטלעכן ענגלענדער. אָבער נאָכוואָס האָט ער געשלעפּט דעם

דראָט און אים נאָכגעלאָזט? אונדזערע אָפּטימיסטן האָבן געהאַלטן, אַז דער דראָט האָט זיך אים אַנטפּלעקט דורך אַ צופאַל. ער האָט אים אַ שלעפּ געטאָן און זעענדיק, אַז ס'האָט זיך גאָרנישט גערירט, האָט ער געדענקט, ווייזט־אויס, אַז עס איז אַ טייל פֿונעם פֿונדאַמענט אָדער דורך אַ צופאַל איז אַריין אַ דראָט אין אַנשאָט פֿון דיל. און ער, ווייזט־אויס, האָט מורא געהאַט, אויב ער וועט ווייטער ציען, וועט ער איינלעגן דעם פֿונדאַמענט און דער באַראַק וועט איינפֿאַלן אָדער אמהעכסטנס וועט ער מיטשלעפּן אַ פּאָר שטיינער פֿון דיל.

„אָבער פֿאַרוואָס האָט ער נישט גערופֿן אַ צווייטן פּאָליציאַנט צו ווייזן אים די מציאה?"

דער ענטפֿער פֿונעם אָפּטימיסט איז: „ער האָט זיך פּשוט געשעמט. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט פֿון אים חוזק מאַכן, אַז ער האָט געפֿונען דעם... פֿונדאַמענט פֿון באַראַק".

„נו, גוט, זאָלן מיר זאָגן אַז ס'איז אַזוי. וואָס איז מיטן קלאַפּן אין דיל?"

„בלויז מיר האָבן באַמערקט דעם אונטערשיד, ווייל מיר ווייסן וועגן דעם. ער ווייסט נישט, און דערפֿאַר האָט ער נישט באַמערקט. ער איז אויך געווען פֿאַרטאָן אין געשפּרעך מיט יצחקן. יצחק האָט חוזק געמאַכט און ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין אויסגעחוזקטער".

„און זיינע לעצטע ווערטער, צי ווייזן זיי נישט, אַז ער ווייסט עפּעס־וואָס?"

„ניין און ניין! אין גאַנצן געשפּרעך, וואָס ס'איז געווען צווישן אים און יצחקן פֿלעג ער נישט געבן קיין לאָגישערע ענטפֿערס ווי דער לעצטער. היות ווי יצחק האָט געלאַכט, האָט ער געהאַלטן פֿאַר נויטיק צו פֿאַרזיכערן, אַז ער איז נישט קיין טיפּש. איבעריקנס קען מען זיך נישט פֿאַרלאָזן אויף זיין עבֿרית. עס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, אַז ער האָט געוואָלט דערמיט אונטערשטרייכן, אַז זיין אויפֿפּאַסונגס־קראַפֿט איז גענוג שאַרף כּדי פֿאָרטשריט צו מאַכן אין דער שפּראַך אין משך פֿון צוויי יאָר, זייט ער האָט אַרעסטירט יצחק'ן".

פֿיר טעג האָבן זך געצויגן די וויכּוחים. די געהיימפּאָליציי ווייסט

אָדער זי ווייסט נישט וועגן טונעל? צי איז נישט אומזיסט די גאַנצע מי? מען פאַרלייגט אונדז אַ נעץ?

און ווידער האָבן מיר אָנגעהויבן קלאָר מאַכן דעם ענין פונדאָסניי: „פאַרוואָס זענען זיי נישט פאַראינטערעסירט אַנטפלעקן דעם טונעל, אויב זיי ווייסן פון אים?" דער ענטפער איז: „ווייל זיי ווילן מיר זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט אים און נישט זוכן אַנדערע וועגן". „ווייסן זיי אויך וועגן דער לאַגע פון טונעל. און ווייסן, אַז מיר זענען נאָך ווייט פון ענדיקן. אזא זאַך קענען זיי וויסן בלויז דורך איינעם פון אונדז. און אויב אזוי, האָבן זיי געדאַרפט אויך וויסן, אז מיר האָבן געוועהר און אויך דעם פלאַץ וואו ס'איז פאַרשטעקט וואָלטן זיי געוואוסט און דאָס וואָלטן די ענגלענדער נישט איבערגעלאָזט אין אונדזערע הענט! אין קיין פאַל נישט! און נאָך אַלעמען קענען מיר דאָך אלע מענטשן פון באַראַק נישט פון היינט און נישט פון נעכטן. דאָס זענען די געטרייסטע מענטשן. מען קען קיין ספק נישט האָבן אין דער געטריי־שאַפט פון עמעצן פון אונדז, ווען אפילו זיך צו באנוצן מיט דער גאנצער האַרבקייט פון „כבדהו וחשדהו". עס איז נישט פאַראַן קיין מענטש צווישן אונדז מען זאָל אים קענען חושד זיין!"

איז וואָזשע דאָ געשען? אַ נס?!

יאָ. אַ נס! צוליב זיכערקייט, האָבן מיר געוואַרט נאָך אַ וואָך. געוואַרט מיט זאָרג. דערווייל האָבן מיר געזוכט אַן אַנדער אויסוועג. מיר האָבן באַשלאָסן, אויב וועט מען קומען אנטפלעקן דעם טונעל, וועלן מיר זיך ארויסרייסן נאָך די זעלבע נאַכט. מיר וועלן זיך באַנעמען אַ וועג מיט געווער. קען זיין, אַ סך פון אונדז וועט געלונגען צו דערגיין. ס'איז באַשטימט געוואָרן אַן אַדורכרייסונגס פלאַן מיט אַלע איינצלהייטן. פון אונטער אַ רעגן מאַשין־געווער קוילן וועלן מיר מוזן מיט אַ גאַלאָפּ אַדורך דאָס פעלד. די אומגעבונג, האָבן מיר שטו־דירט פון אַ מיליטעריש־טאָפּאָגראַפישער מאַפּע, וועלכע איז אונדז אריינגעשיקט געוואָרן פון דרויסן נאָכן אַריבערקומען קיין לאַטרון.

מיר וואַרטן אויף זייער קומען. אַן אַרומגערינגלט מיליטער דאַרף זיין גרייט אויך צו אַ פאַרצווייפלט ארויסרייסן זיך. אַ גוט מיליטער

גיט זיך נישט אונטער. און יידישע קעמפער וועלן זיך נישט אונטער־געבן! זיי גרייט צום באפעל!

דער באפעל איז נישט געקומען...

דער טונעל איז נישט אנטדעקט געוואָרן.

## ה.

צו ענדע זענען מיר געקומען צו אַן אויספיר, אז מען דאַרף מער נישט ווארטן. 4 וואָכן זענען פאַרלויערן געגאַנגען. אַ שאָד. אין דער לעצטע וואָך, האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט שטאַרקע רעגנס. די ערד איז ווייך נאָך די רעגנס און ס׳וועט זיין לייכט צו גרובן — אַזוי האַלטן מיר.

דער גרוב איז אויפגעעפנט געוואָרן און „נחושתן", דער נידריק־סטער פון אונדז, קליין און צאַרט, וואָס האָט זוכה געווען צום צונאָמען „פערטל עוף" גרייט זיך אַרונטערצוגיין. שטייענדיק אין עפנונג פונעם „סאַלאָן" רופט ער אויס: „מיט דעם האָבן מיר דעם כבוד צו באַגייען די פאָרשטעלונגען אין אונדזער „סינימאַ". שטראַלנדיק אינגאַנצן פון פרייד, שפרינגט ער אריין. פלוצים הערן מיר אַ פלוסקען. וואָס איז דאָס? די, וואָס שטייען פון אויבן זעען אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, וואָס טאַפּט, זוכט די „טרעפּ". דאָס איז דער ווינקל־שטיין אין פונדאַ־מענט פון באַראַק, מיט אים פלעגן מיר זיך אָפּהעלפן ביים אַרונטער־גיין און ארויפגיין פון „סאַלאָן".

— וואָס איז געשען?!

— גיב אַ האַנט! — הערן מיר פון אינעווייניק.

מ׳שטרעקט אויס אַ האַנט און מ׳ציט דאָס „פערטל עוף" ארויס. און אָט האָבן מיר ארויסגעצויגן אַ קליינעם נעגער, נאַס, דאָס פנים באַדעקט מיט אַ שיכטע בלאָטע. כאָטש די זאַך איז כלל נישט פריילעך געווען, האָבן מיר אלע אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

„דווקא מיך האָט איר איצט געדאַרפט ארונטערשיקן, דאָס וואַסער זאָל מיר פאַרדעקן!" — שרייט נחושתן און לאַכט מיט אונדז מיט.

אָפּווישנדיק יעדעס מאָל די בלאָטע, וואָס קריכט אים אין מויל אריין, מעלדעט ער, אז דאָס „סינימאַ" און דער „סאַלאָן" איז פאַרגאָסן

מיט וואַסער... און מיר האָבן זיך אַזוי געפּרייט זעענדיק דעם הימל באַדעקן זיך מיט וואָלקנס.

מען דאַרף געפינען אַן עצה. וואָס טוט מען? קודם כל, ווילן מיר נעמען צוויי עמערס און אויסשעפּן דאָס וואַסער. איינער האָט זיך אויסגעטון און איז אַריין אינעווייניק שטייענדיק ביז די היפּטן אין וואַסער. עמער נאָך עמער איז דאָס וואַסער געשעפּט געוואָרן. די ערד אינדרויסן איז נאַס און מען קען גיסן דאָס וואַסער דורך דער שפּאַרע פון אונטער דער טיר. מיר שעפּן און שעפּן און ס׳דוכט זיך, דאָס וואַסער ווערט נישט ווייניקער. נאָך דריי שעה שעפּן, האָבן מיר סוף־סוף געזען דעם באָדן. נאָך אַ טאָג איז פאַרלוירן געגאַנגען...

צומאָרגנס האָבן מיר געאַרבעט. דאָס מאָל האָבן מיר באַשלאָסן צו אַרבעטן אויך ביינאַכט, ביז פאַרטאָג. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער איז נישט געשלאָפן. אפילו די וועלכע זענען פּטור געווען די נאַכט סיי פון אַרבעט און סיי פון שמירה, האָבן נישט צוגעמאַכט קיין אויג. אין די אָוונטן איז שוין אונדזער איבערפירונג געווען אַ רואיקע און אַ נאַטיר־לעכע. מיר זענען געוואוינט געוואָרן און זיך איבערצייגט, אַז מיר קענען זיך פאַרלאָזן איינער אויפן צווייטן און ס׳איז נישט נויטיק צו קאָנטראָלירן יעדע באַוועגונג און יעדע טואונג פון די אַרבעטער. „אָבער איצט, ביינאַכט, צום ערשטן מאָל, טאָמער וועט זיין אַ געפאַר און מען וועט דאַרפן מיין הילף?" — אַזוי קלערט יעדער איינער. קיינער מאַכט נישט צו קיין אויג. יעדער גערויש, וואָס די אַרבעטער מאַכן, יעדער שוך־סקריפּ, יעדע באַוועגונג וואָס הערט זיך אין דער שטילקייט פון נאַכט, רעגט־אויף און שפּאַנט אָן די נערוון. און מיר ווייסן אַז מיט דער צייט וועלן מיר זיך אויך צו דעם צו געוויינען.

פאַרטאָג ענדיקט זיך די אַרבעט. שנעל און רואיק ווערט פאַרמאַכט די עפענונג און אַלץ קומט־צוריק אויף זיין פּלאַץ. און ווען מען קומט אינדערפרי אונדז ציילן — שלאָפן אַלע. זיי ציילן און גייען־אַרויס. אַלץ איז אין אָרדנונג. אַ סך מאָל וועלן נאָך אַריינקומען אין באַראַק פּאָליציאַנטן, אָפיצערן, אָנפירער און געסט און זען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג.

עס זענען אַוועק אַ פּאָר טעג און ווידער אַ רעגן. אַ טאָג, צוויי...
מיר האָבן מורא, אַז דאָס וואַסער וועט פאַרשווענקען די ווענט און דעם דאַך פון טונעל און אַלץ וועט זיך איינלייגן. פול מיט שרעק הערן מיר זיך איין אין רעש פון רעגן ווען ער טרעפט זיך אָן אָן דעם בלעך. ווי קען מען פאַרהיטן דאָס איינפאַלן? מיר האָבן געמאַכט ראָוועס איבערן טונעל, זיי זאָלן אָפּפירן ווייט פון אים דעם וואַסער־שטראָם, גיבע פּאַר באַוועסערן די בייטן פונעם גערטנדל. פאַרטאָג האָט דער רעגן אויפגעהערט. איצט טאָר מען נישט פאַרלירן קיין צייט! ס׳איז טאַקע טאָג און דער באַראַק איז אָפן, אָבער מיר מוזן עפענען דעם „סאַלאָן" און קאָנטראָלירן דעם „סינימאַ". די ראָוועס האָבן אַ סך נישט געהאָלפן. דער טונעל איז פול. טאַקע ווייניקער, ווי דאָס פריערדיקן מאָל, אָבער עס איז דאָך פאַראַן אַ געפאַר. מען מוז אויסשעפן דאָס וואַסער און קאָנטראָלירן דעם טונעל! דאָסמאָל אַרבעטן מיר הינטער אַ פאַרהאָנגענעם פאָרהאַנג און ס׳איז געמאַכט געוואָרן סימנים אויף צווויסן געבן די מענטשן פון אינעווייניק, ווען אַ פרעמדער האַלט ביי אריינקומען אין באַראַק. אין פאַרלויף פון אַ פיבערהאַפטע שעה איז דאָס וואַסער פון טונעל געווען אויסגעשעפט. מיט דער צייט איז אונדז געלונגען אַריינצושמוגלען אין לאַגער אַריין באַטעריעס, און עלעקטרישע בירנעס און פון אַ בלעכענער פושקע האָבן מיר געמאַכט אַן עלעקטרישן לאַמטערן. איצט וועט ער ברענגען נוצן. אין ליכט פון לאַמטערן ווערט קאָנטראָלירט דער טונעל. און אָט אַ מעלדונג:
„עס האָט זיך געשאַפן אַ מין לאָך אין סטעליע. אַ גאַנצער בלאָק ערד איז אַרונטערגעפאַלן אויף דעם פלאַץ, וואו דער שטיצער איז נישט גענוג געפּאַסט געווען צו דער סטעליע!"
אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מינוט האָבן מיר געשאַפן אַ זעקעלע פון אַ רעגנמאַנטל, וואָס לאָזט נישט דורך קיין פייכטיקייט, מיר האָבן עס אָנגעפילט מיט ערד און דאָס „פערטל עוף" איז אַריינגעגאַנגען פאַרריכטן און פאַרשטאַרקן דעם דאַך. ער האָט אונטערגעהאָלפן די שטיצערס און ליגנדיק אַ גאַנצע שעה אויפן רוקן אין בלאָטע און פייכטיקייט, האָט ער צוגעפּאַסט דאָס זעקל צום „לאָך", וואָס האָט זיך געשאַפן און האָט באַפעסטיקט דעם שטיצער. דערנאָך איז ער ווידער איבער־

געגאַנגען דעם גאַנצן טונעל, קאָנטראָלירט יעדע גרודע, יעדעס ווינקל. די פלעצער, וואָס האָבן אוסגעזען פאַרדעכטיקט — זענען פאַריכט געוואָרן. און די לענג פון טונעל שטייגט נאָך נישט איבער קיין 5 מעטער. וואָס וועט זיין ווייטער? מיר דאַרפן גראָבן נאָך 65 מעטער.

עמעץ מיט אַ פילאָזאָפישער שטימונג האָט באַמערקט: „אַלץ איז רעלאַטיוו — אפילו די ברכה פון רעגן קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קללה!"

*

מיר אַרבעטן אָן אויפהער. דער אָוונט און די נאַכט סטייעט אונדז נישט. מען דאַרף ארבעטן אויך בייטאָג. מיר דאַרפן ווידער געווינען די צייט, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען אין די רעגן־טעג. מיר דאַרפן דערגרייכן אַ שנעלקייט פון אַ מעטער אַ טאָג! ווען וועלן מיר שוין זיין פון הינטער דעם עלעקטריזירטן פלויט?

און אָט איז אויפגעקומען אַ גוטע אידיי אין מוח פון דער מאַכט. פון איצט וועלן די באַראַקן אָפן זיין ביז 9 אַ זייגער אין אָוונט. וועלן מיר קענען זיין אינדרויסן נאָך דריי שעה, פון דעם ביי אַ צוויי שעה אין דער פינצטער. די ענדערונג איז געקומען אין דער צייט. דער שווערסטער פראָבלעם אין וועלכן מען שטויסט זיך אָן ביים גראָבן אַ טונעל אין קרימינאַל, איז דער פראָבלעם פון פונאַנדערשפרייטן די ערד. איצט איז עס לייכטער געוועזן. מיר זענען נישט אָנגעוויזן אויף אַ געוויסן באַדן־געביט. אין אָוונט, ווען עס נעמט טונקלען, צווישן די שעהן 9—7, שפאַצירן מיר, פאָרלעכווייז, און אין די זייטן פון דעם שטעג ליידיקט מען אויס די טאַשן, גרויסע טאַשן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין אונדזערע רעקלעך און הויזן ספעציעל פאַר דעם צוועק. פון די טאַשן ווערט ארויסגעוואָרפן די ערד. עס פאַרלאַנגט זיך בלויז פאָרזיכטיקייט. מען טאָרנישט, עמעץ זאָל עס באַמערקן! ווייס ווער איז פאַר דיר און ווער הינטער דיר! קאָנטראָליר דעם באַראַק נעבן וועלכן גייסט פאַרביי. די אויגן דיינע דאַרפן זיין אָפן פאַר אַלץ ווי דער גאָט פון די אור־סלאַוון, וואָס זיינע אויגן זענען אָפן צו אַלע פיר עקן פון דער וועלט. און די הויפט זאַך, קיינער דאַרף נישט מערקן, אז דו פאַרשטעלסט וואָס. קאָנטראָליר דיין סביבה, שיט־אויס, און

קער זיך אום אין באַראַק, נעם אַ פרישע לאַדונג און גיי־ארויס פּאָרט־זעצן דעם שפּאַציר און שמועס מיט דיין שותף. זיי פּאָרזיכטיק, פּאָר־זיכטיק און נאָך אַמאָל פּאָרזיכטיק! אַ זשמעניע ערד קען אונדז שטרויכלען!

נאָך אַ פּאָר טעג איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ פאַרבעסערונג. פון די קאָלדרעס, וואָס מיר האָבן באַקומען אויף צו צודעקן זיך אין די פראָסט־נעכט, האָבן מיר אויפגעניייט מיליטערישע טאָרבעס. און כדי זיי צו פאַרדעקן פלעגן מיר אָנטוען לאַנגע מאַנטלען. אונטערן מאַנטל פלעג די טאָרבע פול זיין מיט ערד. געננג בלויז אַ צי טאָן ביים בענדל, עפנט זיך די טאָרבע פון אונטן און די ערד שיט זיך אויס בעתן גיין. אויף אַזאַ אופן ווערן מיר פּטור פון דער טאָג „פּראָדוקציע" אין משך פון איין שעה שפּאַציר. ביינאַכט שפּרייטן מיר פונאַנדער די נאַכט „פּראָדוקציע" דורכן פענסטער פון באַראַק. דער עיקר — דאָס גראָבן זאָל פאָרטגעזעצט ווערן.

*

— מאָרגן וועלן מיר ווידער מוזן צוגעבן עלעקטרישן דראָט.
— איך באַדויער עס נישט.
— אָבער פון וואו וועלן מיר עס נעמען?
— ס'וועט שוין זיין... מירן צוגנבענען פונעם מתים שטיבל.

די ענגלענדער האָבן צוגעגרייט אין אָרטיקן שפּיטאָל אַ ספּעציעלן בנין פאַר אַ מתים שטיבל. די פאַרהאַלטענע ווילן אָבער נישט שטאַרבן. קיינער באַזוכט נישט אין דעם באַראַק. פון מאַנגל אין טויטע, שטייט דער באַראַק ליידיק און קיינמאָל האָבן מיר נישט געזען, עמעץ זאָל אַהין אריינגיין.

„לויטן יושר און צדק" — זעצט פאָר דער בעל המצאה זיין געדאַנק — „איז נישטאָ קיין שום נויטבאַדערפעניש, די עלעקטרישע דראָטן זאָלן אוסגעשפּאַנט זיין אויף די ווענט און אויף דער סטעליע. מאָרגן וועט שלום קראַנק ווערן און גייענדיק אין שפּיטאָל אַריין, וועט ער באַזוכן דאָס מתים שטיבל. ער דראַפּעט זיך אויף די ווענט מיט אַ גע־שווינדקייט פון אַ קאַץ. די גאַנצע „אָפּעראַציע" וועט מער נישט גע־דויערן ווי 2 מינוטן. מיר וועלן נאָך האָבן 12—15 מעטער דראָט. כאָטש

צוויי וואָכן רו פון דער זאָרג. ביז ס'וועט ווער שטאַרבן וועט מען נישט באַמערקן, אז זיי פעלן".

און אָט אַן אַנדער געשפּרעך:

„ס'האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק אין מיין מוח ווי אזוי צו באַקור־מען ברעטער פאַר שטיצעס. אין די קלאָזעטן זענען פאַראַן 12 אָפּטייי־לונגען. די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט דערלויבט נישט צו ניצן מער ווי 6. די איבעריקע שטייען שטענדיק פאַרשלאָסן. פון איין אָפּטייילונג צו דער צווייטער זענען פאַראַן האָלצערנע מחיצות. נאָכוואָס דאַרף מען די מחיצות, ווען מען באַנוצט זיך נישט מיט די אָפּטייילונגען? מען דאַרף נאָר זאָרגן, קיין מענטש זאָל נישט באַמערקן. אַלזאָ, ווען ס'וועט אינעווייניק נישט זיין קיין פרעמדער, וועט עמעץ פון אונדז אריין פון אויבן. מיר וועלן אַוועקשטעלן אַ שומר, וואָס וועט סיגנאַלי־זירן צי מען קען צענעמען די ברעטער. דאָס וועט געמאַכט ווערן לייכט. יעדע ברעט איז געטאָגלט בלויז מיט פיר טשוועקעס. אין באַראַק אַריין וועלן מיר ברענגען די ברעטער אין אָוונט, אויף אַזאַ אופן: די חברה וועלן זיצן אינדרויסן אויף אַ באַנק, אונטער דעם נאָענסטן באַראַק צו די קלאָזעטן און שמועסן. אַהין־צו וועלן מיר ברענגען די ברעטער, צובינדן אונטער דער באַנק און נאָכן ענדיקן דעם ענין, וועלן מיר אריינטראָגן די באַנק אין באַראַק אַריין..."

דאָס זענען די שמועסן, וואָס פירן זיך צווישן אונדז. יעדע אידיי פון „רויב און צעשטערונג" קומט־ארויס פון די שמועסן דורכגעטראַכט מיט אַלע איינצלהייטן. אַלץ דאַרף דאָ זיין געמאַכט „ריינע־ארבעט".

און אזוי, מיט עקשנות, גייט־אָן דאָס גראָבן דעם טונעל.

*

גייען מיר מיטן שיפּוע ארונטער און פון טאָג צו טאָג אנטפּלעקט זיך אַ דיקערע שיכטע פעלז. מיר מוזן באַקומען אַ האַמער און אַ שטאַמ־אייזן. און נאָך אַ פּראָבלעם: ווי וועלן מיר ארויסטראָגן שטיינער? וואו וועלן מיר זיי פונאַנדערוואַרפן? מען וועט דאָך באַלד באַמערקן, אז די שוואַרצע ערד ווערט געל, אויב מיר וועלן פונאנדערשפּרייטן די חמרה־ערד וועלכע מ'נעמט איצט ארויס און מען וועט באַמערקן

ווי דער הויף ווערט פול שטיינער אויב מיר וועלן זיי דאָרט פונאַנדער־שפּרייטן.

און מיר באַקומען אַ האַמער און אַ שטאַמאייזן. פונוואַנען? צו אונדזער מזל איז געקומען אַן ארבעטער פון דער אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכע ארבעט, פאַריכטן עפּעס־וואָס אין לאַגער. ער האָט געהאַט אַ קאָרב מיט כלים. ער גייט טאָקע ארום אין לאַגער אין באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, אָבער מיר העלפן אים ביי דער ארבעט, כאָטש ס'איז פאַרבאָטן. און דער דערפאָלג: אַ האַמער און אַ שטאַמאייזן. און צי איז נישט אונדזער ארבעט, אַן ארעבעט פאַרן ציבור? פאַרוואָס זאָלן מיר זיך נישט באַניצן מיט די כלים פון דער אָפּטיילונג פאַר עפנט־לעכער ארבעט?

דעם פּראָבלעם פון די שטיינער זענען מיר דערווייל פּטור געוואָרן דורכן ארומגרוויזען די בייטן פון דעם גאָרטן. דעם שאטער און די חמרה „באַגראָבט מען" פון אונטער דער צעגראָבענער ערד. איצט ווייסן מיר, אַז קיין זאַך וועט שוין נישט וואַקסן אין אונדזער גארטן. און מיר דאַרפן כאָטש צוויי דריטל פונעם גערטנדל זאָלן שטענדיק גרין זיין. וואָס טוט מען? מירן מאַכן אַ פּלאַנצעריי. אַ ספּעציעלן טייל וועלן מיר אָפּגעבן פאַר פּלאַנצן. מירן אויפהאָדעווען אַ גרויסע צאָל און דערנאָך וועלן מיר זיי פאַרפּלאַנצן. נאָכדעם, וואָס יענע וועלן פאַרוויאַנען וועלן מיר פּלאַנצן נייע. דער עיקר, דאָס גערטנדל זאָל גרין זיין און דריי בייטן וועלן שטענדיק זיין צעגראָבן, וואַרטנדיק אויף פּלאַנצונגען.

יעדן טאָג אַ נייע אידיי. יעדן טאָג אַן אויסבעסערונג...

און ס'איז נישט צו זעטיקן דעם אַפּעטיט פון אונדזערע מענטשן. אָט זענען מיר שוין אריבער דעם עלעקטריזירטן פּלויט. ער געפינט זיך איצט פון אויבן, פון איבער דער ערד, פון איבער די דאָזיקע גרודעס, וואָס הענגען איבער דיין קאָפּ און דראָען יעדע מינוט דיך צו צודעקן און דערשטיקן מיט זייער שווערקייט. דאָרטן געפינט זיך איצט דאָס שילדל מיטן שאַרבן, וואָס קוקט דיך אָן מיט אַ דראָאונג און שרייט „אַ טויט־סכנה, הויכע שפּאַנונג!"

די מחשבה גייט מיר דורך אין מוח אין דער מינוט ווען ארבעטנ־

דיק צי איך אויס דעם שטריק, און זע, אז אָט האָב איך דערגרייכט דעם קנופּ. 13 מעטער. איך הייב־אויף דעם קאָפּ גלייך איך זאָל זיך ווענדן צום גרויזאַמען שאַרבן, וואָס פון איבער דער ערד, פון וועלכן אַן ערך צוויי מעטער באָדן טיילט מיך אָפּ. איך צעלאַך זיך, און וויש־אָפּ דעם שווייס, וועלכער קעמפט די גאַנצע צייט פאַר אַ פרייען אריינגאַנג אין די אויגן און אזוי געזעגן איך זיך מיטן עלעקטריזירטן פלויט און „פאָר" ווייטער. ווען איך האָב געמאָלדן, אז איך בין פארביי דעם עלעקטרי־זירטן פלויט האָט זיך געטראָפן ווער ס'האָט געזאָגט: „דאָס איז נאָך גאָרנישט, ארויסגיין איז נאָכנישט מעגלעך. ווען וועלן מיר שוין אַריבער דעם שאָסיי און זיין אונטערן אָפענעם פעלד, הינטער די שמירה־ליניעס? דעמאָלט וועלן מיר וויסן, אַז דער ענין איז שוין אין אונדזערע הענט!"

די ערשטע פראַגע אינדערפרי, ווען דו עפנסט די אויגן איז „וויפיל?" און די כוונה איז, וויפיל זעק ערד האָבן די גרעבער ארויס־גענומען ביינאַכט.

מיר שטייען ביים — 13־טן „קילאָמעטער" פון שאָסיי, וואָס פירט צי דער פרייהייט...

ו.

ביים 13־טן „קילאָמעטער" איז אויסגעגאַנגען די עלעקטרישע באַטעריעס און אין די טאָג־שעהן, ווען ס'איז נישטאָ קיין עלעקטריק זענען מיר געצוואונגען צו אַרבעטן ביים ליכט פון אַן אייל־לעמפּל. און אָט האָט זיך דאָס לעמפּל אויסגעלאָשן. אָבער ס'איז נישט שרעק־לעך. איך האָב אַ שאַכטל שוועבעלעך אַן איינגעוויקלטס אין אַ טרוקן שמאַטקעלע און ס'ליגט אין אַ זייט, געשיצט פון פייכטקייט און שוויס. איך צינד־אָן אַ שוועבעלע און אויך דאָס ווערט באַלד פארלאָשן און אַ שאַרפער ריח פון שוועבל צעגייט זיך אין טונעל. איך פּרוב אַ צווייט־מאָל און ווידער די זעלבע זאַך. אַ דריטס, אַ פערטס, נאָך אַ שוועבעלע און נאָך אַ שוועבעלע. בלויז אַ ריח פון שוועבל און אַ דערשטיקעניש. „סאראַ שוועבעלעך זענען דאָס?!" גייט־דורך אַ געדאַנק אין מיין מוח.

און פלוצים האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה: ס'איז נישטאָ געגנוג לופט עס פעלט זויער־שטאָף!

מיר מוזן ארבעטן אין דער פינצטער ביז ס'וועלן ווידער אָנקומען באַטעריעס. אריינצוברענגען זיי אין לאַגער אַריין איז נישט קיין פשוטע זאַך. נישט בלויז דו דאַרפסט אונטערקויפן עמעצן, ער זאָל עס אריינברענגען אין לאַגער, מ'דאַרף אויך זאָרגן פאַר דעם, ער זאָל נישט וויסן, וואָס ער בּרענגט אריין. און דערווייל איז פינצטער. דו טאַפּסט אָן מיט דער האַנט דעם פעלז, וואָס איז פאַר דיר, זוכסט אַ שפאַרע, שטעקסט אין איר אַריין דעם שטאַמאַייזן און קלאַפּסט מיטן האַמער. אָפּטמאָל פאַרוואונדעסטו דיר די האַנט ביז בלוט, אָבער דו פילסט נישט דעם ווייטיק ביי דער ארבעט. ס'איז נישטאָ קיין צייט צו דענקען וועגן דעם.

זויער־שטאָף איז טאַקע נישטאָ פאַרן ליכט, אָבער מיר קענען נאָך אויסהאַלטן אינעווייניק. נאָר ארויסגייענדיק פון דאָרט שפּירן מיר אַ מידקייט און אַ שוואַכקייט. און ביים גראָבן ארבעטן בלויז זעקס מענטשן. דאָס ערגסטע איז די נאַכט־אַרבעט. ביינאַכט ארבעט מען טאַקע ביי עלעקטרישן ליכט, אָבער צו מאָרגנס, נאָכדעם, ווי ביסט פאַרמאַטערט ביז טויט, און קוים, וואָס האַלסט זיך אויף די פיס, טאָרסטו נישט שלאָפן. ווייל קוים וועלן פרעמדע מענטשן, וועלכע קומען־אריין אין באַראַק זען, ווי שטענדיק שלאָפן ביי אונדז מענטשן אין מיטן טאָג, וועלן זיי פאַרשטיין, אַז אין די נעכט באַשעפטיקן זיי זיך מיט עפּעס אנדערש. ניין. מען טאָר נישט שלאָפן. מיט אַ גרויסער אנשטרענגונג האַלסטו דיינע שווערע פיס, און מאכסט דעם אָנשטעל, אַז ביסט נישט מיד, אַז דו ביסט היינט גלייך ווי נעכטן, אייערנעכטן. וועסט מיט זיי שמועסן, שפּילן אין קאָרטן, אין שאַך און וועסט טאָן אַלץ, וואָס ס'טוט אַ מענטש אין קרימינאַל — אין דעם דאָזיקן גראָען לעבן.

אויך ווען ס'זענען אָנגעקומען באַטעריעס, איז דאָס פאָרויסגיין געווען אַ פּאַמעלעכס. און די סיבה: דער פעלז. ס'איז אַדורך אַ וואָך און מיר זענען בלויז ביים 15־טן מעטער — צוויי מעטער אַ וואָך! ווען וועלן מיר דערגרייכן די ענדע, אויב מיר וועלן פאָרויסגיין מיט

אַזאַ טעמפּאָ?! אָבער ס׳מאַכט נישט אויס. מיר טרייסטן זיך, אַז ווען מיר וועלן אַדורך דעם שאָסיי וועלן מיר ווידער קענען „ארויפגיין" און דעמאָלט וועלן מיר פּטור ווערן פונעם פּעלז. דער אינערלעכער שאָסיי פונעם לאַגער איז נישט זיכער. יעדן טאָג פאָרט דורך אויף אים אַ לאַסט־מאַשין אָנגעלאָדן האָלץ און קוילן פאַר די קיכן פון אַלע לאַגערס. מיר האָבן מורא, די שווערע מאַשין זאָל נישט גורם זיין צו אַן איינבראָך, דעריבער מוזן מיר אַרונטערגיין וויפיל ס׳איז מעגלעך, וואָס מער אין דער טיף.

אַ פּאָר טעג נאָכן פאַרלעשן זיך דאָס ליכט, זייגער 9 אינדערפרי, באַווייזט זיך פּלוצים דער גרעבער פון טונעל.

„וואָס איז געשען? האָסט נאָך צוויי שעה צייט. פאַרוואָס ביסטו ארויס?"

„איך קען נישט. איך ווער דערשטיקט דאָרט. ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אז דאָס בלוט האָט מיר ארויסגעזעצט דורך דער נאָז און דעריבער בין איך ארויס".

אַ פּנים בלייך ווי קאַלעך. אין אַ פּאָר סעקונדן ארום ברעכט ער. מיר האָבן צו אים טענות: „אויב האָסטו זיך נישט גוט געפילט, נאָכוואָס ביסטו אַרונטערגעגאַנגען?"

„כ׳האָב זיך גוט געפילט".

„הער, זאָלסט אַזעלכע חכמות נישט מאַכן. אויב פילסטו זיך נישט גוט, איז ליבער רוען אַ טאָג, אַ נישט וועלן מיר מער פאַרלירן ווי געווינען!"

„באמת, זאָג איך אייך, איך האָב זיך גוט געפילט אינדערפרי, אָבער עס דוכט מיר, ס׳איז דאָרטן נישטאָ גענוג לופט. כ׳האָב נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם..."

דאָס איז שוין אַן אַנדערע זאַך. מיר פרעגן דעם, וועלכער האָט געאַרבעט ביינאַכט, ווי ער האָט זיך געפילט אינעווייניק: „ס׳איז מיר טאַקע געווען שווער אינעווייניק. כ׳האָב קוים געענדיקט די אַרבעט..."

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „פליען אין די סטראַטאָספערן".

נאָך דריי טעג איז זיך נישט מעגלעך געווען איינצוהאַלטן אינע־

ווייניק מער ווי איין שעה. נאָך ווייטערדיקע צוויי טעג איז עס שוין נישט געווען דערטרעגלעך.

*

ס'איז נאָך פאַראַן צו גראָבן 5 מעטער ביז מיר וועלן צוקומען פון אונטער דעם דאָרן־פעלד. דאָרטן וועלן מיר ארויסלאָזן אַ רער אינ־דרויסן ארויס און ס'וועט דורך אים אריין לופט. מען טאָר־נישט איבע־רייסן די אַרבעט! מ'רן מאָביליזירן אַלע מענטשן צום גראָבן. יעדער וועט ארבעטן אַ האַלבע שעה און וועט ארויסגיין.

און אָט הייבן זיך אָן די פרובן. און די פאָלגן זענען געווען: פון צווישן 20 מענטשן האָבן בלויז 10 געקענט דערגרייכן דעם סוף טונעל. און בלויז 5 האָבן געקענט אויסהאַלטן ביז אַ האַלבע שעה אַמהעכסטנס! זענען מיר איבערגעבליבן בלויז 5 גרעבער!...

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּאָכע פון אַרבעט, וואָס ס'איז פשוט שווער צו באַשרייבן. ווען דו דערגרייכסט 6 מעטער איז דיר שוין שווער צו רירן אַן אבר. אויך אָן דעם האָט דאָס קריכן אין טונעל פאַר־לאַנגט גרויס אָנשטרענגונג. דער קערפּער שפּאַרט זיך אָן אויף די עלנבויגנס און ציט זיך פאָרויס. איבערהויפּט ביי דער זייט פון די האָלץ־בעלקעס וועלכע האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם דאַך, איז דער טונעל געווען אזוי שמאָל, קוים מעגלעך געווען דורכצוקריכן. ווער ס'איז נישט געוואוינט צו דעם און האָט פאַרזוכט קריכן די גאַנצע לענג, פלעג ארויס פון דאָרט, אויך ווען ס'איז לופט געווען, מיט צעקלאַפּטע עלנבויגנס און אָנגעווייטיקטע בויך־מוסקולן. און איצט? איצט, ווען דו האָסט דערגרייכט העכער 8 מעטער האָסטו געפילט, אַז וועסט אַמהעכסטנס קענען ליגן נישט אַ ריר זיך צו טאָן. ווי אַן ארויס־געצויגענער פיש פון וואַסער עפנסטו דיין מויל און ווילסט עפּעס כאַפּן, וואָס איז נישט פאַראַן, כאַפּן וואָס, אָנצעפילן דעם חלל אין דער ברוסט. דו רוסט אַ מינוט און קלערסט: צי וועל איך קענען? ניין! ס'איז אָנמעגלעך... און טראָגן דעם, לענסטו ווידער אָן דעם גוף אויף די עלנבויגנס און ציסט פאָרויס. ארויסגיין? ס'איז נישט וויכטיק. אויך צו דעם איז נישטאָ קיין כוח... איז ליבער פאָרויס. און ווידער פעדער־סטו זיך און דו הערסט איבערהויפּט נישט דעם „קאָנצערט" דיינעם.

דאָס שווערע אָטעמען און דאָס קול איז אזוי שרעקלעך, אז דיין חבר וועלכער זיצט אין עפנונג פון טונעל און געניסט דערווייל פון דער לופט שטעקט־ארײַן זײַן קאָפּ אינעווייניק און הערט זיך איין. ער דענקט, אז נאָך אַ ווײַלע וועסטו אויפהערן צו אָטעמען, ווייל אזוי צו אָטעמען, קען נאָר אַ מענטש ווען ער גוססעט... אַ פערטל שעה ביז דו קומסט־צו, ביז דו מאַכסט דורך 15 מעטער. דא, טוט דער לאַמטערן אויפן שטערן, ווי ביי קוילן־גרעבער, דיר באַשווערן און ציט דעם קאָפּ אַרונטער. ס׳איז דיר הייס אין נאָז, אין די אוירען, אין מויל. „נאָך אַ סעקונדע וועט דאָס בלוט ארויס״. אָבער דו קלערסט נישט וועגן גאָר־נישט. דו ביסט נישט מסוגל צו קלערן. אפשר צוויי ווערטער בלויז, הערן זיך אין דיינע אויערן ווי אַ ווידערקול פון אַ ווייטע מחשבה: טונעל... פרייהייט...

מיטן כוח פון די צוויי ווערטער נעמסטו דעם האַמער אין איין האַנט און אין דער צווייטער דעם שטאַמאייזן און מיט יעדן קלאַפּ איבערן שטאַמאייזן פאַלט דיין קאָפּ ארונטער. דו ווילסט עפּעס כאַפּן אין רוים, דאָס מויל איז אָפן און דו אָטעמסט. און יעדער אָטעם איז אַ לאַנגער, לאַנג און באַגלייט מיט אַ פייף אָדער עפּעס אַ כאַרטשע, וואָס קומט ארויס פון דער ברוסט... און אומזיסט... דו קלאַפּסט ווידער אויפן שטאַמאייזן. אַמאָל דוכט דיר, אז ביסט בלויז מיד. וועסט אביסל רוען און וועסט קענען ממשיך זיין. לייגסט אַוועק דעם קאָפּ אויף דר׳ערד אָדער אויפן אָרעם. אָבער ניין, דאָס ענדערט נישט... נאָך אַ פּאָר קלעפּ... ביז ס׳וועט זיך אָנזאַמלען „אַ וועגעלע״ ערד.

דער האַמער פאַלט דיר ארויס פון האַנט. רוען. אביסל. בלויז... רוען... ניין... וועסט שטאַרק קלאַפּן... אָט־אָט... דער בלאָק... אויב ער וועט ארויס... וועט זיין אַ וועגעלע... כ׳וועל נישט קענען... נאָך אַביסל...

איצט קענסטו שוין נישט האַלטן דעם האַמער אין האַנט. ער פאַלט דיר ארויס יעדעס מאָל ווען דו הייבסט אים אויף. דער שטאַמאייזן גליטשט זיך איבער דער וואַנט ווען דו שטעלסט אים אָן אויפן פּלאַץ, וואָס ס׳קומט דיר פּאָר, אַז ער וועט לייכט אַריין. דעם קאָפּ איז שוין

שווער אויפצוהייבן. סאַראַ געוויכט! סאַראַ היץ אין די אויערן, אין מויל, אין נאָז, צי איז דאָס בלוט שוין ארויס?

איצט... ארויס?... כ׳וועל נישט קענען... ס׳איז אלץ איינס... ארויס אָדער איבערבלייבן... כ׳וועל נישט דערגרייכן — ביז דער עפנונג... ס׳האַרץ!... וואָס שווילט דאָרט אויף... אין די ריפּן?... צוריק שטופן... נאָך?.. ס׳איז אוממעגלעך... נאָך אַביסל וועט זיין לופט... נאָך... נאָך... נאָך אַביסל... איצט רוען...

...ווען דו דערגייסט ביזן סוף גיט דיר פלוצים אַ זעץ אַ כוואַליע לופט. אַ סעקונדע דערמונטערסטו זיך, אָבער באַלד לאָזט זיך ווידער דיין קאָפּ אַרונטער. אַך, ליגן אַזוי אין דער עפנונג פון טונעל און איינדרימלען! נישט רירן זיך! און אָט טרייסלט דיר דיין שותף: „נו, גיי שוין אַרויס!"

„אַ מאָמענט... אַ מאָמענט... תיכף, איך גיי שוין אַרויס, רוק זיך".

„האָסטו געמאַכט אַ קאָנצערט!" — און ער העלפט דיר אויפשטיין. רוסט ווידער, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. און ווי שווער דער קאָפּ איז! די ווייטיק אין די שלעפן! מ׳העלפט דיר ארויפציען דיין קערפּער.

— — — ווען דו וועקסט זיך אויף ביסטו שוין אין בעט.

דריי וואָכן ציט זיך די אַרבעט אין דער „סטראַטאָספער". די גרעבער צעטיילן זיך אויף דריי סאָרטן. אַ טייל ברעכט נאָכן ענדיקן די אַרבעט און אַ טייל האָט זיך „צוגעווינט" צו חלשן. שטענדיק וואַרט מען אויף דיר מיט לימענעס און מיט אַ פייכטן האַנטוך. אָבער איין זאַך איז געמיינזאַם: קאָפּ ווייטיק. אין משך 8—12 שעה האַלט דער קאָפּ ביים פּלאַצן. סאַראַ שרעקלעכע ווייטיק!

ווען איינער קומט־אַרויס גייט דער צווייטער אַריין אין טונעל. אַריינגייענדיק לאַכט ער פון זיין פאַרגייער, וואָס האָט געחלשט אָדער געבראָכן און ער ווייסט, אז נאָך אין אַ האַלבע שעה אָדער 45 מינוט אַרום, וועט ער אויך זיין אין אַזאַ לאַגע.

איבעררייסן די אַרבעט איז נישט מעגלעך, כאָטש מיר פעדערן זיך נישט מער ווי 10 סענטימעטער אַ טאָג. זאָלן מיר בלויז אַריבער די פינף מעטער. און דערווייל פּרובן מיר ליקווידירן דעם פּראָבלעם פון לופט.

ס׳וווערן געמאַכט פּרובן צו שאַפן אַ בלאָזאַק אָדער אַ לופט פּאָמפּע. מיר זעצן־אַריין אַ רער פון צוויי אינטש, מען מאַכט אַ בלאָזאַק און מען פּרובט די פּאָמפּע. דער רעש, וואָס ווערט איז שרעקלעך, און לופט איז נישטאָ! מיר פאַרזוכן אָפּשיידן וואַסער דורך עלעקטריק און אָנפילן פלעשער זויער־שטאָף. די פאַרזוכן געלונגען נישט. דער שטראָם פון אונגדזערע באַטעריעס איז צו שוואַך און אַן אַנדער עלעקטרישער שטראָם פאַסט נישט. און ווידער פאַרגייען טעג און נעכט מיט מוח־אָנשטרענגונג: ווי אַזוי אַריינפירן לופט אין טונעל אַריין? מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ מין פויק, וועלכע דער, וואָס זיצט אין „סאַלאָן" ציט מיט אַ שטריק אַהין און צוריק. ווען די פויק פלעג צוקומען צום פלאַץ האָט זי זיך פאַרמאַכט און אויסגעליידיקט דעם „לאַסט" פון לופט. פון אנפאנג האָט זיך אויסגעוויזן, דורך סוגעסטיע, אז ס׳העלפט אין אַ געוויסער מאָס, אָבער די לונגען איז שווער צו נאַרן. די טוסט ווייטער אָטעמען... אַ ליידיקייט, אָדער אַמהעכסטנס, רעשטלעך קויל־דאָפּל־זויער, וואָס דער קערפּער גיט נאָך אַרויס.

מיר צייכנען־אויף כל מיני בלאָזערס זאָלן ארבעטן שטיל און נוצלעך. איצט האָבן מיר נישט מער קיין מאַטעריאַל, וואָס זאָל נישט דורכלאָזן לופט. אַלע רעגנמאַנטלען, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט האָבן מיר שוין ביי די פריערדיקע פּרובן צעשניטן און געמאַכט פּאָמפּעס, וואָס זענען געווען רעשנדיקע און שוואַכע.

דער לעצטער פּרוב מוז געלונגען. ביי אַ פּאָליציאַנט האָבן מיר צוגענומען אַ פּאָליצײ־רעגנמאַנטל און געהאַלטן אים אַ פּאָר טעג אויף אַ „נייטראַלן" פּלאַץ, ביז דער באַגנבעטער האָט אויפגעהערט זוכן דעם מאַנטל און אים פאַרגעסן. דערנאָך האָבן מיר געבראַכט דעם מאַנטל אין באַראַק אַריין. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לאַטרון זענען נישט פאַראַן קיין שויבן ביי די פענסטער. אַנשטאָט שויבן איז פאַראַן אַ מין פאַרגאַמענט פּאַפּיר באַדעקט מיט אַ דינער שיכטע זעגעכץ. דאָס פּאַפּיר ווערט נישט פייכט. איז אַ סימן, אז ס׳וועט לופט אויך נישט דורכלאָזן. פון די ליידיקע באַראַקן, וואָס זייערע לאָדנס זענען שטענדיק אַרונטערגעלאָזט, האָבן מיר אַרונטערגענומען די „שויבן". פון באַנקעס, וואָס האָבן אַ מאָל געדינט פאַר בענזין און איצט

דינען זיי פאַר מיסט, האָבן מיר געמאַכט רערן און אַרום און אַרום גוט פאַרקלעבט מיט די „שויבן". און נאָך דריי וואָכן עקספּעראַמענטן איז געשאַפן געוואָרן דער „אַקאָרדיאָן", — אַ בלאָזער אין געשטאַלט פון אַן אַקאָרדיאָן, דאָס מאַטעריאַל פאַר אים האָט געדינט דער רעגנ־מאַנטל פון דער פּאָליציי. אויך אַ גומענעם שלויך פון פינף מעטער האָבן מיר געקראָגן (ס'איז דאָך פאַראַן אַ גערטנדל אין לאַטרונער לאַגער, אַ בלומען גערטנדל נעבן הויפּט־טויער און מען באַגיסט עס מיט אַ שלויך)...

נאָך אַ פּאָר שעה פון קאַטאָרזשנע אַרבעט איינצוריכטן אַ רער אין טונעל, ליגן אויפן רוקן, פאַרבינדן רער צו רער און באַפעסטיקן אים אויבן צום ווינקל איז געלעזט געוואָרן די פראַגע פון לופט.

נאָך דריי וואָכן אַרבעט אין דער „סטראַטאָספער", האָבן מיר זיך פלוצים געפונען אין אַ ספערע וואו ס'איז פאַראַן לופט, אין וועלכער אַ מענטשליך וועזן קען עקזיסטירן!

נאָך אַ פּאָר טעג זענען מיר אַריבער אויף דעם שאָסיי. מען דאַרף נישט מער קיין לימענעס און נישט קיין פייכטן האַנטוך, מיר אַרבעטן ווידער טאָג און נאַכט אָן חלשן און אָן ברעכן! איצט פאָרויס!

*

אין דער צייט פון בויען דעם טונעל, האָבן מיר געאַרבעט אין שרעקלעכע באַדינגונגען. שעה אויף שעה ליגן אין בלאָטע, אין פייכט־קייט און אין קעלט, אָן שלאָף און אָן רו. ס'איז אפשר אַ וואונדער, אַז קיינער פון אונדז איז נישט קראַנק געוואָרן, אויף לונגען־אנטצינדונג, אויף שווינדזוכט, און נישט אויף קיין שום אַנדער קראַנקהייט. דוכט מיר, די איינציקע דערקלערונג איז: דאָס דערהויבן זיך פונעם גייסט איבער דער מאַטעריע.

קיין מענטש וואָלט נישט געקענט ביישטיין צו אַרבעטן אין באַ־דינגונגען אין וועלכע מיר האָבן געאַרבעט און געלעבט נישט האָבנ־דיק די מאַטיוון וועלכע האָבן אונדז באַוואויגן.

## ז.

פאַראַן זאַכן, וואָס איז שווער צו דערציילן וועגן זיי אין כראָנאָלאָ־גישן סדר. ווען עמעץ פרעגט אַמאָל: ווי האָט איר פונאַנדערגעשפּרייט די גאַנצע ערד?" — איז פּשוט שווער צו ענטפערן דערויף. פאַרשטייט זיך, אַז איינס פון די הויפּטמיטלען פאַרן פונאַנדערשפּרייטן די ערד איז געווען אונדזער גערטנדל. אָבער וויפיל צענדליקער איינפאַלן האָבן מיר אויסגעפונען?! טאָג־טאָג פלעגן זיך שאַפן נייע שווערעקייטן פאַרן פונאַנדערשפּרייטן די ערד. אָט האָבן מיר אַ פעלז. און אָט ברוינע ערד. און אָט זענען שוין אויך די בייטן צו הויך און מ'קען מער נישט צוגעבן. יעדעס מאָל נייע זאָרגן און נייע איינפאַלן. ס'איז שווער פּשוט אויסצורעכנען אַלע וועגן און אַלע פאָרטלען מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַנוצט פונאַנדער־צושפּרייטן די ערד.

און דאָס פונאַנדערשפּרייטן די ערד איז נאָכנישט דער איינציקער פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען פאַר אונדז. עס זענען געשטאַנען פאַר אונדז נאָך שווערעקייטן, וואָס אויף אַ שטענדיקן אופן האָבן מיר גע־דאַרפט זיי בייקומען און אויך וועגן זיי איז שווער צו דערציילן מיט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. די באַדינגונגען אין וועלכע מיר זענען געווען אין לאַטרונער לאַגער, האָבן אונדז געצוואונגען איינטיילן דאָס בויען דעם טונעל אמווייניקסטן אין פיר פאַרשידענע געביטן, מיט וועלכע מען האָט געמוזט אָפּערירן אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָניע. און דאָס זענען די געביטן:

1. דאָס גראָבן דעם טונעל.

2. דאָס געפינען וועגן פאַרן פונאַנדערשפּרייטן די ערד די מאַכט און די איבעריקע פאַרהאַלטענע זאַלן נישט באַמערקן.

3. דאָס אויסגעפינען מאַטעריאַלן וועלכע נויטיקן זיך צום בויען, ווי ברעטער, עלעקטרישע־דראָטן און באַטעריעס, מכשירים צום גראָבן און צוגרייטן די שטיצער, זעגן דאָס האָלץ, לופט־פּאָמפּעס, רערן א"אַ"וו.

4. דער „דיפּלאָמאַטישער" געביט ווי מיר האָבן אים גערופן.

זייער שווער צו דערציילן וועגן דעם בויען דעם טונעל און ביי יעדן שטאַפּל און שטאַפּל, דערמאָנען די שווערעקייטן און סכנות, די

איינפאַלן און המצאות. כדי דאָס אַלץ דערמאָנען, וואָלטן מיר געדאַרפט שרייבן גאַנצע בענדער. נישט איינמאָל פלעגן מיר זאָגן: „אַ פאַר־ברעכן איז, וואָס מיר פירן נישט קיין טאָגבוך!"...

און היות מיר האָבן נישט געשריבן קיין טאָגבוך, איז שווער היינט דאָס אַלץ איינטיילן אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר. און אויב אלע געביטן פון אַרבעט האָב איך באַרירט און געמאלן אין אלגעמיינע שטריכן און אַביסל אויך דערציילט פון די איינפאַלן און פאָרטלען האָב איך אבער דעם געביט פון דער „דיפלאָמאַטיע" איבערהויפּט נישט באַרירט. און איצט איז געקומען די צייט עס צו טאָן. און אויך דאָס בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן, ווייל ס'וועט זיין צו פיל צו דערציילן אויב איך וועל אַלץ אויסרעכנען. בלויז די אמוויכטיקסטע מעשים וועל איך דאָ דערמאָנען.

*

אָט, אין אַ צוויי אָדער דריי מאָנאַטן נאָכן אריבערפירן אונדז קיין לאַטרון האָט זיך אָנגעהויבן אַ מסוכנדיקע פערמענטאַציע צווישן דעם רוב פאַרהאַלטענע, וואָס זענען שוין מיד געוואָרן פון גאָרנישט טאָן. זיי האָבן עפּעס־וואָס געוואָלט טאָן פאַר זייער באַפרייאונג. ס'זענען ביי זיי פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען געווען אָפּגעשלאָסן און אין געהיים, עס זאָל זיך נישט קיין זאַך וועגן דעם־צו אונדז אריבערגנבענען. אָבער מיר האָבן אַלץ געוואוסט. פון אָנפאַנג האָבן מיר אָפּגעשיידט צוויי מענטשן וועלכע זאָלן שפּילן די ראָל פון אונדזערע קעגנער און זיי זענען באַטייליקט געווען אין די געהיימע פאַרזאַמלונגען און האָבן וועגן אַלץ געוואוסט.

דאָס איז אפשר געווען דער שפּאָט פון גורל, אַז אין אַ קאָנצענ־ראַציע־לאַגע, פאַר „טעראָריסטן", זאָלן זיצן מער אומשולדיקע מענטשן ווי „טעראָריסטן" ממש. און די אומשולדיקע, וועלכע די געהיימפּאָליציי האָט איינגעזעצט האָבן אין אונדז געזען די שולדיקע אין זייער אומ־גליק. זיי זענען גרייט געווען אלץ צו טאָן פאַר זייער באַפרייאונג. זיי האָבן בלויז געוואָלט ארויס און לעבן זייער לעבן, דאָס פּריוואַטע און בירגערלעכע רואיקע לעבן. און אָט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ס'איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אונדזערע קעגנער

וואו ס׳האָט איינער פאָרגעשלאָגן צו שרייבן אַ בריוו דער געהיימ־פּאָליציי און אויסגעבן ווער ס׳זענען די מענטשן, וועלכע זענען געבליבן געטריי דער אידיי און בעטן צו באַפרייען די איבעריקע מענטשן. אַ גערוף פון אַן עפנטלעכער און קאָלעקטיווער מסירה האָט זיך געפילט פון דעם פאָרשלאָג. אָט ביז וואַנען עס דערגרייכן מענטשן אין זייער פאַרצווייפלונג!

מיר טאָרן נישט אויסגעבן, אז מיר ווייסן וועגן דעם באַשלוס. ער איז טאַקע נאָכנישט אָנגענומען געוואָרן, אָבער זיי דיסקוטירן וועגן אים און ס׳קען זיין, אַז מאָרגן וועלן זיי באַשליסן עס אויסצופירן. מיר מוזן פאַר יעדן פרייז צענישט מאַכן דעם בונד! אומדזערע מענטשן וועלכע זענען געווען אויסגעמי׳שט מיט די קעגנער און זענען פאַרעכנט געווען אלס געטריי ביי זיי, האָבן געפירט פּראָפּאַגאַנדע קעגן אַזאַ טאָט. אָבער דאָס איז ווייניק. דאָס גיט נישט די גוואַראַנציע, אז זיי וועלן עס נישט מאַכן. מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן דער אידיליע וועלכע האָט געהערשט בעתן משא ומתן מיט די ענגלענדער, ווען אַלע זענען פלוצים געוואָרן געטרייע „שטערניסטן”. אין אַזאַ אידיליע גייט־קן מיר זיך ווידער. צוויי חדשים. נישט מער. (שטענדיק האָבן מיר געקלערט, אז ס׳איז נישט איבערגעבליבן מער ווי צוויי חדשים) ווי דערגרייכט מען עס?

אין דער צייט איז ביי אונדז געווען אַ ירושלימער בחור, וועלכער איז געזעסן אין באַראַק פון די איבעריקע געטרייע מענטשן צו דער אידיי. די משפחה פון דעם בחור האָט פאַר יאָרן עמיגרירט קיין אמע־ריקע און ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און איז געבליבן. נאָכן ארעסטירן אים, האָט די משפחה זיינע אין אמעריקע אָנגעהויבן זיך באַמיען צו באַפרייען אים, ער זאָל פאַרלאָזן דאָס לאַנד און קומען צו זיי. און אָט האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז די אָנשטרענגונגען פון די עלטערן האָבן געבראַכט פרוכט. דער אמעריקאַנישער קאָנסול פאַר־אינטערעסירט זיך מיט אים. און צו ענדע האָט דער קאָנסול מודיע געווען, אז ער מאַכט אָנשטרענגונגען משפיע צו זיין אויף דער געהיימ־פּאָליציי זי זאָל אים באַפרייען און, אז ס׳איז פאַראַן גוטע אויסזיכטן. באַלד נאָכן דערוואוסן זיך וועגן דעם, האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק

ביי אונדז אין מוח. „קודם כל" — האָבן מיר אים געזאָגט — „האַלט דיין פּאַרן קיין אַמעריקע בסוד. קיינער דאַרף דערפון נישט וויסן".

און באַלד, האָבן מיר אָנגעהויבן פּאַרווירקלעכן דעם געדאַנק.

מיר האָבן געוואוסט: „אויב דו ווילסט עפּעס פאַרעפּענטלעכן, געפּון דיר אַ מענטש אַ פּאַסיקן און דערצייל אים וועגן דעם בסודי סודות". און „פּאַסיקע מענטשן" צו דעם פּעלן נישט אין קיין שום פּלאַץ, אויך נישט צווישן אונדזערע קעגנער אין לאַטרון. און תוך כדי פּאָליטישער דיסקוסיע, האָט משפּיע געווען איינער פון אונדזערע מענטשן אויף זיין פּאַרטנער („דעם פּאַסיקן מענטש"), אַז ער זאָל קיינעם נישט דערציילן דעם סוד וועלכן ער וועט אים אַנטדעקן. יענער האָט געשוואָרן נישט איבערצוגעבן קיינעם, אפילו אַ וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט געהערט. און אונדזער חבר דערציילט אים דעם „סוד":

„אונדזערע מענטשן אין דרויסן זענען געקומען צו אַן אָפּמאַך מיט די פּאָרשטייער פון אמעריקאַנישן מיליטער. אמעריקע וועט אונדז העלפן. איינס פון די ערשטע זאַכן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן צוגעזאָגט, איז מטפּל זיין מיט אונדזערע ארעסטאַנטן. אין צייט פון מלחמה קענען זיי אונדז נישט העלפן אין קאַמף קעגן דער בריטישער רעגירונג, אָבער דעם ענין פון אונדזערע ארעסטאַנטן וועלן זיי איינאָרדנען. זיי זענען מסכים אריינצולאָזן קיין אמעריקע אויף אַן אומבאַגרענצטער צייט אונדזערע מענטשן וועלכע זיצן אין פאַרהאַלט און וועלן זיך משתדל זיין ביי דער מאַכט אויף דעם סמך צו באַפרייען אונדז. קודם וועלן גיין די, וועלכע האָבן קרובים אין אמעריקע. דערנאָך ווער ס'וועט מסכים זיין צו דינען אין אמעריקאַנישן מיליטער. און דערנאָך די אנדערע. דער אַמעריקאַנישער קאָנסול האָט זיך שוין געווענדעט צו אונדזערע מענטשן אין דרויסן זיי זאָלן איבערגעבן אַ רשימה פון די וואָס זיצן אין פאַרהאַלט. ער האָט אויך פאַרלאַנגט פּרטים וועגן זייער פאַמיליע־צושטאַנד, אא"וו..."

ס'איז איבעריק צו באַמערקן, אַז אין משך פון אַ פּאָר שעה האָט געוואוסט דעם סוד וואָס איז דערציילט געוואָרן „בסודי סודות" דער רוב מענטשן פונעם לאַגער. און די הויפּטזאַך, ס'האָבן געוואוסט וועגן אים די הויפּט רעדנער פון די צעבראָכענע. און ווער וועט דערקענען

האָבן צו פאַרברענגען אַ פּאָר יאָר אין פרייען אמעריקע אַנשטאַט אין קרימינאַל? כדי דערגרייכן דאָס איז נויטיק צו זיין אויף דער ליסטע, וואָס וועט דערלאַנגט ווערן דעם אמעריקאַנער קאָנסול. און ווער וועט דערלאַנגען די רשימה? ל.ת.י.! איצט דאַרף מען תשובה טאָן. און ווי אַמשנעלסטן!

און מיר זענען ווידער געוואָרן אויב נישט קיין מיניסטאָרן איז כאָטש אמעריקאַנער קאָנסולן. יעדער פון די צעבראָכענע מאַכט אַ „דערנענטערונגס־אָנגריף" אויף אונדז. זיי דענקען, אַז מיר ווייסן נישט, אַז זיי ווייסן דעם „סוד". און מיר נעמען זיי אויף גאַנץ פיין. ס'הערשט ווידער אַן „אידיליע". זי פאַרשטאַרקט זיך נאָך, ווען אין פאַרלויף פון אַ פּאָר טאָג ווערט באַפרייט דער בחור, וואָס דאַרף פאָרן קיין אמערי־קע, און אלע ווייסן אז ער גייט גלייך פון דאַנען ארויס צום חיפה'ער פּאָרט און פון דאָרטן מיט אַ שיף קיין אַמעריקע.

אלע זענען געוואָרן „שטערניסטן".

און אין די אָוונטן לאַכן מיר, מ'דערציילט איינער דעם אנדערן וועגן דעם חנפענען זיך פון די „אמעריקאנער", וואָס דענקען, אז מיר קלערן, אז זייער ליבשאַפט צו אונדז איז נישט אָפּהענגיק פון עפּעס...

ווי נאַריש זענען מענטשן ווען זיי דערגייען צו פאַרצווייפלונג.

*

נאָר נישט בלויז אין אַן „אידיליע" בויטיקן מיר זיך. עס פאַרלאַנגט זיך אויך אַ „דיפּלאָמאַטישע" טאַט צו באַקומען פּראַקטישע זאַכן, וואָס זאָלן דערמעגלעכן דאָס בויען דעם טונעל. מיר מוזן וויסן, וואָס עס טוט זיך אין ביורא. וואָס קלערט וועגן אונדז די מאכט פון לאַגער. מיר זענען פאַראינטערעסירט פאַר ספּעציעלע אָרדנונגען וועלכע זאָלן אונדז דערמעגלעכן די ערד און שטיינער ארויסצונעמען אויסערן געביט פון לאַגער. און דאָ דאַרף איך ווידמען אַ ספּעציעלן קאַפּיטל איינעם פון מיינע טייערע פריינד, איינעם פון אונדזערע בעסטע און טאַלאַנט־פולע מענטשן. אייביק וועלן מיר נישט מוחל זיין די ענגלענדער פאַרן דערמאָרדן אים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין אביסיניע. דאָס איז געווען שאול גלילי וועלכער האָט געמאַכט דאָס רוב פון אונדזער „דיפּלאָמאַטישער" אַרבעט.

*

מיר דאַרפן, אז דער פאָרשטייער פון די פאַרהאַלטענע פאַר דער מאַכט פון לאַגער זאָל זיין איינער פון אונדז. ווער קען דאָס זיין? פאַרשטייט זיך אַז שאול איז דער מענטש.

מיר זענען די מינדערהייט אין לאַגער און דעם פאָרשטייער וויילן־אויס די פאַרהאַלטענע אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. מיר דאַרפן זאָרגן, אַז דער פאָרשטייער, וואָס פאַרטרעט אונדז אין דעם מאָמענט, זאָל זיך אָפּזאָגן און אויף זיין פלאַץ זאָל געוויילט ווערן שאול. מיר פאַרשפרייטן אַ קלאַנג, אז די מאַכט האַלט ווידער ביי אַריבערשיקן מענטשן אין עכו־פעסטונג. זיי וועלן איבערפירן די „געפערלעכע". און די ערשטע וועלכע זיי וועלן איבערפירן וועלן זיין די, וועלכע האָבן אין דער לעצטער צייט אויסגעפירט די אויפגאַבע פון אַ פאָרשטייער — „סופּערוויזער". אַן רעזולטאַט פון דעם קלאַנג, זאָגט זיך אָפּ דער פאָרשטייער, באַגרינדנדיק די סיבה פון זיין אָפּזאָגן זיך מיט דער לאַגע פון זיין געזונט. עס קומט פאָר אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע פאַרהאַלטענע און ס׳שטעלט זיך אַרויס, אַז קיינער וויל נישט אויספילן אַזאַ געפערלעכע אויפגאַבע. אלע, אָן אָנטערשיד, בעטן פלוצים שאול־ן ער זאָל אויף זיך נעמען די אויפגאַבע. און נאָכדעם, ווי מען האָט אים שטאַרק געבעטן — האָט ער מסכים געווען.

שוין אין אָנפאַנג פון זיין טעטיקייט אַלס אונדזער פאָרשטייער האָט שאול דערפינדן כל מיני נייע וועגן אויף אַרויסצופירן די ערד מחוץ דעם לאַגער: מיר שפּרייטן־פונאַנדער אַביסל שטיינער אין הויף פון לאַגער און „צוליב ריינלעכקייט" רופט שאול די דיזשורנעס פון ריינלעכקייט און באַפעלט זיי צוזאַמענהויפן די שטיינער אויף איין הויפן, אין איינס פון די ווינקלען. אין אָונט וואַקסט דער הויפן אויס אויף טאָפּלט, ווייל מיר האָבן אים צוגעלייגט „לאַדונגען" בעתן געווען־ לעכן שפּאַציר אין די פינצטערע שעהן. אינדערפרי ווענדעט זיך שאול צום קאָמאַנדיר פון דעם לאַגער און בעט אים, ער זאָל שיקן אַ פאָר אַראַבישע אַרעסטאַנטן זיי זאָלן מיט טאַטשקעס ארויספירן דאָס מיסט און די שטיינער פונעם הויף. און אָט קומען די אַראַבישע אַרעסטאַנטן.

דאָס זענען גנבים, פאַרמשפּטע אויף קורצע אַרעסט־טערמינען. זיי קומען מיט טאַטשקעס, פילן זיי אָן מיט שטיינער און שאול פירט־אָן די אַרבעט. ער עצהעט זיי אַרבעטן פּאַמעלעך. טיילט זיי סיגאַרעטן און ברויט מיט מאַרמעלאַדע און דערקלערט זיי, אַז פאַר דער רעגירונג דאַרף מען נישט שווער אַרבעטן. „איר וועט היינט אַרויספירן אַ האַלבן הויפן און מאָרגן וועט איר ווידער קומען". און זיי ווייסן, מאָרגן וועלן זיי ווידער באַקומען סיגאַרעטן און ברויט מיט מאַרמעלאַדע און דער „חאַוואַדשאַ" שאול איז אַ גוטער מענטש און צומאָרגנס קומען זיי ווידער:

דעם האַלבן הויפן פירן זיי ווייט אין פעלד־גרויס און די צווייטע העלפט בלייבט „אויף מאָרגן". און זיי פרייען זיך [illegible] זיי טרעפן צומאָרגנס דעם הויפן אָנגעוואַקסן. און אַזוי קומען זיי כמעט יעדן טאָג. און כל זמן מיר האַקן דעם טונעל אין פעלז, וועט נישט פעלן קיין שטיינער...

*

שאול האָט אויך געמאַכט אַ גרויסן רושם אויפן אָנפירער פונעם לאַגער. זיי זענען געוואָרן פריינד. די זאַך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער קאָמאַנדיר פירט מיט אים אינטימע געשפרעכן. ער גלויבט אין אים. אין איינעם אַ טאָג זאָגט צו אים דער קאָמאַנדיר: „מיין פריינד, מאָרגן האַלט די געהיימפּאָליציי ביי מאַכן אַ רעוויזיע אין לאַטרון. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין פאַרשידענע פלעצער פעלן עלעקטרי־שע דראָטן און מען איז חושד די נאַציס אַז זיי האָבן איינגעאָרדנט דאָ אַ געהיימען זענדער. דערציייל עס נישט קיינעם. איך ווייס, אַז אויך ביי דיר אין לאַגער האָבן די מענטשן געלד און אומלעגאַלע בריוו. איך ווייס, איך ווייס אַלץ. זאָרג מען זאָל ביי זיי מאָרגן נישט טרעפן די דאָזיקע זאַכן. פאַרשטייסט, אויב די געהיימפּאָליציי וועט עס געפינען, וועלן זיי מאַכן אַ רעש און מיך וועלן זיי באַשולדיקן, אַז איך פּאַס נישט אויף ווי געהעריק אויפן לאַגער. פאַרשטייסט?... זיי פאַרשטייען נישט, אַז ס'איז אוממעגליך צו פאַרהיטן אַזעלכע זאַכן... זאָרג, אַלזאָ, אַז מען זאָל גאָרנישט פאַקן..."

„אין וועלכער צייט וועלן זיי קומען?" — פרעגט שאול — „איך וועל דאָך נישט קענען קומען צו די מענטשן און דערציילן, אז דו האָסט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן וועט זיין אַ רעוויזיע. איך וויל אין לעצטן מאָמענט זיי מעלדן, אז איך האָב באַמערקט אַ פאַרדאַכטע באַוועגונג פון מאַשינען אויפן שאָסיי..."

„זייער ריכטיק. דו ביסט דער איינציגער דאָ, אויף וועלכן איך פאַרלאָז זיך. קיין שום אַנדערן וואָלט איך נישט אויסגעזאָגט די זאַך! זיי וועלן קומען, ווייזט־אויס, 8 אַ זייגער אינדערפרי. אזוי האָט מען מיר געמעלדן" — און דער אַנדערער קלאַפּט אים פריינטלעך אויפן אַקסל.

צומאָרגנס, 7 אַ זייגער אינדערפרי נעמען מיר אַלץ ארויס פונעם באַראַק. מיר לאָזן איבערגעבליבן בלויז די ווענט און דער דיל. און מיר הייבן־אָן אַן אַלגעמיינע רייניקונג. אַלץ, אַלץ ווערט אָפּגעשווענקט מיט וואַסער. דער דיל איז פול וואַסער אין דער הייך פון 15—10 ס"מ, די ווענט זענען נאַס. אינדרויסן ברענט מען די וואַנצן פון אונדזערע האָלצערנע בעטלעך. נאָכן אַרויסנעמען די בעטלעך, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דאָס רייניקן, איז שאול אַרויס אינדרויסן ארויס, גלייך ווי ער גייט אין ביוראָ, און קערט זיך תיכף אום אין לאַגער און איז מודיע אלע יידן, אז ערשט האָט ער זיך דערוואוסט, אז באַלד וועט זיין אַ רעוויזיע. אויך מיר מאַכן דעם אָנשטעל ווי ערשט, האָבן מיר זיך דערוואוסט און ס'איז בלויז אַ צופאַל, אז מיר האָבן אַלץ אַרויסגענומען פון באַראַק און מיר רייניקן אים. אויך די אַראַבער האָט שאול געמאָלדן וועגן דער רעוויזיע, וואָס דאַרף פאָרקומען.

היות ווי די רעוויזיע איז אן איבעראַשונג (אזוי דענקען די אָפיצערן פון דער געהיימפּאָליציי). וואונדערט עס זיי נישט, אז מיר רייניקן דווקא היינט דעם באַראַק. זיי קומען, זוכן אין די בעטן און אין די זאַכן אינדרויסן. צוויי סערזשאַנטן פון דער געהיימפּאָליציי גייען־אריין אין באַראַק, דאָס וואַסער דרינגט זיי אַריין אין די שיך און זיי איילן זיך אַרויסצוגיין זעענדיק דעם באַראַק אַ ליידיקן פאַרגאָסן מיט וואַסער. שאול באַגלייט די שפּיצלען, בעט ביי זיי אַנטשולדיקונג און ווינצלט זיך: „אַ צווייט מאָל וועט איר אונדז צוווייסנגעבן פריער ווען

איר קומט וועלן מיר אָפּלייגן דאָס רייניקן אויף אַן אַנדערן טאָג..."
די אָפּיצערן צעלאַכן זיך פריינטלעך (ווייל מיט וועמען קען זיך נישט שאול באַפריינדן ?) און גייען אַוועק אַזוי ווי זענען געקומען.

און מיר ? ווידער איז אונדז אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרץ זעענדיק זיי איינשטייגן אין די מאַשינען און אַוועקפאָרן פונדאַנען.

— — — דער אָנפירער איז דאַנקבאַר געווען שאול'ן פאַרן פאַר־מיידן אים אומאַנגענעמלעכקייטן.

*

און אָט אַן אַנדערער ביישפּיל פאַר „דיפּלאָמאַטיע".

צווישן גאַנצן ערב־רב, וואָס די געהיימפּאָליציי האָט אַנגעטריבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אלס „פאַרדעכטיקטע אין טעראָר", איז געווען איין מענטש, אַ פאַרברעכער לויטן כאַראַקטער. און אָט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז ער קלערט צו אַנטלויפן. מיר זעען ווי אָפטמאָל כאַפּט ער אַ שמועס מיט איינעם פון די פּאָליציאַנטן. מיר פאַרשטייען וואָס ער וויל פון אים. ער וויל אַ צוואַנג. איינער פון אונדז הייבט זיך אָן באַפריינדן מיט אים. ער הייבט־אָן צו רעדן וועגן פּלענער אויף דער צוקונפט. און ס'איז לייכט זיך פאָרשטעלן די לאַגע פון אַן ערנסטן מענטש, וואָס דאַרף שפּילן אַ ראָל פון אַ פאַרברעכער און אנטוויקלען פּלענער פאַר שאַפן געלד מיט נידריקסטע וועגן, זיך באַרייכערן און לעבן אַ גוטן לעבן. נאָך אַ פּאָר טעג, פּלאַנעווען זיי שוין צוזאַמען אַנ־טלויפן. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס אַנטלויפן דורך דעם וועג מיט וועלכן דער דאָזיקער וויל זיך באַנוצן, האָט נישט קיין גרויסע אויס־זיכטן צו געלונגען. און אונדז איז עס גלייכגילטיק אויב ער וועט מצליח זיין אָדער נישט. וויכטיק איז, דער עצם פּרוב, וועט גורם זיין, אז מען וועט אַוועקשטעלן נאָך אַ שומר אויף דעם פּלאַץ פון וועלכן ס'וועט מעגלעך זיין צו זען די עפענונג פון טונעל ווען מיר וועלן צו איר צוקומען. מען דאַרף אַלזאָ, פאַרמיידן זיין פּרוב. ווי אַזוי ?

קודם כל, האָט דער „שותף" גענומען די צוואַנג, און האָט אָנגע־הויבן אָפּלייגן דעם טערמין פון אַנטלויפן. ער האָט אויך געמאַכט אַ רעכנונג, אַז דער בעסטער טאָג פאַרן אַנטלויפן איז זונטיק. פאַרוואָס ? דעמאָלט זענען די ענגלענדער שיכור. און דערצו קען מען נישט אנט־

לויפן אין אַ לבנה־נאַכט. קומט דערפון ארויס, אַז בלויז צוויי טעג אין חודש איז גוט צו אַנטלויפן. זיי גרייטן זיך און יעדעס מאָל געפינט זיך עפעס אַן אָפּהאַלט. „וועלן מיר אַנטלויפן די אַנדערע וואָך". צו ענדע איז נישט איבערגעבליבן קיין תרוצים — און דער פאַרשוין האָט מודיע געווען אונדזער חבר, אַז אויב ער וועט נישט גיין מיט אים אין דער דאָזיקער נאַכט אַנטלויפט ער אַליין.

מיר האָבן געוואוסט, אַז אונדזער בעל־דבר האָט געשריבן אַ בריוו צו דער געהיימפּאָליציי, אין וועלכן ער בעט קלאָר מאַכן זיין ענין און האָט געבראַכט באַווייזן, אַז ער איז אומשולדיק און זיין געזונט צושטאַנד דערלויבט אים נישט מער צופאַרבלייבן אין קרימינאַל און ער בעט מען זאָל אים באַפרייען. דער גורל פון דעם בריוו איז געווען, ווי־זט־אויס, ווי דער גורל פון אַ סך ענלעכע בריוו אַזעלכע אין דער צייט: ער איז אריינגעוואָרפן געוואָרן אין קאָרב און קיין תשובה איז נישט געגעבן געוואָרן.

און אָט דעם טאָג, אין וועלכן ער האָט פעסטגעשטעלט די דאַטע פון אַנטלויפן, און האָט אַוועקגעשטעלט דעם „אולטימאַטום" דעם „שותף" ברענגט אים שאול אַ בריוו פונעם ביוראָ. דער בריוו איז פון דער געהיימפּאָליציי, געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין און אונטערגע־שריבן פון איינעם פון די אָפּיצערן, וואָס זיין אונטערשריפט איז גוט באַקאַנט צווישן די פאַרהאַלטענע, און אויך דער זיגל פון ביוראָ געפינט זיך אויפן בריוו. פון דעם בריוו האָט זיך דער פאַרשוין דערוואוסט, אַז בקרוב וועט ער באַפרייט. מען וואַרט בלויז, אַז דער באַצירקס־הויפט־מאַן זאָל עס באַשטעטיקן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער בריוו איז דורך שאול'ן געשריבן געוואָרן בגנבה אויף דער שרייב־מאַשין און אויך די אונטערשריפט פונעם אָפּיצער איז געמאַכט געוואָרן דורך אים.

איצט קומט שוין דער „שותף" און פרעגט „נו, די נאַכט ?"

יענער הייבט־אָן צו שטאַמלען און נישט דערציילנדיק וועגן בריוו זאָגט ער: „איך פיל זיך נישט גוט. וועלן מיר עס אפּלעגן אויף דער קומענדיקער וואָך !"

די ראָלן האָבן זיך געביטן: פריער פלעג אונדזער מענטש, דער

„שותף״, אָפּהאַלטן און איצט לעגט יענער אָפּ דאָס אַנטלויפן. און דאָס אַנטלויפן איז אָפּגעלעגט געוואָרן ביז מיר זענען שוין דאָרטן נישט געווען...

ווען איך דערמאַן זיך אין דער „דיפּלאָמאַטישער״ אַרבעט אין יענע טעג, זע איך פאַר זיך שאול׳ן.

אַ סך פריינט האָב איך פאַרלוירן, וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף... אַ סך וועלן נאָך פאַלן... און דאָס האַרץ טוט וויי טאַקע אויף אַלע. אָבער שאול, וועלכער איז אַרויס אַ גאַנצער פון אַלע קאַמפן, וואָס ער האָט געפירט, וועלכער האָט טאָג און נאַכט געאַרבעט אויסצובויען דעם אונטערגרונט און געפּלאַנט זיין קאַמף, איז דערמאָרדעט געוואָרן זייענדיק אין געפענגעניש, אין גלות פון אַבעסיניע. דאָס האַרץ טוט וויי.

## ח.

נאָכדעם, ווי מיר זענען אַריבער דעם שאָסיי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרשנעלערטע אַרבעט. שטופּנווייז זענען מיר אַרויסגעגאַנגען נאָך אויבן. מיר האָבן אויך באַקומען אַ סך פּראַקטיק אין דער אַרבעט און מיר האָבן שנעל זיך געפעדערט. ס׳זענען אָנגעקומען די זומער חדשים און די ערד האָט זיך געשפּאָלטן. לופט איז געווען געזונט אויך אָן אַ פּאָמפּע און וואָס מער מיר זענען אַריינגעדרונגען אין פעלד אַריין זענען די שפּאַרעס ברייטער געוואָרן. גרויסע בלאָקן ערד הענגען איבער דיין קאָפּ און ס׳דוכט זיך, נאָך אַביסל וועלן זיי דיך צודעקן. איצט האָבן מיר אויך געקענט קאָנטראָלירן פון מאָל צו מאָל וואו מיר געפינען זיך. דורך איינע פון די שפּאַלטן פלעגן מיר אַרויסשטופּן אַ דראָט און אויפן עק אַ גרינן בענדל. ליגט זיך אַ מענטש אונטער דער ערד, ווייט הינטער די שמירה־ליניעס, פאַרברייטערט אַ ביסל די שפּאַרע אין דער שיכטע באָדן, וואָס טיילט־אָפּ צווישן אים און צווישן דעם פעלד, און שטעקט־אַרויס אַ דראָט. צו זיין פוס איז פאַרבונדן אַ שטריק און ער באַקומט סיגנאַלן וועגן דער באַוועגונג פון פּאָליציאַנט וועלכער דרייט זיך אויפן שאָסיי. אַ ציִ ביים שטריק — ווייסט ער, אַז דער פּאָליציאַנט האָט זיך געריררט פון פּלאַץ און וועט נישט זען דעם באַנד, וואָס באַווייזט זיך

צווישן די דערנער וועלכע באַדעקן דאָס פעלד. צוויי שטאַרקע צי — ווייסט ער, אַז מיר זעען שוין דעם באַגד. נאָך אַ פּאָר צי — ווייסט ער, אַז די אויסמאַטערונגען זענען פאַרענדיקט און ער דאַרף אַרונטערנעמען די „פאָן". אַזוי ווייסן מיר שוין צי מיר דאַרפן לינקס נעמען אָדער רעכטס אָדער גלייך פאָרטזעצן בויען דעם טונעל.

אין איינעם אַ טאָג האָט די מאַכט פונעם לאַגער באַשלאָסן אויסצוהאַקן די דערנער פון פעלד. דאָס איז געווען אין מיטן זומער. דאָס אויסשניידן די דערנער באַזאָרגט אונדז. מיר באַפעסטיקן די סטעלעס ווי ווייט ס'איז מעגלעך. די טרוקענע ערד ווערט האַרט און טראָץ, וואָס דער פעלד איז פאַרשוואונדן, זענען מיר געצוואונגען צו אַרבעטן מיטן האַמער און שטאַמאייזן.

— — — מען גיט מיר צו וויסן דורך אַ צי מיטן שטריק: „ליג רואיק..."
איך לייג־אַוועק אין אַ זייט דעם שטאַמאייזן און האַמער און ליג. ליג און טראַכט: אָט זענען פאַר דיר שטיקער ערד וועלכע דו ציסט־אַרויס, דער שמאָלער לאָך, וואָס קוים דו קריכסט אין אים. ווי פּשוט און קליין זעט זיך אויס די גאַנצע זאַך, אין פאַרגלייך מיטן ציל פאַר וועלכן דו טוסט עס? דו מאַכסט עס כדי זאָלסט זיך קענען באַטייליקן אין דער גרויסער רעוואָלוציע אין דער געשיכטע פון דיין פאָלק, כדי זאָלסט קענען פאַרווירקליכן דעם געהויבנסטן אידעאַל פאַר דיין פאָלק, דעם פרייהייטס־אידעאַל. ענדערן דעם גאַנג פון דער היסטאָריע ווילסטו. און דער וועג דערצו איז דער לאָך, וואָס רופט זיך: טונעל. סאַראַ דיספּראָפּאָרציע! דער שמאָלער און שמוציקער טונעל — און דער אידעאַל פון פרייהייט. ווי דער פאַרגלייך, צווישן דיין איצט פאַרשוויצטן שמוציקן גוף, דעם צעשטאָכענעם און פאַרוויטיקטן פונעם שאָטער, וואָס וואַלגערט זיך און שניידט דיין פלייש און צווישן דעם דאָזיקן אינערלעכן פייער, דאָס פייער פון אמת און באַוואוסטזיין פון גערעכטיקייט, דער־אָ אידעאַליזם אין דיין נשמה. דאָס אַלץ געפינט זיך איצט דאָ איינגעזאַמלט אין דעם־אָ שמאָלן לאָך — צוויי וועלטן — און אויף וויפיל זענען זיי פאַרבונדן איינע מיט דער אנדערער!? און אָט איז שוין ווידער די וועלט פון אידעאַליזם אין סכנה. ווידער האָט מען געמאָלדן: ליגן רואיק. טויזנטערמאָל זענען שוין געווען אַזעלכע מעלדונגען. מיר

האָבן זיך צוגעוואוינט צו זיי. אָבער סוף־סוף קען מען דאָך אַמאָל דורכפאַלן. פאַרוואָס ציט זיך עס דאָסמאָל אזוי לאַנג?...

פלוצים הייבסטו אויף דעם קאָפּ, ווייל אַ שאָטן האָט פאַרשטעלט דאָס ליכט, וואָס פאַלט אריין דורך דער שפּאַרע פון אויבן און וואַרפט אַ שאָטן־פאַס אין טונעל. וואָס איז דאָס?! דו זעסט אַ באַנאָגלטן שוך שטיין געגנוי אויף דער שפּאַרע. איצט הערסטו אויך דאָס רעדן פון אויבן. דאָס זענען די דערנער־שניידער! גאָט מיינער! איצט קען זיך אַלץ איינברעכן! איצט קען ער הערן אויב כ'וועל זיך רירן. וואָס זאָל איך טאָן? אויב דער בלאָק וועט איינפאַלן, וועט ער מיך אינגאַנצן צודעקן. זיך רוקן הינטערווייטלעכס? ניין. מען טאָר נישט. כ'וועל זיך נישט רירן. צי וועט ער מיך קענען זען אויב ער וועט ארונטערקוקן? ניין. ער וועט נישט זען! אַלץ קען פאַרלויערן גיין. און מיר זענען שוין אריבער העכער 50 מעטער!...

דאָס ערגסטע איז די לאַגע פון אַ מענטש וועלכער זעט אַן אומגליק דערנענטערן זיך און ער שטייט הילפסלאָז — און קען נישט פאַרמיידן זיין קומען. אין אַזעלכע פאַלן ביסטו ענלעך צו אַ שוצלאָזן זויגלינג. און אַ קינדישע אידיי איז מיר אויפגעקומען אין די דאָזיקע מאָמענטן: אונטערשפּאַרן די סטעלע מיט מיין רוקן. פּאַמעלעך האָב איך זיך אויפגעהויבן אויף די קני, און אזוי שטייענדיק אויף אלע פיר האָב איך צוגעדרוקט מיין רוקן צו דער סטעלע. ס'איז געווען אַ שטות. דאָס איז געווען קינדיש, ווייל וואָס האָט עס געקענט העלפן אויב וואָלט אין אמתן דער טונעל באַדאַרפט זיך איינברעכן. דאָס וואָלט מיך פאַרדעקט אויך שטייענדיק אויף אַלע פיר. אָבער איך האָב נישט געקענט משלים זיין מיטן פאַקט, אַז איך בין באמת הילפסלאָז. און איך ווייס, אויב דער טונעל האָט זיך נישט איינגעבראָכן ווען אַ צאָל מענטשן האָבן געטרעטן אויף אים, אויף דעם פּלאַץ וואו דער גרויסער ערד בלאָק האָט געהאָנגען פריי פון דריי זייטן, איז דאָך נישט אַ דאַנק מיין רוקן. און ס'דוכט מיר, אויך דעמאָלט האָב איך דאָס געוואוסט, אָבער צי איז מעגלעך געווען צו ליגן און נישט טאָן עפּעס־וואָס?

*

וואָס מער מיר האָבן זיך דערווייטערט איז די ארבעט געווען אַלץ

שווערער. דאָס קריכן אין טונעל אַ פּאָר מאָל אין טאָג אהין און צוריק פלעג ארויסנעמען די כוחות. דער טונעל איז געווען פול מיט כל מיני איינריכטונגען: עלעקטרישע דראָטן, רעזערווע־ברעטער, רערן פאַר לופט, וועלכע הענגען טאַקע איצט אָן אַ נוצן, אָבער וואו זאָלן מיר דאָס אַלץ אהין טאָן? און דער עיקר: דער „וואַגאָן". „וואַגאָן", דאָס איז אַ וועגעלע אויף גליטשערס געבויט ווי א שיפל (מיר האָבן קודם פארזוכט ארבעטן מיט אַ וואַגאָן אין געשטאַלט פון אַ געשטעל, אָבער דאָס פלעגט זיך אָנקלאַפּן אָן די באַלקנס און זיך פאַרהאַלטן). ארויסנעמען די ערד פון טונעל דאָס איז די שווערסטע אַרבעט פאַרן גרעבער. צו דיין האַנט איז צוגעבונדן אַן עק פונעם שטריק. פאַר דיר הויפּט זיך אָן אַ הויפן ערד און שאָטער, וואָס ווערט יעדעס מאָל גרעסער מיט יעדן האַק פון שטאַמאייזן. צום סוף קענסטו נישט דערגרייכן די וואַנט פאַר דיר. ס'איז שוין נישטאָ קיין ברירה. מען מוז איבערייסן דאָס גראָבן, וואָס איז גאַנץ אַנגענעם, זיך איבערדרייען אויפן רוקן און ציען דעם שטריק. פריער פלעגסטו ציען דאָס וועגעלע גלייך צו זיך. איצט איז דער דיס־טאנס צו גרויס און דער שטריק וועט זיך איבעררייסן קוים וועסטו מיט אים ציען דאָס וועגעלע אזא ווייטע שטרעקע. 3 מענטשן אַרבעטן שוין אין טונעל: איינער זיצט אין „סאַלאָן", דער צווייטער אין מיטן וועג, בערך אין 38־טן „קילאָמעטער" און דער דריטער גראָבט. ווען דו ציסט דעם שטריק, ווייסט שוין דער מיטלסטער, אז דו דאַרפסט דעם „וואַגאָן", ציט ער אים צו זיך. און ווען דאָס וועגעלע קומט־אָן צו זיינע פיס, גייט ער אריין אין אַ ספּעציעלן אָפּטייל, וואָס געפינט זיך אין זייט פון טונעל, און מאַכט אַ וועג פאַרן „וואַגאָן". איצט דאַרפסטו אים שוין שלעפּן. דו דרייסט צוזאַמען דעם שטריק אין אַ ראָד אויף דער ברוסט, ער זאָל זיך נישט פאַרפּלאָנטערן ווען מען וועט צוריקציען דאָס וועגעלע. דאָס וועגעלע איז געקומען צו דיינע פיס. ווייטער קען מען עס נישט אריינברענגען. דאַרפסטו ווידער ליגן אויף אַ זייט. אויפהייבן איין פוס, און ציען דאָס וועגעלע עס זאָל ארויף אויפן צווייטן פוס, אנדערש וועסטו עס נישט קענען אָנפילן. און דאַרפסט אויך זיין פאָר־זיכטיק דאָס וועגעלע זאָל שטיין אויף דיין פוס אויף זיין שטיץ־פונקט, אז די גליטשערס זאָלן זיין פון ביידע זייטן פוס. אנדערש, וועט דיר ווייי

טאָן ווען מען וועט עס ציען. עס קען זיך איבערקערן אויב עס וועט נישט שטיין גלייך און ס׳וועט דיר נישט נוצן אפילו ווען דו וועסט שעלטן און זיך אויפרעגן — וועסט געצוואונגען זיין קריכן אויף צוריק און ווידער עס אָנפילן. און איצט, ווען דער „וואַגאָן" שטייט שוין אויף דיין פוס, לייג אַוועק דעם שטריק־קנויל אין אַ זייט, און דעם הויפן ערד וואָס געפינט זיך דיר צוקאָפּנס פיר איבער מיט דער הילף פון אַ טיפן טעלער אין „וואַגאָן" אַריין. טאַקע קוים וואָס דו דערגרייכסט מיט דיין האַנט צו זיין עק און כמעט ווי ס׳איז נישטאָ קיין דיסטאַנס צווישן דעם „וואַגאָן" און דער סטעלע, כדי איבערקערן אין אים דעם טעלער. נאָר ס׳איז נישטאָ קיין ברירה. און ווען דאָס וועגעלע איז שוין פול, גיסטו אַ צייכן און מ׳הייבט עס אָן ציען אויף צוריק. קודם גייט עס פאַמעלעך ארונטער פון דיין פוס און דערנאָך הערסטו ווי עס גליטשט זיך אויפן באָדן. אין „סאַלאָן" געפינט זיך אַ קאָרבע. דער מענטש, וואָס זיצט דאָרט דרייט דאָס הענטל און דער שטריק וועלכער ציט דאָס וועגעלע דרייט זיך אָן אויף דער קאָרבע. אז אַלץ גייט־ דורך אין אָרדנונג אָטעמסטו פריי אָפּ. אָבער, וואָס געשעט ווען דער שטריק רייסט זיך איבער? איצט קריך אַרויס מיט דעם עק שטריק אין דער האַנט, פאַרבינד דאָס וועגעלע און שלעפּ פונדאָסניי. ס׳איז שווער? ס׳רעגט אויף? וועמען אַרט עס? די דאָזיקע וועגט? ניין, ניין! זיי שטייען שווייגנדיקע און ס׳אַרט זיי גאָרנישט. פאַרלאָז די אַרבעט און קריך אַרויס, פאַרבינד דעם שטריק און גיב אַכט ער זאָל זיך נישט איבעררייסן אַ צווייט מאָל.

ט.

דורך דער גאַנצער צייט פון בויען דעם טונעל האָלטן מיר אָן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אונדזערע חברים אינדרויסן. די געזעצן פון קאָנספּיראַציע דערלויבן טאַקע נישט איבערצוגעבן אַ פולע אינפאָר־ מאַציע איבער דעם, וואָס טוט זיך דאָרטן, אָבער מיר ווייסן, אַז פון טאָג צו טאָג וואַקסט די אָרגאַניזאַציע. פון טאָג צו טאָג נייע דערגריי־

כונגען. ס'פעלט נאָך געלד, ס'פעלט נאָך געווער, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז מען באַקומט נישט. די סיבה פונעם מאַנגל איז אין וואַקס. וואָס מען דערגרייכט איז נישט אין פראָפאָרץ צו די באַדערפעענישן, וואָס וואַקסן פון טאָג צו טאָג. די באַדערפעענישן וועלן מיר קענען דערפילן נאָר ווען מיר וועלן דערשײנען אַלס קעמפנדיקער פאַקטאָר. מ'דאַרף נאָך באַפעסטיקן די מויער ארום דעם אונטערגרונט. נאָך טיפער ארונטערגיין אין די קעלערס, כדי מיר זאָלן ווערן דער כוח, וואָס זאָל קענען קעמפן מיטן פיינט און נישט אַנטפלעקט ווערן, נישט צו זיין הפקר פאַר זיינע קלעפּ.

און אָט הייבן זיך אָן די ערשטע טריט פאַר עפנטלעכער דערשײנונג. ס'הייבט־אָן דערשײנען אונדזער צייטונג. די צייטונג פון דעם אונטערגרונט אין ציון. די ערשטע עגזעמפּלאַרן פון דעם „חזית" (פראָנט). דאָס איז אַ צייטונג פאַר דער יידישער אינטעליגענץ. נישט קיין שרייענדיקע, נישט קיין דעמאַגאָגישע. אַ רואיקע און דערקלערט אַלץ מיטן כוח פון דער לאָגיק; נאָך אין מזרע, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן די ערשטע שטאַפּלען פון אונדזער דערשײנען, איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהייבן אַן אויפקלערונגס־טעטיקייט אין די קרייזן פון דער אינטעליגענץ אין ישוב. מיר האָבן נאָך דעמאָלט געוואוסט, אַז ס'איז נישט צו האָפן אַז די קרייזן זאָלן זיך באַלד אין אונדז אָנשליסן. מיר האָבן געוואוסט, אַז ס'וועט נישט לייכט זיין דעם רואיקן בירגער צו באַוועגן צו אַ רעוואָלוציאָנערן טאַט. מיר האָבן זיך בלויז געגרייט צו אַן אויפקלערונגס־ארבעט. אוועקנעמען דעם דאָרן פון שולד, וואָס מען לייגט אויף אונדז שטענדיק ארויף: „ווילד־געוויקס", „ברעכער פון דיסציפּלין" אא"וו. די ערשטע עגזעמפּלאַרן פון „חזית" דערקלערן אַלץ גרינטלעך. און צו אונדזער באַוואונדערונג נישט נאָר מיר האָבן אַוועקגענומען דעם דאָרן פון ברייטע קרייזן אין ישוב. זיי האָבן נישט נאָר אָנגעהויבן ערנסט דענקען וועגן ענדערונגען. נאָר אַ סך יידן פון די אינטעליגענץ־שיכטן זוכן אונדז. זיי ווילן זען איינעם פון די „טעראָריסטן" און רעדן מיט אים. זיי ווילן זיך אָנשליסן. דער „חזית" איז געוואָרן די ערנסטע טריבונע אין ישוב. די פראָב־

לעמען וועלכע ווערן באַהאַנדלט אויף די זייטן פון „חזית" ווערן אַ טעמע פאַר דיסקוסיעס אין אַלע קרייזן.

דאָס פייער פון אויפשטאַנד פאַרשפרייט זיך.

•

יעדער נייער נומער, וואָס דערשיינט קומט־אָן אויך צו אונדז, קיין לאַטרון. און מיר פאָלגן נאָך דער אַנטוויקלונג אין לאַגער. מיר דאַרפן זיך מער נישט באַנוצן מיט כיטרער טאַקטיק כדי צו באַקומען אַן „אידיליע". גענוג צו פאַרשפרייטן צווישן די באַראַקן דעם „חזית". זיי ווייסן, אז דאָס איז בלויז אַן אָנפאַנג.

אין די ערשטע עקזעמפּלאַרן קענען מיר נאָך דערקענען לויטן סטיל, ווער פון אונדזערע חברים אין דרויסן איז דער שרייבער. שפּעטער קען מען שוין נישט דערקענען אַלע. אָט איז דאָס אַרטיקל, וואָס זאָגט נביאות וועגן דעם זיג פון די אַלאַאירטע אין דער מלחמה און זעט די צעטיילונג פון דער וועלט נאָך דער מלחמה אויף צוויי קעגנערישע בלאָקן: דער רוסישער בלאָק און דער אנגלאָסאַקסישער בלאָק. מיט אַ לאָגיק, וואָס מען קען זיך איר נישט אַקעגנשטעלן דערקלערט ער, פאַרוואָס וועט ענגלאַנד געצוואונגען זיין אויפצודעקן איר אַנטי־יידישן פּרצוף. ער וואָרנט, און פאָדערט צו זיין גרייט אויפצונעמען דיווירקלעכקייט, נישט אַריינפאַלן אין דער אילוזיע וועגן דעם צדק, וואָס וועט געמאַכט ווערן נאָך דער מלחמה. און מיר דערקענען ווער ס'האָט געשריבן דאָס אַרטיקל. דאָס איז דער סטיל פון פּ...

און אָט איז דאָס אַרטיקל, וואָס דערקלערט די אויסזיכטן פון דער „לייבאָר" צו געווינען די קומענדיקע וואַלן אין ענגלאַנד, און זעט־פאַר די אַנטוישונג פון די ציוניסטן וועלכע וועט קומען נאָכדעם, ווי די „לייבאָר" וועט קומען צו דער מאַכט. סאַראַ העזה זיך מתחייב זיין צו אַזעלכע ווערטער, אין דער צייט, וואָס דאָרטן רעדן די רעדנער פון דער „לייבאָר" וועגן גערעכטיקייט פאַרן יידישן פאָלק! ווער האָט דאָס געשריבן? דו דערקענסט באַלד. דאָס איז י...

אָבער ווער האָט געשריבן דאָס אַרטיקל וועגן טעראָר אַלס אַ מלחמה

טאַקטיק פאַר אַן אונטערדריקט פאָלק? ניין, דאָס איז שוין נישט דער סטיל פון אַ מענטש וועלכן דו קענסט. דאָס איז שוין עמעץ אַ נייער. ווער איז דאָס?

אזוי צעגלידערן מיר דעם „חזית" און זעען „שוואַרץ אויף ווייס", אַז מיר אנטוויקלען זיך, אז נייע כוחות קומען־צו צו דעם אונטער־גרונט. און דווקא אינטעלעקטועלע כוחות! און ס'איז אַ געזעץ, אַז די מאַסן קומען נאָך זיי.

עמעץ האָט געזאָגט, אז מיר זענען געגליכן צו מיליטער־פערד. ווען זיי הערן דעם טרומייטער, וואָס רופט צום קאַמף — הייבן זיי אָן צו טופען מיט די פיס. און ווען מיר פילן, אז עס דערנענטערן זיך די ערשטע שטאַפלען פון דער מלחמה מיטן פיינט, ווערט דאָס „זיצן" אומדערטרעגלעך. מיר וואַרטן שוין מיט אומגעדולט אויף דעם טאָג...

ס'איז אונדז פאַרבליבן בלויז 10 מעטער ביזן ענדיקן. מיר מעלדן אונדזערע חברים אינדרויסן, אז אמהעכסטנס איז אונדז נאָך פאַרבליבן 3 וואָכן אַרבעט. און דער ענטפער, וואָס באַקומט זיך איז:

„כאָטש צוויי מאָנאַטן וועט איר מוזן וואַרטן. איר זייט זייער נויטיק פאַר דער אַרבעט, אָבער אויב מיר ווילן אייך ארויסנעמען פאַר דער צייט, ווילן מיר אויפשטעלן אַלע כוחות פונעם פיינט אויף די פיס און דאָס קען באַדראָען סיי אייך און סיי אונדז. מיר דאַרפן צייט צו באַפעסטיקן דעם אונטערגרונט, אָנגרייטן פאַר אייך פלעצער צוגעפּאַסטע פאַר די אויפגאַבן וועלכע איר וועט דאַרפן אויספילן. גורט אייך אָן מיט געדולט..."

מיר פאַרשטייען, אז זיי זענען גערעכט. אָבער ווער קען ביישטיין דעם שטאַרקן ווילן צו זיין אין דרויסן? און אַ שווערער קאַמף פירט זיך צווישן דעם ווילן און צווישן דעם שכל. צוענדע זיגן, פאַרשטייט זיך, דער שכל און די לאָגיק. מיר פאַרמאַכן דעם „סינעמאַ", באַפעס־טיקן אים גוט, פאַרזיכערן ער זאָל זיך נישט איינברעכן, און וואַרטן...

דאָס אָפּלייגן געפעלט נישט עמנואל׳ן. ער האָט נישט מער קיין געדולד. אין איינעם אַן אָנגט זאָגט ער:

„רוּתי — איך אַנטלויף און איך וועל אַליין מטפל זיין מיט די פאַרבעוייטונגען פאַר אונדז אינדרויסן״.

מיר קענען אונדזער עמנואל׳קען און ווייסן, אַז ס׳איז נישט קיין גרויסער מהלך ביי אים צווישן דעם באַשלוס און טאָט. אָבער דאָסמאָל האָבן מיר זיך באַצויגן צו זיינע ווערטער מיט לייכטזין. מיר האָבן געדענקט, אַז ער מאַכט זיך פּשוט אַ וויץ.

„ווי וועסטו אַנטלויפן?״ — פרעגן מיר אים.

„פון מאָרגן הייב איך אָן צו גיין צום דאָקטאָר, און אים דערציילן, אַז איך לייד ווידער אויפן מאָגן און ווי ס׳ווייזט־אויס, דער שניט נאָך דער אָפּעראַציע, וואָס מען האָט מיר געמאַכט מיט צוויי יאָר צוריק, האָט זיך אויפגעמאַכט״.

„נו, און וואָס ווייטער?״

„איך דענק, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט ער מיך שיקן באַהאַנדלען אין ירושלימער רעגירונגס־שפּיטאָל, און קוים וועל איך נאָר אַהין אָנקומען — וועל איך זיך שוין איינאָרדנען. אפילו ווען איך וועל דאַרפן אויסכאַפּן אַ געווער ביי איינעם פון מיינע שומרים און שיסן, וועל איך זיך נישט אָפּהאַלטן. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך וועל קומען צום פעלד, „שלעפּן״ אייך ווען איר וועט אַרויס!״

מיר מאַכן חוזק פון אים. שטותים רעדט ער...

צומאָרגנס איז עמנואל געגאַנגען צום דאָקטאָר. אין אַ פּאָר מינוט אַרום קומט אַ שליח פון אָרטיקן שפּיטאָל און פאַרלאַנגט תיכף ברענגען עמנואל שטראַסבערגס קליידער צום דאָקטאָר, ווייל ער פאָרט אין שפּיטאָל קיין ירושלים!

איך נעם זיין אַנצוג, אַ פּאָר האַנטוכער, פּידזשאַמעס, און לויף אַ „מבוהלדיקער״ אין שפּיטאָל. דאָרט, אין דאָקטאָרס צימער, ליגט עמנואל אויף דער סאָפע, איינגאַנצן איינגעשרומפּן, און שלענגט זיך פון ווייטיק. כ׳האָב מורא געהאַט איך זאָל נישט אויספּלאַצן אין אַ

געלעכטער. כ'האָב איבערגעגעבן די קליידער, און זיך געזעגנט מיט עמנואל'ן, וועלכער האָט פון גרויס ווייטיק קוים געקענט רעדן. דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אז ס'איז ווייזט־אויס, אַן ערנסטער פאַל. אינדערפרי, בעת דער גימנאַסטיק, האָט עמנואל פלוצים דערפילט, אז ס'האָט זיך ביי אים כאילו אָפּגעריסן עפעס אין מאָגן און פון דעמאָלט אָן קען ער זיך נישט רירן. (דעמאָלט ערשט האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס איז עמנואל'ן איינגעפאַלן אין דעם אינדערפרי צו מאַכן גימנאַסטיק).

דער דאָקטער איז שטאַרק אומגעדולדיק וואַרטנדיק אויף דעם אַמבולאַנס וואָס דאַרף קומען נעמען עמנואל'ן. ער שפּ[illegible]רוועז איבערן צימער און פון צו מאָל צו מאָל נעמט ער דאָס ט[illegible]בל פון טעלעפאָן און פרעגט צי דער אַמבולאַנס איז שוין ארויסגעגאַנגען פון שפּיטאָל.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז אָנגעקומען דער אַמבולאַנס און מען האָט עמנואל'ן מיט פאָרזיכט אריינגעפירט. ער האָט שווער געקרעכצט.

— — — נאָך פינף טעג איז מען געוואָר געוואָרן, אז עמנואל איז אַנטלאָפן!

ער איז די גאַנצע צייט געליגן אָן א באַוועגונג. בלויז אין בית־הכבוד פלעגט ער גיין אינגאַנצן געבויגן. ווער וועט דאָס קלערן, אז אזעלכער קען אַנטלויפן? מסוכנדיק קראַנק, ווייזט־אויס, ער האַלט ביים שטאַרבן. דער פאָליציאַנט וועלכער זיצט ביי דער טיר האָט קיין מורא נישט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן גייט עמנואל אין בית־הכבוד אריין. ער איז אינגאנצן איינגעשרומפן און האַלט זיך אָן אין וואַנט וואו ס'געפינט זיך דער בית־הכבוד. דער פאָליציאַנט דאַרף אים נישט באַגלייטן. ער בלייבט אויפן פלאַץ. עס קען דאָך אים נישט איינפאלן, אז אַזעלכער קען אַנטלויפן...

עס פאַרגייט אַ פערטל שעה און דער פאָליציאַנט הייבט אָן מורא האָבן, אַז עמנואל האָט פאַרחלשט אין בית־הכבוד, אָדער אפשר גאָר

געשטאָרבן. ער גייט־צו, עפנט די טיר, און זעט... אַ פּידזשאַמע ליגט אויף דער ערד.

דער בנין פון געהיימפּאָליציי געפינט זיך אין דער נאָענט פון שפּיטאָל אין ירושלים. עס זענען נישט פאַרביי קיין 10 מינוט זייט דער פּאָליציאַנט האָט געפונען די פּידזשאַמע, און אָפּיצערן פון דער געהיימפּאָליציי געפינען זיך שוין אויפן אָרט און פאָרשן. קיינער ווייסט נישט ווי ס׳האָט פּאַסירט. דער אַראַבישער סאַניטאַר שעלט:

„ימח שמו! איך האָב אים געדאַרפט שלעפן אויפן קראַנקן־בעטל ביז אויפן דריטן שטאָק. די הענט זענען מיר באַלד אַרונטערגעפאַלן! אַזאַ לאַסט! און איצט ווי ער איז זיך דאָס אַוועקגעגאַנגען?!”

אַן אַראַבישער פּאָליציאַנט וועלכער שטייט פאַרן אַריינגאַנגס־טויער דערשיינט פאַר די פאָרשער.

— עס איז ארויסגעגאנגען דורכן טויער אַ ייד צוריק מיט אַ האַלבער שעה? — פרעגט מען אים.

— ניין. קיין ייד איז נישט ארויס פונעם בנין.

— וואו זענען די אויגן דיינע! ווער איז ארויס היינט אינדערפרי פונדאַנען?

— הער אָפּיצער, איך שווער דיר ביי אללה און ביי די ליכט פון מיינע אויגן, קיין איין ייד איז נישט ארויס. בלויז איין ענגלענדער איז ארויס אינדערפרי. אַ הויכער, אַ בלאָנדער, אַ דיקער. ער האָט מיך געפרעגט עפּעס אויף ענגליש. איך האָב אים נישט געוואוסט צו ענטפערן. האָט ער זיך אויפגערעגט, געשאָלטן און זיך אַוועקגעגאַנגען...

*

אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון עמנואל׳ן:

„איר דאַרפט זיך נאָך אַביסל אָנגורטן מיט געדולד. די צוגריי־טונגען גייען פאָרויס. איך האָב צוגעזאָגט צו קומען אייך נעמען וועל איך קומען! זייט נישט אומעטיק, וואַרט געדולדיק...”

צו אַלדע רוחות! אויך ער האָט שוין געדולט!...

אַ מאָנאַט צייט איז דער „סינימאַ" געווען פאַרמאַכט. אַ מאָנאַט פון פיזישע רו. ווען וועט שוין זיין דער סוף ?!

ווי אויף צו להכעיס איז דער פּאָליציאַנט וועלכער האָט אונדז געדינט, פאַר אַ גוטן לוין, ווי אַ בריוו־טרעגער, קראַנק געוואָרן און מיר זענען געבליבן אינגאַנצן אָפּגעריסן. צי גייען־אָן די פאָרבערייי־טונגען אינדרויסן ? אויך דעם „חזית" קענען מיר נישט באַקומען. מיר ווייסן גאָרנישט...

כלפי דרויסן קען קיינער גאָרנישט באַמערקן. מיר פלעגן שמועסן, שפילן זיך, דיסקוטירן מיט אַנדערע, ווי שטענדיק. מיר חלומען צוזאַמען מיט אַנדערע וועגן דער באַפרייאונג, וואָס וועט קומען דורך דער מאַכט. אָבער אינעווייניק, אין באַראַק צווישן זיך, פילט זיך די געשפּאַנטקייט...

צוענדע באַקומט זיך אַ מעלדונג פון דרויסן:

„...זייט גרייט אין אַ מאָנאַט ארום. שטעלט־איין די געהעריקע איינאָרדנונגען, און לאָזט אונדז וויסן דעם גענויען טערמין, אויב איר קענט אים שוין איצט פעסטשטעלן..."

מיר האָבן פריי אָבגעאָטעמט, און ס׳דוכט מיר, אז ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן די געשפּאַנטקייט. ס׳וועט געלונגען אָדער נישט ?! די שרעקלעכע פראַגע, נאָך ניין חדשים קאַטאָרגע אַרבעט, עקבערט אין אונדזערע מוחות טאָג און נאַכט...

די צוגרייטונגען הייבן זיך אָן...

מיר האָבן נאָך ביי אַ 8 מעטער צום וואַדי. מ׳דאַרף ווידער קאָנ־טראָלירן די ריכטונג. מ׳דאַרף גענוי וויסן וואו מיר גייען־ארויס. און ווידער פון אונטער דעם פּאָליציאַנטס נאָז לאָזט מען ארויס אַ באַנד אין פעלד. נישט גוט! מיר דאַרפן פאַרקערווען מיט אַ שאַרפן ווינקל לינקס און ווייטער גראָבן אַ שטרעקע פון 4 מעטער. אויב מיר וועלן ממשיך זיין גלייך וועלן מיר ארויס פאַרן בויג. נאָך פיר מעטער וועלן מיר זיך ווענדן רעכטס, דעמאָלט וועלן מיר שוין זיין הינטערן בויג.

ס׳הייבט זיך ווידער אָן די אַרבעט. יעדער פון די קאַנדידאַטן פּאָר אנטלויפן מוז לכל הפחות איינמאָל אין צוויי טעג קריכנדיק אדורך דעם טונעל. עס שטעלט זיך ארויס, אז זיי איז שווערער ווי די וועלכע האָבן זיך צו דעם צוגעוואוינט. דאָס קריכן געדויערט ביי זיי אַ 45 מינוט, אין דער צייט, ווען דער, וואָס האָט געאַרבעט, דאַרף נישט מער ווי 10 מינוט. די מענטשן איבן זיך. יעדעס מאָל גייט ארויס איינער און דער צווייטער גייט אריין. ער דערגרייכט ביזן סוף. אָטעמט שווער, רירט־אָן דיינע פיס, און זאָגט:

— שלום וואָס טוט מען איצט? כדאי צוריק צוגיין, אָדער אפשר וואַרטן ביז דו וועסט ענדיקן און מיר וועלן שוין גלייך ארויס אינ־דרויסן? כ׳האָב נישט קיין כוח זיך אומצוקערן.

— שנעל צוריק, ווייל באַלד דאַרף איך ארויסשלעפן דעם „וואַ־גאָן”. וועסט אויפהאַלטן די אַרבעט!

די דראָאונג איז גענוג.

— גוט. איך גיי שוין אַרויס. אָבער ביים צווייטן מאָל וועל איך זיך צובינדן קישעלעך צו די עלנבויגן. און ער הייבט־אָן קריכן אונטערוויילעכס.

*

מיר קערוועז שוין מיטן לעצטן שאַרפן ווינקל גלייך צום וואַדי. אינדרויסן וואַרט מען טאָג־טעָג אויף אַ מעלדונג, אַז מיר האָבן געענדיקט. די „גרעבער” ווענדן זיך צווישן זיך. מען שטעלט־איין אַ פרייז ווער ס׳וועט דער ערשטער ארויסשטעקן דעם מעסער אינדרויסן אַרויס. יעדער מאַכט אויסרעכנונגען: „מיר האָבן נאָך 2 מעטער ביזן סוף. אויב איך וועל אַרבעטן היינט וועט אויסקומען מיין ריי אריינ־צוגיין מאָרגן מיטאָג, און דערנאָך איבערמאָרגן ביינאַכט און דערנאָך ווידער נאָכמיטאָג און דעמאָלט דאַרף זיך עס ענדיקן...”

און דעם פרייז האָט גענומען „ס׳פּערטל עוף!” אין איין שיינעם טאָג קומט ער צוריק נאָך צוויי שעה אַרבעט. פונעם קליידער־ווינקל דערהערט זיך דער באַשטימטער רואיקער סימן. דער סימן הייסט די פראַגע: „פאראן אַ פרעמדער אין צימער?”

נישטאָ קיין פרעמדער. מיר עפנען די פאַרהאַנג. פון גרוב שטעקט אַרויס „נחושתן׳ס" קאָפּ און ער ברעכט־אויס מיט אַ געזאַנג.

„אין פעלז געהאַקט ביז בלוט
און ס׳איז געוואָרן ליכט..."

און ס׳איז אינטערעסאַנט געווען צו זען דערוואַקסענע ערנסטע מענטשן, מענטשן וועלכע פילן אויף זייער אַקסל דעם אחריות־עול פאַרן גורל פון זייער פאָלק, אַן עול, וועלכן זיי האָבן אַליין זיך אַרויפגעלייגט אויף זייערע אַקסלען, ברעכן פּלוצים אויס אין אַ געזאַנג, כאַפּן זיך אַרום, און... צעקושן זיך.

מיר זענען געוואָרן קינדער...

דער חלום הייבט זיך אָן פאַרווירקלעכן...

און דעם אַפּעטיט פון די מענטשן קען מען נישט זעטיקן. „ס׳איז נאָך פרי זיך צו פרייען. מירן זיך פרייען ווען מיר וועלן זיין אינדרויסן" — זאָגט איינער.

דער צווייטער האָט כלל קיין ספק נישט אין דער הצלחה פונעם אַנטלויפן. ער זאָגט: „ווען וועלן מיר שוין אַריין צוריק אין די אַקציעס?"

*

ס׳איז אונדז איבערגעבליבן בלויז נאָך אַ וואָך צום טערמין, וועלכן מיר האָבן באַשטימט. מיר דאַרפן קודם כל באַפעסטיקן דעם אַרויס־גאַנג, ער זאָל נאָר אויסהאַלטן און זאָל זיך נישט מערקן אינדרויסן. לויט מיר האָבן באַשלאָסן האָט „נחושתן" מער נישט געגראָבן ווען דאָס מעסער איז אַרויס אינדרויסן. מיר האָבן זיך באַמיט צו אַרבעטן אַזוי, אַז די שיכטע, וואָס וועט איבערבלייבן זאָל זיין וואָס מער אַ דיקע. מיר האָבן שטענדיק געמאַכט אַ טיפן לאָך אין דער וואַנט און אַזוי איז איבערגעבליבן אַ שיכטע אין אַן ערך פון 40—30 ס״מ ערד, וואָס האָט אונדז אָפּגעטיילט פון דער „וואַדי".

איצט האָבן מיר פאַרשטאָפּט דעם לאָך וועלכער האָט זיך געשאַפן נאָכדעם ווי דאָס מעסער איז אַרויס אינדרויסן. דער לאָך האָט אויס־געזען דורכן טונעל ווי אַ קליין פענסטערל דורך וועלכן מען האָט געקענט זען די פרייהייט. זען און זיך נישט באַנוצן. אַזוי ווי דורך

אַ לאָך פון אַ שליסל... זעק מיט ערד זענען אָנגעשטעלט געוואָרן ביים לעצטן מעטער אזוי, אַז זיי האָבן אונטערגעהאַלטן די ווענט און דעם דאַך. אונדזער רעכענונג איז געווען, אַז טאָמער וועט זיך עפּעס איינברעכן דאָרט, זאָל מען עס נישט באַמערקן, ווייל די ערד וואָס וועט פאַלן פון די וואַדי ברעגעס זאָל פאַלן אויף די זעק און זיי פאַרדעקן, וועט מען נישט קענען באַמערקן דעם טונעל פון דרויסן.

מיר זיצן ווידער גרופּנווייז און לערנען די סביבה פון אַ טאָפּאָ־גראַפישע מאַפּע. אייגנטלעך וועלן מיר דאָס נישט דאַרפן, אויב ס׳וועט אַלץ גלאַטיק גיין, אָבער מיר מוזן זיין גרייט צו אַלץ. טאָמער געשעט וואָס? אפשר וועלן מיר זיך מוזן פונאַנדערשפּרייטן אין די פעלדער?

די דאַטע פון אַנטלויפן איז די נאַכט פון 1־טן נאָוועמבער, דאָס איז דער זונטיקדיקער טאָג.

שבת, אַ טאָג פאַרן אנטלויפן דאַרפן מיר באַקומען אַ פּעקל פון דרויסן. אין פּעקל סיגאַרעטן, סיגאַרעטן „עתיד" דאָס הייסט: „מאָרגן וועט איר זיין פריי!" אַן אנדערער מין, הייסט: אַן אָפּלייג.

מיר וואַרטן פון אינדערפרי און קוקן ארויס צום שאָסיי. מיר ווילן זען אויב מען ברענגט דאָס אויסגעהאָפטע פּעקל. יצחק סימן־טוב דאַרף עס באַקומען. און אָט זעען מיר אַ פרוי גייט מיטן שאָסיי, אין דער ריכטונג פון לאַגער־טויער און אין איר האַנט אַ פּעקל. יאָ! דאָס איז זי!

זי גיט־איבער דאָס פּעקל דעם פּאָליציאַנט וועלכער שטייט ביים טויער...

...מען רופט יצחק׳ן אין ביוראָ אַריין.

ער גייט ברענגען די סיגאַרעטן. סאַראַ? סאַראַ סיגאַרעטן? „עתיד" אָדער נישט?!... וואָס זאַמט ער זיך אַזוי? אייגנטלעך גוט וואָס ער פירט זיך אויף גלייך עס אַרט אים נישט דער גאַנצער ענין... ער פירט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן, דאָס איז גוט. אָבער ער זאָל שוין קומען!...

...אָט איז ער שוין אַריין אין לאַגער. דאָס פּעקל אין זיין האַנט. סאַראַ קאַלט בלוט דער מענטש פאַרמאָגט? ווי ער הערשט איבער

די נערוון! איצט, ווען דאָס פּעקל געפינט זיך אין זיינע הענט פירט ער זיך אויף ווי געוועגלעך, גלייך ער זאָל באַקומען סתם־אַזוי אַ פּעקל פון זיין ווייב. די גאַנצע איבעראַשונג באַמערקט זיך נישט! און מיר ווילן אים ציען מיט די אויגן!

קיינער באַמערקט נישט אונדזער איבעראַשונג. מיר האָבן זיך צוגעוואוינט גוט צו פאַרשטעקן וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין דער נשמה...

יצחק קומט אין באַראַק אַריין. ווען ס'פאַרמאַכט זיך די טיר הינטער אים פאַרענדערן זיך פּלוצים אַלע פּנימער. איצט וועלן מיר עפנען דאָס פּעקל! איצט וועלן מיר וויסן. אַ געוועגלעך פּעקל איינ־געוויקלט אין ברוינעם פּאַפּיר. מען עפנט עס פאָרזיכטיק, גלייך ס'זאָל דערינען זיין אַ ווייכע און איידעלע זאַך. פון אויבן פּעקלעך שאָקאָלאַד. דערנאָך קוכנס. גאַנץ אונטן 20 פּעקלעך סיגאַרעטן „עתיד".

דער עתיד (צוקונפט) איז פאַר אונדז!

מאָרגן וועלן מיר שוין זיין אינדרויסן. מאָרגן ביינאַכט...

און ווידער חזרן מיר איבער די אויסרעכנונגען און די פּלענער און אונדזער אויפפירן זיך אין יעדן מעגלעכן פאַל: ווי וועלן מיר זיך אַדורכרייסן אין פאַל מען וועט אונדז באַמערקן ביים ארויסגיין פון טונעל. וואו וועלן מיר לויפן. מיט סאַראַ וועגן וועלן מיר גיין, וואו וועלן מיר אָנקומען, וואו קען מען זיך באַהאַלטן אא"וו, אא"וו.

ביינאַכט. די לעצטע נאַכט. מאָרגן אין דער צייט וועלן מיר אפשר בכלל נישט עקסיסטירן? ניין! מיר וועלן מצליח זיין! מיר מוזן מצליח זיין! די היסטאָריע האָט אירע געזעצן. דער קאַמף פונעם יידישן פאָלק פאַר זיין פרייהייט און פאָטערלאַנד איז אַ היסטאָרישע נויט־ווענדיקייט. און מיר פילן־אויס דאָ די היסטאָרישע שליחות. און ס'איז אַ נויטווענדיקייט זי זאָל פאָרקומען. און דעריבער וועלן מיר מצליח זיין! מיר מוזן מצליח זיין!... אפשר וועט קיינער פון אונדז זיך נישט געפינען צווישן די לעבעדיקע ווען דער טאָג פון נצחון וועט קומען, אָבער מיר וועלן זיין צווישן די אָנפאַנגער פון קאַמף, וואָס זיין סוף איז נצחון...

עמעץ באַמערקט:

— איך וואָלט געבן צוויי יאָר פון מיין לעבן ווען מען לאָזט מיך זען איבערמאָרגן אינדערפרי נאָך דער מעלדונג וועגן דעם אַנטלויפן, דעם אָנפירער, און דעם לאַגער...

— וואַרף נישט אַזוי לייכט מיט דיינע יאָרן. סיי־ווי איז דיר נישט קיין סך פארבליבן... — מישט זיך אריין אונדזער פעסימיסט.

און דאָ האָט עמעץ אוועקגעשטעלט די זאַכלעכע פראַגע:

— און באמת רבותי, ווי לאַנג, לויט אייער מיינונג, וועלן מיר זיך איינהאַלטן אינדרויסן?

— ווען מיר וואָלטן געהאַט אַזאַ לאַנד ווי רוסלאַנד, אַ לאַנד פון רחבת ידים, וואָלטן מיר געקענט אויסהאַלטן אַ לאַנגע צייט. זייער אַ לאַנגע צייט. אונדזער לאַנד איז קליין. ווען מיר וועלן אָנהייבן צו ווירקן וועט דאָס לאַנד פול ווערן מיליטער און פאָליציי און ס׳וועט שווער זיין ממש אַ ריר זיך צו טאָן. איך דענק, אַז אַמהעכסטנס וועלן מיר קענען האַלטן צוויי יאָר. אָבער דאָס וועט אונדז גענוג זיין. אַזאַ צייט וועט גענוג זיין אויפצושטעלן דעם אונטערגרונט, אויפשטעלן אַ יוגנט און אַ דור, אַ קעמפערישן פאַר פרייהייט. און דעמאָלט איז אונדז נישט וויכטיק אויב מירן ווייטער זיין אינדרויסן אָדער נישט. דערנאָך וועלן קומען הונדערטער און טויזנטער אַנדערע... דער לעצטער פון אונדז וועט אפשר פאַלן בלויז נאָך צוויי יאָר.

אַזאַ איז דער חשבון הנפש, וואָס מיר מאַכן אין דער נאַכט פון פאַרן אַנטלויפן פון פיינטס געפענגעניש...

און ס׳איז שווער צו שלאָפן די נאַכט...

צוענדע האָט ווער געזאָגט:

— אריה, זינג עפעס־וואָס. שוין לאַנג, אַז האָסט נישט געזונגען.

דאָס מאָל דאַרפן מיר אים לאַנג נישט בעטן. ווי געוועהנלעך האָט ער קיין שטימונג צו לידער. אריה איז דער „מתמיד" אונדזערער. דער למדן. גיב אים אַ גוטן בוך פאַרגעסט ער אין דער וועלט. אָבער אין דער נאַכט גיסט זיך צעגויף די פילאָזאָפיע מיטן געזאַנג. און זיין

אַנגענעמע שטים הערט זיך איצט איז בּאַראַק. ס׳ליגן מענטשן און קלערן וועגן דעם לעבן, וואָס וועט זיך אָנהייבן אין 24 שעה אַרום.

ער זינגט דאָס ליד פון „מאַטראָז״ און אַ ספּעציעלע בּאַטאָנונג הערט זיך ווען ער קומט־צו צו די דאָזיקע ווערטער:

„... ווייל ס׳וועט מיך מאָרגן אַ כוואַליע פאַרטראָגן —
גאָט ווייסט, וואו־אַהין״.

און דערנאָך אַ ליד, וואָס הייבּט זיך אָן מיט די ווערטער:

„עס זענען אין וועג ארויס בּחורים...״

און ענדיקט זיך מיט:

„ווער פון זיי וועט צוריק — אַ פאַרעטער״...

און דאָס „ליד פון אונטערגרונט״...

## יב.

די סיגאַרעטן זענען נאָכנישט געווען דער לעצטער סימן פאַר אויספירן די אַקציע. פאַרנאַכט פאָרט־דורך אַ לאַסט־מאַשין אויפן שאָסיי נעבן דעם לאַגער, און לויט די סימנים פון דער מאַשין, ווייסן מיר, אַז אונדזערע מענטשן געפינען זיך שוין אויפן פּלאַץ. אין אָוונט וועלן מיר זיי דאַרפן געבן אַ סימן, אַז אויך בּיי אונדז איז אַלץ גרייט. אין בּאַראַק זענען פאַראַן 9 פענסטער וועלכע גייען־ארויס צום שאָסיי. אויב וועלן אונדזערע מענטשן זען, אַז דאָס ליכט גייט־ארויס בּלויז פון די מיטלסטע 3 פענסטער און די לאָדן פון די איבעריקע פענסטער זענען פאַרמאַכט, וועלן זיי וויסן, אַז מיר זענען גרייט צום אַנטלויפן. און מיר וועלן ווידער דאַרפן גוט זיך איינהערן. אויב וועלן זיך הערן צוויי רעוואָלווערן־שאָס פונווייטן, אַ סימן אז אין לעצטן מאָמענט איז דאָרט עפּעס־וואָס קאַליע געוואָרן און מיר דאַרפן זיך אָפּהאַלטן פון אַנטלויפן.

מיר זענען אין בּאַראַק 18 מענטשן. נאָך צוויי געפינען זיך אין שכנותדיקן בּאַראַק. אין לעצטן מאָמענט, נאָכן פאַרשליסן די בּאַראַקן, וועט מען דאָרטן אין בּאַראַק מעלדן וועגן וואָס עס גייט פאַסירן. זיי

וועלן וואַרטן ביז מיר וועלן געבן אַ סימן, אַז דער וועג איז פריי און מען קען איבערגיין אין אונדזער באַראַק אַריין קיינער זאָל נישט באַמערקן.

אין משך פון גאַנצן טאָג עקבערט אין דיין מוח די פראַגע: „וואו וועלן מיר זיין מאָרגן?...”

שאול „דער סופערוויזער”, באַשטימט גלייך ווי יעדן אָוונט, די אָרדנונגען, וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן מאָרגן אין לאַגער. מענטשן באַשטימען פאַר מאָרגן באַגעגענישן מיט די איבעריקע פאַרהאַלטענע, באַגעגענישן פאַר לימודים, איינלאַדונג פאַר שאַך־שפּיל: אַלץ, אלץ ווי געוועגלעך. ווי דער אָוונט זאָל נישט אַנדערשט זיין פון אַלע אַנדערע אָוונטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לאַטרון. 9 אין אָוונט איז געקומען דער סערזשאַנט אונדז ציילן, פאַרן אָפּשליסן און ארויס־גייענדיק האָט ער אונדז געזאָגט „גוד־נייט”. מיר ענטפערן דאָססמאָל אין כאָר, אויף אַ הויך קול „גוד־נייט”, ביז מיר האָבן זיך אַליין דערשראָקן פונעם קול, וואָס מיר האָבן ארויסגעלאָזט. אָבער ער האָט געזען אין דעם בלויז אַ העפלעכקייט.

אין דעם מאָמענט ווען דער סערזשאַנט איז אַרויס, הייבן מיר זיך אָן אָנטוען. מיט דער מעגלעכסטער שנעלקייט, ווען ס'וועט קלאָר, אַז דער וועג איז אָפן און קיינער וועט נישט באַמערקן, שפּרינגעןביידע חברים וועלכע זענען געווען אין אַנדערן באַראַק, צו אונדז אריין דורכן אָפענעם פענסטער. גאָט זיי דאַנק! אויך דאָס איז אַדורך אין אָרדנונג!...

אויף אונדזערע קערפּערס זענען שוין די ספּעציעלע קליידער צום אַנטלויפן. אויף אַ פּאָר קורצע הייזלעך און אַ גוטע בלוזע, האָבן מיר אָנגעטאָן טונקעלע אַרבעטס־הויזן און אַ טונקעל רעקל. אויף די שיך — שטאָפּענע שיך. אויפן קאָפּ אַ טונקל היטל. אַלץ אין ערד קאָליר.

אויף יהודה בן־דוד איז געפאַלן אויפעפענען די עפנונג. ער גייט־ארונטער דער ערשטער. אין מאָמענט ווען ער וועט אַ צי טאָן דעם שטריק, וועלן מיר וויסן אז די עפנונג איז אָפן און מיר דאַרפן אָנהייבן ארונטערגיין. גנוי 10 אַ זייגער מעלדעט יהודה, אַז ער גייט־אַרויס.

ער דאַרף נאָך דורכהאַקן דעם אויסערלעכן פּלויט און אַדורך דעם שאָסיי. אין דער צייט וועלן מיר אָנהייבן אָנקומען צו דער עפנונג. איינער נאָכן צווייטן, אין דריי גרופּן, גייען מיר ארונטער אין טונעל אַריין. מ׳קריכט פּאַמעלעך. היץ, אַ דערשטיקעניש און שווייס. אין אַ האַלבער שעה ארום קומט־אָן די גרופּע צו דער עפנונג...

קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן די דאָזיקע מינוטן ליגנדיק אין דער עפנונג פונעם טונעל. מיין קערפּער איז ביז דער ברוסט אינדרויסן. אַ מינוט ליג איך און שעפּ, שעפּ דעם גערוך פון דער פרייהייט, כ׳דריי־אויס דעם קאָפּ רעכטס, איך זע דעם לאַגער הינטער מיר, דעם פּאָלי־ציאַנט וועלכער דרייט זיך דאָרט אויפן שאָס״י ערנסט, פּאַמעלעך און מיט זיכערקייט. אָט גייט־דורך אַ קאָנטראָלע. ליבער צוואַרטן אַ מינוט איידער איך צי־ארויס דעם גאַנצן קערפּער מיינעם פונעם טונעל. זאָל די קאָנטראָלע אדורך. דער לאַגער באָדט זיך אינגאַנצן אין ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּן. אַ ווייילע דוכט זיך דיר, מען קען דיך זען, אָבער ניין! דו געפינסט זיך הינטער דער ליכט ליניע. דער, וואָס שטייט אין ליכט, קען דיך נישט זען! און אָט האָט זיך אָנגעצינדן דער פּראָזשעקטאָר אויפן וואַך־טורעם. איך דערשרעק זיך. „אפשר האָט ער עפּעס־וואָס באַמערקט און איצט זוכט ער?”... ניין, ער האָט נישט באמערקט. ער מאַכט דעם געוועגלעכן אומקרייז מיטן פּראָזשעקטאָר. נאָך אַביסל און דער סנאָפּ ליכט וועט אַדורכגיין דאָס פעלד... אָ, אָט איז ער. ער גייט איבערן פעלד... דערנענטערט זיך... איך בויג־אָן מיין קאָפּ און בלייב אין דער עפנונג אָן אַ באַוועגונג. פּאַמעלעך דרייט זיך דער סנאָפּ ליכט איבער מיין קאָפּ, האַקט־איבער דאָס פעלד פון צווייטן עק, די רונדע איז פאַרביי און ס׳ליכט לעשט זיך אויס. נאָך אַ בליק צוריק צום פּאָליציאַנט וועלכער שפּאַצירט דאָרט אויפן שאָסיי. אַ געזעגנונגס־בליק. פּאַמעלעך צי איך ארויס מיין קערפּער פונעם טונעל... איך בין שוין אין וואַדי. פריער קריכנדיק; איצט קען מען שוין שטיין געבויגן. איך גיי אין וואַדי. אָט איז דער אויסערלעכער פּלויט. ער איז ביים שאָסיי. פון ווייטן זע איך אַ מאשין זיך דערנענטערן. ס׳איז אַ מיליטערישע מאַשין.

כדאי צו ווארטן ביז זי וועט פאַרביי. אפשר וועל איך זיך פאַרטשעפּען אין שטעכל־דראָט און זיי וועלן מיך דערזען. איך ליג אין דער זייט, אין גראָז, און וואַרט. די מאַשין גייט־פאַרביי מיט שוואונג. איצט איז דער שאָסיי ליידיק. פאָרויס! דער אויפשניט אין פּלויט געפינט זיך אויפן באַשטימטן אָרט. ער איז גענוג גרויס. איך גיי אים אריבער און געפין זיך אונטער דער בריק, וואָס איז פאַראַן דאָ איבערן וואַדי. עס הערט זיך ווידער אַ מאַשין־גערויש. ווייזט־אויס, ס'דערנענטערט זיך ווידער אַ מאַשין. איך פאַרהאַלט זיך ביז די מאַשין גייט־פאַרביי די בריק, איבער מיין קאָפּ. איך גיי־אריבער אין דער צווייטער זייט, און שטעק ארויס דעם קאָפּ, אַלץ אין רואיק. פאָרויס! פרייהייט! נאָך אַ קוק אויף צוריק. סאַראַ ליכט דאָרט! סאַראַ וואַך. ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז מען קען אנטלויפן פון דעם פאַרשאָלטענעם לאַגער!

אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען און אַ געפיל פון אָן אַ שיער פרייד האָט מיך ארומגענומען. דאָס איז די פרייד פון אַ מענטש, וואָס האָט געחלומט אַ שיינעם חלום, און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז דער חלום נישט קיין חלום, נאָר אַ וואָר.

איך בין ממשיך דאָס גיין אין וואדי. אין אַ שטרעקע פון 300 מעטער דאַרפן זיך געפינען אונדזערע מענטשן. איך גיי אין בלאָטע און טרעט אויף שטיינער. כ'האָב אויסגעטאָן די שטאָפּענע שיך. איך דאַרף זיי נישט מער. זיי שטערן אין גאַנג. כ'האָב זיי אריינגעשטעקט אין טאַש און אָנגעהויבן פונאַנדערשפּרייטן דעם פעפער, וואָס כ'האָב געהאַט אין מיין טאַש. אַ סגולה צו פאַרמיידן דאָס נאָכשפּירן פון די הינט... עס דוכט מיר, כ'בין שוין פאַרביי מער פון 300 מעטער. אַלץ זעט־אויס רואיק. קיין מענטש איז נישטאָ. וואָס איז דאָס? עס דוכט מיר אז כ'האָב געהערט דעם אָפּגעשמועסטן „טססס!" איך ענטפער: „טססס, טססס". נישטאָ קיין תשובה. ווייזט־אויס, עס האָט זיך מיר בלויז געדוכט. ס'איז קיינער נישטאָ אין דער סביבה. איך הער זיך נאָך איין אַ ווײַלע און גיי ווייטער. ס'האָט זיך מיר געדוכט ווייזט־אויס... און פלוצים ווי פון אונטער דר'ערד האָט זיך באַוויזן פאַר מיר אַ מענטש. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אַ קוסט ארויס.

אין זיינע הענט בלישטשען צוויי רעוואָלווערן אָנגעשטעלטע גלייך צו מיין ברוסט. „שטיי״ — באַפעלט ער מיר. דוכט מיר, איך האָב נישט באַוויזן קלערן צי ער איז אונדזוערער צי נישט, ווען איך בין שוין געווען אין זיינע אָרעם און ער זאָגט:

„כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז כ׳וועל קומען אייך נעמען!... ווער קומט נאָך דיר?...״ דאָס אין געווען עמנואל. אין דער זייט זענען געשטאַנען צוויי רענצלעך. „נעם דיר אַ רעוואָלווער. דעם פּאַראַבעלום נעם. ער איז אויסגעצייכנט. אויך אַ רעזערווע מאַגאַזינדל נעם. און אָט צוויי האַנט־גראַנאַטן, — מילסן פון אייגענער אויסאַרבעטונג״.

כ׳האָב מיר אויסגעקליבן דעם פּאַראַבעלום, אַריינגעלאָזט א קויל אין לופע, און אים אריינגעשטעקט אין גורט, און דעם האַנט־גראַנאַט אין טאַש.

„איצט גיי גלייך פאָרויס. דאָרטן וואַרטן די איבעריקע מענטשן אין די פּאָזיציעס וועלכע כ׳האָב אייך אָנגעגרייט. זיי פאַרזיכטיק מיטן מענטש, וואָס וועט דיך דאָרט אויפנעמען. ער איז אָנגעטאָן אין פּאָליציי אוניפאָרם. זאָלסט אים נישט „אַריינקלאַפּן״! ווי לאַנג וועט זיך עס נאָך ציען?״

„אַמווייניקסטן אַ שעה״, האָב איך געזאָגט. אַ האַנט־דרוק און איך גיי אין דער ריכטונג, וועלכע ער האָט מיר אָנגעוויזן. נאָך אַ 300 מעטער האָב איך געטראָפן דעם „פּאָליציאַנט״. מיר האָבן זיך איבער־געגעבן דעם פּאַראָל, געדריקט די הענט מיט פרייד, זיך ארומגעכאַפּט און איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן דער „פּאָזיציע״. און אזוי קומט־אָן איינער נאָכן צווייטן. ביז אַלע האָבן זיך באַוויזן. מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ שורה. איינער האָט געהאַלטן דעם צווייטן ביי דער האַנט מען זאָל נישט פאַרלירן עמעצן אין דער פינצטער. פון מאָל צו מאָל דרייען מיר אויס דעם קאָפּ נאָך הינטן און זעען נאָך פונווייטן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער באַלויכטן, רואיק און ערנסט. פון צייט צו צייט באַפאַלט דיך אַ שרעק, אַז ס׳איז נישט קיין ווירק־לעכקייט, אז נאָך אביסל וועסטו זיך אויפכאַפּן און זען, אז ס׳איז בלויז א חלום וואָס דו חלומסט. אָבער ניין! דאָס איז ווירקלעכקייט! ס׳איז

דאָ נישט קיין חלום. אָטעם, אָטעם טיף, פיל־אָן די ברוסט מיט לופט וועלכע האָט אַ גאַנץ אַנדערן גערוך, ווי די, דאָרט, אין די פלויטן, אין די פאַרצוימונגען.

3 שעה זענען מיר געגאַנגען צווישן פעלדער, פּרדסים, בערגלעך, ריטשקעס און טאָלן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו אַ פּלאַץ וואו ס'האָט אויף אונדז געוואַרט אַן אויטאָבוס פאַרשטעלט אין אַ וועלדל. שנעל זענען מיר ארויף אויפן אויטאָ. איצט זענען מיר אַ מיליטערישע גרופּע באַוואָפנטע און גרייט צום קאַמף. די רעוואָלווערן און די האַנט־גראַנאַטן אין די הענט, און מען דאַרף נישט מקנא זיין דעם וואַכפּאָסטן, וואָס וועט אונדז וועלן פאַרהאַלטן. דער זייגער איז 2.30 נאָך מיט־נאַכט. די מאַשין ריירט. שנעל פאָרן מיר פאַרביי דעם שאָסיי. אַלץ איז רואיק. פאַר אונדז איז נישט פאַראַן קיין פאַרהאַלט. די שאָסייען זענען ליידיק פון מענטשן און פון וואַך.

אַ זייגער 3 פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין תל־אביב. דער אויטאָבוס האָט איינגעהאַלטן אויף יוחנן הסנדלר גאַס און לויט די אָנווייזונגען, וואָס זענען געגעבן געוואָרן דורכן וועג־ווייזער און דורך עמנואל'ן זענען מיר אַרונטער נישט אָנקוקנדיק דאָס פּנים פון שאָפער. ביי דער סטאַנציע האָבן אויף אונדז געוואַרט צוויי מענטשן. דערזעענדיק אונדז איז קיין גרעניץ נישט געווען צו זייער פרייד. זיי האָבן געמאָלדן, אַז אלץ איז אין אָרדנונג, מיר האָבן זיך אויס־געשטעלט אין רייען און געגאַנגען נאָך זיי. די שטאָט איז געווען איינגעטונקען אין אַ פינצטערניש און אירע איינוואוינער זענען געשלאָפן זייער שלאָף. די שטילקייט איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז טראָץ אונדזער אָנשטרענגונג צו גיין אויף די שפּיץ נעגל האָבן זיך אונדזערע טריט געהערט, ווי אַ מיליטערישער מאַרש און מיר זענען געצוואונגען געווען אויסצוטון די שיך. גוט, אַז מיר האָבן נישט געדאַרפט גיין אַ סך און גוט, אַז מיר האָבן נישט באַגעגנט קיין מענטש. וואָס וואָלט זיך געטראַכט דער מענטש, וואָס וואָלט באַגעגנט אַזאַ מאַרש פון עטלעכע און צוואַנציק מענטשן מיט צעשטראַלטע פּנימער

פון פרייד, די שיך אין די הענט און די רעוואָלווערן איינגעשטעקטע אין זייערע גאַרטלען?

מיר זענען אַריין אין איינעם פון די הייזער אין דער געגנט. די דירה איז געווען ליידיק. אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג איז געווען דאָס היטן די רו, נישט אויפוועקן די שכנים. ס'איז שווער געווען נישט צו געבן אַן אויסלאָדונג דער פרייד, נישט טיילן זיך מיט איינדרוקן, נישט רעדן און נישט לאַכן. מיר האָבן אויסגעשפּרייט קאָלדרעס אויפן דיל און זיך געלייגט שלאָפן. טראָץ די פּיזישער אָנשטרענגונג, זענען ווייניק געווען די, וואָס האָבן געקענט איינשלאָפן. אַ געפיל איז געווען, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ לעבן.

*

מיט זונאויפגאַנג האָבן מיר זיך אָנגעהויבן „דורכזיפּן" פון דער דירה פאַרלעכווייז. אַ זייגער 6 אינדערפרי בין איך געווען ביי דער אויטאָבוסן־סטאַנציע, וואו מען פאָרט אויסער דער שטאָט. לויט איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, האָט אין דער שעה געקלאַפּט דער סערזשאַנט אויף דער, פון אינעווייניק פאַרשלאָסענער טיר פון באַראַק נומער 4, וואָס אין לאַטרונער לאַגער און נאָכן אויפברעכן די טיר, האָבן זיך אויפגעוועקט די פאַרהאַלטענע אין לאַגער פונעם סערזשאַנטס געשריין: „דער גאַנצער באַראַק איז פאַרשוואונדן! דער גאַנצער באַראַק איז פארשוואונדן!"

דאָס איז נישט געווען גאַנץ פּינקטלעך. דער באַראַק איז געבליבן אויף זיין אָרט. נאָר די מענטשן זענען פאַרשוואונדן.

# אויף דער פריי

## א.

פאַרלעכווייז זענען מיר אַרויס אויסער דער שטאָט. מיר האָבן געקלערט, אַז באַלד וועלן זיך אָנהייבן ברייטע רעוויזיעס אין שטאָט און ס׳איז ליבער צו וואַרטן ביז דער צאָרן וועט אַריבער. אונדזער באַזע איז באַשטימט געוואָרן צייטווייליק אין דעם וואַנדערנדיקן זאַמד־געביט, הינטער בת־ים, וואָס ציט זיך ביז צו די קאָלאָניעס אין דרום. דאָרט זענען מיר זיכער געווען. מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין גוט קאַמאָפלאַזשירטע געצעלטן, אין קליינע גרופּן. פון הויכע זאַמד־בערגלעך פלעגן מיר אָבסערווירן די געגנט מען זאָל אונדז נישט איבעראַשן. כאָטש ס׳איז געווען אַ באַדערפעניש צו שפּאָרן אַמאָניציע האָבן מיר זיך געאיבט שיסן צום ציל. אין דעם זאַמדיקן מדבר האָבן מיר געלעבט אַ צאָל טעג ביז ס׳זענען אָנגעגרייט געוואָרן דירות און מיר האָבן געקענט אָנהייבן אַרבעטן. און אריינגייענדיק אין דער אונטערגרונט־אַרבעט בלייבט־איבער זייער ווייניק צייט פאַר געדענקען די פאַרגאַנגענהייט. אין לאַטרון האָב איך נישט איינמאָל געקלערט, אַז אייביק וועל איך נישט קענען פאַרגעסן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. נישט איינמאָל האָבן מיר זיך געוויצלט, אַז ס׳וועט שווער זיין אַדורכגיין די גאַס אָן אַ באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, און ס׳וועט שווער זיין זיך זעצן עסן נישט דורכגייענדיק קודם אַ ציילונג, און אָט נאָך צוויי טעג איז דאָס קרימינאַל אינגאַנצן

פאַרגעסן געוואָרן. דוכט מיר, שוין דעם צווייטן טאָג האָב איך כלל נישט געדענקט אז ערשט נעכטן בין איך געווען אַרעסטירט. בלויז זייער זעלטן האָב איך זיך דערמאָנט צו פרעגן צי מ׳האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון די פאַרבליבענע דאָרטן. ס׳איז לייכט זיך צוגעוויינען צו דער פריי.

נאָך דריי טעג זיין אין „מדבר״ האָבן מיר זיך אָנגעהויבן איינ־אָרדנען אין די פונקטן אויף וועלכע מיר האבן באַדאַרפט אויספילן די אויפגאַבן, וואָס זענען אויף אונדז ארויפגעלייגט געוואָרן. איך האָב זיך אומגעקערט קיין תל־אביב און אין אָנפאַנג בין איך איינגע־אָרדנט געוואָרן ביי אַ משפחה סימפּאַטיקער. שטענדיק וועל איך דער משפחה געדענקן די מאָס הכנסת־אורחים, וואָס זי האָט מיר באַוויזן. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז איך בין נישט געווען אַן איבעריק באַקוועמער גאַסט. ווערנט דעם גאַנצן טאָג בין איך געזעסן אין שטוב. פּאַר קרובים, באַקאַנטע און שכנים, וועלכע פלעגן קומען באַזוכן, איז געווען נויטיק אויסטראַכטן אַ תירוץ, וואָס לייגט זיך אויפן שכל, פאַר מיין זיין דאָ. איך בין געווען, אויב איך בין זיך נישט טועה, „נחום״, דער חבר פונעם בעל־הבית נאָך פון דער באַנק פון אוניווערזיטעט. זייער באַציען זיך צו מיר און זייער דאגהנען פאַר מיין געזונט און באַקוועמלעכקייטן האָבן מיך גערירט. אזא באַציאונג איז אויך געווען צו די איבעריקע אנטלאָפענע, וואָס זענען איינקוואַרטירט געוואָרן ביי אַנדערע משפחות. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע באַפרידיקונג. דאָס האָט געמו־טיקט. די אַלע זענען געווען מענטשן וועלכע זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער אייזערנער לאָגיק פון „חזית״, און זיך פרייוויליק געמאָלדן צוהעלפן דעם אונטערגרונט שטעלנדיק זיך אליין אין געפאַר. עס זענען געשאַפן געוואָרן קרייזן פון אַן אָרגאַניזירטן הינטערלאַנד. ס׳איז שוין געווען צו ווענדן זיך צו ווענדן, ווען מען האָט באַדאַרפט אַ דירה, אָדער געלד אָדער אין יעדוועדן אנדערן ענין, וועלכער האָט זיך געגויטיקט פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אונטערגרונט און זיינע אקציעס.

די מאַכט האָט נישט באַלד פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע וועגן

אונדזער אַנטלויפן פון לאַטרון. די מעלדונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ לאַנגע צייט נאָכדעם און זי איז געווען אַ קורצע. „צוואַנציק פאַרדעכ־טיקטע אין טעראָר זענען אַנטלאָפן פונעם פאַרהאַלט־לאַגער אין לאַטרון...״ אין דעם איז שוין קיין חידוש נישט געווען, נאָר אַ באַשטעטיקונג פאַר דער עפנטלעכקייט. דער עולם האָט שוין אַ סך מער געוואוסט וועגן דעם אַנטלויפן, ווי ס׳איז איבערגעגעבן אין דער אָפיציעלער מעלדונג. צווישן עולם זענען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס און אָפט פלעג איך זיך צוהערן צו פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן דעם טונעל און דעם אנטלויפן. כ׳פלעג אָנשטעלן אַ פנים פון אַ תם און הערן ווי די צוואַנציק האָבן געגראָבן אַ טונעל מיט דער הילף פון עלעקטרישע בויערער אין אַ לענג פון אַ סך קילאָמעטער כמעט ביז תל־אביב...

קלאָר, אַז עצם דאָס אַנטלויפן, איז געווען אַ פּרעסטיזש קלאַפּ פאַר דער מאַכט, נאָר פאַרבאַהאַלטן די זאַך פאַרן עולם, דאָס מורא האָבן צו דערציילן, האָט גורם געווען טאָפּלטער דאָס דערנידריקן דעם פּרעסטיזש. ווייזט־אויס, אַז אויך די בריטישע הערשער, וואָס האָבן אַזאַ פּראַקטיק אין קאָלאָניאַלן הערשן, ווייסן נישט ווי אַזוי צו היטן דעם פּרעסטיזש.

## ב.

ביי אַ צעהן טעג נאָכן אַנטלויפן איז דער ערשטער פון די צוואַנציק געפאַלן. דאָס איז געווען יצחק סימן־טוב. זיין אַרבעטס־פּלאַץ איז באַשטימט געווען אין די שרון־קאָלאָניעס. דאָרטן האָט ער געדאַרפט אָרגאַניזירן אויפשטאַנדס־קעמערלעך. גייענדיק דורך די פעלדער מיט נאָך 4 מענטשן צום אָרט, וואָס איז אים באַשטימט געוואָרן, האָט ער זיך באַגעגנט מיט איינעם פון די אַראַבישע קאָרפּראַלן פון די שומרים אין לאַטרונער לאַגער. דערזעענדיק דעם קאָרפּראַל פון ווייטן איז יצחק אַריין אין אַ פּרדס אין דער זייט פון שטעג. דאָס איז געווען נעבן אַן אַראַביש דאָרף אין דער געגנט פון רעננה. דער אַראַבער, אַן איינ־וואוינער פון דעם דאָרף, קלערנדיק, אַז גנבים זענען אַריין אין פּרדס,

איז ער אריין נאָך זיי. דאָ האָט ער דערקענט דעם אַרעסטאַנט וועלכער איז אַנטלאָפן. יצחק האָט אָנגעשטעלט זיין רעוואָלווער אנקעגן דעם אַראַבער. ער איז אים געפאַלן צו די פיס און האָט זיך אנגעהויבן בעטן אויף זיין לעבן. ער האָט געשוואָרן, אַז ער וועט קיינעם נישט דערציילן וועגן דער באַגעגעניש. יצחק האָט נישט געוואָלט אומזיסט פאַרגיסן בלוט. ער האָט דעם אַראַבער געלאָזט גיין זיין וועג. ווען דער אַראַבער האָט זיך דערווייטערט פון זיי אַ שטרעקע פון ביי אַ 100 מעטער, האָט ער אָנגעהויבן לויפן צום דאָרף.. פון דאָרטן האָט ער אַלאַרמירט די פּאָליציי. די געגנט איז ארומגערינגלט געוואָרן דורך בריטיש מיליטער און פּאָליציי. דורכגייענדיק נעבן אַ פרדס האָבן זיך פלוצים באַוויזן הינטער די פינף צוויי בריטישע פּאָליציאַנטן מיט די ביקסן אָנגעשטעלט צו זייערע רוקנס. עס האָט זיך דערהערט דער באַפעל: „שטיי!" און „די הענט אין דער הייך!" בליץ־שנעל האָבן די פינף אַרויסגעצויגן זייערע רעוואָלווערן און מיט אַ שנעלן אויסדריי האָבן זיי געשאָסן אין די פּאָליציאַנטן. איינער, אַ בריטישער סערזשאַנט, איז געפאַלן און פאַלנדיק איז אַרויס אַ שאָס פון זיין ביקס. די קויל האָט געטראָפן יצחקן. דער סערזשאַנט איז געהרגט געוואָרן אויפן פלאַץ. דער צווייטער פּאָליציאַנט איז אַנטלאָפן געוואָרן. יצחק אַ פארוואונדעטער, ווערט געטראָגן דורך די חברים ביז צו אַ יידישער שטוב. דאָרט האָבן זיי אים באַהאַלטן. מען האָט געדאַרפט זיך שנעל אָפּטראָגן פון דער געגנט, ווייל זי איז אינגאַנצן געווען בלאָקאַדירט. זיי האָבן זיך געבאַנט אַ וועג און זענען אָנגעקומען צו אַ פלאַץ, וואו זיי האָבן געקענט מודיע זיין וועגן פאַל.

די פּאָליציי איז געגאַנגען נאָך די שפּאָרן פונעם בלוט. יצחק'ס בלוט. מ'האָט אים געטראָפן אין הויז וואו ס'האָבן אים איינקוואַרטירט זיינע חברים. זיין וואונד איז נישט געווען קיין געפערלעכע. ער האָט געקענט בלייבן ביים לעבן. אַנשטאָט דערלאַנגען אים הילף איז יצחק אַוועקגענומען געוואָרן אויף אַן אומבאַקאַנט אָרט און דאָרטן האָט מען אים געפּאָרשט און געפּייניקט. ערשט צו ענדע איז ער איבער־געפירט געוואָרן אין שפּיטאָל אריין. קיינעם פון זיין משפחה איז נישט

דערלויבט געווען צו אים צו צוקומען, טראָץ דאָס בעטן פון די עלטערן און זיין פרוי. אין אַ קורצער צייט נאָכן קומען אין שפיטאָל איז יצחק געשטאָרבן.

### ג.

פסיכיש האָט יצחק'ס טויט זייער שווער געווירקט אויף אונדז. בלויז צעהן טעג איז ער געווען אינדרויסן. „אויב דאָס וועט גיין מיט אַזאַ שנעלקייט" — האָסטו דיר געקלערט — „וועט דאָך אין די נאָענסטע טעג אוודאי קומען מיין ריי..."

מיר האָבן זיך געפילט זייער געטראָפן פון דעם קלאַפּ. אַ פּרעסטיזש קלאַפּ פאַרן אונטערגרונט. דער לוין האָט נישט פּאַרשפּעטיקט צו קומען. ס'העננען נאָך אונדזערע בילדער אויף אַלע פּאָליציי־סטאַנציעס, מען שפּיאָנירט און מען זוכט אונדז און אָט אַ ניי אַנטלויפן. די מאַכט הייבט אָן ווערן צו שפּאָט און צו שאַנד. צוויי פון אונדזערע בעסטע מענטשן זענען אַנטלאָפן פון ירושלימער קרימינאַל. בליץ־שנעל שפּרייט זיך די ידיעה פונאַנדער אין שטאָט און אויף יעדן פּלאַץ דערציילט מען וועגן דעם און מען לאַכט. דאָס איז געווען ערב ניטל־חגא 1944. צוויי יידישע אַרעסטאַנטן, יעקב לעוושטיין און משה בר־גיורא *) שטעלן זיך פאָר אַלס עלעקטראָטעכניק־ספּעציאַליסטן און

---

*) יעקב לעוושטיין: איינער פון די פיר קאמאנדירן, וואס זענען געשאסן געווארן אין דער דירה פון דיזענגאף גאס נומער 30. ער איז געבליבן לעבן און פאראורטיילט געווארן אויף 10 יאר פאר האלטן געווער. דאס „געווער" איז געווען, א נישט נוצבארער רעוואלווער, וואס איז אונטערגעלייגט געווארן דורך די אפיצערן פון דער געהיימפאליציי נאכן מארד־אקט. היינט איז ער אַ קאפיטאן אין ישראל מיליטער.

משה בר־גיורא: איז געפאלן בעת א פארזוך אויפצורייסן די ראפינעריעס אין חיפה דעם 2.11.1946. עס איז געווען זיין שטרעבן אויפרייסן דעם אימפעריאליסטישן קוואל פון אויסנוצעריי — די ראפינעריעס. ער האט געשטרעבט צו באווייזן די ענגלענדער, אז אן דעם ווילן און אן דער הסכמה פון די יידן וועלן

שלאָגן פאַר דעם אָנפירער פון קרימינאַל זייער דינסט: זיי וועלן איינאָרדנען עלעקטרישע לעמפּלעך אין ניטל־בוים לכבוד דער חגא אין שטוב ביים אָנפירער. נאָך צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן פּלאַנען זיי די זאַך און מיט פאַרשידענע וועגן געלונגט זיי צו געווינען צוטרוי ביים אָנפירער. דער פאָרשלאַג געפעלט אים. ערב הגא שיקט ער זיי אין באַגלייטונג פון אַן אַראַבישן פּאָליציאַנט, צו זיך אהיים, וואָס געפינט זיך טאַקע אין דער נאָענט פון קרימינאַל, אָבער פון אויסער די וואַך־ליניעס. זיי אַרבעטן מיט טעמפּאָ ביים באַפּוצן דעם בוים. אָט ווערט טונקל און מען דאַרף זיך צואיילן. זיי ציען אַהין און צוריק די עלעק־טרישע דראָטן, באַפעסטיקן, נעמען זיי אַרונטער, און באַפעסטיקן זיי ווידער.

„איצט אין נויטיק", — זאָגן זיי צום פּאָליציאַנט — „באַהעפטן די דראָטן צום קאָנטאַקט אינדרויסן". זיי גייען־ארויס און לאָזן דעם פּאָליציאַנט האַלטן איין עק דראָט, זיי דערקלערן אים, אז ווען זיי וועלן אים הייסן שטאַרק אָנציען דאַרף ער אַרויפטאָן דעם דראָט אויף דער לופּע פון דעם ביקס און אזוי אים צודריקן צו דער סטעלע. „מען טאָר נישט נאָכלאָזן טאָמער וועט זיך מאַכן א קורצשלוס אין הויז פון קאָמענדאַנט און די גאנצע עלעקטריק וועט קאַליע ווערן" —

---

די ענגלענדער נישט געניסן פון די לאנד־אוצרות. מיט הילף פון פּאסיקע דאקומענטן פלעגט ער אין פארלויף פון א לענגערע צייט אריינקומען אין געביט פון די ראפינעריעס און טראַץ די רעוויזיעס, וואס פלעגן געמאכט ווערן ביי יעדן, וואס איז ארייגעגאנגען און ארויסגעגאנגען, פלעגט ער דורכשמוגלען אין געביט פון די ראפינעריעס קליינע קוואנטומס אויפרייס־שטאף, און דארטן עס באהאלטן. ווען ס'האט זיך צוזאמענגעזאמלט א גענוגנדער קוואנטום האָט ער צוגעטרעטן אויספירן די אקציע. צוזאמען מיט יהודאי, פון די אנטרינער פון לאטרון, האָט ער זיך אונטערגעגנבעט אין די נאכט־שעהן צום געביט פון די ראפינעריעס און האט אנגעהויבן צוזאמענשטעלן די מינעס. צוליב די באדינגונגען אין וועלכע ער האט געמאכט די ארבעט, האט איין מינע אים געפלאצט אין די הענט און משה איז צעשמעטערט געווארן.

זאָגן זיי צום פּאַליציאַנט. אינדרוויסן קלאַפּן זיי אַריין אַ שטאַרקן טשוואָק אין דער וואַנט, בינדן צו דעם עלעקטרישן דראָט און שרייען צום פּאָליציאַנט:

„צי־אָן שטארק! נישט נאָכלאזן! בלויז צוויי מינוט!!!"

און דער פּאָליציאַנט ציט... און ציט...

ס'פארגייען אַ פּאָר מינוט און ער ציט אַלץ. ער שרייט זיי זאָלן זיך צואיילן, ווייל די האַנט טוט אים שוין וויי. אָבער קיינער ענטפערט נישט. ער רופט ווידער. קיין ענטפער. וואָס זאָל ער איצט טאָן? מאַכן אַ קורצשלוס אין הויז פון קאָמענדאַנט? נאָכלאָזן דעם דראָט און זען, וואָס איז געשען דאָרט מיט די אַרבעטער?

צום סוף גייט ער ארויס און זעט דעם דראָט אָנגעבונדן אָן אַ טשוואָק און די „עלעקטראָטעכניקער" זענען נישטאָ.

לייכט צו פאַרשטיין אַז דער ענגלישער אָנפירער האָט שוין קיין הנאה געהאט פון דער דאָזיקער ביטל־חגא. א הנאה געהאט האָבן פון איר די צוויי אנטרינער, די יידן.

יעזוס, ווייזט־אויס, איז טאַקע געווען אַ ייד.

און דער קראפט־צוגאָב איז געקומען געגנוי אין דער צייט.

## ד.

מיר זענען באַלאָדן מיט אַרבעט. 20 שעה אין טאָג ביסטו באַשעפטיקט. פון מאָל צו מאָל ווערן געשיקט מעלדונגען צו די פאראנט־וואָרטלעכע ווענן אָננעמען מענטשן: „אויפהערן די ארבעט פון די אָננעמונגס־קאָמיסיעס. די אינסטרוקטאָרן זענען פאַרלייגט מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. ביז מירן דערציען נייע אינסטרוקטאָרן, זאָל מען קיין נייע מענטשן נישט אָננעמען".

פון חודש צו חודש ווערט פארטאָפּלט די צאָל עקזעמפלארן פונעם „חזית". און אויך דאָס גענוגט נישט...

פון טאָג צו טאָג וואַקסט די בירגער־שיכטע וואָס שאַפט א מין ספעציעלע אָרגאַניזירטע קערפערשאַפט נעבן דעם אונטערגרונט.

נייע פיליעס שאַפן זיך אין די קאָלאָניעס און אין די דערפער.

פון טאָג צו טאָג אַנטפּלעקט מען נייע מקורות פון געלד. מענטשן זוכן אונדז איבערצוגעבן זייערע שפּענדונגען. פון טאָג צו טאָג קומען־צו מענטשן פון אלע שיכטן פון פאָלק, וואָס פאַרפּליכטן זיך צאָלן אַ חודשלעכן אָפּצאָל. מ׳דאַרף נישט צווינגען. דער יידישער ציבור ווערט רייף. נאָר דעם „חזית" בעטן זיי, מען זאָל נישט פאַרגעסן ברענגען ווען ער דערשיינט... און מיטן וואוקס פון די מיטלען וואַקסן אויך די באַדערפענישן...

פון טאָג צו טאָג וואקסט דער אינפאָרמאציע זאַפּאַס וועגן פיינט, וועגן די אָנפירער פון זיינע סאַטראַפּן. וועגן זיין פאַרמעגן, וועגן אַלץ...

פאראַן אַ צאָל מענטשן וועלכע דינען דעם אונטערגרונט פאַר געלד, פאַר באַשטעכונג. זיי שטויסן דיך טאקע אָפּ מיט זייער נידער־טרעכטיקייט, אָבער דו נויטיקסט זיך אין זיי. דו דאַרפסט וויסן וואָס עס טוט זיך ביים פיינט. וואָס אינטערעגירט די ארץ־ישראלדיקע „געסטאַפּאָ"...

אזוי גייט און אַנטוויקלט זיך דער אונטערגרונט.

טאָג און נאכט ארבעטן מיר אָן מידיקייט. צענדליקער באַגעגענישן יעדע נאכט. פאַרבינדונגען, מעלדונגען, פּלענער, קורסן פאַר באַניצן זיך מיט געווער, קורסן פאַר אויפרייסונגען, פאַר שעדיקונגס־ארבעט, פאַר גאַסן־קאַמפן, געשפּרעכן, דערציען קעמפער און אידיאָלאָגישע באַזירונג. אָננעמען נייע מענטשן און זיי עקזאַמינירן...

יעדע זאַך דאַרף געמאַכט ווערן פּונקטלעך, מיט אויסרעכנונג, מיט אַ קלאָרן קוק אויף די באַדערפענישן פון דער צוקונפט, און דאָס אַלץ מיט פּאָרזיכטיקייט, מיט אַ גרינטלעכן היטן זיך אויף יעדן טראָט, אויף יעדער באַוועגונג, וואָס דו מאַכסט. עס זאָל נישט דערגיין קיין שום זאַך צו נישטגעווינטשענע אויערן.

און דאָס פאַרשטאַרקן פון דער אויפקלערונגס־ארבעט ברענגט אויך דאָס פאַרשטאַרקן די וואַכזאַמקייט פון דער פּאָליציי און געהיימ־פּאָליציי. יעדעס מאָל ווען ס׳טרעפן זיך אָן פּאָליציאַנטן אָדער שפּיצלען מיט איינעם פון אונדזערע מענטשן, און פאַרהאַלטן אים אין גאַס צוליב אַ רעוויזיע אָדער א דאָקומענטן־קאָנטראָלע, דערשיינט פּלוצים אַ

מענטש פון הינטן און גיט דריי שאָס. צוויי אין רוקן און איינעם אין קאָפּ. אזוי ווערט געהרגעט אַן אָפּיצער און א פּאָליציאַנט אין חיפה ווען זיי פאראינטערעסירן זיך צופיל מיט א פעקל צייטונגען, וואָס א יידישער יונגערמאן טראָגט, און אזוי ווערט געהרגעט א פּאָליציאַנט, וואָס פאראינטערעסירט זיך מיט אויפרופן וועלכע א יידישער יוגנט־לעכער קלעבט אויף די ווענט פון די הייזער. אין רמת־גן ווערט געהרגעט א שפּיצל וועלכער האָט זיך פאראינטערעסירט מיט די אַנטרינער פון לאטרון אא״וו.

און די הויפּטזאַך, מיר ווייסן שטענדיק וועגן די רעוויזיעס פון דער פּאָליציי. ספּעציעלע וועגן פארמאָגן מיר פאר דעם. און זיי זוכן אונדז אויף יעדן אָרט... וואו מיר געפינען זיך נישט!

די ענינים אנטוויקלען זיך מיט א גרעסערער שנעלקייט ווי מיר האָבן פריער פאָרויסגעזען. יעדער פּילט, אז נאָך אַביסל וועט עפּעס אויסברעכן. אויך אין די אצ״ל־רייען הייבט זיך אָן א פערמענטאַציע. דאָס אנטלויפן פון לאטרון, דאָס אנטלויפן פון ירושלים און דער „חזית״ שאפן דאָס דאָזיקע פערמענטירן. א סך פון זיי ווענדן זיך צו אונדז אָבער בלויז איינצלנע ווערן אָנגענומען. אָפט באשטים איך באגעגענישן מיט גרופן אצ״ל־מענטשן און זיי דריקן־אויס זייער גרייטקייט זיך אָנשליסן אָן אונדז, נאָר אין איינקלאנג מיט דער ליניע שטופּ איך זיי אָפּ און באמי זיך משפּיע זיין זיי זאָלן פאַרשטאַרקן די טעטיקייט אינעווייניק ביי זיך. אין דער צייט געפינט זיך נאָך אצ״ל אונטער דער הערשאפט פון דער הצה״ר־פּארטיי. די מנהיגים פון דער פּארטיי זענען נישט א סך אנדערש געווען, אין זייער אויפפאסונג אין באצוג צו ענגלאנד, פון די איבריקע ציוניסטישע מנהיגים. כאָטש זייערע לאָזונגען זענען מער עקסטרעם, ווי ס׳פּאסט פאר אן אָפּאָזיציע, זענען זייערע טאָטן און זייער באציאונג צו דער ענגלישער מאכט נישט אנדערש פון אנדערע. אלץ וואָס זיי פארלאנגען, איז איבערבייטן דעם הויכקאָמיסאר, א סטאטוס פון א דאָמיניאָן אד״ג. אָבער די יוגנט זייערע, די יוגנט פון אצ״ל, איז פול מיט ווילן און גרייט צו אָפּפער־וויליקייט: זי האָט א פשוטע געזונטע לאָגיק. איך בין זיכער, אז איך

איבערטרייב נישט, ווען איך זאָג, אז אונדזערע טאַטן אין יאָר 1943/44 האָבן משפיע געווען אין אַן אנטשיידענער מאָס אויף דעם וועג פונעם ארגון צבאי לאומי פאַר דער צוקונפט. די פּארטיי פּילט, אז די יוגנט גליטשט זיך ארויס פון אירע הענט און זי שטייט פאַר דער ברירה: פארלירן זי אָדער ארויספירן זי צום קאַמף. א לאַנגע צייט האָבן די מנהיגים זיך געקווענקלט ביז זיי האָבן באַשלאָסן איבערגעבן דעם באַפעל איבער אצ״ל צו א מענטש פאַר וועלכן זיי האָבן מורא געהאַט צוליב זיין גרייטקייט צו קעמפן: צו מ נ ח ם ב ג י ן. אזוי ארום איז דער אצ״ל געראַטעוועט געוואָרן.

ה.

אין חיפה איז געשען אַן אומגליקס־פאַל. 3 אונטערגרונט־מענטשן האָבן געגראָבן א מאגאזין פאַר געווער. בעת דער ארבעט האָט זיך ארויסגעגליטשט ביי איינעם דער רעוואָלווער פון זיין גירטל, און פאַלנדיק אויף דער ערד האָט ער באַקומען א קלאַפּ אין „האַמער״, איז ארויס א שאָס און געטראָפן „ברוך׳ן״ אין בויך אריין.

מ׳דאַרף באַלד רוימען דעם פּלאַץ. דעם פארוואונדעטן ברענגט מען אריין אין איינעם פון די בנינים, מען גייט אריין אין א יידישער דירה, מען דערקלערט דעם ענין, און מען לייגט־אוועק דעם פארוואונ־דעטן אויף דער סאָפע. איינער לויפט ברענגען דעם דאָקטאָר אונדזערן, און צוויי בלייבן מיטן פארוואונדעטן. אין דער צייט אַלאַרמירט איינע פון די שכנות די פּאָליציי. און אָט דערשיינען פּלוצים אין דער דירה א בריטישער אָפיצער און א יידישער סערזשאַנט. דערזעענדיק זיי, שפּרינגט דער פריינט פונעם פארוואונדעטן ארויס דורכן פענסטער. די פּאָליציאַנטן ווילן אים נאָכלויפן. דער פארוואונדעטער ברוך צינדט אָן אין דער סעקונדע דעם „מילס״ און רופנדיק דעם יידישן סערזשאַנט ער זאָל זיך איינהאַלטן, הייבט ער זיך אביסל אויף פון זיין געלעגער און וואַרפט דעם האַנט־גראַנאַט אויף די פּאָליציאַנטן, וואָס לויפן־נאָך זיין פריינט.ביידע נאָכלויפער פאַלן פארוואונדעטע. דער יידישער סערזשאַנט וועלכער האָט נישט געפאָלגט דעם רוף פון

קעמפער איז דערנאָך געשטאָרבן פון זיינע וואונדן. ברוך פּרובט זיך נאָך אָפּטראָגן פון פּלאַץ. מיט שווערער מי שלעפּט ער זיך צו צום פענסטער, גייט דורך אים ארויס, מאַכט דורך א שטיקל וועג און פאַלט. ער איז אוועקגענומען געוואָרן דורך דער פּאָליציי און אין א פּאָר שעה ארום הויכט ער אויס די נשמה...

און די קראַנקן־שוועסטער דערציילן: ביז זיינע לעצטע מינוטן האָט ער אויסגעדריקט זיין זאָרג און צער אויף דעם, וואָס ער האָט געטראָפן דעם יידישן סערזשאַנט... ער האָט נישט געוואָלט... ער האָט נישט געוואָלט... ער האָט דאָך געבעטן ער זאָל נישט נאָכלויפן.

*

דער פאַל אין חיפה האָט אויפגעשוידערט די מאַכט. זיי הייבן שוין אָן צו פילן וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. מיט אַזעלכע מענטשן וועט שווער זיין צו קעמפן. ווייל, וואָס קען מען טאָן מיט מענטשן, וואָס שרעקן זיך נישט פאַר קיין שום זאַך, אפילו נישט פארן טויט? ווען זיי ווארפן האַנט־גראַנאַטן מיט זייער לעצטן ביסל כוח?

די פּאָליציי שטייט שוין אויף די פיס. זיי האָבן שוין פאַרציכטעט אויף זייערע פאַרזוכן צו ארעסטירן מענטשן. איצט ווען מען דאַרף עמעצן ארעסטירן, רינגלט מען ארום קודם די סביבה, מען זוכט מעגלעכקייטן אויף איבעראַשן דעם מענטש און אַנשטעלן צו אים דאָס מאַשין־געווער אָדער דעם רעוואָלווער פון הינטער אַ דעקונג. מען זעט שוין כמעט נישט קיין איינצלנע פּאָליציאַנטן אין גאַס. זיי דרייען זיך ארום באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פיס, גרופּנווייז מיטן געווער אין האַנט, שטענדיק גרייט צו שיסן. דער פינגער אויפן צינגל... און מיט סאַראַ פחד קוקן זיי אין די זייטן! און דאָס איז ערשט אַן אָנפאַנג. און אויך נישט קיין אָנפאַנג אפילו: מיר זענען נאָך אַלץ אין פּאַוזע פון פאָרבערייטונגען. און פון אויף די זייטן פון „חזית" הערט זיך דער צוזאָג פונעם יידישן אונטערגרונט צום פאָלק: „אויף סקאַרפּיאָנען וועלן דאָ זיצן די זעלנערישע סאַטראַפּן פון פיינט!"

אין די גאַסן פון די שטעט פאָרן פאַרביי לאַסט־מאַשינען פון דער פּאָליציי און אויף זיי גרופּן פּאָליציאַנטן. זיי פאַרהאַלטן זיך פּלוצים, שטעלן־אָן זייער געווער אַנטקעגן איינעם פון די דורכגייער, וואָס קומט

זיי פאַר פאַרדעכטיק, מען באַפעלט אים שטיין בלייבן, אויפהייבן די הענט, און ערשט דעמאָלט שפּרינגען זיי אַראָפּ פון דער מאַשין, מאַכן א רעוויזיע אין די טאַשן, קאָנטראָלירן די דאָקומענטן, קאָנטראָלירן גוט זיין פּרצוף און פאַרגלייכן אים מיט די בילדער וועלכע זיי האַלטן אין די הענט, און צו ענדע איז אַלץ אָפּהענגיק אין רושם וואָס דער מענטש מאַכט אויף זיי. אויב מאַכט ער א גוטן רושם וועלן זיי אים דערלויבן גיין, בלויז אויף דער פּילפּעדער, וועלכע זיי גנבענען אַוועק מיט גרויס געניטקייט בעת דער רעוויזיע, וועט ער זיך דאַרפן מצטער זיין. און קוים האָט דער בירגער געמאַכט א שלעכטן רושם, נעמט מען אים אויף דער געהיימפּאָליציי, און דאָרטן פאַרברענגט ער פון צוויי טעג ביז זעקס חדשים, און אָפּט אויך מער, און צוענדע באַפרייט מען אים. זיי דאַרפן בלויז צייט אים צו אידענטיפיצירן...

הונדערטער מענטשן אין טאָג גייען־דורך אזא קאָנטראָלע. און כאָטש שוין העכער צוויי חדשים ציט זיך דער דאָזיקער שפּיל, האָבן זיי מיט דעם וועג נאָכנישט מצליח געווען צו אַנטפּלעקן אפילו איין מענטש אונדזערן. זיי טאַפּן אין דער פינצטער...

*

ערשט 6 וואָכן נאָכן אַנטלויפן, האָב איך באַקומען מיין אייגן צימער. איך האָב זיך איינגעאָרדנעט אין א צימער אין שכונת שפּירא צוזאַמען מיט „דוב" (יעקב גראַנעק הי"ד). דוב איז געווען ממש אן אַקראָבאַט, אין באַניצן זיך מיט געווער און זייענדיק מיט אים האָב איך זיך געפילט זיכער. דאָס איז געווען א צימער אין א שלעכטן באַראַק, אָן עלעקטרישע ליכט און דאָס וואַסער טריפט פון די ווענט אין די רעגן־טעג. פונדעסטוועגן איז ליבער געווען צו וואוינען אין אָרעמען קוואַרטאַל. די איינוואוינער פון די קוואַרטאַלן זענען מער שטאַנדהאַפטיק און ווען מען וועט דאַרפן, וועט מען קענען זיך פאַרלאָזן אויף זיי: דאָ האָט מען נישט קיין מורא, אז די טאַטן פון אונטערגרונט שאַדן צו די גוטע געשעפטן, און דעריבער איז די סימפּאַטיע צו דעם אונטערגרונט גרעסער. פאַרשטייט זיך, אז אויך דאָ האָב איך אן „אַליבי" און איך בין שמואל, וואָס זיין פאָטער איז א דיפּלאָמירטער

חשבון־קאָנטראָלער און איך מאַך מיין ארבעט פאַר אים אין שטוב. דערפאַר ליגן ביי מיר שטענדיק חשבון־ביכער און זייטן מיט לאַנגע שפּאַלטן פון ציפערן. ווען די באַלעבאָסטע קלאַפּט ביי מיר אין טיר געפינט איך זיך שוין ביי די חשבון־ביכער.

זייער ווייניק מענטשן ווייסן וואו איך וואוין. אין די טאָג־שעהן פאַרלאָז איך נישט די שטוב. די מורא פאַר באַקאַנטע איז מער ווי די מורא פאַר דער פּאָליציי. אונדזער גאַנצער כוח איז אין דעם, וואָס די פּאָליציי ווייסט נישט וואו אונדז צו זוכן. אויב וועלן זיך דערוויסן אונדזערע קרובים און באַקאַנטע וואו מיר געפינען זיך, איז קיין צווייפל נישט, אַז ס׳וועט דערגיין אויך צו די אויערן פון דער געהיימפּאָליציי, וואָס אירע צווייגן געפינען זיך אויף יעדן פּלאַץ. מען קען נישט וויסען צי אַרום אונדזערע קרובים און באַקאַנטע רויען נישט אַגענטן פון דער געהיימפּאָליציי. אויסער דעם, בין איך גוט כאַראַקטעריזירט. איך בין שוואַרץ מיט אַ גראָבן וואָנס און באַברילט און אויב דאַרף איך אַמאָל זיך באַגעגנען מיט אַ מענטש, וואו ס׳איז נישטאָ קיין זיכערקייט אַז ער וועט נישט איבערגעבן מיין אויסזען דער פּאָליציי, האָב איך דאָך אין טאַש אַ קונסט־קין מיט ציין וועלכן איך קען אַרויפזעצן אויף מיינע אונטערשטע ציין און דורכדעם אינגאַנצן פאַרענדערן די צורה פון מיין פּנים. אין דעם פאַל, איז קיין ספק נישט, אַז דער כאַראַקטעריס־טישער שטריך אין מיין פּנים איז די אונטערשטע ליפּ, וואָס איז זייער בולט. אָפטמאָל פּלעג טרעפן, ווען איך פּלעג זיך אָנטרעפן אָן אַ מענטש, וואָס האָט מיך גוט געקענט פאַרן אַרעסט און אויב איך באַווייז זיך נישט צו באַהאַלטן פאַר אים און אונדזערע אויגן באַגעגענען זיך, צעשמייכל איך זיך בלית ברירה, — און צו מיין גרויסן שטוינען גייט ער מיך פאַרביי, ווי אַ פרעמדן מענטש. און דעמאָלט ערשט דערמאָן איך זיך, אַז מיין פּנים איז פאַרענדערט און מען קען מיך מער נישט דערקענען.

אין די אָוונט־שעהן גיי איך נישט אַרויס אָן אַ באַגלייטונג פון אַ שומר. ער גייט־נאָך מיינע טריט מיט אָן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין טאַש פון זיין ראָק. אויך איך באַמי זיך שטענדיק צו האַלטן מיין

רעוואָלווער אין האַנט. אין אָנפאַנג איז אַביסל שווער זיך צוגעוויינען צו אים. שטענדיק דוכט זיך, אַז אָט גליטשט ער זיך פון גירטל דורך די הויזן אַרונטער. אָדער עס דוכט דיר, אַז ער שטעקט צופיל אַרויס פון אונטער דעם ראָק און מען קען אים דערזען. בלויז נאָך אַ געוויסער צייט געוויינסטו זיך צו אים צו און דער רעוואָלווער ווערט כאילו אַ טייל פון דיר. אפילו בעתן שלאָפן ליגט ער אָנגעלאָדן אונטער דער קאָלדרע און ווען דו דרייסט זיך איבער פון זייט צו זייט גייט דער רעוואָלווער מיט דיר מיט.

*

די אַרבעט אין דער באַוועגונג איז איינגעטיילט אויף אַזאַ אופן, אַז אין יעדער אָפּטיילונג, אויף יעדן געביט און געביט ווירקן אין אַ גלייכער מאָס מענטשן, וואָס זייער פריי באַוועגן זיך איז באַשרענקט און מענטשן וואָס קענען זיך נאָך באַוועגן אויף אַ פרייען אופן. דער נאָענסטער מענטש ביי מיין אַרבעטס־געביט איז „אלישע". איך האָב אים באַקענט אַ פּאָר טעג נאָכן אַנטלויפן. די בשותפותדיקע אַרבעט האָט אונדז פאַרבונדן מיט פעסטע קנופּן. צוויימאָל אין טאָג, אַמיוויי־ניקסטנס, פלעגן מיר זיך טרעפן און זיך איבערגעבן ראַפּאָרטן, וועגן דער לאַגע פון די ענינים.

איך שעץ אים פאַר זיינע פעאיקייטן און פאַר זיין אינטעליגענץ. „אלישע" איז אַ פּראַקטישער מענטש און מיט שוואונג. ער איז פון דעם סאָרט מענטשן, וועגן וועלכע מען קען זאָגן מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט, אַז ס'איז פאַראַן פאַר זיי אַ גלענצנדיקע צוקונפט. ער איז דאָס, וואָס מען רופט ביי אונדז — אַ פּערזענלעכקייט...

אין איינעם פון די מערץ־טעג 1944, קומט צו מיר „אלישע", ווי געוויינלעך יעדן טאָג. ער קלאַפּט אָן אין טיר פון מיין צימער לויטן באַשטימטן צייכן און ווען כ'האָב אים געעפנט איז ער געשטאַנען אין אַ דיסטאַנס פון אַ פּאָר טריט פאַר דער טיר. ווי געוויינלעך פלעגט ער אַריינקומען מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.

„וואָס איז דאָס?" האָב איך אים געפרעגט. „פאַרוואָס האָסטו זיך דערווייטערט פון דער טיר?"

„מיין רעוואָלווער איז קאַליע. דאָס צינגל איז צעבראָכן. כ'האָב

נישט געוואַלט שטיין נאָענט צו דער טיר ווען כ׳בין נישט זיכער, אַז דו ביסט אין שטוב און נישט די פּאָליציי, וואָס וואַרט אויף געסט. אַזעלכע נסים קענען געשען...״ דאָס אַלץ זאָגט ער מיט געלעכטער און אין איילעניש.

מיר זיצן אויף מיין אייזערנעם בעטל און זענען מסדר ענינים.

א זייגער 11.30 זאָגט ער: „כ׳האָב נאָך א האַלבע שעה צייט, גיב מיר עפּעס־וואָס אָפּצועסן. איך בין הונגעריק ווי א הונט...״

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז אויך איך האָב נאָכנישט געגעסן.

— ס׳דוכט מיר, אַז כ׳האָב אין שטוב גאָרנישט — זאָג איך.

ער גייט צו צום קאַסטן וואָס דינט פאַר א שאַפע, און טרעפט דאָרט ברויט פון צוריק מיט א פּאָר טעג.

— האָסטו געלד? — פרעגט ער, — איך וועל לויפן עפּעס קויפן, און דו וועסט אין צווישן אָפּקלאַפּן דעם בריוו אויף דער מאַשין.

כ׳האָב נאָך געטראָפן א פּאָר פּיאַסטער אין טאַש און זיי פונאַנ־דערגעשפּרייט אויפן טיש. ער איז אַרויס און צוריקגעקומען מיט א לייבל ברויט און נאָך עפּעס דערצו.

— ס׳איז נישט קיין ענין אַזוי — זאָגט ער — מיר דאַרפן אַביסל זאָרגן פאַר זיך. פון נעכטן מיטאָג האָב איך נישט געגעסן, אויך דו וואָלסט אוודאי נישט געגעסן ווען נישט איך דערמאָן דיך...

ער גרייט־צו דעם מאָלצייט און איך האָב געענדיקט קלאַפּן אויף דער מאַשין.

ווען מיר האָבן געענדיקט עסן האָט ער געזאָגט: מאָרגן וועל איך באַזאָרגן פאַר דיר א פּרימוס. ס׳איז דאָך נישט געמאָלט, אַז זאָלסט אַזוי לעבן גאַנצע טעג נישט טרינקענדיק קיין וואַרעמס דורכן טאָג, איבערהויפּט ווינטער...

— האָסט דיר אויסגעפונען זאָרגן — האָב איך געזאָגט — דו ווייסט, אַז אין דעם זין בין איך איינגעאָרדנט בעסער פון אַנדערע. פאַראַן ווער עס זאָרגט פאַר מיר. קויף א פּרימוס און נעם דיר אים אַהיים.

— גוט, כ׳וועל קויפן צוויי...

און אזוי האָבן מיר ווייטער געפּלאָנט וועגן קלייניקייטן.

געגעבן א זייגער 12 שטעלט ער זיך אויף צו גיין. „גיב מיר א רעוואָלווער", האָט ער געזאָגט.

— אויסער מיין „נאַגאַן" האָב איך קיין כלי. כ'האָב דאָך דיר נעכטן איבערגעגעבן 8 נייע כלים. דאָס איז אלץ, וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, וואו זענען זיי?

— נאָך נעכטן האָב איך זיי געגעבן מ... זיי זענען אים בזיטיק געווען.

— פאַרוואָס האָסטו דיר איינעם נישט גענומען, אויב דיינער איז קאַליע?

— נעכטן איז ער געווען גוט. ביינאַכט האָב איך אים צענומען און גערייניקט און אזוי איז צעבראָכן געוואָרן דאָס צינגל. כ'האָב געדענקט אז כ'וועל ביי דיר נאָך עפּעס געפינען.. אַ מאָדנער געפיל ווען דו גייסט־ארום מיט א צעבראָכענער כלי. אויב כ'וועל באַווייזן וועל איך נאָך היינט צוגיין צו אונדזער ווארשטאט. דאָרטן איז באַשטימט פאַראַן א רעזערווע צינגל. ווען נישט, וועל איך נעמען פון דאָרטן א פאַרריכטע כלי. צום טייוול! א מאָדנער געפיל ארומגיין און אין דער האַנט א שטיק אייזן, וואָס שיסט נישט. איך האַלט אים אין טעקע און ס'דוכט מיר די גאַנצע צייט, אז די הויזן פאַלן מיר אראָפּ ווען דער רעוואָלווער איז נישט אין גירטל!

— ווען „דוב" וואָלט געווען אין שטוב, וואָלט איך דיר געגעבן זיין כלי. איך ווייס נישט ווען ער וועט צוריקקומען.

מיר זענען ארויס. באַגלייט האָב איך אים א שטיק־וועג, גערעדט האָבן מיר נאָך וועגן א פּאָר ענינים וועלכע מען דאַרף דערלעדיקן און זיך צעשיידט...

א זייגער 5 נאָכמיטאָג האָט מען מיר געמאָלדן דורך א ספּעציעלן קאָנטאַקט: „קאָנטראָליר אויב אלע דיינע מענטשן זענען בסדר. אין מזא"ה־גאַס האָט מען עמעצן אוועקגעלעגט".

באלד איז מיר אדורך א געדאַנק דורכן מוח: „דער רעוואָלווער פון „אלישע" איז קאַליע געווען..."

געשיקט האָב איך דעם קאָנטאקט־מענטש ער זאָל קאָנטראָלירן צי אלע מענטשן געפינען זיך אויף די פלעצער וואו זיי האָבן נעכטן געמאָלדן, אז אין דער צייט וועלן זיי זיך געפינען. אין א האַלבע שעה ארום האָב איך דערהאלטן פונעם פארמיטלער א מעלדונג, אז אלץ איז אין אָרדנונג. „בלויז וועגן אלישע האָב איך קיין שום ידיעה, ווייל איך ווייס נישט וואו ער דארף זיך איצט געפינען".

אין אָוונט האָט זיך אלישע נישט באוויזן אויף דער באגעגעניש, וועלכע איך האָב מיט אים באשטימט.

צומאָרגנס גאנץ פרי, האָט מען מיר געמאָלדן:

„אלישע" איז געפאלן. מ'האָט אים געוואָלט פארהאלטן און מאכן ביי אים א רעוויזיע. ער האָט געהאט א טעקע מיט צייטונגען. ער האָט געפרובט זיך אָפּטראָגן און איז אריין אין א הויז, וואו ס'ווייזט־אויס, ער האָט על פי טעות געמיינט, אז ס'איז פאראן אן אריבערגאנג דורכן דאַך פון איין הויז צום אנדערן. אויף די טרעפּ האָט מען אים געטראָפן און ער איז געפאלן א פארוואונדעטער. נאָכדעם, ווי ער איז געפאלן, האָט מען ערשט אין זיין קערפּער אריין אויסגעליידיקט א גאנץ מאגאזינדל פון אַ „טאָמיגאַן". זיי האָבן זיך איזדעקעוועט איבער זיין קערפּער! אין משך דער וואָך וועט מען דארפן נקמה נעמען..."

„אלישע" איז מער נישטאָ.

ווי שווער איז מיר געווען צו גלייבן אין דעם. די ערשטע טעג, האָט זיך מיר געדוכט, אָט קלאַפּט עד אין דער טיר און ער קומט־אריין.

זיין קערפּער איז נישט אידענטיפיצירט געוואָרן און איז באגראָבן געוואָרן אויפן בית־עולם אין נהלת־יצחק אונטערן נאָמען אברהם בן־אברהם. אומבאקאנטער קעמפער...

קיינער האָט נישט געוואוסט, אז אלישע איז... ירחמיאל אהרונ־סאָן, א געוועזענער סטודענט פון טעכניקום. די פּאָליציי האָט נישט מצליח געווען דאָס אויסצוגעפונען.

אין משך פון פיל טעג האָט אויף מיר געדריקט דאָס געפיל פון שולד: „פאַרוואָס האָב איך אים נישט געגעבן דעם רעוואָלווער?! פארוואס בין איך מיט אים נישט געגאנגען?" דער געדאנק, אז אלישע

האָט געקענט בלייבן ביים לעבן ווען איך וואָלט אנדערש געהאנדלט, האָט מיר דערקוטשעט טאָג און נאכט.

קוים, וואָס כ׳האָב געקענט אויסטייטשן פאר מיין געוויסן מיין אויפפירן זיך.

## ו.

אין דער מעלדונג פון דער פּאָליציי איז צו ערשט געזאָגט געוואָרן: „א מענטש וועלכער האָט דערוועקט א חשד ביי א וואנדערדיקע גרופּע פּאָליציאַנטן, האָט געעפנט מיט שיסעריי צו דער פּאָליציי, ווען זיי האָבן געהאלטן מאכן ביי אים א רעוויזיע. די פּאָליציי האָט געענטפערט פייער, און ער איז געשאָסן געוואָרן און געשטאָרבן פון זיינע וואונדן״. נאָך צוויי טעג איז ווידער געקומען א מעלדונג: „אין דער טעקע פון דעם מענטש, וואָס איז געשאָסן געוואָרן אויף מאזעגאס, זענען געפינען געוואָרן אומלעגאַלע צייטונגען און א רעוואָלווער״.

דער גאנצער ישוב איז אויפגערעגט. דער ליגן פון דער ערשטער מעלדונג איז געווען צופיל דורכזיכטיק. ס׳זענען אויך געווען א סך עדות צווישן די פארבייגייער, און דער אמת איז בליץ־שנעל פארעפנטלעכט געוואָרן. ס׳איז פארשטענדלעך געווען, אז מיטן אוועקהרגענען א פּאָר ענגלענדער אלס אן ענטפער אויף אזא נידערטרעכטיקן מאָרד, וועלן מיר אָפּשטעלן זייער ווילדעווען. און אויך די ענגלענדער האָבן געוואוסט און געפילט דאָסמאָל, וואָס עס דערווארט זיי. אַ פּאָר טעג האָט מען נישט געזען קיין איין ענגלענדער אין די גאסן פון די יידישע שטעט.

מיר קענען זיי אייגנטלעך אָנגרייפן אויפן פלאַץ וואו זיי זענען, אָבער ניין, ס׳איז נאָכנישט געקומען די צייט. מיר ווילן זיי שיסן אין די גאסן. זיך איזדעקעווען איבער זיי. מיר זענען טאקע נישט מסוגל זיך איזדעקעווען איבער זייערע קערפּערס, אָבער איבער די לעבעדיקע רוצחים האָבן מיר געוואָלט זיך איזדעקעווען, אָנלערנען זיי!

פּאָרלעכווייז דרייען מיר זיך אין די גאסן פון שטאָט, און זוכן ענגלענדער. רבותי, ס׳איז נישט אזוי איינפאך, צו גיין מאָרדן מיט

א קלאָרן באוואוסטזיין. אנדערע איז אפשר די זאך לייכטער. אָבער מיר יידן... ניין, ס׳איז נישט לייכט...

די פעלקער פון דער „מעריב־קולטור״ צווינגען אונדז צו זיין ווי זיי... זיי פארשטייען בלויז איין שפראַך: די שפראך פון מאָרד און צעשטערונג. און ס׳איז אנדערש נישט מעגלעך. גענוג געמאָרדעט געוועןֹ! כדי מיר זאָלן אמאָל קענען לעבן לויט אונדזערע קולטור־באגריפן, לויט אונדזערע מאָראַל־באגריפן, מוזן מיר זיך צוערשט פארוואנדלען פון געמאָרדעטע אין מערדער! קיין אנדערער וועג איז נישטאָ... לויט די אייראָפעאישע באגריפן איז דער כוח — די גערעכטיקייט. מיר מוזן באווייזן כוח. און כוח לויט זייערע באגריפן, איז קענען צעשטערן און מאָרדן... דאָ האָבן די ענגלענדער א פאָרטייל. ביי זיי עקזיסטירט נישט דער זעלישער קאמף ווען זיי גייען־ארויס מאָרדן, דער קאַמף, וואָס קומט־פאָר אין אונדזער נשמה ווען מיר באשליסן דאָס צו טאָן. ביי זיי איז עס איינפאך און פאר־שטענדלעך. די תאווה זייערע פון רויב און מאָרד רופן זיי שטאנד־האפטיקייט און קלוגשאפט. אָבער למעשה איז דאָ נישטאָ מער ווי א באפרידיקונג פון די חייהשע נידריקסטע אינסטינקטן וועלכע באהאלטן זיך אונטער זייער מענטשן־מאסקע...

מיר האָבן געקענט בלויז שטארבן העלדיש. שטענדיק, אין אלע דורות. איצט פארלאנגט זיך א העכערע גבורה, צו דערדריקן קודם־כל דעם עקל וועלכן מיר פילן ביים עצם דענקען וועגן מאָרד...

ניין, ס׳איז נישט פאראן אן אנדער שפראך וועלכע זיי זענען מסוגל צו פארשטיין... און צו אַלדע רוחות! ווי נידערטרעכטיקע פחדנים באהאלטן זיי זיך, ווען זיי ווייסן, אז א האנט פון נקמה לויערט אויף זיי!... איך וואָלט געוואָלט, אז עס זאָל זיך שוין ענדיקן. אין דער סעקונדע ווען איך וועל אָנשטעלן דעם רעוואָלווער צו זיין קאָפּ, ווען איך וועל דריקן אויפן צינגל, וועל איך בלויז טראכטן, וועגן מיינע עלטערן, וועגן מיינע ברידער, וועגן מיליאָנען ברידער וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין גלות, אויף „סטרומא״. כ׳וועל טראכטן, וועגן יאיר׳ן, וועגן זעליק זשאַק, וועגן אמפער, וועגן „אלישע״. כ׳וועל

טראכטן וועגן אלץ, וואָס זיי האָבן אונדז געטאָן... ניין, ס'וועט נישט שווער זיין. פונדעסטוועגן וואָלט איך וועלן עס זאָל שוין פאַרביי... און נאָכדעם וועלן מיר זען סארא היסטעריש און צבועיש געשריי זיי וועלן מאכן וועגן „געוויסנלאָזע רוצחים". יאָ, זיי וועלן זאָגן בפירוש: „געוויסנלאָזע". זיי שוידערן שנעל אויף, ווען מען רירט זיי אָן און זייער נשמה, די פאַרדאָרבענע ביזן גרונט, הילן זיי איין אין א מאסקע פון הומאניטעט... אויך די יידישע צייטונגען וועלן אונדז אזוי אָנרופן. זאָלן זיי פלאַפלען וויפיל עס גלוסט זיך זיי. דער ישוב וועט זיך פרייען צו הערן אז מיר האָבן נקמה גענומען פאר אלישע'ס בלוט... לייכט זיך זיי צו פרייען. זיי ווייסן נישט אז ס'איז נישט אזוי איינפאך צו שיסן א מענטש. דאָס ווייסט נאָר דער „געוויסנלאָזער" שיסער. דערצו פארלאנגט זיך גבורה. פאר די גויים איז עס נישט מער ווי א צעפרידנשטעלן דעם ייצר. ביי אונדז דאַרף צוערשט קומען דאָס באהערשען דעם ייצר.

— און געבענטשט זאָלן זיין אונדזערע יונגעלייט וואָס קענען איינ־נעמען זייער ייצר, בייקומען דאָס עקל־געפיל, וואָס זיי פילן אין דער מינוט ווען זיי שיסן א מענטש, און שיסן די זעלנערישע סאטראַפּן פון פיינט, מאכט נישט אויס! די היסטאָריע וועט וויסן צו משפטן צווישן אונדז, און וועט פעסטשטעלן ווער ס'זענען די „געוויסנלאזע רוצחים".

אזעלכע געדאנקען באגלייטן אונדז, מיך און „דוב'ן", באשטימט אויך די איבריקע פאַרלעך וועלכע דרייען זיך אין שטאָט און זוכן ענגלענדער...

אייגנטלעך איז דאָס אויך געווען דאָס עפּנען דעם פראָנט. מיר וועלן טאקע נאָכנישט אָנהייבן א פערמאנענטע מלחמה. אין די ערשטע שטאפלען פון דער מלחמה וועלן זיין בלויז איינצלנע אָנגריפן. א מין רעאגירן אויף דער אָדער יענער טאַט פונעם פיינט. א מלחמה אויף טויט און לעבן וועט דאָס זיין. בעסער געזאָגט, א מלחמה אויף לעבן, ווייל מיר ווילן נישט דעם טויט וועלכן זיי גרייטן אונדז צו...

*

דעם 27־טן מערץ, 1944, האָבן מיר נוקם געווען דאָס בלוט פון „אלישע". ביי א 15 בריטישע פּאָליציאנטן זענען געהרגעט געוואָרן

אויף די גאַסן פון תל־אביב און ירושלים. קיין איינציקער פון אונדז איז נישט געפאַלן. די ענגלענדער האָבן, ווייזט אויס, געמיינט, אַז דער צאָרן איז פאַרביי, זענען זיי אַרויס אין גאַס. די פּאָליציאַנטן זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די גאַסן פאַר די אויגן פונעם עולם. קיינער האָט נישט פאַרזוכט נאָכלויפן נאָך די אַטענטעטער. פאַרקערט: אויף אייניקע פּלעצער האָט דער עולם געעצהט די אַנטרינער: „גיי־אַריין אהער! דאָ איז פאַראַן אַ דורכגאַנג צו דער צווייטער גאַס״... דער ישוב וויל נישט זיין הפקר פאַר די בריטישע פּאָגראָם־באַנדעס. דאָ איז נישט קיין גלות!...

אין דער נאַכט זענען אויך אויפגעריסן געוואָרן די בנינים פון דער געהיימפּאָליציי אין ירושלים, תל־אביב און חיפה. דאָס זענען געווען אצ״ל׳ס אַקציעס. די בנינים פון דער געהיימפּאָליציי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות. און אונדזער שמחה אין דער נאַכט איז געווען אַ טאָפּלטע: סיי די פרייד פון דער נקמה, וואָס מיר האָבן גענומען און אויך די פרייד איבערן פאַקט, אַז אצ״ל האָט אָנגעהויבן ווירקן. מיר זענען שוין נישט איינזאַם אין שלאַכט! די פערמענטירונג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן זיי האָט געבראַכט אַן ענדערונג אין דער אָנפירערשאַפט. מיר ווייסן, ס׳איז נאָך ווייט די דיסטאַנס צווישן אונדז, אָבער דער פאַקט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן ווירקן קעגן בריטישן פיינט זאָגט אַ סך. ס׳זענען פאַראַן אויסזיכטן אַז צום סוף וועלן זיי פאַרשטיין, אַז ס׳איז נישטאָ דאָ קיין פּלאַץ פאַר אויסאיבן אַ דרוק, אַז דאָ איז פאַראַן אַ מלחמה וועגן מאַכט. זיי וועלן פאַרשטיין, זיי מוזן פאַרשטיין.

*

אַ זייגער 3 ביינאַכט האָב איך דערהאַלטן אַ מעלדונג פון דער צענטראַלע, אַז מאָרגן וועט די מאַכט אויסרופן אויסנאַמס־צושטאַנט אין די יידישע שטעט און ס׳וועלן געמאַכט ווערן רעוויזיעס. איך דאַרף באַלד פאַרלאָזן די שטאָט. דער טרעף־פּונקט איז אין שכונת שפּירא אויפן וועג, וואָס פירט קיין מקוה־ישראל.

אין פאַרלויף פון איין שעה איז אוועקגעראָמט געוואָרן יעדע פאַרדעכטיקע זאַך וואָס איז געווען אין צימער. 5 אַ זייגער אינדערפרי

האָבן מיר זיך געטראָפן אויפן באַשטימטן פּלאַץ. מיר האָבן באַשטימט די פּלעצער וואו יעדער איינער וועט פאַרברענגען די אויסנאַם און רעוויזיע־טעג. מיר האָבן באַשטימט די וועגן און שטעגן דורך וועלכע מיר וועלן גיין צו די אויפנטהאַלט־פּלעצער. פאַר דעם קאָנטאַקט און אַנדערע וויכטיקע זאַכן וועלן זאָרגן די פאַראַנטוואָרטלעכע וועלכע האָבן אַן „אַליבי״, וואָס וועלן בלייבן אין שטאָט. מיר האָבן זיך פונאַנ־דערגעשפּרייט גרופּנווייז.

*

דעם טאָג זענען אין דער פּרעסע פאַרעפנטלעכט געוואָרן די נייע „אויסגעבעסערטע״ געזעצן פונעם אויסנאַמס־צושטאַנד: פאַר טראָגן געווער — הענגען.

דורך די זאַמדן פון בת־ים בין איך אָנגעקומען קיין נס־ציונה. דאָרטן האָט מען געדונגען אַ צימער נאָך צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן, כדי ער זאָל זיין גרייט „אויפנעמען געסט״ ווען מ׳וועט דאַרפן. אַ זי און אַן ער פון אונדזערע מענטשן האָבן אים געדונגען פאַר אַ פּאָרל. צוליב מאַנגל אין טעכטער איז „כרמלה״ געווען די באַזיצערן פון אייניקע צימערן אויף פאַרשידענע פּלעצער, און ביי יעדן פאַל פלעג זי דערשיינען אַלס די פרוי פון דעם באַזיצער פון צימער. (אין יענע טעג פלעג יעדער אומפאַרהייראַטער בחור דערוועקן אַ חשד). יעדן אָוונט האָט זי געדאַרפט דערשיינען אויף יעדן פּלאַץ ביי יעדן „מאַן״, די בעלי־בתים און די שכנים זאָלן זען, אַז ס׳איז טאַקע אַ פּאָרל. אינדערשטיל פלעג זי זיך אָפּטראָגן פון איין פּלאַץ און איבערגיין צום צווייטן כדי מען זאָל זי זען אָנקומענדיק אָבער נישט אַוועקגייענדיק.

פאַרשטייט זיך, די „פּאָליגאַמיע״ האָט צווישן אונדז געדינט אַ טעמע פאַר וויצן.

ביי אַ וואָך צייט בין איך געווען אויסער דער שטאָט. ביז זיי האָבן געענדיקט די רעוויזיעס און ס׳האָט זיך געענדיקט דער אויסנאַמס־צושטאַנד און אין רעזולטאַט האָבן די ענגלענדער געפונען אַז זיי האָבן גאָרנישט געפונען.

און די דאָזיקע וואָך איז געווען א וואָך פון אורלויב. איך האָב זיך אומגעקערט צו מיין ארבעט פול מיט מוט און מיט פלענער פאר דער צוקונפט.

ז.

עס זענען פארביי צוויי טעג.

אינדערפרי האָב איך זיך געטראָפן מיט מ... ער געפינט זיך נאָך אין איינע פון אונדזערע פעסטונגען. א גרויסן מהלך האָב איך געדארפט מאכן. שוין נאָענט צוויי וואָכן, אז מיר האָבן זיך נישט באגעגנט און אין צווישן האָבן זיך צענויפגעזאמלט א סך זאכן וועלכע מען דארף קלאָר מאכן און איינאָרדנען. מיר האָבן געשמועסט ביי א 3 שעה. איך ווייס נישט, וואָס עס האָט מיך באוואָיגן ביים סוף שמועס אים איבערצוגעבן אן אויספירלעכן ראפּאָרט וועגן אלע ענינים וואָס געפינען זיך אין מיין האנט.

צי איז דאָ געווען אן אינטואיציע ? א געפיל, אז עס וועט מיר קיין סך צייט נישט איבערבלייבן צו זיין אינדרויסן ?

יעדן פאל איז עס א פאַקט, ווען כ׳האָב אים איבערגעגעבן דעם דין־וחשבון האָב איך געזאָגט:

„האלט דאָס פאר יעדן פאל. מען קען נישט וויסן וואָס ס׳קען מאָרגן פאסירן. וועגן דעם צושטאנד פון מיינע ענינים ווייסט קיין מענטש נישט גענוי, און אויב פאל איך, וועט מען נישט וויסן ווי ממשיך צו זיין. אלישע איז נישטאָ מער, ער בלויז האָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי מיר״.

ווען ער האָט באקומען דעם דין־וחשבון, האָט ער ארייגעקוקט אין אים און געזאָגט: אין קיין פאל זאָלסטו זיך ניש ארומדרייען ביי טאָג אין גאס. אויך אָן וואָך זאָלסטו זיך נישט ארומדרייען.

— דאָס איז אביסל שווער. דער אָוונט גענוגט נישט. אָט, היינט, למשל, האָב איך באשטימט באגעגענישן אויף נאָכמיטאָג מיט בייע פינף מענטשן. זיי שטייען אין דער שפּיץ פון א לעגאַלע יוגנט־אָרגאניזאציע און האלטן ביי איבערפירן שטופנווייז די יוגנט צו אונדז.

— שיק עמעצן אנדערש צו דער באַגעגניש.

— דער ענין איז צו וויכטיק, און איך האַלט נישט צו פאַרלאָזן זיך אויף עמעצן. איך וויל זיך מיט זיי פּערזענלעך באַקענען.

— דיין צוגאַנג איז נישט קיין ריכטיקער. ליבער די ענינים זאָלן אַביסל ליידן, אָבער מיר מוזן זיך היטן. געוויין זיך צו פאַרלאָזן אויף דיינע מענטשן. ס'רוב זענען זיי אַנטוויקלטע בחורים און פאַרלעסלעכע. אויב וועלן זיי אַמאָל דורכפאַלן, וועלן זיי לערנען פונעם נסיון.

— אפשר אין דער צוקונפט וועל איך קענען אַזוי האַנדלען. איצט איז עס שווער. איך גרייט־צו א... און ב... צו פאַרטרעטן מיך אין פאַל איך וועל פאַלן. איך פיר זיי אַריין אין די ענינים שטופנווייז. זיי גיבן גוטע האָפענונגען.

און נאָך אַ פראַגמענט פון דעם שמועס, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. און ווידער פרעג איך זיך צי איז דאָ געווען אַן אינטואיציע?

מיר האָבן גערעדט וועגן דער אַקציע אין מצרים *). ער האָט געפרעגט אויב מען קען, לויט מיין מיינונג, שיקן ל... (איך האָב אים אַריינגענומען אין אונדזערע רייען) אויספירן די אַקציע.

„איך דענק, אַז ניין. ער איז טאַקע אַ שטאַנדהאַפטיקער און מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן, אַז ער וועט עס אויספירן אין אָרדנונג. אָבער דאָ איז פאַראַן אַן אַנדערע זאַך. ער איז נאָך אַ נייער. און כאָטש ער איז אַן אינטעליגענטער בחור, ווייס איך נישט וואָס ס'וועט געשען אויב מען וועט אים כאַפּן. אין דעם פאַל וועט זיין האַנדלען האָבן אַן אַנטשיידענע חשיבות בעתן פּראָצעס. ס'איז קיין ספק נישט, אַז אין אַזאַ משפט וועט ער פאַראורטיילט ווערן צום טויט. און דער מענטש וועלכער וועט אויספירן דעם טאַט און וועט שטיין פאַרן געריכט, וועט דאַרפן דערשיינען — נישט ווי אַ באַשולדיקטער נאָר ווי אַ באַשולדיקער. דער משפט דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וועלט טריבונע פון וועלכער דאָס יידישע פאָלק וועט באַשולדיקן די איינ־

---

*) די כוונה צו הרגענען לאָרד מוין.

וואזיע־מאכט. און דערצו פארלאנגט זיך א זעלישער כוח און א טיפן באוואוסטזיין. אויף נייע מענטשן איז זיך נאָכנישט צו פארלאָזן אין אזעלכע פאלן. ביי נייע מענטשן קענען מיר טרעפן, אמהעכסטנס, אידעאישן אָדער פּאָליטישן באוואוסטזיין און בכדי צו שטיין אנטקעגן דער תליה און זיך מודה זיין, זיך צו פארוואנדלען פון א באשולדיקטן אויף א באשולדיקער, דערצו פארלאנגט זיך מער ווי פּאָליטישן אָדער אידעאישן באוואוסטזיין. דאָ איז שוין די זאך פארבונדן מיט עפּעס, וואָס איך רוף עס: „רעוואָלוציאָנערע וועלט אנשויאונג". איך בין נאָכנישט געפּרובט געוואָרן, אָבער ס'דוכט מיר, אז פאלן אין קאמף איז א סך לייכטער ווי צו שטיין פארן געריכט און זיין גרייט צו תליה. מ'דארף פאַרזיכטיק זיין ביים אויסוויילן א מענטש פאר דער אקציע.

צי איז דאָ נישט געווען אן אינטואיציע? היינט דוכט מיר, אז כ'האָב געהאט עפּעס א מאָדנע געפיל אין דעם טאָג. א מין געפיל, אז ס'וועט מיט מיר עפּעס־וואָס פּאַסירן. אָבער איך ווייס, איך וואָלט נישט געטראכט אזוי און כ'וואָלט נישט געוואוסט וועגן דעם, ווען די זאך וואָלט אין אמתן נישט פּאסירט...

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אהיים, האָב איך געטראָפן „עמוס'ן". ער האָט געוואַרט אויף מיר מיט גוטע בשורות. אפילו געלד האָט ער געהאַט פאר מיר. אלץ איז געווען ראזע. ער האָט מיר אויך דערמאָנט, אז מיר האלטן פאר ערב פּסח. איבערמאָרגן איז די סדר־נאכט. און איך בין כלל נישט גרייט דערצו. דעם „סדר" וועלן מיר פּראַווען צוזאמען א פּאָר מענטשן אין איינעם פון די בונקערס. ס'זענען אלע פאַרבערייטונגען שוין געמאכט געוואָרן און די שוץ אויך באשטימט. מיר וועלן דאָך אין דער סדר־נאכט נישט קענען זיצן אין קרייז פון דער משפחה און מוותר זיין אויף דער טראדיציע איז נישט מעגלעך...

און ס'דוכט מיר, עמעץ האָט מיר געזאָגט אז איך וועל זיך נישט באטייליקן אין סדר. דער יום־טוב איז אזוי נאָענט און איך פיל נישט כמעט זיין נאָענטקייט. און אפשר בלויז איצט דוכט מיר, אז עמעץ האָט מיר געשעפּטשעט אז איך וועל זיך נישט משתתף זיין אין סדר...

# חשוב כמת

## א.

א זייגער 4 נאָכמיטאָג בין איך ארויס פון שטוב אין דער באגליי־טונג פון א שומר. 4.15 האָב איך זיך געדארפט טרעפן מיטן ערשטן פון די נייע בחורים. מיט יעדן האָב איך געדארפט שמועסן 45 מינוט. ווען כ׳האָב זיך דערנענטערט צום טרעף־פּלאַץ האָב איך געזען דער בחור וואַרט שוין אין ווינקל. איך האָב דעם שומר, וועלכער איז מיר נאָכגעגאנגען, אוועקגעשיקט און אים איבערגעגעבן וועגן די ענינים, וואָס ער דארף דערלעדיקן ביז 8 א זייגער אין אָוונט, און וועגן פּלאַץ וואו מיר וועלן זיך באגעגענען. איך בין צוגעגאנגען צום מענטש וועלכער האָט אויף מיר געווארט, און בין אריינגעגאנגען אין איינעם פון די נאָענסטע הייזער. געווען איז דאָס דער שולע־בנין אין חשמר־נאים־גאס. איך האָב אויפגעעפנט די טיר און מיר זענען אריין אין א צימער וואו די לאָדן זענען געווען אראָפּגעלאָזט. מיין פּאַרטנער האָט געמאכט אויף מיר א גוטן רושם. „א גוט מאטעריאל״ — האָב איך מיר געדענקט — „אויב זענען אויך די איבעריקע ווי ער, איז עס א מער ערנסטער כוח־צופלוס ווי כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט״...

נאָך 40 מינוט זענען מיר זיך פונאנדערגעגאנגען. ער איז ארויס. מיר איז נאָך פארבליבן א פּאָר מינוט צו דער צווייטער באגעגעניש. הייס און א דערשטיקעניש איז געווען אין דעם פארמאכטן צימער. כ׳בין ארויס אין גאס. כ׳האָב אביסל שפּאצירט אהין און צוריק און

צום סוף, האָב איך זיך פאַרהאַלטן אַביסל פאַר דעם טרעף־פּלאַץ...

פון הינטער דעם גאַסן־ווינקל החשמונאים־אחד־העם, איז אַרויס־געקומען אַ מיליטערישע לאַסט־מאַשין. אויף אַ סעקונדע גייט מיר דורך אַ געדאַנק: „פּאָליציי". כ'האָב זיך ווידער איינגעקוקט און כ'האָב געזען, אַז ס'איז אַ מיליטערישע לאַסט־מאַשין. די פּאָליציי פאַרמאָגט אירע אייגענע מאַשינען. דאָס מיליטער באַשעפטיקט זיך נאָכנישט מיט יאַגד אויף מענטשן. איך שטיי אויפן טראָטואַר, האַרט ביים שאָסיי. די מאַשין דערנענטערט זיך. זי פאָרט מיט אַ שנעלקייט און פּלוצים באַמערק איך, אַז זי פאַרקלענערט איר לויף און דערנענטערט זיך צום טראָטואַר. און אָט באַווייזט זיך אַ פּאָליציאַנטן־היטל אויפן קאָפּ פון אַ מענטש וועלכער זיצט נעבן שאָפער.

„די יאַגד־מאַשין!" גייט־דורך אַ מחשבה אין מיין מוח. די מאַשין איז איבערגעצויגן מיט אַ פּלאַנדעק און מען קען נישט זען צי עס זיצן אינעווייניק נאָך פּאָליציאַנטן אָדער נישט. עס דוכט זיך זי איז ליידיק.

— בלויז צוויי זענען אינעווייניק. דער שאָפער און דער פּאָלי־ציאַנט. ס'איז נישט געפערלעך. אויב מען וועט דאַרפן וועל איך מיר אַן עצה געבן מיט זיי, — טראַכט איך אין האַרצן.

איך הייב־אויף דעם קאָפּ צו אַ פענסטער פון אויבערשטן שטאָק פון קעגנאיבערדיקן בנין. איך מאַך מיט דער האַנט צו די מענטשן וועלכע שטייען דאָרט אויפן באַלקאָן גלייך איך געזעגן זיך פון זיי נאָך אַ שמועס און כ'האָב אָנגעהויבן גיין אַנטקעגן דער זיך דערנענ־טערנדיקער מאַשין. אין דעם מאָמענט האָט זיך די מאַשין אָפּגעשטעלט. איך געפין זיך געבוי אַנטקעגן דער שאָפער־טיר. די טיר האָט זיך אַביסל געעפנט. אַ רעוואָלווער איז אויף מיר אָנגעשטעלט און מיטן ווייז־פינגער פון דער צווייטער האַנט ווינקט מען מיר צו צוגיין.

„דאָס איז עס! פאַרויס!" — איז מיר דורך אַ געדאַנק ווי אַן אויפשיין פון אַ בליץ.

כ'האָב אָנגעהויבן לויפן אַנטקעגן דער ריכטונג פון אויטאָ ער זאָל מיר נישט קענען נאָכלויפן. איך האָב געהערט דעם שאָס, וועלכן מען

האָט מיר נאָכגעשאָסן כמעט אין דער סעקונדע ווען כ'האָב אָנגעהויבן לויפן. די קויל האָט א פייף געטאָן ביים אויער. „פאַרויס!"

הינטער מיר הער איך דאָס שפּרינגען פון די פּאָליציאַנטן פון דער הינטערשטער טיר פון אויטאָ. א רעגן פון קוילן הינטער מיר. די קוילן טרעפן אין די ווענט פון די הייזער און דער טינק שפּריצט מיר אין פּנים. ס'דוכט מיר, דאָס זענען קוילן, וואָס טרעפן אין מיין קאָפּ. דאָס שיטן זיך פון די קוילן פאַרשטאַרקט זיך. איך דריי־אויס מיין קאָפּ צו זעען ווי די לאַגע זעט אויס. ביי א 15 פּאָליציאַנטן לויפן מיר נאָך צעשפּרייט איבערן גאַנצן שאָסיי און שיסן.

„כ'בין פאַרלויערן!" — איז מיר דורך א געדאַנק. ס'דוכט מיר, אז אין איין סעקונדע זענען טויזנט מחשבות אדורך מיין מוח.

...וואַרפן דעם גראַנאַט אויף זיי! ניין. כ'וועל נישט באַווייזן אים אָנצינדן. ליבער דער רעוואָלווער!

איך ציי־אַרויס דעם רעוואָלווער און לויפנדיק דריי איך אויס דעם קאָפּ אויף צוריק.

...אָט דער ערשטער הינטער מיר. ער איז אַזוי נאָענט און שיסט פון א „טאָמי". נאָך א ווײַלע וועט ער מיר טרעפן! איך שטעל־אָן דעם רעוואָלווער אַנטקעגן זיין קאָפּ. איך זע ווי פּלוצים פאַרהאַלטן זיי זיך אַלע אויף אַן אויגן־בליק בלויז. זיי זענען דערשטוינט געוואָרן ווען ס'האָט אויפגעבליצט אין מיין האַנט דער רעוואָלווער. איך הער פון הינטער מיר אויסרופן: „פאָרזיכטיק! ער האָט א רעוואָלווער!" איך דריק אויפן צינגל. „כ'האָב געטראָפן!" ער איז געפאַלן און דאָס מאַשין־געווער איז אים אַרויס פון די הענט. פאַרהאַלטן זיך און כאַפּן זיין מאַשין־געווער? ניין. כ'וועל נישט באַווייזן. זיי זענען צו נאָענט!... אָט, דער פון אַנטקעגן! צו אים! איך שטעל־אָן דעם רעוואָלווער אַנטקעגן אים. ער פאַרהאַלט זיך, ציט זיך אויס אויף דר'ערד און שיסט ווייטער. איך דריק אויפן צינגל. נישט געטראָפן! ווידער א דריק. נישט געטראָפן! — אויפן צווייטן. יענער איז שוין ווייט! נאָך א ווײַלע וועל איך דערגרייכן צום ווינקל פון גאַס. דאָרטן וועל איך אָנצינדן דעם האַנט־גראַנאַט, און וועל אים איבערלאָזן הינטער מיר.

זיי וועלן נאָך קומען צו דער צייט... איך דאַרף אים אָנצינדן ביי א 10 מעטער פאַרן ווינקל. דאָס קנייטל איז 4 ס״מ די לענג, 4 סעקונדן איז פונעם אָנצינדן ביז צום אויפרייס... נאָר דערגרייכן צום ווינקל פון גאַס... אינטערעסאַנט, וויפיל קוילן כ׳האָב שוין אין קאָפּ... פאָרויס!... צו אַלדע רוחות! בלויז דערגיין צום ווינקל, דאָרטן וואַרפן דעם גראַנאַט, אריין אין קעגנאיבערדיקן בנין! דאָרטן איז פאַראַן א דורכגאַנג צו דער צווייטער גאַס. כ׳וועל דאַרפן שפּרינגען איבער א פּלויט... א וואונדער אז כ׳קען נאָך לויפן...

וואָס איז דאָס?! — כ׳בין פאַרלויערן!

א צווייטע מאַשין איז אַרויס פון הינטערן ווינקל, אויך פון דאָרטן שפּרינגען פּאָליציאַנטן! איך בין אַרומגערינגלט! מ׳שיסט אויך פון פראָנט. יענע, שיסן שטייענדיק פון הינטער א שוץ! זיי וועלן מיר אוודאי טרעפן.

געענדיקט. אַלץ איז געענדיקט. ווי אלישע...

איך פיל, די פיס מיינע זענען שווער. עפּעס־וואָס ברענט אין די ריפּן. ס׳דוכט מיר, איך בין פול מיט קוילן. און טראָצדעם קען איך נאָך לויפן. אינטערעסאַנט וויפיל קוילן זענען שוין פאַראַן אין מיין קערפּער?... וואָס איז דאָס?... די ברוסט לויפט פאָרויס און שלעפּט נאָך זיך די פיס.

לויפן!... לויפן!... נאָר נישט פאַלן!

א סעקונדע פון פינצטערניש.

איך פאַל... פאַל...

פאַרלויערן... אַלץ איז פאַרלויערן...

כ׳בין געפאַלן מיטן קאָפּ צו דער וואַנט. דער קלאַפּ האָט מיך אויף א ווײַלע באַטויבט. באַלד האָב איך געעפנט די אויגן. איך ליג אויפן רוקן. עס הערן זיך נאָך איינצלנע שאָסן.

וואָס איז דאָס? זיי הערן־אויף שיסן? ניין. זיי דערנעענטערן זיך בלויז. זיי וועלן מיך ליקווידירן פון נאָענט. איצט איז אַלץ געענדיקט... איצט וועלן זיי אויסליידיקן די מאַגאַזינדלעך אין דער ברוסט אריין.

2 טאָמיגאַנס זענען אָנגעשטעלט צו דער ברוסט. א סעקונדע האָב איך נאָך צו לעבן...

און אויף דער סעקונדע קען מען שרייבן א גאַנצן באַנד. קיינמאָל איז א מענטש נישט מסוגל צו טראַכטן מיט אַזאַ שנעלקייט ווי אין דער לעצטער סעקונדע פון זיין לעבן. די סעקונדע איז א גאַנץ לעבן. אין דער סעקונדע גייט דיר אַלץ פאַרביי פאַר די אויגן. די וועלט, די בלויע הימלען, דאָס פאָטערלאַנד. איך געזעגן זיך פון אַלץ. פון מיינע עלטערן, פון מיינע ברידער, פון מיינע פריינט. איך זע אַלע פאַר זיך. אין משך פון דער סעקונדע האָב איך אפילו צייט צו באַדויערן דעם צער, וואָס איך וועל זיי פאַרשאַפן מיט מיין טויט. איך באַוויַיז אויך צו דענקען וועגן רעוואָלווער, וואָס איז מיר אַרויס פון האַנט. וואו איז ער? איך זע אים נישט. מען האָט אים שוין אוודאי אויפגעהויבן. איך האָב נאָך א רעוואָלווער אין גירטל פון אונטערן סוועטער. ער איז געלאָדן. אויך דער האַנט־גראַנאַט איז נאָך אין טאַש. און אויך א שרעק־גראַנאַט האָב איך אין א שאַכטל שוועבעלעך...

זיי טרעטן מיט זייערע באַנאָגלטע שיך אויף ביידע הענט מיינע, איך זאָל מיט זיי נישט קענען רירן.

איצט וועלן זיי מיך ליקווידירן... 40 קוילן וועלן אַריין אין מיין ברוסט און אין מיין קאָפּ. וואָס האָב איך אין די טאַשן? א נאָטיץ וואו ס'זענען פאַרשריבן די באַגעגענישן וועלכע כ'האָב באַשטימט. די צייט און די ערטער. אָבער דאָס איז פאַרצייכנט מיט א געהיימער שריפט. זיי וועלן גאָרנישט פאַרשטיין. ס'איז נישט קיין נויטווענדיקייט עס צו פאַרניכטן פאַרן טויט. כ'האָב נאָך א טייל פונעם אַרטיקל, וואָס כ'האָב געשריבן פאַר דער אינערלעכער צייטונג פון דער אַקציע־אָפּטיילונג. וואָס האָב איך דאָרטן געשריבן? ניין. ס'איז נישטאָ אין דעם קיין געפאַר. מ'קען עס לייענען. א שאָד, אַז כ'האָב נישט באַוויזן עס איבערצוגעבן שבתאי'ן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף דאָס אַרטיקל. וואָס נאָך? א בריוו פון א גרופּע אצ"ל־מענטשן. זיי שרייבן, אַז זיי ווילן אַריבערגיין צו אונדז און פאַרלאַנגען א באַגעגעניש און דערקלערונגען. ניין. אויך דאָס האָט קיין ווערט פאַר זיי. דער בריוו

איז אונטערשריבן מיט א קאָנספּעראַטיוון נאָמען פון א פרוי. גוט, וואָס כ׳האָב זיי געהייסן אזוי אונטערשרייבן אלע בריוו. וואָס נאָך האָב איך? גאָרנישט. קוילן און א רעזערווע מאַגאַזינדל... א שאָד די רעוואָלווערן. צוויי נייע כלים. פון דער „בערעטאַ״ האָט מען נאָך קיין מאָל נישט געשאָסן... וואָס וועט זיין מיט דער ארבעט? און ווער וועט מיך פאַרטרעטן?... אלץ איז געענדיקט. איצט וועלן זיי א דריק טאָן אויפן צינגל. סאַראַ געפיל וועט דאָס זיין ווען די קוילן וועלן אריין אין דער ברוסט? כ׳האָב דאָך נישט געפילט ווען כ׳בין פאַרוואונדעט געוואָרן, בלויז אין די ריפּן בראָט... וואָס וועט איצט זיין, נאָך א סעקונדע, ווען ער וועט א דריק טאָן אויפן צינגל? דאָס אלץ וועט פאַרשווינדן? ס׳וועט פינצטער זיין? די וועלט וועט מער נישט עקזיסטירן? כ׳וועל גאָרנישט זען? כ׳וועל מער נישט לעבן? אלץ איז געענדיקט!... ווער וועט אויסבילדן די נייע בחורים? דער צווייטער איז שוין אוודאי געקומען צום ווינקל און זאָל ער נאָר שכל האָבן זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען. פאַרוואָס שיסן זיי נישט מער?!...

פיר מענטשן שטייען נעבן מיר. צוויי פוןביידע זייטן אויף מיינע הענט און שטעלן־אָן די מאַשין־געווערן ארונטער — צו מיין ברוסט. צוויי אנדערע שטייען פאַר מיר מיט „וועבלי״ רעוואָלווערן אין זייערע הענט געווענדעט צו מיר. איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס זיי שיסן נאָכנישט... ליבער זאָלן זיי וואַרטן נאָך א סעקונדע. איך דאַרף זיך נאָך געזעגנען פון אלץ... ס׳איז שווער משלים זיין מיטן געדאַנק, אז אלץ איז געענדיקט...

און פּלוצים זע איך די לעכער פון עם רעדל אין זייערע „וועבלי״ רעוואָלווערן. זיי זענען ליידיק! כ׳האָב פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיי שיסן מיך נישט. די אָנלאָדונגען זענען אויסגעגאַנגען. זיי שטעלן־אָן אויף מיר ליידיקע רעוואָלווערן. איצט איז אפשר די צייט צו כאַפּן דעם צווייטן רעוואָלווער. ער געפינט זיך נאָך אין גירטל אונטערן סוועטער... זיי האָבן אים נישט באַמערקט... איך אָטעם טיף איין כדי דער בויך זאָל זיך אָנבלאָזן און דערפילן דעם רעוואָלווער. יאָ. ער איז פאַראַן. איצט מיט א פּלוצימדיקער באַוועגונג ארויסציען די האַנט

פון אונטערן באַנאַגלטן שוך. אַרויסציען דעם רעוואָלווער און אויף זיי שיסן איידער זיי וועלן שיסן אויף מיר... זיי וועלן סיי־ווי באַמערקן תיכף, אַז זייערע כּלים זענען ליידיק און וועלן זיי אָנלאָדן. אָבער ס׳איז נישט מעגלעך. ס׳איז שווער מיר צו רירן מיט אַן אבר. דאָס איז דער „פאַרהאַלט־כּוח״ פון אַ „טאָמי״ קויל... 11,56 קאַליבער. איצט ערשט פיל איך די זאַך וועגן וועלכער כ׳האָב טעאָרעטיש אויס־געצייכנט געוואוסט... האָסטו דיר אַ פּראַקטיק...

און פּלוצים איז מיר דער הומאָר־געפיל צוריקגעקומען. פאַרוואָס זאָל איך וואַרטן ביז זיי וועלן אַליין באַמערקן, אַז די כּלים זענען ליידיק? איך וועל זיי דאָס זאָגן. דאָס וועט זיין לעכערלעך... איך וועל זיי לערנען וואָס זיי דאַרפן טאָן כּדי מיט מיר צו פאַרענדיקן. און איך ווענדע זיך צו איינעם פון די בלאָנדע, וועלכער שטייט פאַר מיר:

— „העי, טאָמי, אויב ווילסטו מיך שיסן, דאַרפסטו צו ערשט ווידער אָנלאָדן דעם רעוואָלווער. קוק, ער איז ליידיק!״

אַ ווײַלע זענען די וועלכע שטייען פאַר מיר דערשטוינט געוואָרן. דער טאָמי צו וועלכן כ׳האָב זיך געווענדעט, איז רויט געוואָרן פון כּעס. און אפשר אַ מין בושה־געפיל האָט זיך אין אים דערוועקט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיט זיין רעוואָלווער, גלייך ער זאָל מיך דראָען באַלד צו דערשיסן, און האָט אַ געשריי געטאָן: „בלאַדי דזשו״.

דאָס האָט מיך שוין אַרויסגעבראַכט פון די כּלים. כ׳האָב אָנגעהויבן ענטפערן אויף ענגליש און אים אָנרופן מיט נעמען, וואָס דאָס פּאַפּיר פאַרליידט עס נישט. די, וואָס טרעטן אויף מיינע הענט, האָבן געקוועטשט מיט די שיך מיר ווי צוטאָן און מיך איינשטילן.

איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס זיי שיסן מיך נאָכנישט. סאַראַ אונטערשיד מאַכן זיי צווישן מיר און „אלישע״?

אָט לאָדן זיי אין אמתן אָן די רעוואָלווערן. אַ מין הונגער פון לאָדן נעמט־אָן אַלע פּאָליציאַנטן, וואָס שטייען אַרום מיר אין אַ האַלבן קרייז אויפן טראָטואַר, אויפן שאָסיי און אויפן קעגנאיבערדיקן טראָ־טואַר.

איך פאַרזוך זיי ציילן. זיי זענען העכער 30.

איצט הייבט מען אויף דעם וועלכן איך האָב געטראָפן. מען נעמט אים ארויף אויף דער מאשין. ער איז פארוואונדעט אין קאָפּ. איך קלער, אז איצט איז דער פסיכאָלאָגישער מאָמענט מיך צו שיסן. פארוואָס שיסן זיי נישט? די פראגע עקבערט אין מיין מוח און כ'געפין זיך פשוט קיין רו. ס'איז דאָך נישט געמאָלט, אז זיי זאָלן מיך איבער־לאָזןביים לעבן. און אפשר טראָצדעם איז נאָך נישט אלץ פארלוירן? איך בין נאָך אין גאַס...

עס דערנענטערט זיך צו מיר אַן אָפיצער. ער גייט־צו פּאָרזיכטיק. איך פיל אז ער האָט מורא פאר מיר!

— האָסט א באָמבע? — פרעגט ער.

— זיכער האָב איך, — האָב איך געענטפערט נישט אָן בארימעריי. כ'האָב געוואָלט צוגעבן מיינע רייד א טאָן, וואָס זאָל פארגרעסערן זיין צעטומלונג. אלץ, וואָס כ'האָב געוואָלט אין דער רגע איז, זיי זאָלן פאר מיר מורא האָבן. און די מעלדונג האָט ארויסגערופן א גרעסערן עפעקט ווי כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט. באַלד זענען אדורך מעלדונגען איבערן גאנצן האלב־קרייז פון די פּאָליציאנטן. איך האָב געהערט אויסרופן: „וואָטש הים! וואָטש הים! הי העס ע באָמב!"

(היט אים! היט אים! ער האָט אַ באָמבע!)

ביידע פּאָליציאנטן האָבן פארשטארקט דאָס דריקן אויף מיינע הענט. דער אָפיצער האָט זיך צוריקגעצויגן דערהערנדיק מיין בארי־מערישע מעלדונג. אלע זענען איצט אָנגעשפאנט געוואָרן. זיי האָבן גוט געדענקט דעם פאל אין חיפה. זיי ווייסן גוט, אז כל זמן א יידישער קעמפער לעבט — קעמפט ער.

— וואו איז די באָמבע? — פרעגט ווידער דער אָפיצער.

— זאָג דיין פּאָליציאַנט ער זאָל מיר באפרייען די האנט וועל איך דיר זי געבן, — האָב איך געזאָגט, און געוואוסט, אז ער וועט עס נישט מאכן. איך האָב בלויז געוואָלט דעמאָנסטרירן מיין גרייטקייט ממשיך צו זיין דעם קאמף. און אויך דאָס איז נישט פארבליבן אָן אן עפעקט. די צעטומלונג איז אזוי גרויס געוואָרן צווישן זיי ביז ס'האָט זיך מיר א מאָמענט אויסגעדוכט, אז די ראָלן האָבן זיך דאָ איבערגעביטן. נישט זיי דראָען מיך, נאָר איך דראָע זיי. נישט מיינע סעקונדן נאָר זייערע

לעצטע סעקונדן זענען עס. דאָס זענען געווען סעקונדן פון גליק פאַר מיר, זעענדיק אַז זיי האָבן מורא פאַר מיר אויך ווען איך בין הילפּס־לאָז. קיינער קען דאָס נישט פאַרשטיין. אויך א זון פון אַן אַנדער פאָלק וועט עס נישט פאַרשטיין. בלויז א יידישער יוגנטלעכער קען פאַרשטיין דעם טעם פון אזא גליק. בלויז א זון פון א פאָלק, וואָס ווערט פאַרניכטעט אין גלות דורך די רוצחים און זייערס גלייכן, קען געפינען דאָס גליק, זעענדיק דעם פּחד אין זייערע אויגן. צי פאַר־שטייסטו וואָס דאָס איז? מיליאָנען ברידער דיינע זענען געגאַנגען צו דער שחיטה הילפּסלאָז, שוצלאָז, אזוי דאָס גאנצע גלות, אויך דיינע עלטערן, אויך דיינע ברידער, אַלע זין פון פאָלק זענען געגאנגען צו דער שחיטה, און זיי, די אריער, פלעגן דערוועקן אין זיי דעם שטענדיקן פּחד, דאָ האָבן ז י י מורא פאַר מיר, כל זמן איך לעב. אויך ווען איך בין אין זייערע הענט, ווען איך ליג פאַרוואונדעט נישט קענענדיק רירן מיט אן אבר... האָבן זיי מורא, און זיי זענען א סך און איך בין איינער. זיי שרעקן זיך פאַר מיר, און איך בין בלויז איין ייד. ווען איך האָב ארויסגעליינט דעם פּחד פון זייערע אויגן, ווען איך האָב געהערט די פאַרזיכטיקייטס אויסרופן, האָב איך דעמאָלט געפילט, אז איך בין א פ ר י י ע ר י י ד אין פאָטערלאנד. אָבער אומזיסט דערצייל איך דאָס. מענטשן, וואָס זענען מיט דעם געפיל נישט גע־פּרובט געוואָרן וועלן מיך נישט פאַרשטיין.

יידן שטופּן זיך אָן אויף די דעכער פון די נאָענטע הייזער, אויף די טאַראַסן, אין די פענסטער, אין די גאסן ווינקלען הינטער דער פאָליציאַנטן־קייט. אלע שטופּן דאָרט זיך אָן און איך ווייס, אַז דער צאָרן ברענט אין זיי. עס דערוועקט זיך ביי מיר א שטאַרקער ווילן אויפשטיין אויף די פיס און רופן די מאסן פאָרטזעצן דעם קאמף וואָס איך האָב איבערגעריסן, פאַרניכטן די זעלנערוקעס וועלכע הערשן איצט אויפן גאנצן גאַס־אָפּשניט און מאַכן וואָס זיי ווילן. ווען כ׳וואָלט נאָר געקענט אויפשטיין... און איך בין ממשיך די נישט רעאַלע אויסרעכנונגען: ... אויב כ׳וועל נאָך א פּאָר מינוט אזוי ליגן, ביז זיי וועלן מיך דערשיסן, צי איז געמאָלט, אז אונדזערע

בחורים וועלן באַווייזן צו דערשיינען? דריי־פיר מענטשן אונדזערע וואָלטן געקענט מיט א פאָר גראנאטן פונאנדערטרייבן די גאנצע באַנדע. אפשר איז פאראן צווישן דעם המון עמיצער פון אונדז און ער וועט באַווייזן אַלאַרמירן הילף? אפשר איז נאָכנישט אלץ פארלויערן? אָבער ניין: ס׳איז נישט געמאָלט. איך דאַרף זיך נישט נאַרן. אַמוויי־ניקסטנס וועלן פאַרביי צוויי שעה ביז זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן מיין טויט. פאַרוואָס שיסן זיי נאָכנישט? און אפשר די נקמה־לערע „אלישע׳ס״ נקמה איז עס — און זיי וועלן מיך נישט הרגענען פאַר די אויגן פונעם המון? מעגלעך, בלויז ערשט דערנאָך וועלן זיי מיך הרגענען און מעלדן, אז כ׳בין געשטאָרבן פון מיינע וואונדן. און אפשר וועלן זיי מיך פייניקן? ווי איז מיין מצב אייגנטלעך? כ׳גיי שטאַרבן אָדער נישט? וואו בין איך פארוואונדעט? בלויז אין די ריפּן בראָט. און אָט די קאַלוזשע בלוט אונטער מיינע פיס. יאָ, אין די פיס האָב איך קוילן. זיי זענען פאראליזירט. צי וועל איך זיי נאָך קענען אויפהייבן? ניין, ס׳איז נישט מעגלעך. די מוסקולן טוען וויי. אויך די קני. אָבער וואָס איז דאָס וויכטיק? סיי־ווי וועלן זיי מיך באַלד ליקווידירן. און אפשר איז כדאי צו מאכן א פארדעכטיקטע באַוועגונג כדי זיי זאָלן מיך שיסן? איך וועל זיך איינשפּאָרן די גאַנצע פרשה פון פיינען און זיי וועלן דערנאָך נישט קענען שרייבן אז כ׳בין געשטאָרבן פון מיינע וואונדן...

עס דערשיינט אַ פּאָליציי־מאַשין און א פאָר הויכע אָפיצערן שטייגן־אויס. איך קען כמעט אלע. אָט איז פאָרד, דער קאמאנדער פון דער תל־אביבער פּאָליציי. אָט איז דעי פון דער געהיימפּאָליציי, זיי שטייען נעבן סערזשאַנט וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַטרול און ער גיט זיי איבער דעם ראַפּאָרט.

— וואו איז ער פארוואונדעט? — פרעגט צו ענדע פאָרד.

— דוכט מיר אין די פיס — זאָגט דער סערזשאַנט. — ער האָט נאָך אַ באָמבע אין טאַש.

— מ׳דאַרף זי ביי אים צונעמען.

— ער וויל זיך נאָך מיט זיך באַנוצן! מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק!

דער מאַיאָר פאַרד בייסט די ליפּן. ער ציט ארויס דעם רעוואָלווער און שטעלט אים אָן אויף מיר. „איצט איז געענדיקט״. — גייט מיר פאַרביי אַ געדאַנק. „זיי האָבן מיט מיר געהאַנדלט ווי מען האַנדלט אויף א יאַגד פון חיות אין דער באַטייליקונג פון פרינצן און לאָרדן״.

און ער שטייט אין אַ דיסטאַנס פון אַ מעטער פון מיר נעבן דעם פּאָליציאַנט וועלכער טרעט מיר אויף מיין רעכטער האַנט, און בייגט זיך אָן. אין איין האַנט דער רעוואָלווער געווענדעט צו מיר, און מיט דער צווייטער האַנט שאַרט ער עפּעס מיטן שטעקן אויפן טראָטואַר. ממש פון אונטער מיינע ריפּן אפּער שאַרט ער עפּעס־וואָס. וואָס איז דאָס? אַך! דאָס איז מיין „נאַגאַן״! די גאַנצע צייט איז ער געלעגן דאָרט נעבן מיינע ריפּן און איך האָב אים נישט געזען. כ׳האָב אים נישט געקענט זען. ער הייבט אים אויף מיט אַ טיכעלע. ביידע פּאָליציאַנטן טרעטן אויף מיינע הענט און איך פיל די טשוועקעס פון זייערע שיך דורך די אַרבל פונעם רעקל און סוועטער. זייער פּחד מאַכט מיך לאַכן. דאָס איז אַ סימן, אַז איך לעב נאָך. און איך שמייכל שפּאָטיש גלייך אין זיין פּרצוף אַריין. דער שפּאָט פון דעם שמייכל איז געווען קלאָר גענוג. אויך די שנאה אין מיין בליק איז נישט געווען קיין באַהאַלטענע.

— ווי איז דיין נאָמען? — האָט ער מיך געפרעגט.

— ס׳איז נישט דיין עסק! — האָב איך געענטפערט מיט כעס.

— וועלן מיר זען אויב ס׳איז מיין עסק אָדער נישט. וואו וואוינסטו?

— אין ארץ־ישראל! פאַרשטאַנען! איך וואוין דאָ אין ארץ־ישראל! ס׳איז גענוג פאַר דיר?! סוקען־סין וואָס דו ביסט!

זיינע פראַגן האָבן מיך אויפגערעגט. זיינע פראַגן זענען געווען ווי א באַשטעטיקונג צום אויספיר, אַז אַלץ איז געענדיקט, אז איך בין אין זייערע הענט. און מיר איז אזוי שווער געווען משלים זיין מיטן געדאַנק, אַז כ׳בין אויסגעשאַלטעט געוואָרן פון פראַנט, אז ער איז פאַר מיר געענדיקט. ערשט צוריק מיט 10 מינוט בין איך געווען פול מיט אידייען און געדאנקען וועגן דער מלחמה־צוקונפט, וועגן דעם

אַנטוויקלען זיך פון אונטערגרונט, און אַט האָט זיך דאָס אַלץ איבער־געריסן, אַלץ דאָס פאַרלוירן.

די אָפיצערן בּאַראַטן זיך צווישן זיך. ס'בּאַמערקט זיך, אַז זיי באַשליסן־וואָס. אפשר באַראַטן זיי זיך צו ליקווידירן מיך דאָ? ניין, נאָכוואָס? זיי וועלן אוודאי פאַרזוכן צוערשט אַרויסבּאַקומען עפּעס־וואָס פון מיר דורך פּייניקן. ווייזט־אויס, מען וועט מיך דאָ נישט שיסן. זיי וועלן עס נישט טאָן פאַר די אויגן פונעם עולם.

נאָך דער בּאַראַטונג גייען זיי צו מיר צו מיט די אָנגעשטעלטע רעוואָלווערן אַנטקעגן.

— „וואו איז דער גראַנאַט?!" — פרעגן זיי שטרענג.

איך חזר־איבער די פריערדיקע „חכמה": „בּאַפרייט מיר די הענט וועל איך אים אייך געבן".

דער מאַיאָר פאָרד בּאַפעלט די פּאָליציאַנטן אָנכאַפּן מיינע הענט און מיך אויפזעצן. זיי מאַכן עס מיט אַ גרויסער מאָס גראָבקייט. איצט וואַגט ער זיך דערנענטערן, טאַפּט מיט צאַרטקייט ביי די ·טאַשן פון מיין רעקל. מיט אַ צאַרטן, לייכטן אָנרירן רירט ער אָן מיינע טאַשן גלייך נישט אַ האַנט־גראַנאַט זאָל דאָרטן זיין נאָר עפּעס אַן אויפרייס־אַפּאַראַט, וואָס איז פעאיק בּלויז דורך אַ ריר אויפצורייסן. ביז ער דערפילט דעם גראַנאַט, וואָס ליגט אין דער לינקער טאַש פון מיין רעקל. ער האָט מורא אַריינצושטעקן די האַנט אין טאַש און פון דאָרט אַרויסצונעמען דעם גראַנאַט. ער בּאַפעלט אָראָפּציען פון מיר דאָס רעקל. ווי וועלן זיי עס מאַכן?

פיר מענטשן טוען מיר אויס דאָס רעקל. ווען זיי ציען־אַרונטער דעם אָרבּל ביז זיי קענען שוין נישט האַלטן מיין דלאָניע, כאַפּן זיי מיך אָן אונטערן אָרעם. און דער פּחד זייערע פאַרשאַפט מיר ווידער אַ ספּעציעלע פרייד. זיי ווייסן נאָכנישט, אַז ס'איז נאָך פאַראַן אין גירטל ביי מיר אויפן בּויך אַ רעוואָלווער. ווען איך געפין זיך אין דער זיצנדיקער פּאָזיציע קוק איך זיך אום אין די זייטן. עס אינטע־רעסירט מיך צי מען מאַכט דאָרט אין ווינקל רעוויזיעס. מ'זאָל נאָר נישט כאַפּן דעם בּחור. און איך האָף נאָך צו זען אפשר וועמען פון

מיינע פריינט. אפשר וועט דאָך געשען דער נס און ס׳וועלן אונדזערע בחורים דערשיינען, און מירן פארענדיקן מיט זיי? אויך איך וועל זיך נאָך קענען באטייליקן אין קאמף. כ׳האָב נאָך א רעוואָלווער. מ׳דאַרף נאָר אָנציען דעם האַמער און דריקן אויפן צינגל. פאָרד און דעי געפינען זיך נעבן מיר. סארא געלעגנהייט פטור צו ווערן פון די דאָזיקע צוויי הונט!...

זיי קאָנטראָלירן דאָס רעקל. ווען מען הייבט עס אויף זע איך, אז זיינע פאָלעס זענען פול לעכער. בעתן לויפן איז דאָס רעקל אָפן געווען און די קוילן זענען אים אַדורך. איך פיל בלויז אַ בראָטנדיקע ווייטיק אין דער לינקער זייט... זיי גיבן איבער דאָס רעקל די פאָליציאַנטן מיט פאָרזיכטיקייט. נישט ארויסנעמענדיק קיין זאַך פון די טאַשן. דער פאָליציאַנט נעמט עס און טראָגט זיך אָפּ.

ווען מ׳האָט ארונטערגעצויגן פון מיר דאָס רעקל, האָט זיך פאַר־קאטשעט דער סוועטער. איצט לייגט מען מיך אוועק און איך באמי זיך נישט אויסצושטרעקן, עס זאָל זיך נישט אַנטפלעקן דער רע־וואָלווער פון אונטערן סוועטער. און אָט זע איך ווי ער בלישטשעט דאָרט. בלויז אַ טייל פון אים זעט זיך אָן, א שמאָלער פאַס פון גלאַטן ניקל און א טייל פון האָלצערנעם הענטל. און פלוצים האָבן זיי באַמערקט. „וואָס האָט ער דאָ?" — פרעגט דער מאַיאָר פאָרד. זיי קוקן זיך איין און ווידער פאלט אויף זיי א פחד. גלייך ווי דורך דער אנטפלעקונג זענען זיי געראטעוועט פון א זיכערן טויט. זיי האַלטן מיך מיט כוח, מיטן שטעקן הייבן זיי אויף דעם סוועטער. איך בין געבליבן אָן געווער...

אַן אַמבולאַנס פונעם רויטן מגן־דוד קומט־אָן. איז געמאָלט עס זאָלן זיך אין אים געפינען יידן? ווי האָב איך געגאַרט אין דער רגע צו זען אַ ייד!...

דער אַמבולאנס האָט זיך פארהאלטן ביים טראָטואַר. עס גייען ארויס א קראנקן־שוועסטער און א דאָקטאָר. זיי גייען צו מיר צו, נישט זיך ווענדנדיק מיט קיין איין וואָרט צו די זעלנערוקעס. און ווען כ׳האָב אין דעם מאָמענט געהערט דאָס ערשטע העברעאישע וואָרט,

ווען די שוועסטער האָט זיך אָנגעבויגן צו מיר, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך בין ווייניקסטנס געראַטעוועט געוואָרן.

— וואָס איז דיר געשען? — פרעגט זי, — וואו האָט מען דיך פאַרוואונדעט?

— איך ווייס נישט גענוי, — האָב איך געענטפערט. — עס דוכט מיר, אַז כ׳בין פאַרוואונדעט געוואָרן בעיקר אין דער לינקער זייט, אין די ריפּן.

באַלד ציט זי אַרויס מיין העמד און פאַרהייבט דעם סוועטער. זי באַהאַנדלט די וואונד.

— ניין, עס איז נישט ערנסט. אַ טיפער שניט, דערפאַר טוט עס דיר ווי...

איך קוק זיך איין אין דער וואונד און זע, ס׳איז באמת נישט קיין ערנסטע זאַך. נאָר אַ פאַס הויט מיט פלייש איז פון דאָרט אויסגעריסן. דער דאָקטאָר און די שוועסטער כאַפּן אָן ביי א הויז און רייסן־אויף די נאָט, מיט איין צי. איצט ערשט אַנטפּלעקן זיך די וואונדן, פון די פיס. זיי וואַשן די פיס און באהאנדלען די וואונדן. פיר לעכער זענען פאַראַן אין די פיס. צוויי אין דער רעכטער קני און צוויי אין לינקן פוס, אין די מוסקולן. איך פאַרשטיי פאַרוואָס איך האָב נישט געקענט באַוועגן די פיס. די וואונדן האָבן גורם געווען מיין פאַלן.

די שוועסטער באַנדאַזשירט נאָך מיינע וואונדן און אָט פון דער צווייטער זייט בייגט זיך איבער מיר א יידישער אָפיצער אין פּאָליציי אוניפאָרם, מיט א בליי און פאַפּיר אין די הענט.

— ווי הייסטו? — פרעגט ער.

ניין. דאָס איז שוין צופיל פאַר מיר. א ייד באַדינט זיי! דאָ האָב איך פאַרלויערן דאָס הערשן איבער די נערוון.

— ווי שעמסטו זיך נישט! דו באַדינסט זיי?! די דאָזיקע הינט?! דו ביסט א ייד, פאַרשטייסט?! טראָג זיך אָפּ פונדאַנען! דו פאַר־שקלאַפטער קנעכט וואָס דו ביסט!... אפשר ביסטו אויך געווען מיט זיי אין אוישאַ? צי האָסטו זיך באַטייליקט אין יאַגד אויף יידן?!

— איך, איך בין נישט געווען מיט זיי. איך טו נישט דאָ מער ווי

אַ טעכנישע ארבעט. איך בין ערשט א יצט געקומען... איך בין גאָר־נישט... כ׳האָב קיין שייכות צו זייערע מעשים... זיי האָבן מיר ערשט איצט געזאָגט צו פארשרייבן דעם נאָמען און די אַדרעס, נישט מער...

די שוועסטער באמיט זיך מיך בארואיקן, אָבער ער דערוועקט אין מיר אן עקל. אין דער לאגע אין וועלכע איך בין געווען איז מיר שווער געווען ארונטער צו שלינגען אזא ביטערע פיל. איך זיך אינגאנצן פון כעס. ער בייגט זיך מערער איין, ממשיך צו זיין זיין התנצלות, און דאָ מישט זיך אריין די שוועסטער:

— טראָג זיך אָפּ פונדאנען. דו זעסט נישט וואָס זיי האָבן אים געטאָן?!

ער שטייט־אויף און טראָגט זיך אָפּ. ער איז צוגעגאנגען צום בריטישן אָפיצער און זיך אנטשולדיקט פארן נישט אויספירן זיין שליחות.

איך צעשמייכל זיך צו דער שוועסטער וואָס באנדאזשירט מיר מיט גרויס זאָרג די וואונדן, און דאנק איר פאר איר שטאנדהאפטיקן אויפפירן זיך מיטן פאָליציי־אָפיצער.

— איך בין דערשטוינט אנטקעגן דיין שיינעם האנדלען — זאָגט זי. — וואָס פעלט דיר? וועמען מעלדן?

— אַ דאַנק. מען דארף נישט מודיע זיין קיינעם.

די שטאנדהאפטע אויפפירונג פון דער שוועסטער דערמוטיקט מיך...

מען לייגט מיך אוועק אויפן טראָג־בעטל און מ׳טראָגט מיך צום אמבולאנס. איך זע נאָך דעם עולם זיך צונויפשטופן אויף די דעכער און טאראסן פון די בנינים. און ווען ס׳פארמאכט זיך די טיר פון אמבולאנס, איז גלייך ווי ס׳זאָל זיך פון הינטער מיר פארשליסן אויך די וועלט, די וועלט פון די מענטשן וועלכע זענען איבערגעבליבן דאָרט אויף די טאראסן. עס איז מיר געקומען דער באוואוסטזיין, אז אלץ איז געענדיקט, אז כ׳בין אויסגעשאלטעט געווארן פון פראָנט. איך בין שוין חשוב כמת...

ביי מיין זייט זיצט די שוועסטער און אין ווינקל ביי דער טיר זיצט א פּאָליציאַנט מיטן מאַשין־געווער געווענדעט צו מיר. נאָכן אַמבולאַנס פּאָרט דער פּאָליציי־אויטאָ. איך קען נישט פאַרטראָגן דעם פּרצוף פונעם פּאָליציאַנט. דער באַוואוסטזיין, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אַז איך געפין זיך אין זייערע הענט, ברענגט מיך ביז יאוש. איך קען נישט משלים זיין מיטן פאַקט, אַז איך בין הילפלאָז. איך וויל טאָן עפּעס־וואָס. כאַטש רייצן זיך מיט אים... און איך רייס זיך אַרויס: „וואָס דענקסטו עס דיר, דו סוקין־סין וואָס דו ביסט! ווי לאַנג וועסטו נאָך אַרומדרייען זיך דאָ א לעבעדיקער?! ווי־לאַנג וועט איר קענען נאָך באַרויבן און באַזלענען אונדז?! אונדזער לאַנד? ווי די הינט וועט איר דאָ פּגרן!”

ער איז אינגאַנצן רויט געוואָרן פון גרויס כעס. אָנגעשטעלט דעם טאָמיגאַן אַנטקעגן מיר גלייך ער נעמט שיסן און האָט זיך צעשריגן:

“Shut up, you bloody Jew!” —

די שוועסטער האָט זיך צו מיר געוואָנדן איך זאָל אים אָפּלאָזן.

— וואָס האָסטו אים געזאָגט? — האָט זי געפרעגט.

— פאַרשטייסט נישט קיין ענגליש? — האָב איך געפרעגט.

— ניין. (איך דענק, אַז זי האָט גוט פאַרשטאַנען ענגליש, נאָר זי האָט מיך פּשוט געוואָלט באַשעפטיקן מיט א געשפּרעך און האָט אין דעם מאָמענט נישט געטראָפן קיין אַנדער אויסרייד).

— כ׳האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל צוריק נאָך ענגלאַנד, א נישט וועלן מיר זיי שיסן ווי די הינט.

— זאָרג נישט. מיר וועלן זיי פאַרטרייבן. כל זמן מיר האָבן אַזעלכע בחורים ווי דו וועלן זיי קיין האָניק נישט לעקן. זיי וועלן פאַרטריבן ווערן פונדאַנען. זאָג, ווי הייסטו?

איך האָב איר געזאָגט דעם נאָמען וועלכער איז פאַרשריבן אין דער געפעלשטער אידענטיטעטס־קאַרטע, וועלכע איז אוועקגענומען געוואָרן מיטן רעקל.

— ביסט א באַוויבטער?

— ניין.

זי האָט זיך צעלאכט. איך וואונדער זיך איבער דיין שיינער אויפפירונג, און בלויז דיין פרוי בין איך גרייט געווען צו באדויערן. גוט וואָס ביסט נישט קיין באווייבטער. האָסט עלטערן אין לאנד?

— אויך נישט. בכלל ס׳איז ליבער זאָלסט מיך ווינציקער פרעגן פערזענלעכע פראגן, ווייל כ׳האָב מורא, אז מיר וועלן צוקומען צו א פונקט וואו כ׳וועל שוין דארפן זאָגן ליגן, און ס׳וועט מיר נישט איבריק אָנגענעם זיין.

— איך פארשטיי. וואָס אַלזאָ, טאָן פאר דיר?

— א דאנק, קיין שום ספעציעלעס דארף איך נישט. אפשר האסטו א סיגארעט? מיינע האָבן זיי אוועקגענומען.

— אַ שאָד. כ׳האָב נישט. כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט אין דער סטאַציע. אפשר וועל איך נעמען ביים פּאָליציאַנט?

— ניין! זאָלסט נישט וואַגן! פון די הינט וויל איך גאָרנישט נעמען!

— ווען מיר וועלן אָנקומען אין שפּיטאָל וועל איך דיר באזאָרגן סיגארעטן.

— וואו פאָרן מיר? אין דער „הדסה״?

— איך דענק, אז נישט. מ׳וועט דיך אוודאי נעמען אין שפּיטאָל קיין יפו.

— דו וועסט דאָרט זיין?

— ניין. איך אַרבעט אין „הדסה״.

— א שאָד. ס׳איז דאָרט פאראן יידישע שוועסטער?

— יאָ. אָבער איך דענק נישט, אז מ׳וועט זיי לאָזן צוגיין צו דיר.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי איז מיין מצב אין אמתן. אָבער זאָג מיר דעם אמת. דו פארשטייסט דאָך, אז ס׳איז נישט נויטיק צו פארהוילן פאר מיר. אפילו ווען ס׳איז נישט פאראן קיין סכנה פאר מיין לעבן פון די וואונדן, וועט מען מיך דאָך אָן א ספק אויפהענגען. מיך אינטערעסירט מיין לאגע צוליב אן אנדערע סיבה. זאָג, די וואונדן שטעלן אין סכנה מיין לעבן?

— ניין. באמת ניין. האָסט געהאט אן אויסערגעוויינלעכן מזל.

ביסט צעקרעלט געוואָרן אין א פּאָר ערטער פון גוף. נאָר איין טיפערן קרעל האָסטו אין דער לינקער זייט. די, וועלכע האָסט צוערשט געזאָגט, אז זי טוט דיר וויי. די קוילן זענען בלויז אריין אין די פּיס. איך קען נישט וויסן אויף וויפיל זיי שטעלן אין געפאר די פיס. בלויז דורך א רענטגען־אויפנאמע וועט מען קענען פעסט־שטעלן צו די קוילן האָבן נישט אָנגערירט די ביינער. אויב יאָ, איז עס א געפאר, אָבער נישט פארן לעבן...

— אויב אזוי, אינטערעסירט עס מיך נישט איבעריק, — האָב איך געזאָגט. — ס׳איז מיר נישט וויכטיק אויב מ׳וועט מיך הענגען מיט ביידע פיס אָדער מיט איינעם אָדער אָן ביידע. הער, וואָס איך וויל בעטן ביי דיר, וועסטו פארשטיין נאָכוואָס כ׳האָב געפרעגט וועגן מיין לאגע: פאר דריי וואָכן האָבן זיי אין גאס געהרגט מיינעם א חבר. זיי האָבן נאָך געשאָסן ווען ער איז שוין געווען א טויטער. דער פאקט, אז זיי האָבן זיך מיט מיר אנדערש אויפגעפירט באאומ־רואיקט מיך. איך דענק אז זיי גרייטן זיך צו פייניקן מיך און דערנאָך וועלן זיי מעלדן, אז כ׳בין געשטאָרבן פון די וואונדן. און דעריבער וויל איך בעטן פון דיר, אז נאָך דעם, ווי דו וועסט זען אין דער צייטונג אזא מעלדונג, זאָלסטו גיבן צו וויסן דער עפנטלעכקייט, אז מיין מצב איז נישט געווען קיין שווערער, אמהעכסטנס האָב איך געקענט פארלירן די פיס. צי זאָגסטו מיר עס צו?

— יאָ. איך זאָג־צו. אָבער זאָרג נישט. זיי וועלן דאָס נישט טאָן. איך וועל זיך באמיען אז א יידישער דאָקטאָר פון דער „הדסה״ זאָל זיך מיט דיר מטפל זיין. זיי וועלן דיך נישט הרגענען און נישט הענגען...

— איך דאַנק דיר פאר דער טרייסט, אָבער כ׳דארף עס נישט. זעליש בין איך גרייט געווען דערצו... אויב וועסטו געפינען א וועג צו מעלדן די מענטשן פון ל.ח.י. וועגן אָרט וואו מען האָט מיך אוועקגעפירט — טו עס. זאָג זיי אויך, אז מ׳דארף נישט איבערפירן קיין שום זאך. אלץ קען בלייבן אויף זיין אָרט. זיי קענען זיך



די קוילן טרעפן אין די ווענט פון די הייזער און דער טינק שפריצט מיר אין פנים...

(זייט 167).



(די בילדער זענען גענו־מען געוואָרן פינף יאָר נאכן אַרעסט, אויפן אָרט וואו דער מחבר איז געלעגן א פארוואונדעטער אויף חשמונאים גאס אין תל־אביב. די שפורן פון די קוילן זעען זיך נאָך אָן אויף די ווענט).

פאַרלאָזן אויף מיר, כ׳וועל גאָרנישט אויסזאָגן די הינט, אפילו ווען זיי וועלן מיך הרגענען...

— גוט. איך וועל זיך באמיען. א שאָד, וואָס דו פאַרלאָזט זיך נישט אויף מיר. ווען וואָלסט מיר געגעבן אן אדרעס וואו צו צוגיין...

— מיר פירן זיך נישט אזוי. וועסט באשטימט פארשטיין און מוחל זיין...

— איך פארשטיי. איך פארשטיי.

דער אַמבולאנס איז שטיין געבליבן. דער אריינגאנגס־טויער צום רעגירונגס־שפיטאָל האָט זיך געעפנט. דער אַמבולאנס איז אריינגעפאָרן און נאָך אים די פאָליציי־מאשין. מ׳עפנט די טיר פון אמבולאנס און די שוועסטער שפרינגט־ארויס. איך זע זי ארומלויפן און זוכן א ייד צו באקומען ביי אים א סיגארעט פאר מיר. צוויי אראבישע סאניטארן נעמען מיך ארויס אויף א טראָג־בעטל. איך פרוב גוט געדענקען די קאָרידאָרן און זאַלן דורך וועלכע מ׳טראָגט מיך. אפשר וועל איך האָבן א געלעגנהייט צו אנטלויפן? איך דארף וויסן ווי־אזוי מ׳גייט ארויס פונדאנען. און אָט קומט־אָן די שוועסטער א לויפנדיקע, שטעקט מיר אריין אין מויל אריין א פארויכערטן סיגארעט, און נאָך 3 אין האנט אריין.

— מער האָב איך נישט געקענט באקומען. ס׳איז דאָ כמעט נישטאָ קיין יידן. כ׳האָב צוגענומען ביים יידישן דאָקטאָר וויפיל ער האָט געהאַט. איך מוז זיך שוין אומקערן. שלום דיר! אלדעס גוטס!

— איך דאנק דיר זייער. כ׳האָב נאָך איין בקשה צו דיר. זאָג מיר ווי דו הייסט.

זי בייגט זיך אָן גלייך זי פאריכט מיר דאָס קישן צוקאָפּנס, און גיט מיר איבער איר נאָמען.

איך דאַרף געדענקען דעם נאָמען, איך דאַרף איר אַ מאָל דאנקען אויב כ׳וועל קענען. א בת־חיל! די זעלנערוקעס בייזערן זיך שוין אויפן געשפרעך וואָס מיר פירן. באהאלטענעהייט דריקט זי מיר די האנט און טראָגט זיך אָפּ אויסדרייענדיק נאָך אמאָל דעם קאָפּ איידער זי פארשווינדט פון הינטער דעם הויז־ראָג.

מען נעמט מיך אריין אין איינעם פון די צימערן. דאָס איז א צימער אין שפּיטאָל באַשטימט בלויז פאר ארעסטאנטן. מען לייגט מיך אריין אין א בעט. די ווייטיק אין די פיס שטייגט. איך קען זיך נישט רירן. איך פּרוב באַטראַכטן דעם ארום. אין צימער געפינען זיך נאָך צוויי: אן אראבער אין עלטער פון 45—40 מיט א פּרצוף פון א מערדער. ער קוקט זיך איין אין מיר מיט אויגן, וואָס דריקן־אויס א פולשטענדיקע אידיאָטיע. אין צווייטן עק איז פאראן נאָך עמעץ. אן אראביש יינגל אין עלטער פון 14 יאָר. דאָס איז א יינגל פון דער שולע פאר יינגע פארבעכער. זיין פוס איז צעבראָכן נאָר ער געפינט זיך שוין אין א דערהאָלונגס־צושטאנד און קען ארומ־שפּרינגען אויף איין פוס. אן „אנגענעמע געזעלשאפט", גייט־דורך א געדאנק מיר אין מוח...

*

דער בנין איז פול פּאָליציאנטן. אינדרויסן, ביים פענסטער וואָס גייט־ארויס אינדרויסן ארויס וואו עס געפינט זיך דער אריינפאָר־טויער פאר מאשינען, שטייען צוויי פּאָליציאנטן באוואָפנטע מיט מאשין־געווערן. ביי דער טיר פון צימער נאָך צוויי, מיט ביקסן. דעם זאָל אויסער צימער איז שווער מיר צו זען, בלויז א קליינעם טייל פון אים זע איך און פון מאָל צו מאָל גייען דאָרט פארביי פּאָלי־ציאנטן. זיי האָבן מורא, טאָמער קומען מיינע חברים מיך באפרייען.

אין א פערטל שעה ארום, קומט־אריין א דאָקטאָר און צוויי אראבישע קראנקן־שוועסטער. אויך דער דאָקטאָר איז אַן אַראַבער. אין א ווײַלע ארום קומט אריין די ענגלישע מאַטראָנע. זי הייסט די שוועסטער באנדאזשירן די וואונדן מיינע. זי סודעט זיך מיטן דאָקטאָר. דער דאָקטאָר לאכט, קוקט זיך איין פונדערווייטנס אין די וואונדן פון מיינע פיס, און גייט־ארויס.

די ענגלישע מאַטראָנע זעט אויס ווי אַ מלאך־המות. א פאסקודנע אלטע. איר פּנים איז געפּוצט און געמאָלן ביז עקל. דאָס רשעות איז

צעלייגט אויף איר פנים. זי ווייל מיך פארשרייבן און אויספילן די קאַרטאָטעקע.

„ווי הייסטו?" — פרעגט זי אויף אראביש. איך האָב איר געגעבן מיין נאָמען לויט דער אידענטיטעטס־קארטע מיינער: רפאל בירנבוים.

— דער אלטער?

— 24.

— אַדרעס?

— כ'האָב קיין אדרעס.

די צוויי שוועסטער נעמען־אוועק מיינע צעריסענע און מיט בלוט אויסגעשמירטע הויזן. זיי נעמען מיר ארונטער די שיך, נעמען ארונטער די באנדאזשן, וועלכע זענען אין צווישן אָנגעזאפט געוואָרן מיט בלוט, טריפן ארונטער יאָד אויף די וואונדן, לייגן־צו וואטע און נייע באנדאזשן. זיי דעקן מיך צו מיט א ליילאך און גייען ארויס. ווידער קומט־ארייַן א שוועסטער און מעסט מיר די היץ. מיין היץ איז נאָענט צו 39 גראַד. איך פיל עס כמעט נישט. בלויז די ווייטיק אין די פיס שטייגט...

*

בעתן באנדאזשירן קומען פון מאָל צו מאָל אריין אָפיצערן און געהיים־אגענטן, קוקן זיך איין אין מיר און גייען ארויס. אינטערע־סאַנט צי זיי וועלן מיך דערקענען. די כאראקטעריזירונג פארענדערט זייער מיין פנים. איך וואָלט זיי געוואָלט פארשפאָרן דעם נחת־רוח, וואָס ס'וועט זיי פארשאפן די ידיעה, אז ס'איז אין זייערע הענט אריינגעפאלן איינער פון די אנטלאָפענע פון לאטרון. פון זייט דעם אנטלויפן זענען פארביי העכער זעקס חדשים און אויסער יצחק סימן־טוב, וואָס איז געפאלן ביי רעננה, איז זיי גאָרנישט געלונגען אויפצודעקן, טראָץ די אָנשטרענגונגען זייערע צו געפינען די אנטרינער.

ס'איז אריינגעקומען אן אָפיצער מיט א שאכטל בילדער אין דער האנט. ער קוקט־דורך די בילדער איינס־איינס און פון מאָל

צו מאָל קוקט ער זיך איין אין מיר און פארגלייכט. עס אינטערעסירט מיך, ווען וועט ער צוקומען צום ריכטיקן בילד. יעדעס מאָל ווען זיין בליק איז אָנגעשפּיזט אויף מיר און ער פארגלייכט מיטן בילד אין זיין האנט, דוכט מיר אז די פאָטאָגראפיע מיינע איז אין זיין האנט. אָבער ער קוקט ווייטער איבער און קאָנטראָלירט ווידער. ניין, ער דערקענט מיך נישט. ער האָט איבערגעקוקט דאָס גאַנצע שאַכטל פאָטאָגראפיעס און איז ארויס. מ'האָט מיך נישט דערקענט! דאָס פארשאפט מיר א צעפרידנקייט. איך בין אין זייערע הענט און זייערע געהיים־אגענטן וועלן מיך ווייטער זוכן אינדרויסן. די זיכער־קייט אז זיי האָבן זיך נאָר דורך א צופאל אָנגעשטויסן אָן מיר, אז זיי האָבן נישט געהאט קיין שום אינפאָרמאציע, פארשטארקט זיך ביי מיר. זיי טוען ווייטער טאַפּן אין דער פינצטערניש ווי א בלינדער. דאָס איז גוט. בלויז דורך א צופאל געלונגט זיי געפינען עמעצן פון אונדז. פון אזעלכע פאלן קען מען זיך אויסהיטן.

ס'ווערט טונקל. דער עלעקטרישער לאָמפּ אין צימער צינדט זיך אָן און א שוואך אומעטיק ליכט איז צעגאָסן איבערן גאנצן צימער. דער לאָמפּ איז איינגעהילט מיט א גרינעם פּאפּיר און בלויז אונטער אים פארצייכנט זיך א מער ליכטיקער פלעק. דער צימער איז אריינגענומען אין א טונקלקייט.

עס קומען אריין צוויי אָפיצערן און איין סערזשאַנט. זיי דער־נענטערן זיך צו מיר.

— אַ גוטן אָוונט. ווי פילסטו זיך? — פרעגט מען מיך מיט גרויס העפלעכקייט.

איך האָב זיך נישט געריכט אויף אזא פראגע און זיי האָבן איר אוודאי געפרעגט, בלויז ווייל זיי האָבן געוואוסט, אז זי וועט מיך פארוואונדערן.

— איך וואונדער זיך, אז איר זאָרגט פאר מיר — האָב איך געזאָגט.

— דו ביסט טאקע א שלעכטער בחור. אבער מיר וועלן זאָרגן

פאר דיר. ס׳וועט דיר גאָרנישט פעלן ביי אונדז. צי פּילסטו זיך גענוג גוט, מיר זאָלן קענען מיט דיר שמועסן?

— ניין. בעסער אָפּלייגן עס אויף מאָרגן. כ׳האָב הויכן פיבער.

— גוט, ווי דיין פארלאנג. נאָר וועסט אונדז בלויז זאָגן, ביטע, דיין נאָמען.

— איר האָט דאָך מיין אידענטיטעטס־קארטע.

— יאָ, אָבער איך בין אויסן דיין ריכטיקן נאָמען.

— מיין נאָמען איז רפאל בירנבוים, לויט ס׳איז פארשריבן אין דער אידענטיטעטס־קארטע.

— לאָמיר זאָגן אז ס׳איז ריכטיק. וואו וואוינסטו?

— הער. לאָמיר נישט מאַכן קיין נאַרישן שפּיל. איך קען דיר איבערגעבן אן אדרעס און דיך שיקן זוכן. דו וועסט פאָרן אהין און וועסט צוריקקומען און ווידער וועסטו פרעגן, וואו איך וואוין — און איך וועל דיך שיקן אין צווייטן עק שטאָט. איך טו עס נישט, און דארפסט מיר דאנקבאר זיין. פאר דעם אָבער וויל איך זאָלסט אויפהערן מיך פרעגן וועגן מיין אדרעס, ווייל כ׳וועל דיר מער נישט זאָגן. מיין נאָמען איז רפאל בירנבוים, ווי דו זעסט אויף דער אידענטיטעטס־קארטע, און מער דארפסטו מיך נישט פאָרשן, ווייל כ׳וועל דיר נישט ענטפערן.

— איך מיין דיין טובה וועגן...

— א דאנק. איך דארף נישט קיין פארזאָרגערס.

— איך ראט דיר זאָגן דעם אמת.

— איך דארף נישט קיין עצות.

ביידע אָפיצערן באראָטן זיך א ווײַלע. גלייך ווי זיי סודען זיך, אָבער זיי באמיען זיך איך זאָל עס הערן.

— מיר וועלן אים דארפן צווינגען דערצו — שעפטשעט איינער צום צווייטן.

— יאָ, ער איז א נאר. ער פארשטייט נישט אז מיט אזא אויפפירן זיך שאָדנט ער בלויז זיך אליין...

— וועלן מיר אים דערווייל נאָכלאָזן, אפשר וועט ער זיך איבער־לייגן?

— יאָ, לאָמיר גיין. ער וועט אונדז שוין זינגען ווי אַ פויגעלע. נאָך דעם שפּיל ווינטשן זיי מיר א גוטע נאַכט — און גייען אַרויס.

כ׳בין פארבליבן אליין. עס דוכט מיר, אז א לאנגע צייט בין איך נישט געווען אליין, און ס׳איז דאָך בלויז צוויי שעה פארביי פון דעמאָלט. פאר צוויי שעה בין איך נאָך געווען פריי. איצט בין איך אין זייערע הענט. די צוויי שכנים פאראינטערעסירן זיך נישט מיט מיר. איך וועל מאכן דעם אָנשטעל, אַז כ׳פארשטיי נישט קיין אראביש. דאָס איז מיר דערווייל גינסטיק. מאָרגן וועל איך אפשר דארפן ריידן מיט זיי. דער אראבער אנטקעגן מיר האָט פאררויכערט א סיגארעט. איך וועל אים ווינקן ער זאָל מיר ווארפן זיין סיגארעט. איך וועל אָנצינדן מיינעם און אים צוריקווארפן. איך ווינק אים און ער ווארפט מיר זיין ברענענדיקן סיגארעט. איך וויל מיינעם אָנצינדן, אָבער ער פארווערט מיר. ער וויל איך זאָל זיינעם ווייטער רויכערן. נישט בלויז פון היגיענישע סיבות וויל איך נישט רויכערן דעם סיגארעט, וואָס ער האָט געהאלטן אין מויל. איך האָב מורא, אז דאָס וועט מיך פארפליכטן מיט אים צו שמועסן, און איך האָב קיין ווילן דערצו. איך נויטיק זיך אביסל רו. איך וויל אלץ איבערקלערן און וויסן, וואָס ווייטער. איך האָב אָנגעצונדן א סיגארעט פון די, וועלכע די שוועסטער האָט מיר איבערגעלאָזט, און כ׳האָב צוריק־געגעבן דעם פארשוין זיין סיגארעט.

און איך פארזינק אין טראכטענישן...

עס דוכט מיר, אז אויף אן אמת דראָט קיין שום געפאר פון מיינע וואונדן. טאקע די ווייטיק אין די פיס ווערט יעדעס מאָל שטאַרקער, אָבער ס׳איז בלויז אין די פיס. ס׳איז נישט געפערלעך. אויב ס׳וועט נישט זיין קיין ספעציעלע אינטערווענץ פון די דאָקטוירים דאָ, און די הויפּטזאך פון דער מכשפה, די מאטראָנע, וואָס פארזוימט נישט קיין געלעגנהייט דעמאָנסטרירן איר שנאה צו מיר, — וועל איך

דערוויל בלייבן לעבן. פרעגט זיך די פראגע, ווי אזוי קריגט מען זיך ארויס פונדאנען? רירן קען איך זיך נישט. בלייבט בלויז איבער די האָפנונג, אז אונדזערע בחורים וועלן זיך דערוויסן נאָך אין צייט וואו איך געפין זיך, און וועלן געפינען א וועג מיך צו באַפרייען. ליבער זאָלן זיי איצט נישט קומען. זאָלן זיי עס נישט מאכן איילים. אויף וויפיל ס׳איז מיר באקאנט איז אין אַרכיוו נישטאָ קיין פרטים וועגן דעם בנין. די וואַך איז דאָ א שטארקע און אָן א גענוגנדער אינפאָרמאציע קען די זאך דורכפאלן און ס׳וועלן פאלן קרבנות. מ׳דארף געפינען א „טריק". אָבער סארא? איך אליין ווייס כמעט גאָרנישט וועגן דער לאגע דאָ. איך געפין זיך אָן אויפהער ביי זיי אויפן אויג. זיי זענען געשפאַנט, אָבער ס׳קען זיין, אז זייער געש־פאַנטקייט וועט מאָרגן שוואכער ווערן... אלץ איז אָפהענגיק אין דעם, וויפיל צייט זיי וועלן מיך דאָ האלטן. ניין! כ׳האָב קיין שום אויסזיכטן ארויס פונדאנען, איידער מ׳וועט מיך נעמען פייניקן. דאָס קען נאָך די נאכט געשען. איך דארף זיין גרייט דערצו... אייגנטלעך נישט אלע פייניקן זיי. אמאָל האָב איך שוין באמערקט, אז זיי פייניקן נישט דווקא ווער עס ווייסט א סך. איז וואָס איז זייער מאָסשטאַב ביים אויסוועלן מענטשן צום פייניקן? קען זיין, אז ס׳איז אָפהענגיק פונעם מענטשנס אויפפירן זיך. אויב ער מאכט אויף זיי א רושם פון א פחדן און קען זיך איינברעכן, פייניקן זיי אים. אויב נישט — מאכן זיי עס נישט. זיי ווייסן, אז אונדזערע בחורים וועלן רעאגירן אין יעדן פאל פון פייניקן און זיי וועלן דארפן פאר דעם באצאָלן זייער טייער. עס לוינט זיי נישט פייניקן, אין פאל ווען דאָס קען זיי נישט ברענגען קיין נוצן פון געוואָר ווערן סודות. איך דארף אויף זיי מאכן דעם געהעריקן רושם. ווי אזוי? וואָס וועל איך זיי זאָגן ווען זיי וועלן מאָרגן קומען? און אפשר קומען זיי נאָך די נאַכט? דער טייוול ווייסט זיי! איך גלויב, ביז איצט איז אלץ געווען אין אָרדנונג. מ׳דארף ווייטער ציען די ליניע: איבערהויפּט נישט רעדן מיט זיי. ווי שפעט איז איצט? 7.30 אין אָוונט. צוויי און א האלבע שעה זענען פארביי זייט איך בין געפאלן. איצט ווייסט מען

שוין אינדרויסן אלץ. איך שטעל מיר פאָר ווי דאָס האָט זיי געטראָפן. „עמוס״... „דוב״... „שבתאי״... „נירה״... יאָ, נירה. זי האָט מיר געשטריקט דעם סוועטער, וואָס כ׳האָב געטראָגן. ווען זי האָט מיר אים געגעבן האָט זי געזאָגט: „היט, עס זאָלן נישט ווערן קיין לעכער אין אים...״ א בת־חיל. ס׳כאַפּט מיך אָן א חשק קאָנטראָלירן דעם סוועטער, זען צי עס געפינען זיך לעכער. ער ליגט אין זייט פון בעט, אויפן דיל, צוזאמען מיט די הויזן, די אויסגעשמירטע מיט בלוט, די שיך און סקארפעטן. איך דארף זיך אָנשטרענגען איינצובייגן זיך, נישט רירנדיק די פיס, אים אויפצוהייבן און זען צי ס׳איז נישט פאראן אין אים קיין לעכער. איך טו עס. יאָ. פאראן לעכער. אין דער זייט פאראן אויך א פלעק פון בלוט. צוויי גרויסע לעכער אין דער זייט — דאָס איז אוודאי פון דער קויל וואָס האָט געמאַכט דעם טיפן שניט. פון הינטן פאראן נאָך א לאָך — ווייזט־אויס, אז איך האָב אויך א שניט אין רוקן — דאָס איז אוודאי פון דעם פארשוין, וועלכער איז געלאָפן מיטן טאָמיגאן אנטקעגן מיר... ער איז שנעל געלאָפן... ער איז די גאנצע צייט געווען פאראלעל צו מיר... א וואונדער, אז ער האָט מיר נישט געטראָפן אויף אן ערנסטן אופן... ווען ער וואָלט זיך נישט צו צייט אויסגעשטרעקט אויף דר׳ערד, וואָלט איך אים געטראָפן... אויך אין ארבל איז פאראן א לאָך. וואָס איז דאָס? ס׳איז אפשר אויך אין דער האנט פאראן א קויל? וואו איז עס? איך אונטערזוך די האנט: א שניט נישט מער. איצט ערשט פיל איך, אז ס׳בראָט אביסל. די ווייטיק אין די פיס שטייגט. כ׳האָב זיך נישט געווען באדארפט רירן. ווייזט־אויס, אז אָנבייגנדיק זיך אויפהייבן דעם סוועטער האָב איך אָנגעשטרענגט די מוסקולן פון די פיס און דאָס איז די ווייטיק איצט... ס׳איז נישט וויכטיק... קען זיין, אז מאָרגן וועט מען זיי ארונטערנעמען. איך וועל נישט איינגיין אויף קיין אָפּעראציע, איידער ס׳וועט מיך נישט באהאנדלען א יידישער דאָקטאָר פון „הדסה״. ווען מ׳וועט מאָרגן קומען וועל איך עס פארלאנגען. אינטערעסאנט, דער דאָקטאָר דאָ, איז אפילו נישט צוגעגאנגען צו מיר. זאָלן זיי גיין צו אלדע רוחות! ס׳איז מיר נישט

ווּיכטיק, אייגנטלעך, וואָס איז מיט מיר... איך בין במילא פאַר־לויערן... אפילו ווען מ׳וועט מיך נישט פייניקן ביז טויט, וועט מען מיך אוועקשטעלן פאַר א מיליטערישן געריכט און מיך פאַרמשפּטן צום טויט. פונדעסטוועגן וואָלט איך אויסגעוויילט געהאָנגען ווערן מיט ביידע פיס, ווי איידער מיט איין פוס אָדער איבערהויפּט אָן פיס. ס׳דוכט מיר, אז א געהאָנגענער מיט איין פיס — שאַפט א נישט־עסטעטישן און א שווידערלעכן אויסזען און איך האָב קיין חשק צו דערוועקן א שווידער אָדער מיטליידס־געפילן. ליבער מ׳זאָל מיר נישט ארונטערנעמען די פיס.

און פּלוצים האָט מיך א ווייל־געטאָן דער געדאַנק, אז דווקא די תליה האָב איך אויסגעוויילט זיך צו צאַצקען מיט איר, און זאָרגן וועגן רושם וואָס איך וועל מאַכן...

און אויב וועט עס דערגיין צו א געריכט? אויב ס׳וועט דער־גיין צו א געריכט וועט עס זיין וואונדערבאַר! מיין גאַנצן צאָרן וועל איך אויף זיי אויסגיסן... איך זע זיך שוין אין דעם מעמד...

איך פיל, דער פיבער האַלט אין איין שטייגן. איך ברען אינ־גאַנצן. איך דאַרף זיך היטן נישט פאַרלירן דעם באַוואוסטזיין... אַמאָל, זייענדיק נאָך א קינד, האָב איך פאַנטאַזירט פון היץ. דערנאָך פלעג די מאַמע מיר דערמאָנען פון מאָל צו מאָל — ווען כ׳האָב נישט געוואָלט אָנטאָן א שאַל אין ווינטער, אָדער ווען כ׳פלעג טרינ־קען קאַלט וואַסער נאָך דעם, ווי כ׳האָב זיך פאַרשוויצט נאָכן פוס־באַל־שפּיל. מיין גוטע מאַמע איז מער נישטאָ?... די דייטשן האָבן זי פאַרברענט אין איינעם פון די לאַגערן. דערשטיקט מיט גאַזן. איידער די קריג האָט אויסגעבראָכן האָבן זיי זיך געגרייט צום קומען; זיי האָבן געוואָלט קומען מיט אַן אומלעגאַלע שיף, אָן סערטיפי־קאַטן. נאָר מיט מיר צוזאַמען האָבן זיי געוואָלט זיין, נאָר אין ארץ־ישׂראל.

און אפשר איז עס נישט ריכטיק? אפשר לעבן זיי? און איצט, וואָס וועט זיין ווען זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן מיין טויט?

ניין! פון מיידאַנעק קומט מען נישט צוריק!... מ'האָט מיין מאַמען און טאַטן דערשטיקט מיט גאַז...

אָט קומען זיי אריין! איצט וועלן זיי אָנהייבן פייניקן!

זעקס מענטשן, פון זיי 4 אָנגעטאָן צעוויל, קומען אריין שטרענג, גלייך מ'קומט מיך דערמאָרדן. זיי שטעלן זיך אַוועק פון ביידע זייטן בעט.

„ווי הייסטו?" ווענדעט זיך צו מיר איינער פון זיי מיט א געשריי, נאָך איידער כ'האָב באוויזן זיך צוקוקן צו זיי ווי געהעריק. דער שכן מיינער וועלכער ליגט אין קעגנאיבערדיקן בעט, האָט זיך איבערגעשראָקן פון דעם געשריי.

— איך בין נישט טויב. רעד שטיל. — מיין ענטפער האָט ווייזט־אויס, אים איבעראַשט, ער האָט זיך נישט געריכט אויף דעם.

— ווי הייסטו? יו בלאַדי באַסטאַרד!

איך בין שוין זיכער, איצט וועלן זיי אָנהייבן פייניקן.

— אַ שאָד, וואָס מיר האָבן זיך נישט באגעגנט צוריק מיט א פּאָר שעה. איך וואָלט געוואָלט זען צי אויך דעמאָלט וואָלסטו געווען געוואַגט אזוי צו רעדן צו מיר. פחדן!...

דאָ האָט זיך איינער פון זיי אריינגעמישט. ער האָט אוועק־געשטופּט דעם, וואָס האָט צו מיר פריער גערעדט, גלייך ער נעמט זיך אָן פאר מיר. מיט א שפּאַן דערנענטערט ער זיך צום בעט און זאָגט:

— הער! איך ראָט דיר זאָלסט עפענען דיין מויל. זאָג אונדז דיין נאָמען און דיין אדרעס. מיר דארפן מעלדן דיין פרוי אָדער דיינע עלטערן אז דו געפינסט זיך אין אַרעסט. רעד איידער מיר וועלן דיך צווינגען.

— און איך ראָט אייך נישט פארלירן קיין צייט, און נעמען פּרובן מיך צווינגען צו רעדן. אפשר וועט עס אייך געלונגען.

— סערזשאַנט! גיב די קייטן — זאָגט ער ווענדנדיק זיך צו איינעם פון די צעווילע.

יענער נעמט ארויס פון טאַש א פּאָר קייטלעך און גיט זיי דעם

אָפּיצער. איך האָב אים דערלאַנגט מיינע ביידע הענט איידער ער האָט זיך דערנענטערט צום בעט. ער האָט אָנגעכאַפּט איין האַנט, זיך איינגעקוקט אין מיר מיט רוצחישע אויגן און געפרעגט: „ווּעסט רעדן?"

— ארבעט ווייטער... — האָב איך געזאָגט.

ער האָט געבונדען מיין האנט צום בעט. „נו, איבערלייג זיך!" — האָט ער געזאָגט, און האָט געמאַכט א באַוועגונג ווי ער האָט זיך מתכוון געווען מיר ארונטערצולאָזן א זעץ.

איך שווייג און ווארט אויפן אָנהויב.

— ווּעסט רעדן?!

איך שווייג. איך קוק אים בלויז אָן, און ער מוז פילן די שנאה און שפּאָט, וואָס איז אין מיין בליק.

אַ מינוט שטילשווייגן. זיי קוקן זיך איבער. אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער:

— אַ מזל האָסטו, וואָס ביסט קראַנק, ווען נישט וואָלטן מיר דיך אָנגעלערנט. — און זיי ווענדן זיך צו דער טיר.

— איך האָף, אז איר וועט נאָך באַגעגענען מיינע געזונטע און פרייע חברים... — שריי איך זיי נאָך.

איך בין ווידער געבליבן אליין. נאָר די האנט איז געבליבן געפּענ־טעט צום בעט. אייגנטלעך האָבן זיי עס געקענט טאָן פּשוטער. נאָכ־וואָס האָבן זיי געדאַרפט מאכן די גאנצע שפּיל? בכדי מיך איבער־שרעקן?

דער אראבער אין קעגנאיבערדיקן בעט ווענדעט זיך צו מיר:

— וואָס האָבן זיי געוואָלט?

— גאָרנישט, — ענטפער איך קורץ.

— ווילסט א סיגארעט? — פרעגט ער.

— א דאנק. כ'האָב נאָך מיינע. וואַרף מיר פייער.

ער צינדט־אָן א סיגארעט און וואַרפט אים מיר. „רויכער דעם. כ'האָב נאָך גענוג. מאָרגן וועט אפשר מיין ברודער מיך באזוכן, ער וועט מיר ברענגען נאָך".

כ׳האָב נישט קיין גרויסן חשק צו רויכערן פון זיין מויל, נאָר איך וואַג אים נישט צוריקצוגעבן.

ער פרעגט מיך נאָך פאַרשידענע פראַגן, פונוואַנען איך בין, און פאַרוואָס האָט מען מיך אַרעסטירט אא״וו.

איך ענטפער אים קורץ און באַמי זיך אים געבן צו פאַרשטיין, אַז כ׳האָב קיין חשק איצט צו שמועסן.

ער זעט דאָס זייגערל אויף מיין האַנט. מען האָט אים נאָכנישט צוגענומען ביי מיר.

— מען טאָר נישט דאָ האַלטן קיין זייגערל — זאָגט ער — מען וועט עס ביי דיר צונעמען.

— אפשר וועט מען עס צונעמען...

— אַ שאָד. באַהאַלט עס מ׳זאָל עס נישט געפינען.

— מאַכט נישט. אויב מ׳וועט נעמען — זאָל מען נעמען.

— ליבער פאַרקויף מיר עס. ביי מיר וועט מען עס נישט געפינען. כ׳וועל דיר געבן אַ שאַכטל סיגאַרעטן פאַר אים. און אויב וועסט וועלן אויך אַ שטיקל חאַשיש...

— איך פאַרקויף עס נישט.

דער פּאָליציאַנט ביי דער טיר קוקט אַריין און שרייט צו מיין שכן:

— הער! טאָרסט נישט רעדן מיט אים. אויב כ׳וועל דיך הערן נאָך אַמאָל רעדן מיט אים, וועל איך ביי דיר צונעמען די סיגאַרעטן. זאָלסט נישט וואַגן צו געבן אים עפּעס! האָסט אים געגעבן אַ סיגאַרעט? וואָס? איך וועל דיר שוין ווייזן!

— יאַ סידי, נישט איך האָב אים געגעבן!

— פונוואַנען קומט עס צו אים? פונעם הימל?

און דער פּאָליציאַנט גייט־צו און נעמט מיר אַרויס פון דער האַנט דאָס שטיקל ברענעדיקן סיגאַרעט.

איך בין אַביסל דאַנקבאַר דעם פּאָליציאַנט, ווייל כ׳האָב געטראַכט, אַז אויף אַזאַ אופן, וועל איך פּטור ווערן פון די צודרענגלעכע פראַגן פון מיין שכן. אָבער, נאָך דעם, ווי דער פּאָליציאַנט איז אַרויס, האָט

זיך דער אראבער אונטערגעהויבן פונעם בעט און זעענדיק אז קיינער זעט אונדז נישט — האָט ער מיר א שעפּטשע געטאָן.

— ער איז אַ גוטער בחור. פאַרן זייגער וועט ער דיר אריינברענגען סיגארעטן וויפיל דו ווילסט. אפילו יעדן טאָג א שאכטל. ווען ער איז דאָ אין דינסט, באזוכט מען מיך. איך גיב אים אַ האַלבן פונט — און אלץ איז אין אָרדנונג. מאָרגן וועל איך רעדן מיט אים וועגן דיר...

— מ׳דאַרף נישט.

דער שכן מיינער איז ווי באליידיקט געוואָרן און פאַרשוויגן.

*

ווידער שטיל. אינדרויסן איז פינצטער. איצט האָב איך זיך געדאַרפט באגעגנען מיט „אהרונ׳ען". ער וואַרט אוודאי שוין אויף מיר און דענערווירט זיך, וואָס איך פארשפעטיק. און אפשר ווייסט ער שוין, און וואַרט נישט מער? איך טאָר נישט איינשלאָפן איצט. איך דאַרף זיין וואך. איך האָב מורא אויב כ׳וועל איינשלאָפן, וועט דאָס פיבער שטייגן און איך קען נאָך אמאָל פלאַפּלען און פאַנטאַזירן.

אזוי גייט מיר פאָרביי די נאכט. פון מאָל צו מאָל קומט אן אָפיצער קאָנטראָלירן די וואַך. איך מאַך זיך שלאָפנדיק. איין מאָל איז אויך אריינגעקומען די שוועסטער. כ׳האָב געבעטן וואַסער צום טרינקען און זי האָט מיר געבראכט. איך בעט זי זאָל מיר אינדערפרי ברענגען אַ צייטונג. אויב ס׳איז מעגלעך — א וועלכע ס׳איז יידישע צייטונג. אויב נישט, זאָל זי פאר מיר באקומען א „פּאלעסטיין פּאָסט".

„ס׳איז מיר פארבאָטן רעדן מיט דיר" — איז געווען איר ענטפער — „די מאַטראָנע האָט געזאָגט, אז אויב וועט וועלכע עס איז שוועסטער רעדן מיט דיר אָדער ברענגען דיר עפּעס־וואָס, וועט זי „פליען" פון דער אַרבעט. גערן וואָלט איך דיר געבראַכט א צייטונג, אָבער כ׳האָב מורא, אז מען וועט באמערקן און מ׳וועט זי געפינען ביי דיר"...

דאָס אַלדינקס זאָגט זי זייענדיק אָנגעבויגן איבערן בעט מאַכנדיק זיך פאררירכטן מיין געלעגער. זי ציט ביים קישן, ביי דער קאָלדרע, גלייכט־אויס, און אויף א הויכן קול ראָט זי מיך שלאָפן.

איך פארזוך איינשלאָפן, סוף סוף. איך בין שוין מיד געוואָרן פון

ליגן אויפן רוקן און איבערדרייען זיך איז נישט מעגלעך, סיי צוליב די וויטיק אין די פיס און סיי צוליב דער געפענטעטער האַנט צום בעט. איך בין אזוי געלעגן שוועבנדיק אין ווייטע וועלטן. פאַרטאָג האָב איך איינגעדרימלט...

פאַרטאָג האָט מען מיך אויפגעוועקט. די שוועסטער וויל מעסטן דעם פיבער. דאָס קערט מיך אום צו דער אומעטיקער ווירקלעכקייט. כ׳האָב זיך אָן אלץ דערמאָנט...

דער פיבער איז ארונטער. איך פיל זיך פרישער. כ׳וואָלט זיך געוואָלט ארומוואשן. „אַ שאָד, וואָס כ׳האָב נישט שטענדיק מיט זיך געטראָגן אַ ציין־בערשטל מיט פאסטע. כ׳האָב דאָך געדאַרפט שטענדיק זיין גרייט צו אזא פאַל״, — גייט דורך א פאַרוויילנדיקע מחשבה אין מיין מוח. איצט איז זעקס א זייגער. זעקס א האלב האָב איך זיך געדאַרפט טרעפן מיט „אילנה״, (דאָס איז גאולה כהן). אינטערעסאַנט צי זי ווייסט שוין וועגן דעם אָדער נישט. זי גרייט זיך אוודאי איצט, גייט ארויס פון שטוב אין אזא פריער שעה און דערוועקט פאַרוואונ־דערונג ביי די עלטערן. זי וועט וואַרטן א פערטל שעה, וועט זיך וואונדערן אז כ׳בין נישט דערשינען, און דערנאָך וועט זי גיין צו „אלימלך׳ן״ פרעגן דעם באַדייט פון דער זאַך. און דאָרטן וועט זי זיך דערוויסן. א שאָד וואָס איך קען נישט קומען צו דער באגעגעניש...

אַ צייטונג. ווי באקומט מען א צייטונג? עס אינטערעסירט מיך צי מען גיט־איבער אין דער צייטונג וואו איך געפין זיך. פון דער צייטונג קענען זיך די בחורים דערוויסן וואו איך בין און באלד אָנהייבן אָב־סערווירן. אין דריי־פיר טעג, וועלן זיי געפינען דעם פאסנדיקן „טריק״...

איצט דאַרף איך היטן מיין קאַלטבלוטיקייט. מען וועט אוודאי באלד קומען ווידער מיך פאַרשן. די נעכטיקע ספּעקטאַקלען זענען געווען פולשטענדיק אין אָרדנונג. ס׳דוכט מיר, זיי ווייסן שוין, אז פייניקן וועט דאָ נישט העלפן. און אויב וועט מען באשליסן מיך פייניקן — וועלן זיי דאָס נישט מאַכן אין שפּיטאָל. נעכטן האָב איך אפילו נישט געקלערט וועגן דעם ענין: זיי פירן זיך דאָך נישט אזוי

אין שפיטאָל און אפילו נישט אין די טורמעס. זיי פאַרמאָגן ספּעציעלע ערטער פאַר דעם: פייניקונגס־קעלער. זיי מאַכן עס נישט אין קעגנ־וואַרט פון פרעמדע און אפילו נישט אין זייער נאָענט. ווען מ׳וועט באשליסן מיך צו פייניקן וועט מען מיך אוועקנעמען אין איינעם פון די קעלערס. אינדרויסן זאָרגט מען אוודאי וועגן מיר. עס דוכט מיר אז דערווייל, כל זמן איך געפין זיך דאָ, איז נישטאָ קיין געפאַר פאַר פייניקן. אז מ׳וועט קומען מיך נעמען וועל איך וויסן, אז איך גיי צו דער עקידה...

*

אַ זייגער 9 האָבן זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונגען. ווידער קומען־אָן אָפיצערן און געהיים־אַגענטן. ס׳איז אויך געקומען א פאָטאָ־גראַפיסט און מיך פאָטאָגראפירט. מיט אים איז געווען אַן אָפיצער און ס׳איז אים איינגעפאלן צו קאָנטראָלירן מיינע ברילן. ער האָט געכאַפּט דעם ענין. מיינע ברילן זענען נול־נול. ער האָט באפוילן מיך נאָך אַמאָל פאָטאָגראַפירן און דאָסמאָל אָן די ברילן.

דערנאָך איז אריינגעקומען די מאַטראָנע מיט פיר בריטישע אָפיצערן. די אָפיצערן זענען געווען יונגע און ס׳האָט זיך געלאָזט באמערקן, אז זי קאָקעטירט זיי. זיי פרעגן — און איך ביי מיינעם: מיין נאָמען איז רפאל בירנבוים און איך וואוין נישט אין ערגעץ.

— וואו ביסטו אייערנעכטן געשלאָפן? — פרעגט מען מיך.

— איך בין כלל נישט געוואוינט צו שלאָפן — האָב איך געענט־פערט.

— און איר, גלייבט אים בלויז — האָט זיך די אָנגעפּודערטע מכשפה אַריינגעמישט, שמייכלענדיק צו די אָפיצערן מיט אַ שמייכל, וועלכן זי האָט אוודאי געהאלטן פאַר א נאָכמאכונג פון דיאַנאַ דארבינס שמייכל. די בריטישע קאָלאָניאַל־אָפיצערן, האָבן אַ שוואַכקייט צו אלטע בתולות און דאָס „פריילעכע" בינטל האָט פאַרלאָזט דעם צימער.

איך באמי זיך אכטונג צו געבן אויף אלץ וואָס טוט זיך ארום מיר. אפשר דאָך וועט געשען דער נס... און דערצו האָב איך דאָך א זייגער, אפשר וועט מען פאַר אים עפּעס מער באקומען ווי סיגארעטן!

מ׳דאַרף פאַרזוכן מיט עמעצן זיך אויפצורעדן... איך דאַרף נאָר געפינען דעם וועג אָדער דעם פּאַסיקן „טריק״, זיך אָפּטראָגן פונדאַנען.

א זייגער 12 האָט מען מיר געבראַכט דעם ערשטן מאָלצייט, פון זייט איך בין אהער אָנגעקומען: א שטיקל ברויט מיט מאַרמעלאַדע, און אַ גלאָז מילך. דעמאָלט ערשט האָב איך דערפילט, אַז כ׳בין הונגעריק. דאָס שטיקל ברויט האָט מיר בלויז צערייצט דעם אַפּעטיט.

נאָך דעם „מיטאָג״ האָט מען פאָרטגעזעצט די אויספאָרשונגען. אַלץ פירט זיך הויפּטזעכלעך אַרום צוויי פראַגן: „ווי הייסטו?״ און „וואו וואוינסטו?״ ווען ס׳איז מיר שוין נמאס געוואָרן ענטפערן דעם זעלבן ענטפער, האָב איך אָנגעהויבן אַ נייע זאַך. ס׳איז דערשינען אַן אָפיצער, אַ יונגער בחור און מאַכט אַן איינדרוק פון אַ ספּאָרטלער און אַ קאָקעט.

— וואו וואוינסטו? — פרעגט ער מיך, גלייך ער זאָל זיין דער ערשטער, וואָס שטעלט די פראַגע און גלייך ער ווייסט נישט, אַז לכל הפחות אַ צוועלף מאָל, אין משך פון מעת־לעת, האָט מען מיך געפרעגט וועגן דער זאַך.

— פרעג, ביטע, דעם אָפיצער, וועלכער האָט מיך פאַר דיר געפרעגט וועגן דעם. ער וועט דיר שוין זאָגן — האָב איך געענטפערט.

דער אָפיצער האָט נישט ליב געהאַט, ווייזט־אויס, מען זאָל מיט אים שפּאַסן. ער איז געווען, לויט ווי ס׳דוכט מיר, אַן אמביציעזער (יונג איז ער געווען און האָט אַוודאי געחלומט וועגן אַ קאַריערע אין דער פּאָליציי), און האָט געוואָלט וואַרשיינלעך, זיך באַרימען פאַר זיינע חברים מיט זיין דערפאָלג. און אָט דיר אַן ענטפער! מ׳שפּאַסט מיט אים! ער איז רויט געוואָרן פון כעס. ער האָט פאַרהאַקט די ציין, און ס׳איז קענטיק געווען, אַז ס׳גייט אין אים אַן אינערלעכער קאַמף. ער וואָלט מיך גערן דערשטיקט אין דער מינוט. איך האָב געפילט אַז ער האַלט זיך צוריק מיט מעכטיקע כוחות. בכדי איך זאָל אים פאַרשטיין האָט ער אָנגעהויבן קוויטשען אויף העברעאיש:

— אני, אני, לסדר אותך! אני רואה אתה מדבר או לא! כלב, כלב אינתי! (איך, איך, מסדר דיך זיין! איך זע דו רעדסט אָדער נישט! הונט, הונט דו! [דו — אויף אַראַביש]).

אויך איך, ווייזט־אויס, בין אַן אַמביציעזער. און כאָטש איך האָב נישט קיין פּרעטענסיעס אויף אַ קאַריערע אין דער בריטישער קאָלאָנ־יאַל־פּאָליציי, פאַרלייד איך נישט ווען ענגלענדער רופן מיך „הונט״. איך האָב אים געוואָלט געבן אַ פּאַסיקן ענטפער, נאָר כ׳האָב זיך צוריקגעהאַלטן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איך וועל אים מער אָנרירן אויב כ׳וועל אים נישט באַווייזן קיין סימנים פון אויפרעגונג, אויב כ׳וועל בלייבן קאַלט און ווייטער חוזקן פון אים. האָב איך אַן אָנשטעל געמאַכט, גלייך ווי דאָס וואָרט „הונט״ גייט מיך כלל נישט אָן, און אַז זיינע רייד באַליידיקן מיך נישט און אַנשטאָט אים ענטפערן, האָב איך זיך הויך צעלאַכט. — גלייך זיין כעס ווײַלט מיך בלויז. דאָס האָט אים שוין געגנצלעך ארויסגעפירט פון די כלים. ער האָט אָנגעהויבן ארומ־לויפן ארום מיין בעט, אַהין און צריק, און צו ענדע האָט ער זיך פאַר־האַלטן, דורכגעפירט זיין פינגער איבער זיין האַלדז, ארויסגעלאָזט די צונג און האָט אַ כאָרכל געטאָן, מיך לערנען ווי אזוי מ׳וועט מיך הענגען. און דאָ האָט זיך צווישן אונדז אנטוויקלט אַ געשפּרעך אָן ווערטער. איך האָב ווייטער געלאַכט, כ׳האָב אויסגעשטרעקט די האַנט, דעם צייגע־פינגער אנטקעגן זיין ברוסט, גלייך ס׳איז אָנגעשטעלט צו אים אַ רעוואָלווער און דריק אויפן צינגל. דאָס איז געווען מיין ענטפער פאַר דער תליה־דראָאונג. ער האָט ווייטער ארומגעיאָגט. ער האָט געמאַכט צוויי טריט צו דער טיר, אומגעקערט זיך, און ווידער די זעלבע דראָאונגס־באַוועגונג פון תליה. און איך האָב ווייטער געלאַכט און ווידער צו אים „געשאָסן״. ער האָט פאַרלויערן זיינע געדאַנקען. ווען ער איז שוין געווען אויסערן צימער, האָב איך נאָך געהערט שרייען צו מיר: „הונט, הונט...״

אין אַ שעה אַרום איז געקומען אַן אָפיצער און מיר פאָרגעלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. דעם גאַנצן ענין האָבן זיי צעטיילט אויף פינף פאַרשידענע באַשולדיקונגען, און פאַר יעדער איינער, לויט די געזעצן, די „פאַרבעסערטע״ — איז די שטראָף: תליה. ער האָט געפּ־רעגט אויב איך בין זיך מודה אין דער באַשולדיקונג און אויף דעם האָב איך אים געענטפערט, אז ער זאָל שרייבן, וואָס ער וויל און זאָל אויפהערן „דרייען״ אַ קאָפּ.

די באַזוכן ביי מיר זענען געוואָרן אָפטע און צאָלרייכע. פּאָליציי אָפּיצערן, געהיים־אָפּיצערן און סתם געהיים־אַגענטן, וועלכע זענען געקומען זען דעם „מסוכנדיקן טעראָריסט״. אלע קומען מיך זען, מיך פאָרשן, פאָטאָגראַפירן, באַשולדיקן... בלויז איין מענטש קומט מיך נישט באַזוכן — דער דאָקטאָר. און די ווייטיק אין די פיס שטייגט...

ג.

ווידער נאַכט. פאַרנאַכט איז געשטיגן די היץ און די ווייטיק איז זייער שטאַרק געוואָרן. אין משך פון גאַנצן טאָג איז מען אפילו נישט געקומען איבערבייטן דעם באַנדאַזש. כאָטש כ׳האָב זיך נישט געער־גערט, אַז זיי רירן מיר נישט אָן די וואונדן, ווייל כ׳האָב צו זיי נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי, — האָב איך געוואָלט זיי זאָלן קומען אויפ־עפענען דעם באַנדזש כ׳זאָל קענען זען די וואונדן. די הויפטזאַך — האָב איך געקלערט — מ׳דאַרף זען וואָס איז מיט דער קויל אין קני? אַ קויל אין דער קני, הייסט, על פי רוב, פאַרלירן דעם פוס...

כ׳בין זייער מיד און שוואַך געווען, און טראָץ דעם בין איך נישט באַלד איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס האָט מיך ווידער די שוועסטער אויפגעוועקט פאַרטאָג, און האָט געמאָסטן דעם פיבער. דער פיבער איז ארונטער. כ׳האָב זיך מער צוגעוואוינט צום פלאַץ, צום בעט און צו דער לאַגע און ס׳איז מיר באַקוועמער געווען. די אויפרעגונג אין דעם מעת־לעת און אין דעם לעצטן האַלבן מעת־לעת איז פאַרשוואונדן, און כ׳בין ווידער געווען רואיק. אזוי ווי כ׳האָב קיין שום האָפנונג נישט געהאַט צו באַקומען עסן, אַ צייטונג אָדער סיגאַרעטן — בין איך ווידער איינ־געדרימלט געוואָרן. אויפגעוועקט האָב איך זיך פונעם רעש אין צימער און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז מ׳קומט מיך ווידער פאָרשן. פון אַ געש־פּרעך, וואָס כ׳האָב געהערט ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עמעץ מיט אַ הויכע ראַנגע געפינט זיך אין צימער. כ׳האָב עס געקענט אונטערשיידן אין אופן מיט וועלכן זיי פלעגן ארויסזאָגן דעם „יעס סער!״, אלס ענטפער אויף יעדן זאַץ, וואָס דער

בעל־ראַנגע פלעג ארויסרעדן. מיטן הויכן רעדן האָבן זיי מיך געוואָלט אויפוועקן, אונטערשטרייכנדיק אינצווישן די „זאָרג" פאַר מיין רו. „ניין, ניין. וועקט אים נישט, שטערט אים נישט דעם שלאָף, איך וועל קומען שפעטער" — האָט געדונערט דעם בעל־ראַנגע׳ס קול אין צימער. פון צווישן די האַלב פאַרמאַכטע וויעס, האָב איך געזען דעם געהויבענעם גאַסט. דאָס איז געווען קאָלאָנעל האַרינגטאָן, דער פאָליציי־קאָמאַנדיר אין באַצירק לוד—תל־אביב. זיי האָבן זיך אַביסל אויפגעהאַלטן און צו ענדע ארויסגעגאַנגען.

דער קאָלאָנעל האַרינגטאָן איז צוריקגעקומען אין אַ האַלבע שעה ארום. איך בין נאָך געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. נאָך הערנדיק זיין פראַגע געווענדעט צום שומר: „ער שלאָפט נאָך?" האָב איך געעפנט די אויגן.

— ניין, איך שלאָף שוין נישט — האָב איך געזאָגט.

— מירן קענען אַביסל שמועסן? — האָט ער געפרעגט. — מיין נאָמען איז קאָלאָנעל האַרינגטאָן. דו קענסט מיך דאָך.

— ניין, מיסטער האַריסון (בכיוון האָב איך פאַרגרייזט זיין נאָמען כדי אונטערצושטרייכן, אז איך קען אים נישט פון פריער), איך בין נישט גרייט צו קיין אויספאָרשונגען.

— מיין נאָמען איז האַרינגטאָן. איך בין נישט אויסן קיין אויס־פאָרשונג. איך וויל פשוט רעדן צו דיר ווי אַ מענטש צו אַ מענטש. איך בין נישט אין דינסט דאָס איז פשוט אַ פערזענלעכער ענין. כ׳האָב אַ ספעציעלע זאַך מיט דיר אדורכצושמועסן. זע, קיין שום זאַך וועט נישט פאַרשריבן ווערן פון אונדזער געשפרעך. איך בין אויסן צו — Just a friendly talk (אַ פריינטלעך געשפרעך). ביסט מסכים? מיר וועלן בלויז אויסטוישן מיינונגען און מירן זיך באַמיען פאַרשטיין איינער דעם צווייטן.

כ׳האָב זיך איבערלעגט. דער אויסזען פון קאָלאָנעל האַרינגטאָן איז געווען אַן אַנגענעמער. ער האָט געהאַט אַ פאָטערלעכן אויסזען און האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ נאַאיוון און אַ גוט־האַרציקן. אַ פאָטערלעכער, אַ רונד־פנימעקער און אַ גרוי־האָריקער — ער האָט

פאַרמאָגט עפּעס פון דער אײדלקײט. כ׳האָב זײער געוואָלט, סוף־סוף, זיך אַדורכשמועסן מיט עמעצן.

— גוט — האָב איך געזאָגט — איך בין גרײט מיט דיר צו שמועסן, מיטן באַדינג, זאָלסט נישט פּרובן מיך פאָרשן. נישט דירעקט און נישט אומדירעקט. אָבער פאַר דעם, ווערסטו אפשר קענען באַפעלן מ׳זאָל מיר ברענגען עפּעס עסן?

— האָסט נאָכנישט געגעסן? ס׳איז אַוודאי, ווײל מ׳האָט דיר נישט געוואָלט שטערן דעם שלאָף.

— איך צווײפל אויב דאָס איז די סיבה. נעכטן בין איך נישט געשלאָפן ווערנט דעם גאַנצן טאָג. כ׳האָב באַקומען בלויז אַ שטיקל ברויט און מאַרמעלאַדע.

דער קאָלאָנעל איז ארויס פון צימער און אין אַ רגע ארום איז ער צוריקגעקומען.

— באַלד וועט מען דיר ברענגען עסן. — האָט ער געזאָגט.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײ מיר אויפן בעט, געפרעגט אויב ס׳שטערט מיר נישט, מיך מכבד געווען מיט אַ סיגאַרעט און געפרעגט:

— אויף אַן אמתן דערקענסטו מיך נישט?

— נײן.

ס׳איז געווען אַ ליגן. כ׳האָב אים גוט געקענט. נאָכן דערמאָרדן אלישע, האָב איך אַ מאָל באַגעגנט „נירה״ זיצנדיק אויף אײנע פון די בענק אין ראָטשילד־בולוואר. זי האָט עפּעס געהאַקלט, און אין דער נאָענט האָבן זיך געשפּילט קינדער. מ׳האָט געקענט דענקען, אַז זי איז אײנע פון די קינדער־דערציערינס, וואָס זיצן מיט זײערע קינדער אין ראָטשילד־בולוואר. כ׳האָב געפרעגט, וואָס זי מאַכט דאָ. „איך היט די צווײ הינט״ — האָט זי געזאָגט, און נאָך דעם, ווי זי האָט געזען, אַז איך פאַרשטײ זי נישט, האָט זי דערקלערט, אַז נישט ווײט געפינט זיך דאָס הויז פון קאָלאָנעל האַרינגטאָן, און אין דער צײט, איז ער זיך נוהג צו שפּאַצירן מיט זײן געלען הונט. ער שפּאַצירט איצט לענג־אויס דעם גאַסן־אָפּשניט פאַר זײן הויז און צווײ וואַכלײט וואַרטן בײ זײן הויז און גיבן אַכטונג. זי האָט מיר דערקלערט ווי אַזוי, לויט איר מײנונג, קען מען האַרינגטאָן ליקווידירן ווען ער קומט־צו צום ראָג פון גאַס.

דאָרט איז פאַראַן אַ הויז מיט צוויי איינגענג. מ׳קען „קלאַפּן" ווען ער גייט־דורך נעבן טויער, און איידער די וואַך וועט זיך רירן פונעם פּלאַץ וועט צייט זיין אָפּצוטראָגן זיך. זי האָט געבעטן, אז איך זאָל זיך באַמי־ען מ׳זאָל איר דערלויבן אָנטיילנעמען אין דעם. איך האָב אים דעמאָלט גוט געזעגן.

איצט איז קאָלאָנעל האַרינגטאָן געזעסן נעבן מיר, און מאָדנע — ער האָט איבערהויפּט נישט דערוועקט מיין האַס צו זיך. דאָס איז דאָס שלעכטע ביים באַרירונג מיט ענגלענדער, ווען מ׳דאַרף קעמפן קעגן זיי: דאָס רוב זענען זיי אַנגענעמע מענטשן און דערוועקן נישט קיין שנאה. איך וואָלט געראָטן די אָנפירער פון פאַרשקלאַפּטע פעלקער דורך די ענגלענדער, צו פאַרביטן זייערע זין צו קומען אין אַ פּערזענלעכער באַרירונג מיט די הערשער. דאָס האָב איך געקלערט אין תוך פונעם געשפּרעך.

— ווי אזוי קענסטו מיך נישט, — האָט דער קאָלאָנעל ווייטער געפרעגט — מען האָט דאָך דיך געכאַפּט מיט געווער ביי מיין הויז און ווי ס׳ווייזט־אויס האָסטו געלויערט אויף מיר?!

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אז דער פּלאַץ וואו כ׳בין אַרעסטירט געוואָרן איז באמת געווען נאָענט צום קאָלאָנעל׳ס הויז. קען זיין, אַז די וואַך, וואָס האָט מיך פאַרהאַלטן, האָט קאָנטראָלירט די סביבה פון זיין הויז פאַר זיין אַרויסגיין.

— כ׳האָב נישט געלויערט אויף דיר. — האָב איך געענטפערט.

און נאָך אַ ווײַלע האָב איך זיך געערגערט, אז כ׳האָב אים באַרו־איקט און כ׳האָב צוגעגעבן:

— מיין נישט, אַז איך זאָג דאָס בכדי זיך אויסדרייען פון מיין אחריות און דיך באַרואיקן. איך בין דיר כלל נישט מבטיח, אז אין איינעם אַ טאָג וועט מען נישט אויף דיר לויערן. דיין לעבן איז דאָ נישט זיכער. דאָס לעבן פון קיין ענגלענדער איז נישט זיכער אין דעם לאַנד.

— מיסטער... אָ... ווי הייסטו?

— בירנבוים. אויב דו ווילסט ווייטער מיט מיר שמועסן, פּרוב נישט צו זיין כיטרע. האַלט וואָרט...

— אַנטשולדיק, באמת כ'בין נישט אויסנגעוועזן...

— גוט. ווענן וואָס איז דיין פאַרלאַנג מיט מיר צו שמועסן?

— וואָס כ'האָב דיך געוועלט פרעגן: דו ביסט דאָך אַן אינטעליגענטער מענטש, עס אינטערעסירט מיך ווי אזוי האָסטו זיך אריינגעלאָזט אין אַזעלכע זאַכן?

— אין אַלגעמיין קען מען אויף דער פראַגע ענטפערן מיט איין זאַץ: עס האָט מיך באַוואויגן דערצו דער ווילן פון פרייהייט און דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ. און דאָס האָט קיין שייכות מיט אינטעליגענץ. און אפשר דווקא אַ מענטש, אַן אינטעליגענטנער איז מער פילבאַר אויף פאַרשקלאַפונג און נויטיקט זיך מער אין פרייהייט. וואָלסטו נישט געווען קיין ענגלענדער וואָלט מיין קורצער ענטפער דיר אלץ דערקלערט. אָבער פאַר אייך, ענגלענדער, איז דער גרונד נישט גענוג און זעט לעכערלעך אויס אין אייערע אויגן. אויב דו איילסט זיך נישט, בין איך גרייט דיר דערקלערן די זאַך ברייטער.

— ניין. איך אייל זיך נישט. מירן קענען שמועסן צוויי שעה און מער. איך וואָלט באמת געוואָלט מיט דיר שמועסן גרינטלעך. פאַרוואָס האַלסטו, אז דער גרונד, וואָס האָסט געבראַכט זאָגט אונדז, ענגלענדער, גאָרנישט?

— ווייל איר ענגלענדער זייט נישט מסוגל צו פאַרשטיין, וואָס ס'איז אזוינס דאָס שטרעבן פון פעלקער נאָך פרייהייט. איר באַטראַכט אייך ווי אַ ראַסע פון הערן. דאָס געפיל, איז ביי אייך אין בלוט. איר באַטראַכט אייך אַלס פריווילעגירטע צו הערשן. דאָס זעט אויס אזוי קלאָר און נאַטירלעך אין אייערע אויגן, ביז, ס'דוכט אייך, אז ס'איז אַ חוצפּה פון עמעצן זיך אַנטקעגן שטעלן אייער הערשאַפט. די דערשיינונג, וואָס הייסט היטלעריזם, איז נישט מער ווי אַ שטרעבונג צו צוקומען צו אייער שטאַנד: צו זיין אַ פאָלק פון הערן. היטלער וויל איינפלאַנצן אין דייטשן פאָלק, דאָס הערן געפיל, וואָס למעשה, איז שוין פון לאַנג פאַראַן ביי די ענגלענדער. די פאָלגן פון דעם אויבערגעפיל איז, וואָס איר זעט אין יעדן, וואָס רעוואָלטירט קעגן אייך, אַ פאַרברעכער, אַ מעשוגענער, אַ חוצפּעניק...

— דו פאַרגלייכסט אונדז צו די נאַציס! ווי קענסטו דאָס? ! די נאַציס פאַרניכטן דאָך די יידן, די זין פון דיין פאָלק? !

— די צוויי זאַכן האָבן קיין צוזאַמענהאַנג נישט. מיט די נאַציס האָבן מיר אַן עקסטערן חשבון. מיר וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אָבער, אייער חלק אין דעם פאַרברעכן איז נישט קיין סך קלענער פון זייערן. ווען איר וואָלט געוואָלט — וואָלט איר געקענט אָפּראַטעווען מיליאָנען פון מיין פאָלק. ס'זענען נאָך פאַראַן לענדער פון וועלכע ס'איז נאָך מעגלעך ארויסצונעמען די יידן און זיי איבערפירן קיין ארץ־ישראל. די יידן זענען פאַרמשפּט צו אונטערגאַנג, צו פאַרניכטונג. פאַרוואָס העלפט איר אונדז נישט צו ראַטעווען זיי? !

— אַ מלחמה. מיר האָבן נישט קיין שיפן...

— א ליגן. נישט דאָס איז די סיבה! ערשט פאַר אַ קורצער צייט האָבן די צייטונגען געמאָלדן, אַז איר שטעלט־צו פאַר די מוסלמענישע גלויביקע אַ גרויסע צאָל שיפן פאַרן ארויפגאַנג קיין מעכאַ, אין ראַמאַדאַן חודש. דאָס איז די „הומאַניטעט" אייערע. „הומאַניטעט" פאַר עקספּאָרט! איר זייט הומאַנער אויף וויפיל עס פאַרלאַנגט אייער אימפּעריאַליסטישער אינטערעס. ווען דער אינטערעס פאַרלאַנגט פעל־קער און ראַסן פאַרניכטונג, דערשרעקט איר זיך נישט צו טאָן עס. עס איז נישטאָ קיין וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן אייך און די נאַציס. גאַנצע פעלקער ווערן פאַרוואַנדלט פאַר אַ שפּילצייג אין אייערע הענט ווען אייער אינטערעס פאַרלאַנגט עס. און אונדזערווירקלעכקייט איז אַזאַ, אַז איר ווילט נישט קיין בליענדיקן ישוב, אַ קולטורעלן, אין דעם טייל פון דער וועלט. און ווייל איר זייט נישט פאַראינטערעסירט אין דעם, קען קיין שום באַגרינדונג פון עלעמענטאַרישע גערעכטיקייט, ענדערן אייער באַשלוס: צו פאַרניכטן. איר וועט זיך מיט דעם נישט רעכענען, אז דאָס לאַנד געהערט אונדז פון דור־דורות. אז ס'איז וויסט און אָן אונדז וועט עס בלייבן וויסט. אַז אָן דעם לאַנד איז אונדזער פאָלק פאַראורטיילט צו אונטערגאַנג. דאָס אַלץ ווירקט נישט אויף אייך. איר, הערן־ראַסע, זעט אייך פּריווילעגירט צו פאַרניכטן פעלקער אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן וועג, אויב די זאַך איז נויטיק פאַרן ווייטערדיקן רעגירן. פון דעם אַלץ, האָבן מיר ארויסגעצויגן די מסקנות:

אויב באַציאונגען צווישן פעלקער, אין אונדזער וועלט, ווערן באַשטימט לויט אינטערעסן, און ווען צוויי פעלקער קומען־צו צו קעגנערישע אינטערעסן וועלכע מען קען זיי נישט אויסגלייכן — קעמפן זיי, דאַרפן מיר דאָך אויך אַזוי האַנדלען. און דע־פאַקטאָ, נישט מיר האָבן אויף אייך אויסגערופן קריג, נאָר איר האָט אונדז ארויסגעזאָגט קריג...

— ס'איז דאָך נישט ריכטיק! מיר האָבן נישט אויסגערופן קיין שום מלחמה אויף אייך! — האָט געפרובט קאָלאָנעל האַרינגטאָן זיך שיצן.

— דע־יורע נישט — דע־פאַקטאָ יאָ. אויך די וועלט־קריג וואָלט נישט אויסגעבראָכן, ווען די פאָלאַקן וואָלטן מסכים געווען איבערגעבן דעם „קאָרידאָר" דייטשלאַנד. נאָכן „קאָרידאָר" וואָלטן אַוודאי געווען געקומען פרישע פאָדערונגען, און אזוי אָן א גרעניץ, ביז צו אַ פול־שטענדיקע פאַרשקלאַפונג. אויך איר האַנדלט אזוי. איר האָט אָנגעהויבן מיטן אָפרייסן דעם עבר־הירדן פון אונדזער לאַנד, דערנאָך האָט איר אָפּגעשטעלט די עליה, ארויסגעגעבן אַ „ווייס־בוך" וועלכער פאַראור־טיילט אונדז צו זיין אַ מינדערהייט אין אונדזער לאַנד. אַוודאי האָט איר נישט אויסגערופן, כלומערשט, קריג אויף אונדז. ווען מיר וואָלטן מסכים געווען אָנצונעמען די גזרות און וואַרטן געדולדיק אויף נייע גזרות, ביז אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג, וואָלט זיך עס געקענט פאַר־ענדיקן אָן מלחמה, אָן בלוט פאַרגיסן. על כל פנים אָן אייער בלוט פאַרגיסן. קאָלאָנעל האַרינגטאָן, מיר געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון מלחמה, און ס'וואָלט געווינשן געווען, אז איר זאָלט זיך באַציען צו אונדזערע מענטשן, וואָס פאַלן־אריין אין אייערע הענט, ווי צו קריגס־געפאַנגענע...

— מ'קען דאָך דאָס נישט אָנרופן מלחמה. דאָס איז איינפאַך טעראָר. ס'איז נישט פאַראַן דאָ קיין מיליטערן. איר גרייפט־אָן פּאָלי־ציאַנטן און זעלנער פון הינטער זייער רוקן...

— דאָס איז דער קאַמפס־וועג פון אַן אונטערדריקט פאָלק. מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייט אַוועקצושטעלן מיליטער קעגן מיליטער. מיר האָבן נישט קיין טעריטאָריע, מיר האָבן נישט קיין טאַנקן און

אַעראָפּלאַנען. און טראָץ דעם ווילן מיר לעבן און זיין פריי. אַלזאָ, ווי אזוי דאַרפן מיר מלחמה האַלטן ?...

כ'האָב די ווערטער געזאָגט מיט אויפרעגונג און כ'האָב דער־שפּירט, אַז מיסטער האַרינגטאָן איז אַביסל צעטומלט געוואָרן. ער האָט געקלערט וואָס צו זאָגן און צו ענדע האָט ער געפרעגט:

— פאַרוואָס זאָלט איר נישט אָפּלייגן די זאַך ביז נאָך דער מלחמה. מיר קעמפן דאָך איצט מיט אייער בלוטיקן פיינט, מיט היט־לערן.

— דאָס איז דער גרויסער שאַנטאַזש אייערער. איר ווייסט, אַז די באַגרינדונג איז זייער משפּיע אויף אונדז יידן. זי צעטומלט אונדז. מיר שטייען פאַר אַ דילעמע און מיר ווייסן נישט וועלכעס פריער. מיט דער הילף פון דעם שאַנטאַזש איז אייך געלונגען צו פאַרבלענדן די אויגן פון די ציוניסטישע פירער. מיר איז איין זאַך קלאָר: ס'איז נישטאָ קיין ראַטעווען יידן אָן אַ יידישער מאַכט איבער ארץ־ישראל. די מלחמה גיט אונדז אַ מעגלעכקייט צוקומען צו דער מאַכט אין לאַנד. און ווען ס'וואָלטן אונדזערע ציוניסטישע פירער זיך נישט אונטערגעגעבן אייער שאַנטאַזש, און וואָלטן אָנגעוויזן בערייטקייט „למות עם פלישתים", וואָלט אונדזער לאַגע גאַנץ אַנדערש אויסגעזען. איר, פאַר אייערטוועגן, רעכנט זיך נישט איבערהויפּט מיטן עקזיסטירן פון דער מלחמה, ווען איר ווילט ארויסשטופּן די פראַנצויזן פון סיריע. מיט אייערע הינטערוועגן האָט איר אויפגעוואָלטירט די סיריעשע אַראַבער, כדי צו ירשנען אייערע פאַרבינדעטע, די פראַנצויזן. און ס'אַרט אייך כלל נישט, ווען די רו אין מיטל־מזרח איז געשטערט געוואָרן. בלויז פאַר אונדזערטוועגן עקזיסטירט די באַגרינדונג...

— דו דענקסט באמת, אַז מיר האָבן אויפגעוואָלטירט די סיריער?

— האָט ער געזאָגט מיט אַן אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג און נאַאי־וויטעט.

— מיסטער האַרינגטאָן. שטעל נישט קיין נאַאיוון פּנים. אייער אַרבעט אין סיריע איז געמאַכט געוואָרן זייער גראָב. געוועלנלעך זענען אייערע אינטריגעס צונויפגעניייט מיט דינעם פאָדעם. אין סיריע איז די אינטריגע געווען זעהר דורכזיכטיק. דאָס וועט זיך נאָך נוקם זיין

אין אייך. די פראַנצויזן וועלן דאָס נישט פאַרגעסן. איך באַרעכטיק נישט קיין אימפעריאַליזם, אויך נישט דעם פראַנצויזישן, אָבער איר, אין דעם פאַל האָט געהאַנדלט ווי שאַקאַלן. איר האָט אויסגענוצט דעם אומגליק, וואָס ס׳האָט געטראָפן פראַנקרייך, איר שוואַכקייט. אַלץ מער און מער דערקענט די וועלט די וועגן פון אייער הערשן און דאָס איז די גאַראַנטיע פאַרן צעפאַלן זיך פון דער אימפעריע. כל זמן מ׳האָט אייך נישט דערקענט האָט איר געקענט הערשן אין אַ מאַסקע פון צדק און רודף שלום. דאָס וועט מער נישט אָנגיין... וואָלט באמת געווען אייער הערשן אַ שטיצע פאַר אונטערדריקטע פעלקער, אָדער כאָטש, וואָלט איר געווען מוראַלע — וואָלט די אימפעריע געקענט עקזיסטירן אַ לענגערע צייט, וואָלט אייער מאַכט באַזירט געווען. זע, וואָס ס׳איז דאָ געשען: נאָך צוריק מיט 10 יאָר האָט דאָס יידישע פאָלק געזען אין אייך דעם פרייַנט פון פעלקער. מיר האָבן געזען אונדזער צוקונפט איינגעגלידערט אין דער צוקונפט פון אייער אימפעריע. אָבער די אימפעריע האָט אין אונדז געזען איינע פון די אָביעקטן, וואָס זי קען אויסנוצן פאַר איר טובה וועגן. אין אונדזער נאָמען, כדי העלפן אונדז, כביכול, אויפשטעלן אַ פאָטערלאַנד, האָט איר באַקומען דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל. איר האָט געדענקט אז ס׳וועלן קומען אין לאַנד אַריין אַ פאָר הונדערט טויזנט יידן, זיי וועלן זיך באַשעפטיקן מיט תפילות און מסחר, און ס׳וועט געשאַפן ווערן אַ נייער סעקטאָר, וואָס וועט קענען דינען אַן אָביעקט פאַרן ווייטערדיקן שפיל פון „צעשייד און הערש״. אין אייערע פאָליטישע אויסרעכנונגען האָט איר פאַרגעסן צו נעמען אין חשבון איין גורם, וואָס הייסט: דער לעבנס־ווילן און דער שאַפן־פאַרלאַנג פון אַ פאָלק. דאָס איז אַן אומ־אַנגענעמע איבעראַשונג פאַר אייך, צוזען אונדזערע דערגרייכונגען, און דאָס פאַרוואַנדלען די וויסטעניש אין אַ בליענדיקן גאָרטן. ווייל אייך איז נויטיק דאָ אַ וויסטעניש. דאָס איז דער וועגן־קנופ פאַר דער אימפעריע, און אויב זי וועט פאַרבלייבן וויסט וועט איר קענען רעגירן און האַלטן. ווילד־ערד און ווילד־מענטש, דאָס איז וואָס איר נויטיקט זיך דאָ. און פון ווען איר האָט זיך איבערצייגט, אַז מיר באַפרוכפּערן די וויסטעניש, סיי פון דער ערד און סיי פון מענטש —

האָט איר באַשלאָסן אונדז אויסוואָרצלעז פון דאַנען. פּאַראַליזירן, דעגענערירן אונדז ווילט איר פון זייט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן אונדז. איר האָט זי אָנגעהויבן. און אין דער מלחמה האָט איר אַלץ פאַרלוירן. איר האָט געקענט, געקענט ממשיך זיין אייער רעגירן דאָ, ווען איר וואָלט זיך באַצויגן מיט פאַרשטאַנד צו אונדזער שטרעבונג. מיר וואָלטן באַשטימט נאָך אַ לענגערע צייט, אייך געהאַלטן פאַר די פריינט פון פעלקער. איצט האָט איר אַלץ פאַר־לוירן. לאַנגע דורות נאָכן פאַרטרייבן אייך פונדאַנען, וועט איר פאַרהאַסט זיין ביים יידישן פאָלק. און ווער עס קוקט זיך איין מיט אָפענע אויגן אין דער לאַגע, ווייסט, אַז דער סוף פון אייער הערשן דאָ, נענטערט זיך און קומט.

— אָבער, מיין פריינט, דאָס איז פּאָליטיק און די זאַכן קענען זיך ענדערן. מיר געפינען זיך אין אַ פאַרפלאָנטערטער לאַגע: די התחיי־בותן קעגן די יידן און קעגן די אַראַבער. אַ מלחמה...

— אויך דאָס איז נישט מער ווי תירוצים און אויסריידן. קען זיין, אַז מיטן פאַרשטאַרקערן אונדזער דרוק, וועט איר אונדז פאַרזוכן אונטערצוקויפן מיט אַ וועלכע ס׳איז נאָכגעבונגען. מיט דעם וועט נישט זיין קיין ראַדיקאַלע ענדערונג. פאַראַן נאָך יידן וואָס גלייבן, אַז ס׳וועט זיך ענדערן די לאַגע, אָבער ס׳איז נישט מער, ווי אַן אילוזיע. די לאַגע קען זיך נישט ענדערן, ווייל אייערע אינטערעסן קענען זיך נישט ענדערן. אויב ס׳קען קומען אַן ענדערונג איז בלויז ווי אַ רעזולטאַט פון אונדזער קעמפן קעגן אייך...

— צי דענקסטו נישט, אַז צוליב דעם דאַרף מען נישט הרגענען קיין מענטשן. אָט דער בחור, וואָס האָסט פאַרוואונדעט, ליגט דאָרט אויבן און זיין צושטאַנד איז אַ שווערער. אַ ספק צי ער וועט בלייבן ביים לעבן. און ער איז אַן אויסגעצייכנטער בחור. ווען וואָלסט אים געקענט וואָלסטו געוואוסט, אַז דו האָסט געטאָן אַ זינד. דער אצ״ל מאַכט אויך אָן „צרות״, און פונדעסטוועגן, הרגענען זיי נישט קיין מענטשן. זיי שעדיקן בלויז דאָס פאַרמעגן פון דער רעגירונג. פאַרוואָס זאָלט איר אויך אזוי נישט טאָן?

— אָ! עצם דער פאַקט, אַז דו בעטסט עס, ווייזט מיר ווידער, אז

מיר זענען גערעכט. דאָס שעדיקן דאָס פּאַרמעגן רירט אייך נישט אָן. דאָס איז נישט בכּוח אייך ארויסצוטרייבן פונדאַנען. יעדן אויפגעריי־סענעם בנין וועט איר אויפסנייַ אויפבויען פאַר אונדזערע געלדער. איך בין איבערצייגט, אַז אויך אצ״ל וועט ענדערן דעם אופן פון זיין קאַמף, נאָך דעם, ווי זיי וועלן זיך איבערצייגן, אַז דאָס רירט אייך נישט אָן געננוג. און, וואָס בנוגע דעם בחור: אויך אויף מיר זאָגן אַ סך, אז כ׳בין אַ גוטער בחור. קען זיין ווען איך וואָלט זיך באַגעגנט מיט אים אין אַן אַנדער לאַנד, — וואָלטן מיר געקענט זיין פריינט.

— אָבער, וואָס איז דאָ שולדיק דער זעלנער אָדער דער פּאָליצ־יאַנט, וואָס האָט אויסגעפילט די באַפעלן פון זיינע קאָמאַנדירן?

— אָ, ער איז שולדיק. ער איז אַ שותף צום פאַרברעכן. מיניסטאָרן גייען קיינמאָל נישט אין שלאַכט. זיי דערפירן בלויז דערצו און רופן זי אויס. היטלער האָט נישט פאַרניכטעט מיט זיינע אייגענע הענט אפילו נישט איין ייִד. ער האָט בלויז געגעבן באַפעלן. די ארבעט טוען זיינע זעלנער. יעדער פּאָליציאַנט און יעדער בריטישער זעלנער, וואָס היט דאָ די ברעגעס פון לאַנד, מיר זאָלן נישט קענען אָפּראַטעווען די זין פון אונדזער פאָלק, זענען שותפים צום פאַרברעכן. מיסטער האַרינג־טאָן, צי קענסטו דיר אויף איין סעקונדע פאָרשטעלן אַז די לאַגע איז אַ פאַרקערטע. עס האַנדלט זיך דאָ נישט אין יידן נאָר אין ענגלענדער און נישט אין ארץ־ישראל נאָר אין די בריטישע אינזלען: אין דיין לאַנד הערשן פרעמדע און די זין פון דיין פאָלק ווערן פאַרניכטעט אין גלות. צי קענסטו מיר זאָגן ווי וואָלסטו געהאַנדלט אין אַזאַ מצב?

דער קאָלאָנעל האַרינגטאָן האָט זיך פאַרקלערט אַ ווײַלע, גלייך ווי ער זוכט אַן אויסרייד און צום סוף אַ זאָג געטאָן:

— יאָ. איך קען דיך פאַרשטיין...

נאָך אַ רגע האָט ער זיך אָנגעבויגן צו מיר און שטילערהייט געזאָגט:

— זיי. די מיניסטאָרן... זיי דאַרפט איר דערלאַנגען...

— אויך צו זיי וועלן מיר דערגרייכן... האָב איך אים פאַרזיכערט.

מיסטער האַרינגטאָן האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— איך וואָלט דיר געוואָלט העלפן. וואָס קען איך טאָן פאַר דיר?
כ׳האָב געבעטן אַ צייטונג, סיגאַרעטן און כ׳האָב אים דערציילט, אַז טראָץ דעם, וואָס איך בין אין שפּיטאָל שוין 48 שעה בין איך נאָכ־נישט באַהאַנדלט געוואָרן דורך אַ דאָקטאָר און ס׳איז נאָך נישט גענו־מען געוואָרן קיין רענטגען פון מיינע פיס. „איר וועט דאָך האָבן אַ מעגלעכקייט פּטור צו ווערן פון מיר אויף אַ געריכטלעכן אופן, פאַר־וואָס מאַכען דאָס דורכן שפּיטאָל?"

ער האָט געבעטן נישט צו קלערן אַז דאָס איז זייער כוונה. ער וועט דערלעדיקן דעם ענין רענטגען. ער וועט אויך געבן אָנווייזונגען דער געהיימפּאָליציי מיר אומצוקערן דאָס געלט, וואָס איז געווען אין רעקל, און מ׳וועט מיר דערלויבן צו באַקומען סיגאַרעטן און צייטונגען. ער האָט זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

כ׳האָב וועגן אים נאָכגעדענקט. וואָס האָט אים באַוואויגן אַזוי זיך אויפצופירן? די אַנשטענדיקייט? דער פּחד?...

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען און נישט רעדנדיק האָט ער מיך געמאָסטן מיט זיין שטעקן, ווי מען מעסט אַ זאַך, ער האָט געמאָסטן וויפיל שטעקן ס׳האָט מיין לענג. איינס, צוויי, דריי, פיר שטעקנס מיט אַ שטיקל...

— מיר מוזן אנטדעקן דיין אידענטישקייט. — האָט ער געזאָגט.
— און וואָס בנוגע סיגאַרעטן און צייטונגען, זיי נאָר אָביסל העפלעכער צו אונדזערע פאָרשער, וועט דיר גאָרנישט פעלן ביי אונדז...

— מיסטער האַרינגטאָן! — האָב איך אַ דונער געגעבן, און גע־קלאַפּט מיט דער פויסט אויפן נאַכט־קעסטל — דאָס איז אַ נידערטרעכ־טיקער פאַרשלאַג!

— אָ, אַנטשולדיק. כ׳בין נישט אויסנגעווען... Forget it! (פאַר־געס עס!)

און מיסטער האַרינגטאָן איז אַוועק.

אין אַ שעה אַרום האָט מען מיך גענומען צו רענטגען.

## ד.

צייטונגען און סיגאַרעטן האָב איך נישט באַקומען. עס זענען געקומען אַ פּאָר פּאָליציאַנטן און צוויי סאַניטאַרן מיט אַ טראָג־בעטל און האָבן געזאָגט, אַז מען פירט מיך איבער פונדאַנען. צו מיין פראַגע וואו אַהין, האָט דער פּאַראַנטוואָרטלעכער וואַך־סערזשאַנט געענטפערט: „קיינער ווייסט נישט".

איך בין געווען איבערצייגט, אַז מען פירט מיך פּייניקן. דער חשד מיינער האָט זיך פאַרשטאַרקט ווען די מאַטראָנע האָט מיר געזאָגט „דו פאָרסט אין דער „הדסה"..."

מיטן טראָג־בעטל האָט מען מיך אריינגעטראָגן אין אַמבולאַנס. אַנטקעגן מיר, אויף דער באַנק, זענען געזעסן צוויי באַוואָפנטע פּאָליצ־יאַנטן. די שרעק פון פּיין האָט מיך אַרומגענומען. די מורא, טאָמער וועל איך נישט ביישטיין, טאָמער וועל איך אויסזאָגן, האָט מיר פאַרשאַפט שרעקלעכע זעלעשע יסורים. דער אַמבולאַנס איז געפאָרן שנעל און זיין טרייסלען האָט געמאַכט אויפשפרונגען מיינע פיס, וואָס ווייטיקן אויך אָן דעם. איך האָב זיך קוים באַהערשט נישט צו שרייען. כ'האָב געפילט, אַז די היץ שטייגט און אַ קאַלטער שווייס באַדעקט מיך. אַנטקעגן מיר, ביים קאָפּ פון איינעם פון די פּאָליציאַנטן, איז געווען אַן אָפן פענסטערל. כ'האָב זיך אַזוי געלייגט, אַז איך זאָל קענען זען דורכן פענסטערל דעם וועג. כ'האָב געוואָלט וויסן מיט וועלכן שאָסיי מיר פאָרן. אָבער כ'האָב כמעט גאָרנישט געזען. און קוקנדיק פון אונטן נאָך אויבן האָב איך געקענט באַמערקן פון מאָל צו מאָל די טעלעפאָן דראָטן אָדער די ביימער קעפּ. בלויז זעלטן ווען געזען אַ קאַכלע־דאַך אָדער עפּעס אַ שילד. די וועג־סימנים האָב איך זיך געוואָלט נעמען אין זכרון, ווייל „אויב כ'וועל בלייבן ביים לעבן" — האָב איך געקלערט — „וועל איך קענען מעלדן וואו עס געפינען זיך די פּייניקונגס־קעלערן פון דער געהיימפּאָליציי". דער פּאָליציאַנט וועלכער איז געזעסן ביים פענסטערל, האָט באַמערקט אַז איך קוק דורכן פענסטער. ער איז אויפגעשטאַנען און עס פאַרמאַכט. איצטער איז מיר נישט איבערגעבליבן אַ שאָטן פון אַ ספק, אַז מיר געפינען זיך אויפן וועג צום פּייניקן. כ'האָב

זיך געוואָלט באַהערשן, זיין רואיק. אָבער אומזיסט. כ׳האָב באַדויערט פאַרוואָס איך ווייס וועגן די אַנשטאַלטן פון דעם אונטערגרונט. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז די דעדעקטיוו־דערציילונגען דערציילן וועגן אַ שלאָף מיטל, אָדער איינשפריצונגען, וואָס מיט זייער הילף קען מען ארויס־באַקומען סודות. אַ שרעק איז מיך באַפאַלן. כל זמן איך וועל באַהערשן מיין באוואוסטזיין — וועל איך נישט אויסזאָגן. אָבער וואָס וועט זיין קוים פאַרליר איך די קאָנטראָל איבערן באַוואוסטזיין? ניין! כ׳טאָר נישט געפרובט ווערן. ליבער זעלבסטמאָרד באַגיין! ווי אזוי? ווען מ׳וועט מיך אַריינברענגען אין פייניקונגס־צימער, איידער מ׳וועט מיך בינדן, וועל איך זיך וואַרפן אויף איינעם און כאַפּן אַ רעוואָלווער, און דעמאָלט וועלן זיי געצווינגען זיין מיך צו שיסן... און אפשר גאָר נישט וואַרטן ביז דעמאָלט? אפשר עס איצט מאַכן? אָבער זיי זענען צו ווייט און האַלטן דעם טאָמיגאַן אין האַנט. כ׳וועל נישט קענען דערלאַנגען אזוי ווייט. כ׳וועל אים בעטן אַ סיגאַרעט, אפשר וועט ער מיר געבן און וועט זיך דערנענטערן צו מיר אים אָנצינדן?

— אפשר קענסטו מיך מכבד זיין מיט אַ סיגאַרעט? — האָב איך געזאָגט זיך ווענדנדיק צו איינעם פון זיי.

— ס׳איז אונדז פאַרבאָטן צו רעדן מיט דיר. שווייג!

פּאַמעלעך האָב איך אַוועקגערוקט דאָס קישעלע פון אונטער מ׳ין קאָפּ, קלערנדיק, אז אויב ס׳וועט ארונטערפאַלן אויף דר׳ערד, וועט זיך דער פּאָליציאַנט דערנענטערן עס אויפצוהייבן. דאָס קישעלע איז אַרונטער...

— זיי אַזוי גוט און הייב מיר אויף ס׳קישעלע — האָב איך געזאָגט.

ער איז אויפגעשטאַנען איבערגעגעבן זיין שכן דעם טאָמיגאַן און האָט אויפגעהויבן ס׳קישעלע. „ס׳איז נישט געלונגען...״ און נאָך היינט דוכט מיר, אַז אַדאַנק דער „נישט געלונגענקייט״ — בין איך לעבן געבליבן.

גערדאַנקען וועגן פייניקן און זעלבסמאָרד טומלען זיך אין מיין מוח במשך צוויי שעה. צוענדע פאַרהאַלט זיך דער אַמבולאַנס. מ׳נעמט מיך ארויס. כ׳ווייס נאָכנישט וואו איך געפין זיך. איך זע בלויז אַ שמאָלן, לאַנגן הויף, אַ לאַנגן בנין מיט פאַרקראַטעוועטע פענסטער און פון

דער צווייטער זייט הויף, אַ וואַל מיט אַ שטעכל־דראָט פּלויט. אויפן דאַך און אויפן וואַל אַ שטאַרקע וואַך. דאָס אַלץ מאַכט אַ מאָדנעם רושם, ווען מ׳זעט עס אין אַ רוקנדיקער פּאָזע. מ׳פירט מיך אַריין דורכן טויער און פּלוצים פאַלט מיין בליק אויף אַ שילד פון איבערן טויער:

די צענטראַל טורמע
ירושלים

כ׳האָב פריי אָפּגעאָטעמט... כ׳האָב געוואָלט לאַכן און זיך פרייען! די טורמע! דאָס איז נישט פאַר פייניקן. אין טורמע פייניקט מען נישט.

דוכט מיר, אז קיין מענטש איז נאָכנישט מיט אַזאַ שמחה אַריינגעגאַנגען צווישן די ווענט פון טורמע.

*

אַ לאַנגער קאָרידאָר. פון ביידע זייטן פאַרקראַטעוועטע טירן. ביי די טירן שטופן זיך אָן אַרעסטאַנטן און קוקן זיך איין מיט נייגעריקייט אין דעם „קאָנוואָי". מ׳טראָגט מיך אויפן טראָג־בעטל — פאַר מיר און נאָך מיר בריטישע אָפיצערן און סערזשאַנטן און אַ צאָל אַראַבישע פּאָליציאַנטן. איך זוך אַ יידיש פנים פון צווישן די אַרעסטאַנטן, וואָס קוקן ארויס דורך די קראַטעס פון די טירן. אפשר וועל איך טרעפן וועמען פון מיינע פריינט? פּלוצים באַגעגנט מיין בליק יידן. ביי אַ טיר פון איינע פון די צעלעס איז פאַראַן אנשל שפּילמאַן, דוד מאירי־בגין, און צבי תבורי. אַלע דריי זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ קורצע צייט פאַר מיר. כ׳האָב געזען, ווי זיי ווערן בלאַס. בלויז אויף אַ סעקונדע האָבן זיך אונדזערע בליקן באַגעגנט, אָבער קענענדיק קאָנספּיראַציע האָבן מיר נישט ארויסגעוויזן קיין שום סימנים פון קענטשאַפט. אין עק פון לאַנגן קאָרידאָר איז פאַראַן דער „שפּיטאָל" פון ירושלימער טורמע. דאָס איז געווען אַ גרויסער זאַל מיט ביי אַ צוואַנציק בעטלעך. מ׳האָט מיך אַוועקגעלייגט אין אַ בעט אַנטקעגן דער טיר, געבינדן די הענט צום בעט, אַוועקגעשטעלט אַ וואַך ביי דער טיר און מ׳איז אַוועקגעגאַנגען. אַלע זענען געוואָרן נערוועז און געשפּאַנט. דאָרטן איז פון פריער געלעגן איין ייד, פון קורדישן אָפּשטאַם, וואָס האָט געהרגעט

זיין געליבטע און באַקומען 15 יאָר טורמע און דערנאָך האָט מען אים צוגעלייגט נאָך פינף יאָר, פאַרן באַפאַלן אַ בריטישן סערזשאַנט, אינערהאַלב דער טורמע, נאָר מ׳האָט אים נאָך אין דער זעלבער נאַכט ארויסגענומען. עס זאָל זיך אין מיין נאָענט נישט געפינען קיין ייד...

דער אָנפירער און זיינע אָפיצערן באַזוכן אָפט און קאָנטראָלירן צי אַלץ איז אין אָרדנונג. איין מאָל האָט דער אָפיצער געכאַפּט מיינע ברילן און האָט מיט כוח זיי אַ זעץ געטאָן אין דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט. ער האָט שוין, ווייזט־אויס, געוואוסט, אַז דאָס זענען קאָמאָ־פלאַזש־ברילן. איך האָב שטאַרק פּראָטעסטירט און ווען ער איז ארויס, האָט ער באַפוילן דעם פּאָליציאַנט זיי מיר צוריק צוגעבן.

ס׳איז שווער צו האַלטן מענטשן אין דויערנדער שפּאַנונג. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָט אַביסל די שפּאַנונג נאָכגעלאָזט. דאָ און דאָרט האָט מען שוין געלאַכט און געשמועסט אין זאַל. די הויפּט שמועסן זענען וועגן מיר. אויף וויפיל איך פאַרשטיי רעדט מען וועגן מיר מיט כבוד. אַן אַרעסטאַנט אויף וועלכן מ׳שטעלט אַ ספּעציעלע וואַך דער־וועקט שטענדיק כבוד, צווישן די אַרעסטאַנטן...

זייער אומעטיק זעט אויס די טורמע אין ערשטן אָוונט. אַלץ איז ווי טרויעריק און טונקעל. עס דוכט אפילו, אַז אַ ספּעציעלער ריח פון טורמע, שפּירט זיך דאָ פון אַלץ. פון איין דערווייטערטן קאַמער, הערט זיך דאָס געזאַנג פון אַן אַראַבישן אַרעסטאַנט, אַ טרויעריק געזאַנג — כמעט געוויין. אין אָנפאַנג זענען די חושים פילבאַר צו יעדער זאַך. דו זעסט אַלץ און פילסט דעם קעגנזאַץ פון צווישן טורמע און פרייהייט. אין די ווייטערע טעג — געוויינט מען זיך. דו פילסט נישט מער דעם ספּעציעלן גערוך פון דער טורמע, דו הערסט נישט דעם טרויער אין געזאַנג. די ברוינע געשטאַלטן וועלכע מאַכן אין אָנפאַנג אַ רושם פון שאָטנס אָן אַ פּרצוף און אָן אַ נשמה, ווערן פאַמעלעך בלוט און פלייש. דער ערשטער אָוונט צווישן די ווענט פון טורמע מאַכט אַ דערדריקנ־דיקן איינדרוק. עס דוכט זיך, גלייך זאָלסט האָבן ארייננעגאַנגען אין אַ וועלט, וואָס איז הינטער דעם לעבן. אַלץ איז דאָ שווער און פינצטער...

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָב איך באַקומען אַ גרוס פון אונדזערע

בחורים, וואָס זענען פאַרשפּאַרט אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון טורמע. אַן אַראַבישער אַרעסטאַנט, אָנגעטאָן אין ווייסן, אַ קאָרפּראַל פון די אַרעסטאַנטן וועלכער האָט פּריווילעגיעס, און וואָס קען כמעט אַלץ טאָן, האָט ער מיר געבראַכט. ער האָט וואָס געזאָגט צום פּאָליציאַנט וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר און האָט נישט ארונטער־גענומען זיין אויג אַ גאַנצע צייט פון מיר, דעמאָלט האָט דער פּאָליציאַנט זיך אַביסל אָפּגעטראָגן. מחמוד (אזוי האָט ער געהייסן, לויט כ׳האָב זיך דערנאָך דערוואוסט), איז צוגעקומען צו מיר, דערלאַנגט מיר אַ סיגאַרעט, אים אָנגעצינדן און געזאָגט:

— דאָס איז פון חאַוואַדזשאַ מוסאַ סבוראי. קענסט רויכערן. דער פּאָליציאַנט איז אַ גוטער בחור. אַלע גריסן דיך. זיי ווילן וויסן וואָס ס׳פעלט דיר. זיי האָבן געבעטן זאָלסט זיי שרייבן.

אין דער צייט האָב איך געקענט ווייניג אַראַביש, נישט גענוג אויף צו קענען אָנהייבן שמועסן, אָבער ער האָט אַביסל גערעדט העברעאיש און ענגליש. כ׳האָב זיך צו אים באַצויגן מיט חשד און כ׳האָב אים בלויז איבערגעגעבן דאָס, וואָס קען נישט שאָדן און אויסגעבן. כ׳האָב געענדיקט רויכערן דעם סיגאַרעט אונטער דער קאָלדרע. ער איז ארויס און אין אַ שעה אַרום צוריקגעקומען, געבראַכט אַ ציין־בערשטל, פּאַסטע און זייף און אַ צעטעלע פון די אַרעסטאַנטן אונדזערע, אין וועלכן זיי האָבן מיר מודיע געווען, אז איך קען זיך פאַרלאָזן אויף דעם אַראַבער. פונעם געשפּרעך האָב איך געזען, אַז די אַראַבער ווייסן וועגן מיר מער ווי כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט. זיי האָבן שוין געוואוסט וועגן די אומשטענדן פון מיין אַרעסט. זיי האָב אין מיר געזען אַ העלד און וועגן קאַמף מיט דער פּאָליציי האָבן זיי צוגעלייגט אַביסל פון זייערן. זיי האָבן „געוואוסט״, אז כ׳האָב זיך פאַרפּעסטיקט אין אַ פּלאַץ און צוויי טעג דורכגעהאַלטן ביז איך איינער אליין געשטאַנען מיט אַ טאָמיגאַן און האַנט־גראַנאַטן, אַנטקעגן אַ כוח פון הונדערטער ענגלענדער און אַ סך אַוועקגעלייגט פון זיי, איידער זיי האָבן מיך געפאַנגען. ווען איך פלעג אָפּלייקענען, האָבן זיי עס געהאַלטן פאַר אַ באַשיידנקייט פון אַן אמת׳ן „גאַבדאַי״ (העלד). כ׳האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען קומען צו זיי אַזעלכע זאַכן, אָבער שפּעטער האָב איך געלערנט צו וויסן דעם

פאַנטאַזיע־פאַרנעם פון דעם פאָלק. מחמוד אַליין איז אַן אינטעליגענטער בחור, ער איז אַ לערער און איז פאַראורטיילט געוואָרן לעבנס־לענגלעך נאָך אין דער צייט פון די אומרועז פון 1936—39. אַ מאָל האָט מען אים געבראַכט אין געריכט און ס׳איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון דאָרט. דערנאָך, האָט מען אים געמסרט און ער איז ווידער אַרעסטירט און פאַר־אורטיילט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געשפּרעך האָט זיך אריבער־געטראָגן אויך אויף פּאָליטיק. דאָ, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען, אַז דער פּשוטער אַראַבער, דאָס פאָלק, וויל מיטאַרבעטן מיט אונדז. אויב ס׳וועט נאָר נישט זיין קיין אינטערווענץ פון דרויסן, נישט פון אַ פרעמדן אימפּעריאַליזם און נישט פון די כבוד און מאַכט דורשטיקע „פירער״, וועלן מיר קענען לעבן צוזאַמען. הויפּטזעכלעך וועט עס זיי ברענגען נוצן. מחמוד, ווייזט־אויס, פאַרשטייט עס. „אָבער וואָס וועט זיין מיט דעם מחמוד״ — האָב איך זיך געטראַכט — „אויב וועט מאָרגן ענגלאַנד אויסנוצן אַלע אירע פּראָפּאַגאַנדע און העצע מיטלען, און זי וועט וועלן זיך באַנוצן מיט די אַראַבער קעגן אונדז? צי וועט ער זיך נישט ווידער שטעלן אין דער שפּיץ פון אַ באַנדע?״

*

ס׳איז שווער צו שלאָפן די ערשטע נאַכט אין טורמע. ס׳איז ווידער נויטיק אריינברענגען אַביסל אָרדנונג אין געדאַנק. צי קען מען אַרויס פונדאַנען? ווי אַזוי? איין פענסטער פון שפּיטאָל גייט־ארויס צו דער גאַס. אַ מאַשין פאָרט פאַרביי פון מאָל צו מאָל. דאָס, ווייזט־אויס, איז אַ באַוואָפנטע וואַך, וואָס קרייזט־אום די טורמע. כ׳האָב נישט קיין סך אָנצוווערן. מ׳וועט מיך במילא אויפהענגען. כ׳וועל אַוודאי ליגן דאָ ביז ס׳וועט מיר בעסער ווערן. דערנאָך וועט מען מיך ברענגען פאַרן געריכט. מיין אידענטיטעט דאַרף מען היטן. איך וועל עס אַנטפּלעקן אין געריכט. ליבער אויפגעהאָנגען ווערן אונטער מיין נאָמען און נישט אונטער אַ צווייטנס. די קייט אין בעט גיט קיין רו. אַ קאַלטער אייזן רירט יעדעס מאָל אָן מיין קערפּער. כ׳וועל נישט קענען שלאָפן ביז כ׳וועל זיך צוגעוווינען. דאָס פענסטער רייצט. ווי מאָדנע איז די וועלט? פון דער צווייטער זייט פענסטער דרייען זיך אַרום פרייע מענטשן. זיי לאַכן. אַ גרופּע יוגנט גייט דאָרט פאַרביי, קלאַנגען פון אַ מויל־גראַ־

מאָשקע, אַ „סאַבריש" העברעאיש, און אַ פריילעך געלעכטער, שפּאַרן זיך אַריין דורכן פענסטער. קולות פון אַן אַנדערע וועלט... דער וועכטער דרייט זיך פאַר דער טיר און פון מאָל צומאָל קאָנטראָלירט ער צי כ'בין פאַראַן אין בעט. ווען ס'וואָלט בלויז דאָס געווען דער פּראָבלעם — וואָלט זיך מעגלעך געווען איינצואָרדנען. אפשר איז כדאי זיי צוגעוויינען, אַז איך שלאָף פאַרדעקט ביז איבערן קאָפּ? דאָס קען נישט שאָדן... אפשר דאָך וועט מעגלעך זיין זיך „דורכזיפן" דורכן פענסטער און איבערלאָזן אויף מיין פּלאַץ אַ פּופּע? אָבער ביז די פיס וועלן זיך אַביסל פאַרהיילן, קען מען זיך נישט רירן פון פּלאַץ. מ'דאַרף אויך אַ שליסל צו די קייטן. ביין. אַלץ איז אַן אילוזיע. ס'איז טאַקע נישטאָ וואָס אָנצווווערן און ס'איז כדאי צו פּרובן, אָבער מ'קען זיך אויף דעם נישט פאַרלאָזן. דער געבאָט פון דער שעה איז: זיך צוגרייטן צום משפּט.

און ווידער הייב איך אָן וועבן פאַר זיך, אַ רעדע וועלכע איך וועל האַלטן אין געריכט. דערנאָך וועט קומען די תליה. וויפיל איז מיר פאַרבליבן נאָך צו לעבן? צוויי חדשים? דריי? כ'בין במילא אָפּגע־ראַטעוועט געוואָרן דורך אַ נס... שווער איינצודרימלען די ערשטע נאַכט אין טורמע...

*

אינדערפרי הייבט זיך אָן אַ גערודער. אַנטקעגן דער טיר פון שפּי־טאָל איז פאַראַן אַ קאַמער פון אַרעסטאַנטן. שרעקלעכע פּנימער. „ווער זענען זיי?" — האָב איך געפרעגט מיין שכן. „סיפעליטיקער" — איז געווען זיין ענטפער. ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט א מין שפּאָט און סאַטיספאַקציע. דערנאָך האָט מען געעפנט די טיר פון זייערע צעלעס, און זיי זענען ארויס אין קאָרידאָר, און זיך צעשפּרייט אין אַלע זייטן. אין אַ פּאָר מינוטן אַרום זענען זיי צוריקגעקומען מיט עמערס און שמאַטעס אין די הענט. אַן אַרעסטאַנט — אַ קאָרפּאָראַל, האָט מיט זיי אָנגעפירט און מיט געשרייען „יאַללאַ! יאַללאַ! אימסעק!" האָט ער זיי אונטערגעטריבן ביים ריינִיקן. מען האָט זיי געעפנט די טיר און זיי האָבן געשלעפּט די שמאַטעס לענג־אויס דעם דיל פון „שפּיטאָל". נאָכן ענדיקן דאָס ריינִיקן, האָבן די סיפיליטיקער גע־

בראַכט דעם פרישטיק פאַר די קראַנקע. דערנאָך זענען זיי געזעסן
אין קאָרידאָר און געשיילט קאַרטאָפל פאַר דער קוך פון „שפיטאָל". זיי
האָבן אויך דעם מאָלצייט געקאָכט און ווידער עס דערלאַנגט.

פון איבער דעם קאַמער אַנטקעגן איז געפאַלן מיין בליק אויף
אַ שילד: "Isolation" (אָפזינדערונג).

כ'האָב נישט געגעסן. דער געדאַנק, אַז זיי האָבן זיך מטפל געווען
מיטן אָנגרייטן דעם מאָלצייט — האָט מיר אויפגעבראַכט אַן עקל.
עס זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס די קרענק האָט געלאָזט אירע
שפּאָרן אויף זייערע פּנימער: וואונדן און צעפוילטקייט.

איך ווייס נישט וואָס ס'וואָלט געקענט זיין די ענדע. גריילעך,
אַז איך וואָלט זיך צוגעוואוינט און געגעסן דאָס עסן, נאָר אַ לאַנגע
צייט האָב איך נישט באַדאַרפט ביישטיין דעם נסיון. אין דעם אָוונט
איז אויסגעפאַלן די סדר־נאַכט און איך האָב באַקומען כשר לפסח־עסן,
פון דער יידישער קוך.

*

פאַרנאַכט האָב איך געהערט פון הויף פייפן די „מאַרסיליעזע".
כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען מיינע פריינט וועלכע וואַרטן
אויפן משפט, שפּאַצירן איצט אין הויף, און מיט דעם פייפן באַגריסן
זיי מיך. דאָס פענסטער געפינט זיך צוקאָפּנס מיר און וואָלט איך זיך
געקענט אונטערהייבן, וואָלט איך זיי געזען. פון אונטערן פענסטער
איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט האָבן זיי זיך נישט געקענט דערנענטערן.
אָבער איך האָב קלאָר געהערט זייערע שריט און זייער געזאַנג. מיט
אַ מעלאָדיע פון עפּעס אַ „הורה" האָבן זיי געזונגען:

„גרייט אָן אַ צעטל, גרייט אָן אַ צעטל
פאַר מאָרגן..."

און ביי דער צווייטער רונדע:

„שיק צו שיקה'ן,
שיק צו שיקה'ן
מיטן גוי..."

ווען כ'האָב ווידער געהערט זייערע טריט ביים פענסטער, האָב

איך געפּייפט די „מאַרסיליעזע“ ווי אַ צייכן, אַז כ׳האָב די מעלדונג דערהאַלטן.

אין משך פון טאָג האָבן מיר די אַרעסטאַנטן געשיקט מיט מחמוד׳ן פּאַפּיר, אַ בלייפעדער און סיגאַרעטן. אין צעטעלע האָבן זיי מיר געמאָלדן, אַז מאָרגן בעתן יום־טוב־באַזוך, וועט זיין אַ מעגלעכקייט ארויסצושיקן אַ בריוו אינדרויסן ארויס. איך דאַרף אים צוגרייטן. געשריבן האָב איך אונטער דער קאָלדרע און אים איבערגעגעבן מחמוד׳ן.

ווען דער אָנפירער איז געקומען אויף אַן אינספּעקציע האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר דערלויבן צו באַקומען ביכער פון דער ביבליאָטעק. „פאַר דיר איז נישטאָ קיין ביכער דאָ!“ האָט ער מיט כעס געענטפערט.

— אויף וויפיל ס׳איז מיר באַקאַנט, געפינט זיך דאָ אַ ביבליאָטעק, וואָס שטייט צו פאַרפיגונג די יידישע אַרעסטאַנטן. מיט מיין אַריינקומען אַהער האָב איך דאָס רעכט צו געניסן פון איר. — האָב איך געטענהעט צו אים.

— און איך וועל דיר נישט געבן! און אויב ס׳געפעלט דיר נישט קענסטו מודיע זיין דיינע חברים אינדרויסן, זיי זאָלן מיך הרגענען!

— מיט דער ערשטער געלעגנהייט — האָב איך פון צווישן די ציין אַ שעפּטשע געטאָן.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז געקומען אַ בריטישער סערזשאַנט מיט אַ הויפן ביכער און געזאָגט צו מיר איך זאָל זיך אויסקלייבן פינף פון דעם הויפן. אין די אויגן פון די אַראַבער איז עס געווען אַ העלדן־טאַט. מיין רום און דער רום פון „דזשאַמאַט שטערן“ (שטערן־גרופּע), איז גרעסער געוואָרן. פון דער מעשה האָבן זיך דערוואוסט די אַרעס־טאַנטן און דאָס איז געוואָרן דאָס טאָג־געשפּרעך. דאָס אָפּרייסן זיך האָט דעם אָנפירער געקאָסט דאָס פאַרלירן דעם פּרעסטיזש. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זוכן נקמה.

ווערנט דעם גאַנצן טאָג באַמיען זיך מיינע חברים צו צוגיין צום שפּיטאָל מיך זען. טייערע פריינט. אַ סך יאָרן האָבן מיר זיך נישט געזען. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט און זענען אַלע געווען אין קאָרידאָר,

בעת דער דאָקטאָר האָט אויפגעגומען קראַנקע. פון מאָל צו מאָל איז עמעצן געלונגען אָפּצונאַרן דעם פּאָליציאַנט און דורכגיין ביי דער טיר. אזוי האָב איך מצליח געווען אויסטוישן באַגריסונגען מיט יהושע זעטלער וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף 15 יאָר, נאָך אים איז צוגעקומען צו דער טיר יהושע בעקער, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרן קודם אויף הענגען און דער אורטייל איז פאַרביטן געוואָרן אויף לעבנס־לענגלעכע־תפיסה. ער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, ווען דער פּאָליציאַנט האָט וועמען געעפנט די טיר, איז ער אריין אינעווייניק אַ ווײַלע זיך אַרומגעכאַפּט מיט מיר און איז ארויס. און אזוי איז פאַרביי דער טיר משה סבוראי וועלכער איז דורך אַ נס גע־בליבן לעבן נאָך דעם, ווי מען האָט אים געשאָסן אויף דיזנגוף 30. יעדן איינציקן האָט מען בלויז געקענט זען אַ קליינע ווײַלע... יעדער איינער האָט אַן אייגענע היסטאָריע. יעדער איינער פון זיי קען שרייבן זכרונות...

אין אָוונט האָט זיך געהערט אַ געזאַנג אין גאַנצן בנין פון דער טורמע. דאָס זענען די יידישע אַרעסטאַנטן וועלכע רעכטן אָפּ דעם „סדר"... מען האָט מיר געשיקט אַ נאַכטמאָל און אַ טעפּעלע ווײַן.

*

אין צעטל, וואָס כ'האָב געשיקט אינדרויסן ארויס האָב איך דער צענטראַלע צוגעוויזן געגעבן וועגן מיין לאַגע און וועגן פּלאַץ וואו איך געפין זיך. איך האָב זיי געשריבן אז קיין אילוזיעס וועגן דער צוקונפט האָב איך נישט און ס'איז מיר קלאָר, אַז איך שטיי פאַר דער תליה. איך וויל פאַרוואַנדלען דאָס געריכט פאַר אַ פּאָליטישע טריבונע, פון וועל־כער מיר וועלן לאָזן הערן אונדזערע רייד. איך האָב געמאָלדן וועגן פענסטער, וואָס גייט־ארויס צו דער גאַס און געבעטן זיי זאָלן קלאָר מאַכן אויב מען קען עפּעס־וואָס טאָן פונדרויסן, ווייל כל זמן די וואונדן האָבן זיך נישט פאַרהיילט וועל איך זיך אַליין נישט קענען רירן. אינדרויסן, ווייזט־אויס, האָט מען שוין געוואוסט וואו איך געפין זיך, ווייל נאָך אין ערשטן טאָג יום־טוב, האָב איך דערהאַלטן אַ צעטע־לע פון דער צענטראַלע, אין וועלכן מען האָט געפרעגט, וואָס איך מאַך און פאַרלאַנגט אַ פּלאַן־פּראָיעקט מיך צו באַפרייען. פון דעם האָב איך

פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן שוין נאָכשפּיאָנירט דעם רעגירונגס שפּיטאָל אין יפו. זיי וואָלטן געפּרובט מיך באַפרייען, ווען כ׳וואָלט איבער־געבליבן אַ לענגערע צייט דאָרטן. דערווייל זענען די אויסזיכטן זייער שוואַך...

*

פיר טעג בין איך געלעגן אין „שפּיטאָל״ פון טורמע. איך האָב שוין באַוויזן זיך צו באַפריינדן מיט יעדן און זיך דערוואָרבן אַ שטעלונג, סיי ביי די אַראַבישע פּאָליציאַנטן און סיי ביי די אַרעסטאַנטן. ווייל דאָס דאַרף מען וויסן: אויך צווישן די אַרעסטאַנטן זענען פאַראַן קלאַסן. און דער אונטערשיד צווישן די קלאַסן זעט זיך דאָ מער אָן — ווי אין יעדוועדן אַנדערן פּלאַץ. די הויכע קלאַס זענען רוצחים וועלכע זענען פאַראורטיילט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן תפיסה. די „אַדל״ קלאַס איז די, וועלכע פאַרמאָגן ראַנגעס צווישן די אַרעסטאַנטן. איך האָב געפילט, אַז כ׳האָב זוכה געווען צו אַ גרויסן „כבוד״, ווייל כ׳בין אַריינגענומען געוואָרן צווישן דעם „אַדל״.

דעם פינפטן טאָג פון מיין זיין אין שפּיטאָל, איז פּלוצים געקומען דער אָנפירער מיט זיין פמליה. נישט זאָגנדיק קיין איין וואָרט, האָבן אָנגעהויבן די פמליה־מענטשן אַרויסשלעפּן מיין בעט אין קאָרידאָר, און דערנאָך איבער זיין גאַנצער לענג צו אַ גרויסער אייזערנער טיר. דאָס איז געווען די טיר, וואָס פירט אין קאַרצער. מ׳האָט זי געעפנט, מיך ארונטערגעלאָזט מיטן שטרוי־זאַק פונעם בעט און אריינגענומען אינעווייניק. די, וואָס טראָגן דעם שטרוי־זאַק זענען ארונטערגעגאַנגען אַ פּאָר טרעפּלעך אין איינגאַנג, וועלכער פירט צו אַ לאַנגען קאָרידאָר, וואו פון איין זייט זענען געווען אייזערנע טירן — די צעלעס פון קאַרצער. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין איינע פון די צעלעס. איין האנט האָט מען מיר צוגעשמידט צו דער טיר, געבראַכט אַ פּעסל וואַ־סער, אַ קיבל פאַר באַדערפענישן, גוט פאַרשלאָסן די טיר און מען איז אַוועק. איך האָב גענומען פּראָטעסטירן פאַר זייער אַוועקגיין, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט. מען האָט מיך איבערגעלאָזט אויפן שטרוי־זאַק אין קאַמער, גלייך איך זאָל זיין עפּעס אַ זאַך.

דער קאַמער איז אַ ביסל לענגער און אַ ביסל ברייטער פונעם שטרוי־זאַק... ווייזט־אויס, אַז די איבעריקע קאַמערן אויסער איינע — זענען ליידיק. נאָר אין איין קאַמער זיצט ווער, אָבער זיין פּנים זע איך נישט. אַלע קאַמערן זענען איינגעאָרדנט, ווי געזאָגט, פון איין זייט קאָרידאָר, פון דער צווייטער זייט איז אַ וואַנט און הינטער איר דער הויף פון טורמע. אין דער וואַנט זענען פאַראַן אַ פּאָר פענסטער און בלעך פאַרשטעלט זיי פונדרויסן. בלויז דורכן אויבערשטען טייל פון פענסטער פאַלט־אַריין ליכט אין קאָרידאָר און פון דאָרטן אין קאַמער. צווישן מיר און צווישן דעם „איינוואוינער" פונעם צווייטן קאַרצער טיילן־אָפּ אַ פּאָר צעלעס. איך ווייס נאָכנישט ווער ער איז. עס דוכט מיר, אז ער איז רואיק; אַזוי דוכט מיר אַ צייט... אין אַ האַלבע שעה אַרום ווענדעט זיך צו מיר מיין שכן אויף אַראַביש:

— הע! ווער איז פאַראַן דאָרט?

— אַ יידישער אַרעסטאַנט — האָב איך געענטפערט.

— וואָס טוסטו דאָ?!

כ'האָב זיך אַביסל צעטומלט. וואָס הייסט, וואָס איך טו דאָ?

— גאָרנישט — האָב איך געענטפערט.

— פונוואַנען ביסטו?! — שרייט ער בייז. — פון תל־אביב?! פון עפולה?!

— פון תל־אביב.

— עפן מיר די טיר! שנעל!

כ'האָב געמיינט, אַז ער שפּאַסט מיט מיר, האָב איך געלאַכט און געזאָגט:

— וואַרט. באַלד וועל איך קומען עפנען.

עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ. כ'האָב זיך דערשראָקן. ער האָט געקלאַפּט מיטן קיבל אין דער אייזערנער טיר און געקווי־טשעט:

— ווידער זאָגסטו מיר: „דערנאָך!" יעדן טאָג זאָגסטו מיר דאָס זעלבע. יעדן טאָג זאָגסטו: מאָרגן! איך וויל נישט מער! עפן באַלד!!! באַלד זאָלסטו מיר עפנען די טיר!...

ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר מיטן גאַנצן כוח און האָט געמאַכט

אַ רעש טויב צו ווערן. כ׳האָב געקלערט, אז צום קול פון אַזאַ קלאַפּן וועט אריינקומען אַ פּאָליציאַנט און וועט אים איינשטילן, אָבער ס׳איז קיינער נישט געקומען. אַז ער האָט אויפגעהערט, אויף אַ ווײַלע קלאַפּן, האָב איך געהערט דאָס געשפּרעך פון צוויי פּאָליציאַנטן פון דרויסנדיקן קאָרידאָר:

— וואָס איז דאָס קלאַפּן דאָרט?

— גאָרנישט. ס׳איז דער משוגענער...

— דו וועסט מיר עפנען אָדער נישט?! — שרייט דער משוגענער — עפן שנעל! מאָרגן?! יעדן טאָג, מאָרגן?! איך וויל מער נישט זיין דאָ!

פונדרויסן הערט זיך דאָס געלעכטער פון די פּאָליציאַנטן.

דער משוגענער האָט אָנגעהויבן ווילדעווען. ער האָט געשריגן און געקלאַפּט אין דער טיר.

ער וועט מיד ווערן — האָב איך געדענקט — ער וועט נישט קענען אַזוי אַ לענגערע צייט ממשיך זיין.

אָבער, ער האָט ממשיך געווען. אַ שעה... צוויי...

זיין ווילדעווען האָט מיר געריסן די נערוון. אויב דאָס וועט נאָך דויערן — וועל איך אליין אַראָפּ פון זינען... — האָב איך געקלערט. כ׳האָב אויף אים רחמנות באַקומען און א פּאָר מאָל פאַרזוכט אים איינשטילן, אַבער אומזיסט. צו ענדע האָב איך רחמנות באַקומען אויף זיך אַליין: רבונו של עולם! אזוי דאַרף איך פאַרברענגען מיינע לעצטע טעג?!

דער משוגענער האָט געווילדעוועט אָן אויפהער. ער האָט אויסגעגאָסן דאָס וואַסער אין קאָרידאָר אריין, דערנאָך האָט ער אויסגעגאָסן דעם „קארדל" (קיבל). ער האָט אָנגעהויבן רייסן פון זיך די קליידער און שטיקלעכווייז געוואָרפן דורך די גראַטעס פון טיר. ער האָט אויך אַרויסגעוואָרפן די קאָלדרעס אינדרויסן ארויס און אָן אויפהער געשריגן צו מיר איך זאָל אים עפנען די טיר — ער וויל מער דאָ נישט זיין.

דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט. כ׳וועל נישט קענען אזוי, כ׳וועל

דאָס נישט אויסהאַלטן! נעמט אים אוועק! פאַרוואָס איזדעקעווען זיי זיך איבער אים אזוי?! פאַרוואָס איזדעקעווען זיי זיך איבער מיר?! אוי, דאָס דאָזיקע קלאַפּן...

צו ענדע האָט מיין געדולד געפּלאַצט. דאָס וואַסר, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן אין קאָרידאָר אריין, האָט זיך גענומען נענטערן צו מיין צעל. — דאָס איז דאָך א תירוץ, — האָב איך געטראַכט. איצט וועל איך רופן די פּאָליציאַנטן און ווען זיי וועלן קומען, וועל איך אויך שרייען. כ'וועל שרייען, אז אויב מ'וועט אים פונדאַנען נישט אוועק־נעמען, איז... איז וואָס? איז דעמאָלט — וואָס וועל איך טאָן? איך ווייס נישט וואָס כ'וועל טאָן, אָבער טאָן וועל איך עפּעס־וואָס. כ'וועל מער נישט קענען...

ווען דער משוגענער איז איינגעשטילט געוואָרן, האָב איך גענומען רופן דעם פּאָליציאַנט:

„פּאָליציאַנט, קום שנעל! שנעל!"

כ'האָב א פּאָר מאָל גערופן ביז כ'האָב דערהערט א קול פון א פּאָליציאַנט אינדרויסן:

— עס דוכט מיר, אז דער ייד רופט.

— יאָ.

כ'האָב באַנייט דאָס רופן. „קומט שנעל!"

— וואָס איז דאָרט געשען?

— קומט שנעל!

— די שליסל זענען נישט ביי אונדז. דער סערזשאַנט וועט באַלד קומען!

— רוף אים, זאָל ער קומען שנעל!

דאָס גאַנצע געשפּרעך האָט זיך געפירט כאילו בגנבה. גלייך איך זאָל האָבן אריינגעגנבעט א זאַץ צווישן די געשרייען פונעם משוגענעם. יעדעס מאָל ווען ער פלעג אויפהערן אויף א ווײַלע, פלעג איך שרייען.

אין א האַלבער שעה ארום האָט זיך די טיר געעפנט און ס'איז אריינגעקומען א בריטישער סערזשאַנט מיט צוויי פּאָליציאַנטן.

— וואָס איז געשען? — האָט דער סערזשאַנט געפרעגט.

ווי אויף להכעיס האָט איצט דער משוגענער געשוויגן.

— פאַרוואָס האָט איר מיך אַהער געבראַכט ?! — האָב איך מיט כעס געפרעגט. — פאַרוואָס לאָזט איר איבער דאָ דעם משוגענעם ? ער זאָל שרייען און מיר צורויבן מיין רו ?! איר ווילט איך זאָל אַראָפּ פון זינען ?! מיט סאַרא רעכט האַלט איר מיך אין קאַרצער ? זע, וואָס ער טוט דאָ ! דאָס וואַסער שפּאַרט שוין אין מיין צעל אַריין ! איר ווילט זיך איזדעקעווען איבער מיר ?! איר וועט פאַר דעם טייער באַצאָלן ! פאַרן קאַרצער, פאַר דער געזעלשאַפט, פאַר אַלץ וועט איר באַצאָלן ! זאָג דאָס דיין אָנפירער אין מיין נאָמען !

— איך ווייס נישט פאַרוואָס מ׳האָט דיך אַהער געבראַכט און נישט איך קען ענדערן די זאַך — האָט געזאָגט דער סערזשאַנט.

— אויב אַזוי, נעם־זשע כאָטש אים אַרויס. ס׳איז דאָך אַזוי נישט מעגלעך. פיר אים איבער אויף אַן אַנדערן פּלאַץ !

— איך וועל אים איינשטילן. אויב דו האָסט אָנקלאַגונגען, ווענדע זיך פרייטאָג צום אָנפירער. ער גייט־פאַרביי יעדן פרייטאָג 11 אַ זייגער פאַרמיטאָג — האָט דער ענגלענדער געזאָגט מיט אַ סטאָאישער רואיקייט.

אַ דייטשער זעלנער וואָלט אוודאי דאָס זעלבע געזאָגט, נאָר מיט אַן אַנדערן טאָן.

זיי האָבן געעפנט די צעל פון דעם אַראַבער און האָבן צו אים געזאָגט : „אַרויס !‟ דער אַראַבער האָט זיך נישט גערירט. „אַרויס !‟ ער איז געשטאַנען רואיק נישט רירנדיק זיך.ביידע אַראַבישע פּאָליציאַנטן האָבן אים אַרויסגענומען אין קאָרידאָר אַרויס, כ׳האָב זיך צוגעשלעפּט ביז דער טיר און פון צווישן די קראַטעס האָב איך אים געזען שטייענדיק אַ נאַקעטן, ווי די מאַמע האָט אים געבוירן און ביידע פּאָליציאַנטן שלאָגן אים מיט זייערע שטעקנס. כ׳האָב רחמנות באַקומען אויף אים און זיך געפילט שולדיק אין דער גאַנצער זאַך. יעדער קלאַפּ וואָס זיי האָבן אַרונטערגעלאָזט אויף זיין קערפּער, האָט אויף אים איבערגעלאָזט אַ רויטן צייכן. צו ענדע האָבן זיי אים צוריק אַריינגעוואָרפן אין צעל אַריין און מ׳האָט נאָך אים אַריינגעוואָרפן די בגדים

און די קאָלדרעס. דער ענגלענדער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אין דער זייט, דרייענדיק זיין שטעקן צווישן די פינגער. איידער זיי זענען אַרויס איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— איצט וועט ער שוין זיין רואיק. מאָרגן וועט מען אים איבער־פירן פונדאַנען. ער האָט ליב, אַז מען שלאָגט אים. ער איז דאָס, וואָס מען רופט מאַזאָכיסט. איצט וועט ער שלאָפן... ער איז אַ זון פון אַן אַראַבישן פּאָליציי אָפיצער, דעריבער האָט מען זיך גערעכנט מיט אים און נישט אַריינגעגעבן אים אין משוגעים־הויז אין עכו. אָבער מאָרגן וועט ער שוין פאָרן...

די פּאָליציאַנטן זענען אַרויס. דער משוגענער איז געליגן רואיק. כ׳האָב פריי אָפּגעאָטעמט... אָבער נישט קיין לאַנגע צייט. ווען ס׳איז טונקל געוואָרן זענען געקומען נייע פּלאָגנישן: וואַנצן. אין קאָרידאָר האָט געברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפּל און אַביסל ליכט האָט זיך אויך אַריינגעשפּאַרט צו מיר אין צעל אַריין. די וואַנצן זענען געקראָכן אויפן שטרוי־זאַק, אויף די ווענט, אויף דעם דיל און פלעגן אַרונטער־פאַלן פון דער סטעליע. איך בין געזעסן אויפן שטרוי־זאַק און מיטן שוך פלעג איך זיי צעקוועטשן אויף דער וואַנט. אַרום דעם שטרוי־זאַק האָב איך אָנגעגאָסן וואַסער, זיי זאָלן נישט קענען צוקומען צו מיר. עס האָט מיך נישט געאַרט, אַז כ׳וועל בלייבן אָן וואַסער צום טרינקען און אַז איך וועל ליגן אין אַ בלאָטע. די הויפּטזאַך פּטור ווערן פון די וואַנצן. אָבער אומזיסט. די וואַנט איז טאַקע פול געוואָרן רויטע פלעקן, אָבער צו דער זאַך האָט נישט גענומען קיין סוף. ביז היינט שוידער איך אויף דערמאָנענדיק זיך די וואַנצן אין קאַרצער...

*

עס גייט פאַרביי אַ טאָג, צוויי, דריי. ווי לאַנג דענקן זיי מיך צו האַלטן דאָ?

רבונו של עולם! ביז צום משפט! דערנאָך דער תליה־קאַרצער, און נאָך אים די תליה, אַזוי, אַז דע־פאַקטאָ ביז צו דער תליה, בין איך געגליכן צו אַ מת. איך בין אויך אָן דעם אָפּגעריסן פון דער וועלט. אַפילו מיט די חברים פון טורמע האָב איך קיין קאָנטאַקט. דאָס עסן

ברענגט מיר א בריטישער סערזשאַנט און קיינער טאָר נישט צוקומען צו מיר. טעג פאַרגייען און איך ווייס גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך אינדרויסן. איך ווייס אפילו נישט, וואָס עס טוט זיך אין טורמע. בלויז אין די פרי־שעהן הער איך דעם רעש, וואָס קומט פונעם הויף. דאָס איז די שפּאַציר־צייט פון די אַרעסטאַנטן. א מאָל דערגייט צו מיינע אויערן א הויך העברעאיש רעדן, און כ׳פאַרשטיי, אז דאָס מיינט מען מיך, נאָר ב׳קען מער נישט כאַפּן ווי פראַגמענטן פון זאצן. איך בין מקנא די אַרעסטאַנטן וועלכע קענען אַרומשפּאַצירן אין הויף „אויף דער פריי״. איך כאַפּ זיך אַליין אויף דעם שטות פול מקנא זיין די אַרעסטאַנטן, און אנשטאָט דעם קומט די שנאה צו די, וועלכע האָבן מיך דערבראַכט ביז מקנא צו זיין אזא „פרייהייט״. מיינע אַלע פאַרלאַנגען זענען, אַרויס אין הויף, און ווען אפילו אויף א ווײַלע, — צו שעפּן פרישע לופט. מיין געהער האָט זיך פאַרשאַרפט און איך הער יעדן רויש ביי דעם הויפּט־איינגאַנגס־טויער פון קאַרצער־קעלער. יעדע פּאָר טעג באַזוכט מיך א סאַניטאַר אין דער באַגלייטונג פון א בריטישן פּאָליציי. דער סאַניטאַר איז א ייד, אָבער ער האָט מורא מיט מיר צו רעדן העברעאיש. ער רעדט בלויז ענגליש, דער פּאָליציאַנט זאָל פאַרשטיין און זאָל אים, חלילה, נישט חושד זיין, אז ער רעדט מיט מיר וועגן זאַכן, וואָס זענען אויסער דעם ענין פון די וואונדן. בלויז נאָך א וואָך איז מיינע פריינט געלונגען זיך צו פאַרבינדן מיט מיר צום ערשטן מאָל. זיי האָבן מיר געשיקט א פּאָר סיגאַרעטן דורך אַן אַראַבישן אַרעסטאַנט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן רייניקן די צעלעס פון קאַרצער. דער אַרעס־טאַנט פלעג דורכגיין א רעוויזיע איידער ער איז אַריין אין קאַרצער, דעריבער איז נישט מעגלעך געווען איינצושטעלן זיך מיט שיקן בריוו. נישט שטענדיק איז אים געלונגען מיר איבערצוגעבן די סיגאַרעטן צוליב דאָס אָפענע אויג פון פּאָליציאַנט, וואָס גיט אַכט. דערנאָך האָבן מיר זיך אָנגעהויבן פאַרבינדן דורך ביכער. אין בוך פלעג איך נקודען אותיות, אויף יעדן בלעטל א פּאָר נישטיקע נקודות. די ביכער קומען צוריק אין דער ביבליאָטעק און דער יידישער ביבליאָטעקאַר פלעג זיי איבערגעבן מיינע חברים...

א מאָל האָט איינער פון די סערזשאַנטן פּאַרפּירט מיט מיר א שמועס. א געזונטער בחור איז ער און מאַכט א רושם פון א מענטש מיט כאַראַקטער. שאַרפּ איז געווען זיין נאָמען. שמועסנדיק אזוי זענען מיר אריין אין א דיסקוסיע און האָבן באַרירט די אינדישע פּראַגע.

— זעלבסשטענדיקייט פאַר אינדיע? — האָט ער געשפּאָט — ציווייסטו וואָס אינדיע איז? איך בין געווען זעקס יאָר אין אינדיע. כ׳האָב דאָרט געדינט אין דער פּאָליציי. אויב מיר וועלן זיי איבערלאָזן אליין, וועט איינער דעם צווייטן שעכטן. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אז אין צייט ווען די בראַהאַמער האָבן תפילה געטאָן, ווען זיי האָבן געקניט אין די טויזנטער, האָבן פלוצים די מוסלעמענער זיי געוואָרפן עפּעס א נבלה פון א הונט אָדער א קאַץ אָדער אפילו א קו. דער המון פלעג זיך א לאָז טאָן און באַלד פלעג זיך אָנהייבן א קעגנזייטיקע שחיטה. איך, דער ענגלענדער, האָב געדאַרפט איינשטעלן מיין לעבן און אריינשטעקן מיין קאָפּ צווישן צוויי מענטשן־כוואַליעס און זיי פונאַנדערשטופּן...

— און דאָס אַלץ געשעט נאָך צוויי הונדערט יאָר בריטישן הערשן אין אינדיע? — האָב איך מיט שפּאָט געפרעגט. — נאָך דעם, ווי אין פאַרלויף פון צוויי הונדערט יאָר פלעגט איר אויסרופן מיט קולי־קולות, אז איר טראָגט קולטור און ציוויליזאַציע פאַר די קאָלאָניאַלע פעלקער. ניין, סערזשאַנט שאַרפּ. דאָס אַלץ איז געשען אין אינדיע און מיליאַנען מענטשן שטאַרבן פון הונגער אין אינדיע, יאָר־יערלעך, ווייל די אימפּעריע איז אין דעם פאַראינטערעסירט. און ס׳אַרט איר כלל נישט, אז זי וועט מקריב זיין דאָס לעבן פון סערזשאַנט שאַרפּ און נאָך טויזנטער שאַרפּן אזעלכע, כדי היטן די אימפּעריע און די דאָזיקע לאַגע...

און די „ראָזשינקע״ אין דעם שמועס איז געווען די מיינונג פון סערזשאַנט שאַרפּ וועגן דער באַלפור דעקלעראַציע.

— וואָס ווילט איר? — האָט ער געטענהט — ס׳איז א מאָל געווען א יידישער מיניסטער אין ענגלאַנד, מיטן נאָמען באַלפור, און האָט געשריבן עפּעס א בריוו צו זיין פאָלק, דאַרף ענגלאַנד פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר דעם?

— באלפור איז געווען א ייד? — האָב איך געפרעגט.

— זיכער איז ער געווען א ייד.

— פונוואנען ווייסטו דאָס?

— ביי אונדז אין דער פּאָליציי גיט מען א גענויע דערקלערונג איבער דער פּאָליטישער לאגע אין ארץ־ישראל און מ׳גיט אונדז איבער אלע אנטוויקלונגס־איינצלהייטן פון די ענינים. דו ווייסט נישט, אז באלפור איז געווען א ייד? — האָט זיך סערזשאנט שאַרפ געוואונדערט.

צום ערשטן מאָל האָט זיך מיר אַנטפּלעקט אויף אַן אָנזעבאַרן אופן, אויף סאַראַ מאָס איז דאָ אַלץ אָנגעשטעלט צו קעמפן מיט אונדז, אויף ארייַנדרינגען שנאה צום יידנטום, צום ציוניזם, צום ציוניסטישן ווערק. און ווען כ׳האָב אים גענומען דערקלערן, אז ס׳איז נישט ריכטיק, און אז מען נארט זיי אָפּ, כדי זיי צוגרייטן פסיכאָלאָגיש צו קעמפן מיט אונדז, האָט דער סערזשאַנט שאַרפ געזאָגט:

— פארקערט, די ציוניסטישע פירער פארדרייען די זאכן און פארהוילן באלפור׳ס יידישקייט...

וואָס פעלט נאָך, סערזשאַנט שאַרפ זאָל גלויבן, אַז עס עקזיסטירט א יידישער אינטערנאציאָנאל, און די מעשה מיט „זקני־ציון״? — האָב איך זיך געקלערט. כמעט גאָרנישט. און קוים וועט די אימפּעריע אמאָל דארפן די זאכן, צי וועט זי זיך דען צוריקהאלטן, אויב זי האלט זיך נישט צוריק פון פירן אזא ליגן־פּראָפּאָגאנדע, וואָס אביסל פון דעם האָט מיר איצט שאַרפ אויסגעגעבן?

*

די אָוונטן גייען מיר פארביי מיטן יאגד אויף וואַנצן און די טעג — מיט לייענען ביכער. איך לאָז זיך אריין אין די מעשיות פון די ביכער. דאָס איז אפשר דאָס זעלישע רעאַגירן אויף דעם גאָרנישט־טאָן און אויף דער מאָנאָטאָנקייט אין קאַרצער־לעבן, און אפשר אויך אויפן געדאַנק, אַז דאָס לעבן פאר מיר נעמט זיך ענדיקן. איך לעב־מיט די געשעענישן פון די ביכער און בין בייז אויפן מחבר, וואָס מערט מיט באשרייבונגען און דער טעמפּאָ פון דער דערציילונג איז נישט גענוג שנעל. איך וויל באווייזן אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך נאָך צו

„ווירקן". — פּאַרוואָס פאַרשטייט נישט דאָסטאָיעווסקי, אַז דאָס לעבן איז אַזוי קורץ און ער צעשפּרייט זיך אַזוי... — טראַכט איך און בין בייז אויף אים לייענדיק זיינע ביכער. איך לייען אָן אויפהער און בלויז פון מאָל צו מאָל פאַרזינק איך אין געדאַנקען און שרייב אויף דער ליידיקער זייט פון בוך, עפּעס אַ פראַגמענט פון דער רעדע וועלכע כ'וועל האַלטן אין געריכט. די פראַגמענטן פאַרבאַהאַלט איך גוט אין די רוקנס פון די ביכער, וועלכע איך גיב נישט צוריק אין ביבליאָטעק און אַזוי אַרום, גייען זיי נישט דורך קיין קאָנטראָלע.

*

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך דערהערט אַ רעש און אַ טומל אין הויף: געשרייען, בלעך־קלאַפּעריי, פייפן פון פּאָליציאַנטן. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ פּאָר סעקונדן בלויז. דערנאָך האָט זיך די טיר געעפנט און אין קאָרידאָר זענען אַריינגעלאָזט געוואָרן ביי אַ צען אַראַבישע אַרעסטאַנטן, דער רוב צעבלוטיקטע און מיט צעריסענע קליידער. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז אַ געשלעג איז פאָרגעקומען אין הויף. וועגן אַזעלכע געשלעגן האָבן מיר אַ סך געהערט נאָך אין מזרע און אין לאַטרון. די, פון צווישן די פאַרהאַלטענע, וואָס האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אַ צייט אין טורמע, האָבן געקענט דערציילן וועגן דעם לעבן פון די אַראַבער אין טורמע, וועגן זייערע מחלוקות, וועגן דעם צעטיילן די מחנות לויט שטעט און באַצירקן, וועגן דער שנאה, וואָס הערשט צווישן די שכמער און ירושלימער. זייער גאַנצע צייט פאַרגייט מיט קאַמפן צווישן די קעגנערישע לאַגערן, וואָס דריקן זיך אויס מיט קעגנזייטיקע מסירות און פאַרבערייטונגען צו אַ געשלעג. איצט בין איך געווען אַן עדות צו אַזאַ געשלעג, אָדער בעסער געזאָגט, צו די פאָלגן פון געשלעג. אין קאַרצער האָט מען בלויז אַריינגעבראַכט די לייכט פאַרוואונדעטע. די מער פאַרוואונדעטע האָט מען געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין. איינציקווייז זענען די אַרעסטאַנטן אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ ריי אין קאָרידאָר פון קאַרצער. זיי זענען געשטאַנען גענוי אַנטקעגן דער טיר פון מיין צעל און געוואַרט אויף עמעצן. צווישן איין אַרעסטאַנט און צווייטן איז געשטאַנען אַן אַראַבישער פּאָליציאַנט

האַלטנדיק א שטעקן. פונעם אויסדרוק פון זייערע פנימער האָט מען געקענט מיינען, אז אלע זענען דאָ אומשולדיק. זיי האָבן געקענט אָנשטעלן א פנים פון נאאיווע. איבערן גאנצן ענין האָט אכט־געגעבן א בריטישער סערזשאנט. ער האָט באפוילן אלע אויסטון, זוכן אויף זייערע קערפּערס און אין די קליידער. אין א פּאָר סעקונדן ארום איז דער אָנפירער אריינגעקומען. ער איז צו איינעם צוגעגאנגען און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט האָט ער אים א זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין פנים ארײַן און אין בויך און דערנאָך אָנגעהויבן פאָרשן:

— ווער האָט אָנגעהויבן ס׳געשלעג?

— איך ווייס נישט — האָט זיך דער אראבער צעכליפּעט — איך בין בלויז דורך א צופאל געווען אין הויף.

נאָך צוויי פויסטן־קלאַפּ און ווידער א פראגע:

— ווער האָט אָנגעהויבן ס׳געשלעג?

— יאַ סידי (מיין הער), ער, ער האָט געשטאָכן מיטן שערל — האָט ער געזאָגט אָנווייזנדיק אויף אן אראבער אין עלטער פון 50—45, וועלכער איז געשטאַנען אַ רואיקער אין זייט.

— ווער האָט געשטאָכן מיט א מעסער עבדול כרים׳ן? — האָט געדונערט דאָס קול פון אָנפירער.

— איך האָב נישט געזען, יאַ סידי.

דעם אָנפירערס האַנט האָט זיך ווידער אויפגעהויבן, אָבער איידער זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט, האָט דער אראבער צוגעזאָגט אלץ צו דער־ציילן. און ער האָט טאַקע אַלץ דערציילט. אין דער קעגנוואַרט פון אלע זיינע חברים האָט ער אויסגעגעבן און אָנגעוויזן אויף די אָנטייל־נעמער אין געשלעג. ער ווייזט־אָן אויף די אָנטיילנעמער אין געשלעג פון די אָנוועזנדיקע און דער אראבישער קאָרפּראל גיט א פּאָר ערלעכע קלעפּ דעם שולדיקן אין בויך אריין. פון מאָל צו מאָל שיקט מען ברענגען אן ארעסטאנט, וואָס זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן ביי דעם אויסגעבן און דערנאָך האָט מען אים באפרייט פון זיין פלאץ און אָפּגעשיקט אין הייל־אנשטאלט. דער גאנצער ספּעקטאקל איז נישט איבעריק אנגענעם געווען. די וואונדן און דאָס בלוט, וואָס האָט געטריפט

אויפן דיל, די פנימער פון די פארברעכער, די קלעפּ, ס׳געוויין און צו ענדע די קעגנזייטיקע מסירות האָבן דערוועקט א געפיל פון עקל. ביים פאַרענדיקן זענען אכט ארעסטאַנטן אריינגעפירט געוואָרן אין די צעלעס פון קאַרצער, צו פיר פוןביידע שטרייטנדיקע לאַגערן. ווען זיי זענען פאַרשלאָסן געוואָרן אין זייערע צעלעס האָט זיך דער אָנפירער מיט די פּאָליציאַנטן אָפּגעטראָגן. דאָס אויפפירן פון די אראבער אין קאַרצער איז זייער מאָדנע געווען. זיי האָבן זיך אויפגעפירט גלייך ס׳איז גאָרנישט געשען. אין א פּאָר סעקונדן, נאָכן אוועקגיין פון די פּאָליציאַנטן, האָט שוין מיין שכן מיר פאָרגעלייגט א האַלבן סיגאַרעט וואָס איך ווייס נישט ווי אזוי האָט ער אים באַהאַלטן בשעת דער רעוויזיע. ער האָט אים מיר איבערגעגעבן דורך דעם וואָס ער האָט צענויפגעבונדן דאָס האַנטוך מיט די הויזן, איין עק האָט ער צוגע־וואָרפן ביז צו מיין טיר און ווען איך האָב שוין געהאַלטן איין עק, האָט ער אוועקגעלייגט דעם ברענענדיקן סיגאַרעט אויף זיין עק און איך האָב געשלעפּט צו זיך די הויזן. אן אנדערער אראבער האָט געזונגען אין צעל, אנדערע צוויי האָבן פריילעך דיסקוטירט וועגן עפּעס, אקוראַט ווי ס׳איז גאָרנישט געשען...

אין א צוויי־דריי טעג זענען די אראבער באַפרייט געוואָרן פונעם קאַרצער. ס׳איז שלום געוואָרן צווישן די שטרייטנדיקע לאַגערן, ביז צום קומענדיקן געשלעג, פאַרשטייט זיך...

*

אין דער פערטער וואָך פון מיין זיין אין קאַרצער, האָב איך שוין געקענט אביסל שטיין אויף מיינע פיס. די קייט מיט וועלכער איך בין געווען צוגעשמידט צו דער טיר איז געווען גענוג לאַנג איך זאָל קענען שפּאַנען צוויי שפּאַן אהין און צוריק. אינדערפרי, ווען מ׳האָט גערייניקט מיין צעל, האָב איך געקענט צוגיין ביזן קראַן אין קאָרידאָר און זיך ארומוואַשן. כ׳האָב גענומען פאָדערן מיט דער גאַנצער קראַפט, מ׳זאָל מיר דערלויבן זיך ארומוואַשן אין וואַש־צימער און ארויסגיין טאָג־טאָג אין הויף. כמעט פיר וואָכן, אז כ׳האָב זיך נישט ווי געהעריק ארומגעוואַשן, און זיך נישט ראַזירט און נישט אָפּגעאָטעמט מיט פריי־

שער לופט. ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך געפּאָדערט, אז מ׳זאָל מיינע פּאָדערונגען איבערגעבן דעם אָנפירער און געדראָט, אז וועגן זייער אויפפירן זיך וועל איך עפנטלעך מעלדן פארן געריכט. די דראָאונג האָט געהאָלפן. נאָך פיר וואָכן בין איך צום ערשטן מאָל ארויס אויף שפּאציר. געווען איז עס פארנאכט, אין דער צייט ווען אלע ארעסטאַנטן זענען שוין אײַנגעשפּארט אין זייערע צעלעס. צוליב מיין שפּאציר איז פארשטארקט געוואָרן די וואך אויף די דעכער, דער אָנפירער, מיסטער קלאו, איז געשטאנען מיט אן ארויסגעצויגענעם רעוואָלווער און צוויי אַראַבישע פּאָליציאַנטן האָבן מיך געהאַלטן הינטער די אָרעמס שפּאצירנדיק פּאמעלעך לענג־אויס דעם הויף. כ׳בין שנעל מיד געוואָרן און ווען כ׳האָב געבעטן אַ פּלאַץ צום זיצן האָט מען מיר געבראכט א פעסל. מיסטער קלאו האָט באוויזן זיין גוט־מוטיקייט: ער האָט געלאָזט ברענגען דעם אראבישן פריזיער, וועלכער איז שוין געווען פארמאכט אין זיין צעל. דער פריזיער איז געבראכט געוואָרן (געווען איז דאָס דער ארעסטאנט אויף וועלכן מ׳האָט אָנגע־וויזן, אז ער האָט אין געשלעג געשטאָכן מיטן שערל) און ער האָט מיר די באָרד און דעם קאָפּ אפּראזירט מיט א מאשינדל. צומאָרגנס האָט מען מיר צוגעזאָגט אַ באָד.

*

אין איינע פון די צעלעס איז אריינגעבראכט געוואָרן נאָך א יידישער ארעסטאנט. דאָס איז געווען שמעון עמרני, א מיטגליד פון אצ״ל. אים האָט מען געכאַפּט בעתן אופרייסן דעם געהיימפּאָליציי־בנין אין ירושלים און איז באשולדיקט אין האַלטן געוועהר. נאָכן אַרעס־טירן איז ער פארשוואונדן און קיינער האָט נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. איצט האָט מיר שמעון דערציילט זיינע פאסירונגען. ער איז באלד געפאנגען געוואָרן נאָכן אונטערלייגן די מינען אין בנין פון דער געהיימפּאָליציי. ער איז געווען אין דער פארזיכערונגס־גרופּע, דעריבער האָט ער געמוזט פארלאָזן דעם פלאץ דער לעצטער. זייענדיק אין גאס האָט ער געהערט שיסעריי פונעם בנין ארויס ווען צוויי ענגלישע אָפיצערן האָבן געפרובט איינהאלטן די אָנפאלער. די

שיסערייען האָבן אלארמירט די פּאָליציאַנטן פון דער סביבה. די אָנפאלער האָבן באוויזן צוריקצוטרעטן נאָכן אריינלעגן דאָס אופרייס־מאטעריאל אין בנין, אָבער ער, זייענדיק צווישן דער פארזיכערונגס־גרופּע, האָט נישט געקענט פארלאָזן זיין פּאָזיציע ביז דער לעצטער פון די אָנפאלער האָט אָפּגעצויגן. זייענדיק דער לעצטער — איז ער געכאַפּט געוואָרן דורך א גרופּע פּאָליציאַנטן. מ׳האָט אים אריינגע־בראכט אין בנין פון דער געהיימפּאָליציי, אים אויסגעטאָן די קליידער און געפּאָדערט ער זאָל זאָגן וואו עס געפינען זיך די מינעס. מען האָט אים אכזריותדיק געשלאָגן און כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז נאָך אביסל וועלן די לאדונגען אופרייסן — האָט ער געשוויגן. מען קען דענקען, אז די ענגלענדער האָבן אליין נישט געגלויבט, אז ס׳איז אונטערגעלייגט געוואָרן מינען פון אזא קראפט, אז זיי וועלן צעשמע־טערן דעם בנין ביים אופרייסן. זיי האָבן געהאַלטן, ווייזט־אויס, אז עס זענען פארשטעקט געוואָרן אין בנין א פּאָר קליינע מינעס, אָנגע־שטעלטע לויט א זייגער צו טרעפן די אָפּיצערן פון דער געהיימפּאָ־ליציי אָבער נישט דעם גאנצן בנין, און דעריבער האָבן זיי נישט מורא געהאט אַריינצוגיין אין אים.

ווען עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער אויפרייס האָבן זיינע פּייניקער אָנגעהויבן אַנטלויפן און אים נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ נאקעטן. זיי האָבן בלויז באוויזן זיך דערווייטערן פונעם בנין, ווען ס׳האַט זיך דערהערט א מעכטיקער אויפרייס, א וואָלקן פון שטויב האָט אויפגעקנוילט, און דעם בנין האָט מען מער נישט אָנגעזען.

די זעלנערוקעס האָבן זייער קרבן אוועקגעפירט אויף א מאשין קיין בית־לחם. ער איז אריינגעבראכט געוואָרן אין א שיינער ווילע און דאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן א נייע פרשה פּייניקן. צוויי וואָכן האָט מען אים געפייניקט. לאכנדיק פלעגן זיי אויסגעפינען פארשידענע אופנים פון פּייניקן. מען האָט אים אויפגעהאנגען ביי די הענט און פיס. א בלאָק אייז האָט מען אים געלייגט אויפן רוקן. צעקוועטשט די מענער־דריזן, איינגעטונקען אים דעם קאָפּ אין וואַסער און געהאלטן ביז צום דערשטיקט ווערן. מיט בייטשן געשלאָגן אויף די פּיאטעס פון

זיינע פיס. געברענט אים די נעגל. צי קען מען איבערציילן די אלע איינפאלן פון דער באנדע סאדיסטן, וועלכע טוען גאָרנישט ווערנט צוויי וואָכן חוץ פון טרינקען וויסקי און ביר און טראַכטן אויס פיינען?! ער האָט געשוויגן און גאָרנישט אויסגעגעבן. און צו ענדע האָט מען אים געבראכט אין טורמע און איז געהאלטן געוואָרן אין קארצער ביז די וואונדן האָבן זיך פארהיילט. מען האָט אים ארויסגענומען פונעם קאַרצער אין דעם טאָג, ווען מען האָט מיך אין אים אריינגעבראַכט. נאָך אין צוויי טעג ארום וועט זיך אָנהייבן זיין משפט פאר א מיליטעריישן געריכט.

איצט האָט מען אים געבראכט אין קארצער, ער זאָל זיך נישט קענען באַראַטן מיט זיינע חברים ווי ער זאָל זיך אויפפירן בעת׳ן משפט. טראָץ די שווערע באשולדיקונג, דראָט אים נישט קיין טויט אורטייל. ער איז ארעסטירט געוואָרן א טאָג איידער עס זענען אריין אין קראפט די „אויסגעבעסערטע" אויסנאם־געזעצן, און ווייל מ׳קען אים נישט מער באשולדיקן ווי טראָגן געווער, קען ער פאראורטיילט ווערן אמהעכסטנס אויף לעבנס־לענגלעך. דאָס פייניקן האָט אים געלאָזט שפורן — ווייטיק אין רוקן און אין א לונג. שמעון איז א יונגער בחור. נאָך קיין אכצן נישט. דאָס יאָר ער האָט ער באדארפט ענדיקן דעם סעמינאר פאר לערער. אנשטאָט דעם וועט ער אָנהייבן זיצן אין טורמע. די עלטערן האָבן געזאָרגט פאר שמעונען, און פון טאָג־צו־טאָג פלעג ער באקומען עסן פון דער היים. מיט יעדער זאך פלעג ער זיך טיילן מיט מיר. ער איז געפאָרן צום משפט און ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך א פאָר שעה, האָט ער צו מיר גערופן:

— מתי, הורא! כ׳האָב פארדינט פינף יאָר! מ׳האָט מיר בלויז געגעבן צען, און איך האָב זיך געריכט אויף פינפצן!

ער האָט גענומען זיינע זאכן און איז געגאנגען צו זיין צעל אָנצוהייבן די צען יאָר ארעסט.

## ה.

איך וואָלט באשטימט געבליבן אין קארצער ביז צום משפט, ווען נישט דאָס ארעסטירן ד״ר שייב׳ן. די אייזערנע טיר האָט זיך געעפנט און מען האָט ארייגעטראָגן א טראָג־בעטל. מען האָט עס אוועקגעשטעלט נישט ווייט פון מיין טיר און געזוכט א פאסנדיקע צעל. דאָס פנים פון דעם מענטש אויפן בעטל האָב איך נישט געזען, אָבער געזען האָב איך, אַז זיין קערפּער איז כמעט אינגאַנצן בלוי און גיבס אויף זייַן ברוסט און רוקן. ער האָט אויסגעזען באוואוסטלאָז צו זיין. מיסטער קלאו איז צוגעגאנגען צו דער טיר פון צעל און פונצווישן די ציין א זאָג געטאָן: „איינער פון דיינע פריינט״. איך ווייס נישט פארוואָס האָט מיסטער קלאָו פארציכטעט ארייגצונעמען דאָס בעטל מיטן פארוואונדעטן אין צעל פון קארצער, יעדן פאל איז עס א פאקט, אז ער האָט פלוצים געענדערט זיין מיינונג, און האָט באפוילן ארויס־צונעמען דאָס טראָג־בעטל פונעם קעלער. קען זיין, צוליב דעם, וואָס דעם טאָג אָדער צומאָרגנס האָט מיסטער קלאו דערקענט אינעם פאר־וואונדעטן דעם לערער פון זיין זון. מיסטער קלאו האָט געהאט א יידישע געליבטע. און ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָנווערן זיין קאריערע אין דער פאָליציי האָט ער מיט איר נישט חתונה געהאַט, אָבער קינדער האָט ער יאָ מיט איר געהאט. זיין זון האָט געלערנט אין א העברעאישער גימנאַזיע און ד״ר שייב איז געווען זיין לערער. און נאָך דעם, ווי מיסטער קלאו האָט דערקענט דעם פארוואונדעטן האָט ער גענומען באציען זיך צו אים מיט כבוד. ד״ר שייב איז ארייג־געבראכט געוואָרן אין א ספעציעלער צעל און כדי אים צוגעבן א געזעלשאפט האָט דער אָנפירער באפוילן מיך צו אים ארייגצופירן. דאָס איז געקומען אין צייט. סוף סוף האָב איך זיך געניוויטיקט אָן א געזעלשאפט. פינף וואָכן זיצן אין קארצער האָבן אָנגעהויבן ווירקן אויף מיינע נערוון. ווען איך בין איבערגעפירט געוואָרן אין ד״ר שייב׳ס צעל אריין האָט זיך מיר אין אָנפאנג געדוכט, אז ס׳איז בלויז א חלום. די צוויי וואָכן זיין מיט אים, זענען פאר מיר געווען א איבערלעבעניש. ד״ר שייב איז אן אָנגעהויערער קוואַל פון וויסן, א דענקער, וואָס

וויניק זיין גלייכן איז פאראַן אין אונדזער דור. אין די צווי וואָכן האָב איך באַקומען דעם לוין פאַר די פינף וואָכן קאַרצער.

די לאַגע פון ד״ר שייב איז נאָכנישט גוט. מ׳קען נאָכנישט וויסן צי וועט ער נישט בלייבן אַ קאַלעקע. ווען כ׳האָב אים געזען צום ערשטן מאָל זייענדיק נאָך אין קאַרצער, האָב איך געדענקט, אַז מ׳האָט עמעצן געבראַכט נאָכן פייניקן. איצט ערשט איז מיר קלאָר געוואָרן די פּרשה: בעת אַ פאָרטראַג אין קלאַס האָט מען פלוצים געמאָלדן דעם ד״ר שייב, אַז די פּאָליציי וואַרט אויף אים און וויל מיט אים רעדן. קיינער האָט אין שולע נישט געוואוסט אַז ער איז איינער פון די פירער פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג און דעריבער האָט עס אויסגעזען אין די אויגן פון דעם, וועלכער האָט אים געמאָלדן וועגן דעם באַזוך ווי אַ זאַך פון גאָרנישט. ד״ר שייב האָט פאַרשטאַנען, אַז מען איז געקומען אים אַרעסטירן. ער האָט פאַרלאָזט די קלאַס און אַנשטאָט צו גיין אין ביוראָ, איז ער אַראָפּ מיט די טרעפּ און אַרויס אין גאַס. שנעל איז ער אַדורך די גאַס און זעענדיק, אַז מען לויפט אים נאָך איז ער אַריין אין אַ הויז, אַרויף אויפן דריטן שטאָק און הערנדיק, אַז די פּאָליציאַנטן גייען אים נאָך אויף די טרעפּ, און נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָט ער באַשלאָסן זיך אַרונטערצולאָזן אויפן באָדן מיטן רער. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן רער, אָבער באַלד האָט זיך דער רער אַ גליטש געטאָן פון זיינע הענט און ער איז אַרונטער־געפאַלן אויף דער ערד. די צענטראַלע האָט טאַקע באַשלאָסן, אַז ער דאַרף אויפהערן לערנען אין שולע, אָבער די זאַך איז אָפּגעלייגט געוואָרן, ווייל לויט זיין מיינונג איז ליבער געווען צו פאַרענדיקן דאָס לערן־יאָר און דערנאָך פאַרלאָזן די שולע, כדי נישט דערוועקן קיין חשד.

דער אָנפירער האָט ווי איבערגעביטן זיין הויט. ער באַציט זיך צו אונדז מיט כבוד און כמעט אַלע אונדזערע פאַרלאַנגען ווערן דער־פילט. איך קען שוין אַרומגיין און דער אָנפירער האָט מיר אָוועקגע־שטעלט אַ ספּעציעלן פּאָליציאַנט, וואָס דאַרף היטן מיינע טריט, אָבער נישט שטערן מיר צו גיין וואו איך וויל, איבערן געביט פון טורמע און

פון הויף. אויב אזוי, גיי איך שוין ארויס אין הויף בעתן שפּאַציר פון אַלע אַרעסטאַנטן, און איך קען שוין כּמעט אויף אַ פרייען אופן שמועסן מיט די איבעריקע יידישע אַרעסטאַנטן. למעשה איז מיר פאַרבאָטן זיך צו פאַרבינדן מיט זיי און די אויפגאַבע פונעם פּאָליציאַנט איז פאַר־מיידן דאָס, אָבער ווייל איך בין אַ חשובער אַרעסטאַנט און דער איינציקער אין טורמע, וואָס האָט באַקומען אַ ספּעציעלע וואַך, איז נישט שווער זיך איינצואָרדנען מיט די פּאָליציאַנטן. מיינע היטער זענען למעשה געוואָרן מיינע דינער. מיט זייער הילף פיר איך איבער צעטעלעך צו מיינע חברים, זיי ברענגען מיר געלד און סיגאַרעטן, און ווען איך שרייב אָדער רויכער אין צימער, און זיי, וואָס זייער אויפגאַבע איז היטן איך זאָל עס נישט טאָן, שטייען אויף דער וואַך און וואָרענען מיך ווען עס דערנענטערט זיך אַן ענגלענדער אָדער אַן אָפיצער. אַ דאַנק דער ספּעציעלער וואַך בין איך פאַרזיכערט פאַר אַן איבעראַשונג...

*

אין די חדשים מערץ—מאַי 1944, האָט די באַוועגונג געליטן ערנסטע פאַרלוסטן. אין אַ געוויסער מאָס שפּיגלט זיך עס אָפּ אין די משפּטים, וואָס וועלן זיך אָנהייבן אין יוני. יעדע וואָך אַ משפּט. אויך איך האָב שוין דערהאַלטן אַן איינלאַדונג. אינצווישן האָבן זיך געביטן די אָנפירער און אויפן פּלאַץ פון מיסטער קלאַו איז געקומען איינער מיטן נאָמען טשאַרלטאָן. ער האָט מיך גערופן אין ביוראָ אַריין און מיר איבערגעגעבן די איינלאַדונג צום משפּט. ער האָט געפרעגט צי איך וויל באַשטעלן אַן אַדוואָקאַט. איך האָב געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער. „דיין משפּט איז זייער אַן ערנסטער" — האָט מיך מיסטער טשאַרלטאָן געוואָרנט. „איך ווייס" — האָב איך געזאָגט. דערנאָך האָט ער מיך איינגעלאַדן נאָך אַ צוויי־דריי מאָל און געוואָלט אויף מיר משפּיע זיין איך זאָל איינלאַדן אַן אַדוואָקאַט. איך האָב אָפּגעזאָגט.

מיטן דערהאַלטן די איינלאַדונג שטאַרקט זיך מיין אַנרעגונג און געשפּאַנטקייט. איך פיל אויף זיך אַ שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויב כ'וועל נישט מצליח זיין אין משפּט — וועט דאָס נישט זיין קיין

פערזענלעכער דורכפאַל, נאָר אַ דורכפאַל פאַר דער גאַנצער באַוועגונג. און פּאָליטישע משפּטים זענען דאָך איינע פון די בעסטע מיטלען צו דערציען דאָס פאָלק. גאָר אַנדערש הערן זיך די רייד פון אַ מענטש ווען ער זאָגט זיי אין שאָטן פון דער תליה...

דער ערשטער משפּט איז צבי תבורי׳ס. צום ערשטן מאָל הערט דער ישוב רייד פון אַ מענטש, וועלכער אַנערקענט נישט די רעכט פון דער בריטישער מאַכט זיך צו געפינען דאָ און משפּטן יידן. מיט אַ פּאָר זאַצן מעלדעט צבי די שופטים, אַז זיי האָבן קיין רעכט אים צו משפּטן, אַז דאָס געווער, וואָס ער האָט געהאַט אין דער האַנט, האָט ער געהאַלטן, מיט דער דערלויבעניש פון דעם יידישן אונטערגרונט, וועלכע איז די איינציקע באַרעכטיקטע אַרויסצוגעבן אַזעלכע דערלוי־בענישן ביז דעם אויפשטיין פון אַ יידישער רעגירונג. און אַזוי־ווי ער זעט נישט דאָס געריכט באַרעכטיקט צו אורטיילן אים זאָגט ער זיך אָפּ פון אַנטיילנעמען אין גאַנג פון די באַהאַנדלונגען.

די ענגלענדער האָבן שוין געוואוסט, אַז ס׳האָט קיין טעם פאַרביטן צו פאַרעפנטלעכן די רייד אין דער פּרעסע, ווייל זיי וועלן במילא געבראַכט ווערן דער עפנטלעכקייט דורך דעם אונטערגרונט. די רייד זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע און האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק צווישן עולם. צבי איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף זיבן יאָר אַרעסט.

אַ וואָך שפּעטער איז געשטאַנען פאַרן געריכט דוד המאירי — בגין. זיין דערקלערונג איז געווען אַ לענגערע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אַן אַדוואָקאַט וועלכער איז געשיקט געוואָרן דורכן אַדוואָ־קאַטן־פאַרבאַנד. ער איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף צוועלף יאָר אַרעסט. עס דערגייט צו מיר דער אָפּקלאַנג פונעם רושם, וואָס דער רעדנער האָט געמאַכט אויפן יידישן ציבור. די דערשיינונגען אין געריכט ווירקן אין אַ גרויסע מאָס אויף דער באַציאונג פונעם ציבור צו דעם אונטערגרונט. אַ כוואַליע פון סימפּאַטיע גייט אַדורך דעם עולם. די מאַסן פילן, אַז די מענטשן פון דעם אונטערגרונט זענען ווי אויס־געהאַמערט פון אַ ספּעציעל מאַטעריאַל. די שטאַנדהאַפטיקייט און

דאָס מקריב זיין זיך דערוועקט פאַרערונג. בלייבט בלויז איבער איינער פאר מיר: אנשל שפילמאַן. זיין משפט קומט־פאָר דעם 20־טן יוני 1944. א וואָך פאר מיר. אנשל האלט א רעדע, וואָס ציט זיך צוויי און א האלבע שעה. די ריכטער זיצן נערוועזע, נאָר זיי קענען אים נישט שטערן. „מיט סארא רעכט טוט איר, ענגלענדער, משפטן דאָ, אויף דער דאָזיקע ערד, אין מיין ירושלים?״ — פרעגט זיי אנשל — „ווען די פיס פון מיינע פאָטערס האָבן געטראָטן אויף דער ערד, אין דער שטאָט, אויף דעם פלאַץ, האָבן אנטוויקלט דאָ קולטור, זענען אייערע פאָטערס נאָך ארומגעשפרונגען אויף דיביימער אין דזשונגל!...״

דער ענטפער פון די ריכטער איז געווען: צען יאָר ארעסט.

טרערן זענען גערונען פון די ירושלימער יידנס אויגן ליינענדיק אין דער פרעסע אנשל׳ס רייד אין געריכט.

אנשל איז צוריקגעקומען אין טורמע, מען האָט אים אָנגעטאָן ברוינע ארעסטאנטן קליידער, וואָס פלעגן הענגען אויף אים ווי א זאק, און איז אריין אין ארעסטאנטן צעל. צען יאָר...

*

נאָך איין וואָך. מיין נערוועזיטעט איז גלייך, ווי פארן ארויסגיין צו אן אקציע. איך באמי זיך פארהוילן מיין נערוועזיטעט פאר מיינע פריינט און זיי באמיען זיך באהאלטן זייערע בליקן פון מיר. אמאָל פיל איך אויף זיך א בליק פון דעם אָדער יענעם פון מיינע פריינט, א דורכדרינגענדיקער בליק, גלייך ווי ער זאָל זאָגן: „גיי נישט פון אונדז!... בלייב!...״ אזוי קוקט מען אויף א חבר, וואָס מען ווייסט, אז ער גייט און קומט נישט צוריק. און ווען איך שטויס זיך אָן אויף די בליקן, באַמי איך זיך פונאנדערטרייבן די געשפאנטקייט דורך וויצלען זיך. און וויצלען זיך קען מען דאָך שטענדיק. בפרט מיר יידן קענען זיך וויצלען. די גרעאַטעוועטע פון די טויט־אייוונס, ווייסן צו דערציילן, אז אויך אין די פארניכטונגס־לאַגערן האָבן יידן זיך געוויצלט...

מיין נערוועזיטעט שטייגט פון טאָג צו טאָג. כ׳האָב געקלערט צו רעדן אין געריכט אויסנווייניק, אָבער כ׳האָב קיין ווילן נישט צו זיצן שעהן אויף שעהן און זיך צוגרייטן. ליבער פאַרליינען פון שריפט. במילא

דארף מען ענדערן א סך אין דער רעדע, וואָס כ'האָב צוגעגרייט, ווייל א סך זאכן זענען געזאָגט געוואָרן דורך אנשל'ן. מען דארף זי רעדאקטירן פונסניי. גוט, וואָס ד"ר שייב געפינט זיך נאָך דאָ. ער וועט עס מיר מאכן. און מיט דער רעדאקטירונג איז די רעדע צווײמאָל לאנגער געוואָרן. און אויך צווײמאָל בעסער...

ביי א צוויי טעג פארן משפט איז איינעם פון מיינע פריינט איינגעפאלן א געדאנק איינצולאדן א פאָר חשובע עדות. אלס ערשטן עדות האָב איך באדארפט איינלאדן דעם הויך־קאָמיסאר, מאַק־מייכל. די כוונה איז געווען, איבערצייגן דורך זיין עדות־זאָגן, אז אויך קיין געזעצלעכע באזע האָט נישט די בריטישע מאכט דאָ אין לאנד, אויספאָרשן אים וועגן מאנדאט, וועגן די בריטישע התחייבותן, וועגן ווייסבוך און אים פרעגן וואו ער איז געווען ווען מען האָט זיך איזדעקעוועט איבער די מעפילים פון דער שיף „אטלאנטיק" און מיט כוח זיי פארטריבן קיין מאוריציוס אא"וו. (ווי באקאנט איז מאק־מייכל געווען אויפן פלאץ און למעשה האָט ער דיריגירט איבער דעם פארטרייבן און איזדעקעווען). אלס צווייטער עדות האָט באדארפט דערשיינען בן־גוריון, כדי צו באווייזן, ווען אפילו דער ישוב איז געשפאָלטן, איז דאָך אין אנשויאונג פון דער ווייס־בוך־פּאָליטיק נישטאָ קיין חילוקי דעות. בן־גוריון וועט קענען אונטערשטרייכן זיין קעגנערשאפט צום קאמף פונעם אונטערגרונט, אָבער גוט, אז א בארעכטיקטע פערזענלעכקייט וועט לאָזן הערן פארן בית־דין די מיינונג פונעם ישוב איבער דער בריטישער מאכט אין לאנד, איבער דער אומלעגאלער עליה, אויף דער מעגלעכקייט פון ראטעווען די יידן פון גלות און אויף דער שטערונג פון די ענגלענדער, וואָס האָבן צוגעהאָלפן צו דער מיליאָנעןשחיטה. דער קאָמאנדיר פון דער פּאָליציי איז פארגעשלאָגן געוואָרן אלס דריטער עדות. כ'האָב אים געדארפט פאָרשן וועגן ענין יאיר; ווי אזוי און לויט וועלכן אורטייל איז די זאך געמאכט געוואָרן. וועגן מאָרד אין דיזנגאָף־גאס, און וועגן „אלישע". און וועגן דעם פייניקן אין די קעלער פון דער געהיימפּאָליציי. אויב ער וועט אָפּלייקענען, וועלן מיר ברענגען די געפייניקטע...

א פחד איז אויף מיר געפאלן. וואָס וועט זיין, ווען ס'וועט מיר נישט געלונגען דאָס פּאָרשן מאַק־מייכל'ן? די ריכטער זענען דאָך זיינע מענטשן. און אויך דער זאל וועט פול זיין מיט זיינע מענטשן. און איך האָב קיין פּראַקטיק אין פאָרשן און ער האָט אוודאי א גרויסע פּראַקטיק אין אויסדרייען זיך און אין תירוצים. דאָס רוב צייט געט מיר פארביי מיט באקלערן און סטיליזירן די פראגן און ענטפערס. עס דוכט מיר, אז כ'האָב אויסגעשעפּט אלע מעגלעכע פראגן און ענטפערס.

עפּעס איז מיר פאָרגעקומען, אז זיי וועלן זיך שעמען נישט איינצולאדן דעם הויך־קאָמיסאר צו א משפט, וואָס דארף זיך ענדיקן מיט א טויט אורטייל...

# דער משפט

## א.

26־סטער יוני 1944. גרויס איז די נערוועזיטעט צווישן די חברים. אָנגעטאָן אין א פּרעכטיקן אנצוג, וואָס איינער פון די אַרעסטאַנטן האָט מיר געבאָרגט, אַן אויסגעפּרעסט העמד און א פּרעכטיקע קראַוואַט, וואַרט איך אויף מיינע באַגלייטערס, וואָס זאָלן מיך פירן אין געריכט אריין.

— ר—פּאַ—איל בימ—בום! מחכאַמאַ! רופט אויס דער אַראבישער קאָרפּראַל, וועלכער קען נישט אַרויסזאָגן דעם נאָמען בירנבוים.

מיינע פריינט באַגלייטן מיך ביז דער טיר פון ביוראָ. דאָרטן שמידן די פּאָליציאַנטן מיר די הענט און די פיס, זוכן אין מיינע טאַשן און פּרובן צונעמען ביי מיר די בלעטעלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע ס'איז אָנגעשריבן מיין רעדע. איך שטעל זיך אַנטקעגן מיט א טענה, אַז דאָס זענען מיינע פאַרצייכנונגען, וועלכע איך דאַרף פאַר מיין שוץ, און קיין מענטש האָט נישט דאָס רעכט זיי צו זען אָן מיין הסכמה. דער אָנפירער און דער פאַראַנטוואָרטלעכער אָפיצער פאַר דער וואַך, פאַרזוכן מיך צו איבערצייגן, אַז קיינער פון זיי וועט נישט אַריינקוקן אין די פּאַפּירן און איך וועל זיי באַקומען אַריינקומענדיק אין זאַל פון געריכט, אָבער איך שטיי אויף מיינעם און מעלדע זיי, אַז אויב נעמען זיי ביי מיר צו די פּאַפּירן מיט כוח, וועלן זיי אויך מיך דאַרפן ברענגען

מיט כוח אין געריכט אריין און צום סוף וועל איך זיך אָפּזאָגן פון אָנטיילנעמען אין משפט. די דראָאונג ווירקט, זיי לאָזן אלץ איבער אין מיינע הענט. דער קאָנוואָי רירט. פינף געפאנצערטע מאשינען. איך געפין זיך אין דער מיטלסטער, אין דער געזעלשאפט פון ביי א צען באוואָפנטע פאָליציאנטן וועלכע שטעלן־אָן די לופעס פון די מאשין־געווערן און די ביקסן צו דער גאַס און זייערע פנימער זענען גוט אָנגעצויגן.

א שטאָט, גאסן, פרייע מענטשן, בנינים, געשעפטן, א באוועגונג... דער ווינט, ווי ער זאָל מיר ברענגען דעם הויך פון לעבן. א פריי לעבן. כ׳וואָלט געוואָלט אזוי פאָרן א לענגערע צייט און פילן דאָס בלאָזן פון דעם דאָזיקן ווינטל...

כ׳האָב נישט געוואוסט וואו אהין מ׳פירט מיך, ווייל דער פלאץ פון געריכט איז געהאלטן געוואָרן אין סוד. איצט האָב איך געזען, אז מיר זענען אָנגעקומען צו א געביידע, וואו ס׳איז פאר דער מלחמה געווען דער איטאַליענישער קאָנסולאַט, דאָ וועט פאָרקומען דאָס געריכט. א שטארקע וואַך, פאָזיציעס און א סך מיליטער ארום.

מען פירט מיך אריין אין זאל און מ׳זעצט מיך אויף דער באשול־דיקונגס באנק, אין א „שטייגל". פון הינטער מיר זעצן זיך אוועק פיר פאָליציאנטן. אויסער דער וואך איז נאָך קיינער נישטאָ אין זאל. שפעטער אביסל קומען א פאָר געהיים־אגענטן און זענען בודק דעם זאל. מ׳זוכט... מינעס. זיי זוכן איבעראל. אין די בענק, אין די טישן, פון הינטער דעם ריכטער־פאָדיום, אין די לאָדן־וויטרינעס פון איבער די פענסטער. פארשטייט זיך, אז מען געפינט גאָרנישט. פאמעלעך זאמלען זיך אויף אויף די זשורנאליסטן. זייער טיש געפינט זיך אין צווייטן טייל פון זאל. צו ענדע דערשיינט אויף דער פראָקוראָר, אין דער באגלייטונג פון א פאָר העלפער פון דער געהיימפּאָליציי. דער זאל פילט זיך אָן מיט פאָליציי־מענטשן און מיליטער. על פי רוב אָפיצערן. ס׳איז נישט גוט אזוי צו זיצן, אין א מין שטייגל, נישט צו טוען גאָר־נישט, און דינען א צענטר פון פאַראינטערעסירונג. דער מענטש ווייסט נישט וואָס מיט זיך צו טאָן.

מען ברענגט די „עלעמענטן", דאָס הייסט: די צוויי רעוואָלווערן וועלכע מ'האָט ביי מיר צוגענומען, א האנט־גראנאט, א שרעק־גראנאט איינגעאָרדנט אין א שאכטל שוועבעלעך און א זעקעלע קוילן, — מ'לייגט דאָס אלץ אוועק אויפן טיש פאר די ריכטער. נאָך אביסל וועלן אויך זיי, מיטן כבוד זייערן, אריינקומען.

ביזן אריינקומען פון די ריכטער אין זאל אריין, זענען מיינע נערוון געווען אָנגעצויגן. כאילו ס'וואָלט מיר געפעלט זעלבסט־זיכערקייט. אָבער, ווען די ריכטער זענען אריינגעקומען און אלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף זייערע פלעצער, בין איך לחלוטין באַרואיקט געוואָרן און די זעלבסטזיכערקייט איז מיר צוריקגעקומען, ווי אַ מענטש, וואָס איז שוין גרייט צום קאמף. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, פון מיין זיין אין געריכט און אין מיין פאנטאזיע האָב איך מיר אים אנדערש פאָרגעשטעלט. עפעס א מין אנדערע אַטמאָספער... מיט א קאָפּ־שאָקל האָט דער הויפט־ריכטער זיך באגריסט מיטן פראָקוראָר. ס'האָט מיר אפילו געדוכט, אז א לייכטער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּן. ער האָט געעפנט די טעקע, וועלכע ער האָט מיט זיך געבראכט. נאָך פארן משפט האָב איך באשלאָסן, אז ביז איך וועל באקומען דאָס וואָרט וועל איך זיך אויפפירן ווי אלץ זאָל מיך לאַנגווײַלן. אָבער שוין ביים אָנפאַנג האָט מיך אויף אן אמתן אָנגעהויבן לאַנגווײַלן.

דער פראָקוראָר לייענט־פאָר דעם באשולדיקונגס־אקט און שילדערט זייער לאנג די איינצלהייטן פון דעם ארעסט און די שיסערייען. ווען ער האָט זיך אוועקגעזעצט ווענדעט זיך צו מיר דער ריכטער און פרעגט:

— דו ביסט עס רפאל בירנבוים?

— ניין — האָב איך געענטפערט צו דער פאַרוואונדערונג פון די ריכטער און פון גאנצן עולם.

— איז ווי איז דיין נאָמען? — האָט דער ריכטער געפרעגט נאָך א קורצע פויזע.

— דאָס וועל איך אייך צווויסן געבען, ווען ס׳וועט מיר געגעבן ווערן דאָס וואָרט.

דער פּראָקוראָר, וואָס אויך אָן דעם פלעג ער איינפלעכטן אין זיינע רייד א סך „עה... עה...״ען, איז אויפגעשטאנען און געזאָגט:

— עה... למעשה עה... איז עס נישט וויכטיק, עה... ס׳הייסט עה... ס׳ענדערט נישט, ע... ווי זיין נאָמען איז פון עה... דעם באשולדיקטן. עה... די זאכן עה... וועלכע כ׳האָב פאָרגעלייענט עה... אין באשולדיקונגס־אקט עה... זענען געווענדעט צו דעם מענטש... וועלכער זיצט פאר אייך, עה... געערטע ריכטער, עה... אויף דער באשולדיקונגס־באנק...

די באגרינדונג איז אָנגענומען געוואָרן און מ׳פרעגט מיך ווידער:

— צי איז זיך דער באשולדיקטער מודה אין דער שולד?

— אין די טאטן יאָ. אין דער שולד נישט.

דער הויפּט־ריכטער מעלדעט, אז דער ענטפער באקומט זיך ווי נישט מודה־זיין אין דער שולד, און לויט דעם, וועט זיך פירן די געריכטלעכע פּראָצעדור.

ער האָט זיך ווידער געווענדעט צו מיר, דערקלערט מיט א פּאַטערלעכן טאָן, אז דער משפּט איז אן ערנסטער און אז ער איז גרייט אָפּשטופן די אויספאָרשונג אויב איך וויל דאָך איינלאדן אן אדוואָקאט און עדות. איך דאנק אים און מעלדע, אז איך פארלאנג איינצולאדן א פּאָר עדות.

אויך דאָס איז געווען אן איבערראשונג. פון די פריערדיקע משפּטים האָט מען געוואוסט, אז מיר זענען זיך נישט נוהג איינצולאדן עדות און אריינגיין אין געריכטלעכע אויספאָרשונגען. מיין דערקלערונג האָט זיי כאילו דערפרייט. באלד איז מיר דערלאנגט געוואָרן א בויגן פּאַפּיר און אַ בליישטיפט און דער פּראָקוראָר האָט געמאָלדן, אַז ס׳וועלן באלד געמאכט ווערן אלע פאראָרדנונגען אויף צו ברענגען די עדות. מיט גרויסע אותיות האָב איך אָנגעשריבן די דריי נעמען. דער פּראָקוראָר איז צו מיר צוגעגאנגען און איבערגעגעבן די רשימה דעם דאָלמעטשער, ווי ער זאָל ווארטן אומגעדולדיק מיט זיינע פאראָרד־

נונגען מיטן צוזאמענהאנג פון ברענגען די עדות. דער דאָלמעטשער, א ליבלעכער יידישער בחור, האָט אריינגעקוקט אין דער רשימה, א שמייכל געטאָן צו מיר, דערנאָך האָט ער די רשימה איבערגעשריבן אין ענגליש. די זשורנאליסטן אין ווינקל זענען געזעסן אָנגעשפּאַנטע. גלייך עפּעס־וואָס אומגעווענלעכס נעמט דאָ פּאָרקומען. מען האָט געקענט זען, ווי עס פאַרענדערט זיך דאָס פנים פונעם פּראָקוראָר, וועלכער איז געשטאַנען נעבן דאָלמעטשער בעתן איבערשרייבן די נעמען. דער פּראָקוראָר האָט גענומען די רשימה אין האנט, און פון צווישן דעם שטראָם פון „עה"...ען האָט מען געקענט פארשטיין, אז ער דערקלערט די ריכטער עפּעס־וואָס אין צוזאמענהאנג מיט Prominent persons (געהויבענע פערזענלעכקייטן), און די שוועריקייטן פון ברענגען זיי אין געריכט. ער האָט פארענדיקט: „עה... ליבער, איר זאָלט אליין זען די רשימה".

די גאנצע צייט זענען די זשורנאליסטן געזעסן און געוואַרט צו הערן די נעמען פון די עדות, אבער נישט דער פּראָקוראָר און נישט די ריכטער האָבן זיי דערמאָנט.

צו ענדע האָט מיך דער ריכטער געפרעגט, צי די מענטשן אין דער רשימה האָבן א דירעקטן שייכות מיטן משפּט.

— יאָ — האָב איך געענטפערט — דאָס עדות זאָגען פונעם הויך־קאָמיסאַר, פונעם קאָמאַנדיר פון דער פּאָליציי און פונעם פּאָרזיצער פון דער יידישער אגענץ, וועט זיין זייער וויכטיק פאר מיין שוץ.

זיי האָבן געמאָלדן, אז אין א שפּעטערער זיצונג וועלן זיי געבן אן ענטפער אין צוזאמענהאנג מיטן איינלאדן דעם הויך־קאָמיסאר. די איבריקע צוויי עדות — איז מען גרייט איינצולאדן.

האָב איך געמאָלדן, אַז דאָס עדות פונעם הויך־קאָמיסאַר איז די וויכטיקסטע און כ'בין נישט גרייט מוותר צו זיין אויף איר. אויב ס'וועט נישט איינגעלאדן ווערן דער הויך־קאָמיסאר וועל איך אויך נישט אָנעמען די איבעריקע עדות. יעדער בירגער איז גלייך פארן געזעץ און ס'איז נישטאָ קיין סיבה, אז דער הויך־קאָמיסאר זאָל נישט קומען

אין געריכט אריין, איבערהויפט צו א געריכט, וואָס אורטיילט וועגן דיני נפשות.

דער ריכטער האָט ווידער פארזיכערט, אז דאָס וועט באטראכט ווערן.

איצט האָט אָנגעהויבן אַ לאַנגווייליקע פּראָצעדור. עס דערשיינען כל מיני עדות פון דער באשולדיקונג. סאלוטירן, שווערן און זאָגן עדות. אז דאָס געווער, וועלכעס מ׳האָט ביי מיר געפונען, איז געווען פעאיק צום נוצן, אז כ׳האָב אָנגעהויבן אנטלויפן ווען מ׳האָט מיר געהייסן שטיין, אז די פאטאָגראפיע פון פלאץ שטימט מיטן ווירקלעכן, אז דער מענטש, וועלכער זיצט אויף דער באשולדיקונגס־באנק איז דער, וועל־כער האָט געשאָסן און איז אַרעסטירט געוואָרן. די איינציקע זאַך וועלכע האָט מיך פאראינטערעסירט, איז געווען דאָס עדות זאָגן פונעם פאר־וואונדעטן פּאָליציאנט. ער איז נאָך שוואך געווען און מ׳האָט אים דערלאנגט א בענקל צום זיצן. ביי דער נאָז האָט ער געהאט א סימן וועלכער איז ענלעך צו איינעם פון די סימנים אויף מיינע פיס. כ׳האָב זיך געוואונדערט, ווען ער האָט געזאָגט, אז ער איז נישט זיכער, אז די קויל, וועלכע האָט אים געטראָפן איז געשאָסן געוואָרן דורך מיר. פארקערט: ער דענקט אז נישט. דאָ האָט דער פּראָקוראָר באמערקט, אז מען באשולדיקט מיך נישט אין פארוואונדן א פּאָליציאנט, נאָר בלויז אין שיסן צו פּאָליציאנטן.

ביי מיטאָג האָט מען אויסגערופן אן איבעררייס. דער פּראָקוראָר איז צו מיר צוגעקומען בעת דעם איבעררייס און מיט א פריינטלעכן טאָן מיך געראָטן, איך זאָל אליין איינלאדן די עדות און נישט וואַרטן ביז דאָס געריכט וועט עס טאָן. ער האָט זיך צו מיר באצויגן מיט אזא גרויס פריינטשאפט, ביז כ׳האָב טאקע געקאנט קלערן, אז ס׳שטייט באמת פאר מיר מיין גוטער פריינט. ער איז גרייט געווען באלד דער־מעגלעכן מיר אוועקצושיקן די איינלאדונגען אין מיין נאָמען און אפילו מיר גיבן צו הילף דעם דאָלמעטשער. אין פלוג א לאָגישער פאָר־שלאג און כ׳בין כמעט געווען גרייט אים אָנצונעמען. נאָר עפעס־וואָס האָט מיר אונטערגעשעפטשעט: „אייל זיך נישט. עפעס־וואָס באהאלט

זיך פון הינטער זיין העפלעכקייט". כ'האָב אים געדאנקט פאר זיין עצה און געזאָגט, אז נאָך מיטאָג וועל איך אים געבן אן ענטפער. אויפן וועג צו דער טורמע האָב איך פארשטאנען דעם ענין. ער וויל ארונטערנעמען דאָס אחריות פארן איינלאדן די עדות פונעם געריכט און זי ארויפלייגן אויף מיר. דערנאָך וועט מען מיר זאָגן: „האָסט איינגעלאדן עדות און זיי זענען נישט געקומען..."

די חברה אין טורמע האָט מיט אומגעדולט געוואַרט אויף מיר. ווען דער איבעררייס וואָלט אפילו געווען טאָפּלט לענגער וואָלט איך נישט באוויזן ענטפערן אויף אלע פראגן.

א זייגער צוויי האָט מען מיך ווידער גענומען. דער משפט האָט ווייטער געלאנגווייליקט. עס פעלט דער געראנגל צווישן דער באשול־דיקונג און דער פארטיידיקונג. די עדות זאָגן זייערס. דער פּראָקוראָר פרעגט א פאָר פראגן און מיט דעם פארענדיקט זיך דאָס פאָרשן דעם עדות. נאָכן אויסהערן די עדות ליינט דער פּראָקוראָר דאָס ארטיקל, וואָס כ'האָב געשריבן פאר דער אינערלעכער צייטונג, וועלכעס מ'האָט געפונען ביי מיר אין טאַש. כ'האָב דאָרטן געשריבן וועגן דער ווערט פון זעלבסטשוץ בעתן אַרעסטירן, אין דעם שטאפּל פון אונדזער קאַמף. כ'האָב דערמאָנט די רייד פון איינעם פון די ענגלישע מיניסטאָרן וועלכער רעדנדיק וועגן אונדז אין פארלאמענט האָט ער באצייכנט אז „דאָס איז א קליינער כוח וואָס ס'איז אים שווער צו באהערשן", און וועגן דעם האָב איך באמערקט אין ארטיקל, אז דאָס איז א פאָרט־שריט, אבער דער אונטערגרונט דארף צוקומען צו אזא לאגע אין וועלכער די ענגלענדער זאָלן אנערקענען, אז נישט נאָר ס'איז שווער באהערשן דעם קליינעם כוח, נאָר ס'איז נישט מעגלעך אים צו באַ־הערשן. צו דעם קען מען דערגיין בלויז מיט דער הילף פון אונדזער גרייטקייט מקריב צו זיין זיך. מיר זענען גרייט מער מקריב צו זיין ווי דער באאמטער אָדער דער בריטישער פּאָליציאַנט אין לאנד. ווייי־טער האָב איך אָנגעוויזן אויף א פאָר ווערונגס־טאַקטן און פארגע־שלאָגן זיך באנוצן מיט האנט־גראַנאַטן צונויפגעשטעלט אין טאַשן־

לעמפלעך, מען זאָל זיי קענען האַלטן אין האַנד נישט דערוועקנדיק קיין פאַרדאַכט...

ווען דער פּראָקוראָר האָט פאַרענדיקט לייענען דאָס אַרטיקל, האָט ער באַמערקט: „לויט איר זעט, געערטע ריכטער, האָט זיך דער באַשולדיקטער אויפגעפירט לויט זיינע אייגענע אָנווייזונגען וועלכע ער האָט פאַרפאַסט”.

דער הויפּט־ריכטער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַ סימן, אַז ער איז מסכים, און האָט אויסגערופן, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט געגעבן ווערן די ענטגילטיקע תשובה וועגן די עדות, דעמאָלט וועל איך פאַרברענגען מיט מיינע פריינט. קען זיין מיר וועלן זיך מער נישט געבן דעם אורטייל.

*

אַן אַטמאָספער פון יום־הדין האָט געהערשט אין צעל אין דעם אָוונט. מיר איז קלאָר געווען, אַז דאָס איז דער לעצטער אָוונט, וואָס איך פאַרברענגען מיט מיינע פריינט. קען זיין מיר וועלען זיך מער נישט זען. אויך זיי האָבן אַזוי געפילט.

צומאָרגנס אינדערפרי איז מיין אַרויסגיין פון צעל פאַרבונדן געווען מיט קאָמפּליצירונגען. אַלע צעלעס זענען געווען פאַרמאַכט און ס'איז זיי פאַרבאָטן געווען צו עפענען. די סיבה: מ'האָט געהענגט אַ מענטש. אין טאָג, וואָס מ'הענגט וועמען בלייבן די אַרעסטאַנטן פאַרשלאָסן אין זייערע צעלעס און די וועלכע וואוינען אין צעלעס נאָענט צום תליה־קאַמער פירט מען איבער אין צווייטן טייל פון קאָרידאָר, זיי זאָלן נישט זען ווען די תליינים גייען אַריין און דאָס אַרויספירן דעם קערפּער. דער אָנפירער און די אָפיצערן האָבן נישט געוואוסט וואָס מיט מיר צו מאַכן. ס'איז נישט מעגלעך געווען מיך איבערצולאָזן אין צעל ביז מען וועט אַרויספירן דעם אַראָבערס קערפּער, ווײַלכן מ'איז געגאַנגען הענגען, ווייל דערווייל וועט זיך דער משפט אויפהאַלטן. אַזוי אויך איז שווער געווען מיך אַרויסצונעמען פון טורמע פאַרן קומען פון דער וואַך. צו ענדע האָט מען באַשלאָסן מיך איבערפירן אין אַ צימער פון ביוראָ. דאָרט וועל איך וואַרטן אויף מיינע באַגלייטערס.

אויפן וועג צום ביוראָ האָב איך געזען אַ דיוואַן אויסגעשפּרייט אויפן דיל פון קאָרידאָר אויפן גאַנצן אָפּשניט צווישן תּליה־קאַמער און ביוראָ. דאָס איז דער כּבֿוד, וואָס מען טיילט־צו דעם געהאָנגענעם. דער זייגער איז פינף פאַר 8. מיט מיר אין צימער געפינט זיך אַן אַראַבישער אָפיצער און אין אַ מינוט אַרום קומט־אַריין אַן אַראַבישער שייך, וואָס איז צוריקגעקומען פון דעם פאַראורטיילטנס צעל, נאָך דער ווידוי. איך האָב פאַרזוכט לייענען פונעם שייך׳ס פּנים דאָס געפיל פון אַ באַזוך ביי אַ מענטש, וועלכער וועט אין אַ פאָר מינוט אַרום אומגעבראַכט ווערן. ער איז געווען אין אַזאַ מאָס גלייכגילטיק, אַז ס׳האָט מיך אויפגעשווידערט. ער האָט געזופט די קאַפע, וואָס מען האָט אים געבראַכט און געשמועסט מיטן אָפיצער פאַרשידענע ענינים, וועגן בשותּפותדיקע באַקאַנטע, וועגן מצרים (דער אָפיצער איז געווען אַ מצרישער אַראַבער) אאַ״וו. ער האָט געקוקט אויפן זייגער מיט אומגעדולד, גלייך ער זאָל בייז זיין, אַז דער ענין נעמט צו פיל צייט. דער אָפיצער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער און באַמערקט: „קאַמאַן דקיקאַ״ (נאָך אַ מינוט). אין אַ מינוט אַרום, גענוי 8 אַ זייגער, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, ווי אַ ברעט וואָלט זיך צעבראָכן. דאָס האָט זיך די עפענונג געעפנט פון אונטער דעם פאַראורטיילטנס פיס און זיין קערפּער איז אַרונטערגעפאַלן און געבליבן הענגען אויפן שטריק. דער שייך האָט אויף אַ סעקונדע איבערגעריסן דעם שמועס, געזאָגט עפּעס אין „אַללאַ׳ס״ שבח, פאַרענדיקט דעם שמועס און אַוועקגעגאַנגען...

„איינער גייט, און איינער קומט״ — האָב איך זיך געטראַכט. „איין אָוונט וועל איך פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם, וועלכער הענגט נאָך דאָרט אויפן שטריק״. דער אַראַבער האָט דערמאָרדעט אַ מענטש צוליב 8 פונט. ביז ער האָט באַקומען די באַשטעטיקונג פאַרן אורטייל איז ער געווען פול לעבן. פאַרן משפּט פלעג ער צוזאַמען מיט אַלע אַראַבער וועלכע וואַרטן אויפן משפּט, אויסרייניקן דעם קאָרידאָר. בעתן רייניקן פלעג ער שרייען אָן אויפהער „עסחאַב! עסחאַב!״ (די כּוונה, שלעפּן די שמאַטע איבער דעם דיל). איצט הענגט ער דאָרט. ער וועט שוין מער נישט שרייען...

דערנאָך האָט מען אַרויסגענומען זיין קערפּער אויף אַ טראָג־בעטל.

אינדרויסן האָט געוואָרט זיין מוטער, אים איבערצונעמען. דער קערפּער קאָסט פינף פונט. אויב מען וויל דעם קערפּער באַקומען דאַרף מען דער רעגירונג אומקערן די שפּעזן פון דער תליה, די רעגירונג צאָלט פאַר דער עקזיקוציע עקסטרע 5 פונט דעם אָנפירער פון טורמע — שכר טירחה. מ׳האָט צוריקגעבראַכט דעם דיוואַן אין ביוראָ אַריין און אים אַוועקגעשטעלט אין איינס פון די ווינקלען, ביז מען וועט אים ווידער דאַרפן. פאַר וועם? פאַר מיר. אזוי בערך וועט אויך מיין לוויה אויסזען. מאָרגן וועלן שוין וויסן מיינע קרובים, אז איך בין רפאל בירנבוים. זיי וועלן אַוודאי קומען אויסלייזן מיין קערפּער. אַ שאָד זיי פאַרשאַפן צער... אָט קומט מען מיך נעמען...

## ב

פאַר זיכערהייטס־טעמים איז דאָס מאָל דער קאָנוואָי געפאָרן דורך אַנדערע גאַסן. פאַר מיר איז עס נישט געווען קיין ענדערונג. אויך אין די גאַסן זעען זיך יידן. איך גלויב, אַז איצט ווייסט מען שוין סאַראַ קאָנוואָי דאָס איז. זיי האָבן נעכטן געלייענט אין דער פּרעסע, אז אין דער געביידע פון איטאַליענישן קאָנסולאַט קומט־פאָר אַ משפט און עמעץ קען פאַרמשפט ווערן אויף טויט. מען קוקט זיך איין מיט נייגע־ריקייט אין קאָנוואָי. איך בין ווייניקער אָנגערעגט, ווי דעם ערשטן טאָג פון משפט. איך בין מער זיכער אין זיך. עס איז קיין ספק נישט ביי מיר, אַז מען וועט נישט אײַנלאַדן די „געהויבענע פּערזאָנען". אינטערעסאַנט בלויז וואָס וועט זיין דער תירוץ?

עס איז כמעט נישט געווען קיין ענדערונג אין די אָרדנונגען פון נעכטן. בלויז דער עולם איז געווען אַן אַנדערער. דאָ און דאָרט האָט מען געזען פרויען צווישן עולם. זייער אויסגעפּוצטע דאַמען זענען געזעסן נעבן די אָפיצערן. ווי ס׳ווייזט־אויס, האָבן זיי געבראַכט זייערע געליבטע צוקוקן צום ספּעקטאַקל. זיי האָבן זיי אַוודאי צוגעזאָגט אַ גוטן אונטערהאַלט. זיי קוקן זיך איין אין מיר מיט נייגעריקייט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַרויסשטעלן אַ צונג און זיי ווייזן הערנער...

די ריכטער קומען־אריין. דער הויפּט־ריכטער מעלדעט, אַז איך

דאַרף ווידער באַגרינדן צוליב וואָס רוף איך אַלס עדות די הויכגע־הויבענע לייט. איך האָב דערקלערט, אַז אין אָנפאַנג האָב איך מודה געווען אין די טאַטן, וועלכע דער פּראָקוראָר האָט מיר צוגעשריבן, אָבער איך וויל דערווייזן, אַז פאַר די טאַטן האָב איך אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג און דעריבער בין איך נישט שולדיק. איך וועל קענען דאָס דערווייזן מיט דער הילף פון די דריי עדות און די הויפטזאַך דורכן פאַרשן דעם הויך־קאָמיסאַר.

דער בית־דין שטעלט־פעסט, אַז ס׳איז נישט אין זיין פולמאַכט צו רופן דעם הויך־קאָמיסאַר, נאָך דעם, וואָס ער איז דער פאַרטרעטער פון קעניג. דער הויפט־ריכטער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס וואָרט, בין איך אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן מיין פאַרטיידיקונגס־רעדע.

— געערטע ריכטער!

איך דאַנק פון טיפן האַרצן דעם פּראָקוראָר פאַר זיין גוטן ווילן מיר העלפן ברענגען די עדות. אָבער צו מיין גרויסן באַדויערן קען איך נישט אָננעמען דעם וועג פון פּריוואַטן ווענדן זיך, צוליב די פאָלגנדע סיבות: א) כ׳האָב באַשטעלט די עדות נישט פאַר אויפקלערן אַ פּריוואַטן ענין. ווען כ׳וואָלט געוואָלט ברענגען די עדות זאָלן עדות זאָגן למשל, אַז כ׳האָב נישט געשאָסן דער ערשטער, אָדער נישט געהאַט מיט זיך קיין געווער, וואָלט איך זיך געווענדעט צו זיי אויף אַ פּריוואַטן אופן. אָבער, מיין ווילן איז ברענגען די עדות פאַר אַ ברייטן פּאָליטישן עדות־זאָגן, וואָס זאָל דערקלערן די פאָן פון מיין טאַט. ב) איך ווענדע זיך נישט צו די מענטשן, ווי צו פּריוואַטע מענטשן. איך ווענדע זיך נישט צום הער מאַק־מייכל, נאָר צום בריטישן הויך־קאָמיסאַר אין ארץ־ישראל, וואָס אים, אַלס דעם פאָרשטייער פון ענגלאַנד אין דעם לאַנד, וואָלט איך געוואָלט פאַרשן דאָ פאַרן בית־דין. ג) דער פאַרלאַנג מיינער, אַז דער הויך־קאָמיסאַר זאָל דערשיינען אַלס עדות, איז צו אים סיי־ווי דערגאַנגען, און אויב ער האָט נישט אויסגעדרוקט זיין ווילן און זיין גרייטקייט צו דערשיינען אין געריכט, וועט דאָך קיין אַנדערע אינטערווענץ נישט העלפן. סוף סוף דענק איך נישט, אַז די מורא איז די סיבה, וואָס האָט גורם געווען, אַז דער הויך־קאָמיסאַר זאָל נישט דערשיינען דאָ. דאָ איז דאָך נישט פאַראַן קיין געפאַר, נאָכדעם, ווי

מ׳האָט מיך אַנטוואָפנט. בלויז איין געווער איז מיר פאַרבליבן: דער מאָראַלישער אמת פון אונדזער מלחמה.

די הויפּטפראַגע, וואָס ווערט געפרעגט אויף יעדן משפט איז „קואי באָנאָ״ — לטובת וועמען? זי קומט קלאָר מאַכן, וואָס האָט באַוואויגן דעם באַשולדיקטן צו זיין טאַט. דער סיפור המעשה און די איינצלהייטן פון דער „באַשולדיקונג״ איז נאָך נישט גענוג אויפצוקלערן די פראַגע. נאָך דעם, ווי איך האָב געמאָלדן דעם בית־דין, אַז מיין ווילן איז זיך צו שטיצן אויף דער עדות פון הויך־קאָמיסאַר, האָט פאַרלאַנגט דער בית־דין איך זאָל זאָגן, וואָס האָב איך בדעה צו דערווייזן מיט דעם עדות־זאָגן. און נאָך דעם, ווי כ׳האָב דאָס דערקלערט, האָט דער בית־דין געמאָלדן, אַז ער איז נישט באַרעכטיקט איינצולאַדן דעם דאָזיקן עדות. דרך־אגב קען איך פרעגן דאָ, אויב האָט נישט דער בית־דין קיין פולמאכט איינלאַדן דעם דאָזיקן עדות, פאַרוואָס האָט ער פאַרלאַנגט אויפקלערונגען?

איר, רבותי ריכטער. האָט געהערט די עדות, וועלכע האָבן דער־ציילט בלויז די מעשה, אָבער איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פון הערן די עדות, וואָס זייער עדות זאָגן קען דערקלערן פאַר וועמענס טובה וועגן איז די זאַך געמאַכט געוואָרן. כ׳האָב איינגעלאַדן באַרעכטיקטע מענטשן אָפּצוגעבן אַן עדות וועלכע איז נויטיק פאַר מיין פאַרטיידיקונג, אָבער איר האָט פאַרמיטן זיי צו ברענגען פאַרן משפט, אויף אַן אַנגענומענעם אופן, אויף אַן אופן, ווי ס׳זיינען פאַר אייך געבראַכט געוואָרן די זיבן עדות פון דער באַשולדיקונג...

דער אב־בית־דין קען זיך מער נישט איינהאַלטן און שלאָגט מיר איבער:

— ס׳איז נישט אַנשטענדיק צו זאָגן, אז דער בית־דין האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו הערן די עדות, ס׳איז דאָך נישט אין דער קאָמפּעטענץ פון בית־דין צו צווינגען די עדות צו קומען און עדות זאָגן אין משפט, צו וועלכן זיי האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות.

— כ׳בין קיין אַדוואָקאַט און כ׳האָב קיין אַנונג אין אַייערע געזעצן, אָבער לויט מיין מיינונג, אַ בית־דין, וואָס האָט דאָס רעכט צו משפטן

אַ מענטשן צום טויט, האָט אויך דאָס רעכט איינלאַדן יעדוועדן מענטש, ווייל אַלע מענטשן זענען דאָך גלייך פאַרן געזעץ.

— דער בית־דין קען צווינגען בלויז די מענטשן, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צום משפּט, צו דערשיינען פאַר אים. עס איז נישט מעגלעך אַריינצומישן אומשולדיקע מענטשן אין דעם משפּט. און בלויז אומאַנשטענדיקע מענטשן טוען אַזוי.

— איך וועל נישט דיסקוטירן מיטן בית־דין איבער דער פראַגע, צי דער הויך־קאָמיסאַר איז אַן אומשולדיקער מענטש... נאָר איך וויל דערווייזן די גורמים פון מיין טאַט, און עס וואונדערט מיך, אַז דער בית־דין האָט אַ פולמאַכט מיך פאַראורטיילן צום טויט און האָט נישט קיין פולמאַכט איינצולאַדן אַ מענטשן פאַר זיך, כדי מברר זיין די אורזאַך פאַר מיין טאַט. דאָס עדות פון הויך־קאָמיסאַר קען דערווייזן די גערעכטיקייט פון מיין טאַט אָדער די אומגערעכטיקייט, און דאָ איז געגעבן געוואָרן דעם הויך־קאָמיסאַר צו דערווייזן, אַז די באַשולדי־קונגען, וועלכע מיר לייגן־ארויף אויף ענגלאַנד האָבן קיין יסוד נישט. וואָלט דער הויך־קאָמיסאַר געקענט דאָס טאָן, וואָלט ער דערוויזן נישט בלויז מיין שולד נאָר ער וואָלט אויך גורם געווען דערצו, אז טאַטן פון דעם סאָרט, אויף וועלכע איך ווער געמשפּט היינט, וואָלטן זיך נישט איבערגעחזרט אין דעם לאַנד. דער בית־דין און דער הויך־קאָמיסאַר האָבן דאָס נישט געקענט טאָן.

און נאָך אַ פּונקט, וואָס איך דאַרף קלאָר מאַכן. איר זייט געוואוינט צו דערקלערן, אז דער משפּט דרינגט נישט אַריין אויפצוקלערן פּאָלי־טישע ענינים, און דורך דער דערקלערונג ווילט איר סותר זיין אונדזע־רע גערעכטע טענות. אָבער די וועלט ווייסט, אז אין קערן פון יעדן פאַקט שטעקט אַ סיבה. נאָר אין דער סיבה דאַרף מען זוכן דעם אמת. ווער עס האָט מורא זיך צורירן צו די סיבות — פאַר דער גערעכטיקייט האָט ער מורא.

מיט מיין פאַרטיידיקן זיך, מיין איך נישט אָנצוכאַפּן זיך אין עפּעס דאָרט פאַרמעלע פּונקטן. אַלץ, וואָס כ׳האָב געטאָן, אין איינקלאַנג מיט מיין געוויסן האָב איך געטאָן, און איך בין גרייט עס אויפצודעקן, היות איך טרעט־צו צו דעם משפּט האַלטנדיק, אז איך שטיי פאַר אַ בית־

דין צדק, הגם איך בין נישט גרייט, פאַרשטייט זיך, זיך אָפּנאַרן אין באַצוג צו אייך. אָבער איך שטיי סוף־סוף, פאַר אַ בית־דין, וואָס קען גוזר זיין אויף מיר דעם טויט, און גוט וואָלט געווען ווען כ׳וואָלט אויף איין מינוט געקענט זיך אָפּנאַרן, אַז פאַר מיר זיצן דאָ די פאָרשטייער פון מיליטער, וואָס קעמפט דעם קאַמף פון צדק.

וואָס קען מען מאַכן אויב איר, רבותי, האָט געטאָן וואָס ס׳איז מעגלעך געווען צו פאַרמיידן די דאָזיקע אילוזיע. אַלע משפטים פון די לעצטע יאָרן און פון די לעצטע טעג, האָבן אונדז באַוויזן, אז ס׳איז נישט פאַראַן קיין גרעניץ צווישן דעם פּראָקוראָרס־באַנק און דער טריבונע פון די ריכטער. איר זיצט אויף איין באַנק, טראָגט איינע און די זעלבע מונדירן, ווייל איר פאַרטרעט איין אינטערעס. מיר ווייסן שוין, ווען ס׳איז אייך כדאי, ווייסט דער בית־דין אויסצורופן, אז די יידן מאָביליזירן זיך צום בריטישן מיליטער, כדי בלויז צו גנבענען געווער; אָבער ווען אייער פּראָפּאַגאַנדע פאַרלאַנגט דאָס פאַרקערטע, שעמט איר זיך נישט צו זאָגן: מיר זענען שטאָלץ אָנרופן די יידישע זעלנער „ברידער צו געווער”. אָבער טראָץ אַלעמען, האָב איך אויס־געוויילט אויף דעם משפט צו זיין דער באַשולדיקטער, כ׳האָב פאָרגע־לאַדן עדות און איך פאַרענטפער זיך פאַר אים, איז עס דאָך, ווייל איך ווייס פאַר וואָס איך שטיי און וואָס עס דערוואַרט מיך.

אין דעם מאָמענט שטעל איך זיך פאָר, אַז איך שטיי טאַקע פאַר אַ בית־דין צדק, ווייל כ׳בין זיכער, אז אויב נישט אין דעם צימער, איז דאָך נאָך פאַראַן ריכטער פון גערעכטיקייט אין דער וועלט, עס איז פאַראַן אַ געוויסן אויף דער וועלט. אויב נישט אין די דריי מאָסן, עקזיסטירט ער דאָך מיטן צוזאַמענשליסן פון דער פערטער מאָס — די צייט. פאַר דעם משפט שטיי איך דערווייל, פאַר אים רעכטפערטיק איך זיך. און נישט פאַרן גורל פון מיין קערפּער האָב איך מורא, נאָר פאַרן גורל פון דער אידיי, פאַר וועלכע איך בין גרייט צו שטיין דאָ ווי אַ באַשולדיקטער פאַר די ריכטער, אויסגעטראַכטע ריכטער, אידייען־ריכטער, ריכטער פון גערעכטיקייט. פאַר דעם בית־דין בין איך גרייט זיך מודה צו זיין אויף אנדערע עבירות וועלכע איך בין באַגאַנגען אַנט־קעגן דעם בריטישן געזעץ...

דער פּראָקוראָר: דער בית־דין דאַרף אים וואָרנען וועגן זיין ווידוי וועלכע ער טרעט־צו איבערגעבן.

דער פּאָרזיצער: דו ביסט כלל נישט מחוייב זיך מודה זיין אין אַנדערע שולדן נאָר אויב דו ווילסט עס אַליין.

— יאָ, איך וויל עס. לויטן בריטישן געזעץ־בוך בין איך אַן אומ־לעגאַלער אין דעם דאָזיקן לאַנד. און ס'איז זייער אַ שאָד וואָס מיליאָנען יידן האָבן נישט באַוויזן עובר צו זיין אויף דעם געזעץ, ווי איך; אויפן געזעץ פון עליה־פאַרבאָט קיין ארץ־ישראל. זיי וואָלטן געראַטעוועט געוואָרן פון דעם אומגליק, וואָס איז אויף זיי געקומען און וואָלטן נישט געגנויטיקט זיך אין אייער רחמנות. און ביטער וואָלט מיין גורל געווען ווען איך וואָלט געוואָלט היטן דאָס דאָזיקע בריטישע געזעץ. אָבער ביי דער געלעגנהייט וויל איך אייך דערמאָנען נאָך עמעצן, וואָס איז אים דערלויבט געוואָרן צו זיצן אין דעם לאַנד און האָט מיסטרויט. ס'פאַראַן אַ ווער, וואָס האָט באַקומען אַ סערטיפיקאַט פון 52 מדינות און אַ דערלויבעניש צו זיצן דאָ, כדי צו שאַפן אַ יידישע מדינה. און דער, וואָס האָט באַקומען דעם דאָזיקן סערטיפיקאַט, האָט אין אים געפעלשט און האָט בוגד געווען אין דער אויפגאַבע פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט. וואָלט געווען דער פעלקער־בונד אַן אינטערנאַצ־יאָנאַלער אינסטיטוט פאַר גערעכטיקייט, ווי ער וואָלט באַדאַרפט צו זיין, וואָלט ער אייך אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און געלאָזט אייך הערן די טענה: ענגלאַנד, דו האָסט געפעלשט אין צוטרוי, וואָס מיר האָבן אין דיר געהאַט, וואָס מען האָט דיר דערלויבט צו זיצן אין דעם לאַנד.

און איצט די צווייטע זינד. עס איז געקומען די צייט איך זאָל אויסזאָגן מיין נאָמען. נישט צוליב דעם ווייל ס'האָט אַ חשיבות. איך בין אַ זעלנער און מיין צעווילער נאָמען פאַרלירט זיין ווערט. איך גיב אים אויך נישט אויס, כדי אָנווייזן די „גלענצנדיקע" פעאיקייטן פון דער פּאָליציי פון זיין מאַיעסטעט, וואָס מאָרדעט מענטשן און ווייסט נישט וועמען זי מאָרדעט, וואָס אַרעסטירט מענטשן און ווייסט נישט וועמען זי אַרעסטירט, און וועמען זי שטעלט פאַרן משפּט. נישט צוליב די טעמים זאָג איך אויס מיין נאָמען, נאָר ער איז פאַרבינדן מיט אַ וויכ־

טיקער געשעעניש, וואָס אויך דאָס וועט איר דאַרפן מצרף זיין צו דער רשימה פון מיינע פאַרברעכנס.

מיין נאָמען איז מתתיהו שמולעוויטש, און איך בין פון די 20 קעמפער פאַר יידישער באַפרייאונג, וועלכע זענען אנטלאָפן פונעם בריטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לאַנד. איך בין פון די 20 קעמ־פער, וואָס וואָכן און חדשים האָבן זיי געגראָבן אין דער ערד טאָג און נאַכט, האָבן דורכגעהאַקט פעלזן פון אונטער דר׳ערד, ביז זיי זענען אַרויס אויף דער פרייהייט. פאַרוואָס האָבן מיר דאָס געטאָן? פאַרוואָס האָבן מיר געלעבט אין קאַטאָרזשנע אַרבעט און אין נערוון געשפּאַנטקייט? כדי יעדער פון אונדז זאָל אַהיים גיין? אָדער אפשר גאָר פאַר ספּאָרט? מיר האָבן פאַרלאָזט אַ רעלאַטיוו א רואיק לעבן אין לאַגער פון לאַטרון און אריינגעגאַנגען אין אַ שווערער לעבן, ווי דאָס לאַגער־לעבן; מיר זענען אַריין נאָך אין א סך מער טיפערן אונ־טערגרונט פון דעם טונעל, וואָס מיר האָבן געגראָבן. מיר זענען אַרויס, כדי פאָרטזעצן דעם פרייהייטס־קאַמף פון יידישן פאָלק און בלויז צוליב דעם זענען מיר אַרויס. עס וועט אַוודאי דאָ געפרעגט ווערן די באַקאַנטע פראַגע: וואָס איז באַקאַנט דעם פּראָקוראָר וועגן מיין כאַ־ראַקטער; ביטע, הער פּראָקוראָר, איך דערלאַנג דיר מאַטעריאַל: איך בין געקומען אין לאַנד אַריין אומלעגאַל, אַנטלאָפן פון לאַטרון. אָט זענען שטריכן פון מיין כאַראַקטער — אַ כאַראַקטער פון אַ בולטן פאַר־ברעכער — לויט אייערע באַגריפן.

און איצט וועגן מיין דריטער זינד, און ס׳איז דאָך באַקאַנט פאַר יעדן און ס׳איז פאַרשריבן אין באַשולדיקונגס־אַקט. און טוט מיט מיר נישט קיין חסד. זאָגט נישט, אַז בלויז פאַר דער לעצטער משפט איר מיך, ווייל מען קען נישט צעשיידן די דריי זינד: די דריי זענען איינס.

דער פאַקט, וואָס איך אַלס ייד, האָב באַדאַרפט קומען קיין ארץ־ישראל נישט, ווי ס׳קומט אַן ענגלענדער קיין ענגלאַנד, נאָר בגנבה, דער פאַקט איז גענוג, כדי אַ מענטש, וואָס ווייסט זיך צו שעצן און שעצט זיין פאָלק, וואָס האָט ליב די פרייהייט, וואָס ווייסט וואָס איז אזוינס גערעכטיקייט, אַז אזא מענטש זאָל באַשליסן אַן עק צו־מאַכן מיט אַזאַ אומווירדיקן פאַקט. און איך האָב באַשלאָסן. דערי־

בער בין איך ארויס פון לאַטרון. דעריבער האָב איך געהאַלטן געווער.

סאַראַ מאָראַלישן רעכט האָט איר אויסצורופן, אַז מיין געווער איז נישט געזעצלעך און דאָס, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון שטאַרקן ווערט אָנגערופן געזעצלעך. ווייזט־אויס, אז אייער מיינונג איז, אז דאָס געווער אין די הענט פון הערשער, אין די הענט פון שטאַרקן איז געזעצלעך; און דאָס געווער אין די הענט פון שוואַכן, וואָס שטרעבט צו פרייהייט און זעלבסשטענדיקייט, ווערט אָנגערופן „טעראָר". אָבער ווען מיר באַהאַנדלען די פראַגע פון געווער מיט אַן אנדערן מאָסשטאַב, מיט דעם מאָסשטאַב פון גערעכטיקייט — צי וועט זיך נישט באַקומען דאָס פאַרקערטע? צי וועט זיך נישט באַקומען, אז אייער געווער איז דאָס געווער פון טעראָר און מיינס איז דאָס געזעצלעכע געווער, ווייל עס קעמפט פאַר אַ גערעכטע זאַך?!

היינט זייט איר גרייט, געבן געווער דעראָבערן אייראָפּע. אָבער עס איז געווען אַ צייט ווען איר האָט געגעבן געווער די יידן, כדי זיי זאָלן גיין מיט אייך דעראָבערן ארץ־ישראל. און ס'איז ביי מיר קיין ספק נישט, ווען איך וואָלט נישט געווען קיין ייד, נאָר אַ לבנונער, וואָלט איר מיר געגעבן געווער אין די הענט אַריין צו קעמפן קעגן דער „טעראָר מאַכט" פון פראַנקרייך. וואָלט ארץ־ישאל געווען אין די הענט פון פראַנצויזישן מאַנדאַט אָדער אַן אנדערנס, בין איך זיכער, אז איר, ענגלענדער, וואָלט מיר געגעבן געווער אין האַנט.

אין די לעצטע 25 יאָר האָט דאָס יידישע פאָלק געשענקט צוטרוי גרויס־בריטאַניע. מיר האָבן אלע געגלויבט אין דעם בריטישן יושר און גערעכטיקייט. מיר האָבן געגלויבט, אַז בריטאַניע וועט אונדז צו־העלפן בויען אונדזער פאָטערלאַנד. מיר האָבן אָנגעקנופּט דעם גורל פון אונדזער פאָלק אין גורל פון דער אימפעריע. נאָך 25 יאָר ידידות און שותפות האָבן מיר זיך געפונען אָפּגענאַרטע. בלויז צוליב דעם גרויסן צוטרוי, וואָס מיר האָבן געגעבן גרויס־בריטאַניע, האָבן מיר נישט געזען דאָס שפּיל, וואָס זי האָט געשפּילט מיט אונדז פון דער ערשטער מינוט אָן: מיר האָבן נישט געזען די טאָפּעלטע הבטחות; מיר האָבן נישט געזען די פּראָוואָקאַציעס; מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איז נויטיק געווען צו דערטרינקען אהרון אהרונסאָן אין

בריטישן קאַנאַל, נאָכדעם, ווי ער האָט געדינט אַ וויכטיקע דינסט דער בריטישער אימפעריע אין פאַרגאַנגענעם קריג. מיר האָבן נישט פאַר־שטאַנען, אז ענגלאַנד זעט אונדז בלויז ווי אַ מיטל פאַר אירע אימ־פעריאַליסטישע צוועקן..."

די ריכטער וועלכע אין אָנהויב פון מיינע רייד, האָבן פלייסיק גענומען זייערע בליישטיפטן און אָנגעהויבן פאַרצייכנען אָדער זיך מאַכן פאַרצייכנען, האָבן ארויסגעוויזן אין לויף פון מיינע רייד סימנים פון נערוועזיטעט און דערנאָך האָבן זיי זיך באַמיט מאַכן אַן איינדרוק ווי עס לאַנגווייליקט זיי. איצט האָט דער אב־בית־דין אויסגעבראָכן:

— ס'איז אוממעגלעך אזוי פאָרטצוזעצן. דו רעדסט שוין כמעט צוויי שעה און האָסט נאָך נישט באַרירט קיין שום ענין, וואָס האָט אַ צוזאַמענהאנג מיט דעם משפט. דו דאַרפסט זיך באַשרענקען!

— איך וועל זיך באַמיען צו באַשרענקען אויף וויפיל כ'וועל בלויז קענען. לויט מיין מיינונג האָבן מיינע רייד אַן ענגע פאַרבינדונג מיט דעם משפט. איך דערקלער די פאָן פון מיין טאַט. איר האָט דאָס רעכט אָנצונעמען די גרונדן אָדער זיי אָפּשטופן.

— נו, זעץ־פאָר — האָט דער ריכטער געזאָגט אומגעדולדיק.

די ריכטער האָבן זיך באַמיט ארויסווייזן זייער גרויס לאַנגווייליקייט און איך האָב פאָרטגעזעצט:

„איר האָט אויסגענוצט די השפעה פונעם אמעריקאַנער יידנטום, דאָס בלוט פון דעם יידישן לעגיאָן און דאָס בלוט פונעם יידישן שפּיאָ־נאַזש, וועלכער האָט געהאָלפן די ענגלענדער איינעמען דאָס לאַנד, און נאָך דעם, ווי אייער הערשאַפט האָט זיך אייפּונדאַמענטירט דאָ, איז שוין מעגלעך געווען אַרונטערצונעמען דעם מאַנטל פון „כורש" דעם באַפ־רייער.

אונדזער גלויבן אין דער בריטישער גערעכטיקייט און יושר איז געווען אַ שטאַרקער, אויך אין דער גאַנצער צייט, וואָס ענגלאַנד האָט ארויסגעוויזן, אז זי וויל נישט קיין יידישע הערשאַפט אין דעם לאַנד פון די יידן און האָט זיך באַמיט פאַרמיידן עס מיט אלע מיטלען. אַ יידישע מדינה אויף די ברעגעס פון מיטללענדישן־ים איז געווען אַ קעגנזאַץ צו דעם אַפּעטיט פונעם בריטישן אימפעריאַליסט. בריטאַניע

ווייל הערשן אין אונדזער לאַנד און דער פאַקט, אַז צוליב דעם איז צוגערויבט געוואָרן אַ פאָטערלאַנד פון אַ פאָלק, וואָס וויל שלום, אַ פאָלק, וואָס איז באַרעכטיקט צו אַ סובערענער הערשאַפט אין זיין לאַנד, נישט ווייניקער פון בריטישן פאָלק, וואָס איז באַרעכטיקט צו הערשן איבער די בריטישע אינזלען, דער פאַקט איז נישט משפיע אויף בריטאַניע צו פאַרלאָזן ארץ־ישראל. בריטאַניע האָט אין אונדז געפעלשט, און די פעלשונג האָט געבראַכט צו אַ לאַגע, אַז דאָס בעס־טע פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט געזען די מלחמה פון בריטאַניע ווי זיין מלחמה, מוז היינט צו טאָג נעמען דאָס געווער אין האַנט, און עס אָנווענדן קעגן דער בריטישער הערשאַפט.

— אַלזאָ, וואָס איז געשען? — פרעגן אַ סך. פאַראַן וואָס זאָגן, אַז פון דער ערשטער מינוט אָן, נאָך מיט 25 יאָר צוריק איז געווען דאָ אַ שווינדל. אָבער איך וויל אויף אַ ווײַלע זאָגן אַן אַנדערן געדאַנק; לאָמיר זאָגן, אַז דאָ איז געשען דאָס וואָס ס׳איז געשען דעם העלד אין סטיבנסאָנס בוך — ד״ר דזשעקיל. איך האַלט, אז ד״ר דזשעקיל, דער דזשענטלמען, האָט געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן פרוב. ער האָט גע־פרובט דערשיינען אין זיין הויז אין לאָנדאָן און אין די שיינע לאָקאַלן פון דער וועלט אַלס דזשענטלמען; אָבער אין די פאָרשטעט פון דער וועלט, אין די קאָלאָניעס, האָט ער זיך באַוויזן אין אַן אַנדער געשטאַלט — אין געשטאַלט פון מיסטער הייד. און מיר, אויף אונדז איז געפאַלן דער גורל צו זיין שותפים נישט מיט ד״ר דזשעקיל נאָר מיט מיסטער הייד. אין לאָנדאָן און אין זשענעווע האָט ער אונדז נישט געקאַרגט ווייכע און שיינע רייד, ווי עס פאסט פאַר א דזשענטלמען. אָבער דאָ האָט ער זיך פאַר אונדז באַוויזן מיטן ריכטיקן פרצוף פון מיסטער הייד. דאָ האָבן מיר געזען דעם בכבודיקן דזשענטלמען שלאָגן פליטים פרויען און קינדער מיט אַ שרעקלעכן סאַדיזם, ממש ווי מיס־טער הייד. דאָ האָבן מיר אים געזען, ווי ער פייניקט יידישע בחורים און מיידלעך אין די קאַמערן פון דער פאָליצײ, אַ פייניקן, וואָס איז נישט צום שילדערן צוליב גרויס שוידער. דאָס בריטישע הערשן אין ארץ־ישראל איז די הערשונגס־פּרשה פון מיסטער הייד. אין אָנפאַנג איז די טאָפּלטקייט נישט געווען קלאָר. אין אָנפאַנג, האָבן נאָך די

יידן געפּרובט לויפן פון ירושלים קיין לאָנדאָן, זיך באַקלאָגן פאַר דזשעקל אויף היידן; נאָר פאַמעלעכוויז האָט זיך דער אמת אנט־פּלעקט, דער אמת וועלכן עס האָט געוואָלט אַנטפּלעקן דער גאוני־שער סטיבנסאָן. דזשעקיל קען נישט באַשאַפן פון זיך דעם הייד, אָן דעם אַז הייד זאָל נישט טיף פאַרוואָרצלט זיין אין אים. סוף־סוף שטעלט זיך אַרויס, אַז אויך די רעגירונג אין לאָנדאָן ווייסט, וואָס עס טוען אירע שליחים אין ירושלים און זי איז מסכים אויף דעם. צו ענ־דע גייט און ס'ווערט פאַרשווינדן ד"ר דזשעקיל. ס'איז אונדז, די מיליאָנען פון יידישן פאָלק, פאַרבליבן איין געשטאַלט, אַ פאַרכ־טיקע און שרעקלעכע, אַן עקלהאַפטיקע און מיאוסע; די פון מיסטער הייד. און מיר, די יידישע יוגנט, האָבן באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל ליקווידירן דאָ די הערשאַפט פון הער הייד.

פאַראַן נאָך יידן, וועלכע זוכן דעם ד"ר דזשעקיל. הלוואי זיי זאָלן אים געפינען. אָבער מיטן באַדינג צו ליקווידירן דעם הייד, ווען אפילו ער איז זיין בלוט און פלייש..."

דער ריכטער ווייזט ווידער ארויס סימנים פון נערוועזיטעט און ווענדעט זיך צו מיר:

— ס'איז דאָך נישט מעגלעך אזוי! דער משפט קען זיך דאָך נישט ציען אָן אַן עק!

— איך באַדויער, וואָס איך מוז ביי אייך צורויבן אייער צייט — האָב איך איראָניש געזאָגט. — מיינע רייד וועלן זיך ענדיקן. און נאָך אין משך פון טאָג.

די זשורנאַליסטן אין ווינקל האָבן איינגעהאַלטן זייער געלעכטער. דער ענגלענדער האָט עפּעס־וואָס געבורטשעט, אָבער דאָסמאָל האָט זיך געפילט, אַז ער איז נישט פאַראינטערעסירט מיך אָפּשטעלן. ער האָט בלויז געהאלטן פאַר זיין חוב צו רעאַגירן אויף מיינע רייד אויף וועלכן ס'איז אַרט.

— מ'קען פאַרטזעצן? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ.

— "עמעץ פון אייך האָט דאָ געזאָגט מיין ברודער צו געווער, וועלכער איז צוריק מיט צוויי וואָכן געמשפּט געוואָרן, אַז די יידן פון

אייראָפּע וואָלטן זיך געפילט גליקלעך, ווען זיי וואָלטן דאַ געווען. אין די רייד איז נישט פאַראַן קיין גרויסע חכמה. אַ מענטש וואָס טרינקט זיך אין מיטן ים, וועט זיך פרייען אַרויפצוגיין אויף אַ פּיראַט׳ן שיף; אָבער ס׳פאַראַן פאַרשידענע פּיראַטן־שיפן. פאַראַן, וואָס וועלן ראַטע־ווען דעם טרינקענדיקן; אָבער פאַראַן שיפן פון סאַדיסטישע ים־רויבער, וואָס וועלן שפּאַטן פון אַ מענטש, וואָס האַלט זיך אָן אין מיטן ים אין אַ רעטונגס־ברעט, און זיי וועלן נישט אויסשטרעקן א האַנט אים צו העלפן, און וועלן מיט גלייכגילטיקייט זיך צוקוקן ווי ער טרינקט זיך: „סטרומאַ״, רבותי, „סטרומאַ״!

פון זייט איך בין געקומען אין טורמע אַריין האָב איך זיך אינ־טערעסירט, פון פאַרשטענדלעכע טעמים, וועגן אופן פון הענגען. אָט האָט מען מיר פאַרגעשטעלט די זאַך: דער מענטש שטייט אויפן דיל, מ׳פאַרשטעלט אים דאָס פּנים, מ׳פאַרבינדט אים אַ שלייף אויף זיין האַלדז און פלוצים עפנט זיך אַ טירל אונטער אים און ער פאַלט אין גרוב אריין. ווען איך האָב דאָס געהערט, האָב איך אייך געזען, אייך, די בריטישע מאַכט אין ארץ־ישראל. איך האָב געזען, אז אזוי טוט איר דעם יידישן פאָלק אין משך פון 25 יאָר. מיר האָבן געגלויבט, אז אונטער אייער אויפזיכט וועלן מיר זיין געזיכערט אויף אונדזער ערד. מיר האָבן געגלויבט, אז די שיינע רייד אייערע דינען נישט ווי אַ מאַסקע אויף אייער פּנים. און פלוצים האָט איר אַוועקגענומען דעם באָדן פון אונדזערע פיס, די שלייף איז געוואָרן אַ דערשטיקונגס־פּעט־לע און די ערד אַ גרוב.

אויך איך בין געקומען מיט אַ שיף ווי „סטרומאַ״ און האָב געקענט זיין אויף דער אייגענער שיף, און אפשר זענען אויף איר מיינע על־טערן און ברידער געווען. און איר, די פאַרטרעטער פון מיסטער הייד, איר וואגט מיך צו משפטן, פאר געווער, וואָס איך האַלט אין מיין האַנט!

חשובע ריכטער, ענטפערט זיך אַליין: וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען איר וואלט געווען די זין פון יידישן פאָלק, ווען אייער פאָלק, דאָס ענגלישע פאָלק און דאָס ענגלישע פאטערלאַנד, איז אין אַזאַ לאַגע ווי מיין פאָלק, ווי מיין פאָטערלאַנד? שטעלט אייך פאָר, אז

איר זייט זין פון אַ פאָלק, וואָס דאָס שטרעבן נאָך פרייהייט און ווילן פאַר אַ זעלבסשטענדיק לעבן און דער גלויבן אין דערלייזונג — זענען זאַכן פון וועלכן דאָס פאָלק שעפּט זיינע כוחות; און, איצט שטעלט אייך פאָר, אַז אייער פאָטערלאַנד, דאָס פאָטערלאַנד, צו וועלכן איר זייט צוגעבונדן און צוליב וועלכן איר טראָגט די אוניפאָרמען, געפינט זיך אין די הענט פון אַ פרעמדן הערשער, אַ הערשער וועלכער פאַרמאַכט דאָס לאַנד פאַר די זין פון אייער פאָלק, און אייערע ברידער ווערן דערמאָרדעט אין גלות, און די מאַכט קערט־אום אין מיטן ים אריין די שיפן פון מעפּילים, וואָס קומען צום פאָטערלאַנד און גיט זיי איבער ווי אַ קרבן די טיפענישן פון ים. וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען אייערע משפחות וואָלט מען געמאָרדעט אין גלות פולין, אין דער צייט ווען די מאַכט פון אייער פאָטערלאַנד האָט זיי נישט געלאָזט אריינקו־מען אין לאַנד אריין? יאָ, רבותי, איך באשולדיק די בריטישע מאַכט אלס שותף אין מאָרד פון מיין פאָלק אין אייראָפּע, אין מאָרד פון מיינע ברידער. זאָגט מיר, ריכטער, וואָלט אייער פאָלק און אייער פאָטערלאַנד זיך געפינען אין אזא לאַגע, צי וואָלט איר נישט אויפגעשטאַנען מיט געווער אין האַנט קעגן דער פרעמדער מאַכט? צי וואָלט איר נישט מוותר געווען אויף אייערע באַקוועמלעכקייטן אין פריוואַטן לעבן און אויסגעוויילט אַ לעבן פון אָרעמקייט און סכנה, כדי צו קעמפן און צווינגען די פרעמדע מאַכט פאַרלאָזן דאָס פאָטערלאַנד? איך בין זיכער, ווען ס'וואָלט די לאַגע פון אייער פאָלק געווען ווי די לאַגע פון אונדזער פאָלק, וואָלט איר, ריכטער, גענומען געווער און געקעמפט אַ באַפרייאונגס־קאַמף.

אין דער ענגלישער ליטעראַטור און אין איר פרעסע האָלט זיך אין איין איבערחזרן דאָס וואָרט „פרייהייט" מיליאָנען מאָל. אין די טעג פון דער מלחמה האָט זוכה געווען אַ בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין ענגליש, צו אַ קאָלאָסאַלער פאַרשפּרייטונג. דאָס איז דאָס בוך „אָן אַ לבנה" פון דזשאָן שטיינבעק. דער מחבר באַשרייבט דאָס לעבן פון אַן אונטערדריקט פאָלק און זיין האַרטנעקעקייט אין טעג פון קריזיס. די זין פון דעם פאָלק גיבן זיך נישט אונטער דעם פרעמדן הערשער, און נעמען ליבער אָן צו שטאַרבן איידער איינשטימען מיט

זייער קנעכטשאַפט. דאַרף מען אַלזאָ, אַ מיליטערישן משפּט. דער שטאַרקער הערשער דאַרף א געזעצלעכע באשטעטיקונג פאַר זיין גע־ווער און וויל אויך, פאררופנדיק זיך אויפן געזעץ, איבערצייגן דעם שוואַכן, עז ער דאַרף זיין אַ קנעכט, און דאָס שטרעבן צו ענדערן, די לאַגע איז אַ פאַרברעכן. אין בוך „אָן אַ לבנה" ווערט געשילדערט אַ בילד פון דעם משפט: די אַרענע פון דעם וויכוח איז צווישן דעם כוח פון געוואַלד און מאָראַל. די אייביקע קאָמעדיע אין וועלכע עס שפילט דער זעלנער די ראָל פון ריכטער, וואָס דאָס וואָרט „גערעכטיקייט" איז אויף זיינע ליפן און דער רעוואָלווער אין האַנט. דער יונגער מענטש שטייט פאַרן מיליטערישן געריכט פון דעם פרעמדן. ער איז געווען אַ פרייער מענטש, און דער זעלנער וועלכער האָט זיך גע־מאַכט אַלס ריכטער, האָט פאַרשוועכט זיין פרייהייט. ער האָט רעאַגירט מיט געווער. פאַר דער זינד איז ער געבראַכט געוואָרן פאַר אַ מיליטע־רישן בית־דין.

דער העלד פון בוך ווענדעט זיך צו זיינע ריכטער מיט אַ פראַגע: „פאַרוואָס משפט איר מיך? פאַרוואָס שיסט איר מיך נישט באַלד?"

ס'איז קיין ספק, אז די ווערטער זענען נישט געזאָגט געוואָרן אין באַצוג צו אייך ענגלענדער, נאָר צו די באַרבאַרישע דייטשן, וואָס האָבן נישט קאַמאָפּלאַזשירט זייער בהמהשע אכזריותדיקייט מיטן צוי־בער וואָרט „פרייהייט". דער לייענער פון בוך „אָן אַ לבנה" איז איבער־צייגט, אז דאָס ענגלישע פאָלק קעמפט מיט דער געריכטלעכער שלעכ־טקייט וועלכע איז באַשריבן אין בוך. און איר, ריכטער, זייט פאַר־וואונדערט געוואָרן פון דער שטאָלצער שטעלונג פון דעם נאָרוועגיער, וועלכער האָט געוואַגט זאָגן די ריכטער: „איך בין אַ פרייער מנטש", און וועלכער האָט אויך געוואַגט שטאַרבן פאַר דער הייליקייט פון די דאָזיקע רייד זיינע. פאַר מיר, הויכער מיליטערישער בית־דין, ענדערט עס נישט, ווער ס'וועט מיך אויפהענגען: אַ הענקער אין זיידענע הענטשקעס, אַ קולטורעלער, אָדער אַ באַרבאַרישער הון וואָס אויס ווילדקייט האָט ער די הענטשקעס געוואָרפן הינטער זיך.

חשובע ריכטער, איך בעט נישט קיין רחמים. איך וויל איר זאָלט זען און פאַרשטיין, אז דאָס געווער איז דאָס מאָראַלישע געווער, דאָס

לעגאַלע, אַז עס געהערט דעם געזעצלעכן בעל־בית פון לאַנד, אַז מיט זיין הילף קעמפט אַ פאָלק פאַר זיין פרייהייט. דאָס קומט געבן דעם פאָלק דאָס וויכטיקסטע: די פרייהייט. אָבער דאָס געווער פון דער פּאָליציי איז אומלעגאַל אין דעם דאָזיקן לאַנד, ווייל דאָס היט די גזלה, וואָס איז אַוועקגעגזלט געוואָרן פון די באַזיצער פון דעם לאַנד, היט דאָס לוקסוס פון אַ פרעמד פאָלק.

איז דעריבער, ריכטער, אויב זייט איר מסוגל אַרויסצוגיין פון דעם ענגן תחום פון אָקופּאַציע־פּאָליטיק און אירע אינטערעסן, און פאַרטרעטן די היסטאָרישע און מאָראַלישע גערעכטיקייט, דאַרפט איר דאָך פאַרשטיין, ווען ס׳וואָלט די גערעכטיקייט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון קראַפט, וואָלט איך דאָ געווען דער באַשולדיקער און דער פאַר־טרעטער פון דער בריטישער מאַכט וואָלט פאַרנומען מיין פּלאַץ אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז מיינע טאַטן, איז דער צוזאַמענשטויס — אויסדרוק צווישן דעם ווילן פון יידישן פאָלק און דעם ווילן פון בריטישן אימפּעריאַליזם. און נאָך דעם, ווי די אָנשטרענגונגען פון 25 יאָר זענען דורכגעפאַלן, האָט זיך דער גע־גנזאַץ אויסקריסטאַליזירט. די יידישע יוגנט זעט נישט איצט קיין אַנ־דערן וועג אייך איבערצייגן, ווי מיט דעם געווער אין האַנט.

דער מיליטערישער יושר פאַרלאַנגט אָנערקענען דעם קעמפער, וועלכער פאַלט אַריין אין די הענט פון פיינט, ווי אַ קריגס־געפאַנגע־נעם. ס׳איז באַנישט געהערט געוואָרן, אַז אַ קעמפער זאָל געשטעלט ווערן פאַרן משפט פונעם פיינט. אָבער דאָס דאַרפט איר וויסן: היות ווי איך דערשיין נישט דער אָדער יענער פּרט, איז דאָך פאַר מיר נישט וויכטיק, וואָס איר וועט באַשליסן צו טאָן מיטן קערפּער, וואָס שטייט איצט פאַר אייך. אין דעם קערפּער מיינעם זענען שוין אַריין אייערע קוילן און אַ צופאַל בלויז, אַז כ׳בין נישט געהרגעט געוואָרן. מאָרגן קענט איר מיך הרגענען און ס׳איז נישט וויכטיק. וויכטיק איז אַן אַנ־דער קערפּער, וועלכן איר האָט נישט אָנגערירט, און קיין שום פּסק־דין אייערער וועט אים נישט אָנרירן. דער קערפּער איז נישט קיין פּער־זענלעכער. דאָס איז דער געוואַלדיקער ווילן, אויפשטעלן אין דעם ירושלים אונדזערן, דאָס מלכות פון אונדזער דוד. דעם ווילן וועט

איר נישט איינברעכן, נישט מיט אייערע „טאָמיגאַנס" און נישט מיט אייערע תליות. דאָס איז דער ווילן פון יידישן פאָלק. און היות דער יסוד פון דעם ווילן איז די גערעכטיקייט, דעריבער איז קיין ספק נישט זיין נצחון. און דאָס געווער, וועגן וועלכן איר משפּט מיך היינט און וועלכעס קען מיך אומברענגען — איז אַ גערעכט געווער, אַ הייליק געווער.

טאָמאַס קאַרלייל, רעדנדיק וועגן קראָמוועלן האָט געזאָגט: „יעדער אמת־טאָט פון אַ מענטש, ווען אפילו ווערסט דעם מענטש אויפ־הענגען אויף אַלעביימער פון דער וועלט, וועט דער אמת דאָך עגזיסטירן."

די זאַך, צוליב וועלכער מיר זענען ארויס קעמפן, צוליב וועלכער כ'בין געקומען אין לאַנד אריין, אַנטלאָפן פון לאַטרון, גענומען געווער אין האַנט, די זאַך איז אַ זאַך פון אמת, די זאַך וועט עקזיסטירן: מלכות ישראל אין אונדזער לאַנד וועט אויפשטיין, ווען אפילו מ'וועט הענגען אירע קעמפערס אויף אַלע ביימער.

אָט נעם איך פאַרענדיקן: צוויי וועגן זענען פאַראַן פאַר אייך השובע ריכטער: אָדער אנערקענען די גערעכטיקייט פון יידישן פאָלק אין זייערע פאָדערונגען און באַפרייען דאָס דאָזיקע געווער פון דער באַשולדיקונג אלס אומלעגאַלס און פאַרברעכערישס, אָדער — באַ־טראַכטן מיך אַלס אַ קעמפנדיקן פיינט. און דעמאָלט ווענדע איך זיך צו אייך: אין נאָמען פון יידישן פאָלק, און אין נאָמען פון אונטער־גרונט פאַרלאַנג איך, איר זאָלט זיך באַציען צו מיר און צו אלע יידישע פרייהייטס־קעמפער, וואָס פאַלן אריין אין אייערע הענט, ווי קריגס־געפאַנגענע. איך חזר־איבער די פאָדערונג, כאָטש איר ווייסט, אז מיר זענען נישט קיין פאַרברעכער. איר ווייסט זייער גוט, ווען נישט די פעלשונג, וואָס ענגלאַנד האָט געפעלשט אין יידישן פאָלק און אין זיינע האָפנונגען, וואָלטן מיר, יידישע יוגנט, וואָס קעמפט קעגן אייך, געווען באַשעפטיקט איצט מיט בויען, מיט לערנען, מיט אויס־טרוקנען די זומפּן און מיטן באַלעבן די וויסטעניש. איר ווייסט עס, דאָס יידישע פאָלק וויל פריי זיין. דעם ווילן וועט איר נישט דערדריקן נישט מיט רציחות נישט מיט פייניקן און נישט מיט תליות.

דאָס זענען די ווערטער, וועלכע כ׳האָב געוואָלט זאָגן פאַרן בית־דין און די טענות וועלכע כ׳האָב געבראַכט פאַר מיין פאַרטיידיקונג. איך בעט נישט קיין רחמים אויף זיך. ווער איז דער מענטש, פאַר וועמען איך זאָל זיך בעטן, און דערנידעריקן דעם צלם אלוקים אין מיר! איך בעט און בין זיך מתוודה און איך פאַרלאָז זיך אויפן גאָט פון משפט און גערעכטיקייט אין דער וועלט. איך וויל ענדיקן מיינע רייד מיט די ווערטער פון אונדזער קעניג דוד, וואָס זענען פאַרשריבן אין תהלים קאַפיטל קמ״ד.״

איך האָב ארויפגעלייגט אַ צודעק אויף מיין קאָפּ און געזאָגט דאס קאַפיטל קמ״ד פון תהלים, אין וועלכן דוד לויבט זיין גאָט „המלמד ידי לקרב ואצבעותי למלחמה״ און בעט פונעם קב״ה ער זאָל אים ראַטעווען „מיד בני נכר אשר פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר״.

כ׳האָב פאַרענדיקט. פינף און אַ האַלבע שעה בין איך געשטאנען אויף די פיס און גערעדט צו ריכטער, וועלכע האָבן אלץ געטאָן, בכדי צו ווייזן זייער גלייכגילטיקייט, בכדי צו מאַכן אַן איינדרוק, אַז מיינע רייד רירן זיי נישט אָן, אַז מיינע רייד אינטערעסירן זיי נישט, אַז ס׳איז לאַנגווייליק. דאָס איז געווען שווער. נישט איינמאָל, תוך כדי רעדן, איינקוקנדיק זיך אין די ריכטער, האָב איך געהאַט אַ ווילן איבערייסן מיין רעדע און זיך אוועקזעצן. איצט, נאָכדעם, ווי כ׳האָב געענדיקט, בין איך מיד געווען.

דער ריכטער האָט געמאָלדן, אַז אַ זייגער 5.30 נאָכמיטאָג וועט אַרויסגעגעבן ווערן דער אורטייל.

מען האָט מיך צוריקגעבראַכט אין טורמע. אין צוויי שעה אַרום וועט זיך דער ענין ענדיקן...

*

מיינע פריינט זענען געשפאַנט און נערוועז. פונדרויסן איז דער־גאַנגען אַ ידיעה, אז אונטער דער השפעה פון דעם „פאָטער פון אסירי ציון״, דער רב אריה לוין שליט״א, זענען פאָרגעקומען תפילות פאַר מיר אין אַ פּאָר שולן אין ירושלים. ד״ר שייב איז נערוועז און האָט זייער מורא פאַר מיין גורל. אויב צו פאַרגלייכן מיין שטימונג מיט דער שטימונג פון מיינע פריינט, קען איך עדות זאָגן, אז איך בין געווען

קאַלטבלוטיק און רואיק. עפּעס אַ געפיל פון „ס׳אַרט מיך נישט״ האָט מיך ארומגענומען. גאנץ פריילעך האָב איך די פריינט דערציילט וועגן גאַנג פון דער רעדע. כ׳האָב געהאט אַ ווילן זיך אביסל אָפּזינ־דערן, נאָר ס׳איז נישט מעגלעך געווען מוותר זיין אויף די צעשייד־שעהן. לויט אלע אויסזיכטן, זענען דאָך דאָס די לעצטע שעהן פון באריזונג מיט מיינע פריינט און בכלל מיט דער אויסן־וועלט. ווען כ׳וועל צוריקקומען פון געריכט, וועט מען מיך פאַרשפּאַרן אין קאַר־צער און דאָרט, אָפּגעריסן פון דער וועלט, וועל איך פאַרברענגען נאָך צוויי וואָכן ביז מען וועט מיך הענגען.

ווען מיר זענען ארונטער אין הויף צום נאָכמיטאָג־שפּאַציר, האָבן זיך ארום מיר פאַרזאַמלט פּאָליטישע ארעסטאנטן פון אלע שטרע־מונגען: מיינע פריינט, אצ״ל־לייט און חברים פון דער „הגנה״. פאַר־שטייט זיך, אַז די טעמע פון געשפּרעך איז געווען דער גזר־דין. אלע האָבן געפונען פאַר נויטיק מיך צו דערמוטיקן מיטן צוזאָג, אַז די ענגלענדער וועלן נישט וואַגן מיך צו הענגען. פּלוצים, איז ארויס איינער, פון די „אידיאָלאָגן״ פון די „הגנה״ לייט און אַ זאָג געגעבן מיט איין אָטעם:

— אויב ס׳וועט זיין אַ טויט־אורטייל, וועט מען אים אויפהענגען (דאָס הייסט מיך). נאָר איך קען זיך וועטן, אַז אַזאַ אורטייל וועט נישט זיין. ס׳איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז די ענגלענדער זענען פאַראינטערעסירט אין זייערע טאַטן, און דעריבער וועלן זיי נישט ארויסגעבן קיין טויט־אורטייל, ווייל זיי ווילן נישט דערדריקן דעם טעראָר, וועלכער העלפט זיי רעגירן דאָ און דערדריקן דעם ישוב. און אויב וועט מען אים דאָך פאַראורטיילן צום טויט, איז אַ סימן, אַז זיי פאַרשטייען, אַז די תליה וועט פאַרשטאַרקערן די סימפּאַטיע צו דעם אונטערגרונט און וועט צוגיסן אייל צום פייער, וועלכעס זיי זענען אויסן. וועט עס אַ סימן זיין, אַז זיי ווילן אויס דעם וועג צו שטארקן דעם טעראָר.

דאָס צוזאָגן די תליה און דער טאָן מיט וועלכן די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן, האָבן זייער אָנגערירט איינעם פון מיינע פריינט, האָט ער מיר אַ שעפּטשע געטאָן פון צווישן די ציין:

— נאָך איין וואָרט, ווער איך אים שפּאַלטן דעם קאָפּ.

אין די קורצע זאַצן האָט דער „אידיאָלאָג" אויסגעדרוקט די אָפיציעלע מיינונג פון דער „הגנה", די „פילאָזאָפיע" (אויב מ'קען עס אזוי אָנרופן נישט מינערנדיק פונעם בכבודיקן טייטש פון דעם וואָרט) פון די אָנפירער פון דער „הגנה". מיט דער הילף פון דער באַגרינדונג „די ענגלענדער זענען פּאַראינטערעסירט אין טעראָר, בכדי דערדריקן דעם ישוב", האָבן געוואָלט די מנהיגים פון דער „הגנה" איינהאַלטן דאָס שטראָמען פון דער יוגענט אין די רייען פון אונטער־גרונט.

— דו ווייסט דאָך, אַז ס'איז אַ ליגן — האָב איך זיך געווענדעט צום „אידיאָלאָג" — איך בין איבערצייגט, אַז אין טיפעניש פון דיין האַרץ גלייבסטו נישט אין אַזאַ שטות. דו ביסט באַהאָפטן צו דעם ליגן און געצוואונגען צו פּאַרטייטשן יעדע זאַך מיט ליגנס. האָסט אויסגע־רעכנט צוויי מעגלעכקייטן פון דריי. איך פאַרזיכער דיך, אַז אויב דורך אַ צופאַל וועט פאַרווירקלעכט ווערן די דריטע מעגלעכקייט, דאָס הייסט, מ'וועט מיך פאַרמשפּטן צום טויט און מ'וועט מיך נישט אויפ־הענגען, וועסטו אויך טרעפן אַ תירוץ, וואָס וועט נישט אָנרירן, כביכול, דיין ליגן. דו ביסט ווערט פאַראַכטונג און רחמנות. דיין ליגן וועט דיך קיינמאָל נישט פירן צו דער תליה. דאָס איז פאַר דיר די הויפּטזאַך. דיינע תירוצים דערמאָנען פלאַוויוס'ן, וועלכער האָט געראַטעוועט זיין לעבן אין יודפת מיט דער הילף פון אַ שטיינדל, וואָס פון אלע זיינע זייטן איז געווען אַ „גימל". אַ פאַלטש שטיינדל ווי דיינע תירוצים...

די ווערטער זענען געווען האַרבע. כ'האָב זיי געזאָגט אין דער צייט, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן ווי די לעצטע אין מיין לעבן. כ'האָב נישט געוואָלט טרעפן די יינגעלייט פון דער „הגנה", וואָס פאַרמאָגן אַ געזונטן געפיל, ווי די גאַנצע יידישע יוגנט. כ'האָב זיך מתכוון געווען צו די „אידיאָלאָגן". דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע קלאַס צווישן די קאָמאַנדירן פון דער „הגנה". און אין באַצוג צו זיי וועל איך גרייט זיין ווידער איבערחזרן די רייד צו יעדער צייט. אויך אין דער לעצטער שעה פון מיין לעבן. ווייל דאָס איז דער היסטאָרישער אמת. דאָס איז געווען די ראָל, וואָס האָבן געשפּילט די „אידיאָלאָגן" אין די יאָרן

1944—46. און צוליב דעם אמת, צוליב דער היסטאָריע, פאַר די קומענדיקע דורות, לאָמיר נישט דערלויבן פאַלשעווען און פאַרטושן פאַקטן... אין דער תקופה איז די „הגנה" געווען אַן אויפהאַלט־גורם פאַר דעם פרייהייטס־קאַמף. דאָס איז געווען די רעאַקציע.

ג.

— רפאל בימבום! מחכאַמאַ!!

מיטן געפיל, אז מיר דריקן זיך די הענט צום לעצטן מאָל — האָב איך זיך געזעגנט פון מיינע פריינט.

דער זאַל פון געריכט איז פול געווען. די זשורנאַליסטן זענען שוין געזעסן אויף זייערע פלעצער ווען איך בין אַריינגעבראַכט געוואָרן אין זאַל. כ׳האָב צו זיי געשמייכלט אלס אַ צייכן פון באַגריסונג און דער רוב האָט מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל. דער שמש פון געריכט האָט אריינגעבראַכט דריי מיליטערישע היטלען און זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש פון די ריכטער. אויף די פריערדיקע זיצונגען האָט מען זיך אזוי נישט נוהג געווען. איך האָב פאַרשטאַנען, אז דאָס איז, ווייזט־אויס, דער מנהג ביים אויסרופן דעם טויט־אורטייל. כ׳האָב געזען ווי איינער פון די זשורנאַליסטן האָט געפרעגט עפעס־וואָס דעם אינספעקטאָר דעי אָנוויזנדיק אויף די היטלען. דעי האָט אים געענטפערט און יענער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ בליק פון סימפאַטיע און רחמנות. איך האָב זיך צו אים צעשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „כ׳ווייס... כ׳ווייס... ס׳איז נישט שרעקלעך..."

די ריכטער קומען־אַן... דער עולם שטייט־אויף. שטענדיק בעתן אריינקומען פון די ריכטער פלעג באַהערשן דעם זאַל אַ שטילקייט, אָבער דאָסמאָל איז די שטילקייט געווען אַזאַ טיפע, ביז ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דער עולם וואגט נישט צו אָטעמען...

די ריכטער זעצן זיך און הייסן מיר אויפשטיין. דער אב בית־דין שטעלט אויף מיר אָן אַ בליק, צו מאַכן דעם איינדרוק פון אַ גוט־האַרציקן און אַ פאָטערלעכן. ער הייבט־אָן פאָרליינען דעם גזר־דין:

„דו, מתתיהו שמואלעוויטש, וואָס רופט זיך אויך רפאל בירנבוים..."

און, ער הייבט־אָן דערציילן, אַז דעם 5־טן אפריל 1944 האָב איך זיך ארומגעדרייט אין אַ באַוואוינטער געגנט דורך די זין פון מיין פאָלק, מיט געוועער...

אזאַ חוצפה! ער באַשולדיקט מיך אין באַדראָען דאָס לעבן פון די זין פון מיין פאָלק! איך האב געוואָלט אויסברעכן מיט אַ געשריי, אז זיין לעבן היט ער און נישט דאָס לעבן פון די זין פון מיין פאָלק. אָבער דערווייל איז ער ממשיך דאָס ליינען...

ער טענהעט, אַז איך האָב נישט אויסגענוצט די פאָרטיילן, וואָס עס גיט מיר דאָס זיין אין דעם לאַנד...

אַ מנובל! ער האָט מיר געטאָן אַ טובה! ער האָט מיך געלאָזט לעבן אין דעם לאַנד!

„... און אַנשטאַט אויסניצן דיינע פעאיקייטן פאַר קאָנסטרוק־טיוון שאַפן האָסטו געווירקט קעגן געזעץ און אין קעגנזאַץ צו די איטערעסן פון דיין פאָלק..."

די מענטשן פון די „מוסדות" וועלן זיך קענען באַנוצן מיט דעם זאַץ — איז מיר דורך אַ געדאנק. ער האָט בפרוש געזאָגט: „אין קעגנ־זאץ צו די אינטערעסן פון דיין פאָלק..." האָט איר דאָך אַ באַווייז — וועלן זיי זאָגן — אפילו דער גוי פאַרשטייט עס.

דער אָב בית־דין זאָגט־צו, אז די ריכטער האָבן שטאַרק געוואויגן אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט פאַר מיין פאַרטיידיקונג...

ווי האָבן זיי געקענט וועגן פון צווי ביז פינף, וואָס איך האָב געזאָגט אין משך פון כמעט זעקס שעה? ווען אפילו זיי האָבן פאַרציכ־טעט אויפן מיטאָג־עסן און אויף דער וויסקי (צי איז דען מעגלעך אז זיי האָבן פאַרציכטעט?), האָבן זיי עס נישט געקענט טאָן...

... און האָבן נישט געפונען קיין דערלייכטנדיקע גרונדן. דער גזר־דין איז:

און איצט האָבן די ריכטער אָנגעטון די היטלען, דער אב בית־דין האָט באַפוילן דעם עולם אויפשטיין און האָט פאָרגעליינט:

„וועסט צוריקגעפירט ווערן אין טורמע און פון דאָרטן וועסטו

געגומען ווערן צום אָרט וואו דו וועסט אויפגעהאָנגען ווערן מיט אַ שטריק אויפן האַלדז ביז עס וועט דיר אַרויסגיין די נשמה. און גאָט וועט אויפנעמען דיין נשמה מיט רחמים".

כ'האָב געהאַט אַ חשק שרייען צו אים, אז איך בין מוותר אויף זיין ממליץ זיין פאַר גאָט, ווייל כ'האָב מורא, אַז דאָס ממליץ זיין פון אַ בריטישן ריכטער קען מיר נאָר שאָדן, נאָר כ'האָב זיך איינגעהאלטן און אַנשטאַט דעם האָב איך אויפגעזונגען די נאַציאָנאַלע הימנע. מיין קול איז נישט קיין שיינער אָבער ער איז געווען הויך און שטאַרק. און למעשה האָב איך זיך נאָר דערצו מתכוון געווען. איך האָב געוואָלט זיי זאָלן זען, אַז דער טויט־אורטייל שרעקט אונדז נישט איבער און נישט נאָר מיר קענען אים אויפנעמען מיטן זינגען די נאַציאָנאַלע הימנע, נאָר לאָזן הערן די הימנע, ווי אַ רוף צום קאַמף. דער עולם האָט געהערט דאָס געזאַנג מיט אַ שטילשווייגן, שטייענדיק אויף די פיס. ווען כ'האָב פאַרענדיקט, האָט דער אב־בית־דין צוגעגעבן: „דער אורטייל בלייבט פאַר דער באַשטעטיקונג פון מיליטער־קאָמאַנדיר..."

איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט צו די פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען געשטאנען הינטער מיר מיט די קייטן וואַרטנדיק מיך צו שמידן און דער עולם נעמט ארויסגיין. נאָר דער ריכטער האָט אים איינגעהאַלטן. ער האָט געמאָלדן, אז דער פאַראורטיילטער דאַרף דער ערשטער פארלאָזן דעם זאַל פון געריכט. אַרומגערינגלט פּאָליציאנטן — בין איך ארויסגעגאנגען. אין טרעפּן־צימער האָט מען מיך געשמידט און אינצווישן האָבן די זשורנאַליסטן אויך אָנגעהויבן אַרונטערגיין מיט די טרעפּ. דערזעענדיק זיי, האָב איך צו זיי געשריגן, אַז זיי זאָלן איבערגעבן דורך דער צייטונג אַ גרוס דעם ישוב. די זשורנאַליסטן האָבן זיך פון ווייטן איינגעקוקט, ווי מען פירט מיך ארויף אויף דער פּאָליציי־מאַשין, ווי ס'איז שווער זיי צו באַוועגן דעם מאָטאָר און מען פירט מיך אריבער אין אַן אנדערער מאַשין — אן אָפענע.

עס איז גוט געווען צו מאכן די לעצטע נסיעה אויף אן אָפענער מאַשין. זען נאָך איינמאָל ירושלים, אירע גאַסן און אירע יידן. צו זען דאָס לעבן און זיך געזעגנען מיט אים.

— ער האָט געהאַלטן אַ שיינע רעדע — האָט אינספּעקטאָר דעי געזאָגט צו איינעם פון די סערזשאַנטן אויף דער מאַשין. דער סער־זשאַנט האָט עס באַשטעטיקט.

— און ווי איז דיין מיינונג וועגן אינהאַלט, אינספּעקטאָר דעי?

— האָב איך זיך אריינגעמישט אין זייער געשפּרעך.

— וועגן דעם איז דאָ וואָס צו רעדן. לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן נאָך אַמאָל שמועסן...

— ליבער איצט. עס קען שפּעט זיין.

— איך האָף, אַז מיר וועלן נאָך האָבן אַ געלעגנהייט צו שמועסן.

— ליבער נישט אָפּשטופּן. אונדזערביידנס לעבן איז אין סכנה.

— מיין לעבן איז אין סכנה?

— דאָס לעבן פון יעדן ענגל'ענדער איז אין סכנה.

— איך האָב נישט שלעכטס געטאָן קיין מענטשן. איך פיר־אויס מיין פליכט, און נישט מער.

— דאָס איז עס. דו דערפילסט דיין פליכט. דאָס איז דאָס פאַר־ברעכן. געדענקסט אַוודאי ווי כ'האָב געזאָגט, אז דיין געווער איז אומלעגאַל אין דעם לאַנד. מען קען דיך פאַראורטיילן לויט אונדזערע אויסנאַמס־געזעצן. היט זיך...

— גלויב מיר, איך וואָלט געוואָלט שוין אַנטלויפן פון דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד. אַמאָל איז גוט געווען. איצט איז עס אַ גיהינום. ס'איז גוט געווען צו הערן די ווערטער. אויפן וועג צום טויט־קאַרצער, האָב איך באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז מיר דערנענטערן זיך צו דער פרייהייט, ווען ער וויל שוין אַנטלויפן פונדאַנען...

— הער מיין ראַט: פאַרלאָז דאָס לאַנד. דיר איז נישט כדאי צו פאַרלירן דאָ דיין לעבן. איך — איז עפּעס אנדערש. מיר איז כדאי...

— ער איז קלוג — האָט דער סערזשאַנט געזאָגט אָנווייזנדיק אויף מיר.

— אַ גוטער בחור. ס'איז מיר אים אַ שאָד. — האָט דער אינספּעק־טאָר דעי געזאָגט — איך וואָלט נישט געוואָלט מען זאָל אים הענגען.

— באמת אינטערעסאַנט, צי וועט איר וואַגן מיך הענגען? ווי האלטסטו? — האָב איך זיך ווידער אריינגעמישט.

— איך ווייס נישט. איך האָף, אז מען וועט דיך נישט אויפהענגען. ווען ס׳וואָלט אין מיר אָפהענגיק געווען וואָלטן זיי עס נישט געמאַכט.

— איך דאַנק דיר. אָבער למען היושר מוז איך דיר זאָגן, אז איך אין באַצוג צו דיר און דיינע חברים וועל כלל נישט זיין סענטימענ־טאַל...

די מאַשין האָט זיך אַ ווײַלע איינגעהאַלטן ביים אריינפאָר אין טורמע. דער טויער־מאַן האָט אויפגעמאַכט דעם טויער און מיר זענען אַריין אין הויף. איך בין אויפגעשטאַנען אויף די פיס און כ׳האָב געוואוסט, אַז ביים פענסטער מיט דער נעץ, פון צעל נומער 18 וועלן מיינע פריינט אומגעדולדיק וואַרטן. ווען מיר זענען פאַרביי דאָס פענסטער, האָב איך געזען די קעפ פון מיינע פריינט צוזאַמענגעדריקטע און צוגעקוועטשטע צו דער נעץ פון פענסטער. איך האָב דורכגעפירט דעם פינגער איבערן האַלדז, זיי אָנצוזאָגן דעם אורטייל. כ׳האָב נאָך באַוויזן צו הערן ווי איינער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שווערן זיפץ: „תליה!!!״ און די מאַשין איז זיך פאַרביי און זיך פאַרהאַלטן ביים אַריינ־גאַנג פון טורמע־בנין. אין אָפיצערס צימער, זענען שוין געגרייט געווען די רויטע קליידער, די קליידער פון פאַראורטיילטן צו תליה. מען האָט מיר ארונטערגענומען די קייטן און די וואַך האָט זיך אָפגע־טראָגן. דער אינספעקטאָר דעי, האָט מיר פאַרן אוועקגיין געזאָגט שלום, און איך האָב אים געענטפערט „שלום, אויפווידערזען אויף יענער וועלט. אויב וועט מען דיך על פי טעות אריינעמען אין גן־עדן וועלן מיר קענען פאַרענדיקן דעם שמועס״.

איך האָב איבערגעביטן די קליידער און אין דער באַגלייטונג פון אָנפירער, מאַיאָר טשאַרלטאָן, בין איך געגאַנגען אין תליה־קאַרצער.

# דער טויט קאַרצער

## א.

צוויי טירן טיילן־אָפּ צווישן דעם לאַנגן קאָרידאָר און דעם תליה־קאַרצער. די ערשטע איז אַ געקראַטעטע געווענלעכע טיר, ווי ביי אלע צעלעס. די צווייטע טיר איז אינגאַנצן אויס דיקן אייזן און מיט משונהדיקע שלעסער. נאָכן אויפעפנען די טיר גייט מען ארויף אַ פּאָר טרעפּלעך און מען געפינט זיך אין אַ גרויסן צימער צעטיילט אויף דרייען: צוויי קליינע קעמערלעך און איין גרויסער צימער פאַרן וועכטער. איידער מען האָט מיך אריינגעפירט אין מיין קאַמער, האָט מיך מיסטער צ׳אַרלטאָן געפרעגט צי איך האָב נישט אַ וועלכע ס׳איז בקשות. כ׳האָב אַוועקגעשטעלט אַ לאַנגע ריי פון פאָדערונגען. כ׳האָב געוואָלט ביכער, סיגאַרעטן, פאַפּיר און א פעדער פאַר בריוו, אַ רעכט צו באַקומען באַזוכן, אַ מעגלעכקייט זיך ראַזירן אא״וו. אא״וו. ביי יעדער פאָדערונג, וואָס כ׳האָב אוועקגעשטעלט, פלעג מיסטער טשאַרלטאָן זיך דינגען מיט מיר און צום סוף מוותר זיין. ער איז אַ גריבלער און אַ פלאַפּלער, און האָט ליב צו רעדן וועגן זיך. און אזוי למשל ווען איך האָב געבעטן אַ דערלויבעניש צו באַקומען ביכער פון דער ביבליאָטעק, האָט מיסטער טשאַרלטאָן געזאָגט:

— ביכער? דו מיינסט אַוודאי דעם תנ״ך?

— אויך דעם תנ״ך. איך וויל ביכער צום לייענען.

איצט ווילסטו לייענען ביכער? דו דאַרפסט זיך צוגרייטן צום

עולם הבא. קוק אַריין אין תנ״ך, איך אַליין בין אַ קאַטויליקער. איך בין נישט קיין פּראָטעסטאַנט. איך בין אַ פרומער און גלייב אין גאָט. ליבער זאָלסט לייענען דעם תנ״ך. אויך איך לייען אים אַ סך...

— איך לייען אויך דעם תנ״ך — האָב איך געזאָגט, — אָבער איך וויל אויך ביכער צום לייענען. איך בין שוין גענוג צוגעגרייט צום עולם הבא. איך בין שוין גרייט צו אים זייט אַ פּאָר יאָר. צי לייענסטו נישט קיין ביכער, מיסטער טשאַרלטאָן? איך בין איבערצייגט, אַז דו לייענסט (למען האמת: בין איך איבערהויפּט נישט איבערצייגט אין דעם. איך האָב אים בלויז געוואָלט געבען אַזאַ קאָמפּלימענט, כדי צו באַקומען דאָס מייניקע), כאָטש דו ווייסט, אַז צו אַלער ענדע — וועסטו שטאַרבן. דאָס איז שוין די טבע פון מענטש: שעפּן וויסן כל זמן ער לעבט. אַ מענטש מאַכט נישט דעם חשבון אַז ס׳איז אומזיסט, אז דער סוף איז במילא אונטערגאַנג...

דער קאָמפּלימענט און די לעצטע באַגרינדונג, האָבן אים איבער־צייגט.

— נו, גוט — האָט ער געזאָגט — וואָס נאָך איז דיין פאַרלאַנג?

— סיגאַרעטן.

— דו ווייסט דאָך, אַז אין טורמע איז פאַרבאָטן צו רויכערן. לויטן רעגולאַמין וועסטו קענען באַקומען סיגאַרעטן בלויז נאָכן באַשטעטיקן דעם אורטייל דורכן מיליטער־קאָמאַנדיר. ביז דעמאָלט וועסטו גע־רעכנט אַלס אַ געוועגלעכער אַרעסטאַנט.

— איך האַלט, אַז ס׳איז נישט איבעריק לאָגיש. אויב בין איך אַ געוועגלעכער ארעסטאַנט, פאַרוואָס האַלט מען מיך דאָ און נישט מיט די איבעריקע ארעסטאַנטן? וואָלט איך דאָרטן געווען, וואָלט איך מיר שוין באַזאָרגט סיגאַרעטן.

— באמת? ווי אזוי?

— דאָס איז אן ארעסטאנטן־סוד. אָבער דו ווייסט דאָך גוט, אז ארעסטאנטן רויכערן טראָץ דעם פארבאָט. אייערע רעגולאמינס פאר־וואנדלען די טורמע אין א שולע פאר פארברעכער. דאָ לערנט מען ווי אזוי ברעכן דאָס געזעץ, ווייל ס׳איז נישט מעגלעך צו לעבן לויט אייערע רעגולאַמינס. דאָ לערנט מען ווי אזוי אָפּנארן די פּאָליציאנטן,

ווי צו גנבענען און ווי אזוי צו פארשטעקן. דאָס איז א הויכשולע פאר פאַרברעכער. וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, האַלט איך, אַז ס׳איז כלל נישט קריסטלעך, נישט דערלויבן מיר צו רויכערן זייענדיק אין תליה־קארצער. עס איז אין דעם פאראן א געוויסע מאָס פון איזדעקעוועץ זיך איבער א פאראורטיילטן צום טויט...

— נו, גוט. וועסט באַקומען סיגאַרעטן. איך וועל צו דיר שיקן דעם אָפיצער און וועסט אים זאָגן וועלכע סיגארעטן דו ווילסט. דער־ווייל נעם מיינע א פּאָר...

און אזוי, האָב איך באקומען אלץ, וואָס כ׳האָב פארלאנגט.

*

איך בין איבערגעבליבן אליין, פאַרהאַקט אין תליה־קאַרצער. בלויז אויסערן קארצער איז געזעסן א פּאָליציאנט, וואָס זיין אויפגאבע איז געווען, היטן איך זאָל נישט אנטלויפן און נישט באגיין זעלבסט־מאָרד. נעבן אים געפינט זיך דער אליארם־גלאָק, פארבינדן מיטן ביוראָ און מיט דער פּאָליציי־וואוינונג. דאָס רוב טורמע־וואך קען איך שוין און בין מיט זיי אין גוטע באציאונגען.

אין ערשטן אָוונט בין איך אומרואיק געווען. איך האָב מיין לעצטע אויפגאבע פארענדיקט. פון איצט אָן בין איך נישט נאָר אויף טויט פאראורטיילט — נאָר אויך אויף גאָרנישט טאָן. די מלחמה וועט אָנגיין אָן מיר. ס׳איז שווער איינשטימען מיט דעם...

מאָרגן וועלן מיינע קרובית זען, אז איך בין פאראורטיילט צום טויט. ביז איצט האָבן זיי אויך נישט געוואוסט וואו איך בין און מיין פארשוואונדן איז ביי זיי נישט געווען קיין וואונדער, ווייל במילא האָבן זיי מיך אַ סך נישט געזען. מ׳דאַרף זיי שרייבן בריוו. דער אָנפירער האָט מיר דערלויבט צו באקומען יעדן טאָג א באזוך. ס׳איז גוט זיי זאָלן זיך קומען געזעגנען. זאָלן די ווייבער נאָר נישט וויינען בעתן באזוך. איך וועל זיי בפרוש שרייבן, אויב זיי ווילן וויינען, זאָלן זיי עס טאָן אין דער היים. מען דאַרף זיי ווי עס איז דערקלערן אז עס איז נישט אזוי שרעקלעך. אייגנטלעך בין איך פריי פון דעם אלעמען. איך בין פריי פון שרעק. איך שרעק זיך שוין נישט פאר גאָרנישט

און זיי — זענען פול מיט שרעק. יעדער פּאַליציאַנט אין גאַס איז פול שרעק. יעדעס נייע געזעץ פון דער אונטערדריקונגס־מאַכט (דער קאַמף פון אונטערגרונט האָט שוין ארונטערגענומען די מאַסקע פון די הערשער), פאַרשאַפט א מורא. אפשר זעט עס אויס ווי א פּאַראַדאָקס, אָבער פונדעסטוועגן דוכט מיר, אז איך בין פרייער פון די אַלע, וואָס דרייען זיך ארום „פריי" אין די גאַסן פון שטאָט און דאָרף...

איך שרייב קורצע בריוו צו אַלע מיינע קרובים, באַרואיק זיי און פאַרבעט זיי אויף א באַזוך...

עס אינטערעסירט מיך, וואָס ווען די צייטונגען מאָרגן שרייבן? צי וועלן זיי פאַרעפנטלעכן די גאַנצע רעדע? ווי וועט אויף איר רעאַגירן די פּרעסע פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי? איך גלויב, אַזעלכע פּראָצעסן דערלויבן שוין נישט מער אָנצורופן אונדז א „פאַרברעכע־רישע באַנדע". וואָס וועט טאָן דער „דבר" און „משמר"? איך שטעל מיר פאָר, אז זיי וועלן פאַרעפנטלעכן בלויז דעם אורטייל און די באַגרינדונג פון ריכטער. דאָס איז דער אויסוועג פאַר זיי. זאָלן כאָטש די קיבוצים נישט וויסן דעם אמת, ווייל דאָרט לייענט מען נישט קיין אַנדערע צייטונגען...

כמעט יעדע שעה קומט א בריטישער סערזשאַנט און קאָנטראָלירט צי אַלץ איז אין אָרדנונג ביי מיר. אויך דער אָנפירער האָט מיך נאָך צוויי מאָל באַזוכט איידער כ'האָב איינגעדרימלט. אַלע, כאילו זענען בודק מיין שטימונג. זיי הייבן־אָן מיט מיר א געשפּרעך און איך באַווייז א לאַכענדיק פּנים און וויצל זיך.

•

ווען איך האָב זיך צומאָרגנס אויפגעוועקט איז שוין געווען 9 א זייגער אינדערפרי. זייער מיד, בין איך געשלאָפן א רואיקן טיפן שלאָף. אַלץ, וואָס כ'האָב געפילט איז געווען אן אנגענעם געפיל, ווי נאָכן דערפילן א פליכט.

— פּאָליטישע פּראָצעסן האָבן א צוויי־פּאַכיקן ווערט; ערשטנס — דערציען דאָס פּאָלק. צווייטנס — דעמאָנסטרירן אונדזער גרייטקייט

צום קאַמף אָן פשרה. אָן די צוויי זאַכן קען נישט קיין פּרייהייטס־קאַמף מצליח זיין. וואָס איך האָב געוואָלט איז — זען אַ צייטונג. אויב וועט אין דער פּרעסע נישט געגעבן ווערן אַ געהעריקער אָפּקלאַנג, וועט אַנווערן מיין דערשיינען אין געריכט זיין ווערט.

אַ בריטישער סערזשאַנט מיט צוויי אַראַבישע אַרעסטאַנטן זענען געקומען אויסריייניקן מיין קאַמער. בעתן ריייניקן נעמט מען מיך אַרויס פון קאַמער און איך קען אַרומשפּאַצירן אין גרויסן צימער פון וועכטער. דאָס פענסטער פון דעם צימער גייט אַרויס צום הויף. פון דער רעכטער זייט געפינט זיך די טיר, וואָס פירט צום תליה־קאַמער. דורכן לאָך פון שליסל קען מען זען די תליה. אַלץ זעט דאָרט אַזוי פּשוט אויס, אַזוי פּרימיטיוו, ביז עס פאַרשאַפט מיר אַנטוישונג. עפּעס אַ מין אייזערנע שטאַבע אויסגעבויגן פון אויבן, און ביים עק אַ רעדל. דאָרט בינדט מען צו דעם שטריק. פון אונטער דעם, אַ טיר צעטיילט אויף צוויי, און אויף יעדער טייל מיט קרייט אָנגעצייכנט אַ טראָט פון אַ מענטשן־פוס. אויסער דעם, שטויב און שמוץ. „מ׳זאָל כאָטש אויס־ריייניקן דעם קאַמער איידער מען הענגט מיך" — טראַכט איך זיך, זעענדיק דעם פּלאַץ, וואָס דראָעט אויף הונדערטער טויזנטער יידן. כ׳בין צוגעגאַנגען צום פענסטער, אָט וואַרטן שוין אונטן מיינע פריינט. דער סערזשאַנט וויל מיך צוריקנעמען און טענהט, אַז איך טאָר נישט צוגיין צום פענסטער רעדן מיט די אַרעסטאַנטן, נאָר איך דערקלער אים, אַז נישט רעדן בין איך צוגעגאַנגען נאָר בלויז שעפּן אַביסל זון. און איך דריי־אויס מיין פּנים צו דער זון. ווען דער סערזשאַנט דער־ווייטערט זיך (ער דאַרף היטן צי די אַראַבער, וואָס ריייניקן־אויס דעם קאַמער, לאָזן נישט איבער אָדער נעמען נישט צו עפּעס־וואָס) ווענדע איך זיך צו אים אין ענגליש און אויף אַ קול, אַזוי, אַז מיינע פריינט זאָלן עס הערן:

— סערזשאַנט, פרעג, איך בעט דיך, דעם אָנפירער, אויב עס איז מיר דערלויבט אַ צייטונג. ווען יאָ — שיק מיר ברענגען...

איך געדענק נישט, וואָס איז געווען די תשובה פון סערזשאַנט, אָבער מיינע פריינט האָבן מיר געגעבן צו וויסן, רעדנדיק כאילו צווישן

זיך, אז בלויז דריי צייטונגען האָבן די רעדע פּארעפנטלעכט אינגאנצן. „דבר" און „משמר" האָבן קורץ געמאָלדן בלויז וועגן אורטייל. די צייטונגען וועלכע האָבן פּארעפנטלעכט די רעדע קען מען שוין אינ־דרויסן נישט באקומען. א יידישער פּאָליציאַנט האָט זיי דערציילט, אז מען פאַרקויפט זיי שוין מיט אַן איבערגעטריבענעם פּרייז אויפן „שווארצן מארק". פונדעסטוועגן איז דער פּאָליציאַנט נאָך אמאָל ארויס זיך באמיען צו באקומען דירעקט פון דער רעדאקציע. ער וועט זיך באַנוצן מיט רעם אויסרייד, אַז עס איז פאַר מיר. אויב ער וועט ברענגען — וועט מען מיר זי שיקן מיטן מיטאָג מאָלצייט. מען וועט זי צעקניי־טשן, איינרייסן, ארונטערנעמען דעם אויבערשטן טייל מיט דער דאטע און אין איר איינוויקלען דאָס ברויט...

איך צעשמייכל זיך צו מיינע פריינט און מיט א טארזאן־באוועגונג נעם איך ארויס דאָס שאכטל סיגארעטן און רויכער מיר פּאמעלעך איינעם אָן, גלייך איך זאל זיך רייצן מיט זיי. דערנאָך, האָב איך געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איך באדויער זיי, איך האָב פארברייטערט א לעכל אין דער נעץ און אין א פאסיקן מאָמענט ארויסגעשטופּט א סיגארעט. די חברה לאכן...

דאָס גאַנצע „באַגעגעניש" האָט מער נישט געדויערט ווי אַ פערטל שעה. ווען מען האָט פארענדיקט רייניקן מיין קאמער, האָב איך באדארפט צוריק ארייינגיין. אָבער דאָס פערטל שעה איז מיר גענוג געווען זיך צו דערוויסן וועלכע ביכער איך דארף בעטן פון ביבלאָטעק, אויסער די וועלכע איך וויל ליינען, אין וועלכן געקעכץ איך דארף זוכן א בריוו, וואָס עס הערט זיך אינדרויסן אא"וו. מאָרגן וועלן מיר זיך ווידער זען...

מיטן מיטאָג־עסן האָב איך באקומען א צייטונג. ריכטיקער, איז עס געווען שטיקלעך האלבע צייטונגען. לויטן אינהאלט, האָב איך פארשטאנען אז דער רושם פון מיין דערשיינען אויפן פּראָצעס איז געווען ביים עולם א קאָלאָסאלער. די צייטונגען האָבן געמאָלדן וועגן געשיקטע טעלעגראמען נאָך דעם זעלבן טאָג צום הויך־קאָמיסאר און

צום אויבערקאָמאַנדיר פון מיליטער צו בעטן פאַר מיר א באַגנאַדי־
קונג.

## ב.

איך געדענק נישט צי עס איז געווען אין דעם זעלבן טאָג אָדער צומאָרגנס. בעתן ליינען די צייטונג איז מיר פלוצים קלאָר געוואָרן, אַז איך בין א העלד אין די אויגן פון עולם. אין דער אַטמאָספער און אין דער סביבה וואו איך האָב געלעבט און אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט צו שאַפן, די אַטמאָספער און סביבה פון אונטערגרונט, איז געווען אונדזער געדאַנקען־גאַנג, אַזוי אַנדערש פון דעם געדאַנקען־גאַנג פון א געוועגלעכן בירגער, ביז ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אין מיין אויפפירן זיך איז געווען עפּעס ספּעציעלעס, נישט געוועגלעכעס. עס דוכט מיר, אַז אַזוי אומגעפער, האָט זיך גוליווער באַדאַרפט פילן, ווען ער האָט זיך פלוצים געפונען אין קערליק־לאַנד און דערזען, אַז ער איז... אַ ריז. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז איך וועל זיין א טעמע פאַר אינטערעס און פאַרערונג אין אַזא גרויסן מאָסשטאַב. פלוצים, האָב איך זיך געטראָפן אין אַזא מאָדנער לאַגע ביז איך האָב זיך אַליין אָנגעהויבן פרעגן צי בין איך טאַקע אין אמתן איך. כ׳האָב איבערגעריסן ליינען די צייטונג און אָנגעהויבן אַריינקלערן אין דעם. ווי פאַרשידנאַרטיק און מאָדנע זענען די וועגן פונעם לעבן. בילדער פון פאַרגאַנגענע טעג, פון מיין יוגנט, זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען פאַר די אויגן. פון זיידנס הויז און פון טאַטע־מאַמעס היים, פון די שול יאָרן, און ווידער האָב איך זיך געפרעגט צי בין איך עס? איך א העלד?

דאָס קינד וועלכעס דער זיידע, א ייד פון א קאָלאָניאַל־געשעפט אין לאָדזש, א ייד מיט א ווייסער לאַנגער באָרד, האָט עס אַוועקגע־זעצט אויף זיין שויס, שבת נאָכמיטאָג אַנטקעגן דער גאַנצער משפחה און פאַר אַלע אייניקלעך, וואָס זענען געזעסן אַרום אים, און פרעגט: „וויפל איז 6 מאָל 7?" און איך פלעג ענטפערן: „42". און דערנאָך: „4 מאָל 8?" און איך פלעג באַרעכענען און ענטפערן. און די מאַמע פלעגט צו מיר וואַרפן אַ בליק פול ליבע. און נאָכדעם, ווי כ׳בין

אויסגעשטאנען אלע פראגן פון חמש־מעשיות, און פלעג דערציילן דעם זיידן באריכות וועגן ששת ימי בראשית און וועגן תיבת־נוח, פלעג דער זיידע א קניפ טאָן מיר אין בעקל (אוי האָט עס ווי געטאָן !), ווענדעט זיך צו די ארומיקע און דערקלערט זיי אויף יידיש : „איר זעט, דאָס איז די איידלקייט אליין״.

איך געדענק דעם טאָג ווען דער זיידע איז געשטאָרבן, אָבער אפשר געפינט ער זיך ערגעץ וואו און זעט דעם סוף פון דער „איידל־קייט״ זיינער ? אז איך האלט ביי אויפגעהאָנגען ווערן, ווי א פאר־ברעכער. אָדער די „איידלקייט״, אין בעסטן פאל, איז א קריגס־העלד ? און נאָך פלעג ער געוואוינט זיין מיר א קנופּ טאָן אין באק און זאָגן צו די ארומיקע : „איר זעט, אלע ימים־טובים וועלן אונטערגיין, און דער פורים וועט בלייבן״. אפשר איז דאָס א נבואה געווען ? די גאנצע משפחה, די אַלע וועלכע פלעגן זיצן אין די שבתים אין זיידנס הויז, זע־נען געבליבן אין פוילן, און ידיעות קומען פון דאָרט, אַז אַלע יידן האָבן די דייטשן געפירט צו די פארניכטונגס־אויוונס, איך דער איינציקער בין איבערגעבליבן ! און איצט וועל איך אויך פארשווינדן ? !

און וואו זענען די ווידערשפעניקונגס־שטריכן פון מיין כאראק־טער, וועלכע האָבן מיך דערבראכט ביז צו דעם ? די שטריכן האָבן זיך דאָך באדארפט ווייזן אויך זייענדיק א קינד. א מאָל, האָב איך אויפגערעגט דעם זיידן. אין איינעם א שבת האָב איך אים גפרעגט צי האָבן אדם און חוה באמת נישט געהאט מער קיין קינדער ווי קין און הבל ? און זיין ענטפער איז געווען א פּאָזיטיווער. דעמאָלט האָב איך ווייטער געפרעגט קשיות :

— און קין האָט געהרגעט הבל׳ן ?

— ריכטיק, מיין קינד.

— דערקלער־זשע מיר זיידע, ווי אזוי זענען געבוירן געוואָרן נאָך מענטשן, אז קין האָט נישט געהאַט מיט וועמען חתונה צו האָבן ? עס איז דאָך מער קיין ווייבער נישט געווען אויף דער וועלט ?

איך האָב זיך שטארק געוואונדערט זעענדיק, ווי דער זיידע איז בייז געוואָרן. ער האָט מיך אַרונטערגעלאָזט פון שויס, עפּעס אַ

ברום געטאָן אויפן טאטן, וואָס ער דאַוונט נישט, אַז ער האָט אַרונ־טערגעוואָרפן פון זיך עול מצוות און מיינע פראגן איז דער רעזולטאַט דערפון. איך האָב געוואָלט שיצן דעם טאטן זאָגנדיק, אַז ער דאַוונט יאָ, און אַז אין די שבתים נעמט ער מיך מיט אין שול. דער זיידע האָט מיך ווידער גענומען אויף זיינע שויס און האָט מיר מיט תקיפות דער־קלערט, אַז ווי ס׳ווייזט־אויס, האָבן אדם און חוה געהאַט אויך טעכטער נאָר דער תנ״ך דערמאָנט נישט קיינמאָל די טעכטער, און אַז בדרך כלל טאָר מען נישט פרעגן קיין קשיות אויף די הייליקע ספרים און נאָכקלערן וועגן זייער ריכטיקייט.

— פאַרוואָס טאָר מען נישט? — האָב איך געפרעגט.

— אַזוי איז עס און פרעג נישט קיין שאלות. מען טאָר נישט און גענוג.

אין דער היים האָט דער טאַטע מיך געפרעגט, ווי אַזוי איז מיר איינגעפאַלן פרעגן די פראַגע און איך האָב אים געזאָגט, אַז די מאַמע האָט מיר דערציילט ווען מען האָט חתונה קומען קינדער. דערנאָך איז מיר אויפגעקומען אין קאָפּ די פראַגע. טאַטע־מאַמע און די פעטערס און מומעס האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון מיין „חכמה" און איך האָב זיך געוואונדערט, אַז זיי האָבן הנאה און דער זיידע איז בייז...

...צי איז געווען אין מיין פראַגע, אין דער פראַגע פון אַ זעקס יעריק קינד, אַ סימן פון ווידערשפעניקונג? צי קען מען טרעפן אַ צוזאַמענהאַנג צווישן דעם דאַזיקן קינד און צווישן דעם מענטש, וואָס זיצט איצט דאָ אין טויט־קאַמער און וואַרט אויף דער תליה?

און אָט דערמאָן איך זיך נאָך:

אָ! דער דאָזיקער ענין מיטן פאַרלאָזן די שולע. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען 14 יאָר. די גימנאַזיע איז זייער טייער געווען. אין מיין יוגנט זענען מיינע עלטערן רייך געווען און שפּעטער פאַר־אָרעמט געוואָרן. (שטענדיק פלעג מיין מאַמע זאָגן, אַז מיינע קינדער־יאָרן זיינען גליקלעכער געווען ווי די קינדער־יאָרן פון מיין יונגערן ברודער). און אין דער העברעאישער גימנאַזיע איז געווען אַ מיאוסער מנהג. מען פלעג אהיימשיקן די קינדער וועמענס עלטערן האָבן נישט

באַצאָלט צו צייט שכר־לימוד. אָפט פלעגט מען מיך אויך אַהיימשיקן. איך פלעג זיך שעמען פאר מיינע חברים. אלע זענען געווען רייכע קינדער. האָב איך זיך דעמאָלט באפריינדעט מיט משהן. אויך ער איז געווען אַ זון פון אַ סוחרישע־משפחה, וואָס אין די קריזיס־יאָרן איז זייער עקאָנאָמישע לאגע אויך געווען א געפאלענע. אויך אים פלעגט מען אָפט אהיי־מטרייבן פון שולע און אים מעלדן ער זאָל נישט קומען ביז די עלטערן וועלן באצאָלן שכר־לימוד. משהן האָב איך זייער ליב געהאט. א מאָל, נאָכן אונטעריכט בין איך אראָפגעגאנגען אין גארדעראָבע וועלכע איז געווען אין א מין קעלער, און ארויפ־גייענדיק האָב איך געהערט פון אונטער דער וואנט משה׳ס מוטער, די פרוי קראקובסקי, רעדן מיטן דירעקטאָר. כ׳בין שטיין־געבליבן הערן. איך האָב געדענקט צו הערן, וואָס דער דירעקטאָר זאָגט וועגן משה׳ן איך זאָל אים קענען איבערגעבן סודות. און אָט האָב איך געהערט, ווי משה׳ס מוטער באקלאָגט זיך פארן דירעקטאָר, אז מען שיקט־אהיים איר זון אויך ווען מען פארשפעטיקט א טאָג צו באצאָלן דעם שכר־לימוד. זי האָט זיך געבעטן מען זאָל איר פארלענגערן א צוויי־דריי טעג. דער דירעקטאָר, ד״ר פערלמאַן, איז געווען א גראָבער מענטש. ער האָט גערעדט פויליש מיט א רוסישן דיאלעקט און האָט זיך נישט צוגעהערט צום געבעט פון דער מוטער.

— מיין שולע — האָט ער געזאָגט — איז בלויז פאר רייכע. אָרע־מע קינדער קענען לערנען אין די רעגירונגס פאָלקס־שולן, דאָרטן קאָסט קיין געלד נישט...

די רייד האָבן מיר געטראָפן, ווי א דונער פון הימל. „מען טרייבט אונדז אַרויס פון שולע! די שולע איז בלויז פאַר רייכע!... בלויז פאר רייכע!... בלויז פאר רייכע!...״

דאָסמאָל האָב איך נישט געוואַרט אויף משה׳ן. מיטן מאנטל אין איין האַנט און אין דער צווייטער דער שול־טאַש, בין איך א היים געלאָפן און די רייד פון דירעקטאָר יאָגן מיר נאָך. ווען כ׳האָב אויפ־געמאכט די טיר האָב איך געזען די מאמען זיצן ביי דער ניי־מאשין. איך האָב זיך געוואָלט באהערשן און נישט געקענט. מיט כוח האָב

איך אַ וואָרף געטאָן דעם טאַש אויפן דיל און ער האָט אַ גליטש געטאָן אונטער דער שאַפע. דעם מאַנטל האָב איך געוואָלט א וואָרף טאָן אויף דער סאָפע, אַבער די קעשענע האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן דער קלאַמקע און זיך צעריסן. די מאַמע האָט זיך דערשראָקן, זיך אויפגעהויבן און געשריגן: „וואָס איז געשען?!" „איך וועל מער נישט גיין אין שולע אריין!" — האָב איך דערקלערט און זיך א וואָרף געטאָן אויף דער סאָפע. די מאַמע האָט געבעטן איך זאָל דערציילן וואָס איז געשען, אָבער איך האָב אָפּגעזאָגט. צומאָרגנס בין איך נישט געגאַנגען אין שולע אריין. די עלטערן זענען מיר צודרינגלעך געווען איך זאָל דערציילן וואָס ס׳איז געשען, אָבער איך האָב זיך פאַרעקשנט און גאָרנישט דערציילט. איך האָב געוואוסט, אז עס וועט זיי פאַרשאַפן עגמת־נפש. אויך משה׳ן, האָב איך גאָרנישט דערציילט. די מאַמע איז געגאַנגען צום דערציער, צו ד"ר פאלק. ער איז געווען א גוטער מענטש, איך האָב אים ליב געהאַט. יעדעס מאָל ווען מען האָט גערופן די עלטערן אויסקומפט נעמען אויף די קינדער פלעג ער בעטן די מאַמע זאָל מיר קויפן קוכנס און מיר געבן אין זיין נאָמען. נאָכדעם, ווי די מאַמע האָט אים דאָסמאָל באזוכט, האָט ער מיך איינגעלאַדן א פּאָר מאָל צו זיך, נאָר איך בין נישט געגאַנגען. ביז איך האָב אים דורך א צופאל, באגעגנט אין גאַס, האָב איך אים דעמאָלסט דערציילט די סיבה פון מיין פאַרלאָזן די שולע. ער האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט קיינעם נישט דערציילן. ביז היינט ווייס איך נישט צי ער האָט געהאַלטן וואָרט. נאָכן דערקלערן אים, אז איך האָב באשלאָסן זיך נישט צוריקקערן אין שולע און אז איך וועל אליין זיך לערנען אין שטוב, האָט ער מיך אויפגעהערט צו בעטן. ער האָט פאַרלאַנגט, אז איך זאָל אים פון מאָל צו מאָל באזוכן, אָבער איך בין נישט געגאַנגען...

...צי איז דאָס נישט געווען קיין רעוואָלט? אפשר אין דעם קען מען שוין טרעפן א בשותפותדיקס צווישן דעם „איך" פון דעמאָלט און דעם „איך" פון איצט?

און אין א מער שפּעטערע צייט? דער פאַל מיט די שקצים? איך האָב דעמאָלט אליין נישט פאַרשטאַנען ווי אזוי עס איז געשען. איך

האָב דאָך שטענדיק מורא געהאַט פאַר די שקצים, אָבער דעמאָלט זעענדיק, זיי אַריינוואַרפן שטיינער אין אַ יידישן געשעפט און גנבה׳נען עפל, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ קאָרב פאַרן געשעפט, האָט זיך אין מיר פּלוצים עפּעס אָנגעצונדן און מיך געשטופּט איך זאָל זיי באַפאַלן. ס׳איז טאַקע ריכטיק, זיי זענען אַלע געווען קלענער פון מיר, אָבער זיי זענען געווען אַ סך. איך האָב זיי פאַרטריבן און איינעם פון זיי געכאַפּט און נישט געוואוסט וואָס מיט אים צו טאָן. מיט זיין קאָפּ האַב איך געקלאַפּט אין וואַנט. די וואַנט איז געווען ראַפּיק און כ׳האָב דערזען בלוט אויף זיין קאָפּ. איך האָב זיך דערשראָקן, אומגעוואָרפן אים און אַנטלאָפן. די גאַנצע צייט האָט זיך מיר געדוכט, אַז גרויסע גוים וועלן מיך כאַפּן און הרגענען. שלעכט איז געווען, ווען די שכנים האָבן עס דערציילט דער מאַמען און זי פלעג שטענדיק ציטערן ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. ווען איך האָב זיך פאַרשפּעטיקט אַהיים צו קומען פלעג זי וואַרטן אויף מיר און נישט איינמאָל האָב איך זי געטראָפן וויינען, ווייל אין איר פאַנטאַזיע האָט זי מיך שוין געזען אַ צעשטאָכענעם. כמעט יעדע נאַכט פלעגן די גוים צעשטעכן אַ ייד.

אפשר איז געווען אין דער טאַט אַ גבורה? שטותים! איך וואָלט דאָך טויזנט־פאַכיקע ביישפּילן געקענט ברענגען פאַר מיין פּחדנות. למשל, דעמאָלט מיט יוסף שפּרינץ. ער איז באמת געווען אַ שטאַנד־האַפטער. ביידע זענען מיר דעמאָלט געגאַנגען אין די קאַשטשושקאָ־אַלייען, מיט לענה׳ן. דעמאָלט זענען מיר אַלט געווען 15 יאָר און ס׳דוכט מיר, אַז זי איז געווען דאָס ערשטע מיידל מיט וועלכער איך בין געגאַנגען שפּאַצירן אין גאַס, מיט וועלכער מיר פלעגן מאַכן ראַנדעוואוס. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען דריי שקצים גרעסערע פון אונדז. פאַרבייגייענדיק האָבן זיי אונדז אַזאַ שטופּ געטאָן, אַז מיר זענען אַראָפּ פון טראָטואַר. איך בין גרייט געווען פאַרציכטן און געדאַנקט גאָט, אַז זיי זענען אַוועק און זיך מער נישט געטשעפּעט, אָבער יוסף ווי ער וואָלט זיך האָבן אָפּגעריסן פון אונדז זיי נאָך. ער איז געווען אַ גוטער ספּאָרטלער. ער האָט געפּאַקט דעם לעצטן און לויפנדיק האָט ער אים אַ קאָפּע געטאָן אין הינטן. און ווען דער שקץ

האָט זיך אויסגעדרייט האָט ער אים אריינגעהאקט מיט דער פויסט אין פנים אריין מיט אזא כוח אז דאָס בלוט האָט זיך א לאָז געטאָן בײַם שקץ פון דער נאָז. יוסף איז צוריקגעקומען און מיר האָבן זיי נאָך געזען אנטלויפנדיק. צומאָרגנס האָט יוסף דערציילט, אַז מיר האָבן געהאט א געשלעג מיט שקצים און איך האָב קיין פינגער נישט צוגעלייגט. איך האָב זיך פארטיידיקט מיט אן אויסרייד, אז איך האָב לענה׳ן נישט געוואָלט אליין איבערלאָזן. אָבער איך האָב דאָך געוואוסט, אז ס׳איז בלויז א תירוץ געווען. למעשה האָב איך מורא געהאט. און וואו איז דאָ די גבורה? ווי איז מעגלעך, אַז איך בין איצט אַ העלד?

און דאָס קומען אין לאנד אריין. בסך־הכל בין איך דעמאָלט אלט געווען 17 יאָר. דעם חלום וועגן ארץ־ישראל, האָב איך אָנגעהויבן וועבן אַלט זייענדיק 12 יאָר. כמעט טאָג־טאָג פלעג איך וועגן דעם רעדן מיטן טאַטן. ביי 14 יאָר האָב איך שוין געסטראַשעט, אז אויב וועלן טאטע־מאמע נישט פאָרן — פאָר איך אליין. איך האָב געהאט א שיפלאָד אין שאפע וואו כ׳האָב אָנגעזאמלט זאכן מיטצונעמען קיין ארץ־ישראל. פון איין זייט זענען געלעגן קליידער וועלכע איך האָב געקלערט מיטנעמען און פון דער צווייטער זייט ווערטפולע זאכן וועלכע איך האָב געקלערט צו פארקויפן אויף רייזע־שפעזן. דערנאָך, האָט מען אָנגעהויבן אָרגאניזירן די אומלעגאלע עליה. דאָס האָט געקאָסט א סך געלד. די עלטערן האָבן נישט געוואָלט הערן וועגן מיין פאַרלאָזן די היים. איך האָב געדראָט, אַז איך וועל אַנטלויפן. איך האָב די גאנצע צייט אליין געלערנט און צוגעטרעטן צו מאטורע, אָבער קיין צייגעניש האָב איך נישט באַקומען, ווייל איך בין דורכגעפאלן אין לאַטיין. איצט וועל איך שוין פאָרטזעצן אין לאנד — האָב איך געקלערט. איך וועל אנטלויפן, גנבענען גרעניצן, כ׳וועל קומען קיין קאָנסטאַנץ, און דאָרט וועל איך צוגיין צו די ארגאַניזאַטאָרן פון דעם אירגון־עליה און זיי דערציילן, אז איך בין אנטלאָפן פון דער היים, פון פוילן און זיי מוזן מיך מיטנעמען. סוף־סוף בין איך דאָך א חבר פון ארגון. און דעמאָלט, האָב איך זיך דערוואוסט, אז מען אָרגאניזירט אויך אן עליה פון לאָדזש. איך גדעדעק נישט ווי אזוי איך

האָב באַקומען דאָס ערשטע געלד. דוכט מיר, אַז ביי די חברים, און כ'האָב באַצאָלט 100 זלאָטעס אויפן חשבון פון דער עליה. די קבלה האָב איך געהאַלטן אין טאַש און נישט געוואוסט ווי אַזוי דערציילט מען דאָס די עלטערן. איך האָב געזוכט אַ געלעגנהייט נאָר נישט געוואַגט. איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט דער מאמען אַרום־און־אַרום, אַז פאַר מיר איז דאָ נישט קיין צוקונפט, אַז איך וועל דאָ נישט קענען לערנען, אַז מען נעמט נישט אָן קיין יידן אין די הויכשולן, ביז די מאַמע האָט פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, וואָלט באמת געווען אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָלט איך זיך נישט קעגנגעשטעלט, זאָלסט איצט פאָרן. מיר וועלן קומען נאָך דיר.

— מאַמע — האָב איך מיט פרייד אַ זאָג געטאָן — דו מיינסט עס ערנסט?

— יאָ, ערנסט. — האָט זי מיט זיכערקייט געזאָגט.

— און אויב וועל איך דיר זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, וועסטו נישט ענדערן דיין מיינונג?

— ניין, איך וועל נישט ענדערן — האָט די מאַמע געזאָגט מיט קווענקלעניש.

— אַלזאָ, עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט און איך האָב זיך שוין פאַרשריבן — האָב איך געמאָלדן דער מאמען. — אָט איז די באַשטע־טיקונג. איך האָב שוין באַצאָלט 100 זלאָטעס.

די מאַמע איז צעטומלט געוואָרן. זי האָט זיך נישט געריכט אויף דעם. זי האָט גענומען דערקלערן, זי איז נישט אויסנגעוועזן, אַז עס וועט שוין זיין. זי האָט געקלערט מיר זאָלן פאָרן צוזאַמען, אַז מירן זיך באַראַטן מיטן טאַטן...

איך האָב געמאָלדן, אַז דאָס איז מיין באַשלוס. ווען טאַטע־מאַמע וואָלטן דאָס באַטראַכט מיט קאַלטקייט וואָלטן זיי פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז נישט אונדזער פּלאַץ, אַז מיר דאַרפן פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער ווען מען דאַרף עס אויספירן קווענקלען זיי זיך. איך האָב באַ־שלאָסן צו פאָרן און איך בין זיכער, אַז דאָס וועט צואיילן אויף זייער

פאָרן. איך האָב געבעטן די מאמען זי זאָל נישט צוריקציען אירע רייד און לאָזן וויסן דעם טאטן. ליבער איז מען זאָל מיך נישט צוואונגען צו אנטלויפן פון דער שטוב.

ווען איך בין דעם אָוונט אהיים געגאנגען, האָב איך געוואוסט, אז דער טאַטע וועט וואַרטן אויף מיר. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ בייז פנים, און האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט א באשלאָסנקייט:

— סארא מעשיות דערציילסטו דער מאמען! די מאמע ליגט און וויינט אַ גאַנצן אָוונט. האָסט שוין נישט וואָס צו טאָן נאָר איבער־שרעקן די מאמען מיט דיינע מעשיות! שלאָג זיך ארויס די זאכן פון קאָפּ און גיי שנעל זאָגן דער מאַמען, אַז דו פאָרסט נישט!

דער טאטע איז געווען אויפגערעגט און איך האָב געוואוסט, אז עס האָט קיין צוועק איצט צו דיסקוטירן מיט אים. כ'האָב אויך געוואוסט אז דאָסמאָל וועט ער נישט מוותר זיין. אויך איך האָב נישט געקענט מוותר זיין.

— כ'האָב נישט דערציילט קיין שום מעשיות — האָב איך געזאָגט — איך פאָר, זאָל זיין וואָס! הער אויף צו פארלאנגען איך זאָל צוריק־ציען, ווייל אויב דו וועסט ביי מיר ארויסבאקומען אזא צוזאָג, וועל איך נישט מקיים זיין און דער סוף וועט זיין, אַז איך וועל אַנטלויפן פון שטוב און אנשטאט פאָרן לעגאל וועל איך מוזן זיך שמוגלען איבער גרעניצן...

ביז צוויי טעג פארן פאָרן, האָט דער טאטע נישט דערלויבט. נאָר ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז איך האָב שוין א פּאַס און וויזעס קיין טשעכאָסלאָוואקיע און איטאליע און ווען איך האָב באקומען דאָס געלד, וואָס איך האָב באדארפט, איז ער איינשטימיק געוואָרן און מיר האָבן באשטימט, אז זיי וועלן קומען אין א יאָר ארום. ביז איך בין געקומען אין לאנד, האָבן די עלטערן נישט געוואוסט, אז די נסיעה איז געווען אומלעגאל. איך האָב דעם טאטן דערקלערט אז מיר האָבן א דערלויבעניש צו פאָרן און אז איך פאָר מיט א לוקסוס שיף. צוויי חדשים איז אָנגעגאנגען דאָס אמפּערן זיך אין דער היים ביזן פאָרן...

ביים געזעגנען זיך, האָט די מאמע זייער געוויינט. ווען די באַן

האָט גערירט, האָט זי שיעור נישט געחלשט. דער טאַטע, האָט זי געמוזט האַלטן און זי האָט געשריגן „מתי מיין קינד!...“ דאָס זענען געווען די לעצטע רייד וועלכע איך האָב פון איר געהערט...

מתי, דאָס געפּיעשטשעטע קינד פון דער מאַמען, זיצט איצט אין טויטן־קאַרצער... ער איז אַ העלד... ווי מאָדנע איז די זאַך. און אפשר נאָך מער מאָדנע איז, וואָס איך זע נישט קיין שום העלדישקייט אין מיין טאַט. עס איז בלויז אַ נאַטירלעכע זאַך אַזוי זיך אויפצופירן ווי איך האָב זיך אויפגעפירט. סאַרא העלדישקייט איז דאָ פאַראַן?...

איך האָב געוואָלט דערגרונטעווען דעם פּראָבלעם. איך האָב געוואָלט געפונען דעם סוד פון דער העלדישקייט. עס איז אפשר כדאי — האָב איך געקלערט — איך זאָל שרייבן עפּעס אויף דער טעמע. איך זאָל עס איבערלאָזן נאָך זיך, אַז דאָס זאָל דינען אַלס דערציאונגס־מאַטעריאַל. גוט, אַז די יוגנט זאָל וויסן, אַז העלדישקייט איז נישט עפּעס אַן איבער־מענטשלעכע זאַך, אַז יעדער מענטש קען זיין אַ העלד ווען ער איז נאָר אַ מאָראַלישער און איז נישט פאַרטאָן אין זיך, און לעבט נישט בלויז פאַר זיך און פאַרמאָגט אַן אמת אין וועלכן ער גלייבט. דער אמת און דער גלויבן איז עס, וואָס שאַפט די העלדיש־קייט. זיי באַפרייען דעם מענטש פון פחד און זאָרג פאַר זיך. אַ מענטש, וואָס ווייסט, אַז די גערעכטיקייט איז מיט אים, דער גלייבט און לעבט מיט זיין גלויבן און טוט איינפאַכע זאַכן, וואָס אין די אויגן פון געווענ־לעכע מענטשן זעען זיי אויס, ווי גבורה־טאַטן.

אַ שאָד וואָס די בלעטלעך וועלכע איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן זענען נישט איבערגעבליבן. אין קאַרצער האָב איך אַ סך געשריבן. און אין אַ פּאַסיקער צייט פלעג איך עס אַרויסגעבן מיינע חברים צו אַרעסט. זיי האָבן עס געהיטן, ביז ס'איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע און מען האָט געמוזט פאַרניכטן אַלע פּאַפּירן, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די ענגלישע הענט. צווישן דעם זענען אויך פאַרניכטעט געוואָרן אַ סך זייטן פון דעם טאָג־בוך, וואָס איך האָב געשריבן...

דער אָנפירער האָט נאָך אין ערשטן טאָג פון מיין זיין אין קארצער געבראכט א מין גרויסן טאָג־בוך, וואו עס האָבן ענגלישע סערזשאנטן געמוזט פארשרייבן יעדע דריי שעה מיין אויפפירן זיך. ביז היינט ווייס איך נישט סארא צוועק האָט אזא טאָג־בוך, אָבער פון די אראבישע שומרים מיינע האָב איך געהערט, אז ביי די פריערדיקע פאראורטיילטע איז עס נישט געווען איינגעפירט. עס זענען געווען שומרים מיט וועלכע איך האָב אָנגעקנופט גוטע באציאונגען, און זיי פלעגן מיר דערלאנגען דעם טאָג־בוך איך זאָל לייענען אין אים. כ׳האָב דערציילט די שומרים, אז אין טאָג־בוך איז פארשריבן, ווי זיי פירן זיך אויף, און זיי זענען געווען פאראינטערעסירט איך זאָל זיי פארטייטשן, וואָס עס פארצייכנט דער סערזשאנט וועגן זיי. איך פלעג לייענען: „איך האָב באזוכט א זייגער 12 מיטאָג. דער פאַראורטיילטער איז רואיק און ווייזט נישט ארויס קיין סימנים פון נערוועזיטעט. לייענט אַ העברעאיש בוך. איך האָב מיט אים געהאט א לייכטן געשפרעך און ער איז געווען מילד און האָט זיך געוויצלט...״ און דעם אראבישן פאָליציאנט פלעג איך פאר־טייטשן: „איך האָב באזוכט א זייגער 12. געטראָפן דעם אראבישן פאָליציאנט אויף זיין פלאץ. ער איז וואך און פילט אויס זיין אויפגאבע ווי געהעריק. דער ארעסטאנט איז אין זיין קאמער״. דער פאָליציאנט פלעג מיר דאנקען פאר דער אינפאָרמאציע און איך האָב געוואוסט, אז ביים צווייטן מאָל וועט ער מיר ווידער דערלאנגען דעם בוך. וואָס עס איז געווען דער צוועק פון דעם טאָג־בוך ווייס איך ביז היינט נישט.

די זאך האָט אויף מיר געמאכט אן איינדרוק פון זאַמלען מאטעריאל פאר א מין פסיכאָלאָגישער פאָרשונג. אפשר איז געווען א מין אָפטיילונג אין דער געהיימפאָליציי, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו קאָנטראָלירן די מענטאליטעט פון די יידישע פרייהייטס־קעמפער און אפשר א מין געזעלשאפט פאר פסיכאָלאָגישע אויספאָרשונגען, האָט געבעטן בייס אָנפירער איינצופירן די זאך און באקומען מאטעריאל אויף אזא מין טיפּ ווי איך. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אז ס׳איז געווען דער פריוואטער איינפאל פון מיסטער טשארלטאָן. יעדער ענגלענדער,

יעדער אָנפירער פון טורמע, האָט זיינע משוגעת׳ן. בלויז איין מאָל האָב איך געטראָפן אין דעם טאָג־בוך אַ באַמערקונג, וואָס איך וואָלט זי גערן געווען ארויסגעריסן פון דאָרט. איין בריטישער סערזשאַנט האָט פארשריבן: „...דער פאראורטיילטער האָט מיר דערציילט, אז די גאנצע משפחה זיינע האָבן די נאציס דערמאָרדעט. נעכטן האָט ער מיר געזאָגט, אז ער פארלאנגט פאפיר כדי צו שיקן צו זיין מומע א געזעגנונגס־בריוו פאר זיינע עלטערן. עס איז קלאָר אז דאָ איז פאראן אַ סתירה און דער פאַראורטיילטער האָט אָפּגענאַרט...״

צו אלדע רוחות! דערקלער דעם גוי אין סארא לאגע מיר געפינען זיך אין באצוג צו אונדזערע עלטערן, וואָס זענען פארבליבן אין גלות. ס׳איז דאָך כמעט נישט פאַראַן קיין האָפנונג און קיין מעגלעכקייטן, אז זיי לעבן נאָך און צוזאמען מיט דעם איז נישט זיכער, אז זיי לעבן נישט! איך האָב פארזוכט א פאָר מאָל זיך פארבינדן מיט זיי דורכן „רויטן קרייץ״ און נישט באקומען קיין תשובה...

אזא מין זאך אין טאָג־בוך האָט מיך זייער פארדראָסן און אין מיין טאָג־בוך האָב איך פארשריבן די זאך און דערקלערט דעם שורש פון דער מיספארשטענדעניש. איך האָב נישט געוואָלט, אז עמעץ זאָל קענען זאָגן נאָך מיין טויט, אז איך בין געווען א ליגנער...

*

די וועכטער מיינע, זענען אלע גריבלער און פלאפלער. אָפּט מאָל ברענגט מיך זייער גריבלען און פלאַפּלען אַרויס פון די כלים. צום פאַראורטיילטן צום טויט האָבן זיי, ווייזט־אויס, אַ גרויס פאַרטרויען און כמעט טאָג־טאָג הער איך לאנגע מעשיות, וואָס זייער אינהאלט גרענ־ניצט כמעט מיט ווידוי. ווייזט־אויס, אז די וועכטער האָבן א רושם, אז וואָס זיי דערציילן מיר, גייט אין קבר אריין. פון דער גרעסטער טייל מעשיות גייט־אויף די נאאיוויטעט און פרימיטיוויטעט פון דעם פאָלק. ס׳איז אויך נישט לייכט אונטערצושיידן צווישן דער פאנטאזיע און דעם אמת אין זייערע רייד. על פי רוב הער איך נישט מיינע שומרים מיט גרויס אינטערעס און אָפּטמאָל באַווייז איך אומגעדולד כדי זיי זאָלן אויפהערן. עפעס האָט זיך מיר איין מעשה איינגעקריצט

אין זכרון. איך וועל זי דאָ איבערגעבן, כאָטש איך בין זיכער, אז עס וועט זיין בלויז א קירצונג און ס׳וועט פעלן די זאפטיקייט פון די אראבישע דערציילונגען:

„אלץ איז ביי אַללאַ״ — האָט דער אראבער אָנגעהויבן דערציילן.
— „דארפסט נישט מורא האָבן פארן טויט. אויב אַללאַ וויל נישט זאָלסט שטארבן — וועט מען דיך נישט הענגען. און אויב וויל ער — וועט ער דיך נעמען צו זיך אפילו דער הויך־קאָמיסאר וועט דיך באגנאַדיקן. דו ביסט א „גאבדאי״ און שרעקסט זיך נישט פארן טויט, דו ביסט נישט טרויעריק און וויינסט נישט. איך האָב זייער ליב „גאבדאיט״ (העלדן). איך וועל דיר עפעס־וואָס דערציילן, וואָס כ׳האָב נאָך קיינעם נישט דערציילט און זאָל מיך אַללאַ היטן, אויב עס זאָלן די ענגלענדער זיך דערוויסן וועגן דעם. ווי, דענקסטו, איז געשען די זאך, וואָס איך בין א שומר אין ירושלימער טורמע, און איך בין כלל נישט קיין „פאלעסטינעזער״, נאָר אן עבר־ירדנער? אָבער דאָס איז א סוד. די ענגלענדער מיינען, אז איך בין ה „פאלעסטינער״ און זאָל מיך אַללא היטן, זיי זאָלן זיך דערוויסן דעם אמת. און די זאַך איז אַזוי געשען: אין יאָר 1938 איז מיר געלונגען צוזאמען מיט מיין ברודער, פאַרדינען אַ ביסל געלד. מיר פלעגן שמוגלען „חאשיש״ פון עבר־הירדן קיין מצרים. מיר האָבן שוין פארמאָגט ביי א פיר טויזנט פונט, האָב איך געזאָגט צו מיין ברודער: גענוג זיך באשעפטיקן מיט שמוגלען. לאָמיר קויפן א שטיקל ערד, קויפן ווייבער און לעבן „מאבסוט״ (צופרידן) און אָן דאגות. האָט מיין ברודער געזאָגט: מיר האָבן נאָך בלעכן חאשיש, מיר וועלן זיי איבערפירן מיט איינמאָל, פארקויפן און אויפהערן. האָב איך מסכים געווען און מיר זענען געגאנגען. מיר האָבן פארקויפט, שיין פארדינט, אומגעקערט זיך זאָגט מיין ברודער: נאָך איינמאָל וועלן מיר גיין. איך האָב נישט געוואָלט גיין, אָבער כ׳האָב אויך נישט געוואָלט ער זאָל אליין גיין, זענען מיר געגאנגען. מיר זענען ווידער צוריקגעקומען בשלום. עס זענען פארביי צוויי חדשים, האָט ווידער מיין ברודער צו מיר געזאָגט: לאָמיר נאָך איינמאָל גיין. און ווידער, האָט אַללאַ מיר צוגענומען מיין פארשטאנד און איך

האָב מסכים געווען. מיר זענען ביינאַכט געגאַנגען צווישן די חברונער בערג מיט צוויי אָנגעלאָדענע אייזלען חאַשיש. געווען איז עס אַ פינסטערע נאַכט און מיר האָבן גאָרנישט געזען ארום זיך, אָבער דעם וועג האָבן מיר גוט געקענט. פּלוצים האָבן מיר דערהערט ווי מען באַפעלט אונדז שטיינבלייבן. מיר האָבן דערקענט, אַז דאָס זענען אַראַבער, האָבן מיר ארונטערגענומען די ביקסן פון די אייזלען, אָנגע־לאָדן א קויל און געשטאַנען. ביי א צען אַראַבער זענען צוגעקומען, האָבן אונדז באַגריסט און געזאָגט, אַז די נאַכט וועלן זיי באַפאַלן אַ יידיש דאָרף אין דער געגנט פון ירושלים און זיי בעטן, מיר זאָלן זיך אָנשליסן אָדער געבן זיי די ביקסן ווייל עס פעלט זיי געווער. נאָך דעם, ווי זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז ס׳וועט זיין א גרויסער רויב, האָט מיין ברודער מסכים געווען זיך אָנצושליסן און אויך איך בין מיטגעגאַנגען. מען האָט אונדז געבראַכט אין דאָרף אַריין, דאָרטן אָנגעבינדן די אייזלען און ארויס אין וועג. געווען זענען מיר ביי א פופציק מאַן, אַלע באַוואָפנט מיט ביקסן און יעדער איינער האָט אויך געהאַט א „שובריע״ ( א מעסער). א פּאָר שעה זענען מיר געגאַנגען צווישן די בערג, ביז מיר האָבן דערזען דאָס יידישע דאָרף. מיר האָבן זיך צעשפּרייט און אָנגעהויבן שיסן. די יידן האָבן געענטפערט מיט שיסע־ריי און באַלאָכטן די געגנט מיט פּראָזשעקטאָרן. דער ברודער איז פאַרוואונדעט געוואָרן נעבן מיר. מיר האָבן אָנגעהויבן צוריקציען. מיין ברודער האָט נישט געקענט גיין און ווען מיר זענען אריבער דעם שאָסיי, אריינצוגיין ווידער אין די בערג, האָבן מיר געזען זיך דערנענ־טערן מאַשינען. די וועלכע האָבן געשלעפּט מיין ברודער האָבן אים איבערגעלאָזט אויפן פּלאַץ און זענען זיך צעלאָפן. זיי האָבן געוואָלט זוכן א שוץ אין די בערג און שיסן אויף די ענגלענדער וועלכע זענען געפאָרן מיט די מאַשינען אויפן שאָסיי. די ענגלענדער, האָבן זיך פאַרהאַלטן דערזעענדיק דעם ברודער ליגן. מיר האָבן געעפנט אויף זיי א פייער, אָבער זיי האָבן געהאַט מאַשין־געווער און קאַנאָנען און באין ברירה — זענען מיר אנטלאָפן. זיי האָבן מיין ברודער אוועק־גענומען אין שפּיטאָל און דערנאָך אין טורמע אַריין. איך האָב געוואָלט

זיין נעבן מיין ברודער בין איך געקומען און זיך פאַרשריבן אויף א פאַלשן נאָמען, אלס א פּאַליציאַנט. כ׳האָב אונטערגעשריבן (דא נעצט ער־איין דעם גראָבן פינגער און ווייזט ווי ער האָט געלייגט דעם פינגער אויפן פּאַפּיר אנשטאט אן אונטערשריפט), וואָס מען האָט מיר געהייסן אונטערשרייבן — און בין אָנגענומען געוואָרן. ביי א 8 מאָנאַטן האָט מיין ברודער געוואַרט אויפן משפט. איך האָב זיך געשראָקן, אז מען וועט אים הענגען דעריבער האָב איך נישט געשפּאָרט קיין געלד פאַר די אדוואָקאַטן און אונטערגעקויפט די עדות. דאָס גאַנצע געלד, וואָס איך האָב פאַרדינט אין חאַשיש — האָב איך אויסגעגעבן. צום סוף איז געווען דער משפט און מיין ברודער איז ארויס פריי. ווען איך האָב געוואָלט פאַרלאָזן די פּאָליציי, האָב איך זיך דערוואוסט, אז איך האָב אונטערגעשריבן אויף פינף יאָר, און אויב איך וועל פאַרלאָזן וועט מען מיך איינזעצן אין טורמע. איך האָב געקלערט אביסל צו וואַרטן און אנטלויפן. דערווייל איז מיין ברודער קראַנק געוואָרן. מען האָט אים גענומען אין שפּיטאָל. דריי חדשים האָט ער געליטן און איז געשטאָרבן. זעסטו, אַללאַ האָט געוואָלט ער זאָל שטאַרבן קען גאָרנישט העלפן. דרויסן־טיר. ווען עס הערט זיך דאָס סקריפּן פון שליסל אין שלאָס געוואָלט. פון דער תליה איז ער ניצל געוואָרן האָט אים אללא צוגע־שיקט א קרענק און ער איז געשטאָרבן. אומזיסט האָב איך אויסגעגעבן דאָס געלד....״

אזעלכע מעשיות האָב איך א סך געהערט אין תליה־קאַרצער. די פּאָליציאַנטן האָבן צו מיר צוטרוי און מער ווי זיי היטן מיך היט איך זיי. ווען זיי ענדיקן דערציילן — האָבן זיי ליב צו שלאָפן. דורך די קראַטעס גיב איך זיי ארויס א קאָלדרע און זיי שפּרייטן זי אויף ביי דער טיר פון מיין קאַמער. איך דאַרף צוהערן צי מען עפנט נישט די דרויסן־טיר. ווען עס הערט זיך דאָס סקריפּן פון שליסל אין שלאָס שטאָרקע איך דעם פּאָליציאַנט און שלעפּ אריין די קאָלדרע. דער פּאָליציאַנט האָט גענוג צייט זיך אויפשטעלן און זיך אויסגלייכן. דאָס עפענען די טירן פון קאַרצער איז נישט לייכט. פאַרשטייט זיך, אז איך בין פאַראינטערעסירט אין זייער שלאָפן, כאָטש איך ווייס נישט ווי

וועל איך עס קענען אויסנוצן. אויב עס וועט מיר געלונגען ארויס פון קארצער, וועל איך זיך ערשט געפינען אין דער לאגע פון א געווענ־לעכן ארעסטאנט און דאָס זאָגט נאָך נישט צו קיין שום מעגלעכקייט פון אנטלויפן. דערצו נאָך, דאָס באהערשן דעם פּאָליציאַנט, וואָס היט מיך, דערמעגלעכט נאָך נישט דאָס ארויסגיין פון קארצער, ווייל די שליסלען געפינען זיך נישט ביים שומר. די שליסלען היט דער אָפיצער אין ביוראָ.

פונדעסטוועגן פריי איך זיך, אז די פּאָליציאנטן זענען זיך נוהג צו שלאָפן. אפשר וועט זיך געפינען א וועג אָפּצוטראָגן זיך? דער געדאנק וועגן אנטלויפן, האָט באגלייט די ארעסטאנטן פון אונטערגרונט וואו זיי האָבן זיך נאָר געפינען, אלע זייערע יאָרן פון זיצן אין טורמע. היינט זייענדיק נאָך אין תליה־קארצער? עס האָט מיר א מאָל דער־ציילט א יידישער ארעסטאנט, וועלכער איז אויך געווען פאראורטיילט צום טויט, אז זייענדיק אין תליה־קארצער, איז אין שכנותדיקן קאמער געזעסן אן אראבישער פאראורטײלטער. דעם אראבערס אורטייל איז באשטעטיקט געוואָרן און מען האָט אים געמאָלדן דעם טערמין פון דער תליה. אין דער לעצטער נאכט פלעג דער אראבער זיך צוהערן וואָס עס טוט זיך אינדרויסן. אזוי למשל, האָט דער אראבער געהערט פארטאָג, אז אין ביוראָ קלינגט דער טעלעפאָן, בעט ער דעם אָפיצער ער זאָל גיין זיך דערוויסן צי איז עס נישט א באגנאַדיקונגס־מעלדונג פאר אים. דער אָפיצער איז געגאנגען און צו זיין פארוואונדערונג האָט ער זיך איבערצייגט, אז דער טעלעפאָן האָט באמת געקלינגען, נאָר קיין באגענאַדיקונגס־מעלדוננג איז עס נישט. ווען דער אָפיצער איז צוריקגעקומען און אים געמאָלדן, אז עס איז נישט קיין שום מעלדונג וועגן דער עקזעקוציע, האָט דער אראבער געפרעגט ווי דאָס וועטער איז אינדרויסן?

ס׳איז שיין אינדרויסן — האָט דער אָפיצער געזאָגט.

א שאָד — זיפצט דער פאראורטיילטער. — כ׳וואָלט געוואָלט, אז ס׳זאָל זיין זייער א שטארקער שטורעם, וואָס זאָל איינלייגן די טורמע, איך זאָל קענען אַנטלויפן...

איך, פאַרשטייט זיך, האָב נישט פאַנטאַזירט אַזעלכע פאַנטאַזיעס, אָבער מײַן מוח האָט געווירקט אינטענזיוו, דענקנדיק וועגן אַ מעג־לעכקייט פון אַנטלויפן. עס איז בלויז אַ שאָד, אַז איך האָב נישט געפונען אַ געהעריקן פּלאַן. און איך וואַג צו זאָגן, אַז כ׳האָב נישט געפונען — ווײַזט־אויס עס איז נישט געווען אַזאַ.

*

פון דער פּרעסע האָבן זיך מײַנע קרובים דערוואוסט, אַז איך בין דאָס רפאל בירנבוים און אויך מײַנע בריוו זענען געקומען צו דער צײַט. אויף אַן אויסנאַמס־אופן איז מיר דערלויבט געוואָרן צו באַקומען באַזוכן טאָג־טעגלעך. די באַזוכן קומען־פֿאָר אין די מיטאָג־שעהן, ווען אַלע אַרעסטאַנטן זענען אײַנגעשפּאַרט אין זייערע קאַמערס. מען נעמט מיך אַרײַן אין ביוראָ און דאָרטן, דורך אַ פאַרקראַטעטע און מיט אַ נעץ פאַרשטעלט פענסטער, מעג איך זען מײַנע קרובים אַ פערטל שעה. טאָג־טעגלעך קומט אַן אַנדערער פון מײַנע קרובים און לויט זייער באַציִען זיך צו מיר פראַשטיי איך אויף סאַראַ מאָס האָט זיך געענדערט דאָס באַציִען זיך פון ציבור צום אונטערגרונט. אין אַלע יאָרן זײַענדיק אין מזרח און אין לאַטרון האָבן זיך זייער ווייניקע מיט מײַן גורל פאַר־אינטערעסירט און איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז מײַנע קרובים ווילן זיך פון מיר אָפּשאָקלען. איך בין געווען די „חרפּה פון דער משפּחה”. אַ „טעראָריסט” אין דער משפּחה ר״ל! איצט שטאָלצירן זיי איבער מיר. אַלע האָבן מיך ליב. איך האָב געבעטן אין מײַנע בריוו זיי זאָלן נישט וויינען, דעריבער האַלטן זיי זיך אײַן, אָבער איך זע דאָך אָנגעשוואָלענע און פאַרווײנטע אויגן. פאַראַן אויך, ווען די ווײַבער קענען זיך נישט אײַנהאַלטן און ווען איך האָב אַמאָל געפּרובט אויף אַ וויציקן אופן אײַנהאַלטן דעם שטראָם פון טרערן בײַ אַ קוזינע, האָט זי מיך געבעטן איך זאָל נישט לאַכן, ווײַל דאָס קען אויפרעגן די ענגלענדער. איך, לויט איר מיינונג, דאַרף אַרויסווײַזן סימנים פון חרטה, ווען נישט וועלן זיי מיך אויפהענגען.

בײַ די באַזוכן ברענגען מיר די קרובים פּרוכטן און ציקערוואַרג, וואָס ווערט מיר איבערגעגעבן נאָך אַ גרינטלעכער רעוויזיע. מײַן

קאמער איז שוין פול שאכטעלעך און בייטעלעך און אפילו מיט דער הילף פון די פאָליציאַנטן קען איך עס נישט ענדיקן. די, וואָס קומען מיך באַזוכן גייען־דורך א גרונטלעכע אונטערזוכונג און איידער מען לאָזט זיי אריין אין געביט פון טורמע מוזן זיי באַווייזן די משפחה קירבהשאפט. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אז דער מאַן פון איינע פון מיינע קוזינעס איז פאַרהאַלטן געוואָרן ווען ער איז מיך געקומען באַזוכן. ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס געהער איך אים אָן, האָט ער געענטפערט: "Friend" (א פריינט), אנשטאט „קוזין". די „פריינטשאפט" האָט אים געקאָסט צוויי טעג זיצן, פאַרשונגען און דראַאונגען, ביז עס איז אים געלונגען באַווייזן די משפחה נאָענטקייט.

ד.

די באַזוכן און די פּעקלעך, וואָס איך באַקום, קענען געזעץ, זענען אין א גרויסער מאָס דער רעזולטאט פון די באַציאונגען, וואָס איך האָב פאַרבונדן מיטן אָנפירער. אָפט באַזוכט ער מיך, און מיר שמועסן כמעט בידידות. ער איז נישט איבעריק קלוג און שטאַרק נערוועז. די „ידידות" צווישן אונדז איז, פאַרשטייט זיך, א געמאַכטע און ס'איז אונדז ביידע קלאָר, אז גערן וואָלטן מיר איינער דעם צווייטן אין א לעפל וואַסער דערטרינקען, אָבער איך בין נישט קעגן דעם שפּיל פון „ידידות", ווייל איך האָב נישט וואָס צו פאַרלירן. בלויז ער, לויט די נישט געשריבענע געזעצן פון דעם שפּיל, דאַרף מיר מאַכן כל מיני דערלייכטערונגען.

און אזוי, א דאַנק די גוטע באַציאונגען מיט דעם, וואָס דאַרף זיין מיין הענקער, געלונגט מיר צו שאַפן באַקוועמע מעגלעכקייטן פון קאָנטאַקט מיט מיינע פריינט. אין דריטן טאָג זיין אין תליה־קאַרצער, האָב איך געזאָגט צום אָנפירער, אז עס איז מיר זייער אומאַנגענעם פאַר מיינע קרובים, ווען איך בין נישט ראַזירט און פאַרלאַנג א דער־לויבעניש זיך צו ראַזירן, נאָר אזוי־ווי עס איז אוודאי א סכנה, לויטן שטאַנדפּונקט פון דער שמירה, צו געבן א פאַראורטיילטן צום טויט א ראַזיר־מעסער אין די הענט אריין, איז ליבער ער זאָל דערלויבן

איינעם פון די בחורים צו קומען מיך ראַזירן. עס קען געמאַכט ווערן ביי דער אָנוועזנהייט פון א בריטישן סערזשאנט. ווען איך וועל זיין אָפּראַזירט וועט עס מאַכן אַ בעסערן רושם אויף מיינע קרובים און אויך פאר דער אָנפירערשאפט פון ·טורמע איז אוודאי געווינטשן, אז אינדרוויסן זאָל זיך נישט שאַפן דער רושם אַז מען אידזעקעוועט זיך דאָ איבער די ארעסטאנטן. דאָס באגרינדן איז לאָגיש געווען און זיך געלייגט אויפן שכל. עס איז צו מיר געשיקט געוואָרן א יידישער בחור, וואָס האָט געארבעט אין שפיטאָל און האָט מיך יעדן אינדערפרי ראזירט. מיט דער הילף פון דעם בחור פלעג איך אויסטוישן בריוו.

איך האָב אָנגעגרייט אַ צעטעלע צו מיינע פריינט וואו איך בעט, זיי זאָלן זוכן א מעגלעכקייט ארייַנצובערענגען אין טורמע אביסל אויפרייס־מאַטעריאַל און אַ פאָר סענטימעטער ביקפאָרד־קנייטל. יהושע בעקער, וואָס ארבעט אין שלאָסעריי פון טורמע וועט קענען אָנגרייטן „ניטן" און זיי ביסלעכווייז אריבערפירן צו מיר. פון דעם וועל איך קענען צוזאמענשטעלן א פרימיטיוון האנט־גראנאט. איך וויל אויפרייסן די הענקער. איך האָב געבעטן מען זאָל זיך באלד פארבינדן מיט דער צענטראלע און פארלאנגען אין מיין נאָמען איר הסכמה פאר דעם.
אין צוויי טעג ארום האָט מען מיר געמאָלדן, אז אלץ איז אין אָרדנונג און מען גרייט־אָן די געהעריקע מאטעריאלן. פון איצט אָן האָב איך זיך שוין נישט געפילט פאראורטיילט. פון איצט אָן בין איך ווידער טעטיק געווען. די אַקציע האָב איך אויסגעפלאַנט מיט אַלע פרטים. אין א בלעכן פושקעלע פון באָנבאָנס וועל איך צוזאמענשטעלן דעם האנט־גראנאט. איך וועל ארייַנטאָן א קנייטל פון איין סענטימעטער אזוי, עס זאָל נישט נעמען מער ווי א סעקונדע פונעם אָנצינדן ביז דעם אויפרייס. אַ טאָג פאַר דער תליה, וועט קומען דער אָנפירער און וועט שמועסן מיט מיר פריינטלעך, ווי געווענלעך, און אין הארצן וועט ער זיך פרייען, אז מאָרגן וועט ער מיך הענגען. ווען ער וועט זיך אויסדרייען צו גיין און וועט נאָר אוועקשטעלן זיין פוס אויפן ערשטן טרעפל וועל איך זיך אָנבייגן, אויפהייבן דעם האנט־גראנאט, וואָס וועט זיין גרייט אין זייט, — אָנצינדן, ארויסשטעקן די האנט

דורך די קראַטעס און וואַרפן אויף אים. ווען אפילו ער וועט עס באַמערקן וועט ער נישט באַוויַיזן אַרויס פון דעם האַנט־גראַנאַט וויר־קונגס־געביט. ער וועט זיך געפינען אויף די טרעפּ אין אַ שמאָלן דורכ־גאַנג. ביז צו דער לעצטער מינוט וועל איך מיט זיי קעמפן...

— איצט זענען מיר גלייכע, מיין פריינט הענקער. דו דענקסט מיך צו פאַרניכטן און איך דיך. ווער וועמען פריער?

ווען איך וואָלט נאָך געקענט באַקומען אַ רעוואָלווער! איך וואָלט זיך באַפעסטיקט אין מיין קאַמער און וואָלט געשאָסן אויף יעדן, וואָס וואָלט געגענט צו דער טיר. זיי וואָלטן נישט געקענט צוקומען צו מיר כל זמן איך בין ביים לעבן. זיי וואָלטן באַדאַרפט מיך שיסן און אויך דאָס, נאָך אַ שווערן קאַמף. אויב איך וועל שטיין הינטער דער וואַנט וועלן זיי נישט קענען צילן צו מיר איך זאָל זיי נישט טרעפן. אָבער דאָס איז אַ פּוסטער חלום... אַ רעוואָלווער וועלן מיר נישט מצליח זיין אַריינבערנגען אַהער...

*

שבת איז געקומען צו מיר דער רב. נאָך פאַרן פּראָצעס האָבן מיינע פריינט פיל דערציילט מיט התפעלות וועגן דער פּערזאָן פון ר׳ אריה לוין. און איך, נאָך פון לאַטרון־צייט האָב איך פיינט באַקומען אונדזערע רבנים. געווען איז דאָס נאָכן באַזוך פון איינעם פון די הויפּט רבנים ביי די פאַרהאַלטענע. אַלע פאַרהאַלטענע האָבן זיך דע־מאָלט פאַרזאַמלט אין איינעם פון די באַראַקן, און דער רב האָט אָנגע־הויבן מוסרן די פאַרהאַלטענע. ער האָט געפאָדערט טריישאַפט צו „דער רעגירונג פון אונדזער לאַנד“ (בפירוש אזוי!), און האָט פאַרענ־דיקט מיט אַ צוזאָג אַז דאָס רבנות וועט גרייט זיין בעטן „אונדזער רעגירונג“ זי זאָל רחמנות האָבן אויף די פאַרהאַלטענע, זי זאָל מוחל זיין אונדזערע זינד און באַפרייען אונדז, אויב מיר וועלן צוזאָגן טריי־שאַפט דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט. פון דעמאָלט־אָן פלעג איך נישט גיין אפילו זען די רבנים וועלכע פלעגן באַזוכן די פאַרהאַלטענע פאַר יעדן יידישן יום־טוב. איך האָב זיי געהאַסט און זייער חנופה צו די ענגלענדער האָט אין מיר דערוועקט אַן עקל. אין אַ געשפּרעך מיט

מיינע פריינט האָב איך געזאָגט, אז ווען איך וועל אויך גיין צו דער תליה, וועל איך נישט וועלן זען קיין רב. האָבן זיי מיר דעמאָלט געבומען דערציילן וועגן רב אריה לוין. זיי זענען באַצויבערט געווען פון זיין פערזענלעכקייט און שפעטער בין איך אויך באצויבערט געוואָרן. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אן ערלעכערן און גוט־האַרציקערן מענטש פון אים. אַ מענטש, בלויז גוטס. שוין צוואַנציק יאָר ווי ער באזוכט יעדן שבת אין טורמע. צו יעדן ארעסטאנט באציט ער זיך ווי צו זיין זון. ער קען די משפחה פון יעדן אַרעסטאַנט און פארבינדעט צווישן די ארעסטאנטן און זייערע משפחות. נישט איינמאָל האָבן אים די אינסטיטוציעס פאַרגעלייגט געצאָלטס פאר זיין דינען אלס רב אין טורמע, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער שטעלט זיך איין פאר אונדזערטוועגן. ער ברענגט אונדז „פאָסט" און פירט ארויס „פאָסט". אונדז צו העלפן איז ער אויך גרייט ארעסטירט צו ווערן.

איצט איז צו מיר אריינגעקומען דער רב אריה. זיין פנים איז איינגעפאלן און אינגאנצן איין זאָרג. ער דריקט ווארעם מיין האנט דורך די קראטעס פון טיר און איך פיל, אז ס'איז אים שווער ארויס־צולאָזן אַ הויך פון מויל.

— נו, וואָס מאכט איר, רבי? — האָב איך געפרעגט אים ארויס־צונעמען פון זיין צעטומלונג.

ער האָט ווייטער געדריקט מיין האנט און בלויז געשעפטשעט: „מתתיהו, מתתיהו..." גלייך איך וואָלט זיין זון געווען. צום סוף האָט ער זיך דערמוטיקט אביסל און געזאָגט:

— גאָט זאָל דיך היטן. גאָט זאָל דיך היטן. זאָג תהילים, דאַוון...

— אויב גאָט וועט וועלן מיין קרבן, וועל איך אים גערן געבן — האָב איך געזאָגט.

— דו טאָרסט זיך נאָר נישט אומברענגען. איך האָב געהערט, אַז דו ווילסט נישט אונטערשרייבן אויף אַ באַגנעדיקונג. טאַרסט עס נישט מאַכן...

— ריכטיק. איך וויל נישט. נאָך מער: איך וויל בעטן דעם חשובן רב, ער זאָל לאָזן וויסן דעם הויפט־ראַבינאַט, אַז איך פאַרלאַנג, זיי

זאָלן אויך נישט שרייבן פאַר מיר אַ באַגענעדיקונגס־בקשה. איך וויל נישט, אַז די יידישע רבנים זאָלן זיך דערנידעריקן פאַר די גויים.

— פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָלסטו זיך אומברענגען? טו נישט אַזאַ זאַך! מען טאָר נישט. עס איז אַ זינד.

טרערן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זיינע אויגן.

— רבי, דאָס איז מיין בקשה צו אייך.

— ניין. ס׳איז אוממעגלעך. אויב דו ביסט אַליין נישט גרייט צו בעטן חנינה, פאַרוועד עס נישט אַנדערע צו מאַכן.

זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן טרערן. אַ פאָטערלעכע וואַרעמקייט האָט פון אים געבלאָזן. אויך איך בין געוועז גערירט זעענדיק זיין איבערגעבנקייט.

— מתתיהו! מתתיהו! ס׳איז אַ זינד זיך אומצוברענגען. האָב רחמנות אויף מיר. איך וועל עס נישט איבערהאַלטן. דו האָסט דיינס געמאַכט. דו דאַרפסט נאָך לעבן. דאָס פאָלק נויטיקט זיך נאָך אין דיר. שפּאָר זיך נישט איין! פאַר מיר, פאַר מיינעטוועגן טו עס!

— איך קען נישט, רבי.

— שרייב נישט אַליין, אָבער פאַרוועד נישט אַנדערע צו טאָן עס.

— רבי! פאַרשטייט, אַז איך קען עס נישט דערלויבן צו טאָן, אַז די יידישע רבנים זאָלן זיך דערנידעריקן פאַר די גויים. איך ווייס ווי זיי וועלן די ביטע שרייבן, אַז זיי, די ענגלענדער, זענען צדיקים גמורים און איך בין דער פאַרברעכער און אַז דער ראַבינאַט בעט רחמים. דאָס דערנידעריקט און ס׳וועט אויך נישט העלפן. נישט די ביטעס וועלן משפיע זיין אויף זייער באַשלוס.

— אָבער דאָס איז נויטיק. דער רב הערצאָג וועט גיין מיט זיי רעדן...

— אויך דאָס איז איבעריק...

— ניין. רעד נישט אַזוי. וואָס ווילסטו? שטאַרבן? טאָרסט נישט, טאָרסט נישט אַזוי וועלן.

עס איז מיר שווער געווען בייצושטיין זיינע טרערן.

— ווען איך וואָלט כאָטש געוואוסט, אַז זיי וועלן שרייבן אַ

שטאָלצן און מאָנענדיקן בריוו... האָב איך קווענקלענדיק געזאָגט.

— וואָס ווילסטו זיי זאָלן שרייבן?

— זאָלן שרייבן אָן דערנידערונג. פאָדערן פאַרבייטן דעם טויט־אורטייל אויף אַרעסט, ווייל ס'איז נישט רעכט און ס'איז נישט מאָראַליש צו הרגנען אַ מענטש, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיין פאָלק...

— גוט, גוט. איך וועל עס זאָגן דעם רב הערצאָג. איך אַליין וועל זען דעם בריוו איידער מען וועט אים אַוועקשיקן.

— אויך איך וואָלט אים געוואָלט זען.

— עס איז דאָך אוממעגלעך. ווען וועל איך אים קענען ברענגען? ערשט דעם קומענדיקן שבת. פאַרלאָז זיך אויף מיר. דו פאַרלאָזט זיך נישט אויף מיר?

— יאָ. איך פאַרלאָז זיך — האָב איך געזאָגט און זיך געפילט אַ מידער.

דער רב האָט זיך דערמוטיקט אַביסל. ער האָט מיר דערציילט ווי מען ציטערט פאַר מיין גורל אינדרויסן. ער האָט געפרעגט פרטים וועגן מיינע קרובים, וועלכע ער האָט געזען ביים טויער, וואַרטנדיק אויף באַזוך, ער האָט מיר געוויזן וועלכע קאַפּיטלען תהילים איך דאַרף זאָגן, זיך וואַרעם געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

שווער צו גלויבן, אַז עס איז נאָך פאַראַן מענטשן, וואָס ווייטיקן אין אַזאַ מאָס די ווייטיק פון צווייטן און פרייען זיך מיט זיין פרייד...

## ה.

אַ וואָך איז פאַרביי. אין דער וואָך — האָב איך געקלערט — וועט דער ענין זיך ענדיקן. עס איז אָנגענומען, אַז דער מיליטער־קאָמאַנדיר גיט זיין באַשלוס אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן. איך דענק, אַז דאָסמאָל וועט ער נישט פאַראינטערעסירט זיין אָפּצושטופּן זיין באַשלוס. בעת די באַזוכן הער איך, אַז די געשפּאַנטקייט אינדרויסן איז גרויס, און מען שמועסט וועגן ברייטע טאַטן, וואָס וועלן געמאַכט ווערן נאָך דעם, ווי מען וועט מיך הענגען. עס האָט זיך אויף פונאַנ־

דערגעשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ס׳זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פיר בריטישע אָפיצערן אַלס האַפּטונג. מיינע קרובים בעטן מיך אפילו, איך זאָל שרייבן צו די חברים מיינע, זיי זאָלן באַפרייען די אָפיצערן, ווייל, לויט זייער מיינונג, קען עס מיר בלויז שאַדן. „דאָס באַפרייען די אָפיצערן" — זאָגן זיי — „וועט זיין אַ זשעסט, וועלן די ענגלענדער אוודאי וועלן צוריקגעבן מיט אַ זשעסט". איך ווייס נישט צו עס איז פאַראַן אַ לאָגיק אָדער נישט, אין די דאָזיקע רייד, אָבער אַ פאַקט איז, אַז ס׳זענען נישט פאַרכאַפּט געוואָרן קיין אָפיצערן, איז דעריבער איבעריק געווען צו מאַכן אויסרעכנונגען און עצות צו געבן.

אין משך פון דער ערשטער וואָך בין איך געווען אין אַ גוטער שטימונג און מיט אַ קאַלטבלוטיקייט געוואַרט אויף דער ענדע פון דער פרשה. איך בין איבערצייגט געווען, אַז מען וועט מיך הענגען און ווייל איך האָב נישט געגלויבט אין אַן אַנדער מעגלעכקייט, האָב איך זיך געקענט באַהערשן איבערן ווילן פון לעבן און וואַרטן געדולדיק. ביי די באַזוכן דערציילן מיר די קרובים וועגן אַ ברייטע אינטערווענץ פון אינסטיטוציעס און פערזאָנען פאַר מיין באַגנעדיקונג, ס׳זענען געגעבן געוואָרן הבטחות מצד פערזאָנען פון דער מאַכט און אַז ס׳זענען פאַראַן גוטע אויסזיכטן. די זאַכן דערוועקן אין מיר דעם געדאַנק, אַז ס׳זענען דאָך פאַראַן אויסזיכטן. און ווייל איך האָב אָנגעהויבן גלייבן אין אַ מעגלעכקייט פון געגאָד בין איך געוואָרן אומגעדולדיק. כ׳הייב־אָן קלערן וועגן לעבן. וויפיל איך באַמי זיך אַליין איבערצוצייגן, אַז איך טאָר נישט לעבן אין אַן אילוזיע, קען איך נישט נישט־טראַכטן וועגן דער באַגנעדיקונג. די נישט זיכערקייט דענערווירט מיך. איצט דערוועקט זיך ביי מיר דער חשד, אַז די רעגירונג קען מיך אַ לענגערע צייט האַלטן אין אַזאַ לאַגע, דענקנדיק, אַז כל זמן איך בין אין תליה־קאַרצער און וואַרט אויף דער אַנטשיידונג, וועט דער אונטערגרונט נישט ווירקן כדי נישט צו געבן אַ באַרעכטיקונג פאַר באַשטעטיקן דעם אורטייל. זיי וועלן מיך אַזוי האַלטן — און די פריינט אינדרויסן וועלן זיך אָפּהאַלטן פון פרישע טאַטן וועלכע קענען מיך ברענגען צו תליה. ווי לאַנג קען זיך דאָס ציען? ניין. ס׳איז נישט מעגלעך אַזוי. דאָס איז

אַ מין שאַנטאַזש. איך האָב געשריבן אַ צעטל צו דער צענטראַלע אין וועלכן איך בעט זיי זאָלן זיך נישט אונטערגעבן דער דאָזיקער שאַנ־טאַזש. זיי זאָלן פאָרטזעצן די טאַטן...

*

אין ניינטן טאָג פון מיין זיצן אין קאַרצער, האָב איך נישט געהאַט קיין באַזוך. פון אַ שומר וועלכער איז געקומען אַ זייגער 11 אינדערפרי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די קרובים מיינע וואַרטן ביים טויער און איך האָב זיך זייער געוואונדערט, ווען מען האָט מיך נישט גערופן מיטאָג־צייט צום באַזוך. דאָס האָט מיך אויפגערעגט. איך בין בייז געווען און געקלערט זיך קריגן מיטן אָנפירער, ווען ער וועט קומען, אָבער ער איז נישט געקומען.

דער שערער איז געקומען, ווי געוויינלעך, און געבראַכט מיר פון מיינע פריינט אַ בריוו אין וועלכן זיי לאָזן מיך וויסן, אַז אונדזערע מענטשן אינדרויסן האָבן זיך אויפגערעדט מיט די אצ״ל־מענטשן און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן בשותפותדיק צו באַפאַלן די טורמע און מיך באַפרייען אויב ס׳וועט באַשטעטיקט ווערן מיין אורטייל. איך ווייס ווי ס׳איז די לאַגע פוןביידע אָרגאַניזאַציעס און איך גלייב נישט אַז אַזאַ איבערפאַל האָט אויסזיכטן צו געלונגען. מיר האָבן נאָך נישט קיין כוח דערצו. אויך היינט איז די וואַך איבערן בנין פון טורמע זייער שטאַרק. פון יעדער זייט „ברען״־פאָזיציעס, געפאַנצערטע מאַשינען רינגלען אַרום דעם בנין און די גאַנצע געגנט איז פול מיליטער און פּאָליציי. אויב מען וועט באַשטעטיקן דעם אורטייל איז קיין ספק, אַז מען וועט נאָך פאַרשטאַרקערן די וואַך. עס איז נאָך פרי צו טראַכטן וועגן אַזאַ איבערפאַל. אַ שאָד די קרבנות, וואָס וועלן פאַלן... ווען אפילו ס׳וועט אַריינגעלייגט ווערן אַלע כוחות אין דער אַקציע — וועלן מיר נישט מצליח זיין.

און אפשר איז עס דאָך מעגלעך? אפשר זענען פאַראַן אויסזיכטן מצליח צו זיין? אָן ספק וואָלט עס געווען די שענסטע ענדע פון דער פרשה...

אַזעלכע מחשבות און אויסרעכנונגען פליען מיר אום אין מוח דעם טאָג. אין די נאָכמיטאָג־שעהן בין איך זייער נערוועז געווען. דאָס איז

געווען דאָס ערשטע מאָל, זייט איך בין געווען אין דעם קאַרצער, אַז איך האָב קיין געדולד נישט געהאַט צו ליינען. אַלץ האָט מיך דענערווירט: דער פאַקט, אַז כ'האָב נישט באַקומען קיין באַזוך און מיינע קרובים האָבן געוואָרט אומזיסט, אין דער היץ, ביים טויער, דער געדאַנק, אַז דאָס אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס דאַרף מאָרגן קומען קען מען כאַפּן, די מורא, אַז מען וועט מיך האַלטן אין קאַרצער, אָן אַן אַנטגיילטיקן באַשלוס, אַ לענגערע צייט, און צום סוף די מורא, אַז דער איבערפאַל אויף דער טורמע קען דורכפאַלן און ס'וועלן פאַלן קרבנות פון די אונטערגרונט־מענטשן...

איך האָב געשפּאַנט לענג־אויס דעם קאַמער אַהין און צוריק. און צום סוף האָב איך באַשלאָסן צו שרייבן אַ בריוו צו מיינע פריינט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף מיין בורזש און געשריבן...

פּלוצים דערהערט זיך אַ סקריפּ פון שליסל אין שלאָס. שנעל האָב איך פאַרשטעקט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן איך האָב געשריבן, די טיר האָט זיך געעפנט און מיסטער טשאַרלטאָן איז אַריינגעקומען מיט נאָך אַ מאַיאָר אין מיליטער־אוניפאָרם. אין דעם מאַיאָר האָב איך דערקענט איינעם פון מיינע ריכטער. מיסטער טשאַרלטאָן האָט געהאַלטן אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר אין דער האַנט. „אָט איז די אַנטשיידונג" — איז דורך אַ געדאַנק מיר אין מוח. איצט דאַרפסטו זיין רואיק און קאַלטבלוטיק האָב איך זיך אַליין באַפוילן. מיסטער טשאַרלטאָן איז שטיינגעבליבן פאַר דער טיר פון קאַמער און האָט גענומען ליינען פון בויגן ארויס: „דער מיליטער־קאָמאַנדיר האָט באַטראַכט דעם אורטייל, וואָס איז איבער דיר ארויסגעגבן געוואָרן אין דעם געוויסן טאָג דורך דעם מיליטער־געריכט אין צוזאַמענשטעל פון די געוויסע מענטשן, און געפונען אז דער אורטייל, וואָס איז איבער דיר געגעבן געוואָרן איז צדק..."

מיסטער טשאַרלטאָן האָט אויפגעהויבן די אויגן פון פּאַפּיר און האָט זיך אין מיר איינגעקוקט. איך האָב אין דעם מאָמענט געטראַכט וועגן האַנט־גראַנאַט און זייער באַדויערט, וואָס ער איז נאָך נישט צוזאַמענגעשטעלט...

— צי קען מען וויסן ווען מען וועט מיך הענגען? — האָב איך געפרעגט.

— וואַרט אַ ווײַלע — האָט מיסטער טשאַרלטאָן געזאָגט, ער האָט אומגעקערט זײַנע אויגן צום פּאַפּיר, און האָט ווײַטער ארויסגעלייענט.

„... אָבער דער מיליטער־קאָמאַנדיר האָט באַשלאָסן דיך באַגנע־דיקן און פאַרבײַט דײַן אורטייל אויף לעבנסלענגלעכע תפיסה".

מיסטער טשאַרלטאָן איז געבליבן שטיין קוקנדיק אויף מיר, גלייך ווי ער וואַרט, איך זאָל עפּעס זאָגן. איך האָב אין דעם מאָמענט גע־דענקט וועגן בריוו, וואָס ליגט אונטער דער קאָלדרע וועלכן מען קען דערטאַפּן. אויב מיסטער טשאַרלטאָן וועט באַשליסן באַלד מיך איבער־פירן פונדאַנען אין קאַמער פון די אַרעסטאַנטן וועט מען פאַרדעם אַוודאי מאַכן אַ רעוויזיע אין מײַנע זאַכן. דער בריוו איז נאָך געווען געשריבן אין אַ געוועגלעכער שריפט, כ'האָב אים נאָכנישט איבער־געשריבן אויף אַ געהיימער שריפט, און אין אים איז געשריבן וועגן דעם גראַנאַט און וועגן דעם איבערפאַל.

— ווען דאַרף איך איבערגיין אין אַרעסטאַנטן קאַמער, נאָך דעם אָוונט אָדער איך וועל בלײַבן דאָ ביז מאָרגן אינדערפרי? — האָב איך געפרעגט מיט אַ זאַכלעכן טאָן, וועלכער איז נישט געווען מיט גאָרנישט אַנדערש פון דעם טאָן מיט וועלכן איך האָב געפרעגט וועגן טערמין פון הענגען.

— נאָך היינט. — האָט מיסטער טשאַרלטאָן געענטפערט.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער געפרעגט:

— האָסט נאָך וואָס צו זאָגן?

— ניין. — האָב איך געענטפערט, און געטראַכט: „ער זאָל שוין גיין צו אַלדע רוחות איך זאָל קענען פאַרניכטן דעם בריוו..."

מיסטער טשאַרלטאָן האָט זיך אַ ווײַלע נאָך געקווענקלט, געביסן די ליפּן, זיך אײַנגעקוקט אין מאַיאָר־ריכטער און זײַ זענען אַרויס.

באַלד האָב איך פאַרניכטעט דעם בריוו, דער אַראַבישער שומר, וועלכער האָט אַ גאַנצע צײַט געגלאָצט מיט די אויגן און ווײַזט־אויס, געוואוסט פון זײַן פריערדיקער פּראַקטיק, אַז איצט איז מײַן גורל באַ־שטימט געוואָרן האָט מיט אַ ציטער געפרעגט:

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— איך גיי פונדאַנען. מען וועט מיך נישט הענגען.

— ניין?! מ׳וועט דיך נישט הענגען! — האָט ער פריידיק געשריגן. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פון זיין קאָפּ און גענומען עס וואַרפן אין דער הייך און שפּרינגען פון איין פוס אויפן אַנדערן מיט פריידיקע אויסגעשרייען.

איך האָב אים געגעבן אַ פּאָר טאָרבעלעך באָנבאָנס און שאָקאָלאַד.

— דאָס איז פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער — האָב איך געזאָגט.

— איר וועט מאַכן אַ „חאַפּלע" (אַ פריייד סעודה) אין שטוב.

ער האָט אַלץ אריינגעשטופּט אין זיין טאַש באַמערקנדיק יעדעס מאָל, אַז ס׳איז גענוג.

דערווייל זענען צוריקגעקומען דער אַנפירער און דער מאַיאָר און נאָך זיי מחמוד וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קליידער־מאַגאַזין אין טורמע, און האָט געהאַלטן אַ ברוינעם אַנצוג.

מען האָט מיר געעפנט די טיר און דער אַנפירער האָט געזאָגט:

— צי דענקסטו נישט, אַז עס קומט צו דאַנקען דעם מיליטער־קאָמאַנדיר פאַר באַגנעדיקונג?

— ניין. איך דענק נישט.

— דו דענקסט נישט? ער האָט דיך באַגנעדיקט!

— איך דענק נישט, אַז איך דאַרף דאַנקען אַ מענטש דערפאַר, וואָס ער האָט מיך נישט דערמאָרדעט.

— ער האָט דיר געגעבן אַ ניי לעבן. ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַפעלן דיך אויפצוהענגען. אָן זיין באַגנעדיקונג וואָלט מען דיך געהאָנגען...

— ווען ער וואָלט באַפוילן מיך צו הענגען, וואָלט עס געווען אַ מאָרד, איינפאַך אַ מאָרד. ער האָט קיין רעכט ארויסגעבן אַן אורטייל אין דעם דאָזיקן לאַנד. אויך דער באַפעל זיינער צו האַלטן מיך אין טורמע איז אַ פאַרברעכן און ער וועט נאָך טייער באַצאָלן פאַר דעם. צי דאַרף איך אים דאַנקען פאַר דעם, וואָס ער נעמט זיך דאָס רעכט מיך איינצושפּאַרן אויף מיין גאַנצן לעבן...

מיסטער טשאַרלטאָן האָט געביסן זיין ליפּ. מחמוד, וועלכער איז

געשטאַנען מיט די ברוינע קליידער אין האַנט הינטער דעם רוקן פון מאַיאָר־ריכטער, האָט אין אָנפאַנג אויפגעריסן זיינע אויגן, הערנדיק דעם שמועס און צום סוף פלעג ער פון מאָל צו מאָל מיר ווינקען מיט אַן אייגל.

— אַלזאָ, דו דענקסט נישט צו דאַנקען דעם מיליטער־קאָמאַנדיר?

— ניין.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ברוגזדיק און ארויס צוזאַמען מיטן ריכטער. איך האָב אויסגעטון די רויטע קליידער און אָנגעטון די ברוינע. מחמודן האָב איך אַריינגעשטופט אין האַנט צוויי פעקלעך סיגאַרעטן ער זאָל זיי מיר צוריקגעבן ווען איך וועל שוין זיי אין קאַמער, נאָך דעם, וואָס מען וועט מיך רעווידירן. אויף דער פּאָליציאַנט האָט אַריינ־געשטעקט אַ פעקל סיגאַרעטן אין זיין טאַש.

דער אָנפירער איז צוריקגעקומען. איך בין שוין געווען אָנגעטון מיטן פעקל זאַכן און שטרוי־זאַק אויפן רוקן. ער האָט מיר ווידער געהייסן אַלץ עפנען און דעם פּאָליציאַנט האָט ער באַפוילן מאַכן אַ רעוויזיע. מען האָט גאָרנישט געפונען.

— פון איצט אָן טאָרסטו נישט רויכערן — האָט דער אָנפירער געזאָגט.

— איך ווייס.

— וועסט מער נישט רויכערן?

— אז איך וועל נישט האָבן קיין סיגאַרעטן — וועל איך נישט רויכערן.

— און וועסט נישט אַריינשמוגלען סיגאַרעטן אין טורמע אַריין?

— איך האָף, אַז איר וועט אָפּשאַפן דאָס נאַרישע געזעץ, וועט מען נישט דאַרפן שמוגלען.

— סמולאָוויץ, איך ראָד דיך זיין אַ גוטער אַרעסטאַנט און אַ דיסציפּלינירטער...

— אויף וויפיל עס וועט זיך לאָזן — וועל איך זיך באַמיען.

— געדענק, אַז די טורמע איז איצט דיין היים און דער אָנפירער פון טורמע איז דער פאָטער פון די אַרעסטאַנטן...

— ס'איז אַביסל שווער מסכים צו זיין צו אַזאַ באַצייכענונג...

— איך האָב מורא, אַז ס'וועט מיט דיר זיין געהאַקטע צרות. דו, דו... דו ביסט פשוט: אַן אַנאַרכיסט.

כ'האָב געוואָלט לאַכן, נאָר זיך איינגעהאַלטן. מיינע פריינט האָבן שוין געוואוסט וועגן דער באַגענעדיקונג און כ'האָב זיי געזען זיך אָנשטופּן ביי די פאַרקראַטעטע טירן פון זייערע צעלעס. זיי זענען געווען אין צוויי צעלעס, איינע פון די אַלטגעזעסענע אַרעסטאַנטן אינגאַנצן באַזעצט דורך לח"י־מענטשן חוץ איינער. די צווייטע צעל איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון נייע אַרעסטאַנטן, לח"י־מענטשן און אצ"ל. איך בין אריינגעפירט געוואָרן אין דער נייער צעל אַריין. נאָך זייענדיק אינדרויסן, האָט מען מיך דורך די קראַטעס געאָרעמט און געקושט. ווען איך בין אַריין אינעווייניק איז מען מיך באַפאַלן מיט אַ ווילדער שמחה.

•

די פרייד פון לעבן האָב איך זיך ערשט ביינאַכט געפרייט. דעמאָלט האָב איך ערשט געקענט מאַכן דעם רעזולטאַט: איך בין איבערגעבליבן ביים לעבן! אָ, דאָס איז געווען אַ שטיק וועג!

און אין רעזולטאַט פון די רעזולטאַטן בין איך צוגעקומען צו דער פראַגע:

און איצט וואָס ווייטער? ווי קומט מען ארויס פונדאַנען? איבערבלייבן ביים לעבן איז נאָך נישט אַלץ. ווי קערט מען זיך אום צום לעבן? ווי קערט מען זיך אום צום קאַמף?

# ירושלים

## א.

אין דער ירושלימער טורמע זענען פֿאַרשפּאַרט ביי אַ 400 אַרעס־טאַנטן. פֿון זיי בלויז ביי אַ 70 יידן. דער דאָזיקער רוב פֿון אַראַבישע פֿאַרברעכער לייגט דעם סטעמפּל אויפֿן כאַראַקטער פֿון טורמע. דו פֿילסט זיך, ווי זאָלסט האָבן אַריין אין אַן אַנדערער וועלט. וואו דו דרייסט זיך — אַראַבער. בלויז אין צעל געפֿינען מיר זיך צווישן זיך נאָכדעם, ווי מען פֿאַרשליסט אונדז. ווען איך וואָלט געוואָלט שילדערן די איינצלהייטן פֿון דעם לעבן אין טורמע, און בעיקר דאָס לעבן פֿון די אַראַבער, וואָלט איך געקענט אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך פֿול אינטערע־סאַנטע און פּיקאַנטע פּרטים. אין ווייטערדיקן דערציילן וועל איך זיך באַמיען, פֿון מאָל צו מאָל, ארייננפלעכטן אַ פּאָר פֿאַלן, וואָס וועלן אָפּשפּיגלען אַביסל דאָס לעבן פֿון טורמע. אין משך פֿון פֿיר יאָר זיצן אין טורמע, האָב איך באַוויזן גוט צו דערקענען די אַראַבער און כ׳בין אַפֿילו מודה, אַז צוזאַמען מיט די געפֿילן פֿון אונטערשאַצונג, האָב איך זיי ליב באַקומען און בעיקר האָט זיך ביי מיר דערוועקט דער ווילן צו העלפֿן זיי. די אַראַבער זענען די בולטסטע קרבנות פֿונעם אימפּעריאַ־ליזם. זיי זענען אָפּגעשטאַנען און פֿאַרדאָרבן, פּרימיטיוו און קינדיש. אָבער ווער איז אין דעם שולדיק? מיין מיינונג וועט אפשר נישט אַרויסרופֿן קיין פֿאַרשטענדעניש, און וועט אַוודאי נישט זיין פּאָפּולער, אָבער איך וואָלט זייער וועלן, אַז מיר זאָלן אַמאָל צוקומען צו אַזאַ לאַגע, מיר זאָלן זיי קענען העלפֿן. דאָס פֿאָלק נויטיקט זיך אין אַ

רעוואָלוציע. אויב וועלן זיי זיך נישט קענען באַפרייען פון דעם אימ־
פעריאַליזם און זיינע שליחים — די פעאָדאַלן, זיינען זיי פּאַראורטיילט
צו אַ פולשטענדיקער דעגענערירונג און טראָץ די פּאַרדאָרבנקייט,
וואָס הערשט צווישן זיי איז פאַראַן ביי זיי עפּעס־וואָס געזונטעס און
אַפילו איידלס. דאָס רוב פון דער צייט זענען אונדזערע באַציאונגען
מיט די אַראַבער געווען גוטע און אין געוויסע צייטן אַפילו פריינטלעכע.
בלויז טיילמאָל, ווען די פריינטשאַפט איז נישט געפעלן געוואָרן די
בריטישע אָנפירער — פלעגן די באַציאונגען שלעכט ווערן און דערגיין
אַפילו ביז ערנסטע קריגערייען. די טורמע איז — אַ בריטישע קאָלאָניע
אין דער מיניאַטור, וואו ס'איז פאַראַן אַ פרעמדער הערשער, „נייטיבס״
און די שיטה פון „צעשייד און הערש״. די אָרדנונג ווערט אין טורמע
געהיטן מער דורך די ארעסטאַנטן אַליין, ווי דורך די וועכטער. די
מאַכט ווייסט אויסצונוצן די געגנזאַצן און דעם אַנטאַגאָניזם, וואָס
הערשט צווישן די פאַרשידענע גרופּן אַרעסטאַנטן. אַממיינסטן געלונגט
דעם אָנפירער אויסצונוצן די געגנזאַצן, צווישן די אַראַבער. אַזוי למשל,
גיט דער אָנפירער די „מאַכט״ אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, וואָס שטאַמען
פון איין שטאָט. אין וואָס דריקט זיך אויס די דאָזיקע „מאַכט״? עס
זענען פאַראַן אין טורמע וואַרשטאַטן: אַ שניידעריי, אַ שוסטעריי, אַ
דרוקעריי, אַ סטאָלעריי און אַ וועבעריי. אויף יעדן וואַרשטאַט זענען
נאָמענירט אַרעסטאַנטן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע. אויסער דעם זענען
פאַראַן „הויכע אַמטן״, ווי: אַ פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר ריינלעכקייט,
פאַרן שפּיטאָל, פאַרן קליידער־מאַגאַזין, פאַרן פּראָדוקטן־מאַגאַ־
זין, פאַר דער קיך א א״וו. די פאַראַנטוואָרטלעכע באַקומען ראַנ־
געס און פּריווילעגיעס. יעדער פון זיי באַקומט 5 סיגאַרעטן
אַ טאָג, אַ שטרויזאַק אנשטאט אַ „בורזש״ און נאָך אַנדערע
פאַרלייכטערונגען. דאָס זענען די אָפיציעלע פּריווילעגיעס. אָבער
עס זענען פאַראַן נישט אָפיציעלע פּריווילעגיעס, וואָס שטאַמען אַ דאַנק
דעם ספּעציעלן מעמד פון די משגיחים. אין זייערע הענט ליגט דער
האַנדל אין טורמע. זיי האָבן די מעגלעכקייט אַריינגנבענען סיגאַרעטן,
ראַזיר־מעסערלעך, פּראָדוקטן און חאַשיש, ווייל די פּאָליציאַנטן מאַכן
ביי זיי נישט קיין רעוויזיעס און דער רוב פּאָליציאַנטן זענען אין

פריינטלעכע באַציאונגען מיט די באַפּעדערטע, ווייל נישט איינמאָל נויטיקן זיי זיך אין זייער הילף. אַזוי למשל, דער אויפזעער אויפן שוסטער־וואַרשטאַט קען פאַריכטן אַ פּאָר שיך אַ פּאָליציאַנט (בגנבה פאַרשטייט זיך), דער אויפזעער אַיפן שניידער־וואַרשטאַט — אויפ־נייען אַ בלוזע אָדער פאַריכטן וואָס, דער אויפזעער אויף דער שלאָסע־ריי מאַכט אין געהיים ציגנד־מאַשינדעלעך אא״וו. פאַרדעם ברענגען די פּאָליציאַנטן סיגאַרעטן און אַנדערע באַדערפעניש לויטן נאָרמאַלן פּרייז אָדער מיט אַ קליינעם פאַרדינסט און די באַפּעדערטע פאַרקויפן די „סחורה״ די אַרעסטאַנטן מיט 500 ביז 1000 פּראָצענט רווח, לויט די געזעצן פון אָנבאָט און נאָכפראַגע. אַ פּעקל סיגאַרעטן, וואָס די פּרייז זיינע איז אינדרויסן אַכט פּיאַסטער, קאָסט אין טורמע צווישן 30 און 70 פּיאַסטער. עס שאַפט זיך אַ מין קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפטס־קאַמף מיט אַלע פּיטשעווקעלעך: אַ קאָנקורענץ צווישן די „פּראָדו־צענטן״, קאַרטעלן (דאָס הייסט: אַ קאָנטראָבאַנדע־פאַרבאַנד צו היטן די פּרייזן און רווחים), איינשטעלן דאָס „פּראָדוצירן״ (ד.ה.: שמוגלען), נישט צו פאַרפּלייצן דעם מאַרק מיט סחורה אא״וו. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען אויך פאַראַן שטייערן. די שמוגלער באַצאָלן שטייער דעם אַראַבישן אָפיצער פאַרן פאַרמאַכן אַן אויג און אויסמיידן מסירות. און ווי וועט זיין צו זיי, אויב זיי וועלן נישט צופרידנשטעלן דעם אָפיצער. און אַזוי־ווי אין יעדן קאָלאָניאַלן לאַנד איז אָפּהענגיק דער ווירטשאַפטס שטאַנד אין ווילן פון הערשער, אַזוי איז אויך דאָ די לאַגע, כל זמן דער אָנפירער באַשליסט עס נישט צו צושטערן. דורכן איבערגעבן די „מאַכט״ אין טורמע צו איין גרופּע אַרעסטאַנטן, וואַקסט דעם אָנפירער אַ טאָפּלטער רווח: די „הערשער״ מסרן די געגנער און די געגנער, וואָס פּרעטענדירן אויף דער מאַכט, מסרן די הערשער, אוןביידע צוזאַמען — די יידן. נאָר די הערשער זענען מער פאַראינטערעסירט אין גוטע באַציאונגען מיט די יידן, ווייל מיר זענען די הויפּט־אָפּנעמער פון דער „סחורה״. און ווען דער אָנפירער זעט, אַז די באַציאונגען צווישן די הערשער און אונדז זענען צו גוטע, הערט ער זיך־צו צו די מסירות און אין אַ שיינעם טאָג ווערן געמאַכט רעוויזיעס ביי די הערשער, מען געפינט ביי זיי געשמוגלטע זאַכן, מען דעגראַדירט זיי און די

מאַכט גייט־איבער צו אַן אַנדערער גרופּע. פאַרשטייט זיך, אַז זייער זעלטן גייט עס אַריבער אָן געשלעג...

אַזוי הערשן די ענגלענדער. זיי „באַקעמפן" די פאַרדאָרבנקייט, וועלכע זיי שאַפן אַליין.

*

נאָך אַ סיבה איז פאַראַן פאַרן קאַמף אויף דער „מאַכט" צווישן די אַראַבער. די מאַכט גיט נאָך אַ פּריווילעגיע, וואָס צוליב עסטעטישע סיבות וואָלט איך געוואָלט אויסמיידן זי צו דערמאָנען, אָבער עס זאָל זיך באַקומען אַ פול בילד פון דער סביבה, אין וועלכער יידישע בחורים זענען אַריין, מוז איך אויך דערמאָנען דעם פּראָבלעם. די פּריווילעגיע איז: ברייטע מעגלעכקייטן פאַר משכב־זכר. כמעט יעדער באַפעלער־טער האָט אַ „פּרוי" אין טורמע. נישט יעדער קען און וואַגט צו ברענגען אים־זי צו זיין בעט, אָבער אויב האָט ער שליסלען פון אַ וואַרשטאַט, געלד און סיגאַרעטן — ווייסט ער זיך אַיינצואָרדנען. און אַזוי איז אין דעם קליינעם וועלטל פאַראַן ליבע און אייפערזוכט און נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז איין אַראַבישער אַרעסטאַנט האָט צעשניטן דעם צווייטנס פּנים מיט אַ ראַזיר־מעסער, אָדער דערלאַנגט מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ, ווייל יענער האָט געגליסט זיין פּאַרטנער־פּאַרטנערין. פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס שעמען זיך נישט מיט דעם און זייערע „ווייבער" (דאָס רוב יינגע בחורים), שלאָפן אין זייערע צימערן אַ „בורזש" נעבן אַ „בורזש", אַרבעטן צוזאַמען, עסן צוזאַמען און שפּאַ־צירן צוזאַמען. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קען נאָר געמאַכט ווערן מיט דער הסכמה פון אָפיצער און אָנפירער. אָפיציעל איז די אויסרייד: „ער איז מיין קוזען און איך וויל אים היטן..." אויב גייט מען צו צו דער סיבה פינף פונט דעם אָפיצער, לייגט זיך עס אויפן שכל. איינער פון די דאָזיקע גליקלעכע „מענער" איז עבדול מעדזשיד, וועלכער זייענדיק אין תליה־קאַרצער, פאַראורטיילט פאַר אַ מאָרד, האָט אויך מודה געווען זיך אין דערמאָרדן חיים אַרלאָזאָראָוו ז"ל, אָבער דערנאָך האָט ער עס אָפּגעלייקנט און איז באַגנעדיקט געוואָרן. ער איז דער עלטעסטער אַרעסטאַנט אין טורמע, דער שטאַרקסטער (זיין וואָג איז 120 קילאָ), האָט נישט קיין מורא פאַר קיינעם און שעמט זיך מיט גאָרנישט. נעבן

אים געפינט זיך שטענדיק זיין „ווייב", אַ יונגער שיינער בחור, וועלכער האָט זיך צוגעאייגנט באַוועגונגען פון אַ פרוי.

פון מאָל צו מאָל פלעג איך מיט עבדול מעדזשידן פאַרפירן א שמועס מיט דער האָפנונג אַז איך וועל אפשר עפעס־וואָס דערגיין ביי אים וועגן אַרלאָזאָראָוו־מאָרד, נאָר ער איז זייער קלוג און מ׳קען ביי אים גאָרנישט ארויסבאַקומען כאָטש ער פלעג אויך נישט אָפלייקענען און האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם חשד. ער פלעג אין אַ געוויסער מאָס שטאַלצירן מיט דעם, אַז ער פאַרמאָגט אַ געוויסן סוד. בדרך כלל בין איך נישט קיין נייגיריקער, אָבער דעם סוד וואָלט איך געוואָלט וויסן...

די געשלעכטלעכע פאַרדאָרבנקייט ביי די אַראַבער איז אויך אינ־דרויסן געװנוג גרויס, אָבער אין טורמע, וואו דער מענטש ליידט אָנגעהויפּערע ליידן, פון מאַנגל אין געשלעכטלעכער באַפרידיקונג, ענטוויקלט זיך ביי זיי די פאַרדאָרבנקייט אין אַ ריזיקן מאָסשטאַב. דאָס רוב יידישע ארעסטאַנטן זענען יונגע יינגלעך און על פי רוב האָבן זיי זיך דאָ ערשט דערוואוסט, אז ס׳איז פאַראַן אַזאַ פאַרדאָרבנקייט. עס פלעג ביי אונדז דערוועקן אַן עקל און עס פלעג דינען אַלס אַ טעמע פאַר גראָבע וויצן.

## ב.

די יידישע ארעסטאַנטן וואוינען אין פיר צעלעס. אין איינער געפי־נען זיך די קרימינאַל־פאַרברעכער, אין איינער די „הגנה"־מענטשן און אין די אַנדערע צוויי די אונטערגרונט־אַרעסטאַנטן. נאָך צוריק מיט אַ פאָר חדשים איז די צאָל פון די יידישע ארעסטאַנטן געווען זייער קליין. חוץ פון די שווער באַשולדיקטע איז געווען אַ קליינע צאָל אונטער־גרונט־אַרעסטאַנטן פון די „משוגענע", וועלכע האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף מיט די ענגלענדער. מיטן אַנטוויקלען זיך פון דעם דאָזיקן קאַמף און מיטן אַנשליסן זיך פון אַנדערע אין אים, האָבן אָנגעהויבן צוקומען פרישע. וואָס מער די טויערן פון לאַנד האָבן זיך פאַרשלאָסן פאַר יידן, האָבן זיך מער געעפנט די טויערן פון טורמע פאַר זיי. טראָץ די מיט־אַרבעט מיט דער רעגירונג, געפינען זיך דאָ אויך חברים פון דער „הגנה". פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען נישט פאַראורטיילט, חלילה, פאַר

טעראָר־אַקציעס קעגן דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט. נאָר זיי געפינען זיך דאָ, ווייל די בריטישע רעגירונג איז פאַראינטערעסירט אין דעם. און אַ סיבה פאַר אַרעסט קען מען שטענדיק געפונען. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די רעגירונג וואָלט שטאַרק געוואָלט אַנטוואָפּנען דעם ישוב, כדי פאַרזיכערן דאָס פאַרווירקלעכן איר אַנטי־יידישע פּאָליטיק. איך גלייב, אַז איך וועל נישט איבערטרייבן אויב איך וועל זאָגן, אַז אויב ס׳איז איבערגעבליבן פונדעסטוועגן דאָס געווער ביי דער „הגנה״, און בלויז אַ טייל איז אַריין אין בריטישע הענט בעת פאַרשידענע רעוויזיעס, איז עס אַ דאנק דעם ווירקן פון דעם אונטער־גרונט. וואָלטן די ענגלענדער נישט געווען באַשעפטיקט מיטן אויסראָטן די „טעראָר־נעסטן״, וואָלטן זיי אוודאי זייער גאַנצע ענערגיע געווענ־דעט אויף צו אַנטוואָפּנען די „הגנה״. און נאָך איין היפּאָטעז: איך גלויב נישט, אַז ביים אַנטוואָפּנען זיי, וואָלטן די ענגלענדער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ ממשותדיקן ווידערשטאַנד. אפשר אַביסל דעמאָנסטראַציעס, אַביסל פּאַסטן, אַ מבול פּראָקלאַמאַציעס... ווי דער מנהג פון יענע טעג. אָבער איצט נוציקן זיך די ענגלענדער אין דער צעזאַמענארבעט פון יידן קעגן דעם אונטערגרונט. דעריבער דאַרף מען אָפּשטופּן די פּלענער און אויסנוצן, וואָס עס לאָזט זיך אויסנוצן. נאָר פון מאָל צו מאָל ווערן דאָ און דאָרט געמאַכט רעוויזיעס, כדי צו פּרעסן אויף די אינסטיטוציעס. בעת די רעוויזיעס געפינט מען געווער, מען נעמט עס צו אָן אַ ווידערשטאַנד און מען אַרעסטירט מענטשן. אין באַצוג צו די אַרעסטן פון צווישן די „הגנה״־לייט פלעגן פּאַסירן מאָדנע פאַלן. עס זענען געווען פאַלן ווען די מענטשן האָבן אין געריכט געטענהט, אַז זיי זענען קאָנסעקווענטע קעמפער קעגן... דעם אונטערגרונט. זיי פלעגן ברענגען דאָקומענטן און באַשטעטיקונגען, אַז זיי זענען „הגנה״־לייט, און אויפן סמך פון דעם געבעטן מען זאָל זיי באַפרייען.

דער פּרט אליין איז גענוג כדי צו באַצייכנען, סאַראַ כאַראַקטער האָט געטראָגן די „הגנה״ אין די טעג פון מלחמה פאַר אַרויסטרייבן די ענגלענדער און סאַראַ חלק האָבן זיי אין דער דאָזיקער מלחמה...

•

צווישן די אַרעסטאַנטן פון דער „הגנה״ איז פאַראַן איין בחור מיט

וועלכן איך האָב ספּעציעל ליב צו שמועסן. זיין נאָמען איז סאַכאַראָוו. צום ערשטן מאָל האָב איך אים געזען נאָך אין לאַטרון. ער איז דאָרט געווען אַ קורצע צייט איידער ער איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט. ווען ער איז אָנגעקומען האָט איינער פון מיינע פריינט געזאָגט:

— איך קען אים! אמאָל האָט ווער אָנגעוויזן אויף אים אין גאַס און געזאָגט מיר, אַז ער איז פון די פון צווישן דער „הגנה", וואָס פירן אַן אַקציעס קעגן אונדז. ער איז פון די פאָרשער און פון די פאַרכאַפּער.

איך האָב דעמאָלט נישט אַכט־געלייגט אויף די דאָזיקע רייד. ווי קען מען דערקענען אַ מענטש נאָך אַ לענגערער צייט ווען מען האָט אים געזען בלויז אַ פּאָר סעקונדן? — האָב איך זיך געטראַכט.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער קיך וואו דער נייער אַרעסטאַנט האָט זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ און דערציילט צווישן אַנדערן, ווי מען האָט אים אַרעסטירט און וועגן די „פיינען" מיט וועלכע ער איז געפּרובט געוואָרן: „פון 8 אינדערפרי ביז 1 נאָכמיטאָג האָט מען מיר נישט געגעבן קיין עסן!... — האָט סאַכאַראָוו דערציילט מיט אויפ־רעגונג.

מיר האָבן זיך געוויצלט אַביסל איבער אַזעלכע באַגריפן פון פּייניקן...

נאָך אַ קורצער צייט איז סאַכאַראָוו פאַרמשפּט געוואָרן אויף 7 יאָר אַרעסט פאַר האַלטן... אַ רעוואָלווער־קויל.

איצט האָבן מיר זיך דאָ געטראָפן. איך האָב אין אים געפונען אַן אָנגענעמען און ערלעכן מענטש פאַר געשפּרעך. פון מאָל צו מאָל פלעגן מיר שמועסן איבער דעם און יענעם. ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט מען אין טורמע אַריינגעבראַכט אַ בחור אין עלטער פון 17 יאָר. יצחק ראָזין איז זיין נאָמען. יצחק איז א חבר פון אצ"ל, אָבער זיין עלטערער ברודער, פסח, איז א לח"י־מענטש, און אין יאָר 1942 איז פסח אַוועק־געכאַפּט געוואָרן פון דער היים, פאַר דער מאַמעס און ברודערס אויגן, און איז געפּייניקט געוואָרן דורך די פאַרכאַפּער און איבערגעגעבן געוואָרן דער געהיימפּאָליציי. ווען יצחק ראָזין האָט דערזען סאַכאַ־ראָוו׳ן, האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און אַ געשריי געטאָן:

— ער האָט דאָך פאַרכאַפּט מיין ברודער!

דאָס האָט זיך בליץ־שנעל פונאַנדערגעשפּרייט צווישן די אונטער־גרונט־אַרעסטאַנטן. ווי עס ווייזט־אויס, האָבן זיך די חברה אָנגעהויבן באַציִען צו סאַכאַראָוון מיט האַס און אים גערופן „מלשין" און „כאַ־פּער". צום סוף האָט מיך סאַכאַראָוו פאַרבעטן אויף אַ שפּאַציר אין הויף זיך דורכשמועסן. ער האָט מיר דערציילט, אַז מען רעדט אויף אים, אַז דאָס איז אַ ליגן, אַז ער האָט קיין באַגריף נישט וועגן די דאָ־זיקע זאַכן. און ער גלויבט נישט, אַז ס'זענען געמאַכט געוואָרן אַזעלכע זאַכן דורך דער „הגנה", און ווען ער האָט געהערט, אַז עס גייען־ארום אַזעלכע קלאַנגען, האָט ער שאַרף פּראָטעסטירט פאַר זיינע קאָ־מאַנדירן און זיי האָבן עס מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אָפּגעלייקנט...

ער האָט גערעדט מיט אויפרעגונג און ס'איז מיר זייער שווער צו זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַן אָנשטעל. איך, על כל פּנים, האָב אים געגלויבט. ווען מ'האָט אָנגערירט די פראַגע אין אונדזער צעל, צווישן מיינע פריינט, בין איך געווען אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. נישט איינמאָל האָבן מיך מיינע פריינט באַשולדיקט, אַז איך בין נאַאיוו און דעריבער האָב איך נישט געוואָלט זיין סאַכאַראָוו'ס פאַרטיידיקער, אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך נישט געקענט דערלויבן, מען זאָל באַשולדיקן אַ מענטש, וואָס לויט מיין מיינונג איז ער אומשול־דיק... איך בין געווען צווישן דער קאָוואַדלע און האַמער. איך האָב געטענהט, אַז מען קען זיך נישט פאַרלאָזן אויפן זכרון פון אַ בחור, וועלכער האָט געזען די פאַרכאַפּער ווערנט דעם געראַנגל און אויפ־רעגונג...

און אָט, אין איינעם אַ שבת, האָט מען גערופן יצחק ראָזינען און סאַכאַראָוו'ן צו אַ באַזוך. זיי זענען, מיט נאָך אַ פּאָר אַרעסטאַנטן, ארויסגעגאַנגען אין דרויסנדיקן הויף, דאָרטן וואו ס'קומען פּאָר די באַ־זוכן דורך אַ פּלויט. צו יצחקן איז געקומען זיין מוטער. זי האָט גערעדט מיט איר זון און פּלוצים, נאָך דעם ווי זי האָט אַ קוק געגעבן אויף די איבעריקע אַרעסטאַנטן האָט זי ארויסגעלאָזט אַ געשריי:

— יצחק! ער האָט דאָך פאַרכאַפּט פּסח'ן! ער איז געווען דער קאָמאַנדיר! וואָס טוט ער דאָ?!

— — — און די ווערטער סאַכאַראָוו׳ס זענען געווען אַזוי איבער־צייגנדיק...

— — — צי זענען מיינע פריינט גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז איך בין נאַאיוו?

איך וויל נאָך מאַכן אַ באַמערקונג. ווייל איך דערמאָן דאָ נעמען, וועלכע זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע, האַלט איך פאַר מיין חוב צו באַצייכנען, אַז דער סאַכאַראָוו, איז נישט דער סאַכאַראָוו וועל־כער איז היינט צו טאָג דער קאָמאַנדיר פון דער פּאָליציי אין מדינת ישראל. דאָס איז זיין ברודער.

*

די לאַגע פון די „הגנה״־אַרעסטאַנטן — איז אומגעהויער בעסער פון אונדזער לאַגע. אין די אויגן פון די אינסטיטוציעס זענען זיי קדושים און געפיינִיקטע, און מען שפּאָרט נישט קיין שום אָנשטרענגונג כדי אויסבעסערן זייער לאַגע. די שטענדיקע שתדלנות ביי דער מאַכט גיט פּרוכט. אין דער צייט, וואָס מיר מוזן ליגן אויפן דיל, באַקומען דאָס אָרעמע עסן פון טורמע, טראָגן די קליידער פון אַרעסטאַנט א.א.וו., באַקומען די „הגנה״־אַרעסטאַנטן אַ בעט און אַ ליילעך. דאָס עסן ווערט געבראַכט געקאָכט טאָג־טאָג אין קאַסטענעס און אין גרויסע טעפּ פונדרויסן, די ציווילע קליידער שטענדיק געפּרעסטע און ריין, ווערן אויך געבראַכט יעדע וואָך. און פונדעסטוועגן דוכט מיר, אַז זיי האָבן אין תפיסה געליטן מער פון אונדז. ווייל טורמע איז בעיקר אַ זעלישער ליידן און ווער עס איז נישט צוגעגרייט זעליש, אַרעסטירט צו ווערן און ליידן, ליידט אַ טאָפּלטן ליידן אין טורמע. דער רוב זייערער איז נישט גרייט געווען דערצו. לכל הפחות אין דעם צייט־אָפּשניט זענען זיי נישט גרייט געווען צו זיצן. פאַרשטייט זיך, דאָס דאָזיקע זאָג איך אויפן סמך פונעם רושם, וואָס איך האָב באַקומען, אָבער מיט אַ פולער זיכערקייט קען איך זאָגן, אַז אַ סך לייכטער איז זיי אָנגעקומען... איינצוזעצן אַנדערע.

## ג.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם, ווי איך בין אַרויס פון תליה־קאַרצער האָט מען מיך איבערגעפירט אין קאַמער פון די אַלטגעזעסענע אַרעסטאַנטן. דאָס זענען מיינע פריינט פון אַמאָל און זיי האָבן מסכים געווען זיך אַביסל צו באַשרענקן אין זייער קליינער צעל און אריינצונעמען אנשל׳ן און מיך. די צעל איז קליין און שווער איז געווען אויסצו־שפּרייטן אויפן דיל 10 געלעגער. די אַלטגעזעסענע זיצן נאָך פון יאָר 1941—42, דאָס יאָר פון דורכפאַלן און צעשטערונג פון דער באַוועגונג. פאַרשטייט זיך, אז דער הויפּט פּראָבלעם, וואָס איז גע־שטאַנען פאַר אונדז איז: אַ פּלאַן פון אנטלויפן. די אלע איבעריקע פּראָבלעמען זענען קלייניקייטן. טאַקע אָפּטמאָל דערקוטשעט דער הונ־גער, טאַקע די פרויען פון צוויי פון אונדזערע זיצן אויך אין טורמע פון בית־לחם און די זאָרג פאַר זייער לאַגע און געזונט איז גרויס, עס איז טאַקע פאַראַן זאָרגן פאַר אַ מוטער, אַ שוועסטער און אַ טאָכטער, אָבער איבער אלץ, די זאָרג פאַר פירן ווייטער דעם קאַמף. מיר ווילן אַרויס! מיר גייען גערן ארבעטן אין די וואַרשטאַטן פון טורמע, אויס־רעכנדיק, אז דאָס קען ברענגען אַ מעגלעכקייט פון אנטלויפן. אפשר וועלן מיר דאַרפן מכשירים, וועלכע מ׳וועט קענען שאַפן אין סטאָלער־אָדער אין שלאָסער־וואַרשטאַט? אפשר וועט זיך אנטפּלעקן אין איי־נעם פון די וואַרשטאַטן אַ מעגלעכקייט פון אנטלויפן?

אונדזער לאַגע איז אין דעם פּרט — שווער. מיר געפינען זיך אונטער אַ גוטער אויפזיכט פון צענדליקער פּאָליציאַנטן און ערגער פון דעם, אונטער דער וואַך פון הונדערטער אַרעסטאַנטן, וואָס מ׳קען נישט וויסן ווער פון זיי שפּיאָנירט לויטן באַפעל פון אָנפירער און ווער פון זיי איז גרייט מסרן, אויב ער וועט באַמערקן די פּאָרבע־רייטונגען. אָ, ווען נישט דאָס היטן פון אַרעסטאַנטן אויף אַרעסטאַנטן וואָלטן מיר שוין דאָ נישט געווען! כמעט יעדן אָוונט זענען פאַראַן נייע פּראָיעקטן. אַמאָל זענען זיי ממשותדיקע און אַמאָל פאַנטאַזיעס. די ממשותדיקע זענען נישט פולקאָם און די פאַרפולקאָמטע זענען נישט ממשותדיק.

דו גייסט אַרום אין טורמע, אין הויף בעתן שפּאַציר, אין די וואַר־

שטאָטן ביי דער ארבעט און טראַכטט: ... אפשר איז מעגלעך דורך דער קאַנאַליזאַציע? און דו וואַרטסט אויף אַ געלעגנהייט צו קאָנ־טראָלירן די ברייט פון די רערן און איבערצייגסט זיך, אז דאָ איז הויף זענען זיי צו שמאָל. אפשר ווייטער זענען זיי ברייטער? אָבער ווי קאָנטראָלירט מען דאָס?

... אפשר בעת די באַזוכן? זיך אויסמישן צווישן די באַזוכער און ארויס מיט זיי! אָבער ווי מישט מען זיך אויס מיט זיי? ווי קומט מען אַריבער צו זיי?

ניין. פונעם הויף איז נישט מעגלעך. אויב פונדאַנען, איז פאַראַן בלויז איין וועג: אַן איבערפאַל פונדרויסן. אויפרייסן די מויער און ארויס אונטער אַ פייער דעקונג, וואָס איז געווענדעט צו די פּאָזיציעס אויפן דאַך. אָבער דאָס איז מסוכנדיק. ס'איז נאָך צו פרי. אפשר אין אַ צייט ארום וועט דער אונטערגרונט עס קענען מאַכן. נאָך דעם, ווי דאָס געווער פון מצרים וועט אָנקומען. אָבער ס'איז נישט מעגלעך צו וואַרטן. אמהעכסטנס אין צוויי חדשים ארום מוזן מיר זיין אינ־דרויסן! ניין, אין אַ חודש, אין צוויי וואָכן, אין אַ וואָך!

און אפשר דורכן סטאָלער־וואַרשטאַט? דאָרט זיך באַהאַלטן. איבערבלייבן דורך דער נאַכט, דורכשניידן די קראַטעס און אַרויס? אָבער ווי קען מען דאָרט בלייבן נאָך דער ארבעט? מ'ציילט ביים אריינגיין און ביים ארויסגיין. די יידן ציילט מען באַזונדער. אויב וועסטו זיך וועלן פאַרשטעקן וועלן דיך די אראַבער דערזען און וועלן מסרן. ס'איז אויך נישטאָ קיין פלאַץ צו פאַרשטעקן זיך...

אָט איז דער לערער פון די שניידער. זיין וואוקס איז ווי מיינער. ער איז נאָר אביסל פעטער פון מיר. אפשר וועלן מיר קענען מיט אַן אויסרייד אים ברענגען אין אונדזער צעל, אים איינשלאָפן מיט כלאָ־ראָפורם, אָנטון זיינע קליידער און אויף זיין פלאַץ ארויסגיין? זעט נאָר מיט סאַראַ לייכטיקייט ער גייט דורך די טויערן! עס איז כמעט שווער צו גלויבן, אז דאָס זענען די זעלבע טויערן, וואָס פאַרמאַכן זיך פאַר אונדזערטוועגן. אָבער ציי לייגט זיך עס אויפן שכל, אז מ'וועט מיך נישט דערקענען? איך וועל דאַרפן דורכגיין צענדליקער אַראַבישע פּאָ־ליציאַנטן. מ'וועט אָן ספק דערקענען.

און אפשר, און אפשר... אָן אַ סוף.

און... „אין צוויי חדשים ארום, אין א חודש, אין צוויי וואָכן, אין אַ וואָך...״ אָן אַ סוף.

— עס איז דאָך נישט מעגלעך מיר זאָלן נישט געפינען אַ וועג ווי אזוי ארויס פונדאנען! מען דאַרף קלערן, זוכן...

אַך, וואָלטן מיר געהאַט דעם קאַמער וואו עס זיצן די „הגנה״־לייט! פון דאַרטן קען מען ארויס. אַ טונעל פון אַ פּאָר מעטער און ביסט אינדרויסן! אָבער ס׳איז אַ פּוסטער חלום. אונדז וועט מען אהין נישט אַריינזעצן!...

## ד.

גוט, וואָס די טורמע געפינט זיך אין אַ שטאָט, וואָס איז באַוואוינט פון יידן. ביסט נישט אָפּגעהאַקט פון דער וועלט. אָפּקלאַנגען פון דעם, וואָס טוט זיך אינדרויסן שפּאַרן זיך דורך די דיקע מויערן. אונדזער קאָנטאַקט מיטן דרויסן איז זייער ענג. יעדע נייעס קומט צו אונדז אין צייט. וועגן אַ סך אַקציעס פון דעם אונטערגרונט, ווייסן מיר נאָך אין דעם זעלבן טאָג. און דאָס, אַ דאַנק דער איינטיילונג פון דער אַרבעט צווישן זיך: אין טורמע מאַכט מען די טרומנעס פאַר די געהרגעטע ענגלענדער. אַנשל ארבעט אין סטאָלער־וואַרשטאט. אין דער דאָזיקער מלאכה נעמט ער אָנטייל. אליעזר בן־עמי איז טאַלענטירט אין צייכענען, מאַכט ער די אויפשריפטן אויף די צלמים, וועלכע ווערן אויך געמאַכט אין סטאָלער־וואַרשטאַט. ער שרייבט־אויף מיט געדרוקטע אותיות דעם נאָמען פון געהרגעטן, די געבורטס־דאַטע און די דאַטע פון טויט. פאַרשטייט זיך, אז נאָך אין זעלבן טאָג פון דער אַקציע, באַשטעלט מען די טרומנע און דעם צלם מיט דער אויפשריפט, נישט אויפצוהאַלטן די לוויה. אין דער פּרעסע מעלדעט מען עס בלויז צומאָרגנס. אָבער מיט דעם ענדיקט זיך נאָך נישט די מלאכה. נאָכן באַערדיקן בייט מען איבער דעם צלם אויף אַ מצבה. אויך די מצבות מאַכט מען אין טורמע. אין דער מלאכה איז עוסק אליהו עמיקם. די ענגלענדער זענען זיך נוהג כאילו לויטן כלל... „ווער עס הייבט־אָן די מלאכה זאָגט מען אים — ענדיק״. און אונדז, ארעסטאַנטן, באַפעלן

זיי, ווייזט־אויס, צו ענדיקן דאָס, וואָס די חברים אונדזערע האָבן אָנגעהויבן אינדרויסן. ווען מיר קערן זיך אום פון די וואַרשטאַטן אין אונדזער צעל אַריין מיטאָגצייט, איז דאָס כמעט פון די ערשטע פראַגן: „נו, מ׳האָט באַשטעלט עפעס אַ פאָר צלמים?”, אָדער: „אנשל, איר האָט געמאַכט עפעס אַ פאָר טרומנעס?”. אויב איז דער ענטפער אַ פּאָזיטיווער — איז אַ סימן, אַז דער אונטערגרונט האָט געווירקט ביינאַכט. און אויב איז ער אַ נעגאַטיווער, טרייסט מען זיך, אַז דער טאָג איז נאָך גרויס. די אַקציעס אינדרויסן קומען שטורעמווייז — שטורעמווייז. אַ תקופה פון צוזאַמענשטויסן, שעדיקונגס־אַרבעט, איבערפאַלן און דערנאָך — שטיל. כמעט יעדער שטורעם פון אַקציעס ברענגט מיט זיך נייע אַרעסטאַנטן. פון זיי דערוויסן מיר זיך, וואָס עס טוט זיך אין דער באַוועגונג, שפּאַנענדיקע מעשיות וועגן דעם גאַנג פון דער אָדער יענער אַקציע. מיר פאָלגן וואַכזאַם נאָך אַלץ, וואָס געשעט אינדרויסן. אַזאַ באַטייליקן זיך אין די אַקציעס פון אונטערגרונט פאַרשטאַרקט דעם ווילן אויף אַרויס פונדאַנען. ווען מיר הערן וועגן אַן אַקציע אויספירן — איז גלייך ווי מיר וואָלטן עס איבערגעלעבט און זיך באַטייליקט אין דעם. און ווען מיר הערן וועגן אַרעסט פון איינעם פון אונדז, פילן מיר, ווי מען וואָלט אונדז אַליין ווידער אַמאָל אַרעסטירט. ווען עמעץ ווערט פאַרוואונדעט אויף אַן אַקציע — ציטערן מיר איבער זיין געזונט. אין דער תקופה זענען נאָך דריי פון די צוואַנציק פון לאַטרון אַרעסטירט געוואָרן: יהודה בן־דוד, סיאָמקע — „פערטל עוף”, און מנחם שיף, וועלכער האָט זיך געלאָזט וואַקסן אַ באָרד און אלס אַ פאַרשטעלטער ישיבה־בחור געפירט די אַקציעס אין ירושלים. אויך פאַר יהושע כהן איז געקומען די צייט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין אַן אַראַבישן קאַפע אין ירושלים. די אַלע זענען אַרעסטירט געוואָרן נאָכדעם, ווי געהיים־אַגענטן האָבן זיי דערקענט לויט די בילדער, וואָס זיי האָבן געהאַט. יהודה בן־דוד און סיאָמקע זענען אַרעסטירט געוואָרן בעתן אויסנאַם־צושטאַנד אין תל־אביב. עס זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע רעוויזיעס און די געהיים־אַגענטן האָבן זיי דערקענט בעתן לעגיטימירן זיי. מנחם שיף און יהושע כהן האָט מען אַרעסטירט אין ירושלים נאָכדעם, ווי אויך זיי האָט מען

דערקענט לויט פאָטאָגראַפּיעס. דעם פּאָדעם צום האַרץ פון דעם אונ־טערגרונט קענען די ענגלענדער נישט געפינען. און אויב פּאַרזוכן זיי אַ מאָל נאָכשפּיאָנירן נאָך אונדזערע מענטשן — פאַרלירן זיי זיי גאָר שנעל. זיי האָבן מוותר געווען אויפן נאָכשפּיאָנירן און ווען מען געפינט עמעצן פון אונטערגרונט מיט דער הילף פון אַ פאָטאָגראַ־פיע, אַלאַרמירט דער געהיים־אַגענט די פּאָליציי און מען אַרעסטירט אים באַלד — איידער ער ווערט פאַרשווינדן...

*

דער אויסנאַם־צושטאַנד, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די שטעט פון לאַנד און די ברייטע רעוויזיעס זענען גע־קומען נאָכן אַטענטאַט אויפן הויך־קאָמיסאַר — מאַק־מייכל. עס האָט אונדז זייער וויי געטאָן, ווען דאָס איז נישט געלונגען. איצט, נאָך די אַרעסטן, האָבן מיר געקענט הערן פון ערשטן קוואַל ווי אַזוי איז די אַקציע דורכגעפירט געוואָרן און, וואָס איז געווען די סיבה פון איר דורכפאַל. אין משך פון אַ סך וואָכן האָט מען אויס־געאַרבעט די דאָזיקע אַקציע. די באַוועגונג האָט געוואָלט צוקומען צו דעם שפּיץ פון פּערזענלעכן טעראָר כדי איבערצוגיין צו אַן אַנדער שיטה פון קאַמף. אַ סך אָנשטרענגונגען זענען אַריינגעלייגט געוואָרן ביים אויסאַרבעטן דעם פּלאַן. זאַמלען פּרטים, נאָכשפּיאָ־נירן, מאַכן פּלענער. נישט איינמאָל האָט מען געלויערט אויפן הויך־קאָמיסאַר אויף אַנדערע פּלעצער און ער איז בכלל נישט גע־קומען אָדער נישט געקומען אין דער צייט. אַ קורצע צייט פאַרן אויס־פירן די אַקציע איז געקומען אַ ידיעה, אַז דער הויך־קאָמיסאַר וועט זיין אויף אַ באַזוך אין „מלך דוד" האָטעל. פאַרשטעלט אַלס אינזשי־ניערן און אַרבעטער פון דער אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכער־אַרבעט, מיט אַלע געהעריקע מכשירים, האָבן אונדזערע בחורים געאַרבעט אויפן גאַס־אָפּשניט נעבן האָטעל. זיי האָבן „געמאָסטן" און „געאַר־בעט" אומזיסט. עס איז צוליב עפּעס־וואָס אָפּגעלייגט געוואָרן דער באַזוך פון הויך־קאָמיסאַר. און אַזוי זענען צונישט געוואָרן אויך אַנ־דערע פּלענער. און צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ בליץ־אָנפאַל אויפן קאָנוואָי וואו עס פאָרט דער הויך־קאָמיסאַר. דאָס איז

געוועזן געפערלעכער. דער הויך־קאָמיסאַר פלעג נישט ארויס פון זיין הויז אָן אַ שטאַרקער וואַך־באַגלייטונג. דעם הויך־קאָמיסאַרס מאַשין איז שטענדיק געפאָרן צווישן מיליטערישע געפאַנצערטע מאַשינען. אין משך פון גאַנצע טעג קאָנטראָלירט מען דעם וועג, וואָס פירט פון הויך־קאָמיסאַרס פּאַלאַץ — אין שטאָט אַריין. מען דאַרף אויסוויילן אַ היכן פּלאַץ ביים שאָסיי, וואו מען קען געפינען אַ דעקונג, צו זיין מחוץ דעם טרעף־געביט, וואו מען קען איינשטילן דאָס פייער, וואָס קען קו־מען פון די פּאַנצערס. נאָך דער אַקציע דאַרף מען קענען צוריקציען מיטן קורצסטן און שנעלסטן וועג. נאָך קאָנטראָלעס און אויסרע־כנונגען איז באַשטימט געוואָרן דער פּלאַץ. פון אַ הויך בערגל, וואָס געפינט זיך ביים שאָסיי, וועט דער קאָנוואָי אָנגעגריפן ווערן. דאָס בערגל איז זייער משופּעדיק ביי דער זייט פון שאָסיי, און וועסט קע־נען ליגן כמעט ביים שפּיץ בערגל און די קוילן פון פיינט וואָס קומען פון אונטן וועלן דיך נישט קענען טרעפן. אָבער אים, וועלן דיינע קוילן גוט קענען טרעפן! פונדאַנען וועט מען קענען איינשטילן דאָס פייער פון די פּאַנצערס. פון אויבן זענען זיי אָפן און דאָס פייער, וואָס וועט קומען פון בערגל, וועט צווינגען די ענגלענדער צו ליגן אויפן באָדן פון מאַשין. כדי פאַרזיכערן די הצלחה פון דער אַקציע דאַרף מען איינהאַלטן און אָפּשטעלן דעם קאָנוואָי. דאָס וועט געמאַכט ווערן דורך אָנצינדן דעם שאָסיי. ווען עס וועט זיך דער קאָנוואָי דער־נענטערן צום אנגריפס־פּלאַץ, וועט מען פון אויבן אַרונטערוואַרפן אַ ריזיקע מאָלאָטאָוו־פלאַש, וואָס וועט זיך צעשפּריצן איבערן אַספאַלט, דער בענזין וועט זיך אָנכאַפּן און ס׳וועט זיך שאַפן אַ פייער־צוים, איבער דער גאַנצער ברייט פון שאָסיי. זיי וועלן געצוואונגען זיין איינצוהאַלטן און דעמאָלט וועלן מיר זיך באַניצן מיטן גאַנצן אָנגע־גרייטן געווער, כדי ליקווידירן דעם פאָרשטייער פון דער פרעמדער מאַכט. אַ סך געווער איז פאַר אים אָנגעגרייט געוואָרן: מאַשין־געווער, אויטאָמאַטיש געווער, ביקסן און בעיקר באָמבעס און האַנט־גראַנאַטן. עס לעגט זיך כמעט נישט אויפן שכל, אַז ער וועט אַרויס לעבעדיק...

אַלץ איז שוין גרייט. יעדער איינער אויף זיין פּלאַץ מיט זיין געווער און מיט זיין אויפגאַבע. מיט אומגעדולד וואַרט מען אויף א

סימן, דער קאָנוואָי זאָל זיך לאָזן אין וועג. צום סוף קומט־אָן אַ ידיעה: נאָך אין אַ פּאָר מינוט וועלן זיי אָנקומען. דער עמבלעם פון קנעכט־שאַפט וועט ליקווידירט ווערן. פון ווייטנס זעט זיך שוין דער קאָנוואָי. דער באַפעל פון קאָמאַנדיר: „זיי גרייט!" דער ערשטער פּאַנצער גייט פאַרביי די מענטשן, וואָס ליגן אויבן און קוקן. דעם הויך־קאָמיסאַרס מאַשין געפינט זיך נאָך אים, אין אַ דיסטאַנס פון 40—30 מעטער. און פּלוצים, גלייך דער גיהינום זאָל אַראָפּ פון הימל. אַ צוים פון פייער, שיסעריי, אויפרייסונגען. דער קאָנוואָי האָט זיך באלד פאַרהאַלטן. די ענגלענדער אין די פּאַנצערס האָבן זיך אויסגע־שטרעקט אויפן דנאָ. אַ באָמבע איז געוואָרפן געוואָרן אויפן הויך־קאָמיסאַרס מאַשין נאָך איידער זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. די באָמבע האָט געראַטעוועט זיין לעבן. זי איז געפאַלן איבער דער מאַשין, האָט זיך אַ ביסל נאָך געקייקלט און מיט אַ ריזיקן קנאַל אויפגעריסן. דער לופט־דרוק האָט די מאַשין צוגעשטופּט צו דער וואַנט פון משופּעדיקן בערגל, אויף וועלכן עס זענען געלעגן די אָנפאַלער. די קוילן, וואָס זענען געצילט געוואָרן צו דער מאַשין, האָבן שוין נישט געטראָפן. די מאַשין האָט מען שוין נישט געזען. מען האָט בלויז געהערט דעם צוזאַמענשטויס פון דער מאַשין און בערגל. די מאַשין פון הויך־קאָמיסאַר האָט זיך צעשמעטערט און ער איז געבליבן אונטער איר. ער איז באַשטימט שוין אַ טויטער, אָבער צוליב זיכערקייט דאַרף מען וואַרפן אַ פּאָר גראַנאַטן אין דער ריכטונג, וואו ס'איז צוגעשטופּט געוואָרן די מאַשין, און אָפּציען...

אַ פּאָר מינוט נאָכן איבערפאַל זענען שוין די וועגן געווען פאַר־שטעלט, נאָר דער בליץ־אָנפאַל איז געווען אַזאַ שנעלער, אַז די בהו־רים האָבן באַוויזן שוין צו זיין אין געזיכערטע פּלעצער. זיי האָבן צוריקגעצויגן מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט, אַז דער הויך־קאָמיסאַר איז ליקווידירט... קיינעם פון די אָנפאַלער האָט מען נישט געכאַפּט און נישט פאַרוואונדעט...

ווען מיר, אין טורמע, האָבן צומאָרגנס געזען די שילדערונג פון דעם אנגריף אין דער צייטונג, זענען מיר זייער אַנטוישט געווען. די שילדערונג איז נישט געווען קיין גענויע און ס'האָט געגעבן פּלאַץ

פאַר נאָכקלערן: „פאַרוואָס זענען זיי נישט צו ענדע צו אים צוגע־גאַנגען און אים אַריינגעהאַקט אַ קויל אין קאָפּ אויף זיכער צו זיין?" — האָבן מיר מיט פאַרביטערונג געפרעגט. „וואָס איז זיי דאָרט געשען?"

בלויז נאָך דעם, ווי מיר האָבן געהערט די פּרטים פון ערשטן קוואַל, האָבן מיר פאַרשטאַנען ווי אַזוי איז דער הויך־קאָמיסאַר געבליבן לעבן. און טראָץ דעם, וואָס דער אַטענטאַט האָט געבראַכט צו רעוויזיעס און אויסנאַם־צושטאַנד אין די גאַסן און טראָץ דעם, וואָס ס'האָט געבראַכט שאָדן און ליידן דער באַפעלקערונג, האָבן די יידן באַדויערט, אַז מאַק־מייכל איז לעבן געבליבן. די פּרעסע, פאַרשטייט זיך, האָט שאַרף געטאַדלט די טאַט און האָט גערופן אויסראָטן דעם „נגע פון טעראָר". האַרציקע וואונטשן זענען געשיקט געוואָרן דעם הויך־קאָמיסאַר פון איינצעלנע פערזאָנען און אינסטיטוציעס...

*

עס זענען אויך געווען אַקציעס פון וועלכע מיר האָבן געוואוסט פאָ־רויס. די קאָנספּיראַציע אין טורמע איז אַ סך שוואַכער ווי די פון דרויסן. צווישן זיך פלאַפּלט מען אַביסל. ווען עס קומט אַ נייער אַרעסטאַנט, פרעגן מיר און ער ענטפערט. אַ מאָל דערציילט ער אַלץ און אַ מאָל בלויז רמזים. מיר פרעגן אויף בנינים, וואָס שטייען נאָך גאַנץ, אויף פאַרשטייער פון דער געהיימפּאָליציי, וואָס דרייען זיך נאָך אַרום גאַנצע, אויף געלד, וואָס דער אונטערגרונט נויטיקט זיך און ס'ליגט נאָך אין דער רעגירונגס־קאַסע, אויף געווער, וואָס מען נויטיקט זיך און עס איז נאָך אין די הענט פון מיליטער און פּאָליציי או"וו. ווען עס ווערט אַרעסטירט אַ מענטש, ווי יהושע כהן אָדער מנחם שיף „קוועטשן" מיר פון זיי אַרויס אַלץ, וואָס זיי ווייסן און מיר ווילן וויסן. מיר מאַכן דאָס שנעל, ווייל מיר ווייסן, אַז לאַנג וועלן זיי מיט אונדז נישט זיצן. זיי ווערן געהאַלטן אין טורמע געציילטע טעג ביז מען פאַרענדיקט די אויספאָרשונג, און ווען עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ס'איז קעגן זיי נישט פאַראַן קיין מאַטעריאַל, וואָס קען דינען אַלס עדות אין געריכט, פירט מען זיי אַריבער קיין לאַטרון, אויף 12 חדשים, וועלכע ענדיקן זיך קיינמאָל נישט...

צווישן אנדערע פראַגן האָבן מיר אַמאָל געפרעגט „וואָס איז מיטן רויטן ?" אונדזער פאַרטנער האָט אונדז געענטפערט: „אין גיכן וועט איר הערן וועגן אים. ריכטיק הערן. דאָס וועט זיין דאָ, אין דער נאָענט..."

„דער רויטער", אזוי האָבן מיר גערופן דעם אָפיצער ווילקין, וועלכער איז געשטאַנען בראש דעם אָפטייל, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיטן קאַמף קעגן דעם אונטערגרונט. ער איז געווען פעאיק און קלוג, ווי א שד. ער איז געווען מסוכן פאַרן אונטערגרונט. אַ פעאיקער געהיימאַגענט־אָפיצער איז מער מסוכן, ווי אַ גאַנצער פאָלק מיליטער. דאָס איז אַ פילאַר, אויף אים שפאַרט זיך אָן די גאַנצע אונטערדריקונגס־מאַכט. אַ סך מאָל, האָט מען אויף אים געלויערט, נאָכגעפאָלגט אים, פאַרזוכט אָן אַטענטאַט אויף אים צו מאַכן און שטענדיק האָט פאַסירט עפעס אַ שטערונג. ער איז אויך געווען פאַרהאַסט ביי די „הגנה"־לייט. זיין נאָמען איז באַקאַנט געווען אין ישוב. און אין איינעם פון די קומענדיקע טעג שטייענדיק ביי אַ קאַסטן אותיות אין דרוקעריי פון טורמע (כ'האָב דאָרטן געאַרבעט), האָב איך פלוצים געהערט שיסעריי. דאָס זענען געווען רעוואָלווער־שאָסן, וואָס זענען אויסגעשאָסן געוואָרן מיט אַ שנעלקייט איינס נאָכן אַנדערן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען ענדיקט מיטן „רויטן". דאָס איז געווען אין די שפּעטע מאָרגן־שעהן, אַ קורצע צייט פאַר דער אַרבעט־פויזע. אין דעם צייט־אָפשניט איז געווען איינגעפירט א מין וויציקער „ספאָרט" צווישן מיינע פריינט: אויסנוצן דעם דורשט פאַר נייעס און פונאַנדערשפרייטן קלאַנגען צווישן די אַרעסטאַנטן. דאַסמאָל, האָב איך זיך אויך אָפגעגעבן דער קונדאַסעריי. נאָכן ענדיקן די אַרבעט, ווען אלע ארעסטאַנטן קערן זיך אום אין זייערע צעלעס און יעדער וויל וויסן, וואָס איז דער באַדייט פון די געהערטע שיסערייען, האָב איך דערציילט, אז איך האָב געפרעגט דעם לערער פון דרוקעריי, איז ער געגאַנגען געוואָר ווערן און ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר דערציילט, אז עס זענען שוין פאַראַן מודעות פון דער „הגנה" אין וועלכע מען מעלדעט, אַז די „הגנה" האָט אַוועקגעהרגעט דעם אָפיצער ווילקין, פאַר זיינע מעשים קעגן אירע חברים. כ'האָב אלעמען דאָס

דערציילט אויך די „הגנה"־לייט ווי אַ ידיעה, וואָס איך אַליין צווייפל אין איר. צווישן די „הגנה"־אַרעסטאַנטן זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבן געהאט גערעכטע טענות קעגן אָפיצער ווילקין. ער האָט זיי אַרעסטירט, ער האָט זיי געפּאַרשט, ער האָט זיי געדראָט, ער האָט זיי איינגעזעצט אין טורמע און עדות געזאָגט קעגן זיי אין געריכט. אין אַ שעה אַרום איז אָנגעקומען אַ באַשטעלונג פּאַר אַן אויפשריפט אויף אַ צלם און מען האָט בפּרוש פאַרלאַנגט צו שרייבן דעם נאָמען ווילקין און אָנגרייטן פאַר אים אַ טרומנע. ס'איז שוין נישט געווען קיין ספק, אז די ידיעה איז אַ ריכטיקע. אויב ס'איז ריכטיק, אז ווילקין איז געהרגעט געוואָרן, קלאָר, אז דער צווייטער טייל פון דער ידיעה איז אויך אמת. מיינע פריינט, פאַרשטייט זיך, האָבן געוואוסט דעם אמת, נאָר אלע האָבן זיך באַטייליקט אין שפּיל. מיט פרייד האָבן מיר געדרוקט די הענט פון די „הגנה"־לייט.

— מיר פרייען זיך, אַז סוף־סוף האָט איר אויך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדערער וועג — האָבן מיר זיי געזאָגט.

— זעט איר — האָבן זיי באַגייסטערט געענטפערט — מיר האָבן אייך שטענדיק געזאָגט ווען עס וועט זיך נויטיקן — וועלן מיר טאָן... אָן פראַזן, אָן הויכע רייד, איבערקלערן, אויסרעכנען, מיט אחריות... זעט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייט: אַ פערטל שעה נאָך די שאָסן זענען שוין אויסגעקלעבט געוואָרן אין דער גאַנצע שטאָט מודעות... מען דאַרף וויסן וועמען און ווען...

און אַזוי ביז צומאָרגנס.

אינדערפרי זענען געקומען צייטונגען. און אין „דבר" איז געווען די „פלאַטע" (אזוי רופן מיר די באַשמוצונגס־אַרטיקלען, וואָס דערשיינען נאָך יעדער אַקציע, אין די טאָג־צייטונגען). „אַ פאַרברעכן־טאַט פון אַ פאַשיסטישער באַנדע!..." „דער ישוב דאַרף זיי עוקר מן השורש זיין!..." „גאַנגסטערס!..." אא"וו. אא"וו.

— — — דאָס מאָל איז אַביסל שווער אונדזערע ליבע פריינט נאָכרעדן, וואָס די צייטונג האָט געשריבן.

עולם־גולם...

איינע פון אברהם שטערנ׳ס יסודותדיקע הנחות איז געווען: אַ פרייהייטס־קאַמף פון אַן אונטערדריקט פאָלק קען מצליח זיין נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט פאַרבינדעטע צווישן די פעלקער. אין דער הנחה איז נישט פאַראַן עפעס אַן אַנטדעקונג פון אַ נייעם אמת. פון שטענדיק־אָן האָט דער ציוניזם זיך באַמיט צו געווינען די סימפּאַטיע פון פעלקער. צוליב דעם זענען געשאַפן געוואָרן פּראָפּאַגאַנדע אַפּאַראַטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין דער יידישער אַגענץ און אויך יעדע פאַרטיי באַזונדער האָט געהאַט אַזאַ אַפּאַראַט. די סימפּאַטיע פאַרן ציוניזם ביי די פעלקער און זייער אונטערשטיצונג, האָבן זיי געוואָלט דערווערבן דורכן אַוועקשטעלן דעם ציוניסטישן אידעאַל אַלס אַ הויכן מאָראַלישן ציל. ספּעציעל זענען די ציוניסטישע פירער פאַראינטערע־סירט געווען אין דער סימפּאַטיע פון די פעלקער וועלכע זענען פאַר־בינדן געווען מיט ענגלאַנד, כדי זיי זאָלן באַאיינפלוסן, כדי זיי זאָלן איבערצייגן די ענגלענדער...

גאָר אַנדערש איז געווען יאיר׳ס צוגאַנג. ארויסגייענדיק פונעם שטאַנדפּונקט, אַז אין אונדזער וועלט ווערט איינגעשטעלט די וועלט־לעכע דיפּלאָמאַטיע אויפן סמך פון אינטערעסן פון לענדער און מאַכטן און בלויז זייער ווייניק פּלאַץ בלייבט איבער פאַר מיטגעפיל און מאָראַל אַלס פאַקטאָר ביי פּאָליטישע פּראָבלעמען, איז יאיר געקומען צום אויספיר, אַז די פאַרבינדעטע פאַרן פרייהייטס־קאַמף דאַרף מען זוכן נישט אין דער מחנה פון די ענגלישע פריינט, נאָר אין דער מחנה פון אירע פיינט. אין די ערשטע עגזעמפּלאַרן פון „החזית״ איז נישט ווייניק גערעדט געוואָרן וועגן דעם פּראָבלעם. ווער איז דער אָביעק־טיווער פאַרבינדעטער פונעם יידישן פאָלק? יעדער איינער, וואָס זיינע אינטערעסן שטייען אין קעגנזאַץ צו די אינטערעסן פון ענגלאַנד. ווייל יעדער, וועלכנס אינטערעסן זענען בשותפותדיק מיט דער בריטישער אימפּעריע, וועט במילא זיין פאַראינטערעסירט, אין דעם באַזירן די בריטישע הערשאַפט אין לאַנד. אין דערהאַלטן אַ בריטישע מלחמה־באַזע דאָ, דאָס הייסט צוימען אונדזער אַנטוויקלונג.

דער־אָ צוגאַנג פון יאיר׳ן און פון די וועלכע זענען געקומען נאָך

אים, האָט געשאַפן אַ תהום צווישן אונדז און די איבעריקע טיילן פון ישוב אָן אַ יוצא מן הכלל. די אממייסטן עקסטרעמע פון צווישן די ציוניסטן, די רעוויזיאָניסטן, האָבן קיינמאָל נישט געמיינט מלחמה האַלטן קעגן ענגלאַנד. זייערע קעמפערישע לאָזונגען זענען געווען געווענדעט קעגן דער בריטישער אַדמיניסטראַציע בלויז. מיר האָבן געזען דעם שורש פון שלעכטס אין דעם אימפעריאַליזם. די פאַרשידענע ציוניסטישע פאַרטייען האָבן געזען דעם שורש פון שלעכטס אין דער מיספאַרשטענדעניש צווישן אונדז און די ענגלענדער, וועלכע ס׳איז מעגלעך אויפצוקלערן און דעמאָלט וועלן די ענגלענדער פאַרשטיין, אַז אונדזערע פאַרלאַנגען זענען גערעכטע און אַז אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל וועט זיי ברענגען נוצן...

די פראַגע וועלכע איז פאַר אונדז געשטאַנען איז געווען: ווער קען זיין אַ קאָנקרעטער פאַרבינדעטער? די ענדע קריג האָט זיך שוין געלאָזט שפירן און עס האָט זיך גענויטיקט אַ קאַלטער און טיפער חשבון פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, וואָס וועלן זיך שאַפן אין דער וועלט נאָך דער מלחמה. מיר האָבן פאָרויסגעזען דאָס צעשפּאַלטן זיך פון דער וועלט אויף צוויי קעגנערישע בלאָקן. די קעגנער פון ענגלאַנד וועלן זיין אונדזערע פאַרבינדעטע. און דאָ איז פאַראַן אַ נויטווענדיקייט ארויסצוציען די מסקנות ביזן סוף. די קעגנער פון ענגלאַנד וועלן אונטערשטיצן אונדזער פאָלק אויב מיר וועלן באַווייזן, אַז מיר קעמפן נישט צוליב איבערבייטן איין בריטישן פאָרשטייער אין אַ צווייטן, נאָר צוליב פאַרטרייבן די בריטישע מאַכט בכלל. צוליב דעם פאַרטרייבן יעדוועדע בריטישע מאַכט. נישט די אַדמיניסטראַציע איז דער פיינט, נאָר די אימפעריע איז דער פיינט. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָבן די פעלקער פון דער וועלט, געזען אין אונדז די דינער פון דעם אימפעריאַליזם. כדי צו ענדערן דעם רושם, דאַרפן מיר באַווייזן, אַז מיר ווילן איבערייסן די באַציאונגען מיט דער אימפעריע, אז מיר ווילן איבערייסן דעם קאָנטאַקט און זיך באַפרייען. מיר דאַרפן קעמפן מיט דער בריטישער אימפעריע. דאָס איז דער תנאי צו באַקומען פאַר־בינדעטע און אַן ערנסטע און פעסטע אוטערשטיצונג. איצט קלינגען די רייד ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך. אין יאָר׳ס צייטן זענען זיי איבער־

הויפּט נישט פאַרשטאַנען געוואָרן. אין די יאָרן 1943—47, האָבן זיי דערוועקט אַ ווידערשטאַנד. די זיכערקייט פון די ווינציקע אין דער ריכטיקייט פון די הנחות איז געווען אַזוי גרויס, ביז זיי זענען גרייט געווען צו נעמען אויף זיך די אחריות פאַר די טאַטן, וואָס פליסן אַרויס פון די דאָזיקע מסקנות. ס'איז נישט לייכט צו טאָן מעשים, וואָס דער גרעסטער רוב פון דיין פאָלק איז געווען קעגן זיי. ס'איז נישט לייכט צו זיין אַ פּורש. אָבער ס'איז פאַראַן אַ סאָרט מענטשן, וואָס קענען נישט אַנדערש, ווי פּורש זיין און ווירקן אויף אייגענער פויסט, ווען זיי ווייסן, אַז דאָס איז דער וועג צו דער באַפרייאונג.

מיר דאַרפן פּראָקלאַמירן פאַר דער וועלט, אַז עס איז פאַראַן אין לאַנד אַ גורם, וועלכער שטרעבט אַרויסצוטרייבן די ענגלענדער, וועלכער זעט דעם פּיינט אין דער אימפּעריע און נישט אין דער בריטישער אדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל.

לויט די הנחות איז באַשלאָסן געוואָרן אין סוף 1943, אָוועקצוהרגענען דעם בריטישן מיניסטאָר אין מיטל־מזרח, דעם לאָרד מוין. דאָס וועט זיין דער אָנהויב...

לאָרד מוין און דאָס מיניסטעריום, פון וועלכן ער שטייט אין דער שפּיץ, איז נישט קיין טייל פון דער ארץ־ישראלדיקער אַדמיניסטראַציע. דאָס איז די אינסטיטוציע, וואָס דיקטירט איר.

*

אַ מענטש, וועלכער האָט קיינמאָל נישט עוסק געווען אין ענינים פון אונטערגרונט, און האָט בלויז געהערט וועגן אויספירן די אָדער יענע אַקציע, קען זיך אוודאי נישט פאָרשטעלן, ווי שווער ס'איז אויסצופירן אַן אַטענטאַט אויף אַ הויכער פּערזענלעכקייט, וואָס ווערט גוט געהיטן. פיל־מאָל שווערער איז, ווען עס דאַרף געטאָן ווערן אין אויסלאַנד. אין דער צייט, ווען ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דער אַטענטאַט אויף לאָרד מוין האָבן מיר נאָכנישט געהאַט קיין מיטגלידער אין מצרים. טאַקע דאָ און דאָרטן האָט זיך געפינען אַ זעלנער אין די יידישע אָפּטיילונגען ביי דעם בריטישן מיליטער, אויף וועלכן מען האָט זיך געקענט פאַרלאָזן, אָבער די דאָזיקע יחידים האָבן מיר געשיקט אין מיליטער מיטן צוועק צו פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע

זעלנער און אויך צוליב גנבענען געווער ביים מיליטער. אזוי ווי עס האָט נאָכנישט עקזיסטירט קיין פיליע פון דער באַוועגונג אין מצרים, איז דאָרט נישט געפירט געוואָרן קיין שום אונטערגרונט־אַרבעט. יעדער פון די זעלנער איז געווען פאַרבונדן אויף אַ דירעקטן אופן צום צענטראַלן אָפּטייל פונעם מיליטער אין לאַנד און על פּי רוב האָט אויך איינער דעם צווייטן נישט געקענט. אַזאַ זעלנער, קומענדיק אין לאַנד אַריין, אויף אורלויב, פלעג אויף וויפיל עס איז מעגלעך געווען, אַריבערברענגען מיט זיך אַ קוואַנטום געווער פאַרן לאַנד, אָדער פלעג שאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר איבערפירן דאָס געווער, וואָס ער האָט געגנבעט אָדער געקויפט און באַהאַלטן אין מצרים. ווען ער איז צוריק־געפאָרן צו זיין איינהייט פלעג ער מיטנעמען אויפקלערונגס־בראָשורן און אין געהיים פאַרשפּרייטן צווישן די זעלנער. אָבער איצט האָט זיך געשאַפן אַ נויטווענדיקייט אויפצושטעלן אַ פיליע אין מצרים. „נחמיה" איז נאָמענירט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער פיליע אין פון איצט־אָן זענען אונדזערע מענטשן אין מיליטער, וואָס געפינען זיך אין מצרים, געווען פאַרבונדן מיט אים. נאָכן איינשטעלן די אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע איינאָרדנונגען האָט מען אָנגעהויבן איינשטעלן אַן אַקציע־ליניע. צו אַלער ערשט דאַרף מען אַנטוויקלען אַ שפּיאָנאַזש סערוויס. מען דאַרף אַריינדרינגען אין יעדן פלאַץ און באַקומען אינ־פאָרמאַציע וועגן אַלץ, וואָס דאָרט טוט זיך. נאָך דעם, ווי ס'איז אויפ־געשטעלט געוואָרן אַזאַ מין אַפּאַראַט און מ'האָט געפונען אַ צוגאַנג צו די הויכע קרייזן, איז „נחמיה" גערופן געוואָרן אין לאַנד אַריין און אין אַ באַגעגעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים, ביי אַ צוויי וואָכן פאַרן אַטענטאַט אויף מאַק־מייכל, האָט ער באַקומען אַן אויס־פירלעכע אָנווייזונג צוגרייטן אַן אַטענטאַט אויף לאָרד מוין. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך פאַר דעם, האָבן זיך אונדזערע מענטשן ספּעציעל פאַר־אינטערעסירט אין „מדינה ביורא" פאַר די ענינים פון נאָענטן־מזרח". אַממייסטן מיט דער הילף פון פרעמדע זשורנאַליסטן איז אונדזער שפּיאָנאַזש אין מצרים דערגאַנגען, צו גרויסע דערפאָלגן. כמעט אַלץ, וואָס דער ביורא האָט געטאָן, איז אונדז באַקאַנט געווען, איצט איז

בלויז איבערגעבליבן פעסטצושטעלן דעם פּלאַן פאַר אַקציעס. ביי אויספירן אַן אַקציע אויף פרעמדן באָדן, איז שטענדיק פאַראַן די סכנה, אַז מען זאָל כאַפּן די אַטענטעטער. אין די רייען פון בריטישן מיליטער אין נאָענטן־מזרח דינען ביי אַ צוואַנציק טויזנט יידישע זעלנער, און אויב וועט דער אַטענטאַט אויסגעפירט ווערן דורך זעלנער, און מ׳וועט זיי כאַפּן, קען דאָס שאַטן דעם מעמד פון יעדן יידישן זעלנער אין בריטישן מיליטער. דעריבער איז געווען נויטיק צו פאַרציכטן אויף דער באַקוועמלעכקייט און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער דאַזיקע באַגעגעניש נישט אַרויפצולייגן די דאָזיקע אויפגאַבע אויף די זעלנער. צוויי בחורים וועט מען אַריבערשיקן קיין מצרים. עס איז נויטיק געווען אויסצוקלייבן פּאַסיקע מענטשן, און אויך געפינען אַ וועג זיי איבערצופירן. עס איז נויטיק געווען אויסבאַהאַלטן זיי אין מצרים און באַרעכטיקן זייער זיין דאָרט. ס׳איז אויך נויטיק געווען פאַרזיכערן דעם צוריקקער זייערן אין לאַנד אַריין. די אַלע זאַכן זענען נישט קיין לייכטע פּראָבלעמען. יעדער פּרט און פּרט פאַרלאַנגט אָפּגעבן זיך, קאָנטראָלע און אויסרעכנונג.

די פּאַסיקע מענטשן האָבן זיך געפונען. צו אַלער ערשט וועט פאָרן אליהו חכים. בלויז אַביסל כאַראַקטעריזירן אים זעט ער אויס ווי אַן אַראַבער און אויך אַראַביש באַהערשט ער גוט. די פראַגע איז:
— ווי אַזוי פירט מען אים אַריבער קיין מצרים? אויפן סמך פון פּראַקטיק און אינפאָרמאַציע איז באַשטימט געוואָרן דער אופן פון זיין פאָרן: זעלנער וועלכע קערן זיך אום פון זייער אורלויב קיין מצרים, מוזן אַ פאַר טעג פריער באַשטעלן זייער פּלאַץ ביים באַן־טראַנספּאָרט־אָפּיצער (ריילוויי טראַנספּאָרט אָפּיסער) און באַקומען אַ באַשטעטיקונג. דעריבער, איז באַשלאָסן געוואָרן, צוגנבענען דאָקו־מענטן פון אַ זעלנער, וואָס דאַרף צוריקפאָרן און האָט באַקומען די געהעריקע פּאַפּירן. אויפן סמך פון די פּרובן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פריער איז באַקאַנט געווען, אַז דער אויספאָרשונגס־אַפּאַראַט פון דער בריטישער מיליטער־פּאָליציי איז נישט אַזוי פלינק, און אויב וועט מען צונעמען ביי אַ זעלנער זיינע פּאַפּירן אין טאָג פון זיין

אָפּפאָרן, און די מעלדונג וועגן דער גנבה וועט דערגיין צו דער מיליטער־פּאָליציי ערשט אין טאָג פון פאָרן, וועט חכים באַווייזן אָנצוקומען קיין מצרים נאָך איידער ס'וועלן זיך אָנהייבן די אויס־פאָרשונגען און די רעוויזיעס. און אַזוי איז געווען. די פּאַפּירן זענען צוגעגנבעט געוואָרן ביי א זעלנער, איידער ער האָט זיך אומגעקערט קיין מצרים און אויף זיין פּלאַץ איז חכים געפאָרן. עס איז קלאָר געווען, אַז נאָכן קומען קיין מצרים, וועט די מיליטערישע פּאָליציי, אָנהייבן זוכן דעם מענטש וועלכער איז געקומען אויפן אָרט פון דעם זעלנער. דאָס באַנוצן זיך מיט פרעמדע פּאַפּירן איז נישט שווער געווען, ווייל ביז דעם הרגענען לאָרד מוין זענען נישט געווען קיין פּאָטאָגראַפיעס אויף די דינסט־לעגיטימאַציעס ביים בריטישן מיליטער. דאָס האָט מען איינגעפירט ערשט נאָך דעם און לויט ס'ווייזט־אויס, אַלס רעזולטאַט פון דעם.

חכים, אָנקומענדיק קיין מצרים, האָט זיך באַלד צוגעשטעלט אויפן געהעריקן פּלאַץ און זיך באַגעגנט מיט „נחמיה'ן". אין דער גאַנצער צייט פון זיין זיין אין מצרים, האָט חכים נישט געקענט קיין אַנדערן מענטש, וואָס זאָל וויסן וועגן זיין אויפגאַבע. „נחמיה" האָט אים פאַרשאַפט א צימער און איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרן בעל־הדירה, אַלס סטודענט פון ירושלים, וועלכער איז געקומען אויף וואַקאַציע פאַרדינען אַביסל געלד, אַלס ציווילער באַאַמטער ביי דעם קאַנטינגען־סערוויס פון מיליטער. „נחמיה" איז א פּעאיקער בחור, און ער קען גוט דעקן זיין טעטיקייט. זיין אויסקונפט האָט געקענט אָוועקנעמען יעדוועדן חשד, ווען אפילו אַזאַ וואָלט זיך דערוועקט ביים בעל־הבית. חכים האָט אויסגעמיטן צו דערשיינגען אויף די פּלעצער וואו עס פאַר־זאַמלען זיך יידישע זעלנער, ער רעדט נישט קיין העברעאיש שפּאַ־צירנדיק אין די גאַסן פון קאַאירא און מיט „נחמיה'ן" באַגעגנט ער זיך בלויז אין די נעכט ערגעץ־וואו אויף די ברעגעס פון נילוס, אין מאַדי קוואַרטאַל אָדער אין העליאָפּאָליס.

פּלוצים איז חכים געבליבן אָן קאָנטאַקט. „נחמיה" איז אַרעסטירט געוואָרן. חכים האָט געציטערט פאַרן גורל פון דער אַקציע און האָט

מורא געהאט, אז דער ארעסט איז געקומען צוליב דעם אנטפלעקן דעם פלאן. אָבער, דאָס איז נישט געווען די סיבה פונעם ארעסט. אין אָנפאנג האָט אויך „נחמיה" נישט געוואוסט פארוואָס ער איז ארעסטירט געוואָרן. ער האָט געדענקט, אז מען האָט געכאַפּט דעם לעצטן טראנס־פּאָרט פון געווער און דאָס איז די סיבה פון זיין ארעסט. אויף דער אויספאָרשונג האָט ער זיך דערוואוסט די סיבה: מ'האָט זיך דער־וואוסט, אז דער אונטערגרונט, כביכול, האלט ביי אויפרייסן די קאָנ־פערענץ פאר גרינדן די אראבישע ליגע, וואָס דארף זיך עפענען אין אַלעכסאַנדריע. קלאָר, אַז די גאַנצע זאַך איז אויסגעזויגן פון פינגער. עס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט אזא פלאן און לויט ס'ווייזט־אויס, זענען די אראבער פאראינטערעסירט געווען צו פארשפרייטן אזא קלאנג, אָדער די ענגלענדער אליין זענען פאראינטערעסירט געווען אין דעם. „נחמיה" האָט מצליח געווען צו באווייזן אויף די אויספאָר־שונגען, אז ער האָט נישט קיין צוזאמענהאנג מיטן אונטערגרונט. ער איז באפרייט געוואָרן אין דער צייט ווען חכים האָט אין זיין פאר־צווייפלונג געזוכט א וועג צוריקצוקומען אין לאנד, ווייל זייענדיק אָן א קאָנטאַקט, האָט ער נישט געוואוסט וואו זיך צו ווענדן, און וואָס צו טאָן.

נאָך „נחמיה'ס" באַפרייאונג — זענען פאַרטיק געוואָרן די אָב־סערוואציעס און דער פלאן איז באשטימט געוואָרן אויף אן אנטגילטיקן אופן. די פרטים זענען אוועקגעגאנגען צו דער צענטראלע — און דער פלאַן איז באשטעטיקט געוואָרן. בלויז איין פרט האָט די צענטראלע פאָרגעשלאָגן צו ענדערן: די אטענטעטער דארפן אָפּציען מיט א מאָטאָציקל אָדער א מאשין, אָבער נישט מיט א בייציקל, ווי ס'איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן פון מצרים. דער צווייטער מענטש האָט זיך געלאָזט אַין וועג אריין. דאָס איז געווען אליהו בית־צורי. א לאנגע צייט האָט ער געוואַרט אויף א באפעל ארויסצופאָרן. פארן פאָרן, ביים געזעגנען זיך, האָט בית־צורי געזאָגט, אז אין פארלויף פון א קורצער צייט וועט ער די אקציע אויספירן. ער איז גרייט געווען באצאָלן מיט זיין לעבן און נישט פארציכטן אויף דער זאַך.



אליהו חכים און אליהו בית־צורי, וועלכע האָבן געהרגעט לאָרד מוין.

**דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין לויף פון זייער משפט אין קאירא. אליהו חכים דערקלערט פאַרן געריכט, פאַרוואָס זיי האָבן עס געטאָן.**

*

אין איינעם אן אָקטאָבער טאָג, איז געבראַכט געוואָרן א פאַרהאַל־טענער פון לאַטרון אין ירושלימער טורמע אריין. מען האָט אים געבראַכט אויף אַן אויספאָרשונג אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ גרויסער צאָל שטאָפן, וואָס זענען „קאָנפיסקירט" געוואָרן דורך דעם אצ"ל אין דעם אָפטייל פון אינספעקטאָר אויף לייכטער אינדוסטריע אין תל־אביב. און ווייל זייער זעלטן פלעג מען ברענגען א פאַרהאַלטענעם פון לאַטרון אין ירושלימער טורמע אריין — זענען מיר זייער פאַראינטערעסירט געווען צו שמועסן מיט אים און זיך דערוויסן, וואָס עס מאַכן דאָרטן אונדזערע חברים. מיר האָבן אים פאַרשאַפט אַן אָרט ביי אונדז אין צעל און אוועקגעלייגט זיין „בורש" צווישן אונדזערע „בורשן". ער איז גענומען געוואָרן צו דער אויספאָרשונג אַ פּאָר מאָל אין טאָג און צו לעצט איז ער געגאַנגען פאַרנאַכט און מיר האָבן געוואַרט אויף זיין צוריקקער. שפּעט אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען.

— נו, וואָס איז געווען ביי דער אויספאָרשונג? — האָבן מיר געפרעגט.

— מ'האָט איבערגעהאַקט אין מיטן.

— פאַרוואָס?

— ווערנט דער אויספאָרשונג איז געקומען א טעלעפאָן פון מצרים און דער אָפּיצער קאַרטיס, ווי די וועלט זאָל אים פינסטער ווערן, און ווי פון א שלאַנג געביסן. ער האָט באַפוילן מיך צוריקשיקן אין טורמע און מיר געזאָגט, אז איצט וועט מען שוין מיט אונדז פאַרענדיקן.

— וועגן וואָס איז גערעדט געוואָרן אין טעלעפאָן?

— אין מצרים איז געווען עפּעס אַן אטענטאַט. מען האָט געהרגעט לאָרד מוין.

— ווער האָט געהרגעט?

— קאַרטיס האָט מיר געזאָגט, אז יידן. צוויי האָט מען געכאַפּט...

*

די רדיפה, וואָס איז געקומען נאָכן אטענטאַט האָט אונדז נישט איבעראַשט. מיר האָבן פאָרויס געוואוסט, אז ס'וועט קומען. מיר האָבן

אויך געוואוסט, אז דער ישוב וועט זיך דאָסמאָל איבערשרעקן. אין דעם קאמף וועלן מיר לחלוטין איינזאם זיין. נאָר ס׳איז קיין אויסוועג נישטאָ. וואָס בנוגע די ענגלענדער — איז קלאָר, אז זיי וועלן נישט אָנהייבן דענקען וועגן פארלאָזן דאָס לאנד, כל זמן זיי וועלן נישט אויספּרובן אַלע מיטלען, וועלכע שטייען צו פאַרפיגונג, כדי אונטער־צודריקן דעם אונטערגרונט. פריער צי שפּעטער — וועלן זיי פּרובן. און גוט זיי זאָלן זיך איבערצייגן, אז זיי האָבן קיין מיטלען נישט אויף אָפּצושטעלן די אקציעס.

אין משך פון א סך טעג איז דער ענין מוין נישט אראָפּ פון די ערשטע זייטן פון דער פּרעסע. באליידיקונגען אָן א סוף. טשורטשיל האָט דערקלערט, אַז מיטן טויט פון מוין, האָט דער ציוניזם פאַרלוירן א געטרייען פריינט. קיינער האָט נישט געוואוסט וועמען ער מיינט. ווער איז דער פריינט? מוין? טשורטשיל אליין? אויב מיינט ער זיך איז עס דאָך אן אומגליק — האָט זיך דער פשוטער ייד געטראכט, דער וועלכער האָט נאָך געגלויבט אין די דערקלערונגען פון בריטישע שטאַטס־מענער (יעדער בריטישער שטאטס־מאן איז געווען א ציוניס־טישער ידיד און אן אוהב ישראל ביז... ער איז געקומען צו דער מאַכט).

און מיר האָבן געוואוסט, אז דאָרט, ווייט פון דעם השפעה־געביט אין וועלכן מיר לעבן, איז געלעגט געוואָרן אַכט צו דעם יידישן פריי־הייטס־קאמף, וואָס צו ענדע וועט עס ברענגען הילף און אונטערשטי־צונג דעם יידישן פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ און זיין באפרייאונג.

ו.

נאָך אין יאָר 1944 פלעגן די יידישע ארעסטאַנטן לעבן אין ירושלימער טורמע אין מוראדיקע באדינגונגען. כמעט אלע מיינע פריינט, די אלטע ארעסטאנטן, זענען קראנק געוואָרן און געליטן פון פארשידענע כראָנישע קראנקהייטן. ווער אויפן מאָגן, ווער אויף א

לונג און ווער אויף רעאַמאַטיזם. דאָס שלאָפן אויפן שטיינערנעם דיל, די שלעכטע שפּייז, די נערוון־געשפּאַנטקייט, האָבן איבערגעלאָזט זייערע שפּורן. אין די באַדינגונגען אין וועלכע מען האָט אונדז געהאַלטן אין טורמע, איז געווען אכזריותדיקייט און א דערנידערונג צוגלייך. מיינע פריינט האָבן שטענדיק געוואָלט קעמפן פאַר בעסערע באַדינגונגען און היטן זייער כבוד, אָבער זיי זענען צו ווייניק געווען. יעדע ווידערשפּעניקונג פון זייער זייט פלעג ברענגען א נייע אונטער־דריקונג. אין ציון איז נישט געווען ווער עס זאָל שטיין ביי זייער זייט, חוץ דעם רב אריה לוין, וועלכער האָט געוויטיקט זייער ווייטיק און געפילט זייער ליידן. דאָס ביסל אַרעסטאַנטן זענען געווען אויסגע־שטעלט אויף דער שטראָף און גענאָד פון די הערשער.

איצט קומען־אָן נייע אַרעסטאַנטן. זיי קומען ווי פון א שטורעם, שטאָלץ און פול ענערגיע און ס'איז נאַטירלעך, אז זיי ווילן נישט איינשטימען מיט דער לאַגע דאָ. די אַלטגעזעסענע האָבן געוואַרט אויף דער פאַרשטאַרקערונג. פון מאָל צו מאָל, ווען עס קומט א נייע גזרה פונעם אָנפירער, רעוואָלטירן די אַרעסטאַנטן. פון מאָל צו מאָל קומען מיר צום אָנפירער מיט נייע פאָדערונגען. דאָ ווילן מיר א טיש אין צימער. דאָ פאַרלאַנגען מיר בעטן. עס ווערן געשיקט מעמאָראַנדומס צו די אינסטיטוציעס, צו איינצעלנע פּערזענלעכקייטן און צו דער פּרעסע. מיר דראָען מיט שטרייקן און מיט „טראָבלס" (צרות).

מיסטער טשאַרלטאָן שמעקט נישט די זאַך. ער וויל עס זאָל רואיק זיין. יעדער ענגלענדער אין די קאָלאָניעס וויל רו. ער פאַרציכ־טעט אויף גאָרנישט, און וויל אונדז באַווייזן, אז אונדזער תקיפות האָט קיין טעם נישט. מיר דאַרפן זיין „גוטע קינדער". ער הערשט מיט א שטאַרקע האַנט און יעדער איינער פון אונדז ווערט שטרענג באַ־שטראָפט פאַר יעדע קלענסטע עבירה.

אין איינעם א נאָוועמבער טאָג 1944 איז אונדז דערגאַנגען די ביטערע בשורה, אז 251 פאַרהאַלטענע פון לאַטרון זענען אַרויסגע־פירט געוואָרן פון לאַנד, אין אן אומבאַוואוסטער ריכטונג. די ידיעה

האָט אונדז געטראָפן ווי א דונער פון הימל. פארטרייבן פון לאנד! דאָס איז דאָס נייע געווער זייערס. קיינער ווייסט נישט וואוהין מען האָט מיט עראָפּלאנען אוועקגעפירט די פארהאלטענע. מאָרגן קען מען אויך אונדז אוועקפירן! וואָס וועלן מיר קענען טאָן אויב זיי וועלן מאָרגן אונדז אוועקנעמען?! גאָרנישט! איינפאך און פשוט: גאָרנישט! דאָס רעאגירן פון דער פרעסע איז שוואך. עפעס שטאמלט מען וועגן דעם רעכט פון בירגער צו לעבן אין לאנד, ווען אפילו פארשפארט, און נישט מער.

נישט האָבנדיק קיין מעגליכקייט צו טאָן עפעס געהעריקס, האָבן מיר פראָקלאמירט א הונגער־שטרייק און אן איבעררייס פון דער ארבעט אויף 48 שעה, אלס פראָטעסט־צייכן. ווען מיר האָבן געמאָלדן וועגן שטרייק דעם מיסטער טשארלטאָן, איז ער שטארק בייז געוואָרן און צוגעזאָגט זיך נוקם צו זיין. ער איז דורכגעגאַנגען אַלע יידישע צעלעס און געפרעגט יעדן ארעסטאנט באזונדער צי ער איז זיך משתתף אין שטרייק. טראָץ זיינע דראָאונגען האָט ער איבעראל געהערט די זעלבע תשובה: „יאָ, איך בין זיך משתתף אין שטרייק". אפילו די קרימינעלע ארעסטאנטן האָבן פארשטאנען, אז דאָס פארטרייבן זיין פון לאַנד, איז נישט קיין פארטייאישער ענין און אויך זיי האָבן זיך געפילט אלס יידן און זיך אָנגעשלאָסן אין שטרייק. נאָר פון איין צעל האָט מיסטער טשארלטאָן געשעפט נחת. די צעל נומער 23. דאָרטן זענען געזעסן די „הגנה" ארעסטאנטן. זיי האָבן אים מודיע געווען, אז זיי זענען זיך נישט משתתף אין שטרייק. זיי וועלן ווייטער עסן...

*

בעתן שטרייק און צוויי טעג נאָך אים, האָט מיסטער טשארלטאָן באוויזן זיין „שטארקע האנט". מען האָט ביי אונדז צוגענומען די לייען־ביכער, צוגענומען ביי אונדז דעם טיש וועלכן מיר האָבן ערשט באקו־מען. די שטרוי־זעק און אלץ, וואָס איז געווען אין צעל האָט מען ארויס־גענומען, און מיר זענען געבליבן פארשפארט אויף צוויי טעג אין אליידיקן צעל. נאָכדעם, כאילו ער זאָל האָבן פארגעסן וועגן גאנצן

ענין. אלץ איז צוריקגעקומען אויף זיין פלאץ. נאָר דעם טיש האָט מען נישט צוריקגעגעבן און מיר זענען געצוואונגען געווען צו עסן זיצנדיק אויפן דיל. אויסער דעם, איז אלץ געווען ווי געוועגלעך. אזוי האָט עס געדויערט א וואָך. ווען די וואָך איז אוועק איז צו אונדז געקומען אַ יידישער אָפיצער מיט אַ רשימה. ער האָט אויסגערופן זיבן נעמען און געמאָלדן, אז אין א פערטל שעה ארום דארפן די דערמאָנטע איינפּאַקן זייערע זאכן און גרייט זיין אין וועג אריין. זיי פאָרן־אוועק פונדאנען. צווישן די זיבן זענען פינף געווען פון אונדזערע מענטשן: משה סבוראי, יהושע בעקער, צבי תבורי, דוד מאירי און איך, און אצ׳לניק, שמעון עמראני און נאָך איין ארעסטאנט, וואָס האָט אויס־געזען ביים אָנפירער ווי איינער פון די „רעוואָלטירער".

וואוהין פאָרן מיר? דער אָפיצער פארזיכערט, אז דאָס איז נישט קיין פארטרייבן פון לאנד. מען פירט אונדז בלויז אריבער קיין עכו. ער האָט געבעטן מיר זאָלן זיך נישט אנטקעגנשטעלן, ווייל דער ווידערשטאנד וועט במילא נישט נוצן.

...דאָס אריבערפירן איז געקומען נאָך דעם, ווי ס׳איז ביי אונדז באשטימט געוואָרן א פּלאַן פאַר אנטלויפן! ווען ס׳איז שוין געווען אן אויסזיכט צו באפרייען זיך!

דאָס געזעגנען זיך פון אונדזערע פריינט איז געווען דראמאטיש. מיר זענען געקניפּט געווען איינער מיטן צווייטן און ליב געהאט איינער דעם צווייטן. שווער געווען זיך צו שיידן. מיר וועלן זיי אויספעלן און זיי אונדז. און דאָרט וועלן מיר דארפן אלץ פונדאָסניי אָנהייבן. און אויב איז שווער צו אנטלויפן פונדאנען, וועט דאָך פון עכו זיבן מאָל שווערער זיין!

— — — זייענדיק אין מיטן וועג אין א פארמאכטער קארצער־מאשין, געשמידט הענט און פיס, ווען פּאָליציאנטן און געפּאַנצערטע מאשינען באגלייטן און היטן אונדז פון פראָנט און פון הינטן, האָבן מיר געשטארקט זיך איבער דער דעפּרעסיע. לויט אלע סימנים פירט מען אונדז אמתדיק קיין עכו און נישט ארויס פון לאנד. עמעץ האָט

זיך דערמאָנט אין רוסישן ליד „טשובטשיק” און האָט פריילעך אָנגע־
הויבן אונטערצוזינגען:

איך, סיביר טוט מיך נישט שרעקן
ווייל סיביר — אויך רוסישע איז ערד.

און דער מיין איז:
עכו, — אויך דאָס איז אונדזער פאָטערלאַנד!

## די פּעסטונג

### א.

גלייך מיט אונדזער אָנקומען זענען געקומען די ערשטע גזרות. מען האָט געעפנט אונדזערע זאכן און געמאכט א גרונטלעכע רעוויזיע. מיר האָבן געהאלטן צווישן אונדזער געפעק זאכן, וואָס לויט די רעגולאמינס פון טורמע זענען זיי פארבאָטן, אבער אין ירושלים פלעגן מיר זיי נוצן, און די מאכט פון טורמע פלעג אוועקקוקן. אזוי למשל איז פארבאָטן געווען לויט די פאַראָרדענונגען צו טראָגן אונטערוועש אין זומער. אויף ווינטער באקומט מען פונעם מאגאזין אונטערהויזן און לייבלעך, אבער זומער באקומט מען גאָרנישט. מיר האָבן געהאט פריוואטע אונטערוועש. דאָס האָט מען ביי אונדז צוגענומען. אויך ליילעכער און פּידזשאמעס האָבן מיר געהאט. אויך דאָס קעגן די פאראָרדענונגען. נאָר וואָס? אין ירושלים האט מען אויף דעם געקוקט דורך די פינגער. אויך דאָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן. ביכער — איז פארבאָטן. בלויז איין בוך פאר יעדן ארעסטאנט. וואָס וועט משה מאכן? ער האָט שוין אזוי ווייט געהאַלטן אין לערנען, אז נאָך אביסל וועט ער דארפן שטיין צו עגזאמינס. אויך די צייכן־מכשירים האָט מען אים אוועקגענומען. די לעפל, גאָפּל און טעפּעלעך האָט מען צוגענומען. לויט די פאַראָרדענונגען פון טורמע דאַרף מען זיך באַנוצן מיט די הענט און נישט מיט אזעלכע כלים. די אראבער ארט עס נישט. זיי זענען געוואוינט צו דעם. אבער מיר? אייניציקווייז זענען מיר גערופן

געוואָרן אין א צימער אריין, נאָענט צום ביוראָ. ווער עס איז אריין, האָט זיך צו אונדז שוין מער נישט אומגעקערט. מיר האָבן נישט געוואוסט נאָך וואָס מען רופט אונדז אהין. ווען עס איז געקומען מיין ריי, בין איך אַריינגעגאַנגען אין צימער. דאָרטן איז געווען אַ בריטי־שער סערזשאַנט, מיטן נאָמען הארבערן. ער איז דער הענקער. שטענ־דיק שיכור און פארמאָגט א פרצוף, וואָס קען איבערשרעקן א מענטש טרעפנדיק אים אין א פינסטער געסל. נעבן אים איז געשטאנען אן אראבישער ארעסטאנט מיט א שער־מאשין. סערזשאנט האַרבערן דרייט אין איין האנט א שטעקן און מיט דער צווייטער קלינגט ער מיט א פאָר קייטעלעך.

זיץ! — האָט ער מיר באפוילן אָנווייזנדיק אויף אן איבערגע־קערטע פאַס.

איך האָב זיך אוועקגעזעצט. ער האָט א ווינק געטאָן דעם ארעס־טאנט, דעם שערער, און יענער איז צוגעגאנגען מיך שערן. אינסטינק־טיוו האָב איך זיך געוואָלט אנטקעגנשטעלן, אָבער ווויסנדיק, אז דער קאמף וועט זיין א פארלוירענער, האָב איך קיין שעפטשע נישט געטאָן. אויך מיינע פריינט פאר מיר און נאָך מיר האָבן זיך אזוי אויפגעפירט. מען האָט מיר אָפּגעגאָלט די האָר פון קאָפּ. נאָכן ראזירן האָט מען מיך אריינגעבראכט צו די, וואָס זענען שוין ראזירט געוואָרן. אין ערשטן מאָמענט איז זייער מאָדנע געווען זיך צו זען ווי אָפּגעפליקטע. ווען מיר זענען שוין געווען ארומגעשאָרן האָט מען אונדז געזאָגט:

— מאָרגן 10 א זייגער אינדערפרי וועט איר זיך צושטעלן פארן אַנפירער. איצט, נעמען די „בורשן" און אריינגיין אין צעל נומער 11.

•

מען האָט אונדז געעפנט דעם טויער פון הויף. ער איז א סך גרעסער פונעם הויף אין ירושלימער טורמע. די צעלעס געפינען זיך ארום דעם גרויסן הויף. פון הויף זעט אויס דער בנין נידעריק. בלויז איין שטאָק. פונדרויסן איז ער זייער הויך. מיט די „בורשן" אויף די רוקנס פירט מען אונדז אין דעם קאמער פון די יידן. צעל נומער 11. ער געפינט זיך אין ווינקל. דאָס איז אַ זאַל, וואָס זיין לענג איז ביי אַ



דער הויף פון עכוער טורמע,
געזען דורך אַ פענצטער פון אַ צעל

12 מעטער און זיין ברייט 6. ביי א 15 קרימינעלע ארעסטאנטן וואוינען אין אים. איצט זענען ווייניק געווען אין צעל. די איבעריקע זענען נאָך געווען ביי דער ארבעט. אלץ האָט דאָ אויסגעזען אומעטיק. אויך אין די טאָג־שעהן הערשט דאָ אין צעל א פינסטערניש. די צוויי פענסטער מיט נעצן גייען־ארויס אין קאָרידאָרן, וואָס געפינען זיך פון ביידע זייטן צעל. אין די קאָרידאָרן דרייען זיך ארום וועכטער.

מיר זענען פול מיט רוגז און פארביטערונג.

— נו, חברה, וואָס וועט זיין? — פרעגט איינער.

— מ'האָט אונדז „צוגעקלאַפּט". מ'דארף זיך געוויינען צו די צרות, — זאָגט ווער.

— אָ, ירושלים, ירושלים. ווי קומט מען אהין צוריק?

— שלעכט איז אייך דאָרט געווען, האַ? ס'האָט זיך אייך פאר־גלוסט שטרייקן? „טראָבלס" האָט איר געוואָלט מאכן? אָט האָט איר „טראָבלס", — שפּאסט ווער, תוך כדי אויפשפּרייטן דעם „בורש".

— העי, שפּרייט נישט אויס דעם „בורש" — ווענדעט זיך איינער פון די איינוואוינער. — מ'טאָר נאכנישט. די „בורשן" מעג מען אויפ־שפּרייטן בלויז נאָך דער ארבעט. אויב דו ווילסט נישט פארזוכן דעם טעם פון קארצער באלד ביים אָנהייב, וואַרט ביז נאָך דער ארבעט. דעמאָלט ערשט, מעג מען אויפשפּרייטן די „בורשן". דערווייל זיץ אויפן דיל.

— סארא פאראָרדענונגען זענען דאָס? פרעגן מיר דעם אלטגע־זעסענעם, א דיקער, הויכער בחור, מיט בלויע אויגן און א בלוי היטל אויפן קאָפּ, וואָס באצייכנט, אז ער איז פאראורטיילט אויף לעבנס־לענגלעך.

— דאָס זענען „פּישקעס" פאראָרדענונגען. אין ירושלים איז נישט אזוי?

— ניין. ווער איז דאָס „פּישקע"?

— „פּישקע", דאָס איז גראַנט, דער אָנפירער. מיר רופן אים פּישקע, ווייל ער הינקט. וואָס הערט זיך אין ירושלים?

איצט הייבן מיר אָן דערציילן וועגן די פאראָרדענונגען אין

ירושלים, גלייך ס׳וואָלט דאָרטן א גן־עדן געווען. דאָ, ווייזט־אויס, וועלן מיר נישט לעקן קיין האָניק. אָבער אויך „פישקע״ וועט נישט שעפן קיין נחת פון אונדז. אויב קאַרצער — זאָל זיין קאַרצער. דאָס געווער וועט נישט נוצן...

די ארעסטאַנטן קערן זיך אום פון דער ארבעט. א ריי פּאָליציאַנטן שטייען אין הויף און מאַכן א רעוויזיע ביי יעדן איינעם. דער ארעס־טאַנט מוז צוגיין מיט זיין העמד אין האַנט, האַלב נאַקעט, אויסטוען די שיך און די פּאָליציאַנטן רעווידירן, צי מען שמוגלט נישט אריין עפּעס אין צעל, א געצייג פון דעם שלאָסער־וואַרשטאַט, סיגאַרעטן אָדער עפּעס־וואָס אַנדערש.

ווען מען קומט צוריק פון די וואַרשטאַטן, וועקט זיך די טורמע. עס ווערט א רעש און א גערודער מען פאַרשליסט זיי אַלעמען אין די צעלעס און אַן אָפּיצער מיט דער באַגלייטונג פון א סערזשאַנט גייט פאַרביי און ציילט, צי עס פעלט חלילה נישט ווער פון די ארעסטאַנטן. מען האָט דערלאַנגט דעם מאָלצייט. דאָס איז געווען אַראַביש ברויט, אַביסל איילבירטן און א שטיקל כאַלווע. נאָכן מאָלצייט און נאָך דער ציילונג עפנט מען ווידער די צעלעס. איצט גייט מען ארויס שפּאַצירן. א בריטישער סערזשאַנט שטייט אין מיטן הויף און די ארעסטאַנטן אָרדענען זיך איין פּאָרלעכווייז, אין א לאַנגער ריי און אַזוי שפּאַצירן זיי אין הויף. אויב עס ווערט קאַליע ערגעץ־וואו די ריי, צעשרייט זיך דער סערזשאַנט און אַראַבישע פּאָליציאַנטן מישן זיך אריין און מיט שטויסערייען אָרדענען זיך ווידער פּאָרלעך.

— דאָס פאַרשטיי איך. דאָס הייסט א טורמע — זאָגט ווער פון אונדז מיט א שאַרפן שפּאַס.

•

אויסער די יידן פון צעל נומער 13 איז פאַראַן נאָך א צאָל יידן, וואָס וואוינען אין אַן אַנדער פליגל. דאָס זענען על פּי רוב די „הגנה״ ארעסטאַנטן, וועמען דאָס געריכט האָט געגעבן א „ספּעציעלע באַצי־אונג״, דאָס הייסט; בעטן און א צוגאָב פון שפּייז. עס זענען אויך פאַראַן דריי אצ״ל־ארעסטאַנטן און א צאָל קרימינעלע ארעסטאַנטן,

וועלכע זענען ווי עס איז אנערקענט געוואָרן אלס אייראָפּעאישע מענטשן און מען דאַרף זיך צו זיי באַציען אַנדערש ווי צו נייטיוו׳ס. מיט די דאָזיקע האָבן מיר זיך באַגעגנט אויפן שפּאַציר. מיר האָבן אָנגעהויבן קלאָר מאַכן, ווי אַזוי איז מעגלעך זיך „איינצואָרדענען״ דאָ. ווי באַקומט מען אַביסל שפּייז, סיגאַרעטן, ראַזיר־צייג, אַ צייטונג, קאָנטאַקט מיטן דרויסן און אַלע איבעריקע זאַכן אָן וועלכע ס׳איז שווער צו לעבן. דער רעזולטאַט איז זייער טרויעריק געווען. אַ צוגאַב שפּייז — אַ חלום. סיגאַרעטן? — 60 פּיאַסטער אַ פּעקל. ראַזיר־געצייג? — וואַש־זייף, אַ בערשטל, בשותּפותדיק מיט דער גאַנצער צעל, און אַ ראַזיר־מעסערל אָן אַן אַפּאַראַטל. אַ צייטונג? — פון מאָל צו מאָל. אַ בריוו־קאָנטאַקט מיטן דרויסן? — אפשר מיט דער צייט. מיר וועלן מוזן שאַפן פאַרבינדונגען. אפשר וועט זיך געפינען אַ פּאָליציאַנט, וואָס וועט גרייט זיין אונדז געטריי צו דינען פאַר אַ גוטן לוין... אַלץ, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געווען צוויי סיגאַרעטן, וועלכע מען מוז גוט באַהאַלטן און מען האָט מסכּים געווען איינעם צו רויכערן נאָכן אָונטבּרויט און דעם צווייטן פאַרן שלאָפן גיין. אין דער אַראַ־בישער שפּראַך איז פאַראַן אַ ספּעציעלער אויסדרוק פאַר דעם דורשט נאָך ניקאָטין: „חאַרמאַן״. דעם אויסדרוק האָט מען גענוצט אין טורמע און אויך מיר יידן האָבן זיך דעם אויסדרוק דערוואָרבן. איצט זענען מיר געווען הונגעריק און „חאַרמאַנדיק״.

•

אַ זייגער 3 נאָכמיטאָג פאַרמאַכט מען שוין די אַרעסטאַנטן אין זייערע צעלעס. מיר באַקומען נאָך אַ מאָלצייט, דאָס הויפּט מאָלצייט: אַ מין וואַסער, צו וועלכן מען דאַרף זיך באַציען ווי צו זופּע, און צוויי אַראַבישע ברויט, וואָס איינס דאַרף מען היטן פאַר מאָרגן אויף פרישטיק.

איצט, האָבן מיר געקענט באַקענען אונדזערע חברים פון צעל. דאָ זענען פאַראַן פינף געמשפּטע, צוליב מאָרד, אויף לעבנסלענגלעך. איינער פון זיי איז דער, וועלכע האָט אונדז פון אָנפאַנג אַביסל אונ־טערריכטעט. אַ ליבלעכער בחור, וועלכער מאַכט בכלל נישט קיין רושם

פון אַ פאַרברעכער. משה איז זיין נאָמען. בכדי אונטערצושיידן צווישן אים און אן אנדערן משה, רופט מען אים, דער גרויסער משה. בשעת צאָרן האָט ער געהרגעט זיין שוואָגער. דער צווייטער, אויך א משה, אַ נידריקער און צאַרטער בחור, ליידט ווייזט־אויס, פון שווינדזוכט, ווייל דער הוסט באפאלט אים פון מאָל צו מאָל. ער האָט דערמאָרדעט זיין געליבטע,- ער האָט פארזוכט צו באגיין זעלבסטמאָרד, נאָר ער איז אָפגעראטעוועט געוואָרן, פארמשפט אויף טויט און דער אורטייל איז אים פארביטן געוואָרן אויף לעבנסלענגלעך. אויך ער מאכט נישט קיין רושם פון א פארברעכער, כאָטש ס׳איז פאראן עפעס א מאָדנעקייט אין זיין אויפפירן זיך. יצחק שטופל איז אן אראבער, וועלכער האָט זיך מגייר געווען, ער האָט חתונה געהאט מיט א יידישער פרוי און אמאָל בעת א שטרייט, האָט זיך אין אים דערוועקט דער אראבער און — האָט זי דערוואָרגן. נאָך איין רוצח איז פאראן: נחום עבו פון טבריה. א יונגער שיינער בחור. אין די צייטן פון די אומרועו, האָט ער נוקם געווען דער מאָרד פון זיין ברודער און געהרגעט דעם אַראַבישן רוצח. דער פינפטער איז נחום מזרחי א טבריה׳ער פון דער קורדישער עדה. זיין אויסזען דערוועקט נישט קיין צוטרוי. פון ערשטן בליק זעט מען, אז ער איז א פאטאלאָגישער טיפ. דאָס איז א מענטש אָן א שטערן. די ברעמען פון זיינע אויגן זענען גלייך מיט זיין שיידל, וואָס גייט משופעדיק ארויף. מען רופט אים דאָ „זיידע". ער אליין ווייסט נישט ווי אלט ער איז, אָבער מ׳קען אָננעמען, אז ער איז אריבער די 60. שוין א פאָר מאָל האָט מען אים גענומען אין דער אָפטיילונג פאר גייסטיק־קראנקע און דאָרטן פלעג ער מיושב ווערן. איצט ליגט ער אויפן רוקן אויף זיין געלעגער און ברומט עפעס א ליד מיט א דינטשיקן קול און דו וואונדערסט זיך, ווי קומט אזא דין קול צו אזא מין בעל־גוף. ער פירט איבער פון האנט צו האנט א שטיק גלאָז און די אלט־געזעסענע דערקלערן אונדז, אז איצט איז ער עוסק אין... כישוף. ער פאַרכישופט אונדז, מיר זאָלן נישט קענען שיקן צו אים... פליגן. דעם גרויסן משה, האָט ער ספעציעל פיינט. ער טענהעט, אז משה ווינקט מיטן פוס צו די פליגן, אז זיי זאָלן אויף אים ארומקריכן און

די פליגן פאָלגן משה׳ן און שטערן די רו פונעם „זיידן". אמאָל האָט זיך משה אויפגעכאַפּט ביינאכט, ווען נחום איז אים געשטאַנען צו־קאָפּנס מיט א ראזיר־מעסער. שפּעטער האָבן מיר נישט איינמאָל געטראָפן אין אונדזערע „בורשן", שטיקלעך גלאָז איינגעוויקלט אין א שמאַטקע. דאָס האָט נחום פאַרשטעקט, כדי צונעמען ביי אונדז דעם כוח פון כישוף. אויך דער פאַרברעכן צוליב וועלכן ער איז געמשפּט געוואָרן, איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם געביט. אויב וועסט אים טרעפן אין א פּאַסיקער צייט צו שמועסן און וועסט אים פרעגן וועגן דעם פאַרברעכן, וועט ער דיר דערציילן אומגעפער אין אזא נוסח:
„כ׳האָב געהאט א ביקס מיט א דערלויבעניש. כ׳בין געווען א וועכטער אין א פּרדס און פאַרשטייט זיך, אז די ביקס איז געווען מיט א דערלויבעניש. אין איינעם א טאָג איז געקומען דער מנוול און מיך פאַרכישופט. טראַכט איך זיך: וואַרט מנוול, איך וועל דיר שוין ווייזן. איז ער געקומען דעם צווייטן טאָג און מיך ווידער פאַרכישופט. ער האָט מיר אָנגעהויבן צו מאַכן א זשומערייַ אין קאָפּ. איך גיי אין פּרדס אריין און ער נאָך מיר. וואַרט, מנוול! איך וועל דיר שוין ווייזן! איך גיי און ער נאָך מיר. האָב איך זיך אויסגעדרייט און געזאָגט: שטיי, מנוול! איז ער אַנטלאָפן. האָב איך צו אים געשאָסן און דער מנוול איז געפאַלן. בין איך צוגעגאַנגען און געזען, אז דער מנוול ליידט. האָב איך אויף אים רחמנות באַקומען און טראַך!... טראַך!... און אים געשאָסן. פאַרוואָס זאָל ער ליידן? ער איז אָרעם און פאַרמאָגט נישט קיין געלד פאַר שפּיטאָל. קומט דער צווייטער מנוול און שרייט: נחום, וואָס האָסטו געמאַכט!!! וואַרט, מנוול — האָב איך אים געזאָגט — שטיי! און דער מנוול איז אַנטלאָפן. האָב איך צו אים געשאָסן, טראַאַך! טראַך! און דער מנוול איז אַנטלאָפן. אָבער אמתדיק, אויף דער ביקס האָב איך געהאט א דערלויבעניש..."

דאָס איז אומגעפער דער נוסח פון נחום׳ס דערציילונג.

נאָך א לעבנסלענגלעכער אַרעסטאַנט האַלט זיך אויף אין דער צעל, אָבער איצט איז ער נישטאָ. דאָס איז אברהם שיין. ער האָט זיך אין יאָר 1938 אַקעגנגעשטעלט דער „הבלגה" און צוזאַמען מיט

שלמה בן־יוסף און זשוראַווין ארויס אין די בערג פון גליל און אטאקירט אן אראבישן אויטאָבוס. אין טאָג ווען מיר זענען אָנגעקומען איז אברהם איבערגעפירט געוואָרן אין רעגירונגס־שפּיטאָל אין חיפה זייענדיק מסוכן קראנק. מיר האָבן אים זייער געוואָלט זען און זייער געציטערט פאר זיין געזונט. ער געפינט זיך שוין זיבן יאָר אין דער דאָזיקע פארשאָלטענער טורמע.

אין ישוב זענען כמעט נישטאָ קיין פארברעכער. דאָס ביסל, וואָס פאראַן, איז דאָס רוב פון זיי דעגענעראַטן. די פינף רוצחים — דאָס זענען די איינצלנע פאַלן פון מאָרד, וואָס האָבן פּאַסירט צווישן יידן אין משך פון די לעצטע יאָרן. דער אמתער פארברעכער־טיפּ איז נישטאָ צווישן אונדזער פאָלק. און גוט, אז ער איז נישטאָ...

די חברה, וואָס זענען פאַרמשפּט פאַר מאָרד קען מען דולדן, חוץ נחום מזרחי. די איבעריקע זענען גוטע בחורים, וואָס בלויז א צופאל האָט זיי געבראכט צום פארברעכן. א סך ערגער איז די חברה גנבים. למעשה זענען זיי אויך קיין גנבים נישט. דאָס איז צומייסטנס סתם מיסט. זייער צאָל, ווי געוועלנלעך, דערגרייכט ביז צען — צוועלף. אממייסטנס זעט מען די זעלבע פנימער. זיי גייען־ארויס, פאַר־ברענגען א חודש צוויי אינדרויסן, מען כאפּט זיי ווידער ביי א זינד און קומען צוריק. דאָס איז געווען איינס פון די שווערסטע גזרות פאר אונדז, זיך צו געפינען אין איין צעל מיט דעם גאנצן ערב־רב פון פארברעכער. דאָס ערגסטע פון דעם איז, מען קען נישט טראכטן צו אנטלויפן פון צעל און פון צוגרייטן צום אנטלויפן צווישן אזעלכע מענטשן. מיסטער גראנט ווייזט־אויס האָט עס גוט פארשטאנען.

צו יענער צייט איז נאָכנישט געווען קיין עלעקטריש ליכט אין עכו־פעסטונג. די אָוונטן אין ירושלים האָט מען געקענט פארברענגען מיט לייענען ביכער. דאָ קען מען אויך דאָס נישט מאַכן. איין נאפט־לאָמפּ געפינט זיך אין גרויסן צעל. אמהעכסטנס קענען זיך ארום אים צונויפשטופּן א פאָר מענטשן און לייענען מיט א סכנה פאר קאליע צו מאכן זיך די אויגן. טרויעריק איז געווען די לאגע. נחום עבו, האָט אונדז פון דער קיך געבראכט (ער איז געווען דער קוכער), א גרויסע

ציבעלע און אַ טעלער אַראַבישע סמעטאַנע. מיר זיבן, זענען ארויף געפאַלן אויף דעם ווי אויף א מציאה און אין א סעקונדע איז עס פארשווינדן געוואָרן מיט דעם ברויט, וואָס האָט באַדאַרפט סטאַיען אויף פאר מאָרגן. זיצנדיק אין א קרייז האָבן מיר געררויכערט דעם סיגאַרעט, וועלכער איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, און דערביי געמאַכט באַראַטונגען. וואָס טוט מען? מירן ווייטער אזוי נישט קענען ציען, אַלץ דאָ כאילו דריקט אויף אונדז. דאָס איז א טורמע פון מיטל־אַלטער. אין אַלץ איז קענטיק די אונטערדריקונג. צום סוף האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוהייבן מאָרגן מאַכן „טראָבלס". ווען מיר וועלן מאָרגן שטיין פאַרן אָנפירער, וועלן מיר פאָרלייגן פאָדערונגען און אויב וועט ער זיי נישט דערפילן...

און ווידער די זעלבע לאַגע: מיר ווייסן נישט וואָס מיר וועלן טאָן, אָבער קלאָר, אַז מיר וועלן עפּעס טאָן. פון ירושלים האָט מען זיך נאָך געקענט פאַרבינדן מיטן דרויסן, בעטן מען זאָל פאַרעפנטלעכן אין דער פרעסע וועגן דעם פייניקן אונדז, זיך צו ווענדן דורכן רב צו דער אָדער יענער אינסטיטוציע. כאָטש די צייטונגען פלעגן אונדזערע בקשות נישט נאָכקומען און אונדזערע מעמאָראַנדומס פלעגן אריינגע־וואָרפן ווערן אין קויש, איז אָבער געווען דאָס געפיל, אַז ביסט נישט אָפּגעריסן פון דער וועלט. דאָ קענסטו אויך נישט שרייבן און מודיע זיין. און פונדעסטוועגן איז פעסט דער באַשלוס: רעוואָלטירן. זאָל מיסטער גראַנט מיט אונדז מאַכן וואָס ער וויל, זאָל ער אונדז אריינ־וואַרפן אין קאַרצער, זאָל ער שמייסן, זאָל ער באַשטראָפן וויפיל עס געפעלט אים. ס'איז אוממעגלעך צו שווייגן! מאָרגן וועלן מיר זיך שוין פאָרשטעלן!

איך בין אויסגעוויילט געוואָרן אלס ספּיקער פון דער גרופּע, ווייל מיין ענגליש איז געווען א בעסערער פון די איבעריקע.

*

אינדערפרי האָט מען אונדז געפירט אין דער אפּטיילונג פון די ביוראָען. מ'וואַרט אויף מיסטער גראַנט. יעדער נייער אַרעסטאַנט דאַרף זיך שטעלן פאַרן אָנפירער אין טאָג ווען ער קומט־אָן אין טורמע אָדער

צומאָרגנס. צוזאמען מיט אונדז ווארטן, פארן אריינגאנג צו די ביוראָען, א פּאָר אראבער. ארעסטאנטן רייניקן דעם הויף, דעם טרעפּן־צימער, די צעלעס. די פּאָליציאנטן פּוצן די קנעפּ און זייערע שיך. ווען ס׳קומט דער אָנפירער דארף אלץ דאָ זיין ריין און גלאנצן. דער וואך פון דרויסן מעלדעט, אַז דער אָנפירער קומט. אַ נערוועזיטעט נעמט־אַרום די פּאָליציאנטן. אויך די ארעסטאנטן זענען ווי אין קדחת אריינגעווארפן. קיינער ווייסט נישט וואָס עס קען נישט געפעלן דעם מיסטער גראנט. נאָך אין לעצטן מאָמענט קאָנטראָלירט מען צי אלץ איז אין אָרדנונג. פלוצים פאַלט דער באַפעל „דוגרי״ (גלייך), וואָס דער באַדייט איז, ווייזט־אויס „אכטונג״!. אלע גלייכן זיך אויס. עס עפנט זיך די טיר און מיסטער גראַנט קומט אַריין. אַ נידריקער, אַ מיאוסער, אַ גרויס פּאָליציי־היטל דעקט אים אריבער די אויגן. מיסטער גראנט זעט אין דעם אויס ווי א קינד, וואָס האָט זיך געמאכט א שפּיל און אָנגעטון דעם טאטנס היטל. אלע סאלוטירן ווען ער גייט פארביי. אויך די אראבישע ארעסטאנטן סאלוטירן אויף א מאָדנע אופן, אָבער מיסטער גראנט ענטפערט זיי מיט אן ערנסטן סאלוט. בלויז מיר זענען געבליבן אויף אונדזער פּלאַץ נישט סאלוטירנדיק. „פּישקע״ גייט שנעל פארביי נאָכשלעפנדיק א פוס...

ווען מיסטער גראנט איז ארויף מיט די טרעפּ האָט מען די ארעסטאנטן איינגערייט אין א ריי און מיר זענען ארויפגעגאנגען צו די ביוראָען. מיר זענען געשטאנען הינטער דער טיר פונעם אָנפירער און פון מאָל צו מאָל איז ארויס א באאמטער און האָט אויסגערופן א נאָמען. קודם זענען פאָרגערופן געוואָרן די אַראַבער. נאָך דעם, ווי מען האָט מיט זיי געענדיקט, האָט מען אונדז אָנגעהויבן רופן איינציק־ווייז. „פּישקע״ איז זיך געזעסן רואיק ביי זיין שרייב־טיש און נעבן אים זענען געלעגן אונדזערע קארטאָטעקעס. ווען דו קומסט אריין עפנט ער דעם קארטאָטעק און קוקט זיך איין אין דיין פּנים, בלעטערט אין די פּאפּירן און מעלדעט דיר, אז פון מאָרגן אָן דארפסטו ארבעטן ביי קוישן־פלעכטן. נאָר ווען ס׳איז אריינגעקומען משה סבוראי האָט זיך מיסטער גראַנט פאַרהאַלטן און געפרעגט:

— דאָס ביסטו, וואָס ביסט א מאָל אנטלאָפן פון מזרע?

— יאָ.

— אהא, דאָס ביסטו. גוט. פון מאָרגן־אָן וועסטו ארבעטן ביי די קוישן.

ווען משה איז ארויסגעקומען האָט ער אונדז געזאָגט מיט א געלעכטער:

— סארא ממזר דאָס איז?! ער האָט מיך דערקענט. ער וועט מיר שוין דערגיין מיינע יאָרן. ימח שמו!

דורך א צופאל איז אזוי געשען, וואָס איך בין אריין דער לעצטער. ווי מיר האָבן באשלאָסן האָט קיינער נישט דיסקוטירט מיט מיסטער גראנט. איך האָב באדארפט רעדן מיט אים. ווען מען האָט אויסגערופן מיין נאָמען בין איך אריין.

— לעבנסלענגלעך? — פרעגט מיסטער גראנט.

— יאָ.

— ביסט מיר באקאנט. וואו האָב איך דיך געזען?

— ווייזט־אויסט, אין מזרע. דו ביסט דאָרט צוויי מאָל געווען. איינמאָל נאָכן אנטלויפן פון יעזערניצקי און לוי און ביים צווייטן מאָל ווען האָסט געבראכט די פארהאלטענע אויף א באראטונג. קען זיין, אז האָסטו מיך דעמאָלט געזען צווישן די פארהאלטענע.

— אָ, יאָ. ווי ביסטו דאָס פאראורטיילט געוואָרן?

כ׳האָב פארשטאנען, אז מיסטער גראנט ווייסט וועגן מיין אנטלויפן פון לאטרון און וויל ביי מיר באקומען א באשטעטיקונג אויף דער „שרעקלעכער" זאך. ליבער איך זאָל אים דאָס בפרוש זאָגן, נישט פארהוילן פאר אים.

— כ׳בין אנטלאָפן פון לאטרון — האָב איך געזאָגט. — דורכן טונעל. האָסט אוודאי וועגן דעם געהערט.

— אָ, יאָ. געהערט — האָט זיך מיסטער גראנט צעלאכט. — דאָס איז געווען א שיין שטיקל ארבעט. איך האָף, אז דו האָסט נישט קיין ווילן צו אנטלויפן אויף פונדאנען?

— ניין. איך וויל זיך דערווייטערן פון פּאָליטיק. ס׳איז מיר נמאס געוואָרן — האָב איך געלייקנט.

— גוט. פון מאָרגן וועסטו אַרבעטן ביי די קוישן.

— אין אָרדנונג. איך וויל בלויז עפּעס־וואָס פרעגן.

— ביטע.

— פאַרוואָס האָט מען אונדז אַהער אַריבערגעפירט?

— געוויין זיך, ביטע, צו רעדן בלויז אין דיין נאָמען.

— איך בין גרייט צו רעדן אין מיין נאָמען, אויב דאָס איז לויטן רעגולאַמין, אָבער איך דאַרף צו אַלער ערשט א באַמערקונג מאַכן, אַז אַלץ, וואָס איך רעד אין מיין נאָמען באַציט זיך אויך צו מיינע פריינט.

מיסטער גראַנט, ווייזט־אויס, איז געווען אין דעם אינדערפרי, אין א גוטער שטימונג. דער אויסוועג איז אים געפעלן געוואָרן. ער האָט א כיטרע שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— גלויב מיר, אַז איך ווייס נישט פאַרוואָס מען האָט אייך אהער אַריבערגעפירט. איך בין בלויז דער אָנפירער פון טורמע און פיל־אויס די באַפעלן וואָס מען גיט מיר. מען האָט אייך אַריבערגעפירט און איך דאַרף אייך צונעמען. איז אייך שלעכט דאָ? אין ירושלים איז בעסער?

— זיכער. די באַדינגונגען דאָ זענען א סך שלעכטער ווי די אין ירושלים. און אויסער דעם, זענען מיר אַלע אַרעסטירט געוואָרן אין באַצירקן, וואָס די ירושלימער טורמע איז די צענטראַל טורמע זייערע. אונדזערע עלטערן און קרובים געפינען זיך אין תל־אביב און אין ירושלים און ס׳וועט זיי זייער שווער זיין צו קומען אהער אונדז באַזוכן.

— אין דעם פאַל קען איך גאָרנישט העלפן. וואָס אַנבאַלאַנגט די באַדינגונגען: וואָס איז בעסער אין ירושלים?

— אָט, למשל, מען האָט קאָנפיסקירט ביי אונדז זאַכן וואָס אָן זיי קען אַ קולטורעלער מענטש נישט עקזיסטירן.

— וואָס, א שטייגער?

— ליילעכער און פּידזשאַמען, אונטערוועש, עס־צייג, ביכער אא״וו.

מיסטער גראַנט האָט אַרויסגענומען א בויגן פּאַפּיר און האָט

פארצייכנט די אלע זאכן, וואָס כ'האָב אויסגערעכנט. און צו ענדע געפרעגט:

— אין ירושלים אין דאָס אלץ דערלויבט געווען?

— יאָ, — האָב איך אים אָפּגעענטפערט — און א פאקט, אז מיר האָבן דאָס אלץ אהער געבראכט נאָך דעם, ווי מיר זענען אויך דאָרטן דורכ־געגאנגען א רעוויזיע. די טורמע אין עכו איז צוגעפאסט פאר בעדו־אינער. מיר האָבן דאָ קיין פלאץ נישט.

— צו מיין באדויערן וועט איר דאָ מוזן זיצן, אָבער איך וויל נישט איר זאָלט זיך באקלאָגן. איך בין גרייט אייך צו מאכן אייניקע פארלייכטערונגען מיטן באדינג עס זאָל נישט אָנרירן די פאראָרדע־נונגען און דעם סדר דאָ. איר זייט דאָך ציוויליזירטע מענטשן. איר דארפט פארשטיין, אז איך געפין זיך דאָ צווישן האמער און קאוואדלע. דאָס אלץ, וואָס איך גיב אייך היינט, דארף איך אויך מאָרגן געבן די אראבער. איצט, למשל, וועל איך אייך געבן פידזשאמעס און ליילעכער און מאָרגן וועלן אויך די אראבער דאָס פארלאנגען, אָדער זיי וועלן מיך באשולדיקן, אז איך קריוודע זיי. און וואָס וועלן זיי מאכן מיט פידזשאמעס? אינדרויסן האָבן זיי פידזשאמעס? דאָס וועט זיין נאָך א סחורה צום האנדל אין טורמע.

— דו דארפסט נעמען אין אכט, אז מיר זענען נישט ציוויליזירטע מענטשן בלויז צו פארשטיין דיין לאגע. ציוויליזירטע מענטשן האָבן אויך זייערע באדערפענישן און זיי זענען ווערט אן אנדערע באציאונג. מיר האָבן נישט דערקעגן, דו זאָלסט ארויפברענגען דאָס לעבן פון די אראבישע ארעסטאנטן אויף א קולטורעלע שטופע, אָבער מיר וועלן זיך אנטקעגנשטעלן יעדוועדן פרוב אונדזער לעבנס־ניוואָ ארונטער־צודריקן און אויסגלייכן מיט דעם לעבנס־שטייגער פון מדבר־מענטשן. מיסטער גראנט, איך וויל זאָלסט פארשטיין אונדזער לאגע ווי דו פארלאנגסט, אז מיר זאָלן פארשטיין דיין לאגע. מיר זענען פארשפארט דאָ, און דאָס אוועקרויבן אונדזער פרייהייט פארשאפט שוין אליין גענוג ליידן. אונטערדריקן אין טורמע איז איבעריק און אויך נישט מאָראליש. אין צוואָנציקסטן יאָרהונדערט פירט מען זיך נישט אזוי.

אויב איז שוין אויף אונדז נגזר געוואָרן, מיר זאָלן פאַרברענגען אונ־דזערע בעסטע יאָרן אין טורמע, וואָלטן מיר כאָטש דאָ געוואָלט די רו. דאָס איבעריקע דערדריקן דאָ ברענגט בלויז אויפרעגונג, און פאַר־שאַרפט די באַציאונגען, מיר וועלן מוזן זיך ווענדן צו אינסטיטוציעס אינדרויסן און אויך צו אונדזערע חברים און בעטן זיי זאָלן זיך אַריינמישן און רעאַגירן. מיר וואָלטן דאָס וועלן אויסמיידן. אויך דו ביסט אוודאי נישט פאַראינטערעסירט אין דעם.

די ווערטער האָב איך געזאָגט מיט אַ פריינטלעכן טאָן אָבער די דראָאונג האָט זיך גאַנץ גוט אַרויסגעהערט פון זיי. מיסטער גראַנט האָט עס זיכער געכאַפּט.

— מיר וועלן דורכגיין לויט דער רשימה און זען, וואָס איך קען טאָן פאַר אייך — האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע קווענקלען זיך.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מיסטער גראַנט האָט מסכים געווען אונדז אומצוקערן די פּידזשאַמעס און די ליילעכער, 2 פּאָר אונטערוועש יעדן איינעם (מער איז „נישט מעגלעך", ווײַל מיר קענען פאַרקויפן און קויפן סיגאַרעטן לויט זיין מיינונג), עס־צייג, ביכער, נאָך אַ נאַפט־לאָמפּ און אַ טיש מיט אַ באַנק.

אויף אַזוי פיל האָבן מיר זיך נישט גערעכנט. ווען איך בין צוריק צו מיינע פריינט און זיי דערציילט וועגן רעזולטאַט פון געשפּרעך — האָט עס זיי זייער געוואונדערט. די אַלטע אַרעסטאַנטן האָבן זיך עס נישט געקענט גלויבן ביז זיי האָבן נישט געזען אַריינברענגען די זאַכן אין צעל אַריין.

*

אין איין זאַך איז מיסטער גראַנט גערעכט געווען: די אַראַבער האָבן זיך באַלד גענומען שעפּטשען, אַז דער אָנפירער קריוודעט זיי. און דאָס שעפּטשען איז דערגאַנגען דורך די מלשינים צו מיסטער גראַנט און אין איינעם אַ טאָג האָט מיסטער גראַנט געמאָלדן, אַז אויך די אַראַבער איז דערלויבט צו באַקומען פּידזשאַמעס פון זייערע קרובים. אינטערעסאַנט געווען צו זען, ווי זיי פּוצן זיך אויס מיט די פילקאָלירטע פּידזשאַמעס. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגן זיי אַרומגיין מיט די

פּידזשאַמעס אַפילו אין מיטן טאָג. בפרט ווען ס'זענען געקומען קרובים באַזוכן אַן אַראַבער, וואָס האָט געהאַט אַ פּידזשאַמע, פלעג ער זיי גיין מקבל פּנים זיין מיט אַ צעשטראַלט פּנים פון שמחה און שטאָלץ אויף דער פּידזשאַמע, וואָס ער טראָגט.

שפּעטער האָט מיר איינער פון די אָפיצערן, ווען מיר האָבן מיט אים געשאַפן גוטע באַציאונגען, דערציילט, אַז אין איינעם פון די בריוו, וואָס ער צענזורירט, האָט אַן אַרעסטאַנט געשריבן צו זיין ווייב, זי זאָל פאַרקויפן זיין שטיקל באָדן און אים קויפן... אַ פּידזשאַמע.

*

מיסטער גראַנטס פאַרלייכטערונגען האָבן אַרויסגענומען דעם וואָפן פון אונדזערע הענט און פאַרלייפיק איז די „קאַמף" שפּאַנונג ביי אונדז אַרונטער. מיט די פּידזשאַמעס, ליילעכער, אונטערוועש, עס־צייג, טיש און לאָמפּ אין צעל, איז די טורמע ווייטער געבליבן ווי זי איז געווען: אַ פאַרשאָלטענע טורמע!

די אַרבעט ביי די קוישן איז אַ פּרשה פאַר זיך. פון אַ ספּעציעלן סאָרט גראָז, אַ שטעכיקן און טרוקענעם, דאַרפסטו פלעכטן קוישן. דריי קוישן אַ טאָג. יעדער אַרעסטאַנט האָט זיין זאַק, אויף וועלכן ער זיצט, אַ טערקיש זיצן, און איז עוסק אין דער „פאַבריקאַציע". האָסטו פאַרטיק געמאַכט דריי קוישן קענסטו זיצן פריי און נישט טאָן גאָרנישט ביז צום קלונג. אויב האָסטו נישט געענדיקט, — דאַרפסטו צוריקגיין אַרבעטן אויך נאָכמיטאָג. און אויב אויך נאָכמיטאָג האָסטו נישט באַוויזן צו ענדיקן, דערלאַנגט דער אויפזעער אַ ראַפּאָרט צום אָנפירער און פרייטיק, דער טאָג פון משפּטים פאַרן אָנפירער, וועסטו גיין נעמען דיין פּאָרציע קאַרצער. אין אָנפאַנג צוויי טעג. דערנאָך פיר טעג און צום דריטן מאָל, איז עס שוין אָפּהענגיק אין דער שטימונג פון מיסטער גראַנט: פינף, זיבן, ביז פערצן טעג קאַרצער. און דער קאַרצער איז כּלל נישט קיין פאַרגעניגן. אַ קליינער קאַמער, שמאָל און פינסטער, און די שפּייז וואָס דו באַקומסט איז: ברויט מיט וואַסער אין די ערשטע פיר טעג און שפּעטער דאָס געוועהנלעכע עסן פון טורמע. ווייניק זענען פאַראַן אַרעסטאַנטן אין עכו־טורמע, וועלכע האָבן נישט פאַרזוכט דעם

טעם פון קארצער. מיר זענען דאָרטן געווען שטאבילע געסט. מיר פלעגן זיך אנטקעגנשטעלן דער ארבעט ביי קוישן, מיר פלעגן זיך חוצפּהדיק אויפפירן אנטקעגן די אָפיצערן און סערזשאנטן וועלכע פלעגן פון מאָל צו מאָל פארגעסן, אז מיר זענען נישט קיין בעדואינער, מען פלעג אונדז כאַפּן מיט סיגאַרעטן אין טאַש או״ו. או״ו. די פארבאָטן אין עכו־טורמע האָבן קיין גרעניץ נישט. מיר קומען צוריק אין צעל מיד און צעבראָכן פון דער ארבעט און בלויז מיט דער הילף פון די אַלטגעזעסענע ענדיקן מיר דעם קאָנטיגענט. ביי אייניקע פון אונדז זענען די הענט און פיס באַדעקט מיט וואונדן פון דעם שטעכיקן גראָז, אז מען קען עס שוין נישט אויסהאלטן. דער אויסוועג איז: דער קארצער. און מיר גייען אין קארצער אריין. ס׳איז כמעט נישטאָ קיין איין וואָך, אז עמעץ פון אונדז זאָל נישט פארברענגען אין קארצער...

און איך גיי ווידער צום אָנפירער. און ווידער גיט ער דעם זעלבן תירוץ: „יעדער נייער ארעסטאנט מוז א געוויסע צייט ארבעטן ביי די קוישן. אויב פירט ער זיך אויף גוט בייט מען אים דעם ארבעטס־פּלאַץ. אייער אויפפירונג איז נישט קיין גוטע און איר זייט נאָך דאָ א קורצע צייט. וואָס וועלן די אראבער זאָגן?״

— דאָס אלץ אינטערעסירט אונדז נישט. מיר וועלן ביי די קוישן מער נישט ארבעטן! — ענטפער איך בייז.

צו ענדע זאָגט ער צו, אז אין קורצן וועט ער אָנהייבן אונדז איבערפירן צו אַנדערע אַרבעטן. ער וועט איינציקווייז איבערפירן די אראבער זאָלן נישט באמערקן.

אין א פּאָר טעג ארום מעלדעט מען מיר, אז פון מאָרגן אָן וועל איך אַרבעטן אין דער בעקעריי. דער ענין האָט זיך אַ ריר געטאָן. אָבער אויך דאָ זענען געווען צרות. אין דער בעקעריי דארף מען ארבעטן אויך שבת. איך זאָג זיך אָפּ. „צוריק צו די קוישן!״ — באפעלט „פישקע״. איך וויל ווידער נישט. אַ משפט. נאָך אַ האַרבן לאָדן זיך פארענטפערט זיך דער אָנפירער, אז ער מוז... מיך פארשפארן אין קארצער, בכדי מיין אנטקעגנשטעלן זיך צו גיין צו דער ארבעט זאָל נישט דינען א שלעכטער ביישפיל פאר די איבעריקע ארעסטאנטן.

פיר טעג קאַרצער אויף ברויט און וואַסער. פּראָפּאָרציאָנעל אַ לייכטע שטראָף. דערנאָך זענען געמאַכט געוואָרן די געהעריקע אָרדנונגען איך זאָל נישט דארפן ארבעטן שבת.

•

מיסטער גראַנטס פאראָרדנונגען זענען דראקאָנישע. די פיזישע און גייסטיקע אונטערדריקונג איז אזוי גרויס ביז עס בלייבט כמעט נישט איבער פארן איינפאכן ארעסטאנט קיין צייט צו דענקען וועגן זאכן אויסער דער טורמע. שטענדיק ליידסטו פון עפעס, וואָס דריקט אויף דיר היינט, איצט, אין דעם מאָמענט. שווערע ארבעט, שטראָפן, א דראָאונג אויף א רעוויזיע, א קאָנטראָלע פונעם אָנפירער, א משפט, קארצער, סיגארעטן, באזוכן, בענקעניש צו קרובים און צו טייערע, שטענדיק שטענדיק דוכט דיר, אז דו קענסט עפעס־וואָס פארלירן, און באשטראָפט ווערן צוליב עפעס. אזא אָרדענונג איז משפיע אין א גרויסע מאָס אויף די אראבישע ארעסטאנטן. זי איז אויך משפיע אויף א טייל פון די יידישע ארעסטאנטן. עס פארלאנגט זיך א גרויסע מאָס באוואוסטזיין כדי צו קענען אריבערגיין איבער די אלע מאנגלענישן און אונטערדריקונגען מיט א לייכטקייט און דענקען בלויז וועגן דער וויכטיקער זאך: וועגן דעם אנטלויפן פונדאנען.

און מיר דענקען וועגן דעם, אָן אויפהער. טאָג און נאַכט...

## יב.

אַזוי זענען פאַרביי אַ פּאָר חדשים. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך צוגעוואוינט צו דער לאַגע. די באַדינגונגען האָבן זיך טאַקע אַביסל פאַרבעסערט, און פונדעסטוועגן זענען צוויי פון אונדז קראַנק געוואָרן. חוץ יהושע בעקער ליידט שוין דוד מאירי פון אַן אולקוס און צבי תבורי פון אַ בראָנכיט. שמעון עמראַני ליידט נאָך אַלץ ווייטיק פון זייט ער איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך דער געהיימפּאָליציי.

פאַמעלעך האָבן מיר איינגעשטעלט ידידישע באַציאונגען מיט די אָפיצערן און פּאָליציאַנטן. אויך מיט די אַראַבישע אַרעסטאַנטן זענען מיר געשטאַנען אין גוטע באַציאונגען. אַלץ, וואָס מיר טוען איז געצילט

אויף צוויי זאַכן: א) צו שאַפן אַ קאָנטאַקט־מעגלעכקייט מיטן דרויסן און ב) שאַפן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. צום סוף איז אונדז געלונגען איינצושטעלן פאַרבינדונג מיטן דרויסן און פון וואָך צו וואָך שרייבן מיר בריוו און אַ סאַניטאַר פונעם אָרטיקן שפּיטאָל פירט זיי קיין חיפה און גיט זיי איבער אין אַ רעסטאָראַן. דאָרט באַקומט ער אויך בריוו פאַר אונדז. און ווייל עס ווערן געמאַכט רעוויזיעס ביים טויער פון טורמע, ביי יעדן, וואָס קומט אריין און גייט ארויס, ווען אפילו ער איז אַ פּאָליציאַנט אָדער אַן אַנדערער אָנגעשטעלטער, האָבן מיר געמוזט זוכן אַ פּאַסיקן אופן פאַרן איבערפירן די בריוו, מען זאָל זיי נישט געפונען ביי דזשאַמאַל׳ן (אזוי האָט געהייסן דער סאַניטאַר). אונדזערע חברים אין חיפה האָבן פאַר דעם צוועק געקויפט אַ גרויסע פּילפּעדער אריינגעפּראַוועט אַ קליינע גומי פּאָמפּע אַזוי ארום איז איבערגעבליבן פּלאַץ אין דער פעדער פאַר די בריוו. דעם בריוו פלעגן מיר שרייבן אויף דינעם טאָאַלעט־פּאַפּיר און גוט איינוויקלען. אַ חוץ דעם האָבן מיר געשריבן אין אַ געהיים־שריפט. די פעדער האָט נישט דערוועקט קיין פאַרדאַכט און אַזוי אַרום, האָבן מיר געקענט יעדע וואָך שרייבן וועגן אונדזער לאַגע און אונדזערע פּלענער. אויך געלד באַקומען מיר. לויט דעם סכום, וואָס מיר באַקומען ווייסן מיר ווי די קאַסע־לאַגע איז אינדרויסן. אַמאָל גייען־אַוועק וואָכן און מיר דערהאַלטן נישט קיין געלד. ווייסן מיר דעמאָלט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין געלד אין קאַסע און, וואָס אַמבאַלאַנגט דערנערונג, איז אונדזערע אַ בעסערע, ווי די חברים׳ס אינדרויסן, וועלכע גיבן אַוועק זייער גאַנצע צייט פאַרן אונטערגרונט און לעבן לויט אַ בודזשעט, וואָס אויך אין גוטע צייטן, גענוגט ער נישט פאַר די מינימאַלסטע באַדערפענישן פון אַ מענטש. מיר דאָ, דאַרפן הויפּטזעכלעך דאָס געלד פאַר באַצאָלן די מענטשן, וואָס מיר נויטיקן זיך אין זיי. למשל, דער, וואָס פאַרבינדט אונדז, וועלכער שטעלט־איין זיין פּרנסה און אויך זיין פרייהייט, איז ווערט אַ גוטן לוין פון אונדזער זייט. אויך דער דאָקטאָר און דער הויפּט סאַניטאַר וואָס באַדינען אונדז נישט ווייניק. זיי באַשטימען אויף אונדזער באַשטעלונג ווער ס׳איז קראַנק און ווער ס׳איז געזונט, ווען מען דאַרף צוגעבן שפּייז, ווען מען דאַרף באַפרייען פון צו זיצן אין קאַרצער און ווען מען

דאַרף שיקן אין שפּיטאָל אַריין קיין חיפה. און די זאַכן זענען נישט קיין קליייניקייטן. אַ צוגאָב פון שפּייז איז פאַר אונדז זייער וויכטיק און אויפן פאָרן אין שפּיטאָל קיין חיפה לייגן מיר זייער גרויסע האָפענונגען. אויב וועט זיי פון דרויסן געלונגען זיך צו פאַרבינדן מיט עמעצן פון די אָנגעשטעלטע אין דער אָפּטיילונג פון די ארעסטאַנטן, קען זיין, אַז איינער פון אונדז וועט מיט זיין הילף קענען אַנטלויפן פון דאָרט. אויך די אָפּיצערן האָבן ליב געלד, און אויך זיי זענען נויטיק. אַמאָל, למשל, האָט מען געכאַפּט אַ בריוו ביי אונדז וועלכער האָט אונדז געקענט פאַרשאַפן אומאנגענעמלעכקייטן. דער אָנפירער האָט געוואוסט, אַז מ׳האָט געכאַפּט ביי אונדז אַ בריוו אויף העברעאיש און ס׳איז נישט מעגלעך געווען נישט איבערצוגעבן אים, אָבער מיט דער הילף פון אַן אָפּיצער האָט מען אים געקענט איבערבייטן. די הויפּטזאַך, אַז מיט געלד קען מען זיך שטענדיק „איינאָרדענען“. אפילו אין עכו־טורמע, אויך, ווען מיסטער גראַנט הערשט.

*

אין משך פון די חדשים זענען געקומען נאָך אַרעסטאַנטן. און ווייל אינדרויסן פירט זיך דער קאַמף אָן איבערייס איז קלאָר, אַז מען קען נישט פאַרמיידן אַרעסטן. זייער זעלטן טאַקע געלונגט דער מאַכט צו כאַפּן עמעצן בשעת מעשה, אָבער די מיטאַרבעט פון די אינסטיטוציעס גיט אירע צייכנס, און פון מאָל צו מאָל ברענגט מען קיין עכו פאַרהאַל־טענע וועלכע וואַרטן דאָ אויף זייער טראַנספּאָרט קיין גלות אפריקע. אזוי זענען צווישן אנדערע געבראַכט געוואָרן נאָך צוויי אַנטרינער פון לאַטרון, אַ פּאָר זעלנער, וואָס לויט דער מיינונג פון דער מאַכט, האָבן געהאַט פאַרבינדונג מיטן אַטענטאַט אויף לאָרד מוין, אַ פּאָר צענדליק אצ״לניקעס קעגן וועלכע ס׳איז נישט פאַראַן גענוגנדיקע באַווייזן אויף צו מאַכן אַ משפּט, אָבער ס׳איז דאָ אַ גענוגנדיקע אינפאָרמאַציע צו פאַרהאַלטן זיי 12 חדשים. צוועלף חדשים, וואָס ענדיקן זיך קיינמאָל נישט. ווען עס נעמט זיך צוזאַמען אַזאַ גרופּע פון 10—14 מאַן, ווייסן מיר, אַז אין קורצן וועט זיין אַ טראַנספּאָרט אין גלות אַריין. לויט די פאַרשריפטן טאָרן מיר נישט רעדן מיט די פאַרהאַלטענע און זיי זענען פאַרשפאַרט די רוב שעהן פון טאָג. זייער צייט פאַר שפּאַציר איז אין

דער צייט ווען מיר געפינען זיך ביי דער אַרבעט. פונדעסטוועגן געפינען מיר געלעגנהייטן זיך צו טרעפן. אונדזער טרעף־פּונקט איז אממייסטנס אין בית־הכבוד אָדער אין וואַש־צימער. איך אַליין בין אַ פּאָר מאָל געכאַפּט געוואָרן ביי דער „זינד" און פאַר אַ פּאָר מינוטיקן געשפּרעך אין בית־הכּבוד, האָב איך באַצאָלט מיט אַ פּאָר טעג קאַרצער.

אין אָנפאַנג האָבן מיר נישט געוואוסט נאָך וואָס מען ברענגט די פאַרהאַלטענע קיין עכו. מיר האָבן געדענקט, אַז עס פירט זיך קעגן זיי אַן אויספאָרשונג און צום סוף וועט מען זיי שטעלן פאַרן געריכט. אין איינער אַ נאַכט האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט צום געזאַנג פון נאַציאָנאַ־לער הימנע. אין די שלאָף־קליידער, האָבן מיר זיך צונויפגעשטופּט ביים פענסטערל פון טיר, וואָס גייט ארויס צום הויף און מיר האָבן געזען, ווי אַ שטאַרקע אָפּטיילונג פון פּאָליציי שלעפּט אונדזערע חברים אין דער ריכטונג פון טויער. נאָך צוויי טעג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אָפיציעלע מעלדונג, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין אַ פאַרקוקט ווינקל אין דער צייטונג: „נאָך 14 פאַרדעכטיקטע אין טעראָר זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין אַריטריע אין אַ פאַרהאַלט־לאַגער אַריין".

די צווייטע גרופּע איז אין רוב צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פאַרדעכטיקטע אין אָנטיילנעמען אין אַטענטאַט אויף לאָרד מוין און אין איר שפּיץ איז געשטאַנען בנימין געפנער. ער האָט געדינט אין די קאָמאַנדאָ־פאַרמאַציעס ביים בריטישן מיליטער און באַקומען הויכע אויסצייכנונגס־מעדאַלן פאַר זיינע טאַטן אין רוקן פונעם נאַצישן מיליטער. ער איז אַריינגעדרונגען קיין איטאַליע פאַר דער אינוואַזיע פון די פאַרבינדעטע און דאָרט עוסק געווען אין שפּיאָנאַזש, אין ארויס־שמוגלען אָפיצערן פון געפאַנגעניש און צוגרייטן דעם באָדן פאַר דער אינוואַזיע. איצט האָבן זיך די ענגלענדער דערוואוסט, אַז ער איז אַ לח"יניק און ווייל ער איז געווען אין מצרים בשעת הרגענען מוינען, האָבן זיי געדענקט, אַז ער איז פאַרמישט אין דעם ענין. ער איז פאַר־האַלטן געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע זעלנער. און ווייל זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען פאַרמשפּט צו גלות, האָבן זיי באַשלאָסן צו באַפעסטיקן זיך אין צעל און זיך אַנטקעגן שטעלן ווען מ'וועט זיי

קומען נעמען. אין די פרימאָרגן־שעהן פון איינעם אַ טאָג האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט פון אַ רעש און אַ גערודער. גראַנאַט, בראש אַ גרויסער גרופּע פּאָליציאַנטן, האָט זיך באַמיט אויפצורייסן די טירן פון דער צעל. אַ פערטל שעה האָט דער קאַמף געדויערט און מיר אין אונדזער צעל האָבן זיך איינגעקוקט דורכן פענסטערל און זיך זייער געשראָקן פאַרן גורל פון אונדזערע חברים. פון פאַרצווייפלונג האָבן מיר געקלאַפּט אין דער טיר, מיר האָבן געוואָלט אויסרייסן די קראַטעס, קומען זיי צו הילף. אָבער אַלץ איז אומזיסט געווען. די טיר פון זייער צעל איז אויפגעבראָכן געוואָרן דורך די פּאָליציאַנטן און מיט כוח האָט מען זיי ארויסגענומען איינציקווייז. דעם גאַנצן וועג ביזן טויער האָט מען זיי אכזרותדיק געשלאָגן צום קול פון גראַנאַטס באַפעלן: „שלאָגט! שלאָגט!”

...נאָך צוויי טעג איז ווידער דערשינען אַ לאַקאָנישע מעלדונג אין דער יידישער פּרעסע: „נאָך אַ צאָל פאַרדעכטיקטע אין טעראָר זענען איבערגעפירט געוואָרן אין אריטריער פאַרהאַלטס־לאַגער”.

ג.

אין טורמע גייען שטענדיק ארום קלאַנגען וועגן אַ נאָענטער אַמנעסטיע. שטענדיק איז פאַרהאַנען אַ דאַטע מיט וועלכער די אַרעסטאַנטן לעבן און קוקן איר אויס. אַמאָל איז עס דער געבורטס־טאָג פון מלך אַמאָל דער געבורטס־טאָג פון דער מלכה, דערנאָך נאַרט מען זיך אַליין אָפּ, אַז צו ניטל־חגא וועלן פאָרקומען באַפרייאונגען, לכבוד דעם נייעם יאָר, צוליב דעם קומען פון אַ נייעם הויך־קאָמיסאַר, לכבוד... און צוליב... שטענדיק איז פאַראַן אַ דאַטע, קלאַנגען און ידיעות. און ס'איז פאַראַן ווער עס האָט געהערט פון אַ זיכערער קוועלע, אַז מען גרייט־פאָר אַ רשימה און זי איז שוין באַשטעטיקט אאַ"וו, אאַ"וו. די אַרעסטאַנטן פון דער יידישער אונטערגרונט באַוועגונג האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט קיין אילוזיעס און ווייסן גוט, אַז זיי דאַרפן נישט וואַרטן אויף באַפרייאונג פון דער מאַכט. אָבער די אַראַבער און די „הגנה"־אַרעסטאַנטן לעבן מיט אַ האָפנונג, אַז אָט אָט וועט קומען אַן אמנעסטיע. און די הויפּטזאַך וואַרט מען אויף דעם גרויסן טאָג, אין וועלכן ס'וועט זיך ענדיקן די מלחמה. די סימנים פון דער ענדע ווייזן

זיך שוין, און יעדער וואַרט אויף דעם טאָג. מען וואַרט און מען זעט אין דער פֿאַנטאַזיע, ווי עס עפֿנען זיך די טויערן פֿון דער טורמע און אַלע, ווי איין מענטש, וועלן גיין פֿון דאַנען...

די מיליטערן פֿון די פֿאַרבינדעטע שטייען שוין ביי די טויערן פֿון ברלין און די ארעסטאַנטן פֿון עכו גרייטן זיך צו דער באַפֿרייאונג. און דער אויסגעהאָפֿטער טאָג איז געקומען. די בשורה אַז דער קריג איז געענדיקט איז אַראָפּ אויף דער וועלט און אויך אַריינגעדרונגען דורך די מויערן פֿון עכו־פֿעסטונג. אַ רו טאָג איז אויסגערופֿן געוואָרן אין טורמע. עס זענען געווען אַראַבער, וועלכע האָבן גענומען שוין פּאַקן זייערע זאַכן, און וואַרטן יעדע שעה אויפֿן עפֿענען די טויערן. אויפֿן טורעם פֿון דער פֿעסטונג האָט מען אויפֿגעהאָנגען אַ בריטישע פֿאָן, אָבער גאָר שנעל האָט זי דער ווינט צעריסן. „יאָ, אין ארץ־ישראלדיקן ווינט וועט זי נישט קענען עקזיסטירן״ — האָב איך זיך געטראַכט.

מיר, כאָטש ס׳איז אונדז קלאָר, אַז אין קיין שום אַמנעסטיע וועט מען אונדז נישט פֿאַרעכנען, האָבן מיר זיך משתתף געווען אין דער פֿרייד פֿון די אַרעסטאַנטן. צוזאַמען מיט זיי, האָבן מיר זיך אינטערעסירט צי ס׳איז שוין אָנגעקומען דער באַפֿעל פֿאַר אַמנעסטיע. דער טאָג איז פֿאַרביי מיט גאָרנישט. „היינט האָט מען געפֿייערט אינדרויסן דעם זיג. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט פֿאַר אונדז. מאָרגן וועט קומען דער באַפֿעל״ — טרייסטן זיך די אַרעסטאַנטן. אָבער אויך מאָרגן איז דער באַפֿעל נישט געקומען. די פֿרייד האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ געשפּאַנטקייט. די אַרעסטאַנטן דרייען זיך אַרום ווי שאָטנס, מיט איינגעפֿאַלענע פּנימער און ס׳איז קענטיק, אַז זיי זענען נישט אויסגעשלאָפֿן. און איין קלאַנג יאָגט דעם צווייטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען גערופֿן געוואָרן אַלע די אַרעסטאַנטן, וועלכע אַ מיליטערישער בית־דין האָט פֿאַרמשפּט פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכנס, כדי ביי זיי צו נעמען פּרטים אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער עווענטועלער באַפֿרייאונג. איצט איז שוין קלאָר, אַז די מאַכט גרייט זיך אויף אַן אמת באַפֿרייען אַ צאָל פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. די הויפּט־זאַך די אַראַבער פֿון די אומרוען. און דאָ זענען פֿאָרגעקומען שוי־דערלעכע פֿאַלן. אַראַבישע פֿאַרברעכער זענען געפֿאַלן מיסטער גראַנטן

צו די פיס און זיך געבעטן, ער זאָל זאָרגן אויך פאַר זייער באַפרייאונג. אַ פויער איז געקומען צו מיר און מיך געבעטן איך זאָל אים אויפקלערן צי ער איז אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט אָדער נישט.

— וואָס איז דיין פאַרברעכן ? — האָב איך געפרעגט.

— איך האָב געהרגעט מיין שוואָגער. — האָט מיר דער פויער דער־קלערט. — כ״האָב אים געכאַפּט מיט מיין שוועסטער באַהאַלטנדיק זיך אין אַ וועלדל. האָב איך אים געהרגעט. צי איז דאָס פּאָליטיק אָדער נישט ?

כ׳האָב געוואָלט לאַכן. אָבער ווען איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן, האָב איך זיך איינגעהאַלטן. איך האָב געזען, אז ער חלשט צו הערן פון מיין מויל, אז ער איז אַ פּאָליטישער און, אז ער האָט אויסזיכטן באַ־פרייט צו ווערן. ווי האָב איך אים דאָס געקענט זאָגן ?

— דאָס איז נישט וויכטיק — האָב איך אים געזאָגט — סאַראַ אַרעסטאַנט דו ביסט. נישט אַלע פּאָליטישע וועט מען באַפרייען און נישט אַלע קרימינעלע וועט מען איבערלאָזן. קען זיין, אז דו ביסט אויך אין דער רשימה. זיי געדולדיק און וועסט זען...

עס זענען ווידער פאַרביי אַ פּאָר טעג און פלוצים אין אַ פרייטיק, האָט מען גערופן אַלע אַרעסטאַנטן וועלכע זענען געמשפּט געוואָרן דורך אַ מיליטערישן געריכט, זיך איינזאַמלען אין הויף. מיסטער גראַנט איז אריין אין דער באַגלייטונג פון הויפּט־באַאַמטן, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רשימה אין דער האַנט. אין דעם בויגן פּאַפּיר איז פאַרשריבן דער אורטייל פון הונדערטער אַרעסטאַנטן. ווער פאַר פריי־הייט און ווער פאַר ווייטערדיקן אַרעסט.

דער באַאַמטער האָט אָנגעהויבן פאָרליינען די נעמען. איך בין געשטאַנען אין דער זייט און זיך צוגעקוקט צו די אַרעסטאַנטן וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ האַלב־קרייז. ס׳איז שווער צו שילדערן דעם אויסדרוק פון זייערע פּנימער. יעדער נאָמען, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן האָט פאַרשאַפט אַ פרייד־אויסגעשריי ביי איינעם. ער איז ארויס פון דער רייע מיט אַ מין טאַנץ־געלויף און זיך איינגערייעט צווישן די באַפרייטע. אַ רגע רעש און שעפּטשערייען צווישן די אַרעס־טאַנטן און ווידער שטיל. מען וואַרט אויפן קומענדיקן נאָמען...

העכער 50 נעמען זענען אויסגערופן געוואָרן. צווישן זיי 5 יידן. דער רוב ״הגנה״־אַרעסטאַנטן. ווען ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לייענען די נעמען, האָט דער אָנפירער געמאָלדן, אז נאָך אַ רשימה געפונט זיך אין וועג. דאָס איז געווען אַ טרייסט פאַר די וועמענס נעמען מען האָט נישט אויסגערופן. און דאָס איז געווען שוא ושקר. ס׳איז מער קיין רשימה נישט געווען. מיסטער גראַנט האָט בלויז שפּעטער געקענט דראָען די אראַבער, אז ווער עס וועט זיך נישט גוט אויפפירן וועט זיין נאמען געשטראָכען ווערן פון דער ליסטע. און די אַרעסטאַנטן האָבן זיך גוט אויפגעפירט.

*

אין אַ שיינעם טאָג, האָט מען אַ גרויסע גרופּע יידישע אַרעסטאַנטן געבראַכט קיין עכו. נאָך אין די פרימאָרגן־שעהן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אז עס וועלן קומען נייע אַרעסטאַנטן, ווייל מען האָט צוגעגרייט אַ גרויסן קאַמער פאַר אויפנעמען נייע מענטשן. פאַרנאַכט זענען זיי געקומען. ווען מען האָט זיי אַריינגעבראַכט זענען מיר שוין פאַרשפאַרט געווען אין די צעלעס. מיר האָבן פריער נישט געוואוסט ווער עס זענען די אַרעסטאַנטן און מיר האָבן זיך געוואונדערט ווען מיר האָבן זיי דערזען דורך די פאַרקראַטעוועטע פענסטער. וואָס איז דאָס ? וועמען ברענגען זיי ? דאָס זענען דאָך קינדער ! צוואַנציק יונגע יינגלעך אָנגעטון אין כאַקי־קליידער מיט רוקזעקלעך אויף די פּלייצעס, זענען אריינגעגאנגען אין אַ לאנגער שורה. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין קאַמער און נאָך אין דעם זעלבן אָוונט, האָבן מיר מיט דער פאַרמיטלונג פון פאליציאַנטן און וועכטער געשיקט צעטלעך און זיך דערוואוסט ווער זיי זיינען. פונעם ענטפער, וואָס מיר האָבן באַקומען האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאָס זענען אצ״לניקעס, וועלכע זענען ארעסטירט געוואָרן זייענדיק אין אַן איבונגס־קעמפּ אין שוני.

דאָס קומען פון צוואנציק יוגענטלעכע, דאָס רוב סאַברעס, שטאַנדהאַפטע און חוצפּהדיקע, האָט נישט געקענט נישט משפּיע זיין אויף דער לאַגע פון די יידן אין עכו־טורמע. שוין צומאָרגנס האָבן זיך אָנגעהויבן די „טראָבלס״ מיט זיי. זיי לאָזן זיך נישט אָפּראַזירן דעם

קאָפּ. זיי שפּעטן פון יעדן פּאַליציאַנט און פון יעדן אָפיצער. זיי דער־קוטשען יעדן, וואָס דערפילט נישט זייער פאַרלאַנג. דער קאַרצער שרעקט זיי נישט. וואָס־זשע קען מען מיט זיי מאַכן? און אין דער רגע, ווען „פישקע" האָט דערפילט, אז די יידישע ארעסטאַנטן זענען שוין אַן אָרגאַניזירטער און דיסציפּלינירטער כוח, — איז ער בעל־כרחו ווייכער געוואָרן, און אין אַ קורצער צייט זענען בטל געוואָרן א סך גזירות...

ס'איז נישט שווער צו זיין אַ גוטער דיפּלאָמאַט ווען דער כוח איז הינטער דיר. מיסטער גראַנט האָט זיך איצט לייכטער אונטער־געגעבן מיינע פאָדערונגען, ווי פריער. ער ווייסט, אז נישט נאָכגעבן — הייסט „טראָבלס". און דאָס וויל ער נישט.

אַמאָל, אין איינס פון די געשפּרעכן, נאָך דעם, וואָס מיסטער גראַנט האָט באַשטעטיקט דעם רוב פון אונדזערע פאָדערונגען, און איז געווען זייער פריינטלעך, האָט ער זיך פלוצים אַ ווענדע געטאָן צו מיר מיט אַ באַשולדיקונג:

— איך האָב זיך דערוואוסט, אַז איר שרייבט בריוו צו אייערע חברים אינדרויסן, און מיך באַצייכנט איר אַלס אַ פאַרזעניש און איר בעט, זיי זאָלן מיך הרגענען.

— אַזעלכע בריוו זענען מיר נישט באַקאַנט — האָב איך געענט־פערט. — איך שרייב זיי נישט, אָבער עס לייגט זיך אויפן שכל. קען זיין, אז עמעץ מאַכט עס.

— אָבער וואָס בין איך שולדיק? ס'איז פאַראַן אַ רעגולאַמין צו וועלכן איך בין פאַרפליכטעט. און פאַרשטיי, פאַרשטיי — האָט ער געזאָגט מיט אויפרעגונג — כ'האָב אַ פרוי און קינדער...

דער טאָן פון געבעט איז ביי אים ניי געווען. איך האָב נישט געדענקט, אַז איך וועל אַמאָל הערן אַזאַ טאָן ביי אַן אכזרותדיקן און שפּלדיקן מענטש, ווי ער.

— מיסטער גראַנט! — האָב איך געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ ריכ־טער — איך קען פאַרשטיין די ארעסטאַנטן, וואָס שרייבן אַזעלכע בריוו צו זייערע חברים. די ארעסטאַנטן קענען נישט זוכן קיין נקמה אין דעם גרינגעם בראָשורל פון די רעגולאַמינס. זיי ווייסן, אַז מענטשן

אונטערדריקן זיי. אין דעם פאַל — ביסטו עס! וואונדער זיך נישט ווען זיי באַשולדיקן דיך און נישט די טויטע אותיות.

— אָבער דערקלער זיי מיין לאַגע. גלויב מיר, אַז איך באַמי זיך ביי דער מאַכט צו ענדערן די פאַראָרדענונגען.

— איך וועל עס זאָגן די ארעסטאַנטן, אבער איך צווייפל צו ס׳וועט משפיע זיין אויף זיי. אויך איך דענק, אַז דו קענסט אונדז אַ סך פאַרלייכטערן. אַ סך מער ווי דו טוסט עס...

## ד.

אלע אונדזערע פאַרזוכן צו אַנטלויפן ווערן צונישט. עס איז פאַראַן בלויז איין מעגלעכקייט: אן אנגריף פונדרויסן. צענדליקער פלאַנען האָבן מיר געפלאַנט, געזוכט, קאָנטראָלירט, באַאַרבעט און צום סוף — גאָרנישט. וואָלטן מיר געווען אין איין קאַמער, וואָלט עס לייכטער געווען, וואָלט אפשר מעגלעך געווען צו פרובן גראָבן. אין די איצטערדיקע באַדינגונגען קען מען נישט קלערן דערפון. איז, דעריבער, איבערגעבליבן איין מעגלעכקייט: פאָרן אין שפיטאָל קיין חיפה. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אונדז געמאָלדן פון דער צענטראַלע, אז איך דאַרף זיך באַמיען צו קומען אין חיפהער רעגירונגס־שפיטאָל. אין דעם פליגל, וואָס געהערט צו דער טורמע, געפינט זיך אַ פּאַלי־ציאַנט, מיטן נאָמען יעקב, ער איז אַן אונדזעריקער. מיט זיין הילף וועל איך קענען אַנטלויפן.

פון זייט מיר האָבן באַקומען דאָס צעטל, פלעג איך זיך אין משך פון וואָכן קראַנק מאַכן. אברהם שיין, וועלכער איז אינצווישן־צייט צוריקגעקומען פון חיפהער שפיטאָל און איז געלעגן אין אָרטיקן שפּי־טאָל, פלעג מיר העלפן זיך צושאַפן היץ און מאַכן אַן אָנשטעל פון א מאָגן־קראַנקן אא״וו. דער דאָקטאָר, צי ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַן אָנשטעל, צי ער האָט זיך באַצויגן ערנסט צו דער קרענק, האָט באַשטעטיקט, אז איך דאַרף אַ באַהאַנדלונג אין חיפהער רעגירונגס־שפיטאָל און האָט אַפילו פעסטגעשטעלט, אַז איך דארף אַן אָפּעראַ־ציע. איך דאַרף בלויז וואַרטן ביז ס׳וועט פריי ווערן אַ פּלאַץ אין שפּי־טאָל און ביז מיסטער גראַנט וועט דעם ענין דערליידיקן אין דער

געהיימפּאָליציי, וועלכע דאַרף פּאַרבעררייטן ספּעציעלע „זיכערהייטס־פאַראָרדנונגען". דאָס האָט זיך זייער לאַנג געצויגן און ווייל כ'האָב זיך שוין כמעט מתיאש געווען אויך פון דעם פּלאַן, איז פּלוצים, צוויי טעג פאַר ראש השנה תש"ה, אָנגעקומען אַ באַפעל, אז איך זאָל זיך גיך גרייטן אין וועג אריין. ס'איז קיין גרעניץ נישט געווען צו מיין פרייד. אַ צערודערטער האָב איך זיך געזעגענט פון מיינע פריינט.

*

דער אָפּטייל פאַר ארעסטאַנטן אין היפּהער רעגירונגס־שפּיטאָל, איז אַן איין שטאָקיקער בנין פון דריי צימערן וואָס פאַרמאָגן ביי אַ צען בעטן פאַר קראַנקע אַרעסטאַנטן. ביי אברהם שיין האָב איך זיך דערוואוסט, וואָס עס זענען די אָנגענומענע אָרדענונגען אין שפּיטאָל און כ'האָב אויך געוואוסט מיט סאַראַ מאָס פאַרשטאַרקט מען די וואַך ווען מען ברענגט צופירן „אַ געפערלעכן" ארעסטאַנט. וואָס מען האָט צוליב מיין „כבוד" וועגן געמאַכט האָט איבערגעשטיגן יעדע דערוואַרטונג. מען האָט מיך צוגעשמידט מיט די פיס צום בעט, מען האָט באַשטימט נאָך אַ צאָל פּאָזיציעס ארום דעם בנין און אין דער נאָענט. אַ „ברען"־פּאָזיציע אַוועקגעשטעלט אויפן דאַך פון בנין, אויסער די שטענדיקע וואַך, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אראַבער, האָט מען געבראַכט אַ צאָל ענגלישע פּאָליציאַנטן. ביי די וועכטער האָט מען אויסגערופן „באַרייטס־צושטאַנד". דאָס אַלץ האָט מיך נאָכנישט איבערגעשראָקן. „דער עיקר איז, אז ס'איז דאָ פאַראַן אַ פּאָליציאַנט וועלכער איז מיך גרייט ארויסצונעמען און צוזאַמען מיט מיר אנטלויפן" — האָב איך זיך געטראַכט. אָבער, באלד איז מיר ווידער קלאָר געוואָרן, אַז איך בין אַ שלימזל: דורך אַ צופאַל האָט מען אָפּגעזאָגט אַ יידישן פּאָליציאַנט אין ארבעטס־לאַגער פון עתלית און יעקב, דער פּאָליציאַנט וועלכער האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן מיינס, איז צוריק מיט צוויי טעג אַהין אַריבער־געפירט געוואָרן.

צו אלדע רוחות! וואָכן אויף וואָכן האָב איך געמאַכט אָנשטרענגונגען כדי צו קומען אהער און צום סוף אַזאַ דורכפאַל! פאַרן פאָרן האָב איך געטראַכט, אַז נאָך אין ערשטן טאָג פון מיין זיין אין שפּי־

טאָל וועלן די קעמפּער אין חיפה וויסן, אַז איך געפין זיך דאָ. דורך יעקבן וועלן זיי זיך דאָס דערוויסן. איצט געפין איך זיך דאָ און ווען אפילו ס'וועט זיין אַ מעגלעכקייט פון אנטלויפן, וועל איך זיך נישט קענען פאַרבינדן מיט מיינע פריינט. טעג וועלן אַוועק ביז זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז איך בין אין חיפה. איך בין גאַנץ פאַרצווייפלט געווען און טראַכט דעם, האָב איך נאָכגעפאָלגט אלץ, וואָס עס טוט זיך ארום מיר. איבערהויבט פלעג איך זיך איינהערן אין די נעכט און זיך באַמיט ארויסצוציען מסקנות. איך הער ווי עס שמועסן די ענגלישע פּאָלי־ציאַנטן וועגן דער אָדער יענער שוועסטער. איך אונטערשיידע די נעמען וועלכע זיי רופן אָן, די וואַך־פּאַראָל. נאָך אין דער ערשטער נאַכט האָב איך געהערט ווי אַ שוועסטער, פון אַן אנדער פליגל, קומט צו זיי. מען הערט געלעכטער, אונטערהאַלטונג, און דערנאָך גייט די שוועסטער ברענגען קאַפע. איינער פון די וועכטער באַגלייט זי און בעט פון די אנדערע פּאָליציאַנטן, זיי זאָלן אויפפּאַסן צי אַן אָפיצער דערנענטערט זיך נישט. צום סוף קומט זי צוריק מיט אַ פולן טשייניק קאַפע. זי טיילט עס אויס די פּאָליציאַנטן, אויך דער פון דאַך בעט אַ טעפל קאַפע, אויך די פון אינעווייניק און אין די פּאָזיציעס באַקומען. דאָס איז די זאַך! וואָלט דאָ געווען בלויז איין מענטש אויף וועלכן מען קען זיך פאַרלאָזן! אַ גוטע פּאָרציע לומינאַל אָדער אַן אנדער שלאָפמיטל אין דער קאַפע, בין איך פריי! ווען מיר וואָלטן דאָ אַ שוועסטער געהאַט, אָדער אַ פּאָליציאַנט!

אויך אַן אָנגריף פון דרויסן קען געלונגען. טראַץ די שטאַרקע וואַך קען מען זיי איבעראַשן! בפרט ווען זיי באַשעפטיקן זיך מיט דער שוועסטער אָדער בעתן טרינקען די קאַפע. אָבער ווי פאַרבינדט מען זיך מיטן דרויסן?!

און פּלוצים הייבט זיך אַלץ אָן איינצואָרדנען. אַ פּאָר וואָכן איי־דער כ'בין געפאָרן אין שפּיטאָל, האָב איך באַקענט אין איינעם אַ שבת, בעת די באַזוכן, אַ געוויס מיידל, אַ קוזינע פון אַן אַרעסטאַנט. פון דעמאָלט אָן פלעג זי באַזוכן דעם קוזען און מיך צוזאַמען. מיר פלעגן שמועסן דורך די פּלויטן, וואָס צעשיידן צווישן די אַרעסטאַנטן, און די באַזוכער און זי האָט מיר אַמאָל אפילו געבראַכט אַ מתנה. אַזעלכע

זאַכן פלעגן זיך אָפט טרעפן אין טורמע און ס׳איז נישט געווען אין דעם קיין שום חידוש. אַ דאַנק דער באָרד, וואָס כ׳האָב זיך פאַרלאָזט פון זייט איך בין אָנגעקומען אין עכו־טורמע, און וועלכע האָט מיר צוגעגעבן אַ הדרת־פּנים, פלעג איך ציען אויפמערקזאַמקייט ביי די באַזוכער און ספּעציעל ביים שיינעם מין.

נישט וויניק האָב איך זיך געוואונדערט, אז ראש השנה, ווען ס׳איז פריי געווען די באַזוכן ביי די יידישע ארעסטאַנטן, קומט צוגיין מיך באַזוכן דאָס דאָזיקע מיידל. „אָט" — האָב איך זיך געטראַכט — „די השגחה אליין האָט זי מיר צוגעשיקט". בלויז די נעץ פון דער טיר האָט אונדז צעטיילט און מיר האָבן געקענט רעדן שטילערהייט, קיינער זאָל אונדז נישט הערן. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז געווען אין עכו און זי האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין אין חיפה, איז זי געקומען מיך באַזוכן. מיר האָבן אַביסל געשמועסט און צום סוף האָב איך זי געפרעגט צי זי קען אפשר אַ לחי"ניק אין תל־אביב. זי האָט גע־ענטפערט, אַז יאָ, און מיר אויך געזאָגט, אַז זי ווייסט וואו גאולה כהן געפינט זיך, און קען זיך יעדע רגע מיט איר פאַרבינדן. דאָס האָט לייכטער געמאַכט דעם ענין. אויב מען דאַרף איר נישט אויסזאָגן אַן אדרעס — איז אַ סך לייכטער זיך צו באַניצן מיט איר אלס אַ פאַר־בינדערין. בין איך, דעריבער, גלייך צוגעגאַנגען צום ענין און איר אויסגעזאָגט, אַז איך בין אַהער געקומען צוליב אַנטלויפן. זי האָט אויסגעדרוקט איר גרייטקייט מיר צו העלפן אין דעם. כ׳האָב איר איבערגעגעבן וועגן דער לאַגע, וועגן די מעגלעכע פּלענער, און איר געבעטן קומען אין נאָענטן שבת מיך באַזוכן און ברענגען אַ תשובה.

איצט האָב איך אומגעדולדיק געוואַרט. כ׳האָב געוואוסט, אז די זאַך איז נישט לייכט, אַז ס׳איז קיין סך צייט נישט פאַראַן, אז מען וועט באַלד כאַפּן דעם שווינדל מיינעם און מיך אָפּשיקן צוריק אין טורמע. איך האָב מיט זיך געבראַכט אביסל געלד און פאַר דעם באַ־קומען... היץ. פון אברהם שיין האָב איך געוואוסט מיט וועלכן סאַ־ניטאַר מען קען מאַכן „ביזנעס". אויך דער דאָקטאָר דאָ, איז אַ גוטער מענטש און נאָך דעם, ווי איך האָב אים אויפגעקלערט, אז אַ הויך די מיסטעריעזע ווייטיקן אין מאָגן און די היץ, וואָס קיינער ווייסט נישט

די סיבה פון דעם, לייד איך נאָך פון אַ נערוון־דערשיטערונג, וואָס קומט צוליב די באַדינגונגען אין טורמע און די שטילקייט אין שפּי־טאָל איז משפּיע אויף מיר צום גוטן, — האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך באַמיען מען זאָל מיך דאָ איבערלאָזן ווי לאַנג ס׳איז מעגלעך.

דאָס שיינאַוויגיקע מיידל איז געקומען שבת און מיר געמאָלדן, אַז אַלץ איז דערליידיקט געוואָרן און מען האָט איבערגעשיקט אָנ־ווייזונגען קיין חיפה, צו מאַכן וואָס נאָר מעגלעך כדי מיך צו באַפּ־רייען. איצט שפּילט מיר דאָס מזל צו — האָב איך זיך געטראַכט. נישט בלויז דער נס מיטן מיידל, נאָר אויך די צייט העלפט מיר. עס איז די צייט פון די יום־טובים און אין אַ פּאָר טעג אַרום — איז יום־כפור און נאָכדעם, איז באַלד סוכות. דאָס וועט דערמעגלעכן באַזוכן און קאָנטאַקט מיטן דרויסן. אויב מען וועט מיך נאָר נישט ארויסטרייבן פונדאַנען, וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג. דאָסמאָל האָב איך איר איבער־געגעבן מערערע פּרטים וועגן דער וואַך, וועגן דעם סאָרט שליסל פאַר די קייטן מיט וועלכע איך בין געשמידט או״וו.

כדי מען זאָל מיך נישט צוריקשטעלן קיין עכו, פלעג איך „באַקומען״ פון מאָל צו מאָל ווייטיקן און אויך דאָס עסן אויסגעבראָכן. ווען מען האָט פון מיר פאַרלאַנגט אַ שטאָל־אונטערזוכונג, האָב איך נאָכגעפאָלגט אַן אראַבישן ארעסטאַנט, וועלכער איז געלעגן אין מיין שכנות און באמת געליטן פון אַ מאָגן־קראנקהייט, און ווען ער פלעג גיין אין בעת־כבוד, פלעג איך באַלד נאָכגיין און אָנפילן די פּראָבע, וואָס מען האָט מיר געגעבן, מיט זיין שטאָל. אַזעלכע אונטערזוכונגען האָט מען פון מאָל צו מאָל פאַרלאַנגט און כדי אויפ־צוהאַלטן עס פלעג איך טענהען אַ צוויי־דריי טעג, אז איך לייד פון עצירות.

אין געשפּרעך מיט ענגלישע פּאָליציאַנטן פלעג איך זיין געלאַסן, און אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך געווען אונטערשטרייכן מיין מידקייט פונעם ארעסט, פון פּאָליטיק, פונעם אונטערגרונט. דאָס האָט אָפּגע־שוואַכט, אויף אַ געוויסער מאָס, זייער וואַכזאַמקייט. זיי האָבן מיר געגלויבט.

יום־כפור האָב איך ווידער געהאַט אַ באַזוך און דאָס מיידל האָט מיר געמאָלדן, אז איך דארף נאָך אויסהאַלטן אַ פּאָר טעג, אז עס ווערן אינדרויסן געמאַכט אָבסערוואַציעס און איך דאַרף זיין גרייט יעדע נאַכט. די הויפּט שוועריקייט איז אין דעם, וואָס מען דענקט, אז אויב מען וועט מאַכן אַן איבערפאַל, און ס׳וועט זיך אָנהייבן א שיסעריי וועלן מיך די וועכטער שיסן. דעריבער זוכט מען אזא מעגלעכקייט פון איבעראַשן, אז אין אַן אויגנבליק זאָל מען קענען באַהערשן די וועכטער. אין פינף טעג אַרום איז סוכות. אויב ביז דעמאָלט וועט די אקציע נישט אויסגעפירט ווערן, וועט זי מיך ווידער באַזוכן.

אויסערלעך באַמי איך זיך צו באַווייזן אַ גלייכגילטיקייט, ליידן און ווייטיקן, אָבער אינערלעך בין איך געשפּאַנט און אָנגערעגט. נאַכט, נאכט וואַרט איך אויף מיינע באַפרייער... דערווייל האָט די געהיימפּאָליציי אָנגעהויבן דריקן אויפן שפּיטאָל און זיך פּאַראינטערעסירן מיט מיין געזונט־צושטאַנד. זיי טענהען, אז זיי האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו האַלטן די וואַך אזא לאַנגע צייט. זיי פּאַרלאַנגען אַ גרונטלעכע אונטערזוכונג און מיך צוריקברענגען אין טורמע. ערב סוכות קומט אַן ענגלישער דאָקטאָר מיך אונטערזוכן און שטעלט־פעסט, אז איך לייד פון אַ כראָנישער דיזענטעריע און וועט איבערגעבן אָנווייזונגען דער טורמע, ווי זיך מטפּל צו זיין מיט מיין קרענק. איך געדענק נישט וואָס איז געווען זייער דיאַגנאָזע אין באַצוג צו דעם אראַבער, וועמענס שטאָל איך פלעג געבן אונטערזוכן, אָבער איך ווייס באַשטימט, אַז זי איז געווען אַן אַנדערע, ווי די וואָס מען האָט ביי מיר פעסטגעשטעלט. און די אונטערזוכונגען זענען געמאַכט געוואָרן פון דעם זעלבן מאַטעריאַל. וואָס עס זאָל נישט זיין, איז מיר קלאָר געווען, אז בלויז נאָך אַ צוויי־דריי טעג וועל איך קענען דאָ פאַרבלייבן. אין טאָג פון סוכות זענען געקומען אַ פּאָר פּאָליציאַנטן מיך נעמען, האָב איך זיי דערקלערט, אַז אַ ייד טאָר נישט פאָרן יום־טוב און איך וועל זיך מיט כוח אנטקעגנשטעלן ווען זיי וועלן פּרובן מיך צו פירן יום־טוב. דער פּאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער וואַך, האָט זיך פאַרבינדן מיט דער געהיימפּאָליציי און מיט מיסטער גראַנט און האָבן באַשלאָסן אָפּצולייגן דאָס אריבערפירן. אָבער עס איז מיר קלאָר

געוועז, אז נישט מער ווי אַ צוויי־דריי טעג וועל איך דאָ פאַרבלייבן. און אין ערשטן טאָג סוכות, האָט מיר ווידער דאָס מיידל געזאָגט, בעת דעם באזוך: „דו דאַרפסט אלץ מעגלעכעס טאָן און איבערבלייבן דאָ נאָך אַ וואָך. אין משך פון אַ וואָך, אַמהעכסטנס, וועט מען דיך באַפרייען״.

אבער ס׳איז אוממעגלעך געווען צו פאַרבלייבן. שוין אַ דריי וואָכן געשפּילט, מער איז אוממעגלעך. במילא באַציט מען זיך שוין מיט חשד צו מיין קראַנקהייט.

אין צוויי טעג ארום האָט מען מיך צוריק געשטעלט אין טורמע. דאָס איז געווען אַ פאַרדרוס. די איינציקע טרייסט איז געווען, אז אין דער צייט פון מיין ליגן אין שפּיטאָל, איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן פון אַנטלויפן פון דער טורמע גופא. דער פּלאַן האָט מיר אויסגע־וויזן גוט אַרומגעטראַכט און אַ פולקאָמער.

*

און דאָס איז געווען דער פּלאַן:

איין צעל פון קאַרצער, די אממיינסטנס אַרויסגערוקטע, גרעניצט מיט אַ וואָרין־בנין, וואָס איז אויסערן בנין פון טורמע. די דיק פון דער מויער איז איין און אַ האלב מעטער. אויב צוצוגעבן דערצו די דיק פון דער וואנט פון וואָרין־בנין וועט צוזאַמען זיין אַ צוויי מעטער. די צעל גרעניצט מיט דער דירה פון דריטן שטאָק אין וואָרין־בנין. די חברים אינדרויסן דאַרפן געפינען אַ וועג, ווי אריינצוקומען אין דער דירה איבער נאַכט און זי באַהערשן. זיי דאַרפן קומען אין פּאָ־ליציי מונדירן מיט אן אויסרייד צו מאַכן א רעוויזיע, איינזאַמלען אלע איינוואוינער אין איין צימער און אונטער דראָאונג פון רעוואָלווערן זיי האַלטן, אָדער אַפילו צוליב זיכערקייט איינשלעפערן. מיט דער הילף פון אן עלעקטרישן בויער איז מעגלעך דורכצוהאַקן די וואַנט אין משך דריי ביז פיר שעה ארבעט. מיר פון אינעווייניק וועלן זיך באַמיען צו באַקומען אַ שליסל־אָפּדרוק פון די קאַרצער צעלעס, אַרויס־געבן עס אינדרויסן, דאָרטן וועט מען שוין צופּאסן שליסלען צו אלע שלעסער פון די צעלעס. נאָך דעם, ווי מען וועט דורכהאַקן די וואַנט דאַרף מען בלויז איין שטאַבע אויסזעגן, אז אַ מענטש זאָל קענען

אדורכגיין און אויפשליסן די איבעריקע צעלעס פון קאַרצער. נאָך דעם, ווי די מענטשן וועלן ארויס וועט מען צוריק פאַרשליסן די צעלעס, איבערלאָזנדיק פופעס אויף די געלעגערס. דער לעצטער וועט צוריקשטעלן די שטאַבע אויפן פלאַץ, דעם שניט וועט ער פאַרשטעלן מיט פלאַסטעלין אָדער מיט אן אנדער פאסיקן מאַטעריאַל. אזוי ארום וועלן פארביי נאָך אַ פאָר שעה ביז מען וועט זיך דערוויסן פון אונדזער אַנטלויפן. ערשט אין די פרי־מאָרגן־שעהן, ווען מען וועט קומען אויפעפענען די קאַרצער־צעלעס, וועט מען דערזען, אַז זיי זענען ליידיק. מיר וועלן בלויז דאַרפן זאָרגן פאַר דעם, אז די צעלעס פון קאַרצער זאָלן זיין באַזעצט דורך אונדז. דאָס איז נישט קיין איבעריק שווערע זאַך. מיר וועלן זיך מוזן פאַרטשעפען מיט אַ פּאָליציאַנט אָדער מיט אַן אָפיצער, פארשאַרפערן דעם סיכסוך און צום סוף איס באפאלן אין מיטן הויף, אריינהאַקן אים ווי עס באדארף צו זיין און נישט אַנטלויפן ביז ס׳וועט אָנקומען אַ פאַרשטאַרקטע גרופּע פּאָליציאנטן. ס׳איז קיין ספק נישט, אז אויך מיר וועלן אַריינכאפּן אביסל קלעפּ, אָבער ס׳וועט כדאי זיין. צום סוף וועט מען אונדז אלע אריינזעצן אין די קאַרצער־צעלעס.

— — — אָ, דאָס וועט זיין אַן אנטלויפן! און דו זעסט שוין דאָס פּרצוף פון „פּישקע" נאָך דעם אַנטלויפן אונדזערן...

## ה.

דערווייל פאַרוואַנדלט זיך דאָס לאַנד אין אַ גיהינום. דער יידישער פרייהייטס־קאַמף קעגן דער פרעמדער מאַכט דערגרייכט דעם הויכפונקט. טעגליך זענען די צייטונגען פול מיט מעלדונגען וועגן ברייטע אקציעס איבערן גאַנצן לאַנד. אויף סקאָרפּיאָנען זיצן דאָ די ענגלענדער, ווי מיר האָבן זיי צוגעזאָגט צוריק מיט דריי יאָר. פייער און רויך־קנוילן פאַרדעקן די הימלען פון פאַטערלאַנד. דער געראָך פון דינאַמיט צעשפּרייט זיך אין לאַנד און דער ווידערקול פון די אויפרייסן דערגייט ביז ווייטער ווייט.

אין ענגלאַנד זענען שוין פאָרגעקומען די וואַלן, און די „לייבור" איז געקומען צו דער מאַכט. די „לייבור", וועלכע פלעגט צוזאָגן אַן

אויפהער, אַז זי וועט מאַכן די גערעכטיקייט פאַר די יידן, און די יידן, און די פירער פון דער אַגענץ האָבן איר געגלייבט. און מיר, די מענטשן פון „שטערנס באַנדע" (ווי מען האָט אונדז גערופן) האָבן פּאָראויסגעזען דעם נצחון, פון דער „לייבור" און... די גרויסע אַנטוישונג פון די סוכנות־מענטשן. איצט קענען זיי מער נישט ביישטיין דעם דרוק פון דער יוגענט. קיינער גלייבט דאָ מער נישט די ענגלענדער. בלויז איין מענטש קען זיך נישט באַפרייען און באַהערשן פון זיין פּאָליטישער קורצזיכטיקייט. „איך בין צו אַלט, איך זאָל ענדערן מיינע אנשויאונגען וועגן ענגלאַנד, אויך אַנטקעגן די גרעסטע פּראָוואָקאַציעס". — פּראָקלאַמירט פּראָפעסאָר ווייצמאַן אין אַמעריקע. און די דאָזיקע אַלטער־שוועכע שטייט אַנטקעגן דער יוגענט, וואָס באַנייט די כוחות פון יידישן פאָלק. אפילו די פירער פון די אינסטיטוציעס קענען נישט ממשיך זיין זייער קאַמף קעגן דעם אונטערגרונט. בלויז ביים פּראָפעסאָר ווייצמאַן געפינען די ענגלענדער אַן אָפּן אויער. אין דער תקופה, האָט די היסטאָריע אונדז דערלאַנגט צווייביישפּילן פון צוזאַמענשטויס צווישן יוגנט־כוח, וואָס אַנטפּלעקט זיך ביים פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין באַפרייאונג, און צווישן דער אַלטער־שוועכע פון מנהיג. איינע אין פראַנקרייך און די צווייטע אין ישראל. דער אויסגאַנג פון דעם דאָזיקן צוזאַמענשטויס איז אַנדערש, כאָטש בייביידע האָט דער יוגנט־כוח באַזיגט די אַלטער־שוועכע...

*

די טורמע איבערפולט זיך מיט יידן. אָט האָט מען געבראַכט אַ יידישן בחור, אַ לח"יניק, וועלכער האָט געדינט אין דעם בריטישן פלאָט אין מצרים און אויפן וועג אין לאַנד אריין האָט ער געפּרובט פאַרזענקען אַ בריטישע שיף, וועלכע פלעג פאַרטרייבן מעפּילים פון לאַנד קיין קאַפּריסין. און אָט, נאָך דריי אצ"לניקעס, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן נאָך דעם, וואָס זייער מאַשין האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער באַן און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז זי איז געווען אָנגעלאָדן מיט אויפרייס־מאַטעריאַל. און אָט איז געכאַפּט געוואָרן אַ יוגנטלעכער בשעת קלעבן פּראָקלאַמאַציעס. און דערנאָך, ווען

ס׳איז געקומען אַ תקופה פון ברייטע אַקציעס, אַקציעס אין וועלכע עס האָבן זיך נישט באַטייליקט איינצעלנע נאָר גרויסע קעמפערישע איינהייטן, פאַלן אריין פון מאָל צו מאָל גרעסערע גרופן פון קעמפער אין די ענגלישע הענט. די צווייטע גרויסע גרופע נאָך די שוני־ארעס־טאַנטן, זענען געווען 24 ארעסטאַנטן פון ביריה. דאָס זענען „הגנה״־חברים. אַ יידישער ישוב אין אַזאַ סטראַטעגישן פונקט, איז נישט געפעלן געוואָרן די ענגלענדער. אין אַ פאַסיקן מאָמענט, ווען די „הגנה״ האָט זיך אָנגעשלאָסן אויף אַ שטיקל צייט אין פרייהייטס־קאַמף, האָבן די ענגלענדער געמאַכט אַ רעוויזיע אויפן אָרט, עס איז געפונען גע־וואָרן געווער און אלע איינוואוינער, וואָס זייער אויפגאַבע איז גע־ווען, היטן דעם פלאַץ און איבונגען — זענען געבראַכט געוואָרן קיין עכו.

31 מענטשן פון אצ״ל זענען ארעסטירט געוואָרן אויף די זאַמדן פון בת־ים צו ערשט געבראַכט, געוואָרן קיין לאַטרון און דערנאָך איבערגעפירט געוואָרן אין ירושלימער טורמע. זיי זענען געווען אויפן וועג צו דער באַזע אין תל־אביב, נאָך אַ נאַכט פון אַקציעס אין דרום פון לאַנד. יידישע ישובים, קיבוצים, אויף וועלכע די „הגנה״ האָט געוועלטיקט, האָבן נישט געקענט דינען אלס באַזע פאַר יידישע פרייהייטס־קעמפער. ווען מען האָט געדאַרפט אויספירן אקציעס אין דערווייטערטע פלעצער פון די גרויסע שטעט און קאָלאָניעס, האָבן די אָנפאַלער געדאַרפט צוריקציען, איינשטעלנדיק זיך, מיט אומוועגן און נישט איינמאָל האָט פאַסירט, אז נאָך אַ געלונגענער אַקציע, נאָך דעם, ווי ס׳איז געלונגען אַראָפּצולאָזן אַ גוטן קלאַפּ אויפן קאָפּ פון פיינט, זענען די קעמפער אריינגעפאלן אין זיינע הענט. ס׳איז זיי נישט געלונגען צוריקצוציען, ווייל די טויערן פון די יידישע ישובים זענען געווען פאַרמאַכט פאַר זיי. גוט עס זאָל פון דעם וויסן דער היסטאָריקער וועלכער וועט קומען שרייבן די געשיכטע פון דעם פרייהייטס־קאַמף. די 31 ארעסטאַנטן פון בת־ים, צווישן זיי טאַלענ־טירטע קאָמאַנדירן, זענען אריינגעפאלן אין די בריטישע הענט זייענ־דיק מיד און אויסגעשעפט, נאָך אַ מאַרש און אקציעס און ווידער אַ מאַרש, וואָס האָט געדויערט ביי אַ 20 שעה.

און נאָך אַ גרופּע איז געבראַכט געוואָרן קיין עכו.

דאָס איז געווען אין איינעם אַ יוני־טאָג 1946, נאָך אַ כוואַליע פון אַקציעס, וועלכע מען האָט אויסגעפירט אין אַ גרויסן פאַרנעם איבערן גאַנצן לאַנד. דאָס זענען געווען די לעצטע טעג פון דער „הגנה״ס אָנטייל נעמען אין קאַמף מיט די ענגלענדער. בריטישע פלי־פּלעצער זענען אַטאַקירט געוואָרן דורך דעם אונטערגרונט, בריקן זענען אויפֿ־געריסן געוואָרן דורך דער „הגנה״ שינעס און באַן־סטאַציעס זענען געפלויגן אין דער לופט...

די אַקציעס זענען געמאַכט געוואָרן מיט אַ קעגנזייטיקן הסכם און צוזאַמענאַרבעט צווישן די דריי באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציעס. טייערע קרבנות זענען געפאַלן. זענען דאָס געווען „הגנה״־חברים, איז די ידיעה געבראַכט געוואָרן אין דער פּרעסע אין אַ שוואַרץ רעמל, און אויב זענען עס געווען אונטערגרונט־מענטשן, איז עס געווען אַ קורץ און לאַקאָניש ידיעהלה. און אין איינעם אַ טאָג פון דעם דאָזיקן יוני האָט פּאַסירט אַ שרעקלעכער אומגליק. 11 מענטשן פון לח״י זענען געהרגעט געוואָרן בעתן צוריקצוג נאָכן אויפרייסן די חיפהער באַן־וואַרשטאַטן און 23 זענען אַריין אין געפענגעניש. אַ טאָג פאַר דעם זענען געהרגעט געוואָרן צוויי „הגנה״־לייט, נאָכן אויפרייסן איינע פון די בריקן. אַ גרויסע לוויה איז געמאַכט געוואָרן די צוויי „הגנה״־לייט. נאָך דעם ארון פון די 11 קעמפער האָבן געשפּאַנט בלויז אַ פּאָר משפּחה־מענטשן. די אונטערגרונט־לייט און די מאַסן סימפּאַ־טיקער האָבן נישט געקענט נאָכגיין זייער ארון. די אינסטיטוציעס האָבן נישט גערופן דעם עולם באַגלייטן די גבורים זייערע, ווי זיי האָבן גערופן באַגלייטן די צוויי הרוגים פון דער „הגנה״.

פּלעבייער זענען מיר געוואָרן אין דעם ישוב! אונדזער בלוט איז קיין בלוט נישט?!

עס דערוועקט זיך ביי דיר דער ווילן צו שרייען געוואַלד, שעלטן און זידלען און מיט שווערער מי קענסטו אין זיך דערשטיקן די ווייטיק און שאַנד. מיט שווערער מי קענסטו פאַרשווייגן די טרויערי־

קע געדאַנקען און ענטפערן אויף דער פראַגע: „פאַר וועמען ביסטו זיך מקריב?!"

און דו ווייסט עס גוט, אַז דו וועסט זיגן, דו מיט דיין קערפּער און מיט דיין קרבן וועסטו באַפרייען דאָס לאַנד פון פרעמדן יאָך, און זיי וועלן געניסן די פרוכט פון נצחון. ווייל דו האָסט נישט קיין אמביציעס צו מאַכט. אויך נאָכן נצחון וועלן הערשן די דאָזיקע וואָס הערשן היינט און ש ט ע ר ן דעם פרייהייטס־קאַמף, גיבן זיך אונטער דעם פיינט און באַדינען אים! און דו ביסט אַ פלעבייער אין זייערע אויגן, אזא ביסטו היינט און אזא וועסטו פאַרבלייבן אויף אייביק.

דיין בלוט — איז ביי זיי נישט קיין בלוט. דיין לעבן — איז נישט קיין לעבן, דייןליידן איז נישט קיין ליידן!

און ווי ביי יעדן זעלישן קריזיס, וואָס פלעג דיך אַרומנעמען נאָך דעם, ווי דו האָסט געזען סאַראַ באַצאָלסט מען באצאָלט דיר פאר דיין קעמפן, ליידן און אָפּפער — אַזוי אויך דאָס מאָל פלעגסטו זיך ענטפערן: „איך ווייס... איך ווייס אלץ... אָבער צי קען איך דען אנדערש? איך קען נישט!..."

נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט מען רייניגעמאַכט אַ גרויסן קאַמער פון אראַבישע ארעסטאַנטן. מיר האָבן געוואוסט, אז די אָנפאַלער פון די באַן־וואַרשטאטן וועלן קומען. אויך דאָס מאָל זענען זיי געקומען נאָך דעם, ווי מיר זענען איינגעשפּאַרט געוואָרן אין אונדזערע צעלעס. אַ גאַנצע צייט זענען מיר געשטאַנען ביי די פענסטער און געוואַרט אויף זייער קומען. צום סוף האָט מען זיי געבראַכט. ביי אַ צוועלף מאַן, מיט צעריסענע קליידער איינגעטונקען אין בלוט, זענען זיי אריינגעקומען אין הויף אריין. זיי זענען געווען פול מיט מוט. ווען מען האָט זיי געפירט צו זייער צעל, האָבן זיי זיך ארומגעקוקט אין די זייטן און געזוכט באַקאַנטע. דערנאָך האָבן זיי דערזען דעם וואַסער־קראַן אין הויף זענען זיי אים „באַפאַלן". פון די יידישע צעלעס האָט מען צו זיי געמאכט מיט די הענט, און זיי האָבן צוריקגעגעבן באַגריסונגען. ווערנט דעם וואַשן און טרינקען האָבן זיי געפרעגט וואו עס זיצן די לח"י־מענטשן. אַ פאר פון זיי האָב איך געקענט. אָט איז חיים אפלבוים, וואָס זיין צונאָמען איז געווען „אלימלך". איך

האָב אים אריינגענומען אין אונדזערע רייען. פון דער ערשטער רגע איז ער מיר געפעלן. ווען כ׳האָב צו אים דאָס ערשטע מאָל גערעדט, דורך אַ פאָרהאַנג, ער זאָל נישט זען מיין פנים, האָב איך אים געפרעגט צי ער האלט זיך פאר אַ שטאַנדהאַפטן מענטש.

— ניין! — האָט חיים מיר געענטפערט, נאָך אַ קווענקלען זיך.

— איך בין נישט קיין שטאַנדהאַפטער. איך בין אַ פחדן. נאָר איך באַמי זיך צו באַהערשן דאָס. איך דענק, אַז פחדנות איז נישט קיין געבורטס־אייגנשאַפט, און מען קען עס באַזיגן. איך וואָלט זיך גע־וואָלט אויספּרובן אין קאַמף...

די תשובה איז מיר געפעלן. עס איז אין דעם געווען אַן אָפנ־האַרציקייט און אַ גרייטקייט. צוריק מיט אַ פּאָר חדשים האָט מיר „דוב" געשריבן אַז „אלימלך" צייכנט זיך אויס אין די שלאַכטן און אַז איך קען מיט אים שטאָלץ זיין.

און אָט איז משה ערמוני. זיין צונאָמען איז „מנשה". נאָך איינער פון די לאַטרון אנטרינער. ער איז פון די צוואָנציק דער צענטער, וואָס פאַלט אריין אין זייערע הענט. צוויי זענען שוין נישט מער ביים לעבן.

כ׳האָב גערופן חיים און משה און זיי האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ צום צעל נומער 11.

— העי! שלום מתי!

— שלום! שלום! ווער איז געפאלן? ! — האָב איך געפרעגט.

— מיר ווייסן נישט גענוי — האָט פונדערווייטנס משה געענט־פערט — אַ פּאָר זענען שווער פארוואונדעט, געפינען זיך אין שפּיטאָל. יהודאי איז געפאלן...

— יהודאי? !

— יאָ! — ענטפערט מען פון ווייטנס. — אויך בועז!

יהודאי... בועז... די נעמען קלאַפּן דיר איבערן קאָפּ. און ווער ווייסט ווער נאָך איז געפאַלן? צוריק מיט אַ חודש האָבן מיר זיך דאָ דערוואוסט, אז יהודאי האָט פאַרלויערן אַן אויג, אין אַ פּרוב אויפ־צורייסן די ראַפינעריעס אין חיפה. דאָס איז נאָך געשען בערך מיט אַ האַלב יאָר צוריק. משה בר־גיורא איז דעמאָלט געהרגעט געוואָרן,

ווען אַ לאַדונג האָט אויפגעריסן ביי אים אין די הענט. יהודאי האָט פאַרלויערן אַן אויג און ס'איז אים טראָץ דעם געלונגען זיך אָפּצו־טראָגן פון דעם דאָזיקן געביט, וואָס איז אזוי גוט באַוואַכט געווען. עמעץ האָט אונדז וועגן דעם געשריבן און צוגעגעבן, אַז ער פאָדערט מען זאָל אים באַטייליקן אין די אַקציעס. נאָך איינער פון די אַנט־לאָפנע פון לאַטרון איז געפאַלן. די „משפחה" ווערט קלענער. אָבער זע! בלויז דריי פון דער גרופּע קענסטו. די איבעריקע — נייע. אַ גרויסע אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן אינדרויסן ווערנט דער צייט...

צו ענדע גייען זיי אַריין אין זייער קאַמער.

די אַראַבער פון שכנותדיקן צעל רופן מיך און פרעגן ווער עס זענען די נייע אַרעסטאַנטן.

— זיי האָבן אויפגעריסן די באַן־ווארשטאַטן אין חיפה — האָב איך זיי דערקלערט. — דאָס זענען שטערניסטן.

— פאַרוואָס זענען זייערע קליידער אויסגעשמירט מיט בלוט?

— האָבן די אַראַבער ווייטער געפרעגט.

— דאָס איז דאָס בלוט פון זייערע חברים. 11 זענען געהרגעט געוואָרן און אַ פּאָר פאַרוואונדעט.

— און זע, ווי זיי זענען לוסטיק! וואַלאַהי גאַבדאַית! (באמת גיבורים) — שרייען די אַראַבער מיט באַגייסטערונג.

נאָך אין דעם אָוונט האָט מען אין אַלע יידישע צעלעס אויפגע־זאַמלט קליידער, טואַלעט זאַכן, שפּילצייג און סיגאַרעטן. מיט דער פאַרמיטלונג פון די פּאָליציאַנטן איז אַלץ איבערגעפירט געוואָרן צו די נייע געפאַנגענע.

אין דיין מוח קלאַפּט די צאָל 11 און ס'עקבערט די שרעקלעכע פראַגע: „ווער איז געפאַלן?" און אָט לאָזט זיך הערן אַ מעכטיק געזאַנג פונעם נייעם קאַמער.

אַ לענגערע צייט בין איך וואַך געלעגן אין דער דאָזיקער נאַכט און געקלערט וועגן די 11. און וועגן דעם געזאַנג פון די פאַרבליבענע, און וועגען דער מלחמה, וואָס שטייט אונדז נאָך פאָר. און וועגן די טויט אורטיילן, וואָס וועלן קומען. און זיי זינגען נאָך?! די הערצער זענען זייער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. ווער ס'איז געפאלן איז געפאלן

און ווער ס׳איז איבערגעבליבן איז איבערגעבליבן און דאָס געזאַנג ציט זיך ווייטער. ווייל די מלחמה ציט זיך. האַרטע הערצער. געפּאַנ־צערטע הערצער. הערצער פון פּרייהייטס־קעמפּער...

אין מוח עקבערט די פראגע: ח׳י האָט עס פּאַסירט? ווי אזוי איז געשען דאָס אומגליק?

*

מיר, די פאַרמשפּטע, טאָרן זיך נישט באַגעגענען מיט אַרעסטאַנטן וועלכע וואַרטן אויף זייער משפּט. אַ ספּעציעלע וואַך איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן ביי זייער צעל, צו היטן מיר זאָלן נישט צוגיין צו זיי. די פאַרהאַלטענע גייען־אַרויס אויפן שפּאַציר אין הויף נאָך דעם, ווי די געמשפּטע געפינען זיך אויף די ארבעטס־פּלעצער. בעת זייער שפּאַציר, האָב איך פאַרלאָזט די בעקעריי און אריין אין בית־הכבוד. מיט אַן אַראַבישן אַרעסטאַנט האָב איך זיי באַפוילן, אַז עמעץ זאָל צו מיר אריינקומען. חיים און משה זענען אריינגעקומען. מיר האָבן קוים באַוויזן אויסצוטוישן אַ פּאָר ווערטער, ווען ס׳איז אריין אַ פּאָליציאַנט מיך רופן. איך האָב בלויז באַוויזן צו דריקן זיי די הענט, און זאָגן זאָלן אָנגרייטן אַ בריוו צו דער צענטראַלע. און זיי האָבן בלויז דאָס מיר געזאָגט, אַז די אַקציע איז אויסגעפירט געוואָרן אין אָרדענונג. אַז דער חורבן אין די וואַרשטאַטן איז אַ געוואַלדיקער, אַז דאָס אומגליק איז געשען, ווייל זיי האָבן צופיל זיך פאַרזוימט אין שטח פון די וואַרשטאַטן און די ענגלענדער האָבן אָנגעגרייט אַ נעץ. און אַז ס׳איז נישט מעגלעך צו וויסן ווער ס׳איז געפאַלן און ווער עס געפינט זיך אין שפּיטאָל, און צו דעם זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס פעלן. אין דער מאַשין זענען זיי געוועזן 41 מאַן. 23 זענען אַרעסטירט צוזאַמען מיט די פאַרוואונדעטע, 11 זענען געהרגעט געוואָרן. זיבן פעלן. לאָמיר האָפן, אַז ס׳איז זיי געלונגען ווי עס איז זיך אַרויסצודרייען. ווען דער פּאָליציאַנט האָט מיך גערופן האָב איך נאָך באַוויזן זיי צו זאָגן זאָלן פאַרלאַנגען מען זאָל זיי שבת אַריינלאָזן דאַוונען. דאָרטן וועלן מיר זיך זען און שמועסן.

כאָטש מיר האָבן זיך געטראָפן נאָך צופעליק איז משך פון דער וואָך, אין בית־הכבוד אָדער ביים טוש, האָבן מיר דאָך די תשובה

אויף דער פראַגע „ווי האָט עס פּאַסירט ?" באַקומען ערשט שבת ביים דאַווענען.

מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין איין קאַמער, זיך באַקענט איינער מיטן צווייטן, געפרעגט וועגן דער לאַגע אינדרויסן, וועגן דעם אָדער יענעם פריינט און צום סוף האָבן מיר געהערט די פּרשה פון דעם איבערפאַל אויף די באַן־וואַרשטאַטן און די פּרשה פון זייער פאַלן.

און אָט, וואָס זיי האָבן אונדז דערציילט:

אַ לאַנגע צייט האָבן מיר צוגעגרייט די אַקציע. דער געביט פון די וואַרשטאַטן איז אַ ריזיקער. ער ציט זיך אויף טויזנטער קוואַדראַט מעטער. דאָס זענען די גרעסטע וואַרשטאַטן אין מיטל־מזרח. דאָס צעשטערן זיי וועט שווער טרעפן דעם קאָמוניקאַציע־אַפּאַראַט פון דער אימפּעריע. און זיי זענען גוט באַוואַכט. לינקס די וואַרשטאַטן, געפינט זיך אַ מיליטערישער פלי־פּלאַץ. אַנטקעגן זיי — מיליטערישע מאַגאַזינען און די ראַפינעריעס. נישט ווייט פון די וואַרשטאַטן געפינט זיך די פּאָליציי־סטאַציע פון קרית־חיים, נעבן איר — אַ מיליטער־קעמפּ פון פּאַנצערס און „ברען־קאַריערס". אויף אַלע די דאָזיקע פּלעצער קאָנצענטרירט זיך מיליטער און פּאָליציי. די וואַך אויף די וואַרשטאַטן אליין איז נישט אזא געהויבענע. בלויז אַ פּאָר צענדליק אראבישע פּאָליציאַנטן. די ענגלענדער האָבן געקלערט, אז אין אזא סביבה, איז דאָס גענוג און מען באדארף נישט קאָנצענטרירן אהין קיין ענגלישע כוחות ווען מען קען זיך באַנוצן מיט „נייטיווס".

עס האָט זיך אָנגעהויבן א פּרשה אָבסערוואַציעס. שטעלט אייך פאָר, וואָס עס הייסט זיך ארומצודרייען אין אזא סביבה און קאָנטראָלירן די לאַגע. די הויפּט אינפאָרמאַציע האָט מען באַקומען פון אונזערס אַ בחור, וואָס האָט געארבעט אין די וואַרשטאַטן. זיין נאָמען איז יעקב אלקלעי. ער אליין האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אקציע און מיר ווייסן נאָך נישט צי ער לעבט אָדער נישט. קען זיין, אז ער געפינט זיך אַ פאַרוואונדעטער אין שפּיטאָל. מיט זיין הילף, האָבן אונדזערע מענטשן, וואָס האָבן קאַנדידירט אָנטיילצונעמען אין דער אַקציע, געקענט אריינקומען אין געביט פון די וואַרשטאַטן. „בועז" איז נאָמע־

נירט געוואָרן אַלס פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַרן אויספֿירן. מיט דער הילף פֿון אַ מאַפּע האָט ער באַשטימט יעדער גרופּע איר אויפֿגאַבע און די אָביעקטן, וועלכע זי דאַרף צעשטערן. די חברים פֿלעגן אַריינ־קומען מיט דער הילף פֿון פֿאַלשע פּעסער, אַלס אַרבעטער, זיך גוט צוגעקוקט, פֿעסטגעשטעלט דעם קורצסטן וועג און דעם קוואַנטום מאַ־טעריאַל, דאָס סאָרט פּעקל, דעם פּאַסיקן פּלאַץ וואו עס אונטערצו־לייגן. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז מיר האָבן זיך באַ־קענט מיטן שטח. כדי צו קאָנטראָלירן די סביבה, פֿלעגן די פּאָזיציע־קאָמאַנדירן און די קאָמאַנדירן פֿון די גרופּן זי אויסשפּירן, פֿון מאָל צו מאָל, פֿאַרקליידעט אַלס זעלנער און פּאָליציאַנטן. דערנאָך האָבן מיר אויסגעפֿונען, אַז פֿאַרנדיק מיט דער באַן חיפֿה־קרית־מוצקין, קען מען גוט זען, וואָס עס טוט זיך אין דער סביבה. כמעט יעדן טאָג פֿלעג עמעץ פֿאָרן און איבערגעבן אַ דין וחשבון. נאָכן פֿעסטשטעלן דעם פּלאַץ איז אונדז קלאָר געוועזן, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק אין דער שנעלקייט. מיר וועלן טאַקע פֿאַרשפּאַרן אַלע שאָסייען, אָבער ס׳איז נישט צום דענקען, אַז אין תּוך 20 מינוטן פֿון דעם ערשטן אויפֿרייס, וועלן די ענגלענדער נישט באַהערשן דעם מכשול. צום סוף איז באַ־שטימט געוואָרן די דאַטע.

די באַזע איז געווען אין קרית־חרושת. אין איינעם אַ הויז האָבן מיר זיך פֿאַרזאַמלט. ביי אַ 50 מאַן זענען מיר געוועזן. צווישן 4 און 6 האָט בועז געגעבן די לעצטע אויפֿקלערונגען. די אַקציע איז געווען גוט באַטראַכט. דאָס האַרץ האָט זיך געפֿרייט. אַזאַ פֿאַרניכטונג איז נאָך נישט געווען זייט דעם אָנפֿאַנג פֿון דער מלחמה. און דאָס וועט געמאַכט ווערן אין דעם אַמשטאַרקסטן באַוואַכטן געביט אין לאַנד. און זיי וועלן צוגעשמידט זיין ביז מיר וועלן זיך אָפּטראָגן. זיי וועלן זען די רויך־קנוילן, די פֿלאַמען, וועלן הערן דעם ווידערקול פֿון די אויפֿרייסן און אונטער זייער נאָז ממש וועט דאָס אַלץ געשען. און זיי וועלן זיך נישט קענען רירן! און אין סאַראַ צייט וועלן מיר דאָס אַלץ מאַכן! אין דער צייט ווען זיי זענען וואַך און פֿאַרזיכטיק! און דער פֿאַקט איז עפּעס ווערט. אויב מיר ווילן זיי איבערצייגן, אַז זיי קענען דאָ נישט הערשן, איז דאָך זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן זיי דערלאַנגען אין דער צייט ווען

זיי זענען פּראַזיכטיק און וואַך, ווען זיי האַלטן, אַז זיי זענען זיכער אין זייערע נאָרעס. ערשט נעכטן האָט מען געריסן בריקן אין דער סביבה. אין אַלע לאַגערן איז אויסגערופן געוואָרן „באַרייטס־צושטאַנד". און אָט טראָץ דעם אַלעמען, וועלן מיר זיי דערלאַנגען!

דער געדאַנק האָט פאַרשטאַרקערט די געוועגלעכע אָנרעגונג, וואָס איז פאַראַן פאַרן ארויסגיין צו אַן אַקציע. „בועז" איז געווען רואיק און זיכער אין זיך. די באַשלאָסנקייט אין זיין קול צעטרייבט ספקות און פּילט־אָן בטחון. ער איז געשטאַנען נעבן דער מאַפּע פון דער סביבה און דערקלערט:

— רינג נומער 1: דער קאָמאַנדיר פון רינג: גדעון. איר גייט ארויף די לעצטע אויף דער ערשטער מאַשין. איר דאַרפט ארונטער־גיין די ערשטע. צו אייער באַזיץ זענען 9 קלעצלעך וועג־מינען. ווען עס וועט זיך דערהערן דער ערשטער אויפרייס, דאַרפט איר אָנציען די קנוילן שטעכל־דראָט, וועלכע דאָס מיליטער האָט איבערגעלאָזט, אויף צו פאַרשטעלן דעם שאָסיי. מיר וועלן זיך באַנוצן מיטן פיינטס מאַטע־ריאַלן. ביים שטעכל־דראָט וועט איר אַוועקלייגן 9 מינעס אין פאָרעם פון אַ שאַך־ברעט. אייער געווער איז: איין מאַשין־געווער, רעוואָלווערן און צוויי האַנט־גראַנאַטן פאַר יעדן מענטש. אייער צעריקצוג וועט זיין דורכן וועלדל פון לינקס, מען האַקט־דורך דאָס פעלד און דעם שאָסיי אין דעם פונקט און מען קומט צוריק צו דער באַזע. ס'איז אַלץ פאַר־שטענדלעך?!

— אַלץ איז פאַרשטענדלעך! — ענטפערן די דריי מאַן פונעם רינג.

— רינג נומער 2... — „בועז" גייט־איבער צו דעם רינג, וואָס וועט פאַרשטעלן אַ צווייטן שאָסיי.

און ווען עס זענען שוין פאַרשטעלט געוואָרן די שאָסייען אויף דער מאַפּע, טרעט צו „בועז" צו די אָנגרייפער. דאָס אָרט פון דער מאַפּע, וואָס באַצייכנט די סביבה, פאַרנעמט די מאַפּע פון די באַן־ווארשטאטן.

און ווידער:

— דורכרייסער־רינג נומער 1 ...

און דערנאָך:

— שעדיקער־רינג ...

דאָ צעטיילט „בועז" מיט אַ ברייטער האַנט ריזיקע „ליוּוערס", וואָס דינען אויפצוהייבן לאָקאָמאָטיוון, שלאָסער־וואַרשטאַטן, סטאָלער־וואַרשטאַטן, לאָקאָמאָטיוון און וואַגאָנען. יעדער רינג „באַקומט" זיינע אָביעקטן. יעדער רינג די געהעריקע זאַפּאַסן, וואָס זענען פון פאַרויס אַנגעגרייט און צוגעפּאַסט צו יעדן אָביעקט. יעדעס פּעקל האָט אַן אַדרעס: „לאָקאָמאָטיוו" „ליוּוער" „לאָקאָמאָטיוון־בריק". און דאָס פּעקל איז איבערגעגעבן אין די הענט פון א געטרייען בריוו־טרעגער וועלכער וועט עס צושטעלן אויף דעם געהעריקן אַדרעס...

און צום סוף דער דעקונגס־רינג. זיי דאַרפן פאַרזיכערן דעם ריקצוג־וועג.

און „בועז" פאַרענדיקט: „אין פאַל ווען איך וועל פאַלן, נעמט־איבער עוזי די קאָמאַנדע. נאָך אים: אורי. נאָך אים: אלימלך..."

ווען דאָס אויפקלערן האָט זיך פאַרענדיקט איז נאָך פאַרבליבן צייט. בלויז אַ זייגער 8 וועט זיך אָנהייבן דער אָנגריף. ווען ס'וועט טונקל ווערן אינדרויסן..."

און בעת דו הערסט זיך איין אין דער מעשה לעבסטו זי מיט. דו פילסט זיך איינער פון די באַטייליקטע. דו ווייסט וואָס עס קומט פאָר ביי יעדן איינעם אין האַרצן אין דער צייט פון בין־השמשות ווען מען וואַרט אין א פינסטער צימער (מען טאָר נישט אָנצינדן קיין ליכט, נישט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די איינוואוינער), אויפן ארויסגאנגס־צייכן. דו ווייסט, אז אין יעדנס מוח עקבערט די פראגע: „ווער פון די, וואָס געפינען זיך דאָ, לעבעדיק, וועלן נישט צוריקקומען?" דאָס איז די פראגע, וואָס עקבערט אין מוח פאַר יעדן ארויסגאנג צו אן אקציע. נאָך אין א שעה ארום... נאָך אין א האלבער שעה... מען זאָל שוין אַרויסגיין... מען זאָל שוין ענדיקן... עס זאָל שוין זיין מאָרגן!...

און די חברה דערציילן ווייטער:

„א זייגער 7.30 זענען אויפגעשטיגן אויף דער מאשין די שאָסייען־פארשטעלער. נאָך א פערטל שעה זענען מיר אויך אויפגעשטיגן. לויט דער באשטימטער אָרדענונג: ווער עס דארף ארונטער דער ערשטער שטייגט־אויף דער לעצטער. ביים איינגאנג פון מאשין זענען געזעסן „אורי" און „עוזי", אין אוניפאָרם פון פאָליציי־אָפיצערן. נאָך זיי די דורכרייסער, און אין סוף פון דער מאשין דער דעקונגס־רינג און די שעדיקער. די מאשין האָט גערירט. א פערטל שעה רייזע. מיר האָבן פארהאלטן אין א שטרעקע פון א פאָר צענדליק מעטער פארן טויער. די צוויי „פאָליציי־אָפיצערן" זענען אַרונטער און מיט זיכערע טריט זיך דערנענטערט צום טויער. ביים טויער זענען געשטאנען דריי אראבישע שומרים. די שומרים האָבן נישט חושד געווען די צוויי „אָפיצערן", זיי האָבן געפרעגט: "Who comes there?" (ווער דער־נענטערט זיך?). און נאָך דעם, וואָס זיי האָבן געענטפערט לויט דעם פּאַראָל: "Friends!" (פריינט), האָט מען זיי דערלויבט צו דערנענטערן זיך. שטייענדיק נעבן די שומרים האָבן די צוויי אָפיצערן ארויסגעצויגן פלוצים זייערע רעוואָלווערן און באפוילן די אראבער אויפצוהייבן די הענט. די אראבער האָבן געפאָלגט. נאָך אין דער רגע האָט זיך א שיט געטאָן א האָגל קוילן פון א וואַגאָן, וואָס איז געשטאנען אנטקעגן דעם טויער וואו עס זענען געווען אַ פּאָר אַראַבישע שומרים און צוגעזען, וואָס עס פּאַסירט ביים טויער. איצט טאָר מען שוין נישט פאַרלירן קיין צייט! די דורכרייסער זענען שנעל ארונטער פון דער מאשין, פארכאפּט פּאָזיציעס און געעפנט פייער אויפן וואַגאָן. דאָס אראבישע שיסעריי האָט אויפגעהערט און מען האָט זיי געזען אַנטלויפן. אורי האָט אָנגעבונדן א לאדונג פון ט.נ.ט. צום שלאָס פון טויער, אָנגעצונדן, זיך צוריקגעצויגן און נאָך א סעקונדע האָט זיך דערהערט אן אויפ־רייס. דער טויער איז דורכגעריסן.

— פּאָרויס! — האָט „בועז'ס" קול געדונערט.

די דורכרייסער זענען געלאָפן די ערשטע. ווידער האָט מען אויף אונדז געעפנט א פייער. עמעץ איז געפאַלן. דאָס איז „פּתחיה".

— ער האָט מיר געטראָפן! הרגעט אים! — האָט „פּתחיה" געשריגן פֿאַלנדיק.

— אין אָרדענונג — האָט אריה אים געענטפערט און האָט א שטורעם געטאָן אנטקעגן דער פּאָזיציע, פון וואו עס קומט דאָס פייער. ער האָט געמאכט א פּאָר שׂריט און... איז געפאלן צו דער ערד א פארוואונדעטער.

איצט האָט מען ארייַנגעוואָרפן א בינטל האנט־גראנאטן אין דעם וואַגאָן פון וואו מען האָט אַרויסגעשאָסן. דאָס פייער פון וואַגאָן האָט אויפגעהערט און מען האָט געזען א פּאָר אראבישע שומרים מאכן פּיס. דאָס איז געווען די לעצטע ווידערשטאנדס־ליניע. מיר האָבן באהערשט דעם גאַנצן שטח פון די וואַרשטאַטן. די שעדיקער האָבן אין אויגן־בליק זיך אַרייַנגעריסן מיט זייערע לאַדונגען און נאָך אַ פּאַרהאלטונגסמעסיקע שטילקייט האָט זיך דערהערט דאָס דונערן פון די אויפרייסן. פלאַמען און רויך־קנוילן האָבן זיך אויפגעהויבן צום הימל. פון נאָענט און פון ווייט האָבן זיך געהערט די אויפרייסן. יעדעס מאָל פון אַן אנדער ריכטונג האָט זיך געהערט דער ווידערקול פון דונער. אמאָל אַן איינצעלנער אויפרייס, און אַמאָל דריי־פיר איינער נאָכן צווייטן. צופיל זעלבסטזיכערקייט האָבן מיר געהאט. מיר האָבן זיך גוט געפילט דאָרט. מען האָט כלל נישט געוואָלט פארלאָזן. די צייט איז שנעל פאַרביי. בלויז „בועז" איז געשטאַנען מיטן זייגער אין דער האַנט און זיך דענערווירט. עס זענען פאַרביי 20 מינוט, א האלבע שעה, און עס האָבן זיך נאָך אַלץ געהערט אויפרייסן. פון די לאַגערן פון דער סביבה האָט מען געשאָסן ווייסע ראַקעטן צו באַלויכטן די אומגעבונג, רויטע — אלארמירן הילף. דעם צייכן פאר צוריקצוג, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך „בועזן", האָט מען נישט באַלד געהערט איבערן גאַנצן שטח. 40 מינוט האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן דאָרטן אַנשטאָט 20. ווען מיר האָבן זיך צענויפגעזאַמלט ביי דער ריקצוג־עפנונג, וועלכע איז אויפגעריסן געוואָרן אין פלויט מיט דער הילף פון אויפרייס־מאטעריאל, כדי מיר זאָלן נישט צוריקציען מיט דעם וועג, מיט וועלכן מיר זענען געקומען, איז פאָרגעקומען די ערשטע ציילונג.

צוויי פעלן: „פתחיה" (חיים ריבנבאַך) און „אריה" (שמואל צוקער־מאַן). „בועז" באַפעלט פינף מאַן צו ברענגען זיי, אָבער אין דער רגע דערהערן זיך אויפרייסן פון דער זייט פון פאַרשפּאַרטן שאָסיי. די ענגלענדער רייסן שוין אויף די מינעס! אויב מיר וועלן דאָ בלייבן — וועלן מיר אַלע פאַלן. עס איז נישט מעגלעך צו נעמען די פאַרוואונ־דעטע! דער שאָסיי איז שוין אוודאי פאַרשפּאַרט. פראָזשעקטאָרן זוכן אונדז איבער דער גאַנצער סביבה. עס איז שווער זיך צו פּאַסן מיטן געדאַנק, אַז די צוויי בלייבן איבער... אומזיסט וועט וואַרטן אויף „פּתחיהן" זיין ווייב און דאָס ערשט נישט לאַנג געבוירענע קינד. און ער האָט זיי אַזוי ליב געהאַט. און „אריה" איז אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן. אַ סטודענט אין טעכניקום. האַלט ביים ענדיקן אויף בוי־אינזשיניער. זיי בלייבן... פאָרויס! אויב מיר וועלן זיך נישט איילן וועלן מיר אַלע געהרגעט ווערן!

מיר האָבן אָנגעהויבן צוריקציִען. פון מאָל צו מאָל האָבן מיר זיך אויסגעשטרעקט אויף ד׳ערד, ווייל די פראָזשעקטאָרן האָבן באַלויכטן די געגנט. אויב וועט אונדז געלונגען דורכצוהאַקן דעם שאָסיי, זענען מיר דעם שווערסטן טייל אַריבער. ביים שאָסיי האָבן מיר פאַרנעמען פּאָזיציעס אין וועלדל, ווייל מיר האָבן דערהערט אַ געררויש פון טאַנק־קייטן. ער איז פאַרביי נישט באַמערקנדיק אונדז. דעם שאָסיי זענען מיר אַריבער מיט הצלחה. מיר זענען צוגעקומען ביז צו אַ יידישן דאָרף. מיט אונדז זענען געווען אַ צאָל פאַרוואונדעטע. זיי האָבן פאַר־לוירן בלוט און ס׳איז געווען אַ סכנה זיי מיט אונדז צו שלעפּן. זיי האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי נישט איבערלאָזן, אָבער „בועז" האָט באַפוילן זיי אַריינצוטראָגן אין די יידישע הייזער. ער אַליין האָט אויף זיינע הענט געטראָגן „אברהמ׳ן". „אברהם" האָט זיך געבעטן מען זאָל אים נישט איבערלאָזן, ווייל אינדערפרי וועט מען מאַכן רעוויזיעס און מען וועט אים געפינען, אָבער עס איז קלאָר געווען, אַז ס׳איז ליבער איינצושטעלן אַרעסט, איידער דאָס לעבן. „בועז" האָט אים געטרייסט: „וועסט זען, מיר וועלן זיך נאָך זען. אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. מען וועט דיך נישט געפינען..." און „בועז" האָט נישט

געטראכט, אז זיי וועלן טאקע נישט געפינען „אברהמ׳ען״, אָבער זען וועלן זיי זיך נישט, ווייל ער „בועז״ וועט אין א פּאָר מינוט ארום פאלן... נאָכן איינאָרדנען די פארוואונדעטע, זענען מיר אָנגעקומען צו דער מאַשין, וואָס האָט אויף אונדז געוואַרט. דאָ איז געמאַכט געוואָרן דער טעות. מיר האָבן באדארפט פארשטיין, אז די ענגלענדער האָבן געגנוג צייט געהאַט פארשטעלן די שאָסייען און אנגרייטן א נעץ. עס איז אוודאי מער ווי זיכער אויב וואָלטן מיר צוריקגעצויגן צופוס, וואָלט אלץ אדורך בשלום. אמהעכסטנס וואָלטן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף א פּאַטרול אין פעלד און... מיר וואָלטן מיט אים פארענדיקט. אָבער מיר האָבן זיך געאיילט. מיר זענען ארויף אויף דער מאשין, וואָס איז געשטאַנען קאמאָפלאַזשירט אין שאָטן פון דיביימער. זיצנדיק אין דער מאַשין האָבן מיר זיך געדרוקט די הענט אַרומגעאָרעמט זיך און געקושט, דענקנדיק, אז עס קען אונדז שוין גאָרנישט פּאַסירן. עס איז טאַקע נאָך פאראן מיליטער־לאגערן אויפן וועג, אָבער זיי זענען נישט קיין סכנה. אמהעכסטנס וועלן זיי אויפן וועג אוועקשטעלן פּאטרולן און מיט זיי וועלן מיר זיך מסדר זיין...

מיר זענען א פּאָר מינוט געפאָרן. אין דער פלאנדעקע האָבן מיר געמאַכט לעכער ארויסצוקוקן אינדרויסן ארויס. פלוצים האָט „בועז״ וועלכער איז געזעסן ביים שאָפער געמאָלדן: „אַכטונג!״ האָבן מיר געוואוסט, אז מיר פאָרן פארביי א מיליטערישע בעקעריי און עס קען זיין, אז עס שטייט דאָרט א פּאטרול. מיר האָבן געגרייט דאָס געווער. מיר האָבן געהערט, אז מען באפעלט דעם שאָפער איינצוהאַלטן. ער האָט פארלאנגזאמט און פלוצים געגעבן גאַז. מיר זענען פארביי דעם פּאַטרול און אויסגעשאָסן א סאלווע קוילן צו די צוויי זעלנער וועלכע האָבן זיך געאיילט צו פאַרשטעקן. אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום האָט מען אויף אונדז געעפנט א מערדערלעך פייער. די מאַשין האָט פארקערע־וועט לינקס און פלוצים: אַ צוזאַמענשטויס! די מאַשין האָט זיך אָנגעשטויסן מיט טאנקן וועלכע האָבן פארשפארט דעם שאָסיי. שיסע־רייען אויף טויב צו ווערן. פון דער נאָענט שיסט מען אויף אונדז. א טייל פון אונדז, די וועלכע זענען געזעסן ביי די זייטן האָבן

געענטפערט פייער. אָבער דאָס אַלץ האָט געדויערט בלויז א רגע. עס האָבן זיך דערהערט קרעכצן.

— שפּרינגען! — האָט זיך דערהערט „בוצוס" קול.

די וועלכע זענען געזעסן ביי דער טיר זענען געשפּרונגען פון דער מאַשין. די וועלכע זענען געווען אינעווייניק האָבן זיך נישט געקענט רירן. זיי האָבן געפּרובט זיך דערנענטערן צו דער טיר, אָבער עס איז אוממעגלעך געווען. קערפּער פון געהרגעטע און פאַרוואונדעטע האָבן פאַרשטעלט דעם וועג. א וואונדער איז, אַז עמעץ פון אונדז איז נאָך לעבן געבליבן. די מאַשין האָט זיך אָנגעפּילט מיט בלוט אין דער הויך פון א פּאָר סענטימעטער. עס איז גאָר נישט מעגלעך צו זען און וויסן ווער ס'איז פאַרוואונדעט, ווער איז געהרגעט, און ווער גוססעט. וועמען ס'איז געלונגען צו שפּרינגען פון דער מאַשין האָט זיך געזוכט א שוץ אין ראָוו אָדער צווישן די מאַשין רעדער. אַנדערע האָבן פאַרזוכט זיך אָפּצוטראָגן און זיך פונאַנדערשפּרייטן אין פעלד. אָן ערבוביה... דאָס שיסעריי האָט אָנגעהאַלטן נאָך א לענגערע צייט און צום סוף איינגעשטעלט זיך.

די ענגלענדער האָבן זיך פאָרזיכטיק דערנענטערט. אַלץ איז פול בלוט. מענטשן גוססען. פון א ווינקל הערט זיך דאָס געזאַנג „אומבאַקאַנטע זעלנער". עמעץ גוססעט מיט דער הימנע אויף זיינע ליפּן. צווישן די 5 מיידלעך, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַקציע — זענען דריי שווער פאַרוואונדעט. ווען מען האָט אָפּגעטיילט אונדז פון די געהרגעטע און פאַרוואונדעטע, האָבן מיר „ניליי'ן" נישט געזען. זי האָט זיך באַטייליקט אין דער אַקציע און אין די צייטונגען איז נישט דערמאָנט געוואָרן, אַז א מיידל איז אויך געהרגעט געוואָרן. זי, ווייזט־אויס, האָט מצליח געווען זיך אויסצודרייען פון זייערע הענט. א שד איז דאָס דאָזיקע מיידל! שטענדיק דרייט זי זיך צווישן זייערע פינגער און קיינמאָל געלונגט זיי נישט זי צו כאַפּן!

נאָך דעם, ווי מען האָט אונדז צעשיידט — האָט זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע פּראָצעדור. אין משך פון צוויי שעה האָט מען אונדז געהאַלטן אין א צימער מיטן פּנים צו דער וואַנט און מיט אויפגעהוי־

בענע הענט. פונעם נאָענטן צימער האָבן מיר געהערט קרעכצן. דאָרט זענען געלעגן די פאַרוואונדעטע. און צום סוף האָט מען אונדז גענומען קיין קרית־חיים אויף דער פּאָליציי. זיי האָבן געוואָלט ביי אונדז עדות נעמען, אָבער שנעל זיך אנטוישט. אלע כמעט האָבן מיר געענטפערט, די זעלבע תשובות. אדרעס? — „ארץ ישראל". פאַך? — „פרייהייטס־קעמפער". בלויז אַ טייל פון אונדז האָבן אָנגעגעבן דעם ריכטיקן נאָמען כדי די נעמען זאָל מען פאַרעפנטלעכן אין דער פרעסע, אַז די עלטערן זאָלן זיך בארואיקן, זאָלן וויסן, אז זייער זון איז לעבן געבליבן. אינ־דערפרי האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין חיפה און אין אָוונט אהער. ווען מיר האָבן דעם ערשטן אָוונט געזונגען — האָבן די ענגלענ־דער אויף אונדז געקוקט ווי אויף משוגענע. אונדזער געזאַנג האָט זיי גערייצט די נערוון. זיי האָבן זיך געוואָלט זען זיגער און אונדז געשלאָגענע און דערנידעריקטע. דאָס געזאַנג האָט זיי דענערווירט. דאָס האָט ביי זיי צוגענומען דעם טעם פון נצחון..."

די מעשה האָט זיך געענדיקט ווייל דאָס דאַווענען האָט זיך פאַר־ענדיקט. דוד המאירי איז געווען דער חזן און מיט אַ ציטערדיקן קול האָט ער געזונגען דעם „אל מלא רחמים", פאר די 11 קעמפער, וואָס זענען געפאלן. אַ שטילשווייגן האָט געהערשט אין צימער. עפעס שטיקט אין האַלדז. מען דאַרף אַראָפּשלינגען נישט לאָזנדיק קיין טרערן, נישט וויינען. דער קערפּער דאַרף נישט וויינען. גענוג ווען די נשמה וויינט...

ו.

מיטן קומען פון די וואַרשטאַטן־איבערפאלער האָט זיך אונדזער לאַגע געענצלעך געענדערט. אונדזער פּלאַן פון אַנטלויפן גייט אַראָפּ פון טאָג־אָרדנונג. עס איז נישט מער קיין פּראָבלעם פון 5—6 מאַן. איצט זענען מיר שוין 24. ווייל עס וועלן דאָך סוף סוף די פאַרוואונדעטע פון שפּיטאָל אויך קומען. און עס איז נישט קיין ספק, אז די בחור'ים שטייען פאַר אַ טויט־אורטייל. מען דאַרף מאַכן וואָס נאָר מעגלעך זיי צו באַפרייען. די ערשטע פראַגן זייערע זענען געווען: „עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויף ארויס פונדאַנען?" „צי האָט איר געוויסע פּלענער אויף צו אנטלויפן?" און אויף די דאָזיקע פראַגן האָבן מיר נישט גע־

קענט ענטפערן מיט אַ פּאָזיטיוו, ווייל בלויז צוויי מעגלעכקייטן זענען פֿאַראַן פֿאַר אַ מאַסן אַנטלויפֿן. איינע איז, אַ געוואַגטער איבערפֿאַל פֿון דרויסן. אויף דעם דאַרף קומען אַ באַשטעטיקונג פֿון דער צענ־טראַלע. די הויפּט אַרבעט אין דעם פֿאַל ליגט אויף זיי. די צווייטע מעגלעכ־קייט: אַ טונעל. אָבער גראָבן אַ טונעל איז מעגלעך בלויז ווען מען זיצט אין אַ שטאַבילן קאַמער. עס איז אויך קיין ספק נישט, אַז דאָס גראָבן פֿון טונעל וועט דויערן מער ווי צוויי חדשים, און ס׳איז נישט אָנצונעמען, אַז דער משפּט זייערער זאָל אָפּגעשטופּט ווערן מער ווי אויף צוויי חדשים.

אויך פֿון דער צענטראַלע פֿרעגט מען: „וואָס שלאָגט איר פֿאָר פֿאַר אייער באַפֿרייען?״ אלס ענטפֿער אויף דער פֿראַגע — האָבן מיר זיי דערקלערט די לאַגע אַזוי ווי זי איז. אין אַ וואָך אַרום מעלדעט מען אונדז פֿון דער צענטראַלע: „ברייט־פֿאָר פּלענער. מיר זענען גרייט צו אַטאַקירן די פֿעסטונג. מיר וואַרטן אויף אייערע פּראָיעקטן!״

און אין דער דאָזיקער תּקופֿה, מיט אַ קאָלעקטיווער אָנשטרענ־גונג, איז געבויערן געוואָרן דער פּלאַן פֿאַר דורכברעכן די עכו־טורמע. שוין העכער צוויי יאָר ווי איך לעב פֿון פּלאַן צו פּלאַן, פֿון איין עק־ספּערימענט צום צווייטן, אָבער דאָסמאָל האָב איך געוווּסט, אַז דער פּלאַן — וועט אויסגעפֿירט ווערן.

דער פּלאַן איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער צענטראַלע און נאָך אַ שטיקל צייט איז אָנגעקומען די מעלדונג, אַז דער פּלאַן איז באַ־שטעטיקט געוואָרן און באַלד וועט מען אָנהייבן די אָבסערוואַציעס און צוגרייטן דעם פּלאַן פֿון ריקצוג.

אָבער דערווייל פֿאַרגייט די צייט. עס איז שוין נישט אָנצונעמען, אַז עס וועט געלונגען אויסצופֿירן די אַקציע פֿאַרן משפּט. און דעם משפּט דאַרף מען פֿאַרבערייטן. מען דאַרף באַשליסן ווי די בחורים זאָלן זיך אויפֿפֿירן אויפֿן משפּט. ווי זאָלן זיי דערשיינען פֿאַרן משפּט? ווידער רעדעס? עס איז דאָך לעכערלעך צו קומען יעדעס מאָל מיט די זעלבע רייד פֿאַר די ריכטער און פֿאַרן עולם. אָט איצט קומט־פֿאָר דער משפּט פֿון די 31 פֿון בת־ים. אויך זיי האָבן געהאַלטן רעדעס און אָפּ־געגעבן דערקלערונגען. דאָס מאָל האָבן די ריכטער פֿאַרזוכט זיי איינ־

צושטילן און אפילו זיך באַניצט מיט כוח. ווי לאַנג וועלן מיר רעדן צו זיי? ניין. עס האָט קיין טעם נישט! עס זענען געווען פאַרשידענע פּראָיעקטן. מען האָט זיי איבערגעפירט אינדרויסן ארויס און צום סוף איז אָנגעקומען די אָנווייזונג פון דער צענטראַלע... „צווינגען זיי צו פירן דעם משפט אָן אייער אָנוועזנהייט! זינגען געמיינזאַם און נישט דערמעגלעכן צו פירן דעם משפט!" אין אָנפאַנג, פאַרשטייט זיך, וועט קומען אַ קורצע דערקלערונג פון אַ פּאָר זאַצן און דערנאָך — געזאַנג...

*

דאָס קומען נייע יידישע אַרעסטאַנטן האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף מיסטער גראַנט. ער האָט געוואוסט, אז דער פּרעסטיזש זיינער איז אין סכנה. שלעכט וועט זיין לאַגע זיין הויפּטזעכלעך, אויב עס וועט אָנהאַלטן די פריינטשאַפט צווישן אונדז און די אַראַבישע אַרעס־טאַנטן. און אין דער דאָזיקער תקופה האָט זיך געשאַפן אַ פריינטשאפט. מיר ארבעטן צוזאמען, שפּאצירן צוזאַמען. אַ סך יידישע ארעסטאַנטן לערנען פאַרשידענע אראבער שפּראַכן און חשבון, אַמאָל מישן מיר זיך אריין אין זייערע ענינים און מאַכן שלום צווישן די קעגנער, מען פירט מיט זיי אָן און מען אָרגאַניזירט זיי. „דאָס איז נישט גוט" — טראַכט זיך, ווייזט־אויס, מיסטער גראַנט. — „מען דאַרף צו דעם מאַכן אַן ענדע". און מיט דער הילף פון זיינע אָפיצערן האָבן זיך אַנגעהויבן די אינטריגעס. און צום סוף ברענגט עס פרוכט. צווישן די אַראַבער פירט זיך אַ העצע. „הרגענען אלע יידן אין טורמע!"

פלוצים איז געקומען אַן איבערפאַל אויף אונדז. און דאָס האָט אזוי פּאַסירט: אין די פרימאָרגן־שעה ווען אַלע אַרעסטאַנטן געפונען זיך ביי דער ארבעט און בלויז די פאַרהאַלטענע שפּאַצירן אין הויף און עס קומט־פאָר דאָס ריייניקן די צעלעס אין הויף, איז צוגעגאַנגען אַ יידי־שער אַרעסטאַנט צום קראַן אָנפילן אַן עמער וואַסער. איין אַראַבער שטופּט זיך און האָט געוואָלט אָנפילן דעם עמער נישט אין דער ריי. דער ייד האָט אים וועגן דעם אויפמערקזאַם געמאַכט. דער ענטפער איז געווען אַ פּאַטש. דאָס איז געווען דער צייכן. אין דער רגע זענען די אראבער ארויס פון בעקעריי, פון זייער קיך, פון די צעלעס, פון יעדן

אָרט, ווי פון אונטער דער ערד זענען ארויס הונדערטער אראַבער באַ־וואָפנטע מיט מעסערס, אייזענעס, שטאַבעס, האָלץ־בעלקעס און מיט פאַרשידענע אַרבעטס־כּלים. די צאָל יידן אין הויף איז געווען אַ קליינע. יעדער איינער פון זיי האָט זיך פּלוצים געפונען אַרומגערינגלט פון אַ צעווילדעוועטן המון...

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די מהומה בין איך געלעגן אין אַ צעל און רואיק געלייענט. שמעון עמראַני איז געקומען צולויפן מיט אַ געשריי: „מען באַפאַלט אונדז!...״ איך בין ארויס אינדרויסן. כ׳האָב געמיינט, אַז עס איז אַ קליין געשלעג, און איך וועל קענען איינשטילן די געמיטער. ווען איך האָב געזען וואָס עס טוט זיך אין הויף, האָב איך נישט געקענט זיך נישט דערמאָנען אין די סצענעס, וואָס מען זעט אין סינימאַ, אין די פילמען וועגן דעם פראַנצויזישן פרעמדן לע־גיאָן, וועגן בענגאַל אָדער די מדבר מלחמות. סאַראַ ווילדקייט! סאַראַ מישמאַש! אָט לאָזן זיי זיך צו אונדזערע צעלעס!

— נעם עפּעס אין האַנט! — האָב איך געשריגן צו שמעונ׳ען און מיר זענען צוריק געלאָפן אין צעל אַריין.

— זיי דערנענטערן זיך! האָט שמעון געשריגן — שנעל!

שמעון האָט געכאַפּט דעם בעזעם און איך דעם ערדענעם קרוג. מיר זענען ארויס. ביי אַ 40 אַראַבער זענען אין דעם טייל נאָכגעלאָפן אַ יידישן אַרעסטאַנט וועלכער איז אונדז אַנטקעגנגעלאָפן.

— מתי! זיי וועלן אים הרגענען! קום! — האָט שמעון, געשריגן און געלאָפן מיטן בעזעם, וואָס האָט לעכערלעך אויסגעזען אין פאַר־גלייך מיט די האָלץ־בעלקעס, מיט די מעסערס און די אייזן־שטאַבעס, וואָס די אַראַבער האָבן געהאַלטן. מיר זענען אַנטקעגנגעלאָפן דעם צעווילדעוועטן המון. דער געיאָגטער איז געווען אַ קרימינעלער אַרעס־טאַנט, אַ וואַפנלאָזער. מען האָט אים נאָכגעוואָרפן אַ פעסל, אַ שטיק האָלץ איז פאַרביי מיין קאָפּ, אויף שמעונ׳ען האָט מען אַרונטערגע־לאָזט אַן אייזערנע בלעך מיט וועלכער מען באַניצט זיך אַרויסצו־שאַרן ברויט פון אויוון. וואָלט דער אַראַבער אים געטראָפן וואָלט ער אים אוודאי צעהאַקט אויף צווייען! דאָס האָלצערנע הענטל האָט זיך

אָפּגעבראָכן פונעם שטאַרקן זעץ, וואָס האָט געטראָפן אין דער ערד נעבן שמוענ׳עו.

דאָס אַלץ, האָט געדויערט אַ פּאָר סעקונדן. די אויפמערקזאַמ־קייט פון די אַנפאַלער האָט זיך געווענדעט צו אונדז. צו שמעונ׳ען און צו מיר.

— אָט איז דער ראש פון די יידן! הרגעט אים! — האָט זיך גע־הערט געשרייען פון המון. דער גאַנצער שטורעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז.

— צוריק אין צימער! — האָב איך געשריגן צו שמעונ׳ען. — היט זיך מען זאָל אונדז נישט ארומרינגלען! מיט דעם רוקן צו דער וואַנט!

— גיב אַכטונג! מען קומט פון דער זייט! — שרייט שמעון.

אין אלע טיילן פון הויף האָבן זיך געפירט אַזעלכע געשלעגן. שמעון און איך זענען מיר קוים צו צו דער טיר פון צעל, און דער המון דריקט אונדז.

— יעקב! — האָבן מיר געשריגן צום ארסטאַנט וועלכן מיר זע־נען ארויס ראַטעווען — צום צימער 21! שנעל!

מיר האָבן אים נישט געוואָלט איבערלאָזן אליין אינדרויסן, אָבער נאָך אַביסל וועלן מיר צעדריקט ווערן פונעם המון אויב מיר וועלן בלייבן היטן דעם איינגאַנג. שטאַבעס, אייזענעס, בעלקעס טעלער שליידערט מען אונדז מיט אַ ריזיקער קראַפט און אַ נס, אַז זיי טרעפן אונדז נישט. די אראבער וואַגן נישט זיך צו דערנענטערן, אָבער אין אַ דיסטאַנס פון דריי־פיר מעטער וואַרפן זיי אונדז, וואָס עס קומט זיי אין האַנט אריין. יעקב לויפט איינגעבויגן פאַרשטעלנדיק מיט די הענט דעם קאָפ און זעט נישט, ווייזט־אויס, וואו אריינצולויפן. שמעון האָט אים אריינגעשלעפט ביים ארבל און מיר זענען אריין אין צימער. שנעל האָבן מיר פאַרמאַכט די האָלץ־טיר און איצט האָט דער המון געשטורעמט די טיר. מיט די רוקנס האָבן מיר אונטערגעשפאַרט די טיר. יעקב איז געווען אַ גאנצער און האָט אויך צוגעלייגט אן אקסל די אראבער קלאפן מיט בעלקעס אויף דער טיר, נאָך אביסל וועט מען זי צעברעכן. דער רעש און דער גערודער אינדרויסן איז

ריזיק. מען הערט פייפעריי פון פּאָליציי, געשרייען, און רופן. ווייזט־
אויס, אַז אויך די איבעריקע ארעסטאַנטן האָבן זיך באַפּעסטיקט אין
זייערע צעלעס. אַן אַנדער שטראָם פון פּאָגראָמטשיקעס האָבן גע־
שטורעמט זייערע צעלעס. דורכן פענסטער ווארפט מען אונדז ט. ער,
טעפּלעך, פּרימוסן, אייזענעס — נאָר זיי קענען אונדז נישט טרעפן,
ווייל אַ זייל פאַרשטעלט אונדז. מיט די לעצטע כוחות האַלטן מיר
די טיר. די אראבער פּרובן אויך אויפרייסן דאָס פענסטער. מיט כוח
ווילן זיי אויפרייסן די קראַטעס...

צום סוף איז געקומען אַ פאַרשטערקערונג פון פּאָליציי. דרייסיק
פּאָליציאַנטן זענען אריין אין הויף און האָבן אָנגעהויבן ארייַנטרייבן
די אראבער אין זייערע צעלעס אריין. דער אָנגריף האָט אויפגע־
הערט. די אראבער זענען אנטלאָפן יעדער אין זיין צעל. די צעלעס
זענען פאַרמאַכט געוואָרן. אויך אונדזערע צעלעס זענען געשלאָסן.

דורכן הינטערשטן פענסטער פאַרבינדן מיר זיך מיט די איבע־
ריקע צעלעס און עס ווייזט זיך ארויס, אַז עס איז נישטאָ קיין שווער
פארוואונדעטע. אַ דריי־פיר, מענטשן פארוואונדעט אין קאָפּ. אַנדערע
זענען פאַרוואונדעט נישט אויף אַן ערנסטן אופן. עמעץ האָט באַ־
קומען אַ קלאַפּ אין די ריפּן, אַן אנדערער אַ קלאַפּ אין פוס פון אַ
שטיק האָלץ... דאָס אינטערעסאַנטע, אַז צווישן די אראבער זענען
אויך פאַראַן פאַרוואונדעטע. זיי זענען פאַרוואונדעט געוואָרן נעבן
דער יידישער קיך.

נאָך דעם זעלבן טאג, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז לויט דער
מיינונג פון די אראבער בין איך שולדיק אין געשלעג און אַז איך
בין דער העצער. זיי האָבן זיך דערוואוסט פון מיסטער גראַנט, אַז
איך האָב געפאָדערט, כביכול, אייַנצואָרדנען אין טורמע באַזונדערע
קראַנקן פאַר יידן און אראבער, ווייל עס פּאַסט זיך אונדז נישט צו
באַגעגענען מיט זיי. דאָס האָט זיי אויפגערעגט און פאַראורזאַכט דאָס
געשלעג. קלאָר, אַז דאָס איז געווען אַ ליגן. דאָס איז געווען איינע
פון מיסטער גראַנטס אינטריגעס. ער האָט עס דערציילט אַן אראַ־
בישן ארעסטאַנט. דאָס מאָל האָט ער מצליח געווען.

נאָכן פאַרשליסן די ארעסטאַנטן אין זייערע צעלעס האָט דער

הויף אויסגעזעזן ווי נאָך אַ פּאָגראָם. ווען די איבעריקע יידן זענען צוריקגעקומען פון דער ארבעט, האָבן מיר זיך באַראָטן און אויסגע־רופן אַ זיץ־שטרייק פון יידישע ארעסטאַנטן אין עכו־טורמע. מיר וועלן נישט ארויסגיין פון אונדזערע צעלעס ביז מען וועט אונדז נישט איבערפירן אין אַ יידישער טורמע, אין אַ יידישער געגנט! דאָס האָבן מיר געמאָלדן מיסטער גראַנטן. מיר האָבן שוין פון לאַנג געחלומט וועגן אַ טורמע וואו מיר זאָלן זיין אליין. פון דאָרטן וועט נישט שווער זיין צו אַנטלויפן, ווען עס וועט אפילו זיין אין אַ פעסטונג נישט ווייניקער געהיט ווי די עכו־פעסטונג.

*

זעקס וואָכן האָט זיך געצויגן דער זיץ־שטרייק. יעדע פּאָר טעג איז מען געקומען אונדז רופן אויף אַ משא ומתן. פון מאָל צו מאָל האָט מען פאָרגעשלאָגן נייע פּאָרשלאָגן. אָט פאַרלאַנגט מען מ׳זאָל צע־טיילן די טורמע אויף צווייען: אַ יידישע טייל און אַ אראבישער טייל. מיר ווילן נישט. און אָט שלאָגט מען פּאָר צו צעטיילן דעם טאָג אויף צווייען: פאַרמיטאָג וועלן ארבעטן און שפּאַצירן אין הויף די אראַ־בער און מיר וועלן זיין פאַרמאַכט אין די צעלעס און נאכמיטאָג אַ פערקערטער סדר. — מיר ווילן נישט מסכים זיין. צום סוף שלאָגט מען אונדז פּאָר אַ יידישע טורמע אין... שכם. ניין. מיר קענען נישט מסכים זיין דערצו. אַ יידישע טורמע דאַרף זיין אין אַ יידישער סביבה. „היינט האָט איר אָנגערייצט די אראבער קעגן די ארעס־טאַנטן" — טענהען מיר — „מאָרגן וועט איר זיי אָנרייצן קעגן אונדזע־רע משפחות, וואָס וועלן קומען אונדז באַזוכן"...

אַ דעלעגאַציע פון עלטערן איז געקומען אין טורמע אַריין און „פישקע" דערלויבט זיי זיך באַגעגענען פנים אל פנים מיט די ארעס־טאַנטן. און ער דערקלערט די עלטערן: איר וועט זען אייערע זין, אָבער זייט וויסן, אז זיי זענען נישט שולדיק. אין אלץ איז שולדיק סמולעוויטש. ער רעדט זיי אָן צו שטרייקן. ער איז לעבנסלענגלעך פאַראורטיילט און עס ארט אים נישט..."

אויף די אראבער האָבן חרטה. זיי האָבן שוין געהערט, אַז מען לייגט אונדז פּאָר אַן עקסטערע טורמע אויף אזא אָדער אַן אנדער

פלאַץ, און זיי ווייסן ווי די לאַגע וועט זיין אין טורמע אָן יידן. זיי דערמאָנען זיך יענע צייטן, ווען עס איז נישט געווען קיין יידן אין טורמע. ווען זיי זענען געווען געיאָגטע, געשלאָגענע און דערדריקטע. אויך זייערע באַדינגונגען זענען אויסגעבעסערט געוואָרן אַ דאַנק די יידן. זיי שלאָגן־פאָר אַ „סולחה" (אַ סעודה אויף שליסן שלום און זיך פאַרגעבן די זינד). אָבער מיר ווילן נישט רעדן מיט זיי. דורך גראַנטס פאַרמיטלונג דערקלערן מיר: „פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרגעבן? צי קען מען גלייבן און פאַרלאָזן זיך אויף זיי? און ווען עס וועט ווידער פאַסירן, וואָס וועלן מיר מאַכן? דעמאָלט וועט אונדז בלייבן איין וועג: אָרגאַניזירן אַ קעגן־אַטאַקע. און אויב מיר וועלן אָרגאַניזירן אַן אַטאַקע, וועלן זיין צענדליקער קרבנות כאָטש זיי שטייגן אונדז איבער אין דער צאָל..."

פישקע שאָקלט מיט זיין קאָפּ און זאָגט:

— יאָ, יאָ איך ווייס עס. דאָס איז ריכטיק. אויב וועט איר אָרגאַניזירן אַן אַטאַק אויף זיי וועט איר זיי הרגענען.

— ריכטיק, מיסטער גראַנט, — דערקלערן מיר ווייטער — נאָר מיר ווילן עס נישט. מיר באַשולדיקן נישט זיי. זיי זענען בלויז אַ בלינד געצייג אין אייערע הענט. און מיט זיי אַ „סולחה" האָט קיין טעם, כל זמן איר זייט די הערשער דאָ. ווער וועט אונדז האַפטן, אַז מאָרגן וועט איר זיי נישט ווידער אויפהעצן?..

*

אין משך פון דער גאַנצער צייט פון שטרייק וואַרטן מיר, אַז עס זאָל זיך דערוועקן די עפנטלעכע מיינונג. אָבער אונדזער וואַרטן איז אומזיסט. אינדרויסן קומען־פאָר גרויסע געשעענישן. נאָך אַ קורצער צייט ווי די „הגנה" און די מענטשן פון די אינסטיטוציעס האָבן זיך אנגעשלאָסן אין קאַמף און אויסגעפירט אַ פּאָר אַקציעס, וואָס זענען געקומען ווי אַ רעאַגירן פאַרן אַוועקשיקן די מעפילים פון לאַנד, זענען געקומען רדיפות מצד די ענגלענדער. די פירער פון דער סוכנות און פון „ועד הלאומי" האָט מען אַרעסטירט. די ענגלענדער מאַכן רעוויזיעס, געפינען אַ סך געווער און נעמען עס צו אַן אַ ווידערשטאַנד. טויזנטער יונגעלייט גייען אין נייע קאָנצענ־

טראַציע־לאַגערס, וועלכע זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין לאַנד, אויסער די אלטע. אין רעזולטאַט דערפון, ווערט אונטערגעשריבן דורך די אינסטיטוציעס אַ קאַפּיטולאַציע. זיי זענען נישט גרייט גע־ווען צום קאַמף. זיי האָבן זיך בלויז נאָכגעגעבן דעם דרוק פון דער עפענטלעכקייט און איצט ציען זיי צוריק, גיבן זיך אונטער...

אין אזא לאַגע איז נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן וועגן די ארעס־טאַנטן אין עכו־טורמע. דאָס איז אויך אין קעגנזאַץ דער נייער ליניע, די ליניע פון קאפיטולאציע. נאָר פון מאָל צו מאָל, מיטן באַמיען זיך פון די עלטערן, דערשיינט דאָ און דאָרט אַ רשימה אין צייטונג, ווע־גן אונדזער לאַגע און וועגן דער לאַגע פונעם שטרייק...

נאָך זעקס וואָכן, זענען געקומען פאַרמיטלען צווישן אונדז און צווישן דער מאַכט, דער פּרעזידענט פון תל־אביב י. רוקח און דער הויבט רב פון חיפה, הרב קניאל. אין איין קאַמער האָבן זיך אויפגע־קליבן די פאַרטרעטער פון די יידישע ארעסטאַנטן, די געסט און מיסטער גראַנט. דער משא ומתן האָט זיך געצויגן אַ פּאָר שעה. צום סוף האָט מען איינגעשטימט, אַז אין פאַרלויף פון צוויי חדשים וועט מען איבערפירן די יידישע אַרעסטאַנטן אין אַ ספּעציעלער טורמע, אין אַ יידישער סביבה און דערווייל וועט דער טאָג צעטיילט ווערן אויף צווייען. פאַרמיטאָג וועלן די אראבער זיין אינדרויסן און מיר אין די צעלעס, נאָכמיטאָג זיי אין די צעלעס און מיר אין דרויסן. די פאַרזאַמלונג פון די אַרעסטאַנטן האָט באַשטעטיקט דעם הסכם, ווייל אין דער דאָזיקער צייט איז די זאַך אונדז כדאי געווען. דורך דעם סדר איז דער טאָג לענגער געוואָרן אין טורמע. מיר וועלן אריינגיין אין די צעלעס אריין אין די שפּעטערע נאָכמיטאָג־שעהן. אנשטאַט אַ זייגער דריי וועלן מיר אריינגיין אַ זייגער זעקס. דאָס וועט פאַרלייכטערן דאָס אויספירן דעם אָנגריף...

## ז.

ווי כ'האָב שוין דערמאָנט זענען אין יענע וואָכן פון יוני—יולי 1946, פאָרגעקומען גרויסע געשעענישן אין לאַנד. אין יענע חדשים

האָבן די אקציעס פון די באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַ פולשטענדיקער פאַרשטענדעניש, דערגרייכט דעם העכסטן פונקט. נאָכן שאַרפן רעאגירן פון די ענגלענדער — האָבן די אינסטיטוציעס קאַפּיטולירט און די „הגנה" האָט פאַרלאָזט דאָס שלאַכט־פעלד. אבער זי האָט זיך מיט דעם נישט באַגענוגט. זי האָבן אויך פון אונדז געפאָדערט מיר זאָלן איבעררייסן דעם קאַמף. די „הגנה" איז גרייט געווען אָנצווענדן איר געוועער קעגן אונדז. בכדי די מלחמה פון דער „הגנה" קעגן דעם אונטערגרונט זאָל זיין עפעק־טיוו, האָבן זיי פאַרלאַנגט פון די ענגלענדער, זיי זאָלן זיי דערלויבן מיט אונדז צו מאַכן, ווי עס געפעלט זיי: הרגענען, אַרעסטירן, פּייניקן. די ענגלענדער מיט זייער טפשות האָבן נישט מסכים געווען דערצו, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אזעלכע מלוכהשע פולמאַכטן, איבערגעבן דעם ישוב. דעריבער איז דער ישוב אפגעראַטעוועט גע־וואָרן פון אַ בירגער־קריג, אַ דאַנק דאָס טפשות פון די ענגלענדער. דעריבער זענען די רעזולטאַטן פון דעם קאַמף קעגן דעם אונטער־גרונט נישט געווען קיין „צופרידנשטעלנדיקע".

ווען איך דערמאָן זיך היינט אין דער דאָזיקער צייט, מוז איך אויף אַ ווײַלע איבעררייסן דאָס שילדערן די געשעענישן. אַ ווײַלע וויל איך בלויז אַ טראַכט טאָן וואָס וואָלט געשען אין דעם לאַנד, ווען דער אונטערגרונט וואָלט זיך אונטערגעגעבן דער פאָדערונג פון די אינסטיטוציעס און איינגעשטעלט איר טעטיקייט, ווען אויך דער אונטערגרונט וואָלט זיך געווען אָפּגעהאַלטן צוליב דאָס רעאַגירן פון דער מאַכט, וואָס אָן צווייפל האָט עס אונדז מער געטראָפן ווי די מענטשן פון די אינסטיטוציעס. לאָמיר זיך אַ ווײַלע פאָרשטעלן, אַז אין סוף יאָר 1946, הערט־אויף דער פרייהייטס־קאַמף אין לאַנד. דער בריטישער זעלנער וועלכער איז מיד פון זיצן אַ פאַרמאַכטער אין קעמפּ, אָן מעגלעכקייטן ארויסצוגיין נישט איינשטעלנדיק דאָס לעבן, וואָלט פלוצים דערפילט זיך פריי אין דעם לאַנד. ער וואָלט זיך מער נישט געבונטעוועט. ער וואָלט ווידער פאַרבראַכט אין די קאַפּעען און אין די שאַנד־הייזער. די בריטישע פינאַנסן, וואָס זענען דערגאַנ־גען צו אַ קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע וואָלטן פון זיך אַרונטערגעוואָרפן

די לאַסט פון אויסהאַלטן הונדערט און צוואַנציק טויזנט זעלנער, ווייל מען דאַרף נישט האַלטן אַזעלכע כוחות ווען עס איז רואיק אין לאַנד. דאָס פּראָבלעם פון ארץ־ישראל, וואָס איז אַרויף אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער אַרענע, וואָלט אַרונטער־געגאַנגען, ווייל מען דאַרף נישט קיין לייזונג פאַר אַ לאַנד אין וועלכן עס הערשט רו. ענגלאַנדס פיינט וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן יעדע געלעגנהייט ארויפצוברענגען דעם פּראָבלעם אויפן טאָג אָרד־נונג, וואָלטן געצוואונגען געווען ווידער פאַרשווייגן. די בריטישע מאַכט וואָלט זיך געהאַלטן אַלס זיגערן אין דעם „סיכסוך" (אַזוי האָבן זיי גערופן דעם יידישן פרייהייטס־קאַמף) און איצט ערשט געטאָן, וואָס עס געפעלט איר. אַ גרויסער ספק צי מען וואָלט נאָך אויפגענומען די מנהיגים פון סוכנות, ווייל וועגן וואָס וועט מען מיט זיי רעדן? ביז איצט פלעגט מען זיי אויפנעמען כדי צו רעדן וועגן... איינשטילן דעם אונטערגרונט. וואָלט אָבער, רואיק געווען, נאָך וואָס רעדן מיט די דאָזיקע מנהיגים?...

קורצזיכטיקע זענען די פירער פון די „אויסגעוועלטע אינסטי־טוציעס". אָבער אויב זענען זיי קורצזיכטיק, און זעען נישט פאָראויס, האָב איך צו זיי היינט אַ פראַגע, אפשר וועלן זיי די פאַרגאַנגענהייט קענען זען און אָפּשאַצן. זאָגט מיר איך בעט אייך, הערן מיניסטאָרן ווי לויט א י י ע ר מיינונג, וואָלטן זיך די ענינים אנטוויקלט אין לאַנד, ווען דער אונטערגרונט וואָלט זיך אונטערגעוואָרפן אייערע פאָדערונגען און אַוועקגעלייגט דאָס געווער? צי מיינט איר טאַקע אין אמתן, אז עס וואָלטן ארונטערגעקומען קיין ארץ־ישראל אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיעס און געזוכט לייזונגען? צי דענקט איר אויף אַן אמת, אז אָן דעם פאָרטזעצן די מלחמה אין לאַנד, וואָלטן די ענגלענ־דער געפּרובט דעם מאַנעווער פון איבערגעבן דעם מאַנדאַט צו אונ"א? אָן דעם אונטערצינדן די „של" מאַגאַזינען אין חיפה, אָן דעם קאַמף אויף די שאָסייען אין די נעכט, וואָס האָט איינגעשטילט די מיליטער קאָמוניקאַציע, אָן אויפרייסן באַן־סטאַציעס, אָן דעם אויפ־רייסן די עכו־טורמע? צי אָן דעם אַלעמען, וואָלט געקומען אַהער אַן אונ"אָ־קאָמיסיע און ממליץ געווען אויף אַ יידישע מדינה? צי אָן דעם

## די געשיכטע, וואָס האָט זיך איבערחזרט אַ סך מאָל

א) אַ שיף מיט מעפּילים איז אָנגעקומען צו די ברעגעס פון לאַנד. די ענגלענדער ווילן צוריקשיקן די „אומלעגאַלע" עולים. די עולים שטעלן אַ ווידערשטאַנד.



ער איז געשפּרונגען אין ים אַריין און שווימענדיק געקומען צום ברעג. די ענגלענדער האָבן אים געכאַפּט און מיט כוח פירן זיי אים צוריק צו דער שיף.



„...דאָ האָבן מיר געזען „מיסטער הייד'ן" שלאָגן פּרוּוּוּעוּן...“ (זייט 264)

אַ פאַרוואונדעטע מעפּילה ווערט גענומען אין שפּיטאָל.

## ב) דער יידישער אונטערגרונט ענטפערט:



די יידישע פרייהייטס־קעמפער האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם באַפעסטיקטן ענגלישן פּאָליציי־צענטער אין שרונה (היינט קריה) און דאָרט אויפגעריסן אַ געביידע. פיל פּאָליציי־אָפיצערן און זעלנער זענען באַגראָבן געוואָרן הינטער די חורבות. (דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן אַ פּאָר מינוט נאָכן אויפרייס.)



די בענזין־מאַגאַזינען פון „של" שטייען אין פלאַמען, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די אויפרייסן פון די פריי־הייטס־קעמ־פער.



.. און דער כאַן־פאַרקער ווערט צע־שטערט דורך אָפטע אויפ־רייסן.

ג) רעפּרעסיעס פון דער מאַנדאַטן־מאַכט:



אויסנאַם־צושטאַנד. דאָס עפנטלעכע לעבן ווערט פּאַראַליזירט, די גאַסן באַלאַגערט דורך מיליטער.



די רייזנדע ווערן רעווי־דירט אויף די וועגן — נאָך אַן אַקציע פון אונטערגרונט.



אַלע מענער ווערן קאָנצענ־טרירט אויף פּלעצער וואו זיי ווערן אויסגעפּאָרשט דורך די ענג־לישע „זיכער־הייטס״־מאַכט.

אַלעמען וואָלט געשען דער נס, אַז דאָס בריטישע מיליטער זאָל פאַרלאָזן דאָס לאַנד?

זאָגט איר פירער, איר וואָס איר האָט געזוכט וועגן ווי צו פאַרניכטן די אונטערגרונט־קעמפער, ווי אַזוי זיי איינשטילן און אָפּשטעלן זייער עקזיסטענץ. זאָגט, ווער האָט רעכט געהאַט?! די צוקונפט האָט איר נישט געזען, אָבער די פאַרגאַנגענהייט זעט איר דאָך, זאָגט, צי איז די רעכט פון די בחורים, וואָס האָבן זיך מקריב געווען און ווייטער געפירט די מלחמה, נישט גרעסער פון אייער רעכט, רבותי מיניסטאָרן פון מדינת ישראל?!

אין זייער זכות, אין זכות פון זייער ליידן, אין זכות פון זייער גיין צו דער תליה, אין זכות פון זייער אָפּגעהאַקטע גלידער, האָט איר אויפגעהערט צו שטיין כעני בפתח פאַר טירן פון בריטישע מיניסטאָרן און איר נויטיקט זיך נישט מער אין אַ רחמנות נדבה פון נאָך 500 סערטיפיקאַטן פאַר די געראַטעוועטע פון פאַרניכטונגס־לאַגערן. אין זכות פון די דאָזיקע בחורים זענט איר געוואָרן מיניס־טאָרן.

אין זכות פון די וועלכע איר האָט געוואָלט פאַרניכטן!

איך בין אַ שטילער מענטש און האָב מורא פאַר הערשאַפט, אָבער ווען איך דערמאָן זיך אין יענע טעג פון נאָכן 29־סטן יוני 1946, קען איך זיך נישט אָפּהאַלטן פון פרעגן די פראַגן אונדזערע מיניסטאָרן.

איך בעט אייך, ענטפערט רבותי. נישט מיר ענטפערט. דעם פאָלק, דער היסטאָריע זייט איר שולדיק אַן ענטפער. ווייל אין אונדזער דור קען מען פאַרדרייען פאַקטן און זיך אויסדרייען פון אַן ענטפער, אָבער די קומענדיקע דורות וועלן אַנדערש משפטן. אַלזאָ, פאַר אייערטוועגן, ענטפערט. און אויב האָט איר חרטה אויף אייערע מעשים, אויף דעם מיטאַרבעטן מיטן פיינט, אויפן קאַפּיטולירן פאַרן פיינט, אויפן שטערן דעם קאַמף קעגן פיינט, זאָגט עס מיט אַ גאַנץ מויל, כדי מיר זאָלן כאָטש קענען זאָגן, אַז זיי פאַרמאָגן יושר און ציווילע מוט, די דאָזיקע מיניסטאָרן אונדזערע!

אַ גרויסן חוב איז דאָס פאָלק שולדיק דעם יידישן אונטערגרונט פאַרן נישט פאָלגן אייך!

די צייט פאַרן משפט פון די אָנפאַלער אויף די וואַרשטאַטן דערנענטערט זיך. איצט האָב איך אויך געפילט, וואָס עס הייסט אַזוינס צו זען חברים שטייען אין שאָטן פון תליה. ווע מען פון זיי וועט מען אויפהענגען? און אפשר אַלע?

אַזעלכע מחשבות לאָזן אונדז נישט רוען, לאָזן נישט רוען די וועלכע זענען שוין פאַראורטיילט געוואָרן. עס איז שווער משלים צו זיין, אַז בחורים וועלכע האָסט ליב געהאַט וועלן גיין צו דער תליה, און דו וועסט זיין אַפּהענטיק. און זיי אַליין, זענען אין אַ געהויבע־נער שטימונג. זיי גרייטן זיך צו אַן אַקציע.

דערווייל זענען אויך געבראַכט געוואָרן אַ פּאָר פון די פאַרוואונ־דעטע פון דעם חיפהער רעגירונגס־שפּיטאָל אין שפּיטאָל פון עכו־טורמע. מיט זייער הילף האָבן מיר פעסטגעשטעלט ווער עס איז געפאַלן און ווער עס איז איבערגעבליבן. דורכן בריוו־אויסטויש מיט דער צענטראַלע האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די זיי יועלכע האָבן געפעלט געפינען זיך אינדרויסן. דער רוב פון זיי איז אַנגעקומען פאַרוואונדעט און אויסגעמאַטערט. זיי איז געלונגען זיך אויסצודרייען, ווייל זיי האָבן געטאָן אַ געוואַגטן און אַ נישט לאָגישן טאַט. ווען זיי זענען ארונטערגעשפּרינגען פון דער מאַשין זענען זיי געגאַנגען אַנטקעגן די טאַנקן וועלכע האָבן פאַרשטעלט דעם שאָסיי. קריכנדיק צווישן די רעדער זענען זיי ארויס אויסערן פייער־געביט. פון דער צווייטער זייט טאַנקן האָבן די זעלנער נישט געהאַט קיין פּאָזיציעס. אזוי איז זיי געלונגען צו פאַרשווינדן.

דער משפט איז באַשטימט געוואָרן אויפן 12־טן אויגוסט 1946. יענעם טאָג זענען די בחורים ארויסגעגאַנגען אָנגעטאָן אין קורצע כאַקי הייזלעך און ווייסע העמדלעך. אויף די פאַרוואונדעטע האָט מען געוואַרט. זיי זענען געטראָגן געוואָרן אויף טראָג־בעטלעך אָדער אונטערגעשפּאַרט פון די חברים. דורכן פענסטער פון שפּיטאָל האָט מען זיי געקענט זען אויפשטייגנדיק אויף דער מאַשין געשמידטע איינער צום אַנדערן. פון עכו זענען ארויסגעגאַנגען 18 מאַן. פון דער פרויען־טורמע אין בית־לחם זענען געגאַנגען 4 מיידלעך, דריי פון

זיי פֿאַרוואונדעטע. צוזאַמען 22. איינער איז פֿאַרבליבן אין שפּיטאָל, ווייל זיין מצב איז געווען צו אַ שווערער. אונטער אַ שווערע וואַך פֿירט מען זיי קיין חיפֿה.

אומגעדולדיק וואַרטן מיר אויף זייער צוריקקער.

מיטאָג־צייט קומען זיי צוריק. זיי קומען אריין אין הויף מונטער און פֿריילעך. נישט הערנדיק דעם פּאָליציאַנט וועלכער שטערט און וואָרנט זיי פֿאַר שטראָף, זענען זיי צוגעקומען צו דער טיר פֿון אונדזער צעל און דערציילט:

— אַלץ איז פֿולשטענדיק אין אָרדענונג. ווען ס'האָט נאָר דער דאָלמעטשער אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויפֿן תנ"ך אויף צו שווערן, האָט זיך משה אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

„מיר זענען קעמפֿער וועלכע זענען אַריינגעפֿאַלן אין געפֿאַנגע־נישׁ. אַ משפּט אויף געפֿאַנגענע איז אַן איזדעקעווען זיך אָדער אַ ספּעקטאַקל. מיר ווילן נישט זיין קרבנות צום איזדעקעווען — און נישט אנטייל נעמען אין אַ ספּעקטאַקל. מיר פֿאָדערן מבטל צו מאַכן דעם משפּט, און אונדז געבן דעם סטאַטוס פֿון קריגס־געפֿאַנגענע."

משה האָט זיך אַוועקגעזעצט און ווען דער דאָלמעטשער האָט געוואָלט פֿאַרטייטשן די ווערטער, האָט דער ריכטער, קאָלאָנעל פּעל, געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט.

ווידער איז דער דאָלמעטשער אויפֿגעשטאַנען שווערן. מיר זענען אַלע אויפֿגעשטאַנען און געזונגען די הימנע פֿונעם אונטערגרונט. קאָלאָנעל פּעל האָט געשמייכלט, ווייל ער האָט געדענקט, אַז מיט דעם וועט דער ענין געענדיקט זיין. מיר וועלן זינגען די הימנע און געענדיקט. ער וועט ווייטער קענען פֿאָרטזעצן דעם משפּט. ווען מיר האָבן פֿאַרענדיקט זינגען, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט. קאָלאָנעל פּעל שמייכלט, און דער פּראָקוראָר האָט אָנגעהויבן פֿאָרליינען דעם באַשולדיקונגס־אַקט. ווען ער האָט נאָר געעפֿנט דאָס מויל, האָבן מיר אָנגעהויבן זינגען. דאָס מאָל זיצנדיק שוין, מיר זאָלן נישט מיד ווערן. דער שמייכל איז איבערגעגאַנגען פֿון שופֿטס פּנים צו די פּנימער פֿון די זשורנאַליסטן. זיי האָבן שוין פֿאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט. געווען איז דאָס אַ „קאָנצערט", וואָס אַזאַ האָט איר נאָך קיינמאָל נישט

געהערט! אין זאַל איז אַ געשפּאַנטקייט. די זעלנערוקעס וואַרטן אויף אַנווייזונגען אונדז איינצושטילן מיט כוח און מיר זינגען. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט זינגען דאָס ערשטע ליד פּרובט קאָלאָנעל פּעל עפּעס זאָגן און ווען ער האָט נאָר געעפנט זיין מויל האָבן מיר אים פאַרשטומט מיט אַ נײַ ליד. ער האָט עפּעס־וואָס געזאָגט צו די צוויי ריכטער און אויפגעשטאַנען פּלוצים און אַנטלאָפן, ממש אַנט־לאָפן פונעם געריכט־זאַל. דאָס געריכט איז געבליבן אָן ריכטער. אין דער פּויזע איז געקומען צו אונדז מאַיאָר ברומפּילד און געמאָלדן אין נאָמען פון די ריכטער, אַז זיי זענען גרייט אונדז דערמעגלעכן צו זאָגן אַלץ, וואָס מיר ווילן, אויב מירן נישט שטערן דעם גאַנג פון משפּט. און דאָס איז געווען דאָס זעלבע געריכט, אין דעם זעלבן צוזאַמענשטעל, וועלכער האָט געמשפּט די 31 פון בת־ים און האָט זיי געשטערט אָפּצוגעבן זייערע דערקלערונגען. מיט כוח האָט מען געפּרובט זיי פאַרשטומען! אַלס תשובה מאַיאָר ברומפּילדן מעלדעט משה, אַז מיר קענען איבערחזרן אונדזער דערקלערונג. דער מאַיאָר איז ארויס מיט אַ דראָענדיקן „אָ־קיי!“.

נאָך אַ פערטל שעה הערט זיך ווידער די מעלדונג, אַז דאָס בית־דין גייט און קומט. זיי זענען אַריינגעקומען און קאָלאָנעל פּעל האָט באַפוילן ממשיך צו זיין דעם משפּט. מיר האָבן ממשיך געווען דעם משפּט לויט אונדזער נוסח. דאָס געזאַנג איז געווען אזוי מעכטיק אזש די ווענט האָבן געציטערט. קאָלאָנעל פּעל האָט מיט כעס געכאַפּט זיין היטל, און האָט אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג פון דער טיר ווען די איבעריקע צוויי ריכטער פאַרזוכן אים צו דעריאָגן.

דערנאָך האָט מען ארויסגענומען דעם עולם און די זשורנאַליסטן און צום סוף אויך אונדז. מען האָט אונדז געשמידט און אָט זענען מיר צוריקגעקומען...“

נאָך דער שילדערונג, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין איילעניש און מיט איין אָטעם האָבן מיר נאָך געהערט פאַרשידענע פּרטים, וועגן וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין געריכט.

צומאָרגנס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ געזעץ אין דער אָפּי־ציעלער צייטונג, וואָס איז ארויס פון הויך־קאָמיסאַר נאָך אין דער

זעלבער נאַכט. דאָס נייע געזעץ זאָגט, אַז דאָס מיליטערישע געריכט האָט אַ רעכט צו משפטן באַשולדיקטע אין זייער אָפּוועזנהייט אויב זיי שטערן דעם גאַנג פון משפט.

מזל טוב! עס איז אונדז געבויערן געוואָרן אַ געזעץ! — האָבן די בחורים געזאָגט צוריקקומענדיק צומאָרגנס פון געריכט. עס האָט זיך ווידערהאָלט דאָס נעכטיקע ספּעקטאַקל, נאָר דאָס מאָל נאָכן אנטלויפן פון די ריכטער, האָט אונדז מאַיאָר ברומפילד אָנגעזאָגט וועגן געבורט פון דעם געזעץ. עס איז דאָרט געווען נאָך אַן אָפּיצער פון דער געהיימפּאָליציי מיטן נאָמען, מאַרטין. ווען מען האָט די בחורים ארויפגענומען אויף דער מאַשין, האָט ער זיי פאַרזיכערט, אַז לאַנג וועלן זיי נישט זינגען מער, ווייל בקרוב... און דאָ האט ער אַדורכגעפירט זיין פינגער איבערן האלדז. די בחורים האָבן צוגעזאָגט דעם אָפּיצער מאַרטין, אַז זיין סוף וועט קומען פאַר זייער הענגען. און זיי האָבן מקיים געווען זייער צוזאָג. מאַרטין איז געהרגעט געוואָרן דורך אונדזערע חברים אינדרויסן אַ קורצע צייט נאָכן משפט.

*

איצט פירט זיך דער משפט אין דער אָפּוועזנהייט פון די באַשולדיקטע. אין צוויי טעג אַרום האָט זיך באַמערקט אַ באַוועגונג אין טורמע. דאָס בית־דין איז געקומען צו די באַשולדיקטע. אין איינעם פון די באַראַקן, וואָס דינט אלס אַ וואוין־אָרט פאַר פּאָליציאַנטן, האָט זיך איינקוואַרטירט דאָס מיליטערישע געריכט. מען רופט ווידער די באַשולדיקטע ווייזט־אויס, זיי זענען געקומען פאָרלייענען זיי דעם אורטייל. אין אַ שעה ארום קומען זיי צוריק.

— נו, וואָס איז געווען דאָרטן! — פרעגן מיר מיט נייגעריקייט.

— מען האָט פאָרגעליינט דעם אורטייל.

— וואָס איז דער אורטייל? — פרעגן מיר מיט אומגעדולד.

— דער שד ווייסט זיי! מיר האָבן געזונגען און קיינער האָט נישט געהערט וואָס ער האָט פאָרגעליינט.

— און מען האָט אייך דערנאָך נישט געזאָגט?

— ווער וועט זאָגן? קיינער האָט נישט געהערט וואָס ער לייענט דאָרט. אויך די זשורנאַליסטן האָבן נישט געוואוסט...

איצט האָבן מיר אָנגעהויבן ארומלויפן כדי זיך דערוויסן דעם אורטייל. מיר האָבן געפרעגט די פּאָליציאַנטן וועלכע זענען געווען די וואָך, און קיינער ווייסט נישט. מיר האָבן געפרעגט אין ביוראָ אויך דאָרט ווייסט מען נישט. לויט אלע סימנים איז עס נישט קיין טויט־אורטייל. די שופטים האָבן נישט אָנגעטאָן זייערע היטלען, ווי עס איז ביי מיר געווען, און די פּאַראורטיילטע האָט מען צוריקגע־בראַכט אין זייערע צעלן און נישט אין דער תליה־צעל. די צעל פון תליה קען טאַקע נישט אַריינגעמען אַלע, אָבער עפּעס וואָלטן זיי דאָך געווען געמאַכט. מען האָט זיי אויך נישט אָנגעטאָן אין רויטע קליידער. און פונדעסטוועגן איז שווער צו גלייבן, אז עס זאָל זיין אַן אנדער אורטייל...

די טורמע גייט אויף רעדער. יעדער וויל וויסן דעם אורטייל.

פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אלע ארומגעזעצט ארום דעם ראַדיאָ, וועלכער איז דערווייל איינגעאָרדנט געווען אין מיטן הויף. נייעס אין ענגליש. אפשר וועט מען מעלדן וועגן אורטייל? ביי אַ הונדערט יידישע ארעסטאַנטן האָבן זיך צוזאַמענגעשטופּטביים אַפּאַראַט. מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם האָבן מיר געוואַרט אויף דער מעלדונג...

דער ספּיקער האָט געמאָלדן, אז אין משפּט, וואָס איז פאָרגעקו־מען אין עכו־טורמע, זענען די 18 מענער פאראורטיילט געוואָרן אויף טויט און די 4 פרויען אויף לעבנסלענגלעכע תפיסה.

ווי אַן עלעקטרישער שטראָם איז אַדורך די ארעסטאַנטן. אַלע זענען בלאַס געוואָרן. מען איז געבליבן ווי צוגעשמידט צום פּלאַץ. די ערשטע וועלכע זענען צו זיך געקומען זענען געווען די אַכצען.

— נו, וואָס האָסטו געקלערט? אַ קוש אין שטערן און אַ קראַנץ בלומען וועט מען געבן פאַרן „קאָנצערט?" — האָט מיך שמעון גע־פרעגט, זעענדיק מיין בלאַס פּנים.

די פאַראורטיילטע האָבן זיך פּלוצים געטראָפן אַרומגערינגלט מיט אַן עולם ארעסטאַנטן, וועלכע קוקן אויף זיי מיט באַדויערונגס־בליקן. דאָ און דאָרט האָט ווער געפונען פאַר נויטיק צו טרייסטן און מוטיקן די פאַראורטיילטע.



צום משפט: גע־
קייטלט איינער
צום אַנדערן
האָט מען די אַכ־
צען אַרויפגענר־
מען אויפ׳ן אויי־
טאָ.



נאָכן משפט: די
פיר צו לעבנס־
לענגלעכע תפי־
סה פאַראורטייל־
טע מיידלעך
ווערן אַרויסגע־
פירט פון בית־
הדין זאַל און
זיי לאַכן נאָך
אַלץ און זינגען.

— זאָרגט נישט! מען וועט אייך נישט הענגען. זיי וועלן נישט זואגן... — האָבן זיך דערהערט שטימען.

די פּאַראָרטיילטע איז נישט באַקוועם געווען צו זיין אונטער אַזעלכע בליקן.

— הערט־אויף אונדז טרייסטן און רחמנות האָבן אויף אונדז! — האָט משה געזאגט צו ענדע, זיך אויסגעדרייט און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון צעל. די איבעריקע פאַראורטיילטע זענען אים נאָכגעגאנגען.

די צייט פון שפּאַציר האָט זיך פאַרענדיקט און יעדער איינער איז צוריקגעגאנגען אין זיין צעל. אומעטיק איז די דאָזיקע נאַכט געווען אין טורמע. בלויז דאָס געזאַנג, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון קאַמער פון די פּאַראורטיילטע האָט געשטערט די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין דער צעל פון די יידן. בלויז די פאַראורטיילטע האָבן געזונגען און זייער געזאַנג איז געווען ווי דער ווידערקול פון אַן אנדערער וועלט.

*

מען האָט נישט אָנגעטון די פּאַראורטיילטע באלד די רויטע קליידער און נישט איבערגעפירט אויף אַ פלאַץ, וואָס האָט באַדאַרפט דינען אלס תליה־קאַרצער. לויט עס ווייזט־אויס, האָט מען געהאט אַ פּאַרדאכט, אז די בחורים וועלן זיך קעגנשטעלן און מיסטער גראַנט האָט געוואַרט אויף אָנווייזונגען. ערשט נאָך דריי טעג זענען די פאַראורטיילטע איבערגעפירט געוואָרן אין אַן אנדער פלאַץ און דאָרטן האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ שטרענגע וואַך און די פּאַראָרדנונגען דאָרט זענען געווען צוגעפּאַסט צו אַ תליה־קאַרצער. אין דער צייט פון זיין אין צעל וואָס אין הויף, האָבן מיר מיט זיי איינגעשטעלט אַ סיסטעם ווי איבערפירן בריוו און אויפרייס־מאַטעריאל, וואָס דאַרף דינען צו הרגענען די הענקער. דאָס זענען געווען צוויי וואָכן פון געשפּאַנטקייט. פּאָרציעסווייז, אין פיל־פעדער, קומען צו אונדז אָן די אלע מאַטעריאַלן צוזאמען מיט נישטיקע קוואנטומס פון ט. נ. ט. עס איז נישט לייכט צו באַהאַלטן עפּעס אין עכו־טורמע בפרט אין אַ

געשפאַנטער צייט. און נאָך ווען עס רעדט זיך וועגן אויפרייס־מאַטע־ריאַל. מען שפּיאָנירט אונדז נאָך אויף יעדן טריט און שריט. און ווערנט דער גאַנצער צייט עקבערט אין מוח די פראַגע: ווען פון זיי וועט מען הענגען? און אפשר אַלע?

אין צוויי וואָכן אַרום האָט זיך פאַנאַנדער געשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זיי זענען באַגנעדיקט געוואָרן. דער קלאַנג איז אָנגעקומען אויך צו די פאַראַנטוואָרטלעכע און זיי האָבן געשיקט מיך פרעגן צי עס איז ריכטיק. איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועל איך זיי פאַרשאַפן אַנ־טוישונג, אויב עס וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז עס איז נישט ריכטיק, דעריבער האָב איך געענטפערט, ניין. און פּלוצים האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז ס'איז טאַקע אמת. זיי זענען באַגנעדיקט געוואָרן!

צו אונדזער פרייד איז קיין גרעניץ נישט געווען. עס זענען פאַראַן פריידיקע טעג אויך אין טורמע. ווען דיינע חברים קערן זיך אום צום לעבן! אַך, איז דאָס געווען אַ שמחה!

*

אין צעל פון די קרימינעלע אַרעסטאַנטן זענען מיר איבערגעבליבן בלויז צוויי פון די זיבן וועלכע זענען איבערגעפירט געוואָרן פון ירושלים קיין עכו. די איבעריקע האָבן אײַנצווישן באַקומען דורך די דאָקטוירים א „ספּעציעלע באַציאונג” און זענען איבערגעגאַנגען אין אַנדערע צעלעס. די צוויי זענען, יהושע בעקער און איך. איצט, מיטן אַרויסגיין פון די 18 פון תליה־קאַרצער, דאַרפן מיר אַהין אַריין! דאָס וועט אונדז פאַרלײַכטערן דאָס פּלאַנעווען פון אַנטלויפן. צווישן אונדזערע בחורים, וועלן מיר אַלץ קענען אָנגרייטן נישט מורא האָבנ־דיק. מיר האָבן דעריבער געוואַרט מען זאָל די פאַראַנטוואָרטלעכע איבער־פירן אין איינס פון די צעלעס אין הויף. און פּלוצים האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז „פּישקע” גרייט זיך פאַרזיכערן. מיט דער טענה, אַז מיר זענען פאַרמשפּט געוואָרן לויטן קרימינעלן געזעץ, און ס'איז נישטאָ אין די טורמעס אין לאַנד קיין סטאַטוס פון פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, האָט מיסטער גראַנט געוואָלט צעפּיצלען די נייע גרופּע, זיי צעטיילן

אין דריי צעלעס און אין יעדער צעלע אַ צאָל קרימינעלע אַרעסטאַנטן. מיסטער גראַנט האָט געשיקט אַ בריטישן סערזשאַנט מיט אַ רשימה פון אַרעסטאַנטן וועלכע דאַרפן איבערגיין אין אַנדערע צעלעס צוזאַ־מען מיט די וועלכע קומען פון תליה־קאַרצער און צו דעם אַ רשימה פון די קומענדיקע וועלכע דאַרפן אַרייַנגיין אין צעל נומער 11. מיר האָבן זיך געבונטעוועט. עס וועט נישט געשען! ווען איין צעל איז ליידיק געוואָרן אויפצונעמען אַ טייל פון די וואָס קערן זיך אום, האָבן מיר גענומען, איך און יהושע, אונדזער געלעגער און איבערגעפירט אַהין. די קרימינעלע אַרעסטאַנטן האָבן מיר געזאָגט אז ווער עס וועט זיינע זאַכן ברענגען צו אונדז וועלן מיר זיי אַרויסשליידערן איבערן אַרויס. ווען די בחורים זענען אַרייַנגעקומען אין הויף אַריין האָבן מיר קיין צייט נישט געהאַט מיט זיי זיך אַרומאָרעמען און זיי דריקן די הענט. „שנעל אַלע אין צימער 22!" — האָבן מיר זיי באַפוילן. די בחורים האָבן געפאָלגט נישט פאַרשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, און אַלע זענען אַריין אין צעל וועלכן מיר האָבן אָנגעוויזן. מיסטער גראַנט איז געשטאַנען פאַר אַ פאַרטיקן פאַקט. מיר האָבן געמאַכט אַן „אינוואַזיע" אין צעל אַריין. אָבער, ער האָט נאָך געפּרובט ענדערן די זאַך. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דער „אינוואַזיע", האָט ער צו אונדז געשיקט אַ פּאָר פּאָליציאַנטן, זיי האָבן מיר און יהושע געהייסן צוריקגיין אין צעל נומער 11. דאָס האָט באַדאַרפט זיין דער אָנפאַנג פון איינפירן דעם נייעם סדר. פאַרשטייט זיך, מיר האָבן נישט געוואָלט. ווען מען האָט געדראָעט, אַז מען וועט אונדז אַרויסנעמען מיט כּוח האָט זיך פאַר זיי אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט פון 18 בחורים מיט פנימער וואָס דריקן נישט אויס קיין גוטס. צום סוף האָט דער אָנפירער באַפוילן, אַז ער האָט נישט דאַקעגן די 18 זאָלן זיין צו־זאַמען, אָבער, יהושע און איך מוזן פאַרלאָזן. האָבן מיר ווידער נישט געוואָלט. מיר האָבן באַפוילן, אַז מיר זענען גרייט צו שלאָפן אין קאַרצער און צו די קרימינעלע וועלן מיר נישט צוריקגיין. דער פאָר־שלאַג אונדזערער איז אָנגענומען געוואָרן. מיר זענען געצוואונגען געווען צו זיין קאָנסעקווענט. ווען מיר זענען פאַרביי די צעל נומער 11, האָט סערזשאַנט לאַוולי באַפוילן צו עפענען, און געפּרובט מיט

דראָאונגען משפיע זיין אויף אונדז מיר זאָלן אריינגיין. פארשטייט זיך, מיר האָבן זיך אקעגנגעשטעלט און ווען דער סערזשאַנט האָט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף יהושע האָב איך אָנגעכאפט זיין האַנט מיט כוח און כ׳האָב געמאָלדן, אז בלוט וועט זיך דאָ גיסן אויב ער וועט אויפהייבן אַ האַנט אויף אונדז. דער סערזשאַנט האָט ווידער געשיקט קלאָר מאַכן, וואָס ער זאָל מיט אונדז מאַכן און צום סוף אונדז אריינגעפירט אין קאַרצער.

צומאָרגנס בין איך גערופן געוואָרן צו „פישקען" און ביי דער געלעגנהייט, האָב איך אים געמאָלדן, אז די שפיל צווישן אונדז איז געענדיקט. זיין פרוב צעשפליטערן אַ גרופע פאָליטישע אַרעסטאַנטן און זיי אריינזעצן אין איין צעל מיט קרימינעלע, דעקט־אויף זיין פרצוף. מיסטער גראַנט איז דאָס מאָל געווען אין דעפענסיווע. די זאַך האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אז מיסטער גראַנט האָט געמאַכט דעם אָנשטעל כאילו ער איז בייז אויף דער „אינוואַזיע" נישט בעטנ־דיק ביי אים אַ דערלויבעניש. מיט גרויס צביעות האָט ער דערקלערט, אז ווען מען וואָלט זיך צו אים געוואנדן, וואָלט ער נישט געהאט דאַ־קעגן און דער עיקר, וויל ער וויסן ווי וועלן זיך די בחורים באַציען צום אָפשערן די האָר פון זייערע קעפּ.

— זיי וועלן זיך אנטקעגנשטעלן — האָב איך געזאָגט. און אויך איך וועל נישט מער ראַזירן מיינע האָר.

דאָס קומען פון די 18 און דאָס פלאַנעווען אַן אָנגריף אויף עכו־טירמע, האָבן גורם געווען, אז מיר זענען גרייט געווען צו קעמפן פאר יעדן קליינעם פרט, וואָס קען העלפן צום אַנטלויפן.

— זע — האָט מיסטער גראַנט געזאָגט — איך קען דיר אָנזאָגן אַ בשורה, וואָס וועט דיך אַוודאי פרייען. אין צוויי חדשים ארום וועל איך גיין פונדאַנען. איך וויל נישט קיין „טראָבלס" ווערנט דער צייט. איך וועל נישט שטיין אויף דעם, איר זאָלט זיך שוין שערן, אויב איר וועט צוזאָגן, אז איר וועט זיך שערן פאַר מיין אַוועקגיין. איך דאַרף איבערגעבן די טורמע אין אָרדנונג. דערנאָך מעגט איר טאָן, וואָס איר ווילט...

איך האָב נישט געוואָלט פאַרשאַרפערן דעם סיכסוך. „נאָך אין צוויי חדשים", האָב איך זיך געטראַכט — „וועלן מיר דאָ שוין נישט זיין. איך קען אים צוזאָגן".

— גוט. — האָב איך געזאָגט — פאַר דיין אַוועקגיין וועלן מיר זיך אָפּשערן.

און אויך דאָסמאָל זענען פאַרביי די צוויי חדשים און מיר זענען נאָך אַלץ אין טורמע. מיר האָבן געמוזט האַלטן וואָרט און זיך אָפּשערן די האָר פאַר „פּישקעס" אַוועקגיין.

ער איז געפאָרן קיין ענגלאַנד. ער האָט גוט געהיט זיין לעבן. אַ סך יינגעלייט אין לאַנד באַדויערן, אז עס איז אים געלונגען ארויס פונדאַנען מיטן קאָפּ אויפן קאַרק...

# דער דורכברוך

## א.

אויפֿן אָרט פֿון דעם פֿאַרהאַסטן „פּישקע״, איז אלס אָנפֿירער פֿון עכו־טורמע נאָמעני׳רט געוואָרן קאַפּיטאַן קלאו, מיין באַקאַנטער פֿון ירושלימער טורמע. און ווייל אונדזערע פֿאָרבערייטונגען אויף דורכ־ברעכן די טורמע האָבן זיך גוט איינגעגעבן, האָבן מיר געוואָלט אָנקניפּן גוטע באַציאונגען מיט דער דירעקציע, מיט די פּאָליציאַנטן און אפילו מיט די אראַבער. די גרויסע צאָל יידישע ארעסטאַנטן האָט אין אַ גרויסער מאָס געענדערט דעם כאַראַקטער פֿון טורמע. מיסטער קלאו און איבערהויפּט זיין געהילף סטעדגרין, האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף דורכפֿירן ענדערונגען, האָבן זיך מיט אַ גרויסן טעמפּאָ אָנגע־הויבן ענדערן די באַדינגונגען. די באַציאונגען מיט דער דירעקציע זענען געווען גוטע, און נישט איינמאָל, בעת אַ קאָנטראָלע פֿון מיס־טער קלאו׳ס פֿאָרגעלייגטע, פֿלעגן מיר אים העלפֿן צו פֿאַרדעקן די „אומאָרדענונגען״ אין טורמע. די „אומאָרדענונגען״ פֿלעגן זיך אויס־דרוקן אין דעם, וואָס די יידישע ארעסטאַנטן פֿלעגן טראָגן ציווילע קליידער, נישט אָפּראזירן די האָר פֿון קאָפּ, די צעלעס פֿלעגן אָפֿן זיין דורכן גאַנצן טאָג (מיט די אראבער זענען די באַציאונגען געווען זייער פֿריינטלעכע און אזוי זענען מיר דערגאַנגען צו אַ לאַגע, אז מיר האָבן געקענט זיך ארומדרייען אין הויף פֿון די פֿרימאָרגן־שעהן ביז זונאונטערגאַנג), געארבעט האָט בלויז דער, וואָס האָט געוואָלט

אַרבעטן אא״וו. ווען מיסטער קלאַו פלעג מיר מעלדן, אַז מאָרגן וועט קומען אויף אַ קאָנטראָלע, דער ממונה איבער די טורמעס פון לאַנד, קאָלאָנעל סקאָט, פלעגן מיר אָנטוען אַרעסטאַנטן־קליידער, אַרויסגיין אַרבעטן, באַהאַלטן די האָר אונטערן היטל און מאַכן אַלץ, עס זאָל זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז אין עכו־טורמע, פירט זיך אַלץ, לויט דער דאָזיקער גרינער בראָשור וואָס מען רופט איר: „די טורמע־רעגולאַמינס — אין ארץ־ישראל״. עס איז געווען צווישן אונדז און מיסטער קלאַו אַ מין הסכם פון „שמור לי — ואשמור לך״. (היט מיך וועל איך דיך אָפּהיטן). די הערן קלאַו און סטעדגרין, האָבן געוואָלט רו און פאַר וויכטיקע פאַר אונדז הנחות, האָבן מיר זיי געגעבן די רו. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צרות מיט די יידישע אַרעסטאַנטן. זיי האָבן זיך נישט אַריינגעמישט אין אונדזערע ענינים און אַלץ, וואָס האָט געדאַרפט דערלעדיקט ווערן, איז דערלעדיקט געוואָרן צווישן מיסטער קלאַו און דעם פאַרשטייער פון די יידן. אַן אידיליע האָט געהערשט אין עכו־טורמע...

די אידיליע איז אונדז נויטיק געווען, כדי אויפצוברעכן די מויערן פון דער פעסטונג.

## ב.

אין עכו איז גוט געווען קראַנק צו זיין. דעמאָלט איז מעגלעך געווען זיך צו באַקומען אין שפּיטאָל אַריין וועלכער געפינט זיך אויפן אויבערשטן שטאָק, און אַרויסקוקן דורך די פאַרקראַטעוועטע פענ־סטער, אויף דער לאַנדשאַפט פון פאָטערלאַנד, זען פרייע מענטשן אַרומגיין אין די גאַסן פון שטאָט, גליטשן מיטן בליק איבער בערגלעך און טאָלן, גלעטן מיטן בליק דעם כרמל, און שמועסן פריינטלעך מיטן שפּיץ חרמון, וואָס בלישטשעט מיט זיין ווייסקייט פון ווייטער ווייט, גלייך ער שמייכלט און זאָגט צו.

גוט איז דעם אַרעסטאַנט, ווען ער קען פאַרזינקען אין חלומות, זען זיך אַ פרייען, אַרעמען זיין לאַנד. צו זען מיט די אויגן די פאָן פון אונטערדריקער אויף דער פעסטונג פון פאָליציי־בנין, און מיט די גייסטיקע אויגן די נאַציאָנאַלע פאָן אויף איר פּלאַץ. צו זען מיט די

אויגן דעם אראבער רייטן אויף אַן אייזל איז די גאַסן פון שטאָט און זיין ווייב אָנגעלאָדן מיט אַ בינטל טרוקענע צווייגן שלעפּט זיך נאָך אים נאָך, און זען מיט די גייסטיקע אויגן — יידן און מאַשינען, פאַב־ריקן און בוי. מיט די אויגן זען די ברייטע פּוסטע פעלדער, דערנער־פעלדער, וואָס ציען זיך העט העט, און מיט די גייסטיקע אויגן — זען יידישע ישובים אין דער דאַזיקער וויסטעניש, תבואה־פעלדער און יידן אַקערן, זייען און שניידן פון כרמל ביז די בערג פון גליל און חרמון.

גוט איז אים דעם ארעסטאַנט, וואָס קען אזוי זען. גוט איז דעם פאָלק, וואָס זיינע אַרעסטאַנטן זעען אַזוי. ווייל דער חלום, דער בליק פון די זון פון פאָלק איז א סך שטאַרקער פון דעם פיינטס פאַנצערס, אַ סך שטאַרקער פון דעם פחד און נאָכגעביקייט פון די מנהיגים פון פאָלק.

סענטימענטאַליטעט, איז אַ פּריוואַטער ענין פון יעדן אַרעסטאַנט. צי ס׳איז גוט אָדער נישט גוט, אזוי איז עס געווען אין עכו־פעסטונג. פון באַוואוסטזיין, אז די מלחמה מאָנט מענטשן מיט האַרטן כאַראַק־טער, האָט זיך יעדער איינער באַמיט צו באַהאַלטן זיין סענטימענטאַ־ליטעט. מיר נויטיקן זיך אין מענטשן פון טאַט און נישט אין ראָמאַנטי־קער. אַ געוואַגטן און אכזריותדיקן טאַט און אויך אַ געוואַגט און אכזריותדיק דענקען. אכזריותדיק — ווי דער פיינט און שנאָה און מלחמה, ווי דאָס ליידן און תליה, געוואַגט — ווי דער חלום, פרייהייט און נצחון.

און דעריבער נישט נאָר די באַפרייאונגס־חלומות פון טורמע האָבן געריכטעט אונדזערע טריט ביים אַנטלויפן פון זיי. אויך קאַלטע חשבונות, און דער עיקר איין קאַלטער חשבון: די מלחמה־סטראַטע־גיע. פאַראַן, ווען דער קאַלטער חשבון האָט גוזר געווען אויך אויף דיר: זיץ און שווייג! אויך ווען ס׳איז מעגלעך צו אַנטלויפן: זיץ און שווייג. אזוי זענען מיר געזעסן חדשים לאַנגע אין לאַטרון, ווייל דע־מאָלט איז נאָכנישט פאַרפולקאָמט געווען דער בנין פון דעם אונ־טערגרונט און מען האָט נישט געטאָרט פאַראורזאַכן רעוויזיעס און רדיפות.

אָבער דאָסמאָל איז נישט אַזאַ לאַגע. די בריטישע מאַכט אין לאַנד גייט און וואַקלט זיך. דער פראָבלעם פון לאַנד האָט שוין פונ־לאַנג אויפגעהערט צו זיין דער ענין פון דער עקזעקוטיווע און דער רעגירונג פון זיין מאיעסטעט. עס איז שוין פונלאַנג נישט דער ענין פון ד״ר ווייצמאַן און זיינע ידידים פון דאונינג־סטריט.

אין רעזולטאַט פון דעם אונטערגרונט־קאַמף איז דער פראָבלעם אַרויס אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע.

עס איז שוין געשמועסט געוואָרן וועגן אַן אנגלאָ־סאַקסישע קאָ־מיסיע וועלכע וועט „פאָרשן" דאָס פראָבלעם פון לאַנד און וועט פאָר־שלאָגן אַ לעזונג „וואָס לייגט זיך אויפן שכל פון ביידע צדדים". אין דער וועלט וועקט זיך אויף דאָס געוויסן, די מוטערס אין ענגלאַנד דעמאָנסטרירן. זיי ווילן נישט, אַז זייערע זין זאָלן געהרגעט ווערן פאַר אַן ענין, וועלכן זיי פאַרשטייען נישט אויף סאַראַ מאָס איז ער פאַרבינדן מיט דעם בריטישן ענין.

יעדע פרישע אַקציע איז אַ פרישער קלאַפּ פאַר דעם בריטישן פרעסטיזש. מען דאַרף קלאַפּן אין סאַמע האַרץ פון דער אונטערדריי־קונגס־מאַכט. און ס'איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיי מער אָנרירן ווי דאָס דורכברעכן די עכו־טורמע. מען דאַרף איינלייגן די ארץ־יש־ראלדיקע באַסטיליע. מען דאַרף באַפרייען די „גאַנגסטערס", „די פיינט פון אָרדענונג און שלום", וועלכע האָבן מיט שווערער מי זיך איינגעזאַמלט דאָ, דורך מי פון יאָרן, מיטן כוח פון טויזנטער זעלנער, פאָליציי און געהיים־אַגענטן. דאָס דורכברעכן די פעסטונג וועט זיין אַ בולטער באַווייז, אַז זיי קענען מער דאָ נישט הערשן.

און דאָס האַרץ קוועלט־אָן פון פרייד ווען דו שטעלסט זיך פאָר דעם צאָרן פון די ענגלענדער נאָכדעם, ווי ס'וועלן אויפגעשפּאָלטן ווערן די מויערן, נאָכדעם, ווי אַזאַ „אוצר" פון „פאַרברעכער" וועט ממש פון זייערע הענט זיך אַרויסרייסן. עס וועלן זיין באַפעלן, און בילדער, און פרייזן. דער הויך־קאָמיסאַר וועט ווילדעווען, פון לאָנדאָן וועט מען פאַרלאַנגען אַ דין וחשבון, דער הויך־קאָמיסאַר וועט מעלדן: „איך קען נישט מער, און נישט איך בין שולדיק".

מען וועט רופן די פאַרשטייער פון דער אַגענץ אין ביוראָ פון

הויפט סעקרעטאַר, מען וועט מיט זיי רעדן האַרט און דער עיקר: די וועלט וועט לאַכן. די וועלט־פּרעסע וועט פאָדערן „אַ שנעלע לעזונג" פאַרן ארץ־ישראל־פּראָבלעם. אין בריטישן פּאַרלאַמענט וועלן פאָר־קומען אָנפראגן, עס וועט זיך אויפדעקן, אַז מיר האָבן דאָרטן „ידידים" וועלכע זענען זייער באַזאָרגט פון דעם „אנטוויקלען זיך פון דער לאַגע אין פאלעסטיין", זיי וועלן שערטאָקן עצהן מיטצואַרבעטן אויסצוראָ־טן די „טעראָר־נגע" — בקיצור: אַ גרויסער שפּאַן פּאָרויס אין קאַמף פאַרן פאַרטרייבן די ענגלענדער.

און דער געדאַנק פון דורכברעכן די מויערן לאָזט דיך נישט נאָך, כאָטש די זאַך זעט־אויס ווי אַ שגעון. בייטאָג, ביים שפּאַצירן אין הויף אַנטקעגן אויגן, וואָס שפּיאָנירן און אַראַבישע מוסרים, אַנטקע־גן באַוואָפנעטע וועכטער אויף די דעכער אַרום און אַרום, ביינאַכט אויף דיין געלעגער אויף דעם בעטאָן־דיל, אין צעל פון פריינד, איין גע־דאַנק בלויז עקבערט: דורכברעכן! באַפרייאונג און אַ פּרעסטיזש־קלאַפּ דעם פיינט. פאַרשידנאַרטיקע פּלענער. די זאַך מוז געמאַכט ווערן!

ג.

פון זייט מיר האָבן צום ערשטן מאָל באַארבעט דעם פּלאַן, נאָך פאַרן משפּט פון די אָנפאַלער אויף די באַן־וואַרשטאַטן, זענען אַ סך ענדערונגען פאָרגעקומען פון אינעווייניק און פון דרויסן. פון אינע־ווייניק — אַ דאַנק די פאַרבעסערטע באַדינגונגען אין טורמע, איז מעגלעך געווען אויסצונוצן די אומשטענדן און פאַרלייכטערן דעם דורכברוך. אַזוי למשל האָבן מיר געזאַמלט ציווילע קליידער, און ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז עס איז ליבער אין זיי ארויסצוגיין ווי אין די אַרעסטאַנטן־קליידער. די שעהן פון זיין אינדרויסן זענען פאַרלענ־גערט געוואָרן, און ס'איז בעסער אויסצופירן דעם אָנגריף, אויף ווי־פיל ס'איז מעגלעך, אין די שפּעטערע שעהן, מען זאָל נישט דאַרפן אָפּציען ביים טאָג ליכט. פון דרויסן — די מיליטערישע קעמפן, וואָס די סביבה איז פול מיט זיי, צווינגען דיך באַטראַכטן און אויסרעכנען

יעדן שפּאַן און יעדע סעקונדע פון צייט. דער אָנגריף מוז קומען גלייכ־צייטיק פון דרויסן און פון אינעווייניק.

טעג און נעכט האָבן מיר זיך באַמיט צו געפינען אַ לעזונג פאַר די אַלע פּראָבלעמען. די קאָמאַנדירן פון צווישן די אַנפאַלער אויף די וואַרשטאַטן, וועלכע זענען ערשט נישט לאַנג געקומען, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַ סך קאַמף־פּראַקטיק, און געקענט די סביבה מיט אַלע שאָסייען און באַהאַלטענע שטעגן, אַלע די פיל מיליטער־קעמפן פון פיינט און מיר די אַלטגעזעסענע אין טורמע, וואָס מיר האָבן געקענט יעדעס ווינקל, יעדן מנהג און יעדע רעאַגירונג, וואָס אַ געוויסער שריט קען דערוועקן ביי די וועכטער און אַרעסטאַנטן — צוזאַמען האָבן מיר באַאַרבעט אַן מידקייט דעם פּלאַן, צום סוף האָט זיך באַקומען אַ פולשטענדיקע זאַך.

דער פּלאַץ פון דורכברוך, דער אויפן פון זיך דורכרייסן, דער אָנגריף און דאָס אָפּציען. צייט־באַרעכענונגען ביז צו סעקונדן. אַלץ איז אָפּהענגיק אין דער שנעלקייט. אויספירלעכע פּלענער זענען ווי־דער געשיקט געוואָרן צו דער צענטראַלע. טעג פון אויסקוקן און נערוועזיטעט. דער פּלאַן וועט אָנגענומען ווערן אָדער נישט?

אין פאַרלויף פון אַ פּאָר טעג איז געקומען דער ענטפער. דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן! דער ענין איז איבערגעגעבן געוואָרן "דוב'ן". איצט זענען מיר רואיק און זיכער. דער ענין געפינט זיך אין געטרייע הענט. ער וועט אויסגעפירט ווערן. וואָכן פון געשפּאַנטקייט און גרייטונג. בריוו־אויסטוישונגען צוויימאָל אין וואָך. אויך דאָס איז אַ זאַך, וואָס פאַרשאַפט נישט ווייניק נערוועזיטעט. מיר דאַרפן זיך פאַרלאָזן אויף אַן אַראבישן פאַרבינדער. יעדע פאַרשפּעטיקונג ביים באַקומען אַ בריוו ברענגט אַ חשד און אַ זאָרג. איין בריוו אויב וועט אַריינפאַלן אין די ענגלישע הענט, וועלן מיר באַצאָלן נישט נאָר מיטן גאַנצן פּלאַן נאָר מיט אונדזער לעבן. ס'איז דאָך מער ווי זיכער, אַז די ענגלענדער וועלן נישט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט צו פאַרזעצן זיך און לויערן אויף אונדזערע חברים, וואָס וועלן אונדז קומען באַ־פרייען. דער שטאַפּל פון אָבסערוואַציעס און קאָנטראָלעס האַלט ביים פאַרענדיקן זיך און מיר גייען אַריין אין דער פאַזע פון אויספירן. און

פלוצים אַן אַנטוישונג: מען מעלדעט אונדז, אַז מען מוז אָפּלייגן דאָס אויספירן און מאַכן דעם פּלאַן פונדאָסניי. עס זענען צוגעקומען אין דער סביבה נייע מיליטערישע קעמפן. מען מוז ענדערן דעם פּלאַן פון אָפּציען. מען מוז זוכן אַן אַנדערן וועג. די שאָסייען קומען נישט אין באַטראַכט. בלויז איין קליינעם אָפּשניט פון שאָסיי קען מען נוצן און אויך דאָס תוך פאַרכאַפּן פּאָזיציעס און פאַרזיכערונגען.

זייער ביטער איז דער טעם פון אַזאַ אָפּשטופּן.

*

נאָך דעם אָפּשטופּן האָט זיך פּלוצים ווידער געענדערט אונדזער לאַגע אין טורמע.

לויטן אַנטרינונגס־פּלאַן, וואָס איז דורך אונדז באַארבעט געוואָרן, האָבן באַדאַרפט אַנטלויפן אַלע אונדזערע מענטשן און זיבן אצ"לניקעס. כאָטש די צאָל אצ"לניקעס, וואָס איז געווען אין דער צייט פאַרשפּאַרט אין עכו איז נישט קלענער געווען פון אונדזער צאָל, אָבער דאָס רוב זענען עס געווען יינגע בחורים, אין עלטער פון 17—18 יאָר, פון די שוני אַרעסטאַנטן, פאַרמשפּטע אויף 3—5 יאָר, איז נישט כדאי געווען איינצושטעלן זייער לעבן אין אַזאַ געוואַגטער אקציע. מיר האָבן זיי נאָכנישט אויסגעזאָגט דעם פּלאַן, נאָר זיך געווענדעט צו שמעון עמראַני און אים געפרעגט, וואָס איז די צאָל מענטשן ביי זיי, וואָס קומען אין חשבון אָנטיילצונעמען ביי אַ געוואַגטן אַנטלויפן. ער האָט אָנגעוויזן אויף זיבן מענטשן. און פּלוצים האָט זיך די לאַגע געענדערט. די 31 ארעסטאַנטן פון בת־ים, אצ"לניקעס, זענען אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון ירושלים קיין עכו, אויפן אָרט פון די „ביריה" אַרעסטאַנטן, וואָס זענען איבערגעפירט געוואָרן קיין ירושלים. איצט איז די לאַגע אַן אַנדערע. די צאָל אצ"לניקעס וועלכע קומען אין חשבון ביי אַזאַ געוואַגטן אַנטלויפן שטייגט איבער אונדזער צאָל חברים. אָן שום ספק וועלן זיי אויך זוכן אַן אויסוועג. עס וועט זיך אָנהייבן אַ קאָנקורענץ צווישן אונדז. יעדער איינער וועט וועלן אויסכאַפּן. אַיילעניש — הייסט אַן אומגליק. מיר, אינעווייניק, האָבן פאַרשטאַנען די ווערט פון אַזאַ אקציע. ווער עס וועט זי אויספירן — וועט אָן אַ שיעור שטייגן זיין ווערט אלס אַ קעמפּנדיקע

באַוועגונג. אָבער די באַדינגונגען צווינגען אונדז צו זוכן אַ פּשרה. עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ בשותּפותדיקע זיצונג פוןביידע קאָ־מאַנדיר־שטאַבן אויפן פּלאַץ. מיר האָבן אָפן צווישן זיך גערעדט. עס איז קלאָר געווען, אַז אויב וועט איינער פון די צדדים אויספירן אַן אַקציע פון אַנטלויפן, וועט עס פאַרשטעלן דעם וועג פאַרן צווייטן צד. די איינציקע מעגלעכקייט איז אַ בשותּפותדיק אַנטלויפן און דעמאָלט דאַרף אויך דאָס אויספירן זיין אַ בשותּפותדיקס. האָבן מיר געמאָלדן די מענטשן פון אצ״ל, אז מיר האָבן שוין אַ פּלאַן און אז פון אונדזער זייט ווערן געמאַכט פאָרבערייטונגען אים אויסצופירן. מירן גרייט זיין פאָרצולייגן דעם פּלאַן, אויב אינדרויסן וועלן די אָרגאַניזאַציעס צווישן זיך מסכּים זיין בשותּפותדיק אויסצופירן די אקציע. מיר האָבן נאָכנישט געוואוסט די צאָל אנטרינער, אָבער אין פּרינציפּ איז באַשטימט געוואָרן, אַז צווישן די ערשטע 14 וועלן זיין זיבן פון אונדז און זיבן פון זיי און וואָס ווייטער, וועט געמאַכט ווערן דער חשבון לויט דער פּראָפּאָרציע פון אונדזערע אַרעסטאַנטן און די אַרעסטאַנטן פון אצ״ל.

ווען עס זענען אויף אונדזערע בריוו אָנגעקומען די תּשובות פון די צענטראַלעס און אַ מעלדונג, אַז אינדרויסן האָט מען מסכּים געווען אויף אַ בשותּפותדיקער אקציע, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט באַטראַכטן די פּלענער. אויך די אצ״ל־מענטשן האָבן אינצווישן אויס־געאַרבעט אַ פּלאַן, אָבער ער איז פּסול געוואָרן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצופירן לויט אונדזער פּלאַן. די וועגן פון אָפּציען דאַרף מען באַשטימען אינדרויסן צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען.

## ד.

דאָס קומען פון די 31 בחורים, אַלע קעמפער, גלייך ווי די אַנ־פּאַלער אויף די באַן־וואַרשטאַטן, האָט ווידער משפּיע געווען אין אַ גרויסער מאָס אויף דעם פאַרבעסערן זיך פון די באַדינגונגען אין טורמע. צו אונדזערע פאָדערונגען איז קיין גרעניץ נישט געווען. פון איצט אָן נאָמינירט מען אויך יידן פאַר אויפזעער איבער די וואַר־שטאַטן אין טורמע, זיי באַקומען ראַנגעס און פּריווילעגיעס. דאָס

דערמעגלעכט אונדז אַ צוטריט צו יעדן אָרט. די באַפּעדערטע האָבן אַ רעכט צו שפּילן פוסבאַל אויפן פּלאַץ, וואָס איז פאַראַן ביי דער טורמע, באַקומען באַזוכן אין צימער, פּנים אל פּנים און נישט דורך אַ פּלויט אא״וו. דאָס אַלץ, גיט ברייטע מעגלעכקייטן צו זוכן אַן אַרויס־גאַנג פון טורמע. צוויי פון די יידישע אַרעסטאַנטן, ירוחם פון אצ״ל (וועלכער איז געזעסן אין טורמע אונטער אַ פאַלשן נאָמען חיים לוסטער, אין דער צייט, וואָס ירוחמ׳ן האָט די מאַכט ווייטער געזוכט אינדרויסן) און איך, זענען אנערקענט געוואָרן אלס פאָרשטייער פון די יידישע אַרעסטאַנטן, און מיר האָבן געקענט זיך אַרומדרייען נישט געשטערט, אין די ביוראָען, אין די אָפיצערן צימערן, אין די וואַר־שטאַטן און אין שפּיטאָל. ביז שפּעט האָבן מיר געקענט פאַרברענגען אין הויף. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ פלעג פאַרברייטערן די מעג־לעכקייטן פאַר קאָנטראָלע און אויסרעכענונג. אויך אין טורמע אַריין האָט מען געבראַכט אַ באַל און די יידישע ארעסטאַנטן האָבן פאַר־נאַכט געקענט שפּילן האַנט־באָל אָדער פליי־באָל. אויך דאָס וועט ברענגען נוצן ווען מען וועט דאַרפן.

דערווייל אַנטלויפט די צייט און וואָך וואָך שיקן מיר בריוו און פרעגן אָן, צי עס איז שוין באשטימט געוואָרן דער וועג פאַר אָפּציען און די צייט פאַרן אָנגריף? און יעדעס מאָל די זעלבע תשובה: „מיר זוכן נאָך אַלץ. עס איז שווער, אָבער זייט רואיק. מירן אויספירן די אַקציע פאַר יעדן פּרייז!״ צום סוף האָט געפּלאַצט אונדזער געדולד. שוין העכער דריי חדשים זענען פאַרביי מיט אָפּלייגן און מען קען נישט וויסן, ווען סוף סוף וועלן זיי געפינען דעם וועג פאַר אָפּציען. מיר האָבן אַן אַלטערנאַטיוון פּלאַן: מירן גראָבן אַ טונעל. מיר האָבן אויסגעפינען, אז די פעסטונג פון דרויסן איז א סך העכער ווי פון אינעווייניק. דער פליגל, וואָס גייט־ארויס צו א געסל פון דער אלט־שטאָט אין עכו, איז פון דער זייט פון גאָס א דריי שטאָק די הייך. פון דער הויף־זייט איז עס נישט מער ווי איין שטאָק. מיר האָבן אויסגעפינען, אז די איבעריקע פליגל זענען אויך פון דרויסן העכער ווי פון אינעווייניק. איז וואָס־זשע געפינט זיך פון אונטער אונדזערע צעלעס? צי איז דאָרט פאראן א חלל?

זוכנדיק א לעזונג פאר דער פראגע, האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן פאָרשן די אַרכיטעקטור פון די מיטלאַלטערלעכע פעסטונגען. מיר האָבן געזוכט אין ביכער און צום סוף געקומען צום אויספיר, אז אין דער פעסטונג מוזן זיך געפינען טונעלן, וואָס פירן אין דרויסן ארויס. אזוי פלעג מען בויען פעסטונגען. מיר האָבן זיך דערמאָנט, אז אין יאָר 1938 ווען עס זענען געזעסן 43 „הגנה"־ארעסטאנטן, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן בעת דער אַרבעט אויף א לאָך, וואָס האָט זיך געפינען אין ראָוו, וועלכער רינגלט ארום די פעסטונג. איינער פון זיי איז ארייננעגאנגען און נאָכן גיין א שטיקל צייט אין א טונעל, האָט ער זיך פלוצים געפינען פון אויסער דער פעסטונג.

פאַרוואָס, אַלזאָ, זאָלן מיר פארלירן צייט און זיצן מיט פארלייגטע הענט? לאָמיר אָנהייבן גראָבן אין דער טיף, ביז מירן דורכהאַקן דעם דיל און דערגיין צו די זאַלן וועלכע געפינען זיך, אָן שום ספק, אונטער אונדז. דאָרט וועלן מיר זוכן דעם ארייננאנג צו דעם טונעל, אָדער מירן דורכהאַקן די מויער און ארויס דורך די געסלעך פון עכו.

עס איז ווידער אָפּגעהאַלטן געוואָרן א זיצונג, באַשטימט דעם צימער וואו מען וועט גראָבן און באשטימט די ארבעט. די צעל וואו עס וועט זיך פירן די ארבעט, וועט זיין באוואוינט דורך אצ"ל־מענטשן און לח"י גלייך אויף גלייך. אלס אָנפירער פונעם גראָבן איז אויס־געוויילט געוואָרן יהושע זעטלער, וועלכער איז אויך אינצווישן איבער־געפירט געוואָרן פון ירושלים קיין עכו, נאָכדעם, ווי עס האָט דאָרט אויסגעבראָכן א געשלעג צווישן אַראַבער און יידן. יהושע האָט געהאַט פראַקטיק פון גראָבן אין אַ וואַנט. ער האָט געגראָבן אין ירושלים.

מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן דעם טונעל. פון אַ זייל אין צעל נומער 28, זענען ארויסגענומען געוואָרן צוויי גרויסע שטיינער. עס איז נישט לייכט, פארשטייט זיך, ארויסצונעמען שטיינער פון דער וואַנט ווען דו געפינסט זיך אָן אויפהער אונטער אַ וואַך פון פּאָלי־ציאַנטן, וואָס דרייען זיך אין די קאָרידאָרן אין ביידע זייטן צעל. ליגנדיק אונטער אַ בעט דארפסטו שטילערהייט איינקריצן א קרייז אין דער וואַנט ביז עס באקומט זיך א שפּאַלט ארום דעם זייל. איצט

דאַרף מען צערירן דעם שטיין ביז ער וועט זיך אָפּרייסן פונעם צווייטן און רואיק אים ארויסנעמען מען זאָל נישט דערהערן.

נאָכן ארויסנעמען די שטיינער, האָבן מיר צוגעפּאַסט א פּלאַטע צעמענט אין דער גרייס פון דער עפענונג. דאָס איז געווען די פאַרמאַ־כונג. פון אויסן איז עס געווען איבערגעצויגן מיט א שיכטע גיבס. אויך די שפּאַלט ארום דער פארמאַכונג האָבן מיר פארשטאָפּט מיט גיבס. נאָכן פארקאַלעכן האָט מען נישט געקענט דערקענען, אז ס'איז פאַראַן דאָרט אן עפענונג. די וואַנט איז געווען גלאַט און ווייס. קיינער וועט נישט דערקענען, אז דאָ ווערט געגראָבן א טונעל.

דאָס גראָבן איז צוגעגאַנגען פּאַמעלעך. און ווייל דער זייל, אין וועלכן מען האָט אָנגעהויבן גראָבן דעם טונעל, איז געווען געבויט פון שטיינער און פון א מין ליים, וועלכער האָט זיך אויך פאַרהאַר־טעוועט אויף שטיין, האָבן מיר נישט געקענט פאָרויסגיין מער ווי דריי ביז פינף סענטימעטער א טאָג. די אַרבעט האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן מיט דער הילף פון אַ שאַרפער כלי. מען האָט זיך נישט געטאָרט באַניצן מיט א שטאַמאייזן און מיט אַ האַמער, ווייל דאָס קלאַפּן וואָלט באַלד אויפמערקזאַם געמאַכט די פּאָליציאַנטן.

דאָס גראָבן דעם טונעל האָבן מיר אָנגעהויבן ווי אַ באַגלייטונגס־ענין. מיר האָבן נישט נאָכגעלאָזט די אָנשטרענגונגען אויף אַרויס פון טורמע מיט א שטורעם פון אן אָנגריף.

*

אינדרויסן שטייט דער ישוב איינגאַנצן דערשטוינט אַנטקעגן דער העלדישער האַלטונג פון דוב גרונער, וועלכער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און שוין וואָכן אויף וואָכן, איז ער פאַרשפּאַרט אין תליה־קאַרצער אין ירושלימער טורמע און די ענגלענדער וואַגן נישט אויס־צופירן די עקזעקוציע. אויך די וועלט פּרעסע איז פול ידיעות איבער דעם, וואָס קומט־פאָר אין דער דאָזיקער קליינער צעל פון דער טורמע אין ירושלים. דוב'ן איז צוגעקומען א געזעלשאַפט. נאָך דריי אצ"ל־ניקעס זענען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט און אויך זייער אורטייל איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן מיליטער־קאָמאַנדיר.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג זענען איבערגעפירט געוואָרן די פיר

פאראורטיילטע אין תליה־קאַרצער קיין עכו. בדרך כלל האָבן מיר נישט קיין מעגלעכקייט צוצוקומען צו זיי. אָבער אין דער צייט ווען מיר, די בעלי־ראַנגעס, גייען־אַרויס אין אויסערלעכן הויף פון דער פעסטונג שפּילן פוס־באַל, געפינען זיך די פאראורטיילטע אויפן „שפּאַציר", וואָס קומט־פאָר אין איינס פון די קאַמערן, וואָס זיין טיר גייט אַרויס צו דעם שמאָלן קאָרידאָר, וועלכער טיילט־אָפּ דעם בנין פון די ביוראָען און דעם פלויט פון הויף. צוריקגייענדיק פונעם שפּיל, געפינען זיך די פאראורטיילטע נעבן דער טיר און אַמאָל געלונגט אונדז אויסצוטוישן אַ פּאָר ווערטער.

## ה.

מיטן אָנקומען פון די פאראורטיילטע, האָבן מיר אָנגעהויבן שיקן בריוו צו די חברים וועגן דעם אָנגריף. עס איז דאָ א פאַרדאַכט, אַז מען האָט זיי אַהער געבראַכט, ווייל די מאַכט האַלט ביים אויפהענגען זיי אין עכו און נישט אין ירושלים. דאָס דורכברעכן די מויערן קען זיי ראַטעווען פון דער תליה!

איך בין שטאַרק איבעראַשט געוואָרן, ווען א פּאָר טעג נאָכן קומען פון די פאראורטיילטע, האָב איך באַמערקט עפּעס א „פאַרדעכטיקטע" באַוועגונג צווישן די אצ"לניקעס. זיי האָבן געוואַשן זייערע ציווילע קליידער, זיך פאַרזאַמלט אין צעלע ביי פּאַרמאַכטע טירן און לאָדנס, זיך געשעפּטשעט און געסודעט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס־וואָס וועבט זיך דאָ. אַנטקעגן די פריינדלעכע באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן אונדז, פון זייט מיר האָבן באַשלאָסן אויסצופירן דעם דורכברוך צוזאַמען און פון זייט מיר האָבן בשותפות געגראָבן דעם טונעל, איז געווען די סודותקייט, וועלכע האָט אַרומגענומען די טאַטן פון אונדזערע פריינד אַ מאָדנע און דערוועקט פאַרדאַכט. מיר האָבן זיך געזען באַפולמעכטיקט צו פאָדערן דערקלערונגען. איך האָב זיך געווענדעט צו ירוחם׳ן און דעמאָלט האָט ער מיר מודיע געווען, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אליין אויסצופירן דעם דורכברוך, אַז אונדזער צענטראַלע האָט עס באַשטעטיקט און אַז די דאַטע איז באַשטימט געוואָרן אויף דאָנערשטיק, כ"ח אין ניסן. די צאָל לח"יניקעס וואָס וועט

אַנטלויפן ביים דורכברוך, איז נאָכנישט באַשטימט געוואָרן, אָבער אין די נאָענטסטע טעג וועלן מיר וועגן דעם באַקומען אַ מעלדונג.

צו אונדזער כעס איז קיין גרעניץ נישט געווען. דער פּלאַן איז אונדזערער, די ערשטע פאַרבערייטונגען זענען דורך אונדז געמאַכט געוואָרן. נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אַלץ אָפנהערציק און גרייט געווען זיך טיילן מיט זיי מיטן אויספירן, נעמען זיי אַלץ אין זייערע הענט אַריין און געוואָרן בעלי־בתים איבערן דורכברעכן און איבערן אַנטלויפן און זיי וועלן אונדז באַשטימען די צאָל אַנטלויפער פון אונדזער זייט!

מיר האָבן געשיקט צו נתן פרידמאַן־יעלין אַ בריוו פול מיט פאַרביטערונג. „פאַרוואָס האָט איר פאַרציכטעט אויף אונדזער חלק אין אויספירן די אַקציע?" — האָבן מיר געפרעגט. „צי איז עס אייך נישט קלאָר, אַז דער פּרעסטיזש פון דעם, וואָס וועט דורכברעכן די מויערן פון דער פעסטונג וועט זייער שטייגן?" אויף דעם בריוו האָט פרידמאַן־יעלין אונדז געענטפערט, אַז עס איז קיין ברירה נישט געווען. ער האָט זיך געטראָפן מיט מנחם בעגין און ער האָט זיך באַנוצט מיטן מאָטיוו פון ראַטעווען די פאַראורטיילטע, אַז ביי זיי איז שוין אַלץ גרייט, אַז עס איז פאַראַן אַ גרעסערע זיכערקייט ביים אויספירן פון איין צד, ווען די מענטשן זענען געוואוינט צו אַרבעטן געמיינזאַם. אַלע באַגרינדונגען חוץ די אמתע באַגרינדונג: דאָס דערהייבן דעם פּרעסטיזש. „מיר האָבן זיך נישט געקענט איינשפּאַרן" — האָט פרידמאַן־יעלין געשריבן — „ווייל דעמאָלט וואָלט מען אָפּגעלייגט דאָס אויספירן, און ווער ווייסט, צי מיר וועלן נישט פאַרשפּעטיקן די צייט צו ראַטעווען די פאַראורטיילטע. כ'האָב דאָס נישט געקענט נעמען אויף מיין געוויסן..."

נישט האָבנדיק קיין ברירה האָבן מיר זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז דער קלאַפּ, וואָס דער פיינט וועט כאַפּן דורכן באַפרייען די פאַראורטיילטע, וועט זיין זיבן מאָל שטאַרקער.

*

אין צוויי טעג אַרום וועט אויסגעפירט ווערן די אַקציע. איך ווייס נישט צו די פאַראורטיילטע ווייסן שוין פון די פאַרבערייטונגען. דאָס איז נישט געווען מיין אויפגאַבע צו רעדן מיט זיי וועגן דעם, ווען איך

האָב זיך אומגעקערט דעם טאָג פון פוס־באָל שפּיל, האָבן די פּאַר־אורטיילטע שפּאַצירט אין זייער שפּאַציר־צעל. נעבן צעל איז געשטאַנען א בריטישער פּאָליציאַנט אויף וואַך. איך בין געווען אין גוטע באַציאונגען מיט דעם ענגלענדער און ער האָט מיר נישט געשטערט צו גיין צו די פּאַראורטיילטע. דורך דער פאַרקראַטעווטער טיר האָבן מיר זיך געדריקט די הענט. זיי זענען געווען אין א גוטער שטימונג. גרונער איז געווען נאָך אן אָפּעראַציע און ס׳איז אים געווען שווער צו רעדן. איך האָב אים געפרעגט צי ער האָט עפּעס ידיעות אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין פאָרן קיין ענגלאַנד וועגן אַן אַפּעלאַציע פאַרן קעניגליכן ראַט, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך בין באמת אזוי נאַאיוו און גלויב, אז די אַפּעלאַציע וועט פאָרקומען. די איבעריקע דריי האָבן ארומגערודערט און ארומגעשפּאַסט. זייער קורץ איז געווען דאָס געשפּרעך, ווייל מען האָט אַ זאָג געטאָן, אז דער אָנפירער דער־נענטערט זיך, און דער פּאָליציאנט האָט מיך געבעטן איך זאָל זיך אָפּטראָגן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט א „ווידערזען!״

דער באַדייט פון דעם „ווידערזען״ איז געווען, אז זיי זאָלן ארויס פון תליה־קאַרצער.

*

גאַנץ פרי איז א שרעקלעכע בשורה ארונטערגעקומען אין טורמע אריין. ביי נאַכט האָט מען אלע פיר געהאנגען.

צי קענסטו דיר פאָרשטעלן דאָס געפיל ? ! דו וועקסט זיך אויף און עפנדיק די אויגן דערוואוסטו זיך, אַז דאָ, אין דיין נאָענט, בעת דו ביסט געשלאָפן דיין שלאָף, האָט מען אויפגעהאָנגען פיר מענטשן, פיר חברים צו געווער, פיר טייערע קעמפער. די יעניקע, מיט וועלכע האָסט נעכטן געשמועסט. דו ווייסט, אַז דאָס גאַנצע לעבן וועסטו זיי זען פאַר דיינע אויגן שטייען ביי דער פאַרקראַטעווטער טיר, אין זייערע רויטע קליידער, פריילעכע און לאכנדיקע. פיר קעמפער...

א שווערער טרויער איז אַראָפּ איבער דער טורמע. טרויער און צאָרן. קיין ענגלענדער האָט נישט געוואַגט דעם טאָג אריינצוקומען אין הויף. א שטילשווייגן האָט געהערשט אין טורמע. אויך די אראבער האָבן נישט געוואַגט זי צוצעשטערן. רואיק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ

זענען זיי געגאַנגען צו דער אַרבעט און אונדז געקומען טרייסטן.

צייטונגען זענען אין דעם טאָג נישט אָנגעקומען, ווייל אויסנאַם־צושטאַנד איז אויסגערופן געוואָרן אינדרויסן. נאָר דורכן ראַדיאָ האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס זענען אַרויס נייע תליה־געזעצן. פון איצט אָן דאַרף מען נישט מעלדן וועגן דער דאַטע פון גיין אויף דער תליה און מען איז נישט מחוייב צו ברענגען אַ רב פאַר דער לעצטער ווידוי. דאָסמאָל זענען די געזעצן געקומען לאַחר מעשה...

## ו.

דאָס אויספירן די אַקציע איז ווידער אָפּגעלייגט געוואָרן. איצט איז שוין דאָ צייט. וואָס עס איז אָנגעגרייט געוואָרן אין אַ־ילעניש, בכדי צו ראַטעווען די פּאַראַורטיילטע, — פּאַרלאַנגט אַ נייע קאָנטראָלע און אַן אויסבעסערונג. אָבער דאָס פּאַרציכטן אונדזערס אָנטיילצונעמען אין דעם אויספירן די אַטאַקע איז פעסטגעבליבן. דער אצ״ל האָט געוועלטיקט איבערן ענין.

דאָסמאָל האָט דאָס אָפּלייגן נישט געדויערט קיין לאַנגע צייט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז באַשטימט געוואָרן די ענטגילטיקע דאַטע פאַרן אָנגריף:

זונטיק, דעם 4 מאַי 1946, צווישן 4.30—4 נאָכמיטאָג וועט אויסגעפירט ווערן דער אָנגריף. חוץ די פאַראַנטוואָרטלעכע פון אצ״ל און לח״י, ביי אַ 10 מענטשן, האָבן די איבעריקע נישט געוואוסט, וואָס עס גייט דאָ פאַסירן. זיצונגען און באַראַטונגען אָן אויפהער. יעדער פּרט פון פּלאַן באַקלערט און באַרעכנט. דאָ און דאָרטן דערוועקט זיך אַ שטרייט. דער הויפּט־שטרייט־פּונקט איז: די צאָל מענטשן פון יעדן צד. מיר טענהען אין נאָמען פון דעם כלל אויף וועלכן מיר האָבן מסכים געווען. די מענטשן פון אצ״ל פירן זיך אויף ווי „בעלי־בתים״. עס איז ביי זיי שוין מער נישט קיין שותפות. און אַזוי איז אַרויס, אַז בלויז 11 פון 42 אַנטרינער, זענען געווען לח״יניקעס. דער סיכסוך וועגן דעם איז אָנגעגאַנגען ביזן לעצטן מאָמענט, אָבער עס איז נישט מעגלעך געווען גאָרנישט צו ענדערן.

*

אַ וואָך פאַרן אַנטלויפן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אויפּרייס־מאַטעריאַל אין טורמע אריין. דאָס מאַטעריאַל איז געקומען אין שאַכט־לען פון סיגארעטן און פון מאַרמאָלאַדע. דאָסמאָל דווקא איז אונדז נישט געלונגען אדורכצופירן די פושקעס מאַרמאָלאַדע אָן א קאָנטראָלע. די רעוויזיע איבער די זאַכן וועלכע די קרובים פלעגן ברענגען בעתן שבתדיקן באזוך, איז פאָרגעקומען אין אויסערלעכן הויף פון טורמע. אויף טישן ליגן די פעקלעך און דער אָנפירער בכבודו ובעצמו דערי־גירט איבער דער רעוויזיע. יעדע פושקע, יעדעס בגד ווערט שטרענג אונטערזוכט. א בריטישער סערזשאַנט שניידט מיט א מעסער די קוכנס און קאָנטראָלירט די טיפקייט פון די פושקעס און קעסטלעך פון אינעווייניק און פון דרויסן. אפשר איז פאַראַן אַ טאָפּלטער דנאָ. זייענדיק דער פאָרשטייער פון די אַרעסטאַנטן, איז מיר דערלויבט געווען זיך צוקוקן פון ווייטן צו דער רעוויזיע. אָט איז געקומען די ריי פון די מאַרמאָלאַדע פושקעס, דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק. דער ענגלישער סערזשאַנט עפנט דאָס דעקל און שטעקט אריין דאָס מעסער. ער קאָנטראָלירט די טיפקייט פון אינעווייניק און פון דרויסן. אין אָרדע־נונג. עס איז נישטאָ קיין טאָפּלטער דנאָ. א צווייטע פושקע. דאָ איז געשען עפּעס דראַמאַטישעס. ער האָט אריינגעשטעקט דאָס מעסער און ווען ער האָט עס ארויסגענומען האָט ער מיטגעשלעפּט אויפן שפּיץ א שטיקל דזשעליגניט. די נשמה איז מיר ארויס. איך האָב געפילט, אז איך ווער בלאַס. אינעווייניק אין די צעלעס איז אַלץ אָפן. באַלד קען זיין א רעוויזיע. זיי וועלן געפינען פּלענער, בריוו מאַטעריאַל... אַלץ איז דורכגעפאַלן!

דער סערזשאַנט קאָנטראָלירט רואיק די מציאה, שמעקט, און ווייזט עס דעם אָנפירער. יענער קוקט זיך איין אין „חפץ" און דערנאָך אין דער פושקע און רואיק מיט זיכערקייט דערקלערט ער דעם סער־זשאַנט: 'It's jam' (עס איז מאַרמאָלאַדע). דער סערזשאַנט האָט צוריקגעלייגט דאָס שטיקל דזשעליגנייט אין פושקע אַריין, זי פאַרמאַכט, אַוועקגערוקט און צוגעגאַנגען צו אַן אַנדערער זאַך. מיין האַרץ האָט נאָך אַלץ שטאַרק געקלאַפּט. איך האָב געפילט, אז א קאַלטער שווייס

האָט מיך באַדעקט. ווען די רעוויזיע האָט זיך פאַרענדיקט האָט מען די אַלע זאַכן אַריינגענומען אינעווייניק און צעטיילט צווישן די אַרעסטאַנטן. אויך די מאַרמאַלאַדע איז אַריינגעבראַכט געוואָרן. גוט, וואָס עס איז נישט איינגעפאַלן דעם סערזשאַנט צו פאַרזוכן פון איר.

*

עס האָבן זיך ווידער געביטן די אָנפירער אין עכו. נאָכן הענגען די פיר, האָט מיסטער קלאַו מער נישט געקענט בלייבן. כאָטש מיר האָבן נישט געוואָלט פאַרשאַרפן די באַציאונגען פאַרן אַנטלויפן, איז שווער געווען ווייטער אָנצוהאַלטן די ידידות מיט אַ מענטש, וועמענס הענט זענען געווען איינגעשמירט מיטן בלוט פון אונדזערע ברידער. ווייזט־אויס, אַז אויך די מאַכט, וואָס איז איבער אים, האָט מורא געהאַט פאַר אַ נקמה אַקט פון אונדזער זייט, און האָט איבערגעפירט דעם קאַפּיטאַן קלאַו אין שכמער טורמע און אויף זיין פּלאַץ איז אַהער געקומען, מאַיאָר טשאַרלטאָן, אויך ער איז מיר באַקאַנט פון ירושלים.

מאַיאָר טשאַרלטאָן האָט נישט געקענט פאַרליידן די אָרדענונג, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין משך פון דער צייט. ער האָט געוואָלט אַלץ צוריקברענגען צו דער פריערדיקער לאַגע. מיט מוט און מיט ביטערקייט איז ער צוגעטרעטן איינפירן דעם ניי־אַלטן סדר.

פרייטיק, צוויי טעג פאַרן אַנטלויפן, האָט מיך דער מאַיאָר איינגע־לאַדן און מיר מודיע געווען, אַז מען דאַרף צוריקגעבן אַלע ציווילע קליידער וועלכע געפינען זיך אין אונדזער באַזיץ און מיר וועלן מוזן אַרומגיין בלויז אין די אַרעסטאַנטן־קליידער.

אין אַנדערע באַדינגונגען וואָלט אונדזער תשובה געווען: ניין! דאָס וואָלט גורם געווען צוזאַמענשטויסן, שטרייקן, רעוויזיעס, רע־פּרעסיעס, דעמאָנסטראַציעס אא״וו. דאָסמאָל איז עס מער קאָמפּלי־צירט. מען דאַרף אויסמיידן שטערונגעןביים פאָרבערייטן דאָס אַנט־לויפן. נאָך אין צוויי טעג אַרום וועלן מיר במילא זיך נישט נויטיקן אין ציווילע קליידער. דערווייל איז אוממעגלעך אָן זיי. איך האָב אים דערקלערט, אַז זיין פאָדערונג וועט ברענגען אָן אויפרעגונג צווישן די אַרעסטאַנטן, אָבער איך פאַרשטיי, אַז לויטן שטאַנדפּונקט פון דער דירעקציע דאַרף מען אויספירן די אָנווייזונג. איך וועל זיך באַמיען

אויסצוניצן מיין איינפלוס און איבערצייגן די חברים־ארעסטאנטן, זיי זאָלן מסכים זיין אומצוקערן די ציווילע קליידער זייערע קרובים. פון מאָנטיק אָן (ד. ה. אַ טאָג נאָך דער דורכברוך־דאטע) וועלן די אַרעס־טאַנטן שוין מער נישט האָבן קיין ציווילע קליידער. מיין געלאַסנקייט האָט אים איבעראשט און אים צופרידנגעשטעלט.

*

שבת, איין טאָג בלויז פאַרן אנטלויפן, האָבן מיר געמאָלדן אלע אונדזערע מענטשן וועגן וואָס עס האַלט ביי פאַסירן. אויף די אינער־לעכע פארזאמלונגען, אויף די מסיבות פון „עונג שבת", וואָס זענען איינגעפירט אין טורמע, איז איבערגעגעבן געוואָרן די מעלדונג אלע חברים פון דער באוועגונג. א שמחה און א נידערגעשלאָגנקייט. אייניקע פרייען זיך, וואָס זייער נאָמען איז אויף דער רשימה פון די אנטלויפער און אנדערע זענען נידערשלאָגן — וואָס זייערע נעמען זענען נישט פאראן אויף דער רשימה. א שמחה, א נידערגעשלאָגנקייט און א זאָרג. עס איז שווער דאָס צעשיידן זיך פון חברים שותפים צו גורל, שותפים צו קאמף, צו ליידן, און שותפים צו טרוים. און אָט דאַרף מען זיי איבערלאָזן. עס איז שווער צו קוקן אויף די, וואָס בלייבן. עפעס א מין טיפער אומעט איז אויף זייערע פנימער. און יעדער ווייסט, אז די זאַך איז געוואַגט און מסוכנדיק. ווער ווייסט ווען מיר וועלן זיך ווידער זען און צו וועלן מיר זיך בכלל זען?...

אין אזא אַטמאָספער ווערן געמאַכט די לעצטע צוגרייטונגען: מען צעטיילט אָנווייזונגען און אויפגאַבן. ביזן אויפרייס דאַרף אלץ זיין כלפּי חוץ ווי נעכטן, אייערנעכטן. עס טאָר נישט דערשפּירט ווערן קיין שום באוועגונג. אלץ דאַרף זיך געוועגלעך פירן ווי יעדן טאָג. אין דער שעה, צווישן 5—4 זענען מיר געוואָוינט צו שפילן אין הויף האַנט־באַל. בלויז די, וועמעס גורל איז איבערצובלייבן — וועלן דאָסמאָל שפּילן, די אנטלויפער וועלן זיך שוין געפינען אין די צימערן, אנגע־טוען און גרייט צום צייכן.

אַ ליל שמורים איז געווען די נאַכט פון פאַרן אַנטלויפן. דאָס אַנט־לויפן איז נישט גלייך צו אַן אַנדער אַקציע. אַ גרעסערע אָנרעגונג. די נאַכט, האָט מיר דערמאָנט אָן דער נאַכט פון אַנטלויפן פון לאַטרון. איך

האָב דערמאָלט נישט געוואוסט, אַז דאָס איז נישט פאַר מיר די לעצטע ליל שמורים פון אַזאַ סאָרט. אויך איצט האָב איך נישט געדענקט, אַז עס זענען נאָך אָנגעגרייט פאַר מיר וואָך נעכט פון פאַר אַנטלויפן. די מענטשן פאַרזוכן שלאָפן. עס שטעלט זיך איין אַ שטילקייט. עמעץ דרייט זיך איבער אויפן געלעגער, איינער צינדט־אָן אַ סיגאַרעט, און פלוצים שטעלט זיך ארויס, אז קיינער שלאָפט נישט. עמעץ קומט צו מיר, זעצט זיך אַוועק אויף מיין שטרויזאַק און דערקלערט: איך וועל גיין אויסער דעם חשבון. אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט... איך וועל זיך געפינען אַ דעקונג אין שטאָט. אָדער איך וועל גיין צופוס דורך די פעלדער ביז חיפה. וואָס אַרט דיך? אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר וועלן דאָך אַ צווייטמאָל נישט קענען דורכברעכן..."

איך פאַרשטיי אים. אָבער אַזאַ מעשה הייסט זעלבסטמאָרד. ס'איז אוממעגלעך צו דערלויבן...

מיט אַזעלכע געשפרעכן, אין דער שטיל, דער וועכטער זאָל נישט הערן אז מיר זענען וואַך, — פאַרגייט די נאַכט.

און ווען דער מאָרגן שיינט־אויף, פילסטו נישט קיין מידקייט און ס'גליסט זיך נישט שלאָפן. אַן אַנגענעם געפיל פון צעשיידן זיך פון די דאָזיקע פאַרשאָלטענע מויערן.

עס איז נאָך איבערגעבליבן פאַרשידנס צו דערליידיקן. די אַנטרינער זענען איינגעטיילט אין דריי גרופן. אויף יעדער גרופע וועט אינדרויסן וואַרטן אַ מאַשין. מען דאַרף איינזאַמלען די גרופן און דאָס לעצטע מאָל דערקלערן די אַקציע לויט אירע אַלע פרטים.

מיטן דערהערן דעם אויפרייס וועט די ערשטע גרופע אַרויס פון אָפענעם צעל, וועט צו צום אייזערנעם טויער, וועלכער פירט צום קאָרידאָר דורך וועלכן עס איז מעגלעך אָנצוקומען צום אויסברוך, זי וועט צובינדן אַ פעקל אויפרייס־מאַטעריאַל צום שלאָס פון טויער, און נאָכן אויפרייסן דעם טויער וועט זי זיך פעדערן מיטן קאָרידאָר, זי וועט אויפרייסן די טיר, וואָס טיילט־אָפּ צווישן די קאָרידאָרן, אזוי אַרום וועט דער וועג צום אויסברוך אָפן זיין. פון אויסברוך דאַרף מען ארויף אויפן דאַך פון דער טערקישער באָד און פון דאָרטן ארונטער אויפן באָדן.

אין דער צייט וועט גרופע 2 פאַרכאַפּן אַ פאָזיציע לענגאויס דעם

הויף, און באַוואָפּנטע מיט שטעקנס פאַרזיכערן די אַנטרינער פאַר די אַראַבישע ארעסטאַנטן וועלכע וועלן אפשר שטערן. זי וועט זיך פעדערן צום אויסברוך באַלד נאָך דער ערשטער גרופּע.

די שווערסטע אַרבעט ליגט אויף דער גרופּע 3. זיי דאַרפן פאַר־שטעלן מיט פּייער דעם אַריינגאַנג אין הויף אריין. (באַנקעס בענזין און נאַפט זענען אָנגעגרייט געוואָרן אין קיך), וואַרפן אַ רעש־גראַנאַט אויפן דאַך ארויף, כדי אַיינצושטילן די פּאָליציאַנטן, די באַוואָפנטע מיט ביקסן און מאַשין־געווער און זיי צווינגען צו ליגן. און באַלד וועט אויך די גרופּע זיך פעדערן צום אויסברוך. דאָס אַלץ דאַרף נישט דויערן מער ווי צוויי מינוט.

יעדער גרופּע ווערט געגעבן דערקלערונגען, יעדן מענטש איז באַשטימט געוואָרן זיין אויפגאַבע. מען טיילט־איין די קליידער, שטע־קענס און באַנדאַזשן פאַר ערשטע הילף אא״וו.

ווען עס וועט זיך דערהערן דער אויפרייס דאַרפן זיך אַלע די, וואָס בלייבן איבער, קאָנצענטרירן אין איין צימער און זיך באַפעסטיקן, ווייל טאָמער וועלן די פּאָליציאַנטן שיסן פונעם דאַך, אָדער די אַראַבי־שע ארעסטאַנטן קאָנען באַפאַלן אין פאַל ווען עמעץ פון זיי וועט געשע־דיקט ווערן בעת די אויפרייסונגען.

די שטימונג פון די אַנטרינער איז אַ געהויבענע. סוף־סוף איז געקומען דער גרויסער מאָמענט. יעדער איז זיכער אין אַ פולער הצלחה. איך האָב געפרעגט שמשון ווילנער „וואָס זאָגט דיר דאָס הארץ?״ „איך האָב קיין שום ספק נישט, אז מיר וועלן מצליח זיין. מאָרגן אין דער שעה וועלן מיר ארומשפּאַצירן אויפן ברעג ים אין תל־אביב״ — האָט ער מיט אַ געלעכטער געזאָגט — „איך בין פולשטענדיק רואיק. איך גיי זיך אַביסל צולייגן״. און דער קאַלטבלוטיקער שמשון איז געשלאָפן זיין שטענדיקן נאָכמיטאָג־שלאָף. און דאָס זענען זיינע לעצטע לעבנס־שעהן. כמעט אין דער לעצטער מינוט איז ער צוגעטיילט געוואָרן צו דער ערשטער גרופּע. ער איז אַ שאָפער, און עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז אין דער גרופּע איז פאַראַן בלויז איין רעזערווע שאָפער, בעת אין דער דריטער גרופּע זענען פאַראַן דריי. יהושע בעקער, וועלכער איז אויף זיין פּלאַץ איבערגעפירט געוואָרן אין דער

דריטער גרופּע — האָט פּאַרדראָסן, ווייל ער האָט געוואָלט זיין צווישן די ערשטע. זייער הצלחה האָט אים אויסגעוויזן מער געזיכערט...

יהושע בעקער איז אַרויס אויף דער פריי, שמשון — צום טויט.

אין אַזאַ טאָג קריכן די שעהן לאַנגזאַם. און כאָטש עס איז זיכער, אַז סוף־סוף וועט אויך קומען די שעה 4 נאָכמיטאָג, זעט זיך אויס ווי דער מענטש זאָל צווייפלען אין דער זאַך. אָבער די געזעצן פון נאַטור, פאַרשטייט זיך, פאַרזאָגן נישט.

אַ זייגער 3.30 האָבן די גרופּן זיך שוין געפונען אין די צימערן. יעדע גרופּע אין איר צימער. די צעלעס זענען אָפן און די איבעריקע אַרעסטאַנטן שפּאַצירן אַרום אין הויף. פון פיר אָן דאַרפן מיר וואַרטן אויפן אויפרייס.

אין הויף פירט זיך די שפּיל פון האַנט־באַל ווי געוויינלעך. איך געפין זיך מיט דער ערשטער גרופּע. 13 מאַן זיצן אין צימער געשפּאַנט. די שפּאַנונג דערגרייכט דעם הויכפּונקט ווען די ווייזערס פון זייגער ווייזן 4. אין תוך פון אַ האַלבע שעה וועלן די מויערן אויפגעטרייסלט ווערן. 40 ק״ג אויפרייס־מאַטעריאַל וועלן דורכברעכן די מויער. אין תוך פון א האַלבער שעה וועלן מיר אָטעמען די לופט פון דער פרייהייט. אַ פראַגע עקבערט אַן מוח: צי וועלן מיר דערגרייכן? ווער ווייסט וואָס עס וועט מיט אונדז זיין נאָך אין אַ שעה אַרום? און דו מוטיקסט זיך אַליין: „דאָס מוז געלונגען. דאָס מוז געלונגען...״

נאָך אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלן פינף פון אונדז נישט זיין צווישן די לעבעדיקע, דריי וועלן זיין קאַליעקעס...

אָבער דערווייל וואַרט די גאַנצע גרופּע אין אַ דענערווירנדיקער שפּאַנונג. אַלע 13. אויך די, וועלכע וואַרטן אויף זייער טויט. די שעה איז פיר מיט פינף, מיט זעקס, מיט זיבן...

אַ זייגער פיר מיט צען, דערהערט זיך אַ זשומען פון אַ מאָטאָר אין דער זייט פון די געסלעך. דאָס איז נישט געוויינלעך. דאָ גייען נישט אַריין קיין מאַשינען. באַלד נאָך דעם, דערהערט זיך אַ פייף פון דער מאַשין גלייך זי זאָל סיגנאַליזירן. „זיי זענען געקומען״ — האָט שמעון עמראַני אויסגערופן און מיט זיין קינדערישער באַוועגונג האָט ער מיט די הענט געקלאַפּט אויף די קני פון גרויס שמחה. עס איז קיין ספק

נישט: זיי זענען געקומען! מען קען גוט הערן, ווי עס דרייען זיך אינדרויסן די מאַשינען.

אַ באַוועגונג אין צימער. אשבעל הייבט אויף דעם האַנטוך, וואָס פאַרדעקט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל אויפן טיש. שמשון גיט מיר אַ וואונק מיטן אויג, אַ וואונק פון שמחה. עמעץ באַמערקט, אַז ס׳איז ליבער נישט צו שטיין ביים פענסטער. דער לופט דרוק קען פאַרלישען.

שמעון וויל ראָטן די טאַטן פון די אָנפאַלער:

— איצט דרייט מען זיך...

— איצט דערנענטערט מען זיך מיט דער לייטער צום באָד־בנין...

— מען גייט אויף אים ארויף...

— מען דערקלערט דעם וועכטער, אַז מען קומט פאַריכטן די עלעקטרע...

— איצט זענען זיי אַרויף...

— די חברה געפינען זיך אונטערן פענסטער... מען באַפעסטיקט דעם מאַטעריאַל... מען צינדט־אָן דאָס קנייטל...

— מען גייט אַרונטער פון דער לייטער...

— איצט:... איינס... צוויי... און אַ האַלב...

שמעון, ווייזט־אויס, האָט זיך צופיל געאיילט. אין דער ווירקלעכ־קייט איז עס נישט אזוי שנעל געגאַנגען.

עס האָט זיך נאָך געהערט אַ קלאַפּ אין טיר. דאָס איז דער קוכער וועלכער האָט געבראַכט דעם נאַכטמאָל. ביי אים איז היינט נישט אַנדערש ווי אַלע מאָל.

„מען קען נישט אריינגיין. לאָז איבער דאָס עסן אינדרויסן".

דער קוכער — אַ קרימינעלער פאַרברעכער, וואָס ווייסט נישט פון גאָרנישט, וואָס ווייסט נישט וואָס דאַרף דאָ פאַסירן אין אַ פּאָר מינוט אַרום, שטעלט אַוועק דעם טאָפּ פאַר דער טיר און טראָגט זיך אָפּ. ער איז אַוודאי חושד, אַז מען באַשעפטיקט זיך אין צימער מיט עפּעס אומלעגאַלעס און סודותפולעס.

און שמעון ציילט ווייטער, איינס... צ... וויי — ד... ריי יי יי — נאָך אַמאָל: איינס, צוויי...

איך געדענק נישט וויפיל מאָל ער האָט געציילט. אַ זייגער 4.20

האָבן די מויערן אויפגעציטערט, אַ ריזיקע פייער־צונג האָט אויף אַן אויגן־בליק פאַרדעקט דעם הויף, אַריין אין די צעלעס... און אַ שטויב־וואָלקן האָט אַלץ באַדעקט.

אין צעל האָט זיך דערהערט דער גבריאל פון אַ פּאָר קולות צוזאַמען: „פּאָרויס!!!" און אין דער באַשטימטער אָרדענונג זענען מיר ארויס אינדרויסן. עס איז שווער צו שילדערן די מהומה, וואָס איז געוואָרן אין טורמע. געשרייען, געוואַלדעס, און קרעכצן...

עס הערן זיך נאָך קלענערע אויפרייסן. דאָס זענען די פּעטאַרדעס, וואָס די מענטשן פון דער דריטער גרופּע וואַרפן אויפן דאַך ארויף. אין אַן אויגן־בליק קומען מיר צו דער אייזערנער טיר, וואָס פירט אין קאָרידאָר אַריין. איבערגעשראָקענע אַראַבער וועלכע געוואלדעווען זענען ארויס פון זייערע צעלעס. מיר שרייען צו זיי, זיי זאָלן אַריין אין די טוש־צימערן, אָבער קיינער הערט נישט. ביים ארייננגאַנגס־טויער באווייזן זיך פייער־צונגען. מען גיסט דאָרט בענזין און מען צינדט אים אונטער. אַראַבער דראַפּען זיך אויפן הויכן פלויט פון שטעכל־דראָט מיט אַ שנעלקייט פון אַ געיאָגטער חיה. דאָס אַלץ, האָב איך באַוויזן צו זען אין פינף סעקונדן, ווייל אין צווישן האָט מען פאַרבינדן דעם אויפרייס־מאַטעריאַל צום שלאָס פון טויער. „פּאָרזיכטיק!"

דאָס קנייטל איז אָנגעצונדן. נאָך צוויי סעקונדן צום אויפרייס. איינס... צוויי... וואָס איז דאָס? עס רייסט נישט. איך שטעק אַרויס פּאָרזיכטיק דעם קאָפּ פון אונטער אַ זייל זען צי עס איז פּאַראַן אַ פונק און אין דער רגע: אַ ריזיקער אויפרייס. די בהלה איז גרויס. „פּאָרויס!" דער טויער האָט זיך ברייט געעפנט!

נאָך אַ טיר. כאַפּן אַ פּאַזיציע. נאָך צוויי סעקונדן און ווידער אַן אויפרייס. אין קאָרידאָר אַ פינצטערניש, אַ שטויב און אַ גערוך פון אויפרייס־מאַטעריאַל.

אַן אויסרוף: „מיר!" אַן ענטפער: „קומען!" דאָס איז דער פּאַראָל פון דער אַקציע. און פלוצים ליכט. טאָג־ליכט! פריי ליכט! די מויער איז דורכגעבראָכן.

מיט אַ שפּרונג גייט מען ארויף אויפן דאַך. מען מוז פּאָרזיכטיק זיין, ווייל פון אונטערן פענסטער האָט זיך געשאַפן אַ גרויסער לאָך,

דער דאַך איז בויפעליק געוואָרן פון אויפרייס־קראַפט. אַ קליינער פּלאַץ אין דער ברייט פון אַ טראָט איז איבערגעבליבן זיך אָנצוהאַלטן. און דער דאַך איז פינף מעטער די הויך. אונטן שטייט איינער פון די אַנפּאַלער אָנגעטועט אַלס אַן ענגלענדער און דערמוטיקט: „שפּרינג! שפּרינג!" פאַראַן אַזעלכע, וואָס הענגען זיך אָן אין באַלקן פון דאַך און שפּרינגען, אַנדערע אין זייער איבעררעשונג שפּרינגען גלייך אויף נאָך אַ געלונגענער „לאַנדונג" (און וועמען געלונגט עס נישט אין אַזאַ מאָמענט?) וואַרט זיי אַ קלאַפּ אין פּלייצע און אַ „קאָמפּלימענט": „אַזוי שפּרינגט מען? קאַליקע! לויף שנעל!"

די צווייהונדערט מעטער אין די געסלעך פון אַלט עכו לויפן מיר דורך. דאָ און דאָרטן, לענגאויס דעם וועג, שטייען די אַנפּאַלער מיליטעריש אָנגעטאָן און שיסן אין דער לופט. דאָ און דאָרטן כאַפּן זיך אַרום אַ ווײלע צוויי חברים, דער באַפרייט און יענער איז דער באַפרייטער.

אונדזער מאַשין, אַ טענדער פאַרדעקט מיט אַ פּלאַנדעק, פילט זיך שנעל אָן. דער דרייצענטער מעלדעט: „דער לעצטער" — און מיר רירן. די פּלאַנדעק פאַרמאַכט זיך. אין פלוג פאָרט דאָך דאָ ענגליש מיליטער.

*

צו אונדזער שמחה איז קיין גרעניץ נישטאָ. די מאַשין פאָרט מיט אַ שנעלקייט און דו פילסט גלייך זאָלסט שוועבן אויף אָדלער־פליגל. פון דאָ און דאָרטן הערן זיך נאָך שיסערייען, אָבער דאָס גייט אונדז נישט אָן. פון גרויס שמחה כאַפּן מיר זיך אַרום און רודערן ארום אויף וויפיל עס איז מעגלעך צו רודערן אין אַ פול געשטאָפּטער מאַשין און דערצו נאָך ליגנדיק. עמעץ הייבט־אָן צו זינגען: „איזה פלא, איזה פלא..." מיר שטילן אים איין און דערמאָנען אים, אַז דאָס ענגלישע מיליטער איז זיך נישט נוהג צו זינגען „הורה". הגם מיר זענען פאַרמאַכט אין דער מאַשין, פילן מיר, אז מיר זענען ארויף אויפן שאָסיי.

פלוצים דערהערן זיך פון דער נאָענט שיסערייען. ווער שיסט דאָ?
— סאַלוועס פון שאָפערס זיץ.
„צי אַטאַקירט מען אונדז?"

יאָ. מיר געפינען זיך אונטער פייער. פונעם שאָפערס זיצפּלאַץ ענטפערט מען פייער. מען פאַרגרעסערט די שנעלקייט. „ליגן!" קוילן

לעכערן דורך די פלאַנדעק און פייפן איבערן קאָפּ. אשבעל איז פאַר־וואונדעט געוואָרן.

„אַ פאַלאַפּקע!?"

אַ שאַרפן פאַרקערווע. די קוילן לעכערן ווייטער די מאַשין. ווידער אַ פאַרקערווע, אָבער דאָסמאָל אַ שאַרפער און אַן איילנדיקער. מיר פאַרהאַלטן זיך. עפּעס איז געשען. מען קען נישט ארויס פונעם ציל. מיר זענען אַריינגעפאַלן אין קלעם!

„אזוי זענען געפאַלן די 11 פון די באַן־וואַרשטאטן פון חיפה", גייט דורך ווי אַ בליץ אַ געדאַנק אין מוח.

„שפרינגען!" בלייבן אין מאַשין — הייסט טויט. מיר האָבן אָנגע־הויבן שפרינגען פון מאַשין דורך דער הינטערשטער עפענונג. דאָס פייער איז געצילט געוואָרן צו דער עפענונג און איניקע זענען פאַר־וואונדעט געוואָרן. לויפן! זוכן אַ דעקונג! מיר לויפן מיטן ראָוו ביים זייט פון שאָסיי. די קוילן דערגרייכן אונדז. עמעץ איז געפאַלן. דאָס איז חיים ברענער. נאָך עמעץ. אַראָפּ פון שאסיי. די קוילן פייפן ביים קאָפּ, אָבער דעם פיינט זעט מען נישט. מיר זענען אריין אין אַ שטעג ביים בית־הקברות. פון הינטער דעם היגל וועלן מיר געפינען אַ דעקונג. בלויז ארויף, און לויפן מיטן פעלד... אפשר וועלן מיר מצליח זיין זיך אָפּצוטראָגן...

איך בין געלאָפן דער ערשטער. מיר זענען שוין כמעט אויפן היגל. פלוצים האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ רויט באַרעטל מיט אַ לופע פון אַ סטען. איך האָב איינגעהאַלטן די וועלכע זענען געלאָפן נאָך מיר. אין דער רגע האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין דער האַנט. איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן. צוריק!

און פלוצים האָבן די שיסערייען אויפגעהערט. ווען מיר זענען אָנגעקומען צום שאָסיי, האָבן מיר פלוצים דערזען אונדז אַנטקעגן לויפן אַן ענגלישן אָפיצער מיט אַ לייכטן מאַשין־געווער אין האַנט. די ענגלענדער האָבן אויפגעהערט שיסן כדי אים נישט צו טרעפן.

„בחורים, נאָך מיר!" האָט געבריליט דער „בריטישער אָפיצער". מיר זענען נאָך אים געלאָפן. דאָס־איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער אקציע: דב כהן. דאָס רוב פון אונדז איז פאַרוואונדעט. איניקע

איז שוין שווער צו לויפן און מען דאַרף זיי צוהעלפן. די קוילן פּייפן פאַרבײַ די אויערן. פּונוויטן זעט זיך אַ מיליטערישע מאַשין שטײן אויפן שאָסיי. מען דאַרף צו איר צוקומען... עס איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן. עס איז נאָך פאַראַן אַ האָפענונג.

כמעט ביי אַלע פאַרצייכענען זיך בלוט־פלעקן. נאָך אַ ביסל וועלן מיר דערגרייכן די מאַשין. אין דער מאַשין געפינען זיך צוויי ענגלענ־דער. דב דראָעט זיי און מיר שפּרינגען אַרויף אויף דער מאַשין און פאַלן זיי אָן. דאָס איז געווען די מאַשין מיט וועלכער די ענגלענדער זענען צוריקגעפאָרן פונעם באָדן זיך אין ים, און האָבן אונדז אַטאַקירט. די צוויי ענגלענדער און דער שאָפער זענען פאַרבליבן אין דער מאַשין, ווייזט־אויס, נישט האָבנדיק קיין געווער. מיר ליגן אויף צוויי ענגלענ־דער און האַלטן זיי מיטן רעשט ביסל כוחות. זיי זענען דערשראָקן און בעטן רחמים. דב באַהערשט שנעל דעם שאָפער און באַפעלט אים צו פאָרן. די מאַשין רירט. די ענגלענדער וועלכע האָבן אונדז אַטאַקירט זענען געווען באַוואָפנט בלויז מיט לייכטע מאַשין־געווערן, און נאָך אַ פּאָר סעקונדן פאָרן, זענען מיר אַרויס פון ציל. די ענגלענדער אין דער מאַשין באַמערקן, אַז מיר זענען נישט באַוואָפנט און, אַז אָט פאַרלירן מיר די כוחות. פאַרוואונדעטע און טריפנדיק בלוט האַלטן מיר זיי נאָך. אָבער זיי הייבן זיך אָן פון אונדז באַפרייען. לאַנג וועלן מיר זיי שוין נישט קענען האַלטן. מיר רופן דב׳ן, וואָס זיצט נעבן שאָפער און מען בעט ביי אים אַ רעוואָלווער. מיטן דראָאונג פון רעוואָלווער באַפעלט מען די ענגלענדער אַרונטערצושפּרינגען פון דער מאַשין ווערנט דעם פאָרן.

פּונוויטן זעט מען די זעלנער פון דער פלי־דעוויזיע מיט זייערע רויטע באַרעטלעך. זיי האָבן נאָכנישט אויפגעגעבן אונדז נאָכצולויפן. אָבער מיר געפינען זיך אויסער זייער ציל־שטרעקע.

דב שטעקט אַרויס דעם קאָפּ און פרעגט צי איז נישט פאַראַן צווישן אונדז נאָך אַ שאָפער. יאָ. מיר האָבן אַ שאָפער: שמשון ווילנער. ער איז איבערגעבליבן דער לעצטער. די אַנדערע צוויי זענען שוין נישט מיט אונדז. זיי זענען פאַרבליבן אויפן שאָסיי. בסך הכל פעלן

אין דער מאַשין פיר מענטשן. דריי פון די אנטרינער און דער שאָפער פון די אַנפאַלער.

ביי דער זייט פון שאָסיי געבן אַ בענזין־סטאַציע שטייט אַ דזשיפּ. דאָס איז דוב כהן׳ס דזשיפּ און אין אים געפינט זיך געווער. די אויפ־גאַבע פון שאָפער פון דזשיפּ איז געווען נאָכן דורכפאָרן אונדזערע דריי מאַשינען צו פאַרגיסן דעם שאָסיי מיט בענזין און פאַרהאַלטן דאָס נאָכלויפן אונדז מיט אַ פייער־צוים. איצט ווייסט מען נישט דעם גורל פון די איבעריקע מאַשינען וואָס לויטן פּלאַן האָבן באַדאַרפט אונדז נאָכקומען. און ווייל מיר האָבן נישט געוואוסט, האָבן מיר באַ־שלאָסן נישט צו באַניצן זיך מיט בענזין און זיך באַגעניגן מיט מאַשין־געווער און מיט דער אַמוניציע, וועלכע איז געווען אין דזשיפּ.

די מאַשין פאַרהאַלט זיך. דעם ענגלישן שאָפער וואַרפט מען אַרויס פון דער מאַשין און ער, אַ דערשראָקענער, אַנטלויפט אין פעלד אַריין. אַלע די, וואָס קענען נאָך לויפן און שלעפן, פירן־איבער דאָס געווער און אַמוניציע צו אונדז אין דער מאַשין אַריין. שמשון ווילנער פאַר־כאַפּט דעם פּלאַץ פון שאָפער, פּרובט אָנציגדן... איינמאָל... צוויי־מאָל... די מאַשין אַרבעט נישט!

דער דנאָ פון אויטאָ איז פול מיט בלוט. עס דערהערן זיך די ערשטע קרעכצן. די באַוואָפנעטע ענגלענדער דערנענטערן זיך און נאָך אַביסל וועלן מיר ווידער זיין אונטערן ציל. און אָט דערגרייכן שוין די ערשטע שאָסן. פּלוצים דערזעט ווער אַ פּלעק אונטער דער מאַשין. דער בענזין־האַלטער איז צעלעכערט!!!

נישט מער ווי הונדערט מעטער טיילן אונדז אָפּ פון די ענגלענדער. מיר זענען פאַרלויערן. און פּלוצים דערשיינט און קומט צוריק צו אונדז די האָפענונג. אַ רויטע לאַסט־מאַשין קומט אונדז אַנטקעגן. זי איז פול אַראַבישע אַרבעטער.

— פאָרויס! איינהאַלטן זי! — באַפעלט דוב.

מיר לויפן אַנטקעגן דער מאַשין. דוב מיטן ברען אין דער האַנט לויפט דער ערשטער. שמשון — דער שאָפער — לויפט נעבן אים. מיר שלעפן זיך זיי נאָך. די לייכט פאַרוואונדעטע העלפן די שווער פאַר־וואונדעטע.

די לאַסט־מאַשין פאַרהאַלט זיך. איין סאַלווע אין דער לופט און די אַראַבער שפּרינגען דערשראָקן פון אויטאָ און אַנטלויפן אין פעלד אַריין. בלויז דער שאָפער בלייבט איבער ביים סטירינג. און דאָ איז געשען איינס פון די טראַגישסטע זאַכן אין דער געשיכטע פונעם אונטערגרונטס־קאַמף.

דער שאָפער וויל נישט אַרויסגיין. ער וויל עפּעס־וואָס דער־קלערן — דיסקוטירן. נעבן שאָפער שטייט דוב מיטן ברען און נעבן אים שמשון, וואָס גרייט זיך צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם שאָפער. מיר האָבן נישט קיין צייט פאַר דיסקוסיעס. די ענגלישע קוילן פייפן שוין איבערן קאָפּ.

„אַרויס!" — שרייט דוב צום שאָפער. דער שאָפער הויבט ווידער אָן זיך צו האַמפּערן. אַ סאַלווע קוילן און דער שאָפער פאַלט אַרויס באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. שמשון שפּרינגט אַרויף צו זיין פּלאַץ. מיט זיין איילעניש איז ער אַריין אַקעגן דער לופע פון ברען. אלץ גע־דויערט נישט מער ווי אַ סעקונדע.

שמשון איז געפאַלן! בלויז אַ קורצער קרעכץ איז אַרויס פון זיין מויל.

מיר האָבן פאַרלוירן אַ טייערן חבר און געבליבן אָן אַ שאָפער. אונדזער גורל איז שוין באַשטימט...

אמנון, וועלכער האָט געהאַט עפּעס אַ באַגריף אין שאָפעריי, פאַר־זוכט נאָך, אונטער אַ האָגל פון קוילן, צו לאָזן די מאַשין, אָבער ער איז פאַרוואונדעט אין דער ברוסט און די הענט זענען ביי אים פּאַראַלי־זירט. מיט שווערער מי געלונגט אים אויסצודרייען דעם אויטאָ אין דער ברייט פון שאָסיי.

— פונאַנדערשפּרייטן זיך! — שרייט דוב. ער אַליין מיטן ברען אין האַנט לויפט אַנטקעגן די ענגלענדער, פאַרכאַפּט אַ פּאָזיציע הינ־טערן דזשיפּ, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט און עפנט פייער. זיי זענען געצוואונגען זוכן אַ דעקונג, און דאָס האַלט־איין זייער פאָרגיין. מיר זענען געלאָפן אין פעלד אַריין. די לאָגיק דיקטירט צו אַנטלויפן בלויז אין איין ריכטונג, צו דער רעכטער זייט פון שאָסיי — די לינקע זייט פירט צוריק קיין עכו און אַהין זענען אַנטלאָפן די אַראַבער פון דער

לאַסט־מאַשין. אויסער איינעם, האָבן מיר זיך אַלע פונאַנדערגעשפּרייט אין פעלד, אין דער רעכטער זייט. פון ווייטן זעט זיך אָן אַ פעלד מיט תבואה. „צוקומען אַהין״ — גייט מיר דורך אַ געדאַנק — „זיך פאַר־שטעקן צווישן דער תבואה ביז די נאַכט וועט צופאַלן און דערנאָך ווייטער ציען״.

אויפן שאָסיי זענען טויט געבליבן ליגן שמשון און דער אַראַבער. דער קאָמאַנדיר שטייט נאָך אַלץ ביי דער מאַשין און שפּייט פייער צו די ענגלענדער.

בלויז דריי פון אונדז איז געלונגען צו דערגרייכן צום תבואה־פעלד. אַשבעל, עמראַני און ברוך שמוקלער זענען געפאַלן ביי אַ צוואַנ־ציק מעטער פון שאָסיי, זיי האָבן מער קיין כוח געהאַט ווייטער צו ציען. אַלע דריי זענען געווען פאַרוואונדעט אין די פיס, אויסער אַנדערע וואונדן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין תבואה־פעלד, האָב איך אויסגעע־דרייט דעם קאָפּ צו זען נאָך וואָס עס טוט זיך הינטער אונדז. פון ווייטן האָב איך געזען דובן שוין ליגן, אין זיינע קליידער אלס מאַיאָר, אויפן שאָסיי. פּרובנדיק אונדז ראַטעווען איז געפאַלן דער קאָמאַנדיר „שמשון״ — דוב כהן.

*

קריכנדיק זענען מיר דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע תבואה־פעלד. יוסף דאַר, פאַרוואונדעט אין דער האַנט און אין בויך, משה סאַלאָמאָן, וואָס בדרך נס איז ארויס אַ גאַנצער, און איך — פאַרוואונדעט אין האַנט.

מיר זענען אָנגעקומען צום צווייטן עק פון פעלד. וואו געפינען מיר זיך? וואָס ווייטער? צי האָבן אונדז די ענגלענדער געזען אריינ־גייען אין פעלד אַריין? צי קען מען ווייטער גיין?

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קורצע און שנעלע באראטונג. מיר זענען געגאַנגען צום עק פעלד און ארויסגעשטעקט די קעפּ. פאַר אונדז — אַ מחנה מיליטער. עס רודערט זיך צווישן זיי. ווייזט־אויס, זיי זענען שוין אלאַרמירט און שטייגן־אויף אויף די מאַשינען. דער שאָסיי פון לינקס איז פול מיט מיליטער און פּאָליציי־מאַשינען.

עס איז קיין ברירה נישטאָ. מיר דאַרפֿן בלײַבן אין דער תּבֿואה ביז עס וועט פֿינצטער ווערן. אפֿשר וועט אַ נס געשען און מען וועט אונדז נישט אַנטדעקן. דער זייגער איז שוין 17.20. אין אַ שעה אַרום וועלן מיר קענען רירן.

די אויסרופֿן און די קללות פֿון די ענגלישע זעלנער דערנענטערן זיך. רואיק ליגן. איך הער דײַטלעך אַ ווילדן אויסגעשריי: „אָט זענען זיי!" — און באַלד נאָכדעם: דריי שאָס.

מען שיסט אונדזערע פּאַרוואונדעטע חברים, וואָס זענען איבער־געבליבן אויסער דעם תּבֿואה־פֿעלד. מען מאָרדעט זיי! אויך אונדז וועלן זיי באַלד דערמאָרדן...

עס איז קיין צווייפֿל נישט, אַז זיי וועלן אונדז אַנטדעקן. איך הער גוט ווי מען דערקלערט וועמען, אַז אויך צווישן דער תּבֿואה געפֿונען זיך „בלאַדי דזשיוס".

זיי קוקן זיך נאָך, ווייזט־אויס, אַרײַנצוגיין; ווײַל פֿון וואַנען ווייסן זיי, אַז אויך דאָ ליגן פּאַרוואונדעטע און נישט באַוואָפֿנטע? צום סוף, ווייזט־אויס, האָבן זיי באַשלאָסן זיך פֿונאַנדער־שפּרייטן אין אַ לאַנגער קייט און שיסנדיק פּאָרויסגיין.

זיי האָבן אַנטפּלעקט דעם שטעג מיט וועלכן מיר זענען געקראָכן. מען שיסט אויף אונדז. די קוילן פּאַרהאַקן זיך נעבן אונדז אין דער ערד. די זאַנגען ווערן פּאַרשניטן פֿון די קוילן. די זאַנגען ווערן אײַנגעבראָכן אין דער מיטן און בייגן זיך לאַנגזאַם אָן, איינע נאָך דער אַנדערע אין אַ גלײַכער ליניע גלײַך ווי פֿון אַ שטריק אָנגעצויגן.

דער זעלנער, וועלכער גייט מיטן שטעג איז שוין נאָענט. מען הערט זײַנע ווילדע געשרייען: „הענדס אַפּ!" (די הענט אין דער הייך!) אויבֿ צו שאַצן לויטן קול, טיילט אונדז נישט אָפּ מער ווי 20 מעטער. נאָך אין אַ פּאָר סעקונדן וועט ער זײַן נעבן אונדז. אין וועמען פֿון אונדז דריי וועט ער פֿריער שיסן? — גייט־דורך אַ געדאַנק אין מײַן מוח. דאָס שלעכטעסטע פֿון אַלץ איז צו זען ווי זיי שיסן זיי.

— שלום! אַלץ איז געענדיקט. איך שטיי־אויף! האָב איך צו מײַנע צוויי חברים געזאָגט און זיך אויפֿגעהויבן.

פֿאַר מיר — אין אַ דיסטאַנס פֿון 20 מעטער איז געשטאַנען אַ

ענגלישער זעלנער — צעשויבערט, רויט און פאַרשוויצט, דער ברען ציטערט אין זיינע הענט.

ער שיסט און קוויטשעט: „הענדס אַפּ!" איך האָב אויפגעהויבן די הענט.

— הער־אויף שיסן, איך גיב זיך אונטער! — האָב איך געזאָגט, און... אַ קנויל קוילן איז נעבן מיר אַדורך.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אויך יוסף אויפגעהויבן. ער איז געשטאַנען נעבן מיר. האָב איך געזאָגט צום ענגלענדער:

— דו ביסט אַ זעלנער. ווי קענסטו שיסן אין נישט באַוואָפנטע פאַרוואונדעטע?!

— הייב־אויף די הענט! — חזרט זיך איבער דער ווילדער אויסגעשריי.

אונדזערע הענט זענען געווען אויפגעהויבן. ער האָט געהאַט א באַדערפעניש זיך אַליין צו דערמוטיקן. ער האָט געוואָלט מאָרדן.

ער האָט געשאָסן און יוסף איז געפאַלן. נאָך אַ קויל האָט געטראָפן אין זיין ברוסט.

— דערנענטער זיך! — שרייט ער צו מיר.

איך האָב זיך באַמיט צו האַלטן אויף די פיס, און זיך דערנענטערט צו אים. מיר זענען כמעט געשטאַנען פנים אל פנים. בלויז די לופּע פונעם ברען האָט אונדז צעטיילט. זיינע ווילדע אויגן און דאָס פארקרומטע פנים האָבן אויסגעדרוקט: מאָרד.

ער האָט אַנטפּלעקט זיינע ציין און געוואָלט עפּעס זאָגן איידער ער שיסט:

— אָ, דו ביסט אַ ייד? יאָ?! זאָג! יאָ?!

— יאָ. — האָב איך געענטפערט.

— אָ, אַ ייד! דו זעסט, דאָס איז אייער ברען. דעם אָ, מאַיאָרס אייערן. ער ליגט דאָרט ווי אַ הונט. דאָס איז דער ברען אייערער! דאָרטן האָב איך מיט אים געהרגעט דריי. איצט וועל איך דיך הרגענען!

— קענסט עס מאַכן, אָבער זיי וויסן, אז עס איז נישט קיין כבוד

פּאַר אָ זעלנער צו שיסן נישט באַוואָפנטע פּאַרוואונדעטע, ווען זיי שטייען מיט אויפגעהויבענע הענט.

— שווייג! בלאַדי דזשו!..

דער פינגער אין וועלכן איך האָב זיך אַנאויפהער איינגעקוקט, האָט אַרומגעטאַנצט אויפן צינגל. צו מײַן באַוואונדערן האָט זיך נישט געהערט קיין שאָס.

ער האָט זיך אַביסל אָפּגערוקט און האָט גערופן אַ זעלנער פון די וועלכע האָבן ווייטער געזוכט אין דער תבואה:

— העי, דזשאָני, גיב מיר דײַן ביקס. שנעל, קום אַהער!

און דער דזשאָני האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אונדז.

און דעמאָלט איז געשען דער נס. פון הינטער מיר האָבן זיך פּלוצים ערהערט געשרייען אויף ענגליש וועלכע זענען געווענדעט געווען צו מיר:

— הער סמולאָוויץ, סמולאָוויץ, אַנטלויף נישט. דו ביסט מײַן אַרעסטאַנט!

און צום זעלנער:

— שיס אים נישט, ער איז מײַן אַרעסטאַנט, איך וויל אים אַ לעבעדיקן!

דאָס איז געווען דער קאָמאַנדיר פון פּאָליציי־אַמט אין עכו. אין דער באָרד האָט ער מיך פונווייטן דערקענט, לויפנדיק איז ער אָנ־געקומען און געשריגן צום זעלנער ער זאָל מיך נישט הרגענען. דער זעלנער האָט אים נישט געוואָלט פאָלגן. דער אָפיצער איז געשטאַנען צווישן אונדז, גערעדט און באַפוילן דעם זעלנער, געהאלטן מיך איך זאָל נישט אַנטלויפן (וואו האָב איך געקענט אַנטלויפן?) און דער זעלנער האָט זיך באַגענוגט מיט קאָלבע קלעפּ אויף מײַן רוקן.

איך בין געוואָרן מער חוצפּהדיק. יוסף'ן האָבן זיי געוואָלט שלעפּן ביי די פיס און אים שאַרן איבערן באָדן. איך האָב געפאָדערט פון אָפיצער, ער זאָל מיר דערלויבן אים אונטערצושפּאַרן. אויך משה איז אויפגעשטאַנען. אזוי איז אונדזער לעבן געראַטעוועט געוואָרן.

מען האָט אונדז געפירט צום שאָסיי. אין איין מאַשין זענען גע־ליגן די קערפּערס פון דוב כהן און דער אראַבער; די מאַשין האָט

גערירט פון אָרט, ווייזט־אויס, צו נעמען די וועלכע זענען געלעגן אויפן וועג.

אונדז אַלע האָט מען „אָנגעלאָדן" אויף אַ צווייטער מאַשין. אמנון, משה און איך האָבן נאָך געקענט אַליין ארויפגיין. אונטער קאָלבע קלעפּ זענען מיר ווי עס איז ארויף אויף דער מאַשין. שמעון עמראַני, מיכאל אַשבעל און ברוך שמוקלער האָבן זיי געשלעפּט איבער דער ערד. אַלע דריי לעבן נאָך. צוויי זעלנער האָבן זיי געכאַפּט פאַר די הענט און פיס און אַזוי ארויפגעוואָרפן אויף דער מאַשין, קערפּער אויף קערפּער אויף איין הויפן. מיר האָבן זיך באַמיט זיי צו לייגן אין אַ מעגלעכער באַקוועמלעכקייט. אַשבעלן האָבן מיר אַוועקגעלייגט אויף דער באַנק. שמעון און יוסף, וואָס זענען שווער פאַרוואונדעט, זענען געבליבן ליגן איינער נעבן אנדערן אויפן דנאָ פון מאַשין, צום סוף האָבן זיי ארויפגעוואָרפן אויף זיי שמשון׳ס קערפּער. עס איז נישט צו באַשרייבן דאָס איזדעקעוועון זיך איבער די פאַרוואונדעטע. דאָס טייוולאָנישע געלעכטער פון די זעלנער פון זיין מאַיעסטעט, זעענדיק זייערע ליידן, הערנדיק זייערע קרעכצן.

איך וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן; איך וועל אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס שרעקלעכע געפיל, וואָס האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב געדאַרפט ארונטערשלעפּן דעם טויטן שמשון פון די פאַרוואונדעטע און אים אַרונטערקאַטשען אונטער דער באַנק. דער גוטער שמשון איז שוין טויט. און ערשט צוריק מיט אַ שעה האָט ער דאָך מיר צוגעפינטלט מיטן אויג, אַ פינטלען פון פרייד...

שמעון קרעכצט.

— זיי האָבן אונדז געשאָסן, ליגנדיק שוין פאַרוואונדעט — זאָגט ער — זיי האָבן געטראָפן אין מאָגן אַריין. אויב איך וועל שטאַרבן טרייסט מיינע עלטערן...

אַשבעל, ביי וועלכן עס זעט זיך אַ גרויסער לאָך אין דער זייט, הינטער די ריפּן, און עפּעס רויטס שפּאַרט זיך ארויס פון זיין קערפּער, האָט נאָך נישט פאַרענדיקט דעם קאַמף:

— ס׳איז נאָכנישט געענדיקט... מירן זיי נאָך ווייזן. איך טראַכט נאָכנישט פון שטאַרבן... וואָס מאַכט שמעון?..

אויב וועלן מיר קומען באַלד אין שפּיטאָל אַריין, וועט מעג־לעך זיין זיי צו ראַטעווען, אָבער די ענגלענדער איילן זיך נישט. די מאַשין שטייט נאָך. זיי זוכן נאָך אין די פעלדער. און דערווייל טריפט דאָס בלוט.

אמנון פּרובט זיי אונטערטרייבן.

— שנעלער! איר זעט דאָך, אַז די מענטשן זענען פאַרוואונ־דעט. ברענגט זיי אין שפּיטאָל אַריין!

די תשובה: אַ פּאַטש און אַ זעץ מיט דער קאָלבע.

סוף־סוף. רירט די מאַשין. אָבער וואָס איז דאָס? מיר פאָרן צוריק קיין עכו און נישט אין שפּיטאָל!

איך שריי צום אָפיצער, וואָס האָט געראַטעוועט מיין לעבן און פרעג פאַרוואָס נעמט מען נישט די פאַרוואונדעטע אין שפּיטאָל אַריין.

— מען וועט זיי נעמען, מען וועט זיי נעמען!

— מאַכט נישט מתי — זאָגט אַשבעל, — מיר וועלן זיי באַצאָלן אויך פאַר דעם.

מיר זענען אַריין אין עכו. אין שטאָט רודערט זיך. דער המון לויפט נאָך דער אָפענער מאַשין און באַוואַרפט מיט שטיינער. די זעלנער, וועלכע פאָרן אונדז נאָך מיט אַ מאַשין מאַכן זיך נישט וויסנ־דיק. זיי אַרט עס נישט...

מיר זענען אריין אין הויף פון פאָליציי־סטאַציע אין עכו. וואר־פנדיק, נעמט מען ווידער ארונטער די פארוואונדעטע. מיר פרובן זיי ארונטערנעמען אויף די הענט, נאָר מען דערלויבט אונדז נישט. בלויז שמעון עמראני האָב איך געשלעפט און אַוועקגעלייגט אויף דער טאַ־ראַסע. אַשבעלן האָבן זיי געשלעפט אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

מיר ליגן אויף דעם בעטאָנענעם דיל אינדרויסן.

איך פרוב פרעגן, שרייען, פאָדערן:

— ווען וועט מען נעמען די פאַרוואונדעטע אין שפּיטאָל אריין?

קיין ענטפער. מען טאָר נישט אויפשטיין, מען טאָר זיך נישט אַ ריר טאָן פון פּלאַץ. דאָס בלוט רינט און רינט. אַלץ איז שוין רויט ארום אונדז.

איך ליג נעבן שמעון. ער גוססעט און איך קען אים נישט העלפן.

מיר זענען געווען פריינט. נאָך ביי אַ צוויי שעה האָט ער געלעבט.

ער האָט שוין געוואוסט, אז דער סוף זיינער איז נאָענט. איך האָב אים פאַרזוכט טרייסטן, שטאַרקן, אָבער אומזיסט. „איך ווייס דעם אמת... איך גיי שטאַרבן... זיי וועלן אונדז נישט ברענגען אין שפּיטאָל אַריין... ס'איז מיר נישט קיין שאָד... ניין. מאַכט נישט... אָבער די, עלטערן... די שוועסטער... די ברידער... טרייסט זיי... טרייסט זיי...״

דער אָטעם זיינער ווערט אַלץ שווערער און שווערער. קוים וואָס מען האָט געקענט הערן זיינע רייד. און צום סוף איז ער רואיקער געוואָרן גלייך ווי ער זאָל איינדרימלען. איך האָב אים נישט געוואָלט שטערן. איך האָב אים נישט געוואָלט דערקוטשען מיטן רעדן, כאָטש כ'האָב געוואוסט אַז דאָס איז די לעצטע שעה זיינע. איך האָב געהאַלטן מיין האַנט אויף זיין דופק. ער לעבט נאָך. איך האָב געפילט ווי דער דופק ווערט יעדעסמאָל שוואַכער.

— שמעון, ווייסט ווער ס'איז נעבן דיר? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ... מתי... נעם נקמה... נעם נקמה...

דאָס זענען געווען זיינע לעצטע רייד. איך האָב אים פאַרמאַכט די ווייעס.

פלוצים האָב איך דערפילט ווי אַלע אויגן קוקן אויף מיר. אַלע אויגן האָבן געפרעגט: „ער לעבט נאָך?״

ווען זיי האָבן דערזען מיין פנים, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אז שמעון איז מער נישטאָ.

עמעץ האָט געשעפּטשעט: „גיי־צו צו אשבעל'ן״.

אינגאַנצן איין שטיק טרויער, ווייטיק און צאָרן, בין איך אויפגעשטאַנען פון מיין פלאַץ. כ'האָב אָנגעהויבן שרייען, שעלטן און שימפן די ענגלישע רוצחים. זיי זענען געשטאַנען פונוויטנס רואיק, שמייכלענדיק מיט די „פייפן״ אין מויל. איין אָפיצער האָט גענומען מיך באַרואיקן:

— באלד וועט איר פאָרן אין שפּיטאָל.

שמעונען האָבן זיי אַוועקגעלייגט ביי די איבעריקע קערפּערס.

ביז איצט האָבן די ענגלענדער נישט דערלויבט דערלאַנגען וואַסער די פאַרוואונדעטע. דערנאָך האָבן זיי שוין יאָ דערלויבט.

אשבעל איז געווען אַ פריילעכער, ווי שטענדיק. ביז אין דער לעצטער רגע איז שווער געווען צו גלייבן, אַז דער מענטש גייט שטאַרבן.

מיר זענען געלעגן צוזאַמענגעפרעסט און אַלץ האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער בית־קברות.

שווער איז געווען זיך פּאַסן, אַז די ענגלענדער זעען אונדז ווי דערנידעריקטע. אויך אשבעל׳ן, ווייזט־אויס, איז נישט אָנגענעם געווען די זאַך. דעריבער האָט ער זיך געוויצלט און געוואָלט אונדז דערמוטיקן.

קוים וואָס מען האָט נאָך געקענט פילן זיין דופק, און ער נאָך ביים זייניקן: „ביי מיר איז אַלץ אין אָרדענונג... זיי וועלן נאָך פילן דעם טעם פון מיין „פידל״... נישט געזאָרגט: ס׳וועט זיין גוט! נישט געזאָרגט!״

נעבן אים איז געלעגן זיין גוטער פריינט, מנדל בעלקאָווסקי, אויך ער שווער פאַרוואונדעט. פון מאָל צו מאָל פלעגן מיר אויסטוישן בליקן, אין וועלכע די זאָרג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט.

פלוצים האָט אשבעל געזאָגט:

— נו, גענוג זיך געשפּילט... עס איז געקומען די צייט זיך געזעגענען... גיב־איבער אַ גרוס דער חברה... זיי זאָלן פאָרט־זעצן... עס וועט נאָך זיין גוט...

און באַלד האָט ער פאַרגלאָצט די אויגן.

מנדל, זיין פריינט, האָט געבעטן איך זאָל אים העלפן צוקריכן כדי פאַרמאַכן די ווייעס פון מכאל אשבעל׳ס אויגן.

אויך אַשבעל איז מער נישטאָ...

אויך אשבעל׳ן האָבן די ענגלענדער צוגעלייגט צו דער ריי קערפּערס.

און איך צייל: זעקס, ליגן שוין דאָרט.

ווער ווייסט וויפיל נאָך וועלן צוקומען?

אָט איז דער בחור פון די אָנפאַלער, וואָס קייקלט זיך אין ווייַ־

טיק, דרייט זיך איבער פון מאָל צו מאָל און שרייט: „איך ווער דער־שטיקט!" ער איז, ווייזט־אויס, פאַרוואונדעט אין דער לונג און קען נישט אָטעמען. צי וועט ער אויסהאַלטן?

און יוסף דאַר וועלכער ליגט נישט רירנדיק זיך אין אַ קאלוזשע בלוט, זיין פנים פאַרקרומט און בלאַס ווי קאַלעך. ווייזט־אויס, דער טויט שוועבט שוין אויף זיין פנים. צי וועט ער אויסהאַלטן?

און ניסים בענאַדו. ער ליגט אויפן בויך און אַ גרויסער לאָך זעט זיך אָן אין זיין רוקן פון דער לינקער זייט. ער איז רואיק. ער בעט מיך איך זאָל אים העלפן איבערדרייען אויף דער זייט, און ווען כ'האָב אים געהאָלפן, האָט דאָס בלוט אָנגעהויבן פלייצן פון דער וואונד.

— מען קען נישט אזוי, ניסים — האָב איך אים געזאָגט — דו מוזט ליגן אויפן בויך.

— גוט — האָט ער געענטפערט רואיק. — קער מיך אום צו דער פריערדיקער פאָזיציע. אפשר איז בלויז מעגלעך דעם פוס אויסצו־דרייען, ווייל דער בעטאָן דריקט די וואונד און דאָס טוט זייער וויי?...

— ניין. ס'איז נישט מעגלעך — האָב איך ווידער געזאָגט ווען כ'האָב געזען דעם לאָך נאָענט ביי דער קני.

— נו, מאַכט נישט — האָט ער געזאָגט פאָלגנדיק ווי אַ גוט דער־צויגענער שילער.

ביי אונדז זענען געשטאַנען אַ פּאָר אָפיצערן. זיי האָבן זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל, ווי עס קוקט זיך צו אַ מענטש אין טעאַטער. [illegible] טייל האָט זיך פאַרצייכנט אויפן פנים אַ טייוולאָנישער שמייכל, ביי אנדערע אַן אויסדרוק פון עקל. דער בחור, וואָס איז געווען פאַרוואונדעט אין דער לונג, האָט זיך שוין אויפגעהערט דרייען און נישט געשריגן מער. איך בין צוגעגאַנגען צו אים, כאָטש איינער האָט [illegible] געוואָלט איינהאַלטן. איך ווייס נישט וואָס מיינע אויגן האָבן אויסגעדרוקט, אָבער מיר האָבן זיך געטראָפן מיטן בליק, איז ער אָוועק אין אַ זייט. בלויז אַ כאָרכל האָט זיך געהערט פון פאַר־וואונדעטן. ער האָט געגוססעט. נאָך אַ לעבעדיקן האָבן צוויי אים



קאָמאַנדיר דב כהן
(„שמשון”) הי״ד

האט אָנגעפירט מיט
דער אַקציע. ער איז
געפאַלן בעתן ראטעווען
אונדז.



די דורכגעריסענע מויער פון עכו־פעסטונג.
דורך דאנען זענען מיר ארויס.

אַוועקגעשלעפּט צו די מתים און אַוועקגעוואָרפן נעבן „שמשון׳ס״ קערפּער, וואָס אַ גרויסער לאָך איז געווען אויפגעריסן אין זיין פּנים ביי דער נאָז.

— וואָס איז מיט אים? — פרעגט דער אָפיצער, וואָס האָט זיך ארומגעדרייט מיט אַ בויגן פּאַפּיר און בליישטיפט אין דער האנט.

He is finished — (ער איז געענדיקט) — האָט אים געענט־פערט דער אָפיצער וועלכער האָט באַפוילן די צוויי איבערצופירן דעם גוסס׳דיקן.

עס האָט זיך מיר געדוכט, אז אָט גיי איך אַראָפּ פון זינען. איך בין געגאַנגען פון פארוואונדעטן צו פארוואונדעטן און כ׳האָב געהאט אַ ווילן זיך צו בעטן ביי זיי, זיי זאָלן מער נישט שטאַרבן.

פּלוצים האָט זיך באַוויזן מיסטער טשאַרלטאָן. ער איז געווען צע־שויבערט און נערוועז. אַ פונק פון משוגעת איז געווען אין זיינע אויגן.

— וואָס טוט איר דאָ?! — האָט ער געשריגן אויף די אָפיצערן און פּאָליציאַנטן. — אַלע ארעסטאַנטן זענען אַנטלאָפן! גייט ארויס אין שטאָט און זאמלט זיי איין! זוכט פון הויז צו הויז!

מיסטער טשאַרלטאָנס אויסזען האָט מיר אומגעקערט אין אַ געוויסער מאָס מיין קאלטבלוטיקייט. זיין מעלדונג, אז אלע ארעסטאַנטן זענען אַנטלאָפן, האָט אין מיר דערוועקט אַ האָפענונג, אַז טראָץ דעם איז די איבעריקע 29 בחורים געלונגען. אויב עס איז אַזוי, האָבן מיר דאָך מצליח געווען! אויב זיי זענען אַנטלאָפן איז עס נישט קיין דורכ־פאַל!

— מיסטער טשאַרלטאָן! — האָב איך זיך צו אים געווענדעט מיט אַ געבריל. — דו וועסט פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר דעם דאָזי־קן מאָרד! נישט גענוג, אַז איר האָט געשאָסן אין פארוואונדעטע האלט איר זיי דאָ, שוין פינף שעה נישט דערלאַנגענדיק קיין הילף! נישט איבערפירנדיק זיי אין שפיטאָל! איר וועט פאַר דעם באַצאָלן! טייער וועט איר באַצאָלן!!!

— שווייג!!! — האָט זיך אופגעקאָכט טשאַרלטאָן. — דו ביסט עס, דער, וואָס האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט! דו פאַרעטער! מאָנטיק

וועסטו צוריקגעבן די ציווילע קליידער. האַ?! מאַנטיק! מאַנטיק! מאַנטיק?! פאַרעטער! פאַרעטער! בלאַדי דזשו! באַסטאַרד! (ממזר!). מיט ברענענדיקע שמאטעס האָט איר געפּאַכעט פאַר מיינע אויגן! אָט דאָ פאַר מיינע אויגן! אלע וועלן מיר כאפן!!!

דאָס האָב איך געוואָלט הערן: „אלע וועלן מיר כאפן!” איז אַ סימן, אַז מען האָט נישט אלע געכאפּט. אַ סימן, אַז די איבעריקע האָבן מצליח געווען! דאָס האָט מיר אומגעקערט מיין גלייכגעוויכט.

— וועלן מיר זען ווער וועמען וועט כאפן! — האָב איך געזאָגט מיט פּראָפּאָרציאָנעלער רואיקייט.

*

ערשט אַ זייגער 12 ביינאַכט זענען אָנגעקומען סוף סוף צוויי אַמבולאַנסן און איבערגעפירט די פאַרוואונדעטע אין שפּיטאָל אַריין קיין חיפה. נאָך אין דער זעלבער נאַכט זענען אלע אָפּערירט געוואָרן. און ווייל איך בין געווען לייכטער פאַרוואונדעט פון אַנדערע — בין איך געווען דער לעצטער אין ריי. זייגער 2 ביינאַכט בין איך גענומען געוואָרן אויף רענטגען און דערנאָך צו דער אָפּעראַציע. עס האָט מיך נישט געאַרט, וואָס מען מאַכט מיט מיר. מיין נשמה האָט געווייטיקט. איך בין כמעט געווען באַוואוסטלאָז. ווי איין פראַגע זאָל האָבן מיין גאַנצן וועזן אַרומגענומען: פאַרוואָס זענען זיי דאָרט פאַרבליבן, אויפן בעטאָנענעם דיל, אין דער פּאָליציי־סטאַציע און איך געפין זיך דאָ? פאַרוואָס?” ווען דער דאָקטאָר האָט מיך געפרעגט צי כ׳וועל קענען פאַרליידן אַן אָפּעראַציע אָן שלאָפּגעטראַנק, האָב איך געזאָגט, אז עס אַרט מיך נישט. ער האָט מיך געוואָרנט, דוכט מיר, אז ער וועט דארפן שניידן אין פלייש, ווייל עס איז שוין פאַראַן אַן אָנפאַנג פון אַ גאַנגרענע. נאָכדעם, ווי איך האָב פארשטאַנען, וואָס ער זאָגט האָב איך געזאָגט ער זאָל מאַכן ווי ער פאַרשטייט, נאָר נישט אָפּהאַקן די האַנט. עס האָט דאָך, ווייזט־אויס, אין מיר געווירקט דער אינסטינקט פון זעלבסטשוץ. די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן אָן שלאָף־געטראַנק. קיין שום ווייטיק האָב איך נישט געפילט. די ביינער פון דער האַנט זענען געווען צעבראָכן און די האַנט איז ארייַנגענומען געוואָרן אין גיפּס.

צומאַרגנס איז ניסים בענאַדו געשטאָרבן. „ער האָט צו פיל בלוט פאַרלויערן" — האָט דער דאָקטאָר מיר דערקלערט. — „כ'האָב אַלץ מעגלעכעס געמאַכט אים צו ראַטעווען. אויך יוסף דאַר'ס לאַגע איז געפערלעך. ברוך שמוקלער קען פאַרלירן אַ האַנט. קען זיין מען וועט זי דאַרפן אַרונטערנעמען. אמנון מאָסקאָוויטש'ס לאַגע איז שלעכט. צוויי שעה איז ער געווען אויפן אָפּעראַציע־טיש. ער איז אָפּערירט געוואָרן אויפן בויך אָן קיין שום סיבה. עס איז אַ טעות געווען. ער איז אָפּערירט געוואָרן לויטן בילד, וואָס איז געמאַכט געוואָרן... פון יוסף דאַר'ס קערפּער..."

איך בין געווען וואַך פון אינדערפרי אָן. די איבעריקע זענען נאָך געשלאָפן אונטער דער השפעה פון כלאָראָפאָרם. ווען זיי האָבן זיך איינציקווייז אויפגעוועקט האָבן זיי אָנגעהויבן ברעכן אין בעט. אַ לענגערע צייט איז נאָך יוסף דאַר כמעט געווען באַוואוסטלאָז. ערשט ווען ער האָט געהערט, אַז מיר שמועסן שוין צווישן זיך און פּרובן פאַרשטיין, וואָס ס'איז געשען מיט די איבעריקע חברים, האָט ער זיך אַריינגעמישט און געזאָגט:

— אַלעמען האָט מען געכאַפּט. דורכן פענצטער פון אַמבולאַנס מיט וועלכן איך בין געפאָרן, האָב איך זיי געזען שטיין אויפן שאָסיי, אַרומגערינגלט דורך פאָליציאַנטן. איך האָב דייטלעך געזען זאבּ'ן און משה'ן. אויך חיים'ן האָב איך געזען. יהושע זעטלער איז געשטאַנען און געלאַכט. כ'האָב זיי גוט געזען...

די מעלדונג האָט אונדז דערדריקט. מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ פאַנטאַזירן און אַז די בחורים האָבן זיך שוין געפונען אויף זייערע פלעצער, פריי. נאָר איינער פון זיי איז געהרגעט געוואָרן: חיים אַפּפעלבוים. וועגן זייער הצלחה זענען מיר געוואָר געוואָרן ערשט נאָך דריי טעג. פון דער צייטונג, וואָס דער יידישער דאָקטאָר האָט אַריינגעשמוגלט בעת זיין באַזוך.

אין שפּיטאָל זענען מיר זעקס מאַן. פינף פון די אונטערינער און אַבשלום חביב פון די אָנפאַלער. ער איז נישט פאַרוואונדעט פון קוילן. ער איז פאַרוואונדעט פון קלעפּ. דאָס פּנים זעט זיך כמעט ביי אים נישט אַרויס. זיין פּנים — איין בלאָער געשוואָלענער פלעק. ווען זיי

האָבן אים געכאַפּט, האָט מען אים געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן אָן רחמנות. דער גאַנצער גוף זיינער — איין וואונד. מיר ציטערן זייער פאַר זיין גורל. אים און פיר אנדערע אָנפאַלער, וועלכע מען האָט געכאַפּט און איבערגעפירט אין טורמע דראָעט תליה.

נאָך צוויי טעג האָב איך זיך געפילט גוט, אויף וויפיל מען האָט זיך געקענט פילן גוט, נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז אויף אונדז דורכ־געגאַנגען! איך בין אַרונטער פון בעט און צוגעגאַנגען צו מנדל בעלקאָווסקי׳ס בעט. ביידע זענען מיר געווען די איינציקע, וואָס זענען געבליבן אין טורמע צווישן די קאָמאַנדירן פון אצ״ל און לח״י אין עכו.

— איך וועל זיך באמיען צוריקקערן ווי אַמגיכסטן קיין עכו — האָב איך געזאָגט. — איך וויל באַלד אָנהייבן גראָבן דעם טונעל. אפשר וועלן מיר אים באַווייזן ענדיקן איידער עס וועט זיך ענדיקן אבשלום׳ס משפט און די איבעריקע פיר. עס דראָעט זיי הענגען. מיר וועלן ארבעטן מיט טעמפּאָ, ווען אפילו עס וועט באַדראָען די אונטער־נעמונג. מיר וועלן זיי פּרובן ראַטעווען...

מנדל האָט מיט מיר איינגעשטימט.

כאָטש איך האָב יעדעס מאָל געזאָגט דעם דאָקטאָר, אז איך פיל זיך שוין גוט, כ׳האָב אים געפּרובט איבערצייגן, אַז איך קען שוין רירן מיט די פינגער, און אז די האַנט טוט שוין נישט וויי, איז פאַר־ביי אַ וואָך ביז מען האָט מיך אָפּגעשיקט קיין עכו. צוזאַמען מיט מיר איז אויך אבשלום איבערגעפירט געוואָרן.

אַן אומאַנגענעם געפיל האָט מיך באַהערשט אויפן וועג פון שפּיטאָל קיין עכו. ווען עס האָבן זיך פון ווייטן באַוויזן די טורעמס פון דער פעסטונג, איז מיר דורך אַ ציטער אין לייב. ברר... סאַראַ קאָשמאַר!

# אַרכיאָלאָגיע

## א.

אַ שטילקייט איז געווען אין טורמע. אַזאַ אַטמאָספער האָט אוודאי געמוזט הערשן אין די אממיינסטנס באָמבאַרדירטע שטעט אין דער מלחמה צייט. אלע זענען דאָ געווען דערדריקט. העכער צוויי הונדערט אַרעסטאַנטן האָבן אויסגענוצט דעם דורכברוך און זענען פאַרשווינדן. די איבעריקע האָבן זיך אויפגעגעסן פאַרוואָס זיי האָבן נישט אויסגענוצט די געלעגנהייט. טשאַרלטאָן איז געווען אין אַ היסטערישן און נערוון־צעטרייסלטן צושטאנד. די פּאָליציאַנטן האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס. אַלץ האָט געלעבט אין פחד. דאָס דורכברעכן די מויער האָט צעטרייסלט זייער זיכערקייט גלייך זיי זאָלן מורא האָבן, אַז אָט וועט זיך ווידער דערהערן אַן אויפרייס. ארבעטער פון דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר עפנטלעכער אַרבעט האָבן געאַרבעט אין הויף. זיי האָבן פאַרשטאָפּט די שפּאַלטן און צורעכט געמאַכט די טויערן.

אונדז האָט מען נישט אריינגעפירט אין אינערלעכן הויף פון טורמע. אין איינס פון די ווינקלען פון אויסערלעכן הויף, איז געשטאַנען אַן איינשטאָקיקער בנין פון פיר קליינע צעלעס אין וועלכע קיינער איז נישט געזעסן שוין זייט אַ לענגערע צייט. איצט האָט מיסטער טשאַרלטאָן אהין איבערגעפירט כמעט אַלע אצ״ל און לח״י אַרעסטאַנטן. מיט א גרויסער וואַרמקייט האָבן מיך די בחורים אויפגענומען. זייער לאַגע איז זער שלעכט געווען. איצט האָב איך ביי

זיי געהערט וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט פון זייט דעם אויפרייס: לויטן פּלאַן, האָבן זיי אין יענער צייט געשפּילט האַנט־באַל אין הויף, און מיטן דערהערן דעם אויפרייס זענען זיי אַלע געלאָפן אין קאַמער 28. דאָס איז דער קאַמער וואו עס געפינט זיך די טונעל־עפענונג, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן גראָבן פאַרן דורכברוך. די פּאַראַרדענונג איז באַשטימט געוואָרן צוליב צוויי סיבות: ערשטנס האָבן מיר מורא געהאַט עס זאָל ווער נישט געטראָפן ווערן פון די שאָסן, וואָס וועלן קומען פון דאַך און עס איז ליבער זיך צו געפינען אין אַ צימער, וואָס איז געשיצט פון קוילן און צווייטנס: האָבן מיר געקלערט, אַז אויב וועלן זיך דאָרט געפינען יידן, וועט דאַך בעתן רעאָרגאַניזירן די צעלעס בלייבן די צעל אין די הענט פון די יידן, און זיי וועלן קענען רואיק ממשיך זיין דאָס גראָבן דעם טונעל. אָבער די זאַכן האָבן זיך אַנדערש אַנטוויקלט. זיי האָבן דערציילט, אַז באַלד נאָך אונדזער אַרויסרייסן זיך, האָבן זיך די פּאָליציאַנטן באַפעסטיקט אויף יעדן אָרט וואו זיי זענען געווען. זיי זענען געווען אַזוי דערשראָקן, ביז זיי האָבן כלל נישט געוואוסט וואָס עס קומט דאָ פאָר. זיי זענען איבערצייגט געווען, אַז די כוונה איז זיי צו הרגענען. זיי זענען נישט בלויז נישט אַרויס אין הויף אויפצוהאַלטן די אַנטרינער, נאָר זיי האָבן זיך באַפעסטיקט אין די ביוראָען, אין זייערע וואוין־צימערן, אין צימער פון אָפיצער און פון מאָל צו מאָל פלעג אַן אָפיצער אָדער אַ סערזשאַנט זיך צעשרייען, אַז אָט קומען זיי די „טעראָריסטן" דער־מאָרדן. אויך די אַראַבישע אַרעסטאַנטן זענען געווען פול פחד און פון בהלה זענען זיי אַרומגעלאָפן פון אָרט צו אָרט, און פאַרשטייט זיך, אַנטלאָפן צו ערשט אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג פונעם דורכ־ברוך. אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן טשאַרלטאָנען און געפּאָדערט פון אים אַ שוץ. ער אַליין אַ דערשראָקענער, האָט געוויינט און גע־ווילדעוועט. די אַראַבער האָבן געמיינט, אַז דער אָנגריף איז געווענ־דעט קעגן זיי. ווען די אויפרייסן האָבן זיך איינגעשטילט, האָבן זיי זיך אַלע אַ לאָז געטאָן פלוצים צום צעל וואו עס האָבן זיך באַפעסטיקט אונדזערע בחורים און געוואָלט זיי אַטאַקירן. אין דער צייט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער בריוו וועלכן מיר האָבן איבערגעלאָזט

פאַר איינעם פון די אראבישע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, פּאַכרי מאַראַקאַ האָט ער געהייסן, אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט וועלכער איז געזעסן זייט די אומרועו, איינער פון די אָנפירער פון די כנופיות וועלכער איז אין טורמע געוואָרן אַ קאָמוניסט, האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די אַראַבישע אַרעסטאַנטן און געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט אונדז. אין דעם בריוו האָבן מיר זיך מיט אים געזעגנט און אים דערקלערט, אַז מיר גייען ארויס קעמפן אַנטקעגן בשותפותדיקן פיינט — ענגלאַנד. ווען פּאַכרי האָט איבערגעליינט דעם בריוו, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די טורמע איז אויפגעריסן. באַלד האָט ער זיך אריינגעמישט אין המון וועלכער האָט אַטאַקירט די יידן, האָט גענומען זיי באַרואיקן, זיך אַוועקגעשטעלט פאַר די אָנפאַלער, פאַרשטעלט פאַר זיי די טיר פון צעל, און דערקלערט זיי וואָס עס טוט זיך. איצט האָט דער המון זיך געווענדעט צו דער ריכטונג פון דורכברוך. אין פאַר־לויף פון אנדערטהאַלבן שעה האָט קיין ענגלענדער נישט געוואַגט אריינצוגיין אין הויף. אויף אַ גאַנץ פרייען אופן זענען העכער צוויי הונ־דערט אַרעסטאַנטן ארויסגעגאַנגען. זיי פלעגן אויפרייסן די יידישע צע־לעס, נעמען מיט זיך אַ רענצל זאַכן און... ארויסגיין פון טורמע, מען האָט אפילו דערציילט, אַז איינער פון די אַראבישע פאַרברעכער איז צו־געגאַנגען צו מיסטער טשאַרלטאָן וועלכער איז געשטאַנען אויף די טרעפּ, וואָס פירן אין שפּיטאָל אריין, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט ארויס פון הויף און זיך באַהאַלטן, דער אַרעסטאַנט האָט אים באַפוילן אויפצוהייבן די הענט, האָט ארויסגענומען פון מיסטער טשאַרלטאָנ'ס טאַשן, וואָס עס איז נאָר געווען, ארונטערגענומען די רינגלעך פון זיינע פינגער, דערלאַנגט אים אַ פּאַטש אין פנים און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון אויסברוך.

ערשט נאָך צוויי שעה איז אָנגעקומען פאַרשטאַרקערונג אין טורמע אריין און זעלנער זענען אַראָפּ אין הויף. דעמאָלט האָט מען אַלע יידישע אַרעסטאַנטן אויסגעטאָן נאַקעט, יעדן איינעם געגעבן אַ פּאָר הויזן און אַ העמד און אַזוי זיי איבערגעפירט אַהער.

די שטימונג פון די בחורים אין קאַרצער־אָפּטייל, איז נישט געווען קיין געהויבענע. נישט בלויז דער טרויער איבער טייערע חברים,

וואָס זענען געפאַלן, האָט געהערשט דאָ, נאָר דער עיקר האָט זייער שטימונג דערדריקט דער געדאַנק, אַז איצט איז פאַר זיי פאַרשטעלט יעדוועדער וועג פון אַנטלויפן. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַלטן זיך אין איין פרעגן: פאַרוואָס בין איך נישט געווען צווישן די אַנטרינער? צי בין איך נישט אַזוי העלדיש ווי די וועלכע זענען געווען אין דער רשימה? צי בין איך נישט באַגלייבט ווי זיי? צי בין איך נישט אַזוי פעאיק ווי דער אָדער יענער פון די אַנטרינער?

אַזעלכע מחשבות האָבן געפרעסן די בחורים. אייניקע פון זיי האָבן געליטן, ווייל אַ מין מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס האָט זיי באַהערשט און געפרעסן זייער זעל. אייניקע זענען זיך פאַר מיר מתוודה. זיי פרעגן: „פאַרוואָס בין איך נישט געווען אין דער רשימה? עס איז אויך געווען ווער עס האָט מיר געזאָגט, אַז ליבער וואָלט געווען אים צו פאַלן, אבי נישט בלייבן דאָ.

איך אַליין בין נאָך נישט צו מיר געקומען נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז אויף מיר דורכגעגאַנגען. פונדעסטוועגן האָב איך זיך אָנגע־שטרענגט זיי צו דערמוטיקן. איך האָב זיי איינגעזאַמלט און דערקלערט, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען אַלע צו נעמען. עס האָבן געמוזט זיין מענטשן, וואָס זאָלן איבערבלייבן. אויך אין לאַטרון איז אַזוי געווען. איך האָב זיי דערציילט, אַז אויך איך בין אַמאָל געווען אין זייער לאַגע, ווען ס'איז נישט מעגלעך געווען אַרויסצונעמען פון מזרע מער ווי צוויי מאַן, און מיר איז אויסגעקומען צו בלייבן. איך האָב זיי צוגעזאָגט, אַז איך וועל נישט רוען ביז מיר וועלן צוריקקומען אין צעל נומער 28 און פאַרטזעצן דאָס גראָבן דעם טונעל, און דעמאָלט וועט קיינער פון אונדז נישט איבערבלייבן. אַנשטאָט צו פאַרלירן דעם קאָפּ, קומט לאָמיר באַטראַכטן, ווי אַזוי אַרויס פונדאַנען! — איך האָב זיי אונטערגעמוטיקט, און עס דוכט מיר אַריינגעבלאָזן אין זיי לעבן און האָפענונג.

*

דער פּראָבלעם איז געווען, ווי אַזוי קומט מען צוריק אין צעל נומער 28? די באַציאונגען מיט טשאַרלטאָנען זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין גוטע. ער איז צו אונדז איבערהויפּט נישט געקומען.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האַלט, אַז אַלץ, וואָס ער טוט אונדז איז גערעכט. מען דאַרף זיך אין אָנפאַנג אָנגורטן מיט אַביסל געדולד, וואַרטן אַ וואָך, צוויי וואָכן, ביז ער וועט זיך אָפּקילן און באַרואיקן, וועט ער אונדז אַליין איבערפירן אין די צעלעס פון הויף. ווען נישט — וועלן מיר עפּעס מאַכן. מען וועט אים באַדאַרפן פאַרביטערן דאָס לעבן, דראָען, מאַכן „טראַבלס".

און נאָך צוויי וואָכן האָבן מיר אָנגעהויבן די „טראַבלס". דאָס האָט זיך אָנגעהויבן בעתן רב גאָלדמאַנס באַזוך. גוט, אז סוף־סוף איז עמעץ פון דרויסן פאַראַן ביי אונדז. מיסטער טשאַרלטאָן באַגלייט אים. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז מיסטער טשארלטאָן קומט צו אונדז אין צעל אריין. ווען מען האָט געמאָלדן, אַז ער דערנענ־טערט זיך, האָב איך געזאָגט צו די בחורים, אז לויט מיין מיינונג, דארפן מיר זיך פאַר אים נישט אויפהייבן און נישט באַגריסן אים. מיין מיינונג איז אָנגענומען געוואָרן. מיסטער טשאַרלטאָן איז מיטן רב גאָלמאַן אריין אין צעל, וואו איך בין געווען פאַרשפאַרט. קיינער פון אונדז האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זיצנדיק האָבן מיר דעם רב גאָלדמאַן באַגריסט. אונדזער אויפפירונג האָט נישט געקענט נישט באַליידיקן מיסטער טשאַרלטאָנען.

— פאַרוואָס שטייט איר נישט אויף?! — פרעגט שרייענדיק מיסטער טשאַרלטאָן.

אויף דעם האָב איך געוואַרט.

— שווייג, מערדער! — האָב איך אויף אים געשריגן. — פאַר אַזעלכע מערדער ווי דו שטעלן מיר זיך נישט אויף! פאַרוואונדעטע האָט איר דערמאָרדעט! מנוול!!! ווען דו קענסט זיך נישט נוקם זיין אין די וועלכע זענען אַנטלאָפן, ביסטו זיך נוקם אין די, וואָס זענען נישט אַנטלאָפן! דו ווילסט זיי דאָ אויסהונגערן און אויסשטיקן!!!

ווען איך האָב אָנגעהויבן שרייען, האָב איך עס געמאַכט אויסגע־רעכנט און מיט ישוב הדעת, אָבער תוך כדי שרייען האָב איך זיך צעוואַרעמט און אויסגעגאָסן אויף אים מיין ביטער הארץ:

— אַרויס פונדאַנען, פּאַדיסט! מערדער!!! — האָב איך פּאָרט־

געזעצט — ארויס, ווייל איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיין לעבן! אַרויס!!!

מיסטער טשאַרלטאָן קוקט זיך ארום צו עמעץ גרייט זיך אים נישט אַטאַקירן פון דער זייט. די צוויי שומרי־ראש זיינע זענען אויך בלאַס געוואָרן. דער רב גאָלדמאַן איז צו מיר צוגעגאַנגען און גענומען מיך באַרואיקן. ער האָט עפעס געזאָגט, אַז ער איז אַהער געקומען אויס־גלייכן דעם ענין, אַז מיסטער טשאַרלטאָן האָט לויט אַ באַפעל פון אויבן אונדז דאָ פאַרשפאַרט. אָבער איך האָב זיך נישט באַרואיקט. דער רב גאָלדמאַן האָט עס געזאָגט אויף ענגליש, כדי מיסטער טשאַ־רלטאָן זאָל עס פאַרשטיין און אויך איך האָב אים געענטפערט אויף ענגליש אַז טשאַרלטאָן זאָל הערן.

— רב גאָלמאַן — האָב איך געזאָגט — לאָז וויסן אינדרויסן, אַז מיר ווערן דאָ געהאַלטן אין באַדינגונגען פון אַ פאַרניכטונגס־לאַגער. זע די ענגשאַפט. בלויז אַ האַלבע שעה אין טאָג דערלויבט אונדז דער סאַדיסט ארויסצוגיין אויף דער לופט. זע וואָס מיר עסן! זע, אָט ליגן קראַנקע און קיינער קומט זיי נישט באַהאַנדלען! זע, דאָ עסן מיר און דאָ שטייט, איר זאָלט מיר אנטשולדיקן, דער קיבעל פאַר פיזיאָלאָ־גישע באַדערפענישן!

און איצט, ווענדנדיק זיך צו טשאַרלטאָן, האָב איך ווידער גע־שריגן:

— אַרויס, מערדער!

דער אויסגעשריי האָט זיך גוט געלאָזט הערן אין די איבעריקע צעלעס און פון יעדן אָרט האָט מען אים געשריגן: ארויס, מערדער!

מיסטער טשאַרלטאָן איז אַנטלאָפן און די צוויי שומרי־ראש נאָך אים. דער רב גאָלדמאַן איז געבליבן אין צעל, מיט אַן אויפגעמאַכט מויל. צום סוף האָבן זיך אַלע ארעסטאַנטן פאַרזאַמלט אין איין צעל און צוזאַמען מיטן רב, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן באַראטן וואָס מען קען מאַכן צו ענדערן די לאַגע.

דער דאָקטאָר, וועלכער איז נאָך דעם זעלבן טאָג געקומען, האָט באַפוילן אייניקע אַרעסטאַנטן איבערצופירן אין אָרטיקן שפיטאָל. אויך איך בין געווען צווישן זיי. עס זענען פאַרביי צוויי טעג און מען

האָט מיך נישט איבערגעפּירט. דער דאָקטאָר איז געקומען און גע־מאָלדן אַז מיסטער טשאַרלטאָן איז נישט מסכים מיך איבערצופירן ווייל ער וויל נישט, אַז איך זאָל זיין אין דער נאָענט פון אנדערע אַרעס־טאַנטן. איך האָב דערקלערט דעם דאָקטאָר, ווען דער אָנפירער דער־מעגלעכט אים נישט אַרומצוגיין מיט די קראַנקע לויט זיין אנזיכט, דאַרף ער זיך אָנגעבן אין דעמיסיע. ד״ר עדזשלאָני (אַזוי האָט ער גע־הייסן), האָט פּראָטעסטירט פאַר טשאַרלטאָן און אים געמאָלדן, אַז אויב ער וועט זיך אריינמישן אין די מעדיצינישע ענינים, זאָגט ער זיך אָפּ. טשאַרלטאָן האָט געקריצט מיט די ציין און באַפוילן מיך איבערצופירן. דאָ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז טשאַרלטאָן ליידט פון אַ נערוון צעשי־טערונג. ער איז נאָענט צו משוגעת. זיין אויפפירונג איז באמת געווען אַ מאָדנע. אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווייזט־אויס, ווי אַ רעזולטאַט פון רב גאָלדמאַנ׳ס טעטיקייט, איז געקומען דער רב אונטערמאַן, דער אויבער רב פון תל־אביב. דורכן פענצטער האָב איך געזען מיסטער טשאַרלטאָן זיצן מיטן רב אונטערמאַן אויף אַ באַנק און שמועסן מיט אים אויף אַ פאַמיליאַרן אופן. אַמאָל לייגט ער זיין האנט אויף די אקסל פון רב און שעפטשעט אים וואָס אין אויער אריין, כאָטש אין דער סביבה איז קיינער נישטאָ, וואָס קען זיך צוהערן צו זייער גע־שפרעך אָט דערווייטערט ער זיך ווידער און לאַכט און איך האָב דעם איינדרוק, אז דאָס געלעכטער איז נישט אויפן פלאַץ, ווייל דער רב איז גאַנץ ערנסט. ער איז שוין משוגע! — האָב איך געזאָגט צו מיינע פריינט, וועלכע זענען געלעגן אין די שכנותדיקע בעטלעך. צו ענדע זענען דער רב אונטערמאַן און טשאַרלטאָן אַרויפגעגאַנגען אין שפּי־טאָל אריין.

– This is the man — האָט מיסטער טשאַרלטאָן אָנגעוויזן אויף מיר.

דער רב אונטערמאַן איז צו מיר צוגעגאַנגען, געדרוקט מיר די האנט, מיך געפרעגט ווי איך הייס און וואָס איך מאַך. דערנאָך האָט ער מיר דערציילט, אַז מיסטער טשאַרלטאָן זאָגט, אז ער איז גרייט צו העלפן די יידישע אַרעסטאַנטן, נאָר, וואָס איך בין חוצפּדיק און

דראָע, אנשטאָט אים צוהעלפן איינפּירן סדר, אַז מיסטער טשאַרלטאָן וויל מיט מיר משלים זיין או״ו. או״ו.

איצט האָב איך אָנגעהויבן אויפקלערן דעם רב אונטערמאַן די לאַגע. אין געשפּרעך האָב איך זיך באַמיט איינפלעכטן אין דער העברעאישער שפּראַך פרעמד־ווערטער, אַז מיסטער טשאַרלטאָן זאָל פארשטיין. ווען טשאַרלטאָן האָט געהערט דאָס וואָרט „סאַדיסט״, האָט ער זיך אריינגעמישט און געזאָגט דעם רב אונטערמאַן:

— That's what he calls me! (אזוי רופט ער מיך!).

— ווייל דו ביסט עס! פאַרוואָס ברענגסטו נישט צוריק די יידישע ארעסטאַנטן אין זייערע צעלעס!— האָב איך געפרעגט.

— ווען מען וועט פאַרמאַכן דעם אויסברוך, וועל איך זיי צוריקברענגען — האָט מיסטער טשאַרלטאָן פאַרזיכערט.

— ווען וועט עס זיין? אין אַ האַלב יאָר ארום?! דערווייל לייגן זיי זיך דאָרט אַוועק איינער נאָכן אַנדערן! ביים אויסברוך שטייען זעלנער באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער און ס׳איז קיין סכנה, אַז ס׳וועט ווער אנטלויפן. אויסער דעם, האָבן זיי שוין באַוויזן, אַז זיי ווילן נישט אַנטלויפן. ווען זיי וואָלטן געוואָלט — האָבן זיי עס פריער געקענט מאַכן!...

און כ׳האָב זיך אומגעקערט שמועסן מיטן רב אונטערמאַן. ער האָט פאַרלאַנגט איך זאָל משלים זיין מיטן אָנפירער, אָבער איך האָב אפּגעזאָגט. זיינע הענט זענען איינגעטונקען אין בלוט פון מיינע חברים און איך קען נישט משלים זיין מיט אים — האָב איך געזאָגט דעם רב אונטערמאַן.

דער רב האָט אויף אַן איידלען אופן דערקלערט די רייד טשאַרלטאָנען. איך האָב געפילט, אַז דאָס אייז האָט געריירט. בקרוב וועט מען אונדז צוריקברענגען אין הויף אַריין. אָבער ווער ווייסט צו מען וועט אונדז אומקערן צוריק אין אונדזערע צעלעס? און דאָס איז דאָך דער עיקר! בלויז דעמאָלט וועל איך גרייט זיין שלום מאַכן מיט מיסטער טשאַרלטאָן, ווייל דעמאָלט וועט זיך נויטיקן אַן „אידיליע״.

דער רב אונטערמאַן האָט זיך הערצלעך געזעגנט פון אונדז. דריי־

קנדיק מיין האַנט האָט ער מיך אינדערשטיל געבענטשט מיט אַ „ירבו כמוך בישראל!"

*

נאָך דעם געשפּרעך, אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אַלע יידישע ארעסטאַנטן איבערגעפירט געוואָרן אין הויף אַריין. אָבער אונדזערע צעלעס האָט מען אונדז נישט אומגעקערט. מען האָט אונדז איינגעאָרדנט אין צעלעס נעבן דעם אויסברוך וועלכער איז אינגצווישן פאַריכט געוואָרן. איך פאַרשטיי נישט די לאָגיק פון דעם, אָבער אזוי איז עס געמאַכט געוואָרן. די צעלעס זענען געשטאַנען ליידיק ווען מען האָט אונדז איבערגעפירט דעריבער האָט מען אונדז געהייסן זיך דאָ איינאָרדנען. אונדזערע צעלעס זענען געווען באַזעצט פון אַראַבער. אויך די צעל נומער 28.

מיר זענען אויפגענומען געוואָרן דורך די אַראַבישע ארעסטאַנטן מיט באַגייסטערונג. אַ סך פון זיי, די הויפּטזאַך די „מנהיגים" האָבּ־געהאט אַ תרעומת אויף אונדז פאַרוואָס מיר האָבן זיי נישט געמאָלדן פריער וועגן דעם איבערפאַל, און זיי זענען ארויס שפּילן פוס־באַל און נישט מצליח געווען צו אַנטלויפן. אָבער אונדזערע באַציאונ־גען מיט זיי זענען גוטע. זיי האָפן, אַז עס וועט זיך איבערחזרן א‏ין דעמאָלט וועט זיי געלונגען צו גיין מיט אונדז. דער דורכברוך האָט אויך פאַרשאַפן ביי זיי אַ דרך־ארץ פאַר אונדז. „פיש אַשטאַר מין אל יאהוד" (עס איז נישטאָ קיין פּעיקער פון יידן) — זאָגן זיי מיט באַגייסטערונג. פון מאָל צו מאָל אָרדנט־איין אַן אנדערע צעל אַ „סעודה" לכבוד די צוריקקערער. זיי זענען איצט אונטער אונדזער השפעה און עס שאַפט זיך אין טורמע אַן איינהייטלעכער פראָנט פון אַלע אַרעסטאַנטן. און ווייל אין דעם מאָמענט קען איך נישט קומען צו מיסטער טשאַרלטאָן און זאָגן, אַז מיר ווילן צוריק אין אונדזערע פריערדיקע צעלעס און בעיקר אין צעל נומער 28, ווייל עס האָט גע־קענט פאַלן אַ חשד, באַגענוג איך זיך מיט דעם, אַז דערווייל הערשן מיר איבער דער גאַנצער טורמע און די פראַגע פון „טראבלס" אָדער רו איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון אונדז. ווען מיר וועלן קו־מען מיט פאָדערונגען וועלן אונדזערע רייד האָבן אַ גרעסערע וואָג.

טשאַרלטאָן פאַרזוכט דערווייל ווידער איינפירן די אָרדענונג ווי פריער, לויט עס איז פאַרגעשריבן אין די דעגולאַמינס. יעדן טאָג נייע גזרות. ער איז איצט פאַרהאַסט ביי יעדן. די אַרעסטאַנטן, די פּאָליציאַנטן, די אָפיצערן און אפילו די שומרי־ראש זיינע, אָן וועלכע ער טוט זיך נישט קיין ריר, האַסן אים מיט אַ פאַרביסענער שנאה. אַלע זיינע באַמיאונגען איינצופירן אָרדענונג געלונגען אים נישט. מיר שטערן אים. מיר שטעלן זיך פאַר אים נישט אויף און מיר פאָלגן נישט קיין שום באַפעלן. ווען מען האָט אַמאָל די אַראַבער צעטיילט פאַרפוילטע איילבירטן, האָבן מיר זיי אָנגערעדט צו אַ דעמאָנסטראַציע און די טעלערלעך מיט די איילבירטן זענען געפלויגן פונעם הויף גלייך צום אָנפירער אין צימער אַריין. ווען טשאַרלטאָן איז ארויסגעגאַנגען אויף דער טאַראַסע, האָבן, מיר, די יידן, זיך אנגעשלאָסן צו דער דעמאָנסטראַציע און מיר, ביי אַ צוואנציק מאַן, זענען אָנגעקומען צום עולם דעמאָנסטראַנטן, זענען מיר דורך די אַראַבער אויפגענומען געוואָרן מיט אָוואַציעס. זיי האָבן מיך אויפגעהויבן אויף די הענט און מיך גערופן: „אל מלך טאַבאַנאַ!" (אונדזער קעניג!), און דאָס אַלץ פאַרלויפט זיך פאר די אויגן פון מיסטער טשאַרלטאָן, אונטער זיין טאַראַסע.

שפּעטער האָט מיסטער טשאַרלטאָן געפּרובט קאַליע מאַכן די דאָזיקע פריינטשאַפט. ער איז אַדורכגעגאַנגען די צעלעס און ווען ער איז אַריינגעקומען צו די יידן, האָט זיך קיינער פאַר אים נישט אויפגעשטעלט. אַ היסטערישער אָנפאַל איז אים באַפאַלן. ער איז צוגעגאַנגען צו איינס פון די בעטלעך אויף וועלכן עס איז געלעגן אַן ארעסטאַנט און רואיק געלייענט, גלייך עס פאַסירט דאָ גאָרנישט, און אים באַפוילן אויפשטיין. דער אַרעסטאַנט האָט זיך נישט גערירט. תוך כדי כעס האָט מיסטער טשאַרלטאָן איבערגעקערט דאָס בעטל. איצט האָבן זיך שוין אַלע אויפגעהויבן און דערהערנדיק דאָס גערודער זענען מיר אויך ארויס פון אלע צעלעס האַלטנדיק יעדער עפּעס אַ געגענשטאַנד אין דער האַנט. ווער אַ בעזעם און ווער א פּאַס אָדער אַ בלעך פון מיסט. מיסטער טשאַרלטאָן איז אַנטלאָפן, עס איז געגעבן געוואָרן אַן אַלאַרם, זענען פּאָליציאַנטן אריין און אונדז פאַרשפּאַרט

אין די צעלעס. מיר האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן און פענ־סטער. דער רעש איז געווען אַ ריזיקער. מיסטער טשאַרלטאָן איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון דער צעל וואו איך בין געזעסן און גע־פרעגט:

— פאַרוואָס קלאַפּט איר? איך האָב געהייסן פאַרמאַכן, ווייל די אַראַבער גרייטן זיך אייך איבערפאַלן!

— עס איז אַ ליגן! — האָב איך געזאָגט. — עס וועט אייך מער נישט געלונגען צו צעשטערן די פריינטשאַפט צווישן אונדז.

ער איז אַוועק און איך האָב באַלד געהערט אייניקע פון די בעלי־השפעה ביי די אַראַבער און זיי דערציילט, וואָס מיסטער טשאַרלטאָן האָט מיר געזאָגט. צוזאַמען מיט דעם האָב איך געמאָלדן אַ פּאָליציאַנט, אַז אויב אין פאַרלויף פון צוויי מינוט, וועלן די טירן נישט אויפגע־עפנט ווערן, וועלן מיר זיי אויפרייסן מיט כוח. מיסטער טשאַרלטאָן איז נאָך געווען אין דער צייט אין הויף, ווען דער פּאָליציאַנט האָט אים איבערגעגעבן דעם אולטימאַטום און אין דער צייט האָבן זיך אויך פאַרזאַמלט די אַראַבישע אַרעסטאַנטן אויפגערעגטע נעבן אונד־זערע צעלעס און צוגעזאָגט זייער הילף ביים אויפרייסן די טירן. מיסטער טשאַרלטאָן האָט געזען, וואָס עס קומט דאָ פאָר, האָט ער זיך אומגעקערט. ער איז צו מיר צוגעגאַנגען, דער עולם אראַבישע אַרעסטאַנטן זענען געשטאַנען אין זייט, זיך צוגעהערט צום געשפּרעך.

— וואָס ווילט איר? — האָט ער געפרעגט.

— באַפעל באַלד צו עפענען די טירן!

— אָבער פאַרוואָס מאַכט איר „טראַבלס".

— ווייל דו מאַכסט אונדז צרות. איצט האָסטו געוואָלט אַריינ־ברענגען אַ קריגעריי צווישן אונדז און די אַראַבער. אויב וועסטו נישט באַלד באַפעלן צו עפענען די טירן, וועסטו זען ביז ווי ווייט אונדזער פריינטשאַפט דערגייט.

פון דער אַראַבישער זייט זענען געקומען אויסרופן פון הס־כמה. די, וואָס רעדן ענגליש האָבן דערקלערט די אַנדערע דעם אינ־האַלט פון געשפּרעך, און אויך זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די הסכ־

מה אויסרופן. מיסטער טשאַרלטאָן האָט פּלוצים געענדערט דעם טאָן.

— פריינד מיינער... — האָט ער אָנגעהויבן זאָגן עפּעס.

— איך וויל ניסט אַזעלכע פריינד ווי דו! — האָב איך אים איבער־געשלאָגן.

— אָבער ביי מיר ביסטו מיין פריינד... — האָט טשאַרלטאָן ממשיך געווען מיט אַ וויינענדיק קול. עה האָט פאַרלויערן דאָס הער־שן איבער די נערוון און ס׳איז קאָנטיק געווען, אַז ער איז גרייט צו טאָן אַלץ עס זאָל סוף־סוף רואיק ווערן אין טורמע.

אַ גאַנצע שעה האָט געדויערט דאָס געשפרעך. ער האָט זיך גע־האַלטן אין איין פאַרענטפערן פאַר אַלץ וואָס ער טוט. ער האָט גע־שאָלטן די ממונים איבער אים, דאָס „פאַרשאָלטענע" לאַנד, וואָס בלויז בלוט איז דאָ פאַראַן, זיין שטעלע, די טורמע, אַלץ. ווידער און ווידער בעט ער איך זאָל אים דערלויבן מיך צו רופן פריינד. עס איז שוין ביי אים געווען בולטע סימנים פון משוגעת. מיט אַ וויינענדיק קול האָט ער ווידער דערמאָנט די ברענענדיקע שמאָטעס מיט וועל־כע מען האָט אים געפּאָכעט פאַר די אויגן. איך בין געווען קאַלט און אכזריותדיק. ווען טשאַרלטאָן האָט אָנגעהויבן זיך אַנטשולדיקן פאַר זיין אויפפירן זיך מיט אונדז זאָגנדיק, אז עס איז ניסט געווען זיין כוונה, אָבער ער מוז פאָלגן די באַפעלן פון אויבן, האָב איך אים גע־פרעגט:

— צי ווייסטו, אַז איצט קומען פאָר אין אייראָפּע משפּטים פאַר די קריגס־פאַרברעכער, און אַלע טענהען זיי, אַז זיי האָבן אויסגע־פירט בלויז באַפעלן. אָבער די ריכטער נעמען ניסט אָן די טענה. לויט דער מיינונג פון די ריכטער דאַרף אַ מענטש זיך אָפּזאָגן, ניסט אויס־פירן דעם באַפעל, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו די באַגריפן פון מאָראַל...

— ווען איך וואלט זיך געקענט אָפּזאָגן פון מיין פּאָסטן... — האָט מיסטער טשאַרלטאָן אַ זיפץ געטאָן.

פאַרשטייט זיך, אַז די טירן פון די צעלעס זענען געעפנט געוואָרן. טשאַרלטאָנ׳ס פּרעסטיזש איז געפאלן וואָס אַמאָל מער און מער.

בכדי אונדז, איבערבעטן, האָט מיסטער טשאַרלטאָן געמאָלדן, אַז די, פון צווישן די אַנטערינער, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן, און

האָבן געטראָגן לויטן געזעץ רויטע קליידער, קענען איבערבייטן די מונדירן אין געוועגלעכע אַרעסטאַנטן־קליידער.

פאַרנאַכט איז ער אַריינגעקומען אין הויף אַריין, צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט, אַז ער וויל מיט מיר ממשיך זיין דעם שמועס פון פאַרמיטאָג. דאָס איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג אין עכו־טורמע, זען דעם אָנפירער אַרומשפּאַצירן מיט אַן אַרעסטאַנט אין הויף, און פריינטלעך שמועסן צווישן זיך.

— ... און ווייסטו, מיסטער טשאַרלטאָן — האָב איך צווישן אַנדערן געזאָגט — אויב דו ווילסט פאַריכטן די באַציאונגען מיט די יידישע אַרעסטאַנטן, דאַרפסטו נאָך עפּעס טאָן. דו האָסט אונדז איבער־געפירט אין די צעלעס, וואָס געפינען זיך ביים וואסער־מאָטאָר, וואָס אַרבעט ביי נאַכט. דאָס שטערט צום שלאָפן. די אַרעסטאַנטן פרעגן, פאַרוואָס האָסטו דאָס געמאַכט און געפונען נישט קיין אַנדער ענטפער ווי אַ שלעכטער ווילן פון דיין זייט, דערקוטשען אונדז און שטערן. פאַרוואָס זאָלסטו אונדז נישט אומקערן אין אונדזערע פריערדיקע צעלעס אַריין? ליבער אַוועקזעצן אַרעסטאַנטן, וואָס זענען פאַראור־טיילט אויף קורצער צייט אַרעסט ביים וואסער־פּלומפּ. היינט האָב איך געהערט פון מיינע חברים טענהען, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ סיבה, וואָס האָט דיך באַוואויגן אונדז צו האַלטן אין יענע צעלעס. זיי זענען אָפן פון אַלע זייטן און אין פאַל פון אַן איבערפאַל פון די אַראַבער איז זיך שווער דאָרט צו פאַרטיידיקן, און נאָך דיין פאַרזוכן אָנצומאַכן אַ קריג צווישן אונדז און די אַראַבער, זעט דער חשד אויס לאָגיש. די צעלעס 27, 28 געפינען זיך אין ווינקל און אין פאַל פון אַן איבער־פאַל, איז לייכט זיך דאָרט צו פאַרטיידיקן. איך וואָלט שטאַרק וועלן איינשטילן די געמיטער און מיט אַלע דאָ לעבן בשלום, אויך מיט דיר. אויב דו ווילסט עס אויך, העלף מיר פונאַנדערשפּרייטן די פאַר־דאַכטן און קער אונדז אום אין אונדזערע פריערדיקע צעלעס.

מיסטער טשאַרלטאָן האָט זיך געשוואָרן, אַז ער האָט נישט גע־האַט קיין שלעכטע כוונות ביים איבערפירן אונדז אין אַנדערע צע־לעס. ער איז גרייט דאָס באַווייזן מיטן איבערפירן אונדז אין די פריערדיקע צעלעס...

— — — נאָך דעם געשפּרעך האָב איך זיך געוואונדערט און אַליין זיך געפרעגט: פונוואַנען קומט צו מיר אַזאַ מאָס ביטערקייט? די נויט, ווייזט־אויס, לערנט אַלץ אויס.

## ב.

נאָכן דורכבררוך האָט מיסטער טשאַרלטאָן אָנגענומען נייע פאַר־זיכערונגס מיטלען. צווישן אַנדערן איז אויפגעקומען אין זיין צע־ווירטן מוח, צו ענדערן די אָרדענונג פון די באַזוכן ביי די קראַנקע אַרעסטאַנטן, וואָס געפינען זיך אין אָרטיקן שפּיטאָל. פריער פלעג זיין איינגעפירט, אַז דער קראַנקער אַרעסטאַנט גייט אַראָפּ פון זיין בעט גייט צו צו דער פאַרקראַטעוועטער טיר און דורך די קראַטעס שמועסט ער מיט זיינע באַזוכער אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּאָלי־ציאַנט. מיסטער טשאַרלטאָן האָט מורא געהאַט, ווייזט־אויס, אַז עמעץ פון די ארעסטאַנטן וועט אַדורך די טיר און וועט זיך פּאַרמישן מיט די באזוכער און מיט זיי צוזאַמען אַרויס פון טורמע. דעריבער האָט מיסטער טשאַרלטאָן איינגעפירט אַ נייעם סדר: די באַזוכער וועלן נישט שטיין אינדרויסן, נאָר זיי וועלן אַריינגיין אינעווייניק און זיך אַוועקזעצן ביים בעט פון קראַנקן, ביי דער וואַנט פון אַ וועכטער. ווען איך האָב געזען צום ערשטן מאָל דעם נייעם איינפיר — בין איך דער־שטוינט געוואָרן. אויב דאָס וועט אַזוי אָנהאַלטן, איז דאָך עס אַ גלענצ־נדע געלעגנהייט... זיך אָפּצוטראָגן פונדאַנען! אין אַ שבת נאָכדעם, זענען די באַזוכער ווידער אַריינגעגאַנגען צו די וואָס ליגן אין בעט. אַלזאָ, איז עס שוין אַ מנהג! בין איך גלייך צוגעגאַנגען צום ענין. איך האָב געבעטן ביי מיינע חברים, זיי זאָלן בעטן זייערע קרובים נישט באַזוכן ביי זיי ביז אַ נייער מעלדונג. דאָס איז מיר נויטיק גע־ווען, ווייל יעדער אַרעסטאַנט באַקומט אַ דערלויבעניש פאַר אַ באַ־זוך בלויז איינמאָל אין צוויי חדשים. איך האָב געוואָלט, אַז אין טאָג פון מיין אַנטלויפן זאָלן זיין וואָס מער באַזוכער. מיין פּלאַן איז גע־ווען אַ קאָמפּליצירטער אָבער עס איז מיט אים נישט געווען קיין שום איינשטעלעניש. אין דער וואָך פאַר דער דאַטע וועלכע איך וועל באַ־שטימען, וועלן קראַנק ווערן אויסער מיר נאָך זעקס חברים. אין צימער,

וואָס איז אָפּגעטיילט פאַר יידן אין אָרטיקן שפּיטאָל, זענען פאַראַן זעקס בעטלעך. איינער וועט דאַרפן ליגן אין אַן אַנדער צימער. אויף דעם שבת וועלן אַלע „קראַנקע" איינלאַדן די קרובים און בעטן ספּעציעל, אַז דער ווייבלעכער מין זאָל קומען, דווקא, אויף דעם שבת. זיי וועלן דערקלערן אין בריוו וויעלכע מען וועט שיקן מיט דזשאַמאַל'ן, אַז זיי זענען קראַנק און זיי האָבן אַ זעלטענע געלעגנהיי[illegible]ך צו זען מיט די טייערע פּנים אל פּנים און נישט דורך די קראַט[illegible]. בלויז צו איינעם פון די זעקס וועט קיינער נישט קומען. אין משך פון דער צייט וועל איך זיך אָנגרייטן פּרויען־קליידער. אַ שעה פאַר די באַזוכן, וועל איך זיך אין באַהאַלט אָפּראַזירן די באָרד, אָנטוען דאָס קלייד מיט די זיידענע זאָקן, ארויפלייגן אַ שיין געלאָקטן קאָפּלעס, ליפּסטיק אויף די ליפּן, פּודער אויפן פּנים און אַ זיידענעם טיך איבער די אויגן, לויט דער מאָדע פון יענעם זומער. ווען די באַזוכער וועלן אריינקומען, וועט דער בחור, וואָס וועט ליגן אליין אין פאַדערשטן צימער איינהאַלטן די צוויי וועכטער, מיט סתם אַ פראַגע: „צי מעגן די קרובים מיינע מיר איבערגעבן שאָקאָלאַד?" — וועט ער פרעגן. די סעקונדע פון פאַרהאַלטן די וועכטער, וועט גענוג זיין, אַז די באַזוכער זאָלן פאַרויסגיין און אריין אין צימער פאַר די וועכטער, ווען יעדער איינער גייט צו צום פאַסיקן בעטל, וועל אויך איך זיך אָוועקזעצן נעבן דעם בחור, וואָס קיינער איז צו אים נישט געקומען. איך וועל זיצן מיטן רוקן צו די וועכטער, ער וועט צו מיר רעדן בולגאַריש און איך וועל שווייגן אָדער ענטפערן שטיל, כביכול, און ביים ענדיקן דעם באַזוך ארויס מיט אַלע צוזאַמען.

איך וועל טאַקע נאָך באַדאַרפן אדורכגיין דעם דיזשורנע און דאָרטן ציילט מען די באַזוכער ביים אריינקומען און ביים ארויסגיין, אָבער דאָס איז נישט קיין גרויסע שטערונג. מיינע פריינט וועלן שוין זאָרגן צו פאַרמישן דעם חשבון. צוויי פון די באַזוכער וועלן געשיקט ווערן אין ביוראָ אריין דערלעדיקן געלד ענינים און אזוי וועט אויסקומען, אַז די צאָל, וואָס גייט ארויס פונעם דיזשורנעס צימער, איז קלענער פון דער צאָל וואָס גייט אריין און מען וועט קיינעם נישט איינהאַלטן. ווען מען וועט כאַפּן דעם טעות נאָך אַ צייט, וועט מען

אוודאי נישט מאַכן קיין קאָנטראָלע, ווייל אַזעלכע טעותים טרעפן זיך אָפט און דער דיזשורנע „פאַרגלעט" עס, ווייל ער וויל נישט מען זאָל אויף אים שרייען. ווען אין פאַל מען וועט וועלן פאָרשן, וועל איך דאָך שוין זיין ווייט, ווייל ביים טויער וועט אויף מיר וואַרטן אַ מאַשין, וואָס וועט געשיקט ווערן דורך מיינע פריינט פון חיפה...

דער פלאַן האָט מיך געלאָקט. איך בין באַלד צוגעטרעטן עס צו פאַרווירקלעכן. אין דעם מאָמענט ווי איך וועל באַקומען פון מיסטער טשאַרלטאָן דעם צימער 28, כדי מיינע פריינט, וואָס וועלן בלייבן דאָ זאָלן קענען גראָבן דעם טונעל, וועל איך אַוועק פונדאַנען. און נאָכן געשפרעך מיט מיסטער טשאַרלטאָן, וועלכער האָט מיר פאַרשפּראָכן אומצוקערן אונדזערע פריערדיקע צעלעס האָב איך באַשטימט די דאַטע פון אַנטלויפן שבת נאָך דריי וואָכן.

נאָך אין דריי וואָכן, ווייל אין אַזאַ צייט נויטיק איך זיך מען זאָל מיר אַראָנטערנעמען דעם גיפּס פון דער האַנט (די האַנט אין גיפּס איז צו אַ בולטער סימן), אויסטוישן בריוו מיט די קרובים, באַקומען זייער ענטפער און באַקומען דאַמען־קליידער.

די פרייהייט איז ווידער נאָענט! אין דריי וואָכן אַרום!

## ג.

דערווייל זענען פאַראורטיילט געוואָרן די אָנפאַלער אויף עכו. פון פינף זענען דריי פאַראורטיילט געוואָרן צו הענגען. מיט ציטער וואַרטן מיר אויפן באַשלוס פון מיליטער קאָמאַנדיר, און מיר ווייסן, אַז עס איז כמעט נישטאָ קיין אויסזיכטן מען זאָל זיי באַגנעדיקן. דאָס שטורמען די ארץ־ישראלדיקע באַסטיליע, האָט צו שווער געטראָפן דער מאַכט. אונדזער זאָרג פאַר זייער גורל ווערט גרעסער, ווען מיר דערוויסן זיך, אַז דער קאָמאַנדיר האָט באַשטעטיקט דעם אורטייל.

די פאַראורטיילטע זענען געבראַכט געוואָרן פון תליה־קאַרצער פון ירושלים אין תליה־קאַרצער קיין עכו. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן. „אַזוי איז געווען מיט גרונערן און זיינע חברים..." — האָבן מיר זיך געטראַכט. אָבער פונדעסטוועגן איז נאָך פאַראַן אַ

האָפנונג. אין לאַנד איז אין דער צייט פאַראַן די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונ״אָ, וועלכע דאַרף פאָרשלאָגן אַ לייזונג פאַר דעם ארץ־ישראל פּראָבלעם. פאָרשטייער פון צוועלף זעלבסשטענדיקע מדי־נות באַטייליגן זיך אין דער קאָמיסיע. זיי האָבן די פולמאַכט צו פאַרביטן אויפצוהענגען קעמפער. אינדרויסן באַמיט מען זיך משפיע זיין, זיי זאָלן זיך אריינמישן אין דער זאַך. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן באַהאַנדלען די פראַגע און וועלן באַשליסן. עס איז פאַראַן א מעגלעכקייט פאַר אן אינטערווענץ פון זייער זייט. דו גלייבסט, ווייל דו ווילסט גלייבן, אז די דריי בחורים, חביב, ווייס און נאַקאַר וועלן נישט אויפגעהאָנגען ווערן!

*

די צייטונגען האָבן געמאָלדן, אַז די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונ״אָ, וועט אויך באַזוכן אין טורמע פון עכו. מען דאַרף זיך צו־גרייטן צו אַ באַגעגעניש מיט זיי. די בריטישע מאַכט האָט זיך אָפּגע־זאָגט צו גאַראַנטירן זיכערקייט פאַר די פאָרשטייער פון אונטער־גרונט, אויב זיי וועלן זיך אויסגעבן און דערשיינען פאַר די מיטגלי־דער פון דער קאָמיסיע, און דעריבער זענען געצווינגען די מיטגלי־דער פון דער קאָמיסיע זיך באַגעגענען באַהאלטענערהייט מיט יעדן באַזונדער. אויב וועט די קאָמיסיע קומען אהער וועט עס זיין אַ געלע־גנהייט צו לאָזן הערן פאַר זי די פאָדערונגען פון דעם אונטערגרונט. ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מעלדונג אין דער פרעסע וועגן דעם קומען פון דער קאָמיסיע קיין עכו, האָב איך געמאָלדן מיס־טער טשאַרלטאָן, אַז אַ דעלעגאַציע פון צוויי מענטשן, משה סאָלאָמאָן פון אצ״ל און איך, ווילן רעדן מיט זיי און מיר בעטן, אַז ער זאָל זיי וועגן דעם מעלדן.

אין איין שיינעם טאָג האָט זיך געשפירט אַ באַוועגונג אין טורמע. די פאָליציאַנטן האָבן אונטערגעטריבן די אראבער צו ריי־ניקן דעם הויף, די ביוראָען, די קיך, די קלאָזעטן, אלץ דאַרף מען אויספוצן. איך האָב ווידער דערמאָנט מיסטער טשאַרלטאָן, אז מיר ווילן רעדן מיט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע. אבער מיסטער טשאַרלטאָן האָט געדענקט „צו פאַרגעסן״. און איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט „פאַר־

געסן״. כ׳האָב געוואוסט, אַז ער וועט זיי גאָרנישט זאָגן, און דערנאָך וועט ער זאָגן, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט זיך מיט אונדז באַגעגענען. האָב איך זיך דעריבער פאַרזיכערט. דער אראבישער אָפּיצער, חאַשאַם עפענדי, איז אַ שטאַנדהאַפטיקער מענטש, ער האַסט טשאַרלטאָן נישט ווייניקער ווי עס האַסן אים די ארעסטאַנטן און איך בין מיט אים אין פריינדלעכע באַציאונגען, אויף וויפיל עס זענען מעגלעך אַזעלכע באַציאונגען צווישן אַן ארעסטאַנט און אַן אָפּיצער. עס איז ביי אונדז פאַראַן אַ מין הסכם פון „שמור לי ואשמור לך״, נאָך פון די צייטן ווען קלאו האָט דאָ געהערשט. איצט האָב איך אים דערקלערט אין וואָס עס גייט און כ׳האָב מיט אים באַשטימט, אז ווען זיי וועלן שוין האַלטן ביים אוועקגיין, דעמאָלט זאָל נאָך זיי נאָכלויפן חאַשאַם עפענדי און אויף אַ הויך קול מעלדן טשאַרלטאָנען, אַז איך האָב געבעטן דערמאָנען אים, אַז מיר ווילן רעדן מיט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע.

איך האָב זיך נישט טועה געווען. מיסטער שטאַרלטאָן האָט זיך געפירט געננוי ווי איך האָב געדענקט. אבער אויך חאַשאַם עפענדי האָט זיך געפירט לויט איך האָב אים געבעטן. ווען די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן געהערט וואָס חאַשאַם עפענדי האָט געזאָגט צום אָנפירער, האָבן זיי נישט געוואַרט אויף טשאַרלטאָנ׳ס ענטפער. חאַשאַם עפענדי האָט מיר דערנאָך דערציילט, אַז זיי האָבן באלד געזאָגט:

— נו, פאַרוואָס נישט? אויך מיר זענען פאַראינטערעסירט זיי צו זען.

— ביטע, ביטע — האָט מיסטער טשאַרלטאָן געזאָגט אַ צעטומלטער.

און זיי זענען אריינגעגאַנגען אין וואַרטע־זאַל ביים צימער פון דיזשורנע. ווען מען האָט מיך גערופן, בין איך אריינגעגאַנגען צו זיי. עס זענען דאָרטן געווען בלויז צוויי מיטגלידער: גראַנאַדוס, דער פאָרשטייער פון גואטעמאַלאַ און ליסעצקי, דער פאָרשטייער פון טשעכאָסלאָוואַקיע. ווייל איך בין גערופן געוואָרן אליין האָב איך געבעטן מען זאָל רופן אויך משה סאָלאָמאָן, וועלכער האָט באַדאַרפט פאַרטרעטן דעם אצ״ל ביי דער באַגעגעניש. טשאַרלטאָן האָט געהייסן אים

ברענגען. לויט מיר זענען דורכגעקומען מיט די מענטשן פון אצ״ל, האָב איך געדאַרפט זיין דער רעדנער פון דער דעלעגאַציע. ביז משה איז געקומען, האָב איך געפרעגט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, צי האַלטן זיי נישט, אַז דאָס צימער פּאַסט נישט פאַר דעם געשפרעך, און ווענדנדיק זיך צו טשאַרלטאָן האָב איך אים באַמערקט, אַז לויט מיין מיינונג האָט ער באַדאַרפט אויפנעמען די מיטגלידער פון אונ״אָ קאָמיסיע אין אן אנדער פלאַץ. הער גראַנאַדוס, ווייזט־אויס, איז דער־שטוינט געוואָרן פונעם טאָן מיט וועלכן איך האָב גערעדט מיט טשאַ־רלטאָן, ער איז אביסל צעטומלט געוואָרן און געזאָגט, אַז עס ענ־דערט נישט, ווייל במילא איילן זיי זיך אָנצושליסן מיט די איבע־ריקע מיטגלידער, וואָס באַזוכן איצט אין נהריה.

דערווייל איז משה אריינגעקומען, און הער גראַנאַדוס האָט אונדז אָוועקגעשטעלט אַ פּאָר פּערזענלעכע פראַגן. ער האָט זיך פאַר־צייכנט אונדזערע נעמען, געפרעגט אויף וויפיל צייט מיר זענען פאַר־אורטיילט, וויפיל יידישע ארעסטאַנטן זענען דאָ פאַראַן אא״וו.

אין זיין בוך „אזוי איז געבויערן געוואָרן מדינת ישראל״, דער־מאָנט גראַנאַדאָס דעם באַזוך אין טורמע פון עכו, און דאָס געשפרעך. אין דעם קורצן פראַגמענט זענען פאַראַן אַ פּאָר טעותן, אבער זיי האָבן קיין באַדייטונג לגבי די פאַקטן. פון זיינע רייד ווייזט זיך ארויס, אַז עס האָט אויף אים אַן איינדרוק געמאַכט די הארבע ווערטער, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ בריטישן מאַיאָר. מיר, משה און איך, האָבן באַקומען זייער אַ שלעכטן איינדרוק פון די צוויי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע. ווען הער ליסעצקי האָט אונדז געמאָלדן, אַז זייער צייט איז באַשרענקט, האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך וואונדער זיך. די קאָמיסיע איז געקומען אין לאנד אריין צו ליי־זן אַ פּראָבלעם, וואָס האָט זיך געשאַפן אַ דאַנק די אקציעס פון דעם אונטערגרונט. נישט געגוג, וואָס די קאָמיסיע האָט נישט געפונען קיין וועג צו דערמעגלעכן די פאָרשטייער פון אונטערגרונט אינדרויסן, צו דערשיינען פאַר איר, געפינט איר נישט פאַר נויטיק אויסצונוצן די געלעגנהייט צו הערן דאָס וואָרט פונעם אונטערגרונט דאָ?

זיי האָבן זיך אַביסל צעטומלט און נאָך א רגע האָט ליסעצקי גע־

זאָגט, אַז ס'איז טאַקע געווינטשן צו ווידמען מער צייט אויסצוהערן אונדזערע רייד, אָבער צו דעם דאַרף מען האָבן די פולע קאָמיסיע און מען דאַרף באַשטימען אַ צייט פאַר דעם. ער האָט אויסגערעכנט נאָך אַ פּאָר סיבות וועלכע איך געדענק נישט.

איך האָב זיי געמאָלדן, אַז די פאָרשטייער פון אונטערגרונט אויפן פּלאַץ האָבן צוגעגרייט אַ מעמאָראַנדום און מיר ווילן זיי איבער־געבן אַ פּאָר זאַכן אויסנווייניק. בעתן לייענען דעם מעמאָראַנדום האָבן זיי מיר פון מאָל צו מאָל איבערגעשלאָגן מיט פראַגן. איך האָב גע־פילט, אַז זיי שעמען זיך פאַר טשאַרלטאָן פאַרן מוזן אויסהערן אַזע־לכע שווערע באַשולדיקונגען. זיי האָבן זיך ווי געוואָלט מתנצל זיין פאַר אים. דאָס איז געווען מיין געפיל. דאָס האָט מיך אויפגערעגט. איך האָב זיך איבערהויפּט נישט אנטציקט פון דער פּערזענלעכקייט און פון דעם דערשיינען פון די צוויי פאָרשטייער פון אונ"אָ. די אָנ־רעגונג און די מורא, וואָס איז אויף מיר געווען פאַרן טרעפן זיך זע־נען פאַרביי, און איך בין אנטוישט געווען פון זיי. ווען איך האָב זיי געזאָגט אז איך וויל פאָרברענגען פאר דער קאָמיסיע פאַקטן, וועלכע קיין שום יידישער פאָרשטייער האָט פאַר זיי נאָך נישט פאָרגעבראַכט, און געשילדערט דעם מארד פון די פארוואונדעטע נאכן דורכבורוך און צוגעגעבן צו דעם, אַז דער בריטישער מאיאָר, וואָס שטייט דאָ, האָט אַ חלק אין די אלע זאַכן, האָבן זיי אָנגעקוקט מיסטער טשאַ־רלטאָן און ווי מיט די בליקן זיך מתנצל געווען, אויף דעם וואָס זיי זענען געצווינגען אויסצוהערן דאָס אַלץ. צו ענדע האָבן זיי געזאָגט, אז די זאַכן פאָדערן אן אויספאָרשונג און זיי האָבן נישט קיין מעגלעכ־קייט עס איצט צו מאַכן, נאָר זיי וועלן ברענגען דעם ענין פאַר דער זיצונג פון דער פולער סעסיע. ווען מיר האָבן זיך געזעגנט האָט ליי־סעצקי צוגעגעבן:

— נאָך וואָס רעדן וועגן די ענינים פון די ארעסטאַנטן? מיר זוכן אַ לייזונג, וואָס וועט ליקווידירן אויך די פראַגע.

פון אויפרעגונג האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— איר באַמיט זיך אומזיסט. די ענגלענדער וועלן נישט אָננעמען קיין שום לייזונג, וואָס וועט נישט פאַרזיכרן זייער הערשן אין מיטל־

מזרח. דער יידישער אונטערגרונט וועט מיט זיי קעמפן כל זמן זיי וועלן דאָ הערשן. פאַרקלענערן די פאַרברעכנס פון דער ענגלישער זייט, דאָס איז די איינציקע דערגרייכונג, וועלכע איר קענט דערגרייכן. איך האָב דאָס געפּיל, אַז איר פאַראינטערעסירט זיך נישט גענוג מיט דעם פּראָבלעם.

איך בין געווען אויפגערעגט. נישט אזוי האָב איך זיך פאָרגעשטעלט דאָס דערשיינען פון אונ״אָ פאָרשטייער... אבער מיט דעם האָט זיך נאָך דער ענין נישט פארענדיקט. איך האָב זיך זייער געוואונדערט, ווען אין צוויי שעה ארום, איז פּלוצים געקומען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, דער ריכטער סאַנדסטראָם, און איז אריינגעקומען מיט טשאַרלטאָנען אין הויף אריין. זיי זענען גלייך צוגעגאַנגען צו מיין צעל, אבער אין דער צייט בין איך געווען אויף אַן אנדער פּלאַץ און פונדערווייטנס האָב איך צוגעקוקט וואָס עס פּאַסירט. מיסטער טשאַרלטאָן האָט געשיקט מיך רופן. ווען איך בין צוגעקומען האָט מיסטער טשאַרלטאָן געזאָגט:

— דער הער ריכטער סאַנדסטראָם וויל מיט דיר שמועסן.

ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן ריכטער, יענער האָט אריינגעקוקט אין נאָטיצבוך זיינעם און געפרעגט צי איך הייס שמואלעוויטש. נאכדעם, האָט עד געבעטן ביי טשאַרלטאָן ער זאָל אונדז אַריינפירן אין אַ צימער פון ביוראָ, מיר זאָלן רואיק קענען שמועסן. איך האָב ווידער געבעטן מען זאָל רופן משה סאָלאָמאָן. מיסטער טשאַרלטאָן האָט אונדז געפירט אין זיין צימער אריין. ער איז געשטאַנען אין דער זייט און דער ריכטער סאנדסטראָם האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ, דאָס איז די איינציקע שטול אין ביוראָ פון אָנפירער, ווייל קיין מענטש טאָר נישט זיצן דאָרט אויסער דעם אָנפירער אליין.

— וועסט אזוי גוט זיין אונדז איבערלאָזן אליין — האָט זיך דער ריכטער סאנדסטראָם געווענדעט צו טשאַרלטאָן, — און וועסט אויך הייסן אריינברענגען צוויי שטולן פאַר די דאָזיקע הערן.

טשאַרלטאָן איז ארויס און אין אַ פּאָר סעקונדן ארום, האָט אַ בריטישער סערזשאַנט געבראַכט צוויי שטולן.

— פאַרמיטאָג, זענען דאָ געווען צוויי פון מיינע חברים, — האָט

דער ריכטער אָנגעהויבן זיין געשפּרעך — און זיי האָבן נישט קיין מעגלעכקייט געהאַט לענגער מיט אייך צו שמועסן.

— ריכטיק. זיי האָבן זיך זייער געאיילט — האָב איך געזאָגט.

— מיר וועלן איצט קענען שמועסן אַ גאַנצע שעה אָן שטערונג. — האָט ער געזאָגט קוקנדיק אויפן זייגער.

מיר האָבן געשמועסט מער ווי אַ שעה. נאָך דעם, וואָס איך האָב אים געמאָלדן אז איך בין באַפולמעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון לוחמי חרות ישראל, און אין נאמען פון אלע פּאָליטישע ארעסטאַנטן אין עכו, האָב איך דערקלערט דעם פּאָן פון דעם אונטערגרונטס־קאמף אין לאַנד. סאנדסטראָם האָט זיך גוט איינגעהערט, בלויז פון מאָל צו מאָל מיר איבערגעריסן ווילנדיק אַ דערקלערונג פאַר דער אָדער יענער פראַגע. פון מאָל צו מאָל פלעג ער עפּעס פארצייכענען. ווען איך בין אריבער צו די ענינים פון די ארעסטאַנטן, און געבראַכט איינצלהייטן פונעם פּייניקן, פון די רציחות און פון דעם איזדעקעווען זיך, האָט דער ריכטער פאַרשריבן יעדן פּרט און פּרט. צו יעדן פאַקט, וואָס איך האָב געבראַכט האָב איך אויך באַמערקט דעם אופן פון פאָרשן, וואָס מען דאַרף אָנווענדן, כדי פעסטשטעלן דעם אמת פון די זאַכן. ער האָט זיך טיף צוגעהערט. ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט דער ריכטער וואַרעם געדרוקט אונדזערע הענט און געדאַנקט פאַר דער אינפאָרמאַציע, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, אַ ווערטפולע. — „פאַרוואָס" — האָט ער געזאָגט זיך וואונדערנדיק, — „האָט נאָך קיינער פון די יידן ביז איצט נישט געבראַכט די דאָזיקע פּרטים פאַר דער קאָמיסיע ?" איך האָב אים נישט געוואָלט דערקלערן פאַרוואָס די מנהיגים האָבן וועגן דעם נישט גערעדט. ווען מיר זענען ארונטער די טרעפּ, צוזאַמען מיט מיסטער טשאַרלטאָן, האָב איך אים איינגעלאַדן זיך אָנצוקוקן די טורמע. עס איז שוין שפּעט געווען, נאָר ער איז אויף אַ רגע אריין אין הויף און מיסטער טשאַרלטאָן האָט אים איינגע־לאַדן אין דער יידישער קיך. ער איז אריין, און ביי דער געלעגנהייט האָב איך אים געוויזן, די שפּייז וואָס מיר עסן. מיט אַן איינגעהאַלטע־נעם צאָרן האָט ער אָנגעקוקט טשאַרלטאָנען.

— דאָס איז אַלץ וואָס איר האָט? — האָט טשאַרלטאָן געפרעגט אָנשטעלנדיק אַ נאאיוו פּנים.

— מיסטער טשאַרלטאָן, — האָב איך געזאָגט — דו אַליין צעטיילסט דאָך די פּראָדוקטן פון מאַגאַזין. צי ווייסטו נישט, אַז מיר באַקומען נישט מער?

איך האָב נאָך געוואָלט משפּיע זיין אויף סאַנדסטראַם, ער זאָל אַריינגיין אין תליה־קאַרצער און שמועסן מיט די פּאַראָורטיילטע. ספּעציעל האָב איך געוואָלט ער זאָל רעדן מיט אבשלום חביב, נאָכדעם, וואָס ער איז געשלאָגן געוואָרן מיט אכזריותדיקייט פון ווילדע חיות, ווען מען האָט אים אַרעסטירט. אָבער עס איז שוין שפּעט געווען. עס דוכט מיר, אַז ער האָט קיין ווילן נישט געהאַט צו זען פּאַראָורטיילטע צום טויט. ער האָט על כל פּנים געטענהעט, אַז אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע וואַרטן אויף אים אין נהריה און ער מוז זיך אומקערן, ווייל ער האָט זיך שוין במילא איבער דער מאָס פאַרזאַמט.

טראָץ דעם, וואָס דאָס דערשיינען פון דעם פּאָרזיצער פון דער קאָמיסיע האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַריכט דעם רושם, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט די פריערדיקע צוויי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, פונדעסטוועגן, איז איבערגעבליבן עפּעס אַ ביטערער טעם נאָך זייער דערשיינען.

„די 12 הערן" — האָב איך זיך געטראַכט — „וואָס קומען פון יעדן פאַרשטופּטן ווינקל אין דער וועלט, זין פון פעלקער נישט־פעלקער, וועלן באַשטימען דעם גורל פון אונדזער פאָלק און דעם גורל פון לאַנד עס וועט נישט געשען און ס'וועט נישט זיין! מען דאַרף זיך נישט באַציען ערנסט צו דער גאַנצער פלאַפּלעריי. אויב מיר וועלן אַליין נישט באַשטימען דעם גורל פון אונדזער פאָלק, וועט אונדז שלעכט און ביטער זיין".

ד.

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דער באַגעגעניש, זענען מיר איבערגעפירט געוואָרן אין די צעלעס 27, 28. אין אַ וואָך אַרום וועל איך

אנטלויפן. זיכער צו זיין, בין איך ארויף נאָך פאר דער צייט אין שפיטאָל אריין. אהין וועט מיר דזשאַמאַל ברענגען אַלץ וואָס איך דאַרף. אויך די איבעריקע בחורים זענען קראַנק געוואָרן לזיט דער ריי. פון גרויס אויפרעגונג פאַרן אנטלויפן, שלאָף איך נישט דורך די נעכט. יעדע נאַכט ברענגט מיר דזשאַמאַל אַן אַנדער טייל פון דער דעקאָראַציע. אין אָנפאַנג האָט ער געבראַכט קלייניקייטן: ליפסטיק פאַר די ליפן, פודער, אַ זיידענעם שלייער, אַ שטיפט פאַר ברעמען. דער־נאָך דעם קאפלעט. אַ נאַכט נאָך דעם, האָט ער געבראַכט זיידענע זאָקן און דאָס קלייד. שרה, דאָס ווייב פון חיים אַפפלבוים, וואָס איז געהרגעט געוואָרן בעתן דורכברוך, געפינט זיך אין חיפה און זי זאָרגט פאַר אַלץ. די בחורים דאָ האָבן אויפגעגנייט אַ גוט געבעטן ברוסטהאַלטער. דעם גיבס פון דער האנט האָט מען מיר שוין ארונטערגענומען, און איך האָב גוט אָפראַזירט די האָר פון די פיס, עס זאָלן זיך דורכזען פרויען פיס דורך די דורכזיכטיקע זאָקן. אלץ איז אין אָרדענונג! איך וואַרט אויף שבת — אויף די באַזוכן.

*

אין דער וואָך, דינסטיק פאַרנאַכט האָב איך פלוצים געזען דורכן פענצטער פון שפיטאָל, וואָס גייט־ארויס אין אויסערלעכן הויף, אַ גרויסע באַוועגונג אינדרויסן. אַ סך מיליטערישע מאַשינען. אַ טעלע־גראַפן סטאַציע שטייט אין הויף. אָן אַ שיעור זעלנער דרייען זיך ארום. איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס עס גייט דאָ פאַסירן. מען גייט הענגען די דריי. זיי וועלן עס מאַכן ביינאַכט, אינדערשטיל, ווי זיי האָבן עס געמאַכט מיט גרונערן. מען טאָר נישט שווייגן! מען דאַרף עפּעס־וואָס מאַכן! אבער וואָס? וואָס וועלן מיר מאַכן?! אָט זענען אויך געקומען די אָפיצערן פון דער פאָליציי. דער קאָמאַנדיר פון די טורמעס אין לאַנד, קאָלאָנעל העקעט, דרייט זיך שוין ארום אינדרויסן. איך האָב זיך פאַרבינדן מיט די בחורים אין הויף, כ׳האָב געוואָלט לויפן, קלאַפן, צעשטערן, טוען עפּעס מען זאָל נישט הענגען די, וועל־כע זענען אהער געקומען אונדז באַפרייען. אבער וואָס קענסטו מאַכן? אָפּהענגיק ביסטו! דאָס באַוואוסטזיין, אַז נאָך אביסל וועט מען זיי ארויספירן צום טויט, דריקט אויף דיר מיט אַ געוויכט פון טויזענ־

טער אַטמאָספערן, דאָס ווערגט דיך און ביסט אָפּהענטיק. איך האָב געשיקט אַ פּאָליציאַנט אין ביוראָ אריין און געבעטן מען זאָל געבען צוויסן טשאַרלטאָנען, אַז איך וויל מיט אים רעדן. ער האָט מיך גע־רופן און ווען איך האָב אים געפרעגט צי ס׳איז ריכטיק, אז מען האלט ביי הענגען די פאראורטיילטע האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט וועגן דעם קיין שום מעלדונג נישט באקומען.

— דו זאָגסט ליגן! — האָב איך געשריגן — זאָלסט זיך נישט וואַגן זיי אויפצוהענגען!

אַ פונק פון משוגעת האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן.

— וואָס קען איך מאַכן! אויב ס׳וועט זיין אַ באַפעל...?

— זאָלסט זיך נישט וואַגן! פאַרברעכער! רוצח!!!

*

אונטן האָט מען געמאָלדן די פאַראורטיילטע, אַז די תּלינים זע־נען שוין געקומען. ווען די בחורים האָבן זיי געמאָלדן, מיט געשרייען פאַר דער טיר, האָבן זיי געענטפערט: „אין אָרדענונג! אַ דאַנק!“ נאָך אַ ווײַלע האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג פון די תּליה־קאַמערן. די דריי האָבן געזונגען די לידער פון אונטערגרונט...

אינדרויסן טונקלט שוין און דו ווייסט, אז יעדע רגע דערנענטערט דעם סוף. בלאַסע שטייען מיר, די „קראַנקע“, ביים פענסטער און קוקן זיך איין אין דעם, וואָס טוט זיך אינדרויסן. דער סערזשאַנט קומט־ארויס פונעם מאַגאַזין און האַלט דריי שוואַרצע זעקעלעך אין דער האַנט. דאָס וועט מען אָנטוען אויף די קעפּ פון די פאַראורטיילטע איידער מען פירט זיי ארויס־אין תּליה־צימער... דריי טראָג־בעטלעך שטייען שוין אין דער זייט, אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט, צוזאַמענגע־לייגט. אויף זיי וועט מען ארויפלייגן די קערפּערס פון די דריי חב־רים, וואָס זייער געזאַנג הערט זיך איצט פון תּליה־קארצער.

— וואָלטן מיר איצט געהאַט אַ פּאָר האַנט־גראַנאַטן... — זאָגט אשר וועלכער שטייט נעבן מיר. — ארונטערלאָזן איצט אַ פּאָר האַנט־גראַנאַטן אויף זייערע קעפּ... אויפרייסן זיי... פאַרניכטן זיי...

די צייט פאַרגייט שנעל. אין טורמע איז שטיל. אינדרויסן איז שוין פינצטער. בלויז אין אויסערלעכן הויף איז ליכטיק. צווישן די

פאַליציי אָפּיצערן איז געוואָרן אַ טומל. העקעט גייט אַרום אַ דע־נערוווירטער גלייך ער זאָל אויף עפּעס־וואָס וואַרטן. עס קומט ווידער אַ מאַשין. קלאו איז פון איר אַרויסגעאַנגען. קאַלאָנעל העקעט דריקט אים די האַנט, און באַלד דערקלערט ער אים עפּעס מיט גרויס אויפרע־גונג. וואָס קומט דאָרט פאָר?

אזוי פאַרגייט סעקונדע נאָך סעקונדע, שעה נאָך שעה. דו קוקסט און זוכסט, אפשר וועט פאָרט עמעץ קומען און מעלדן אַז דער גזר־דין איז בוטל געוואָרן?! אפשר וועט געשען עפּעס א נס?!

*

נאַכט, און אַלץ זעט־אויס רואיק. בלויז דער טעלעגראַפּיסט זיצט ביים אַפּאַראַט און טעלעגראַפירט אָן אויפהער. עס איז שוין נאָך מיט־נאַכט, און פון די אונטערשטע צעלעס רופט מען אונדז פון מאָל צו מאָל. זיי ווילן וויסן וואָס מיר זעען.

אַ וואַך־נאַכט... אַ נאַכט פון שוידער...

פּלוצים האָט עס אָנגעהויבן. אַ פּאָר פּאָליציאַנטן זענען אַריין אין טורמע און זיך אויסגעשטעלט אין אָפּשניט, וואָס פירט צום תליה־קאַרצער. זיי שטייען ממש אונטער אונדזערע פענסטער. דער תליה־קאַרצער געפינט זיך אין אונטערשטן שטאָק, אונטן, אונטער אונדז.

אַ סערזשאַנט עפנט אונטן די טיר, און אין דער נאַכט־שטילקייט הערט זיך דייטלעך דער סקריפּ פון שליסל אין שלאָס. דאָ אונטער אונדז קומט דאָס אַלץ פאָר.

— זיי קומען! — האָב איך געשריגן פון שפּיטאָל פענסטער צו די יידישע צעלעס אין הויף. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די מויערן האָבן אויפגעציטערט פון דער פאָרכטלעכער מעלדונג. די פאַראורטיילטע, ווייזט־אויס, האָבן געהערט די מעלדונג, אָדער אפשר האָבן זיי אין דער סעקונדע באַקומען די מעלדונג פון סערזשאַנט, אַז זיי דאַרפן זיך גרייטן צו זייער לעצטן וועג, און דאָס געזאַנג פון „התקוה" האָט זיך דערהערט פון תליה־קאַרצער. דאָס געזאַנג האָט זיך דייטלעך געהערט און פּלוצים ווי די מויערן זאָלן זיך צעזינגען מיט דער נאַציאָנאַלער הימנע. פון אַלע יידישע צעלעס איז געקומען

דאָס מעכטיקע געזאַנג פון „התקוה״. אַזוי געזעגענען מיר זיך פון זיי...
אַזוי געזעגענען זיי זיך פון אונדז...

נאָך אַ קורצער צייט זעען מיר קומען אָפיצערן פון טשאַרלטאָנ׳ס שטוב. העקעט איז געגאַנגען פאָרויס. נעבן אים קלאָו און אַ פּאָר מיליטערישע אָפיצערן. טשאַרלטאָן איז צווישן זיי נישטאָ. קלאָו וועט זיין דער תּליין. די באַנדע תּליינים דערנענטערט זיך. אַ שטילשווייגן האָט געהערשט אין טורמע. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק און דיין גאַנצער וועזן איז איין תּפילה, עס זאָל עפּעס געשען, וואָס זאָל אָפּשטעלן דאָס גיין פון די תּליינים, וואָס זאָל זיי איינהאַלטן. אָבער זיי גי[illegible]ער־נענטערן זיך. זיי גייען־אַריין אין תּליה־צעל...

נאָך אַ פּאָר סעקונדן דערהערט זיך דאָס געזאַנג פון „התקוה״. בלויז איין קויל זינגט...

...עוד לא אבדה תקוה...

עס הערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ. דאָס געזאַנג רייסט זיך איבער אין מיטן. עס האָט זיך פאַרהאַקט אין אבשלומס קעל. דער תּהום האָט זיך געעפנט אונטער די פיס זיינע און דער קערפּער איז געפאַלן. אין דער רגע האָט זיך געצויגן דאָס געזאַנג און זיך געהערט מיט אַ טויזנטפאַכיק שטאַרקער קול. די אַרעסטאַנטן אין די צעלעס האָבן ממשיך געווען פון דעם אָרט, וואו אבשלום האָט אויפגעהערט. פון יעדן ווינקל האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג. די מויערן האָבן געזונגען... דאָס געזאַנג האָט באַגלייט די תּליינים אַרויסגייענדיק פון תּליה־צימער נאָכדעם, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט דעם מאָרד. האָסט זיי געזען אַרויסגייענדיק, ערנסטע, פאַרטראַכטע, כמעט וואַקלנדיקע. נידערטרעכטיקע רוצחים!

אבשלום הענגט דאָרט אויף אַ שטריק! די צוויי וואַרטן אויף זייער ריי!... אַלע וואַרטן מיר אויף אונדזער ריי!... אַ שוידערנאַכט...

אין אַ האַלבער שעה אַרום (צי איז עס טאַקע בלויז אַ האַלבע שעה געווען?), זענען פון תּליה־קאַמער אַרויסגעגאַנגען צוויי אַראַבישע פּאָליציאַנטן טראָגנדיק אַ טראָג־בעטל. צוגעדעקט מיט אַ שוואַר־

צער דעק איז געליגן דאָרט דער דערשטיקטער אבשלום. בלויז די פיס זיינע האָבן זיך אָנגעזען פון אונטער דער דעק...

און ווידער האָבן זיך די תליינים אומגעקערט. זיי דערנענטערן זיך ווידער! זיי גייען מיט דער פריערדיקער אָרדנונג. העקעט און קלאָו בראָש. דו הערסט זיך איין. ביסט אינגאַנצן ווייטיק. ווער וועט זיין דער צווייטער ?! ווער וועט זיין דער לעצטער ?! אפשר וועט פּאַרט געשען אַ נס ?!

און ווידער הערט זיך אַן איינזאַם קול זינגען די „התקוה״ און ווידער פאַרהאַקט זי זיך אין זיין קעל, און דער קלאַפּ פון טיר, וואָס רייסט זיך אויף מיט אַ רעש זאָגט־אָן, אַז דער וואָס זינגט איז דער־שטיקט געוואָרן אין די סעקונדע. אָבער דאָס געזאַנג ציט זיך ווייטער. דאָס געזאַנג אין קעל פון אַ יידישן קעמפער און דריי מאָל האָבן עס ווינקלען אין טורמע. אַ נאַכט פון תליות... אַ נאַכט פון „התקוה״...

דריי מאָל זענען געקומען די מלאכי חבלה אין דער פאַרכטיקער נאַכט, מיט זייערע געפּרעסטע קליידער און פונקלנדיקע קנעפּ, דריי קלעפּ האָבן געשטערט די שטילקייט, דריי מאָל האָט זיך פאַרהאַקט דאָס געזאַנג אין קעל פון אַ יידישן קעמפער און דריי מאָל האַבן עס ווייטערגעצויגן זייערע ברידער צו געוועער. דריי מאָל זענען די תליינים ארויסגעגאַנגען ווי עס גייען ארויס שיכורים נאָך אַ גוטן קאָקטייל. מיטן זון אויפגאַנג זענען אין אויסערלעכן הויף געשטאַנען דריי טראָג־בעטלעך. אַ לאַסט־מאַשין איז געקומען און זיי אַוועקגענומען אין דער באַגלייטונג פון אַ לאַנגן קאָנוואָי מיליטערישע פאַנצערס.

זיי זענען מער נישטאָ. די דריי... דאָ, אונטער אונדז זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן... און מיר האָבן געוואוסט און גאָרנישט גע־מאַכט... גאָרנישט האָבן מיר געמאַכט... אָפּהענטיק...

ווי ס׳וואָלט איצט מעגלעך געווען זיך אָנשיכורן, נישט צו דענ־קען, נישט דענקען און פון גאָרנישט וויסן!...

*

צומאָרגנס האָט מען זיך דערוואוסט, אַז טשאַרלטאָן האָט זיך אָפּ־געזאָגט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן די עקזיקוציע. זיין דינער, אַן אַראַבישער אַרעסטאַנט, האָט דערציילט, אַז עס זענען געווען גע־

שרייען אין זיין שטוב ווען עס זענען געקומען קאָלאָנעל העקעט און די איבעריקע אָפיצערן.

טשאַרלטאָן האָט געשריגן: „איך וועל עס נישט טאָן!״ דער קאָלאָנעל העקעט האָט געקלאַפּט אין טיש און געדראָט, אַז ער וועט באַפעלן אַרעסטירן טשאַרלטאָנען, אַז מען וועט אים שטעלן צום געריכט, אַז ער וועט אים דעגראַדירן. טשאַרלטאָנען האָט אָנגעכאַפּט אַ היסטעריע, האָט מען דעמאָלט אַרויסגעטריבן דעם דיגער און אים געזאָגט ער זאָל צוריקגיין אין זיין געצעלט אין טורמע אַריין.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיר האַשאַם עפּענדי דערציילט, אַז טשאַרלטאָן געפינט זיך ערגעץ־וואו אין פּאַרהאַלט, און אַז ער איז געגנצלעך אַראָפּ פון די זינען. מען האַלט אים ביי איבערפירן קיין ענגלאַנד, אין אַ משוגעים־הויז אַריין...

ה.

ווערנט דעם טרויער פאַרענדיקן זיך מיינע צוגרייטונגען צום אַנטלויפן. קלאו איז נאָמענירט געוואָרן אַלס אָנפירער פון טורמע און איך בין פול שרעק, טאָמער וועט ער ענדערן דעם סדר פון די באַזוכן אין שפּיטאָל און דעמאָלט... אומזיסט מיינע צוגרייטונגען. ביז ענדע וואָך האָט קלאו זיך נישט באַוויזן אין טורמע. דאָס איז גוט געווען. מיט זיין פּאַרטרעטער, מיסטער סטאַדגרין, האָבן משה סבוראַי און אַמנון מאָסקאָוויטש, גערעדט און צווישן אַנדערן האָבן זיי אויפגעבראַכט די פראַגע פון די באַזוכן אין שפּיטאָל. דער פּאַרטרעטער האָט צוגעזאָגט נישט צו ענדערן גאָרנישט פונעם פריערדיקן סדר, אויב קלאו וועט זיך נישט אַריינמישן.

ביי מיר איז אַלץ פערטיק.

*

אין די טעג נאָך דער עקזעקוציע, האָט דאָס לאַנד פּאַרפּלייצט אַ שטראָם פון נקמה־אַקטן. טאָג־טעג האָט די פּרעסע געמאָלדן וועגן נייע קרבנות צווישן די ענגלענדער. דאַנערשטיק, צוויי טעג נאָך דער עקזיקוציע, און צוויי טעג פאַר מיין אַנטלויפן, איז אַטאַקירט געוואָרן אַ מיליטערישע מאַשין אין דער סביבה פון תל־אביב ביים מיליטערישן

קעמפּ אין שרונה, און פיר ענגלענדער זענען געהרגעט געוואָרן. אין רעזולטאַט דערפון האָבן זיך די זעלנער צעווילדעוועט אויף די גאַסן פון תל־אביב און אין דער סביבה. פינף יידן, דורכגייער, זענען דער־מאָרדעט געוואָרן אין די גאַסן פון תל־אביב. אויסער דער שטאָט האָבן די זעלנער באַשאָסן די אויטאָבוסן. איך האָב נישט געוואוסט, אַז דער פאַקט וועט צונישט מאַכן מיין אַנטלויפן פון שפּיטאָל...

*

שבת. פון אינדערפרי אָן קוק איך אַרויס דורכן פענסטער, ווען צו די באַזוכער פאַרזאַמלען זיך פאַרן טויער. אַ זייגער 11 הייבן זיך אָן די באַזוכן. זייגער 10 זענען שוין געווען אַ פּאָר באַזוכער ביים טויער. פאַרשטעלנדיק מיין בעט מיט אַ פאָרהאַנג, האָב איך זיך די באָרד אָפּ־ראַזירט. דערנאָך זיך גענומען אָנטון און אָנמאַלעווען. איך בין פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגעפּוצטער דאַמע.

— זאָל מיך דער רוח נעמען אויב מען וועט דיך דערקענען! — האָט געזאָגט גבריאל, וועלכער איז געלעגן אין אייבס פון די בעטן און געוואַרט אויף זיינע קרובים.

די בחורים זענען אַרויס פון דער הויט. „ממש אַ פרוי!" — האָבן זיי זיך אַנטציקט. „דו רייצט מיך!" האָט ידידיה אויסגעשריגן.

נאָך אַ פּאָר מינוט וועלן זיך אָנהייבן די באַזוכן. נאָך אין אַ האַל־בער שעה אַרום וועל איך פריי זיין!

די באַזוכער זענען אַריין אין אויסערלעכן הויף אַריין. אין דער צייט בין איך שוין געלעגן צוגעדעקט מיט אַ ליילעך, גרייט יעדע רגע אַרויסצושפּרינגען פון בעט און זיך זעצן נעבן יוסף׳ן. אים דאַרף איך כלוימערשט באַזוכן.

„די קראַנקע" האָבן די גאַנצע צייט אַרויסגעקוקט דורכן פענס־טער און געזוכט צווישן די באַזוכער זייערע קרובים.

— וואָס איז עס? איך זע נישט מיין מוטער... — האָט ניסים גע־זאָגט.

דאָס איז נישט גוט. אַ שאָד. דאָס אַנטלויפן הענגט־אָפּ אין דער צאָל פרויען, וואָס וועלן אַהער קומען.

— אויך צו מיר, ווייזט־אויס, איז מען נישט געקומען! — זאָגט ידידיה מיט זאָרג.

— מיין מאַמע און מיין שוועסטער זענען נישטאָ... — גיט יוסף צו וויסן.

איך בין כמעט פּאַראַליזשירט געוואָרן פון גרויס אויפרעגונג. איך האָב אַליין געזען בריוו, וואָס זענען געשיקט געוואָרן דורך די מאַמעס און שוועסטער, אין וועלכע מען האָט בפירוש געשריבן, אַז זיי וועלן שבת קומען... פון צווישן די אַלע איינגעלאַדענע קרובים איז בלויז גע־קומען גבריאל ווערקשטעל׳ס מוטער און שוועסטער. זיי זענען ארויפ־געגאנגען מיט די טרעפּ וואָס פירן צום שפּיטאָל, אין דער באַגלייטונג פון אַן אַראַבישן קאָרפּראַל און פּאָליציאַנט. די צוויי פּאָליציאַנטן וועלכע האָבן באַדאַרפט באַגלייטן 12 פרויען, וואָס האָבן צוגעזאָגט צו קומען.

איך בין געשטאַנען גרייט, באַהאַלטן הינטער דער טיר, ווען זיי זענען שוין געווען אין פּאָדער־צימער. פון אונטן האָט משה סבוראי גערופן און געוויזן סימנים מיט דער האַנט איך זאָל נישט פּרובן. ס׳איז נישט מעגלעך. מען קען זיך אויסמישן, לכל הפחות, צווישן פינף פרויען, אָבער עס איז דאָך נישט מעגלעך אָנצושליסן זיך אָן צוויי פרויען, ווען צוויי פּאָליציאַנטן באַגלייטן זיי! זיי וועלן באַמערקן!!

כמעט אין דער לעצטער רגע בין איך אַריין אין בעט און זיך איינ־געדעקט מיטן ליילעך. ליגנדיק אזוי פאַרדעקט ביז איבערן קאָפּ, האָב איך געהערט ווי גבריאל׳ס מוטער און שוועסטער וואַרפן זיך אויף אים אַרויף און באַדעקן זיין פּנים מיט קושן. אין צימער זענען אַרומגעגאנגען די צוויי פּאָליציאַנטן קלאַפּנדיק אין דיל מיט זייערע באַנאָגלטע שוך.

הייס איז געווען אונטערן צודעק. כ׳האָב געקריצט מיט די ציין. אַ שוויס האָט מיך באַדעקט. נישטאָ קיין פרייהייט... נישטאָ קיין באַ־פרייאונג. איך האָב געהערט ווי גבריאל׳ס שוועסטער פרעגט:

— ווי פילט זיך דער אַלטער אייערער?

— אַ דאַנק. גוט. — האָט גבריאל געענטפערט מיט אַ שוואַכן קול.

„דער אַלטער", דאָס האָט מען מיך געמיינט...
איך האָב זיך כלל נישט גוט געפילט.

*

באלד נאכדעם, ווי די באזוכער האָבן פאַרלאָזט, האָב איך זיך אויסגעטון. איך האָב געזאָטן פון גרויס כעס. די בחורים זענען געשטאַנען מיט טרערן אין די אויגן. אויך זיי האָבן באַדויערט. אַ זעלטענע געלעגנהייט. מער וועלן אַזעלכע באַזוכן נישט פאָרקומען אין שפּיטאָל...

— — — אומזיסט האָט שרה געוואַרט מיט דער מאַשין ביים טויער. איך בין איבערגעבליבן הונדערט מעטער פון דער מאַשין. די דאָזיקע הונדערט מעטער האָב איך נישט מצליח געווען דורכצוגיין.

כדי אַ תירוץ צו האָבן פאַרן אָפּראַזירן די באָרד, וועלכע איז זייער פּאָפּולער געווען אין טורמע, האָבן מיר אַזאַ ספּעקטאַקל געמאַכט: כ'האָב געקראַצט דאָס פּנים ביז עס האָבן זיך דאָ און דאָרטן געמאַכט וואונדן. די האָר פון דער באָרד האָבן מיר פונאַנדערגעשפּרייט ארום דער שטול און איך האָב מיר איינגעזייפט דאָס פּנים. איצט איז עמעץ צוגעגאַנגען צום פענצטער און גערופן די ארעסטאַנטן וואָס האָבן שפּאַצירט אין הויף:

— חבריה! קומט זעט! מתי נעמט זיך ארונטער די באָרד!

אונטן האָט מען עס פאַרטייטשט די אראַבער און אין אַ ווייל ארום זענען זיי געקומען זען ווי אַזוי איך ראַזיר מיר די באָרד. גלייך איך זאָל עס ערשט איצט מאַכן.

— פאַרוואָס נעמסטו ארונטער די באָרד? — פרעגן די אַראַבער.

— עס האָבן זיך מיר געמאַכט וואונדן אויפן פּנים, הינטער דער באָרד — האָב איך זיי דערקלערט.

... נאָך אַ פּלאַן פון אנטלויפן איז פארלוירן געגאַנגען, — און עס האָט אויסגעזען אַזוי ווארשיינלעך און זיכער...

*

נאָך אַ פּאָר טעג זענען אָנגעקומען בריוו פון קרובים וועלכע זענען נישט געקומען צום באַזוך. „מיר האָבן נישט געקענט קומען צוליב דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין תל־אביב. די ענגלענדער

פאגראָמעווען און ס'איז נישט ארויסצוגיין..." „דער טאַטע האָט מיך נישט געלאָזט פאָרן אין אזא צושטאַנד..." „כ'האָב נישט געוואָלט איבערלאָזן די קינדער אליין אין שטוב..." אזוי האָבן זיך די קרובים מתנצל געווען אויף דעם נישט קומען, און צוגעזאָגט צו קומען די צווייטע וואָך.

וואָלטן די קרובים געוואוסט צוליב וואָס זיי זענען איינגעלאַדן געוואָרן דווקא אויף דעם שבת, קען זיין, אז זיי וואָלטן נישט געווען אָפּגעשטופּט דעם באַזוך.

## ו.

איצט דאַרף מען זיך שוין מער נישט אויפהאַלטן. מיר מוזן גלייך אנהייבן גראָבן א טונעל!

פון שפּיטאָל האָב איך זיך אומגעקערט אין צעל נומער 28, און באלד גענומען באַשטימען די ארבעט. נאָך אין דער וואָך וועלן מיר עפענען די עפנונג, דלובען צווישן די שטיינער־שפּאַרעס, ביז מיר וועלן דורכהאַקן דעם דיל און ארונטער אין די זאַלן, וואָס געפינען זיך אונטער אונדז. דאָרטן וועלן מיר זוכן אַן ארויסגאַנג. אבער, ווער ווייסט צי עס געפונען זיך בכלל זאַלן אונטער דעם דיל פון אונדזער צעל? דער שכל איז מחייב אַז יאָ, אבער צי קען מען זיך פאַרלאָזן בלויז אויף אונדזערע השערות?

די קווענקלענישן האָבן זיך געצויגן דריי וואָכן. פאַראַן אַן אלטער זאַל פון אונטן אָדער נישט? און דערווייל גייט־אָן די ארבעט, נאכט, נאכט. שטיין נאָך שטיין ציען מיר ארויס פונעם דיל. דערנאָך האָבן מיר געגראָבן אין דער טיף. אַ מאָל פלעג דער געראַנגל ארויסצונעמען איין שטיין דויערן צוויי־דריי טעג. צום סוף פלעגן מיר אים באַזיגן און דאָס „בייבי" (אזוי פלעגן מיר רופן די שווערע שטיינער, וואָס זייער וואָג פלעג דערגרייכן ביז הונדערט קילאָ) — פלעג ארויס.

— מזל טוב! — פלעגן די בחורים זיך ווינטשן ווען דער, וואָס גראָבט פלעג מודיע זיין וועגן דעם ארויסגענומענעם שטיין — פּנחס'ן איז געבוירן געוואָרן אַ „בייבי"!

ליגנדיק אויף די בייכער אונטער די בעטן, פלעגן די בחורים אר־

בעטן און דלובען עקשנותדיק, מיט די לעצטע כוחות. ווען דער גרוב איז גרעסער געוואָרן, איז שוין מעגלעך געווען אַריינצוגיין און אַר־בעטן זיצנדיק. און ווערנט דער גאַנצער צייט האָט געדרוקט די פראַ־גע: „צי האָט די אַרבעט און די אָנשטרענגונג אַ צוועק?" „וואָס גע־פינט זיך אונטער אונדז? וואוהין וועלן מיר צוקומען?"

דאָס גרובן פירט זיך בלויז אין די אָוונטן, אָבער אַרבעט איז פאַראַן אַ גאַנצן טאָג. אָט דאַרף מען פאַרקאַלעכן די עפנונג פאַרן באַזוך פון אָנפירער, ער זאָל נישט באַמערקן. ער באַזוכט פאַרמיטאָג די צעלעס און שטופט אַריין די נאָז אין יעדן לאָך. און אָט דאַרף מען אַוועקרוימען אַ פּאָר קליינע שטיינער. מען דאַרף זיי אַריינוואַרפן אין מיסטקאַסטן. דאָס מיסט ווערט אַרויסגעפירט אינדרויסן און דאָרטן באַפעלט אַמאָל דער סערזשאַנט איבערקערן דאָס פעסל, זען צי עס איז נישט פאַראַן שטיינער. די מאַכט דאָ האָט גענומען אין חשבון, אַז עס קען איינפאַלן די אַרעסטאַנטן צו גראָבן אַ טונעל. דעריבער קאָנטראָלירן זיי פון מאָל צו מאָל דאָס מיסט. מיר זענען געצוואונגען נישט איינמאָל, מותּר זיין אויף דער פאַרציע אַרבעס און איז ־קיך עס צעקאָכן ביז עס ווערט צעקראָכן, דערנאָך קלעבן מיר אַרום די שטיינער מיט דעם און מען גיט צו שאָלעכס פון ציבעלעס, פון קנאָ־בל, פון אייער און אַלץ, וואָס געפינט זיך אונטער דער האַנט. אַזוי „קאַמאָפלאַזשירט" מען די שטיינער, זיי זאָלן אויסזען ווי מיסט. צוויי מענטשן האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן צוגרייטן דאָס מיסט. טאָג טאָג, פאַרן אַרויסנעמען די שטיינער פון צעל פלעגן זיי אָפּגעבן אַ דין וחש־בון וועגן דער לאַגע: „אויף מאָרגן איז גענוג מיסט פאַראַן פאַר צוויי שטיינער..." „אויף מאָרגן האָבן מיר נישט קיין מיסט. מען האָט גע־קאָכט פליישׂ אין קיך..."

רבותי, עס איז נישט קיין געלעכטער. די ענינים זענען דעמאָלט געווען די וויכטיקסטע זאַכן אונדזערע. אין זיי איז אָפּהענגיק געווען אין אַ גרויסער מאָס אונדזער פרייהייט. איין שטיין אויב ווערט מען געפינען אין פּאַס... איז אַלץ פאַרלוירן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר קענען נישט אַרויסנעמען די שטיינער ווי זיי זענען, זיי זענען גרויס און צו שווער, און מען דאַרף זיי צעברעק־

לען. אבער ווי מאַכט מען דאָס? מיר קענען דאָך נישט קלאַפּן מיט אַ האַמער און צעקרישלען די שטיינער! דאָס מוז געמאַכט ווערן אינ־דערשטיל.

מיר האָבן נאָכגעטראַכט און אויסגעפונען. אין די אונטן פּלעגן מיר אריינגנבענען צוויי גרויסע פּרימוסן, און אַ בלאָק אייז אין אַ גרויסן טאָפּ. מיר פלעגן אזא שטיין ארויפלייגן אויף די ברענענדיקע פּרימוסן, אויף אַ שעה צוויי, ביז עס האָבן זיך אין זיי געשאַפן שפּאַלטן. ווערנט דער גאַנצער צייט מוזן מיר זינגען און אַרומרודערן אין צעל, אז דעם רעש פון די פּרימוסן זאָלן די וועכטער נישט דערהערן. זיי דרייען זיך ארום אין די קאָרידאָרן פון ביידע זייטן צעל און פון מאָל צו מאָל קוקן זיי אויך אריין צו אונדז. נאָכדעם, ווי דער שטיין פלעג זיך גוט אָנוואַרמען פלעגן מיר מיט נאַסע שמאַטעס איבער־פירן דעם שטיין אין טאָפּ אריין, וואו דאָס אייז־וואַסער פלעג פאַר־ברייטערן די שפּאַלטן, איז שוין זייער לייכט אָנגעקומען צו צע־נעמען דעם שטיין אויף צען־צוואַנציק שטיקער, לויטן באַדאַרף.

וואָס טיפער מיר גראָבן, אלץ מער פרעסט די פראַגע: „וואָס גע־פינט זיך אונטן, אנטקעגן וואָס גייען מיר?" ווידער מאַכן מיר אויס־רעכענונגען; דער הייך־אונטערשיד, וואָס צווישן דעם הויף און שוץ־ראַוו איז ביי אַ 10 מעטער. אין דער וואַנט, וואָס גייט ארויס אינדרויסן ארויס צום שוץ־ראַוו זענען קענטיק סימנים פון פענסטער וועלכע מען האָט פאַרמויערט. דאַרף, דעריבער, דאָרט זיין אַ ליידיקער חלל. די טורמע איז געבויט געוואָרן מיט 400 יאָר צוריק און ווייזט־אויס, אַז מען האָט זי געבויט אויף חורבות פון אַן אלטער פעסטונג. צי קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז מען האָט פאַרשטאָפּט דעם גאַנצן חלל? ניין. ס'איז נישט געמאָלט. אויב מיר וועלן נעמען אין חשבון, אַז די דיק פון דעם דיל אויף וועלכן די טורמע איז געבויט געוואָרן איז א דריי מע־טער, דאַרף דאָך אונטן זיך געפינען אַ זאַל, וואָס זיין הייך וועט זיין ביי אַ זעקס ביז ניין מעטער.

ווען מיר האָבן דערגרייכט די טיף פון צוויי מעטער, האָט זיך גע־ענדערט דאָס מאַטעריאַל פונעם דיל. עס זענען שוין נישט געווען אומגעטעסעטע שטיינער, נאָר גלאַטע שטיינער און גוט צוגעפּאַסט

איינער צום צווייטן. עס איז קיין ספק נישט, אַז דאָס איז אַן אָנפאַנג פון אַ געוועלבונג. נאָך אַ האַלבן מעטער, נאָך אַ מעטער וועלן מיר צוקומען צום סוף!

אונדזער חשבון איז נישט געווען פאַלש. נאָך דריי וואָכן האָט מען פלוצים באַמערקט, אַז די גריטקעלעך זאַמד האָבן זיך אַרונטער־געגליטשט און נישט אָנגעפילט דעם שפּאַלט. מיט לעדערנע רומענס האָב איך זיך אָנגעבינדן צום בעט, איך זאָל נישט אַריינפאַלן אויב די סטעלע וועט זיך איינברעכן און בין אַראָפּ אין גרוב אריין, אויס־ברייטערן דעם שפּאַלט. צוערשט האָב איך צום שפּאַלט צוגעלייגט אַ ברענענדיק ליכט. אויב איז באמת פאַראַן אַ חלל אונטער אונדז, וועט זיך דאָס ליכט פאַרלעשן.

הורא! דאָס ליכט האָט זיך פאַרלאָשן!

ווען כ'האָב צעברייטערט דעם שפּאַלט האָט אַרויסגעזעצט אַ שטראָם לופט פון אונטן. די לופט איז גליווערנדיק קאַלט. ווען דער שפּאַלט איז גענוג ברייט געווען, האָט ווער אָנגעבינדן אַ שטיק אייזן אין עק פון אַ לאַנגן שטריק, איך האָב אַרונטערגעלאָזט דעם שטריק דורכן שפּאַלט ביז איך האָב דערפילט, אַז דאָס אייזן רירט אָן אין אַ דיל. כ'האָב געמאַכט אַ סימן אין שטריק, אַרויסגעצויגן אים און אויסגעמאָסטן. 7 מעטער. דאָס איז די הייך פון זאַל. הורא! מיר זע־נען אויפן וועג! אין אַ וואָך אַרום וועלן מיר אַנטפלעקן דעם טונעל פון אונטן! דערנאָך, וועלן מיר אינדערשטיל דורכהאַקן די וואַנט, וואָס טיילט איבער די צעלעס 27, 28 אַנגרייטן אַ דעק פון צעמענט און גיבס אויף צו פאַרשטעלן דעם דורכגאַנג אין דער וואַנט. אין איין נאַכט וועלן פאַרשווינדן זעכציק יידישע אַרעסטאַנטן פון עכו־טורמע און קיין מענטש וועט נישט וויסן ווי אַזוי זיי זענען פאַרשוואונדן! אַ פּאָר בחורים, וואָס זענען פאַראורטיילט אויף אַ קורצע צייט אַרעסט וועלן איבערבלייבן אין טורמע און זיי וועלן אַלץ צוריקשטעלן געהעֲ־ריק אויפן אָרט, פאַרמאַכן די עפנונג פון טונעל, דעם דורכגאַנג צווישן די צעלעס און אַלץ וועט זיין פאַרמאַכט און פאַרשטאָפּט. אויב אַלץ וועט זיין גלאַטיק וועלן זיי קיינמאָל נישט אויסגעפינען ווי אַזוי מיר זענען אַנטלאָפן! אויב אַלץ וועט זיין גלאַטיק...

און טראָץ וואָס אַלץ איז נישט געגאַנגען גלאַטיק, האָט נישט קיין סך געפעלט, אַז אַלץ זאָל זיך ענדיקן לויטן פּלאַן.

צומאָרגנס, מיט אַן אָנגעשטרענגטער ארבעט האָבן מיר דורכגעהאַקט די סטעלע. בייטאָג האָבן מיר נאָך אָנגעגרייט אַ שטאַרקע שטריק־לייטער געמאַכט פון געפלאָכטענע ליילעכער אין אַ לענג פון צען מעטער. „מילא״ — האָבן מיר געזאָגט — „וועלן מיר צוויי וואָכן שלאָפן אָן ליילעכער...״

צוערשט איז ארונטערגעגאַנגען בעני*. מיט דער הילף פון אַ קליין טאַשן לעמפל האָט ער קאָנטראָלירט דעם נאָענטסטן געביט ארום דער לייטער. ער איז צוריקגעקומען און איבערגעגעבן, אַז ווי עס ווייזט־אויס, קומען דאָ ארײַן מענטשן. ער האָט דאָרט געזען אַן אַלט פּאָליציי היטל, אַ פּאַס איז געשטאַנען אין זייט, שמאַטעס, שטיקער אספאַלט, ערדערנע כלים און דאָס גלייכן.

לויט די סימנים האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דער זאַל איז פאַרבינדן מיטן מאַגאַזין. מען גייט טאַקע דאָרט ארײַן זייער זעלטן, אבער פאָרזיכטיק דאַרף מען זיין. מיר האָבן אָפּגעלייגט אויסצופאָרשן די לאַגע אויף אַ פּאָר טעג. דעם קומענדיקן פרייטיק און זונטיק וועלן מיר ביים טאָג־ליכט ארונטערגיין און קאָנטראָלירן דעם זאַל. אין די טעג דאַרף מען נישט מורא האָבן, אַז עמעץ וועט אַרײַנקומען אין מאַגאַזין. פרייטיק איז דער שבת־טאָג ביי די אראַבער און דער מאַגאַזינער געפינט זיך איבערהויפּט נישט אין טורמע. זונטיק געפינט זיך דאָ נישט דער ענגלענדער, וואָס איז פאראנטווארטלעך פאַרן מאגאַזין.

איך קען זיך דערמאָנען דאָס געפיל, וואָס האָט מיך ארומגענומען, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַרונטערגעגאַנגען מיט דער שטריק־לייטער אין דער פינצטערנישט ארײַן. די לייטער האָט זיך געשאָקלט און עס כאַפּט דיך אָן אַ געפיל ווי זאָלסט הענגען אין דער לופט.

---

* בנימין כהן, פון די אָנפאָלער אויף די באַן־וואַרשטאַטן. שפּעטער אַנטלאָפן פון ירושלימער טורמע. איז געפאַלן ביים באַפרייען דעם נגב אין אודזשאַ אל חאַפיר. הי״ד.

„פליענדיק" אזוי מיט דער לייטער דאַרפסטו געפינען מיטן פוס דאָס קומענדיקע טרעפל. די הענט דיינע ציטערן פון גרויס אָנשטרענגונג. די לייטער „אנטלויפט" דיר פון אונטער די פיס און דו געפינסט זיך כמעט אין אַ ליגעדיקער פּאָזע אין דער לופט. קענסט נישט אויפהייבן די אויגן. ווייל עס שיט זיך זאַמד פון אויבן מיט יעדן שאָקל פון דער לייטער. אויב הייבסטו זיי אויף אַ ווייל, פלעגסטו זיך איבערצייגן, אַז עס איז נאָך ווייט ביז אונטן, ווייל דאָס ליכט פון אויבן געפינט זיך נאָך כמעט איבער דיין קאָפּ. ביי אַ צען מינוטן האָט געדויערט ביז האָסט דערלאַנגט דעם דיל, בשעת אלע דיינע אברים ציטערן פון גרויס אָנשטרענגונג.

שפּעטער האָבן מיר זיך „צוגעוואוינט" צום „שפּאַציר" אויף דער לייטער. אין אַ פינף צען סעקונדן האָבן מיר זיך אַרונטערגע־גליטשט, זיך נישט באַהעלפנדיק מיט די פיס. אָבער אין אָנפאַנג איז עס שווער געווען. איצט נאָכן „לאַנדן" (פיר זענען מיר געווען), האָבן מיר זיך גענומען פאָרזיכטיק פעדערן, אָנגעטון אין גומי שיך. מיר האָבן געזוכט דעם טונעל...

עס איז נישט שווער געווען צו געפינען די עפענונג פון טונעל. ווען מיר האָבן געזען, אַז פון דרויסן דרינגט נישט אריין קיין ליכט, האָבן מיר אָנגעצונדן אונדזערע לאַמטערנס. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ ברייטן זאַל. שמאַטעס און אלטווארק זענען געווען פונאַנדער־געוואָרפן. אין אַן עק ביי דער וואַנט האָבן זיך אָנגעזען טרעפּלעך, וואָס האָבן אַרונטער געפירט ערגעץ־וואו. מיר זענען פאָרזיכטיק אַרונטער. דער אַרונטערגאַנג האָט געהאַט אַ הייך פון דריי אַ האלבן מעטער. ס'איז נישט קיין ספק, אַז מיר געפינען זיך איצט צוויי מעטער אונטער דעם שוץ־ראָוו פון דרויסן. ביים סוף פון די טרעפּ, אין דער וואַנט, וואָס גייט צום ראָוו איז געווען אַ קליינער איינגאַנג. מיר זענען געשטאַנען פאַר אַן עפענונג, וואָס איז פאַרמאַכט מיט ערד. די עפע־נונג האָט מען דייטלעך געקענט זען כאָטש זי איז געווען פאַרשטאָפּט. אין דער זייט איז געווען אַן אויסהויילונג גוט אַרומגעטעסטעט.

— דאָס איז דאָס אָרט פונעם ריגל — האָט משה סבוראי געזאָגט.

— אהער פלעג אריינגיין דער ריגל, וואָס האָט פאַרמאַכט די טיר וועל־
כע האָט זיך געפונען אויף דעם אָרט...

— אויף אויבן, אין דער זייט, איז פאַראַן אַ לאָך. — האָט אמנון
געזאָגט. — דאָס איז געווען, ווייזט־אויס, אַ זאַוויאַסע אויף וועלכע די
אייזערנע טיר האָט זיך געדרייט.

מיר האָבן געפונען! דאָס איז די עפענונג פונעם טונעל. איצט
דאַרפן מיר גענוי קאָנטראָלירן די סביבה און באַשטימען דעם סדר
פון דער ארבעט... מען קען משער זיין, אַז דאָס גראָבן דאָ וועט נישט
שווער זיין. די עפענונג איז פאַרשטעלט אוודאי אין אַ מרחק פון אַ
פאָר מעטער. מיר וועלן דאָס אַוועקנעמען און דעמאָלט...און דעמאָלט
איז פריי פאַר אונדז דער וועג וואָס פירט אויסער דער שטאָט!...

מיר האָבן אָנגעהויבן קאָנטראָלירן די סביבה. אין דער לינקער
זייט פון זאַל, אין ווינקל אנטקעגן דער אויסערלעכער מויער, געפינט
זיך אַן עפענונג. נעבן איר ליגט א הויפן אלטע קאראבינעס. ווייזט־
אויס פון נאפּאָלעאָנס צייטן". — האָט עמעצער באַמערקט. ווען מיר
זענען אריבער אין צווייטן זאַל אריין, האָבן מיר פאַרלאָשן די לאַמ־
טערנס, ווייל דאָס ליכט האָט אהין אריינגעדרונגען. פון דעם זאַל האָט
געפירט אַן אריינגאַנג אין מאַגאַזין פון די אלטוואַרקן, וואָס זיין טיר
האָט זיך אָנגעזען פון דרויסן. די טיר גייט־ארויס צום אָפּטייל פון
די גייסטיק־קראַנקע אין עכו־טורמע. דאָרטן איז די וואַך נישט אַזאַ
שטאַרקע ביינאַכט און אין ערגסטן פאַל — האָבן מיר זיך געזאָגט —
וועלן מיר קענען ארויס דורך דער טיר, קריכן ביז צום פלויט
אַריבערשפּרינגען, און מיר זענען — אין דער שטאָט עכו. איצט, אין
די טאָג־שעהן איז פאַראַן אַ באַוועגונג אין דעם הויף. אין אַ דיסטאַנס
פון אַ פאָר מעטער דרייען זיך פּאָליציאַנטן, און מיר הערן גוט זייט־
ערע געשפּרעכן. מען דאַרף דאָ שטיל זיצן און מען טאָר נישט א ריר
טאָן קיין שום זאַך — מען זאָל נישט דערקענען, אַז עס זענען דאָ גע־
ווען מענטשן. איבערן קאָרידאָר אין דער הייך פון בערך אַ מעטער,
איז געווען נאָך אַן אריינגאַנג. דאָרט זענען געווען צוויי צימערן.
דאָס איז אלץ. הייסט עס, אַז די זאלן ציען זיך נישט אונטערן גאַנצן
בנין פון טורמע, פון דער צפונדיקער מויער ביז דער דרומדיקער

און פון דער מזרחדיקער ביז דער מערבדיקער, ווי מיר האָבן גע־דענקט? מיט שטריק, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט האָבן מיר אויס־געמאָסטן די לענג פון די צימערן און נאכדעם האָט זיך ארויסגע־שטעלט, אַז זיי ציען זיך בלויז אויף אַ פערטל טייל פון טורמע שטח. וואָס־זשע געפינט זיך איבער די דאָזיקע ווענט? מיר זענען געשטאַ־נען ביי אַ וואַנט געבויט פון געטעסעטע שטיינער. פלוצים האָט אמ־נון אנטפלעקט אַ שורה שטיינער איינגעמויערט אויף אַן אופן פון א בויגן. „דאָ איז אַמאָל געווען אַ דורכגאַנג און מען האָט אים פארמאַכט!" האָט ער מיט זיכערהייט אַ זאָג געטאָן. ס'איז קיין ספק נישט, אַז ער האָט רעכט. און אויב אזוי, איז דאָך די וואַנט דאָ נישט דיקער ווי אין די איבעריקע פלעצער. אפשר, אויב מיר ווען דאָס דורכברעכן וועלן מיר אָנקומען צו אנדערע זאַלן און פון דאָרטן צו דער צפונדיקער אויסן מויער, די וואָס גייט גלייך ארויס צו דער גאַס און נישט צו דעם שוץ־ראוו, וואָס געפינט זיך אין שטח פון טורמע. דאָס וועט זיין די אַלטערנאַטיווע אויב עס וועט זיך ארויסשטעלן, אַז די עפענונג, וואָס מיר האָבן געפונען פירט נישט צו דער פרייהייט. דאָ און דאָרטן האָבן מיר נאָך געפונען זאַכן וועלכע האָבן געקענט ארויסרופן באַר־וואונדערונג ביי יונגע „ארכיאלאָגן". אין איינס פון די ווינקלען האָבן מיר געטרעטן אויף אַ „שפרענדזשינע" ערד. מיר האָבן קאָנטראָלירט און אויסגעפונען, אַז אויף אַ מין „בית הקברות" פון קליינע חיות טרעטן מיר. טויזנטער קליינע שאַרבנס זענען דאָרטן געווען. ער־דענע כלים זענען דא און דאָרטן געווען פונאנדערגעשפרייט. אַ נאָס־קייט און א קאלטקייט האָט פונדאנען געבלאָזן. נאָך איין גרויסע אָנשטרענגונג, אן אָנשטרענגונג פון ארויפגיין מיט דער לייטער, און מיר זענען צוריק ארויף אין דער צעל אריין. מיט אומגעדולד האָבן די חברים אויבן געוואַרט. מיר האָבן עפנטלעך כמעט געמאַכט באַראַ־טונגען. די מסקנות זענען געווען: מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיק, ווייל דער זאַל פון אונטער אונדז איז פארבינדן מיטן מאַגאַזין און כאָטש מען גייט נישט אריין אין דעם מאַגאַזין פון אלטוואַרק און שמאַטעס מער ווי אַ מאָל אין אַ פּאָר חדשים, קען דאָס פּאסירן דווקא איצט בעת דער ארבעט. דעריבער ראַרפן מיר פאַרשטעלן דעם צודעק פון

אונטן מיט אַ קאַרטאָן אָפּגעפּאַרבט מיט דעם קאָליר פון דער סטעלע. מיר וועלן זיך ווענדן צו דער עפענונג פון טונעל. נאָך די נאַכט וועלן מיר דאַרט אָנהייבן גראָבן.

ז.

אין אָוונט, בעת מיר זענען געווען פאַרשלאָסן אין צעל, בין איך מיט נאָך צוויי ארונטער אָנצוהייבן גראָבן. דאָס אוועקנעמען די פאַר־שטאָפּונג פון טונעל איז לייכט געמאַכט געוואָרן. מיט גרויסער שנעל־קייט זענען אַוועקגענומען געוואָרן די שטיינער און די ערד, וואָס האָט פאַרמאַכט דעם אריינגאַנג. נאכדעם, ווי איך האָב מיט די צוויי באַשטימט דעם סדר פון דער ארבעט בין איך צוריק אין צעל, ווייל איך האָב נישט געטאָרט פעלן אין די אָוונט שעהן אין צעל. אַמאָל פלעג צוקומען צום פענצטער אַ פּאָליציאַנט אָדער אַן אָפיצער כאַפּן אַ שמועס מיט מיר, און ס׳וועט נישט גוט זיין אויב ער וועט מיך נישט טרעפן. נאָך אַ קורצער צייט איז געקומען פון אונטן אַ מעלדונג: „צווישן די חורבות געפינט זיך אַ שלאַנג!” מיר האָבן ארונטערגעשיקט נאָך אַ בחור, וואָס זיין אויפגאַבע וועט זיין היטן באַוואָפנט מיט אַ שטעקן. צוזאַמען מיט דעם האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מיינע פריינט אין חיפה זיי זאָלן מיר שיקן איינשפריצונגען און אַן איינשפּריץ־נאָדל.

עס איז נאָך אַוועק אַ האלבע שעה און ווידער האָט מען מיך גערופן פון אונטן.

— וואָס איז געשען? האָב איך געפרעגט.

— מען קען נישט ממשיך זיין. אַלץ צעטרייסלט זיך.

איך בין ווידער ארונטער. אָ, דאָס דאָזיקע אַראָפּגיין מיט דער שטריק־לייטער אין דער פינצטערניש אריין! איך האָב געפרובט גראָבן, אָבער ס׳איז אוממעגלעך. וויפיל דו נעמסט־ארויס שיט זיך טאָפּלטער אָן פון אויבן. נאָך אַביסל וועט זיך שאַפן אַ לאָך, מיר וועלן זיך געפינען אין שוק־ראָוו, וואָס איז גוט באַלויכטן און מען וועט אונדז כאַפּן. מיר האָבן טאַקע געפונען די עפענונג פון טונעל, וואָס פירט אויסער דער שטאָט אַרויס, אָבער ווי עס ווייזט־אויס, איז זי שוין אַמאָל אויפגעעפנט געוואָרן פון אויבן און פון דאָרטן האָט מען זי

פאַרשטאָפּט מיט מיסט. דאָס מיסט איז צו שוואַך, און עס וועט נישט קענען אויסהאלטן, ווען מיר וועלן גראָבן. ווען עס וואָלט לכל הפחות אויסגעהאַלטן אַ שעה וואָלט מען געקענט אָנגרייטן שטיצעס, אָבער ניין! עס פאלט אָן אַן אויפהער. אַנשטאָט ווייטער צו גראָבן זענען מיר געצוואונגען געווען וואָס שנעלער צו פאַרשטאָפּן דאָס, וואָס מען האָט געגראָבן, מען זאָל אינדערפרי נישט באַמערקן דעם לאָך פון דרויסן...

דאָס איז געווען דער אָנפאַנג.

— וואָס ווייטער?

די פרייהייט וועלכע האָט זיך שוין אויסגעוויזן אזוי נאָענט, גייט און דערווייטערט זיך. ווידער אונטערזוכונגען, אויסרעכנונגען. מירן אויסברעכן די וואַנט פון צפון־זייט. אפשר וועלן מיר טרעפן זאַלן, וואָס פירן־ארויס צו דער דרומדיקער מויער?

אין צוויי טעג אַרום בין איך ארונטער מיט יהודה לעמבערגער, און נאָך אַ פּאָר שעה ארבעט, האָבן מיר דורכגעהאַקט די וואַנט. די שטיינער, וועלכע מיר האָבן ארויסגענומען פון דער וואַנט, האָבן מיר צוריקגעשטעלט לויטן סדר, ווי מיר האָבן זיי ארויסגענומען. אונטער דער וואַנט זענען אָן ספק געווען זאַלן, אָבער מיר האָבן איינגעהאַלטן אונדזער נייגעריקייט און אָפּגעלייגט די קאָנטראָלע אויף פרייטיק. מיר דאַרפן זען דעם פלאַץ אין טאָג ליכט, זיך איבערצייגן, צי פון דרויסן דרינגט נישט אַריין קיין ליכט. אויב מיר וועלן נישט וויסן פון פאָרויס, קענען מיר אַריינגיין אהין, און דאָס ליכט פון אונדזערע לאמטערנס וועט מען דערזען פון דרויסן און... אריינגעפאַלן אין קלעם...

*

דאָס בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדזערע אויגן, ווען מיר זענען פרייטיק אַרונטער, קען מען נישט באַשרייבן. עס האָט אַזוי פאַנטאַסטיש אויסגעזען, ביז ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז מיר זענען טאַקע אַהין אָנגעקומען. מיר האָבן זיך געפונען צווישן רעשטלעך פון אַ פעסטונג, וועלכע איז געבויט געוואָרן, ווי ס׳ווייזט־אויס, נאָך אין עלפטן יאָרהונדערט דורך די קרייצלער. הונדערטער יאָרן האָט דאָ

קיין מענטשלעכער פוס נישט באַטרעטן. הינטער דער וואַנט וועלכע מיר האָבן דורכגעהאַקט זענען געלעגן גרויסע באַלקנס האָלץ. אַדורכ־צוגיין דעם צימער האָבן מיר געוואָלט גיין איבער די העלצער, אָבער ווען דער ערשטער האָט אַוועקגעשטעלט זיין פוס אויף אַ באַלקן איז ער איינגעפאַלן. די באַלקנס זענען געווען אויסגעהוילט, צעפרעסן דורך די ציין פון־דער צייט, בלויז די אייבערשטע קאָרע האָט אָפּגעהיטן זייער פאָרעם. עס איז פאַר אונדז געשטאַנען אַ האַלב איינגעלייגטע וואַנט. ווען מיר זענען אדורך די וואַנט זענען מיר אַריין אין אַ ברייטן, געוועלבטן און נידריקן זאַל. אויף גרויסע פלעצער האָט מען געקענט אָנרירן די סטעליע מיט דער האַנט. אויף אנדערע פלעצער איז דער זאַל געווען ביז פינף מעטער הויך. גרויסע בלאָקן שטיינער האָבן ארונטער געהאָנגען פון סטעליע און עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי זיי הענגען אין דער לופט און נאָך אַ ביסל וועלן זיי ארונטערפאַלן מיט־שלעפנדיק מיט זיך די גאַנצע סטעליע. אַן אטמאָספער פון קדושה און מיסטיק האָט דאָרטן געהערשט. דאָ און דאָרטן האָט מען געקענט זען סימנים פון חורבות. דאָס ליכט פון די לאַמטערנס, וואָס איז דאָ געווען בלאַס, צוליב דער געדעמפטער לופט, האָט געוואָרפן לאנגע שאָטנס, און אין אָנפאַנג איז שווער געווען צו אונטערשיידן וועלכעס איז דאָ דער זייל און וועלכעס זיין שאָטן, וואו זענען די אויפגעהויפטע בערגלעך פון די חורבות און וואו אַ קליינער טאָל. אין זאַמד האָבן מיר געזוכט שפּורן פון אַ לעבן. מיר האָבן גאָרנישט געפונען. נישט קיין טראָט פון אַ מענטש און נישט קיין טראָט פון אַ חיה און אפילו אַ וואָרעם האָט דאָרט נישט געקענט לעבן. בלויז די שווייגנדיקע זיילן, די געוועלבונגען, האָבן עדות געזאָגט, אַז אַמאָל איז דאָ געווען אַ לעבן.

מיר זענען פאַראינטערעסירט געווען זיך צו פעדערן וואָס מער נאָך צפון. דער גרויסער זאַל ציט זיך פון מזרח נאָך מערב. נאָך ביי אַ דרייסיק מעטער טיילט אונדז אָפּ פון דער דרויסן־מויער. מיר האָבן אָנגעהויבן מעסטן און רעכענען: דער זאַל, וואָס דריי שורות זיילן גייען אים דורך האָט אפילו נישט איין פענסטער, וואָס גייט צו דרום־זייט. הייסט עס: דאָס איז נישט דער סוף. אָן ספק איז ער

אַמאָל ברייטער געווען און ס'קען זיין אַז דאָס, וואָס זעט איצט אויס די ברייט איז אַמאָל געווען אַ טייל פון זיין לענג. מען דאַרף פאַר־זוכן אַוועקשאַרן די חורבות און זיך פעדערן קיין צפון. די ברייט פון איין געוועלבונג איז 10 מעטער און מען דאַרף אָננעמען, אַז מיר האָבן נאָך דריי שורות פון געוועלבטע זיילן. קען זיין, אַז דאָס איינ־פאַלעניש איז געשען בלויז אין איין אָדער צוויי געוועלבונגען און אויב מיר וועלן גראָבן ביי אַ 10 מעטער ביז צו די קומענדיקע זיילן, וועלן מיר אַרויס צו אַ זאַל, וואָס זיין ברייט וועט זיין 20 מעטער. מיר דאַרפן גראָבן אין די חורבות!

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ באַקוועמען פלאַץ אויף צו גראָבן.

צוויי וואָכן האָבן זיך געצויגן די זוכענישן און די עקספּערי־מענטן. וואו דו ווענסט זיך דאָ צורירן — אַן איינפאַלעניש. עס איז מסוכנדיק אַרויסצונעמען אַ שטיין, ווייל גרויסע בלאָקן גליטשן זיך פון אויבן. נאַכט נאַכט גייט אַרונטער אַן „עקספּעדיציע" פון זעקס מענטשן. מיר אַרבעטן מיט די לעצטע כוחות. עקספּערימענטן אויף עקספּערימענטן. עס איז נישט בייצוקומען די 10 מעטער! ביי איינעם פון די עקספּערימענטן האָבן מיר אָנגעהויבן פונאַנדערלייגן אַ וואַנט, וואָס גייט אַרויס צו מזרח־זייט. דאָס דאַרף שוין לויט אַלע אויסרעכ־נונגען זיין די גאַס, נאָר אויף דעם פלאַץ דאַרף זיין דער אַריינגאַנג צו דער אָפּטיילונג פון די גייסטיק־קראַנקע. און ביים אַריינגאַנג שטייט אַ וועכטער. דאָרטן וועלן מיר נישט קענען אַרויס. פונדעסט־וועגן דאַרף מען קאָנטראָלירן. פּאָרזיכטיק צי איך אַרויס אַ שטיין נאָך אַ שטיין און פּלוצים... אַ קול פון אַראַביש ריידן ממש ביים אויער. באַלד נאָכדעם, אַ הירזשען פון אַ פערד, און דורך דער שפּאַלט, וואָס האָט זיך געשאַפן האָב איך דערפילט דעם הויך פון זיינע נאָז־לעכער. הייסט עס: פאַראַן אַ שטאַל דאָ? וואָס איז אין שטאַל? ווער איז דאָרט? ווען איז די שטאַל? אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך איינגעהערט. דער אַראַבער שלאָפט דאָרט. מען קען הערן זיין כראָפּען. בלויז פון דרויסן וועט מען קענען פעסטשטעלן וואָס עס געפינט זיך דאָרט און וואו אַהין גייט עס אַרויס. דערווייל דאַרפן מיר פאַרמאַכן און פאַרשטאָפּן גוט דעם שפּאַלט, אַז דער גערויש פון

דער אַרבעט דאָ, זאָל זיך נישט דערהערן דאָרט. בלויז איין שורה שטיינער טיילט אונדז אָפּ פונעם דרויסן. מיט איין קלאַפּ קען מען אַוועקנעמען די שטערונג. דערווייל, ביז מיר וועלן פעסטשטעלן וואו דאָס פירט, דאַרף מען גוט גוט פאַרמאַכן דעם שפּאַלט.

איין טונעל האָבן מיר געגראָבן און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר זענען שוין אויפן וועג. העכער אכט מעטער האָבן מיר אַריינגעדרונגען. מען דאַרף אַריינגיין אין טונעל פאָרזיכטיק, נישט אָנרירן גאָרנישט, נישט אַ ריר טאָן אַ שטיין, ווייל אַלץ קען זיך איינשיטן. גרויסע שטיינער־בלאָקן קענען זיך ארונטערגליטשן און דיך צודעקן. אבער מיר ארבעטן ווייטער און עס דוכט זיך, אז מיר וועלן דערגרייכן דעם סוף. און פּלוצים: מען קען נישט מער. גרויסע שטיינער־בלאָקן פאַרהאַלטן דיך. „וועלן מיר פּרובן אויסמיידן" — זאָגט ווער. פאָרזיכטיק אונטערזוכן מיר און פאַרזוכן אויסמיידן דעם פעלז, נאָר ס'איז אוממעגלעך. פון אויבן־אויבן, פון אַן אַכט, צען, צוועלף מעטערדיקער הייך קען אַלץ אַרונטערפאַלן. אפשר וועלן מיר גראָבן אונטער די שטיינער? מיר האָבן פאַרזוכט. עס איז נישט מעגלעך. די ערד גליטשט זיך אַוועק פון אונטער די שטיינער, וואָס זענען אין דער זייט און אשר רצון, איז כמעט צוקוועטשט געוואָרן פון אַ פעלז, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פון אויבן. אין לעצטן מאָמענט האָט ער באַמערקט דעם זיך רוקנדיקן פעלז. ער האָט זיך נאָך באַוויזן אַ דריי טאָן אין אַ זייט און צו זיין־אונדזער מזל, האָט דער פעלז זיך נישט אַרונטערגעלאָזט מיט קיין שנעלקייט. בלויז לאַנגזאַם האָט ער זיך גערוקט איבערן בערגל און איז ליגן געבליבן אויף אשר'ס פוס ווען ער האָט זיין קערפּער אַוועקגעדרייט אין אַ זייט. ער האָט אַביסל בלויז צעדראַפּעט דאָס פּנים און די ברוסט. ס'איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט און דאָ איז ער געבליבן פאַרהאַקט אין ווינקל, אין אַ שמאָלן לאָך נישט קענענדיק זיך אַ ריר טאָן, ווייל דער פעלז האָט אים פאַרשטעלט דעם אַרויסגאַנג.

דאָס איז געווען אַן איבער־מענטשלעכע אָנשטרענגונג אַרויסצוציען דעם ריזיקן פעלז פונעם טונעל. זייער שפּעט זענען מיר די נאַכט צוריקגעקומען אין צעל. אַ פּאָר מינוט פאַרן אָפּיצערס אַריינ־

קומען ציילן די אַרעסטאַנטן, זענען מיר פאַרשוויצטע און אויסגע־שמירטע אַריין אין די בעטן און שנעל האָבן צוויי „מומחים" צענויפ־גענומען די לייטער און פאַרמאַכט דעם אַריינגאַנג אָנקלעבנדיק אַרום מיט גיבס. די פאָלגן פון אַ חודש גראָבן, פון איבער־מענטשלעכער אָנשטרענגונג, וואָס בלויז צוליב דער פרייהייט איז עס מעגלעך צו מאַכן — איז צו נישט געוואָרן. מען דאַרף אָנהייבן פון דאָסניי. דאָס־מאָל וועלן מיר דורכהאַקן, — זאָל זיין, וואָס עס זאָל זיין!

מיט פאַרשידענע איינפאַלן האָבן מיר אַריינגעגנבעט בענק און טישן, זיי צענומען אויף ברעטער און אַרונטערגעלאָזט אין די זאָלן אַריין, וואָס נישט בלויז זיי האָבן אין זיך געטראָגן זכרונות פון פאַר־גאַנגענע צייטן, נאָר אויך עדות געווען צו אַ קאַפּיטל נייער היס־טאָריע. טאַקע אַ קליינער קאַפּיטל, אָבער אַ סימבאָלישער, האָט זיך אין זיי אָפּגעטאָן. די דאָזיקע שטיינער זענען עדות געווען צו דער עקשנותקייט פונעם יידישן קעמפער. אַ זעג האָבן מיר מיטגענומען און עס האָט זיך דאָרט אונטן געעפנט אַ סטאָלעריי. מיר האָבן געגראָבן אויף אַ נייעם פלאַץ. נאָך יעדן מעטער האָבן מיר אונטערגעשפּאַרט מיט שטיצערס, עס זאָל זיך נישט איינלייגן און אונדז נישט פאַרדעקן.

זעקס וואָכן, אָן מידקייט, פון 9 אין אָוונט ביז 5 פאַרטאָג, פלעג איך יעדעס מאָל אַרונטערגיין מיט פינף אַנדערע. מיר האָבן זיך כמעט מתיאש געווען אויך פון דעם נייעם טונעל. עס איז געווען אַ טויט־סכנה, לופט האָט געפעלט צום אָטעמען און ערגער פון דעם, לופט, וואָס זאָל דערנערן דעם פלאַם פון דעם אייל־לעמפּל. און צום סוף: אַדורכגעהאַקט! דאָרט זענען פאַראַן זאַלן! עס איז אַריין לופט!!!

איצט דאַרף מען זיך איילן. אין צוויי וואָכן אַרום וועלן פאַר־שווינדן אין איין נאַכט זעכציק אונטערגרונט־אַרעסטאַנטן — און קיינער וועט נישט וויסן ווי אַזוי עס איז געשען! די טירן, די שלעסער, די ווענט, אַלץ וועט בלייבן גאַנץ, בלויז די בעטן וועלן ליידיק זיין! זעכציק מאַן פון עכו־פעסטונג וועלן פאַרשווינדן!

איך האָב געשיקט בריוו צו דער צענטראַלע און ס'איז באַשטימט געוואָרן די דאַטע: צווישן 5—10טן דעצעמבער 1947 וועט עס געשען. עס איז טאַקע נאָך פאַראַן אַ קליינער שטרייט מיט די אצ"ל־מענטשן.

זיי ווילן אויך די אַקציע אויספירן, אָדער כאָטש זיך באַטייליקן אין איר, אָבער מיר ווען דאָסמאָל נישט פאַרציכטן! פריער האָבן זיי דורכגעפירט, דאָסמאָל וועלן מיר דורכפירן.

## ח.

און מען דאַרף זיך אײַלן! אין אונ״אָ גייט־אָן דער וויכוח איבערן דין וחשבון פון דער קאָמיסיע און מען קען משער זיין, אַז מען וועט באַשליסן צו צעטיילן דאָס לאַנד. די אַראַבער גלויבן אין זייער כוח און ווי עס ווייזט־אויס, מיט דער אונטערשטיצונג פון די ענגלענדער וועלן זיי פרובן מאַכן אַן אויפשטאַנד. עס איז נישט קיין גרויסע סכנה פאַרן ישוב. אין אַ קורצער צייט וועט מען זיי קענען איינשטילן. אָבער פאַר אונדז דאָ איז אַ גרויסע סכנה. אויב וועלן אויסברעכן אומרוען, וועט נישט מעגלעך זיין אַריינצוקומען קיין עכו. מיר וועלן נישט קענען אַרויס. דאָס העצן אינדרויסן דערגייט ביז אַהער. אויך צווישן די אַראַבער פירט זיך אַ העצע און כאָטש שייך יחיה פאַרזיכערט מיך, „עס זאָל געשען, וואָס ס'זאָל געשען אינדרויסן, אין טורמע וועלן מיר בלייבן ידידים...״ — קען מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף זיינע רייד. עס איז נישט צו גלייבן דעם אַראַבער.

30־סטער נאָבעמבער 1947. דער ראַדיאָ מעלדעט אין די מאָרגן־שעהן, אַז אונ״אָ האָט באַשלאָסן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל. אינ־דרויסן זענען שוין געווען די ערשטע אַראַבישע איבערפאַלן. צוויי יידן זענען געהרגעט געוואָרן. די אומרוען האָבן זיך אָנגעהויבן.

אינדערפרי זענען די אַראַבער אין טורמע געווען גלייך ווי שטענ־דיק. אין די מיטאָג־שעהן האָבן מיר שוין באַמערקט עפּעס אַ באַווע־גונג צווישן זיי. אין דער בעקעריי ברענגט מען באַלקנס האָלץ, אונ־טערצוהייצן דעם אויוון? ניין. אין דער צייט ברענגט מען נישט קיין האָלץ אין בעקעריי אַריין. זיי גרייטן זיך אונדז צו אַטאַקירן. מען קען עס ליינען פון זייערע בליקן.

שבת האָט מען אונדז באַדאַרפט ברענגען אויפרייס־מאַטעריאַל פון דרויסן. דער רב האָט עס געדאַרפט ברענגען אין טלית, נאָר ער האָט

זיך אין דער לעצטער מינוט דערשראָקן און האָט גאָרנישט געבראַכט. איצט וועלן מיר נישט האָבן מיט וואָס זיך צו שיצן. די אַטמאָספערע אין טורמע איז עלעקטריזירט. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט און באַטראַכט אַ פלאַן פאַר שוץ. אין מאָמענט ווען עס וועט אויסברעכן אַ געשלעג דאַרפן זיך אַלע צוריקציען אין די צוויי צעלעס אַריין, וואָס זענען אין ווינקל. אין די צעלעס וועלן זיך שטענדיק געפינען ביי אַ צוואַנציק מענטשן אויסגעשטרעקט אויף די בעטן מיט שטעקנעס אין דער זייט אונטער די קאָלדרעס. מיר האָבן פאַרזוכט זיך פירן ווי שטענדיק. נישט אַרויסווייזן קיין סימנים פון פחד.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין מאַגאַזין — דאָ איז דאָס קעניגרייך פון שייך יחיה. ער האָט מיך העפלעך אויפגענומען, נאָר ער איז געווען אויפגערעגט. ער האָט באַפוילן דעם יינגל, זיין דינער, מאַכן קאַפע. מיר האָבן געמיטלעך געטרונקען און צום סוף האָב איך געפרעגט:

— וואָס איז דיין מיינונג וועגן דער לאַגע, שייך יחיה?

— נישט גוט. נישט גוט. — האָט ער געזאָגט.

— עס וועלן אויסברעכן אומרוען אין לאַנד?

— יאָ. כ'האָב אַ בריוו פונעם אַראַבישן אויבער־ראַט. ס'וועלן זיין אומרוען. אין ים וועלן מיר אייך אַריינוואַרפן. עס וועלן קומען אַראַבער פון אַלע אַראַבישע לענדער. מיר זענען 60 מיליאָן!

— ס'איז נישט שרעקלעך — האָב איך אין אַ געלעכטער גע־זאָגט — מיר זענען אַ האַלבער מיליאָן. דאָס איז גענוג.

שייך יחיה האָט געזען, אַז איך שפּאַס, האָט ער געפונען פאַר נויטיק מיך צו וואָרנען.

— לאַך נישט. די לאַגע איז ערנסט. איך ווייס נישט וואָס ס'וועט זיין דאָ.

— דו מיינסט אין טורמע? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ. איך וואַרף פון זיך אַראָפּ יעדע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך קען נישט באַהערשן די מענטשן.

נאָך אַ פּאָר אַראַבער זענען אַריינגעקומען אין קליידער מאַגאַזין און מיך קאַלט באַגריסט. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען געקומען צום שייך אויף אַ באַראַטונג.

— שייך יחיה, — האָב איך געזאָגט — צו דענקסטו, אַז אויך איצט וועט זיך פאַרענדיקן אַ געשלעג אָן ערנסטע פאָלגן פאַר אייך? מיר וועלן זיך דאָסמאָל נישט שיצן. מיר וועלן אָנגרייפן. מיר האָבן מיט וואָס...

כ'האָב געקלערט, אַז די דראָאונג איז דאָס איינציקע, וואָס קען פאַרמיידן אַן איבערפאַל. במילא האָבן די אַראַבער צווישן זיך גע־שמועסט, אַז די „יאַהוד" האָבן באָמבעס און דאָס פלעג זיי איבער־שרעקן. כ'האָב געקלערט, אַז אויב איך וועל אָנדייטן אויף דעם — וועט זיך דאָס געשלעג אָפּשטופּן. און מיר דאַרפן בלויז אַ וואָך צייט...

— איך וועל זיך באַמיען באַרואיקן די געמיטער — האָט דער שייך געזאָגט. — קום צו מיר זייגער פינף, וועלן מיר שמועסן.

איצט האָב איך שוין געוואוסט, אַז בערך אַ זייגער 4 נאָך מיטאָג וועט זיך דער אָנגריף אָנהייבן.

איך בין געגאַנגען צום אָפּיצער חאַשאַם עפענדי. וואו כ'האָב זיך געווענדעט האָט מיך באַגלייט דער גלאַנץ פון די אַראַבישע אויגן. דער גלאַנץ האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

— חאַשאַם עפענדי — האָב איך געזאָגט צום אָפּיצער — היינט וועט אויסברעכן אַ געשלעג אין טורמע. די אַראַבער ווילן אונדז אַטאַ־קירן. מעלדע עס דעם אָנפירער און זאָג אים, אַז איך שלאָג־פאָר נישט אויפּעפענען די צעלעס נאָך מיטאָג. נישט אונדזערע און נישט די אַראַבישע. זאָלן אַלע אַרעסטאַנטן פאַרשלאָסן בלייבן אין זייערע צע־לעס ביז עס וועלן זיך איינשטילן די געמיטער. אויב זיי וועלן זיך נישט באַרואיקן — וועלן מיר צוריקגיין צו דער פריערדיקער אָרדענונג: אַ האַלבן טאָג וועלן מיר זיין אינדרויסן און אַ האַלבן זיי.

חאַשאַם עפענדי איז געגאַנגען צום אָנפירער און יענער האָט גע־מאָלדן... אַז ס'וועט נישט זיין קיין געשלעג אין טורמע.

— זאָג אים נאָך אַמאָל, ער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ, וואָס וועט געשען. זיי, די ענגלענדער זענען פאַראינטערעסירט אין די אומרוען. ער וועט באַצאָלן פאַר יעדן טראָפּן בלוט, וואָס וועט דאָ פאַרגאָסן ווערן...

חאַשאַם עפּענדי איז ווידער געגאַנגען און ווען ער איז צוריקגע־קומען, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דער אָנפירער האָט שוין פאַרלאָזט די טורמע...

*

אַ זייגער 4 האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף.

אַן אַראַבישער אַרעסטאַנט האָט אויפגעהויבן אַ קיבעל, וואָס איז געשטאַנען אין הויף ביי די קלאָזעטן און האָט אים אַ וואָרף געטאָן אויף מענדל׳ען. ער האָט אים נישט געטראָפן, נאָר אין דעם מאָמענט האָט זיך די טורמע פאַרוואַנדלט אין אַ גיהינום...

קוויטשערייען אויף טויב צו ווערן, געקלאַפּ פון אייזנס, באַלקנס, געשרייען, פייפעריי, אַ ווילד געלויף, ווי טויזנטער שדים זאָלן אַראָפּ פונעם הימל. אין אַ סעקונדע האָבן מיר צענעמען די טישן, וואָס זענען געשטאַנען אין די צעלעס, און לויטן פּלאַן, וואָס מיר האָבן באַשטימט, זענען מיר אַרויס אינדרויסן, אין צעווילדעוועטן המון אַריין, כדי צו פאַרזיכערן דעם צוריק־וועג פון די חברים, וואָס זענען נאָך געבליבן אין הויף. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען אַלע שוין געווען אין די צעלעס. מיט אַ שטורם האָבן זיך די אַראַבער געגעבן אַ לאָז אויף אונדזערע צעלעס. מיט די בעטן האָבן מיר פאַרשפּאַרט די טירן און פענסטער. דאָס שטורמען איז געקומען כוואַליעסווייז אין משך פון אַ שעה. קיין פאַרשטערקערונג איז נישט אָנגעקומען אין הויף אַריין. צו ענדע האָבן זיך באַוויזן ענגלישע זעלנער אויפן דאַך. די אַראַבער האָבן אָנגעצונדן די שאַפע פון דער ביבליאָטעק און דער רויך האָט אַריינגעדרונגען אין אונדזערע צעלעס אַריין און געשטיקט. פלאַמען האָבן זיך באַוויזן אין הויף פון טורמע. די זעלנער אויפן דאַך האָבן אָנגעהויבן וואַרפן טרער־באָמבעס. און ווייל זיי האָבן געוואָרפן די באָמבעס אין שטור־מירנדיקן המון, וואָס האָט אַן אויפהער געשטורעמט אויף די טירן פון אונדזערע צעלעס, איז דער גאַז אַריין צו אונדז און אונדז מער גע־טראָפן ווי די אָנפאַלער. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אַ ווייל ביז דער גאַז איז צעגאַנגען און זיך אומגעקערט ווידער אָנפאַלן. ווען דער גאַז איז אַריין אין צעל, פלעגן מיר זיך שטיקן. פאַרבלענדזעטע האָבן מיר

זיך געגרייט אויפצונעמען די אָנפאַלער, ווען זיי וועלן אויפרייסן די טירן...

צוויי שעה האָט געדויערט דער איבערפאַל. אָפּגעשטעלט האָט עס זיך נאָכדעם ווי אַ פּאָר ענגלענדער האָבן געוואַגט אַריינצוגיין [illegible] הויף אַריין. זיי זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן און איינער אָדער צוויי פון זיי זענען געפאַנגען געוואָרן דורכן המון. דעמאָלט זענען פון אויבן אויסגעשאָסן געוואָרן אַ פּאָר שאָסן. צוויי סאַלוועס פון אַ טאָמיגאַן האָבן פונאַנדערגעשפּרייט דעם המון אין אַלע זייטן. מען האָט זיי פאַר־שלאָסן אין די צעלעס.

ביינאַכט האָט מען אַלע יידן אַרויסגענומען פון זייערע צעלעס און מען האָט אונדז איבערגעפירט אין דעם פליגל פון אויסערן הויף, וואו מיר זענען פאַרשפּאַרט געווען נאָכן דורכברעכן די מויערן פון טורמע.

*

צומאָרגנס האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט זיך שייך יחיה און זיין פמליה נישט איבערגעשראָקן פון דער דראָאונג פון אונדזערע באָמבעס. זיי וואָלטן די באָמבעס נישט געטראָפן. בעת דער מהומה האָבן די „מנהיגים" אַריינגעדרונגען אין הינטערשטן קאָרידאָר און דאָרט, נעבן אָרט וואו מיר האָבן אויפגעריסן די מויער, געקלאַפּט מיט העק און האַמער אין די קראַטעס פון אַ פענסטער, און ווען זיי האָבן עס אויפגעמאַכט... איז שייך יחיה אַנטלאָפן פון טורמע.

די באָמבעס, ווען מיר וואָלטן זיי געהאַט, וואָלטן אים נישט גע־טראָפן...

*

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אונדז איבערגעפירט איז דער ירושלימער טורמע.

אין עכו איז איבערגעבליבן אַ טונעל, די פרוכט פון אַ סך וואָכן האָרוואַניע. דאָס האַרץ האָט געווייטיקט איבער אַ חלום, וואָס איז צערונען. מיר האָבן אים ווייטער געוועבט אין ירושלים.

נאָכן אָפּטרעטן פון די ענגלענדער, ווען עכו איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלפּונקט פאַר אַראַבישע מלחמה־געפאַנגענע, האָט דער מחבר מודיע געווען די ישראל־רעגירונג וועגן דער עקזיסטענץ פון טונעל. אויפן אָרט זענען איינגעלאַדן געוואָרן זשורנאַליסטן פון ישראל און אויסלאַנד און אין זייער אָנוועזנ־הייט האָט שמולעוויטש געעפנט דעם טונעל.



אויפן בילד: שמולעוויטש אין דער געזעלשאַפט פון אַ גרופּע זשורנאַ־ליסטן און די אָנפירער פון דער תפיסה — אין זאַל וואָס געפינט זיך הינטער דער צעלע נומער 28. „אָט דאָ האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שטריק־לייטער דורך דער עפענונג, וואָס מיר האָבן אויסגעהאַקט אין דער סטעלע” — דערקלערט מתתיהו שמולעוויטש.



שמולעוויטש אין דער עפענונג, וועלכע איז דורכגע־
האַקט געוואָרן אין דער וואַנט פון די אונטערשטע זאַלן.
אונטער אים געפינען זיך די זאַלן פון דער אַלטער
קרייצער־פעסטונג, וואָס זיין עקזיסטענץ איז קיינעם
נישט געווען באַוואוסט.

# קאנאל ארבעטער

### א.

מיט דער צייט האָט זיך די ירושלימער טורמע פארוואנדלט אין אַ יידישער טורמע. נאָך אַ געשלעג, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען, אין וועלכן ס׳איז געהרגעט געוואָרן אַ יידישער סאַניטאַר, איז דער בנין צעטיילט געוואָרן אויף צוויייען: אין איין טייל זענען פאַרשפאַרט געוועזן יידן, אין צווייטן טייל — אַראַבער. אַ וואַנט האָט אָפּגעטיילט צווישן זיי. ביידע האָבן געהאַט „אויטאָנאָמיע״: איבערן יידישן טייל האָבן אויפגעזען יידישע אָפּיצערן, איבערן אַראַבישן טייל — אַראַבישע. בלויז אין איין ביוראָ זענען געזעסן ענגלענדער. פון דאָרט זענען געגאַנגען די אָנווייזונגען פאַר ביידע טיילן. ערגעץ־וואו אין איינס פון די ווינקלען איז אויך געווען אַ באַראַק, וואו עס האָבן געוואָינט ענגלישע פאָליציאַנטן. עמעץ האָט באַמערקט: צו אַזאַ צעטיילונג, זענען די ענגלענדער גרייט מסכים צו זיין איבערן גאַנצן לאַנד...

די צעלעס אין יידישן טייל זענען געווען איבערגעפולט. מיר, די מענטשן פון לח״י האָבן געוואוינט אין צעל נומער 23, דאָס איז די צעל אין וועלכער עס האָבן צוריק מיט דריי יאָר געוואוינט ביי אַ צוואַנציק „הגנה״־לייט. זיי וואוינען אין אַ קלענערע צעל, ווייל די צאָל זייערע איז נישט קיין גרויסע.

אינדרויסן ווילדעוועט שוין דער בלוט־טאַנץ. אין די נעכט הערט

ייִן פון דער שטאָט שיסערייען און אויפרייסן. אַמאָל איז עס גאָר נאָענט, אַמאָל הערט זיך עס פון ווייטן. אין די נעכט שטרייפן דעם הימל פּאָספּאָר קוילן. יעדער שאָס, יעדער אויפרייס פילט אָן דיין האַרץ מיט זאָרג: „ווער ווייסט וואו מען אַטאַקירט?" און אַ מחשבה באַגלייט דיך: „איך פעל אוודאי אויס דאָרטן... עס פעלט אוודאי, ווער פאַר שוץ, ווער פאַר שמירה, ווער פאַר קעגן אַטאַקע... ווער איז דאָרט געפאַלן פונעם קנויל שאָסן, וואָס האָט זיך דערהערט איצט?..."

דער בנין פון דער טורמע געפינט זיך אויף דער גרעניץ, צווישן די יידישע און אַראַבישע קוואַרטאַלן. ער איז אין די הענט פון דער בריטישער פּאָליציי און מיליטער. דאָס איז אַ זיכערהייטס־געביט, אַ פעסטונג, וואָס די ענגלענדער האָבן אויפגעשטעלט פאַר זיך, צו שיצן זייער לעבן און האָב. קיין מענטש טאָר נישט אַריינקומען אין דעם געביט אָן אַ דערלויבעניש און אָן אַ רעוויזיע, און קיינער וועט נישט אַרויסגיין פון דאָרט אָן אַ גרונטלעכע קאָנטראָלע.

*

מיר געפינען זיך נישט בלויז אין אַ טורמע, וואָס איז גוט געשיצט און באַפעסטיקט, נאָר דער גאַנצער געביט איז אַ פעסטונג. די פענסטער גייען טאַקע אַרויס צום דרויסן, וואו בלויז אַ פלויט פון שטעכל־דראָט טיילט אונדז אָפּ פון דער וועלט. צוריק מיט דריי יאָר איז געגבוג געוועזן צו גראָבן אַ טונעל אין אַ לענג פון 8—10 מעטער, היינט גענוגט עס נישט. אויב דו וועסט דורכגיין דעם פלויט, וועסטו זיך געפינען אין געביט פון דער פעסטונג, וואו ס'איז נישט מעגלעך אַריין און נישט אַרויס. אין אַ דיסטאַנס פון ביי אַ פופציק מעטער פון אונדז, געפינען זיך אויפן דאַך פון די ביוראָען פון דער ראַדיאָ סטאַנציע, „ברען"־פּאָזי... פונעם אַראַבישן לעגיאָן. און ווען אפילו וועסט מצליח זיין זיי ז..., ריך נישט באַמערקן, ווי אַזוי וועסטו דורכגיין דעם אַריינגאַנגס־טויער פון דעם באַוואַכטן געביט?

מען דאַרף אויסגעפונען עפּעס אַ פאָרטל. אין יידישן טייל זענען בלויז פאַראַן יידישע פּאָליציאַנטן. דאָס רוב זענען מאָביליזירט געוואָרן מיט דער איינשטימונג פון דער אַגענץ און ס'פאַרשטייט זיך, אויסגע־

קליבן פון די „הגנה"־רייען. פונדעסטוועגן האָט מען געקענט צווישן זיי טרעפן בחורים, וועלכע סימפּאַטיזירן מיטן אונטערגרונט. בפרט אין דער צייט האָבן אונדזערע חברים אינדרויסן באַוויזן וואונדער אין ירושלים. זיי האָבן אויפגעריסן דעם שטאַב־בנין פון די כנופיות, וואָס אין טאַגוס הויז. זיי האָבן פאַרטריבן די אַראַבער פון ליפתא, שייך־באַדער און קאַטאַמון. דאָס יידישע ירושלים איז דאַנקבאַר געווען אונדזערע בחורים און די פּאָליציאַנטן, אַלע, אָן אויסנאַם דערציילן אונדז און רימען זיי. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען גרייט זיך אָנשליסן אָן אונדז. פון דער טורמע אויס שיקן מיר זיי אויף די פּאַסיקע פלעצער און זיי שליסן זיך אָן. קלאָר, אַז אַזוי אַרום ווערט געלעזט דער פּראָבלעם פון קאָנטאַקט מיטן דרויסן. אונדזערע בחורים זענען די, וואָס ברענגען און פירן אַרויס בריוו.

יהושע זעטלער, וועלכער האָט פאַרבראַכט העכער פיר יאָר אין דער טורמע, און איז אַנטלאָפן ביים דורכברעכן די עכו־טורמע, איז נאָמענירט געוואָרן דורך דער צענטראַלע אַלס קאָמאַנדיר פון דער ירושלימער אָפּטיילונג און שוין אין ערשטן בריוו האָט ער אונדז גע־מאָלדן: „איך בין געקומען אַהער אייך באַפרייען. דאָס איז מיין וויכטיקסטע אויפגאַבע. איר קענט זיך אויף מיר פאַרלאָזן..." און מיר האָבן געוואוסט, אַז מיר קענען זיך אויף אים טאַקע פאַרלאָזן. אַלע קענען זיך אויף אים פאַרלאָזן. אויך דאָס יידישע ירושלים וועט זיך קענען פאַרלאָזן אויף אים...

מיט דער הילף פון די פּאָליציאַנטן זוכן מיר אַ וועג צו אַנטלויפן. און דאָסמאָל זאָרגן מיר נישט בלויז פאַר זיך. מען דאַרף געפונען אַ וועג, וואָס זאָל דערמעגלעכן אַרויסצונעמען אַלע יידישע אַרעסטאַנטן, ווייל אונדזער מצב איז זייער אַ שלעכטער. מיר געפינען זיך אין אַ פיינטלעכער געגנט און מען קען נישט וויסן וואָס די ענגלענדער פּלאַנען. ווער ווייסט אויב זיי וועלן זיך נישט פרייען צו דערמעגלעכן די אַראַבער פון דרויסן אַן איבערפאַל און אַ מאָרד פון העכער הונ־דערט יידן, וואָס געפינען זיך דאָ אָן אַ מעגלעכקייט פון שוץ? ביי די ענגלענדער קען אַלץ געמאָלט זיין. און די זאַך וועט זיי נישט שווער אָנקומען. לויט זייער פאַרפליכטונג, אַרויסצוציען דאָס מילי־

טער פון לאַנד, וועלן זיי אין איינעם אַ שיינעם טאָג פאַרלאָזן דעם געביט און איִם איבערגעבן אין אראבישע הענט. מיר וועלן בלייבן הפקר פאַר די אַראַבישע פּאָגראָמטשיקעס. די ברען־לופעס אויפן דאַך פונעם קעגנאיבערדיקן בנין, זענען געווענדעט צו אונדזער פענסטער, און וואָס וועט זיין אויב וועט זיך דאָרט פאַרגליסטן דעם אַראַבער, וואָס טראָגט אַן ענגלישן מונדיר, — אַ „פאַנטאַזיע" און וועט אַריינ־האַקן אַ פּאָר קנוילן אין אונדזער צעל אַריין?

בלויז בלית ברירה וועלן מיר אָפּראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך אָפּראַטעווען, אָבער זוכן דאַרף מען אַ מעגלעכקייט פאַר אַלע יידן אַרויסצוגיין פונדאַנען. און איך דענק נישט, אַז די „הגנה" זאָל דאָס־מאָל נישט מסכים זיין זיך צו באַטייליקן אין אַרויסשמוגלען די ארעס־טאַנטן. און מיט איר אָנטייל וועט מען עס קענען אויספירן. די פּאָ־ליציי און די אָפיצערן — אַלע זענען דאָ מיטגלידער פון „הגנה". נאָך וואָס'זשע ווייטער זיצן אין טורמע, ווען מיר פעלן אינדרויסן און אויסער דעם, ווען אונדזער לעבן איז אין סכנה?!

## ב.

אויסער די פּאָליציאַנטן, איז אונדז געלונגען צו געווינען די סימ־פּאַטיע פון אַ יידישן בחור מיטן נאָמען ארליך, וועלכער פלעג פון מאָל צו מאָל באַזוכן אין טורמע צוליב זיין שטעלע אין דער אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכער ארבעט. ער איז דער אָנפירער פון דער ארבעט און דאַרף אויסצופירן אלע ארבעטן און רעפעראַטורן אין טורמע־בנין. מיט זיין הילף איז פון דאַנען אַנטלאָפן, צוריק מיט אַ פּאָר חדשים, אנשל שפּיל־מאַן, איבערגעטאָן און כאראקטעריזירט אַלס אַן אַראַבישער אַרבעטער. ביז היינט ווייסט נישט קיין מענטש ווי אַזוי אנשל איז פאַרשווינדן געוואָרן. ארליכ'ן איז מען נישט חושד.

איך האָב זיך צו אים געוואָנדן און געבעטן ער זאָל מיר ברענגען דעם פּלאַן פון די קאַנאַליזאַציעס אין טורמע און אין איר אומגעבונג. ארליכ'ן דאַרף מען נישט „אַריינלעגן קיין פינגער אין מויל". ער האָט באַלד פאַרשטאַנען מיין כוונה. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער אריינ־

געקומען צו אונדז אין צעל אַריין מיט אַ תירוץ צו פאַריכטן פענסטער און מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם דערקלערט ער מיר:

— די קאַנאַל־רערן גייען דורך פינף מעטער פון די צעל־פענסטער אין דער טיף פון אַ מעטער אונטער דער ערד. די ברייט פון רער איז 40 סענטימעטער אזוי אויך די הייך, אָבער אויבן איז ער שמעלער. נאָך 70 מעטער פאַרבינדעט ער זיך מיט אַ סך אַ ברייטערן רער, דורך וועלכן מען קען צוקומען צו אַ סביבה, וואָס איז באַוואויבט דורך יידן. אויב ס׳סוועט דיר געלונגען אַריינצוציען אין ענין אַריין די „הגנה״, וועט מען קענען משפיע זיין אויף די אינזשיניערן, זיי זאָלן הייסן רייניקן די קאַנאַליזאַציע און אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט דער וועג פריי זיין אַרויסצונעמען אַלע יידישע אַרעסטאַנטן. אויב די „הגנה״ וועט זיך משתתף זיין אין דעם, וועט מען אויך קענען באַקומען די הילף פון די אָפיצערן און פּאָליציאַנטן...

— ווי אַזוי וועלן מיר אַריינגיין אין די רערן אַריין? — האָב איך געפרעגט. אויב מיר וועלן צוקומען מיט אַ גלייכער ליניע ביז צום רער, וועלן מיר זיך נישט קענען איינבייגן גענוג כדי אַריינצוגיין אין רער. אַ חוץ דעם, אויב וועלן מיר דאַרפן צעברעכן דאָ אַ בעטאָנענעם רער, וועט מען דאָך דאָס אוודאי דערהערן אינדרויסן. אַ וועכטער דרייט זיך דאָ אַרום, און אויך די ענגלישע פּאָליציי־היים גרעניצט מיט אונדז. צי וועסטו נישט קענען אויפבויען אַ „סעפּטינג״ אַנטקעגן פענסטער? מיטן טונעל וועלן מיר צוקומען ביזן „סעפּטינג״ און דאָרטן וועלן מיר זיך קענען אויסדרייען און אריינגיין אין רער...

— ס׳איז מעגלעך. פאַרוואָס נישט? גיב מיר נאָר אַ צעטל צו איינעם פון די פאַראַנטוואָרטלעכע לח״י־לייט אין ירושלים, פאַרבינד מיך מיט אים וועט ער מיר געבן דריי בחורים אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזן. מיט מיין פּראָטעקציע וועט מען זיי אָננעמען צו דער אַרבעט אין מיין אָפּטיילונג, וועל איך זיי קענען ברענגען אַהער און בויען וואָס מען דאַרף.

אַ צעטל האָב איך נישט געגעבן, אָבער איך האָב געמאָלדן וועגן דעם יהושע זעטלער׳ן און אים געבעטן ער זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט ארליכ׳ן.

*

מיר האָבן אינצווישן אָנגעהויבן די פּאַרבעררייטונגען.

צו אַלער ערשט דאַרף מען באַשטימען דעם פּלאַץ. צוריק מיט אַ יאָר האָט מען אין ירושלימער טורמע אַנטפּלעקט אַ קליינעם טונעל, בעסער געזאָגט, אַ גרויסן אָרט זיך צו באַהאַלטן, וואָס איז נאָך אויפגעבויט געוואָרן דורך יהושע זעטלער אין צעל נומער 18, און האָט געדאַרפט דינען אַלס פּלאַץ פון דורכברוך, דורך וועלכן עס וועלן אַרויס די אַרעסטאַנטן בעתן איבערפאַל אויף דער טורמע. דער איבערפאַל איז נישט געלונגען און נאָך אַ צייט האָט די מאַכט אַנטפּלעקט דעם לאָך אין דער וואַנט. פון דעמאָלט אָן גייט טאָג־טאָג דורך אַן ענגלישער סערזשאַנט אַלע יידישע צעלעס און מיט אַ שטעקן קאָנטראָלירט ער די ווענט און דעם דיל. ער הערט זיך צו צי עס הערט זיך נישט קיין פאַרדומפּטער ווידערקול אין איינס פון די פּלעצער. וואו־זשע וועלן מיר אָנהייבן בויען דעם טונעל?

אָט זענען די בעטן. זיי זענען זייער נידעריק. זייער הייך איז ביי אַ 15 סענטימעטער פונעם דיל, און דאָרטן קלאַפּט נישט דער סערזשאַנט מיטן שטעקן. עס פאַלט אים נישט איין, אַז אויך אונטערן בעט קען מען גראָבן. ווייל ווער קען דאָס ליגן אונטער אַזאַ נידעריק בעט און אַרבעטן? די בעטן זענען איינגעפאַסט אין דיל און מען קען זיי נישט רירן. דעריבער זוכט מען נישט אונטער זיי. און ווער הייסט עס אונדז ליגן אונטערן בעט? מיר וועלן אויפהייבן דעם שטרויזאַק מיר וועלן צוזאַמענלייגן די פאַסונגען פון בעט און אריינגיין פון אויבן. די זאַך איז זייער איינפאַך. זאָל זיך דער סערזשאַנט זוכן אין די ווענט, זוכן אין די דורכגענג צווישן די בעטן און מיר, וועלן קענען רויאיק און זיכער גראָבן אונטערן בעט.

נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, זענען מיר צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

דעם צודעק האָבן מיר געבויט לויטן מאָדעל פון דעם צודעק אין לאַטרון: אויף ברעטער האָבן מיר מסדר געווען די שטיינער לויטן פריערדיקן סדר און דער שפּאַלט, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום דעם צודעק איז אויסגעפילט געוואָרן מיט אַ מאַטעריאַל ענלעך צו צעמענט.

נאָר דאָ זענען געווען אַנדערע צרות. דאָס גראָבן אין דער טיף איז צוגעגאַנגען שנעל. אָבער דאָס מאַטעריאַל פון אונטער דעם דיל, איז נישט קיין ערד, נאָר פון שטיינער און זאַמד וואָס האָט זיך נישט געקענט האַלטן. די ווענט זענען בויפעליק געוואָרן. פאַרזיכטיק האָבן מיר באַדאַרפט אונטערשטעלן שטיצערס און נאָך אַ צייט אָנגיסן בע־טאָן. מיר האָבן געגנבעט זעקלעך צעמענט מיט דעם וויסן און איינ־פאַרשטאַנד פון ארליכ׳ן. ער פלעג זיי ברענגען אויף צו פאַרשטאָפּן דאָרט די לעכער, זיי אָוועקלייגן דאָרטן וואו מיר האָבן אים אָנגעוויזן, פון דאָרט פלעגן מיר די זעקלעך אַריינגנבענען אין איינעם פון די וואַרשטאַטן אינדרויסן, ווי צום ביישפּיל אין דיזאינפעקציע־צימער, וואו ס׳האָט געאַרבעט איינער פון אונדז, אָדער אין דער וועשערייַ פון טורמע און דערנאָך מיט קאָלדרעס אָדער אין פּעקלעך וועש, אריבער־פירן דעם זאַק אין צעל אַריין. אין די אָונטן האָט די צעל אויסגעזען ווי אַ גרויסער וואַרשטאַט, וואָס פירט זיך אונטער די בעטן און טישן. אין דאַך פון צעל איז געווען אַ פענסטער, וואָס איז ספּעציעל גע־מאַכט געוואָרן פאַר די וועכטער, וואָס דרייען זיך אויפן דאַך זיי זאָלן קענען אַריינקוקן און זען וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן מען זאָל גאָרנישט קענען באַמערקן. איינער האָט געדאַרפט ליגן אויף אַ בעט אונטער דעם פענסטער און אויפפּאַסן, צי אַ וועכטער דערנענטערט זיך נישט. אין פאַל ווען ס׳האָט זיך דורכן פענסטער באַוויזן אַ וועכטער, איז געגעבן געוואָרן אַ סימן. און אַלע, וויסנדיק זיך ווי אזוי אויפצופירן אין אזא פאַל, פלעגן איבעררייסן די ארבעט און מאַכן דעם אָנשטעל, גלייך גאָרנישט. די מענטשן, וועלכע זענען געזעסן איינגעבויגן ביים זאַק ערד, קלייבנדיק די שטיינער באַזונדער, אויף אַריינצוּוואַרפן אין מיסט־קאַסטן און באַזונדער דעם זאַמד, אים אָוועקצולאָזן מיטן וואַסער שטראָם פון די קלאָזעטן — זענען געבליבן אויף זייער אָרט ווי פריער אריינקוקנדיק אין די העפטן און ביכער, וואָס ליגן שטענדיק נעבן זיי. פון אויבן האָט דעם פּאָליציאַנט אויסגעוויזן, אַז אין צעל איז אַלץ אין אָרדענונג...

אַ גרויסע אַנטוישונג האָט מיך דערוואַרט: די „הגנה״־לייט האָבן נישט געוואָלט אַנטלויפן. כ׳האָב זיך געוואָנדן צום פאָרשטייער פון די „הגנה״־אַרעסטאַנטן, אריה קלאַפּער*), און אָנגעהויבן „טאַפּן דעם דופק״. אויך ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף עפּעס־וואָס מאַכן, צו פאַרזיכערן דאָס לעבן פון די אַרעסטאַנטן. אַלס ערשטע זאַך האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַ בשותפותדיקע זיצונג מיט די פאָרשטייער פון אצ״ל (וואָס אַנבאַלאַנגט אַנטלויפן, האָב איך נישט געדאַרפט רעדן מיט זיי. איך האָב געוואוסט, אַז זיי וועלן גיין צו יעדער צייט ווען מיר וועלן זיי רופן), און באַהאַנדלען דעם מצב. צו אַלער ערשט וועלן מיר צוזאַמען זאָרגן אַריינצובריינגען געווער און אויפרייס־מאַטעריאַל כדי זיך קענען שיצן ווען מען וועט דאַרפן.

— וואָס דיין מיינונג וועגן אַנטלויפן פונדאַנען? — האָב איך צו ענדע געפרעגט אריה קלאַפּער׳ן.

— לויט מיין מיינונג איז עס אוממעגלעך — האָט ער געזאָגט.

— און אין פאַל ווען ס׳וועט זיך געפינען אַ וועג צו אַנטלויפן, — האָב איך געפרעגט — וועט איר גרייט זיין זיך משתתף צו זיין?

— איך דאַרף אָנפרעגן אינדרויסן. קען זיין, אַז די אינסטיטוציעס וועלן אייגגעפינען, אַז די צייט איז נישט גינסטיק זיך צו פאַרטשעפּען מיט די ענגלענדער...

— זע, אריה — האָב איך אָנגעהויבן צוליב אויפרעגונג רעדן מער אָפן — איך האָב אַביסל דערפאַרונג אין פלענער פון אַנטלויפן. קען זיין אַז וואָס דו זעסט פאַר אוממעגלעך לאָזט זיך יאָ אויספירן. כ׳האָב אַ געוויסן פאָרשלאַג, וואָס מיט אייער הילף, לאָזט עס זיך אויספירן אָן ריזיקע. קיין איין ייד וועט דאָ נישט איבערבלייבן. מען דאַרף נישט קיין אָנגריף פון דרויסן, אויב דו האָסט פאַר דעם מורא. אויך מיר וועלן זיך נישט באַדאַרפן באַניצן מיט געווער. אַלץ וועט געמאַכט ווערן אין דער שטיל, אויב געוויסע מענטשן, איבער וועלכע איר קענט באַפעלן, וועלן אונדז העלפן. קלער עס אויף אינדרויסן און בעט אָן

---

* היינט דער פּאָליציי־קאָמאַנדיר פון פּתח־תקוה.

ענטפער. אויב וועסטו באַקומען אַ פּאָזיטיוון ענטפער, וועל איך דיר דערקלערן אַלע איינצלהייטן.

— גוט. איך וועל פרעגן.

דאָס איז געווען אונדזער ערשט געשפּרעך. אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט מיר אריה קלאַפּער געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַן ענטפער פון דרויסן. מען האָט אים געמאָלדן, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין מעג־לעכקייט צו אַנטלויפן פון ירושלימער טורמע אָן פאַרלוסטן, און דאָס לוינט זיך נישט.

— אריה — האָב איך געזאָגט, דערשטיקנדיק אין זיך מיין אויפ־רעגונג — מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן דעם. וואָס, אויב עס וועט זיך יאָ געפינען אַ מעגלעכקייט פון אַנטלויפן נישט איינשטעלנדיק דאָס לעבן פון איינעם אפילו? וואָס איז אין אַזאַ פאַל? אָט איז פאַראַן אַ „משוגענער" און ער זאָגט, אַז מען קען יאָ פונדאַנען אַרויסנעמען אַלע אַרעסטאַנטן אָן איין שאָס אפילו. וואָס איז דיין מיינונג אויף אַזאַ זאַך? צי וועט איר מסכים זיין מיט אונדז מיטצואַרבעטן?

— איך וועל ווידער זיך אָנפרעגן. אָבער זיי וויסן, אַז איך אַליין גלויב נישט אין דעם און כ'בין נישט בדעה נאָכצושלעפן זיך נאָך אומפאַראַנטוואָרטלעכע טאַטן — האָט ער געזאָגט, מאַכנדיק זיך וויכ־טיק און ערנסט.

כ'האָב שוין מער נישט באַדאַרפט וואַרטן אויף אריה'ס ענטפער. אין דער בשותפותדיקער זיצונג אין וועלכער עס האָט זיך אויך באַ־טייליקט אליהו זאַנד*, דער קאָמאַנדיר פון די אצ"לניקעס אין טורמע. די זיצונג איז געווען געווידמעט די זיכערהייטס־פּראָבלעמען און דעם אַריינברענגען געווער אין טורמע. אריה האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אַ תנאי פאַר מיטאַרבעטן: אַ צוזאָג, אַז מיר וועלן זיך נישט באַניצן מיט דעם געווער פאַר די צוועקן פון אַנטלויפן. דאָס איז געווען דער הויכפּונקט פון חוצפה! ער, דער פאָרשטייער פון דער „הגנה" אויפן אָרט, באַפעלט אונדז נישט צו אַנטלויפן פון טורמע! אויף אַזאַ טריי־

---

* איינער פון די פּעאיקסטע קאָמאַנדירן אין אצ"ל. ער איז געפאַלן אין קאַמף אויף יפו. הי"ד.

שאָפּט, אין אַזאַ צייט, און אין אַזאַ פּלאַץ, האָבן זיך אפילו די ענגלענ־דער אליין נישט געדעכט!

אליהו זאַנד איז אַ קאַלטבלוטיקער, אַ געזעצטער און רעדט ווייניק, אָבער אויך ער האָט קוים באַהערשט זיינע נערוון חערנדיק אַזעלכע „תנאים". מיר האָבן זיך אָנגעקוקט און ס'איז קיין ספק נישט, אַז מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען. ווי מיר וואָלטן געזאָגט איינער דעם צווייטן: „זע, ביז וואַנען די זאַכן דערגרייכן. אַ נייער שומר איבער אונדז!" מיטן גאַנצן עקל־געפיל, זענען מיר דאָך געווען געצוואונגען צו פאַרזיכערן דעם חבר קלאַפּער, אַז מיר קלערן נישט צו אַנטלויפן און במילא דאַרפן מיר נישט קיין געווער פאַר דעם צוועק. איך האָב נאָך צוגעגעבן פאַרופנדיק זיך אויף מיין געשפּרעך מיט אריה'ן:

— דו ווייסט דאָך גוט, אַז אָן דער הילף פון די אָפיצערן קען מען נישט אַנטלויפן פונדאַנען. און די הילף פון די אָפיצערן קען נאָר געגעבן ווערן מיט דיין וויסן און מיט דיין איינפאַרשטאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז פאַרבליבן אַ חשד אין האַרצן. אריה, האָט אָן שום ספק חושד געווען, אַז מיר גרייטן זיך אַנטלויפן, און מיר האָבן באַדאַרפט פאַרטאָפּלען די פאָרזיכטיקייט. ווייל אויב וועלן די „הגנה" אַרעסטאַנטן דערשנאַפּן, אַז מיר גראָבן — וועלן זיי עס מעלדן דעם אָפיצער און דאָס וועט, פאַרשטייט זיך, ליקווידירן אונדזער האָפענונג.

כ'האָב קיינמאָל נישט פיינט געהאַט קיין יידן. קיינמאָל אויך נישט געהאַסט די „הגנה"־לייט און פערזענלעך בין איך שטענדיק געווען מיט זיי אין פריינדלעכע באַציאונגען. אָבער קיינמאָל האָב איך נישט געקענט זיי פאַרשטיין. מיר זענען פון גאָר אַן אַנדער מאַ־טעריאַל אויסגעהאַמערט געוואָרן. איך האָב עפּעס אַ געפיל, אַז ביי די קאָמאַנדירן, אָדער די, וואָס האַלטן זיך פאַר קאָמאַנדירן, איז פאַראַן עפּעס אַ פּגם אין דער נשמה, עפּעס אַ מין זעלישע און מוח־פאַרקריפּ־לונג. ס'איז מיר שווער זיך צו באַפרייען פון דעם געפיל ביזן היינטיקן טאָג. כ'האָב נישט קיין גענוגענדע גרונדן אַליין זיך איבערצייגן, אַז ס'איז נישט אַזוי.

דאָס געווער פאַר זעלבסטשוץ האָבן מיר איינגעבראַכט אָן דעם

וויסן פון דער „הגדה" און אַן זייער הילף. ווען עס איז שוין געווען אין טורמע, האָבן מיר וועגן דעם דערציילט אריה קלאַפּער'ן. דעמאָלט ערשט האָבן מיר זיך אוועקגעזעצט באַטראַכטן אַ פּאַרטיידיקונגס־פּלאַן אין פאַל מען וועט אונדז אָנגרייפן. וועגן תּנאי האָט מען שוין מער נישט גערעדט. זיי האָבן בלויז חושד געווען און אונדז נאָכשפּיאָנירט...

## ד.

נאָך איידער מיר האָבן פאַרענדיקט גראָבן דעם גרוב, האָב איך געמאָלדן אליהו זאַנד'ן וועגן אונדזער פאַרבערייטונגען. כ'האָב אים נישט אויסגעגעבן אַלע איינצלהייטן פון פּלאַן, בלויז אים דערקלערט, אַז עס איז געמאָלט, אַז אין תּוך פון צוויי וואָכן וועט זיין אַ מעגלעכקייט ארויסצונעמען פונדאַנען אַלע אונדזערע ארעסטאַנטן. און ער, פאַרשטייט זיך, איז זייער איבעראַשט געווען.

— איך געפין זיך דאָ שוין צוויי יאָר — האָט ער געזאָגט — און ס'איז נישט פאַראַן קיין טאָג איך זאָל נישט באַטראַכטן צענדליקער פּלענער און נאָך גאָרנישט געפונען. כ'האָב געמאַכט אַ פּאָר פאַרזוכן און אַמאָל האָט מען מיך געפאַקט, זייענדיק שוין ביים אויסערליכן טויער אָנגעטאָן אין פּאָליציי קליידער. איך גלויב נישט, אַז אין אַזאַ קורצער צייט האָסטו שוין געפונען אַ פּלאַן פאַר אַנטלויפן...

— צוליב קאָנספּיראַטיווע סיבות, קען איך דיר נאָכנישט אויסגעבן אין וואָס עס האַנדלט זיך. יעדן פאַל דאַרפסטו זיך צוגרייטן דערצו... איר דאַרפט זיך לערנען קריכן אונטער די בעטן. דאָס אַנטלויפן איז פאַרבינדן מיט קריכן צענדליקער מעטער אין אַ שמאָלן טונעל און ווער עס איז נישט איינגעאיבט וועט נישט קענען אויסהאלטן די אָנשטרענגונג. אויסער דעם וועל איך אין די נאָענסטע טעג ברענגען אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט און מיר וועלן זיך מוזן אַלע פאָטאָגראַפירן פאַר געהעריקע דאָקומענטן.

— איך פאַרשטיי גאָרנישט פון דעם אַלעמען. אָבער וואָס קען מען מאַכן? נישטאָ קיין ברירה. מירן זיך לערנען קריכן, ווי דו זאָגסט,

און מירן אוועקשטעלן די פנימער פארן פאָטאָ־אַפּאַראַט. עס אַרט מיך נישט ווי אַזוי מיר וועלן אַרויס פונדאַנען...

אין אַ פּאָר טעג אַרום ווען די צענטראַלע האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר דאַרפן באַטייליקן די אצ"ל־לייט אין אַנטלויפן אין יעדן פאַל, ווען אפילו די צאָל אַנטרינער וועט זיין באַשרענקט, האָב איך אים אַריינגעפירט אין אונדזער צעל אַריין און אים געוויזן אונדזער שטיקל ארבעט. ווען איך האָב אליהו'ן דערקלערט דעם פּלאַן האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט פאַר גרויס שמחה.

— און איך האָב געקלערט וועגן דעם צענדליקער מאָל און ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער געדאַנק איז צו פאַנטאַסטיש! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט באַגייסטערונג.

*

אינדרויסן אונטער אונדזער פענסטער אַרבעטן דריי פון אונדזערע חברים, וואָס קומען פון דרויסן אַלס ארבעטער פון אָפּטייל פאַר עפנ־טלעכער אַרבעט. זיי בויען דעם „סעפּטינג".

מיר האָבן שוין אַ גרוב אין דער טיף פון צוויי אַ האַלבן מעטער, זיינע ווענט זענען געמאַכט פון בעטאָן. פּאָליצעס זענען פערטיק, אויף זיי די אַרבעטס כלים, לאַמטערנס, אַרבעטס־קליידער, אַ בלאָזאַק פאַר לופט און מיר גרייטן זיך דורכצוהאַקן דעם פונדאַמענט. נאָכדעם, ווי מיר וועלן אים דורכהאַקן, וועלן מיר דאַרפן בלויז אַ וואָך צייט פאַר גראָבן פינף מעטער ביז צום קאַנאַל.

בלויז איין שוועריקייט איז פאַר אונדז פאַראַן. דער גרוב איז פול מיט זעק ערד. מיר האָבן נישט געקענט אין טורמע פונאַנדער־שפּרייטן די גאַנצע „פּראָדוקציע". מיר האָבן אַרויסגעפירט ערד וואו מען האָט נאָר געקענט. אין דער שטיל האָבן מיר יעדן לאָך אָנגעפילט און פונדעסטוועגן זענען איבערגעבליבן אין גרוב זעק, וואָס פאַרשאַפן נישט ווייניק צרות. און נאָך אַ פינף מעטער גראָבן שטייט אונדז פאָר. אין לאַטרון האָט מען געקענט פונאַנדערשפּרייטן צוויי קוביק מעטער ערד אין די גערטנדלעך און עס האָט זיך נישט אָנגעזען, אָבער דאָ, יעדע זשמעניע ערד, וואָס וועט אויסגעשיט ווערן אויפן בעטאָן אין הויף וועט דערוועקן אַן אויפמערקזאַמקייט. מען דאַרף אויסגעפינען

אַ פּאָרטל. מיר האָבן געזוכט און געפינען. בעתן רייניקן דעם צעל האָט זיך געפונען די לעזונג:

דאָס רוב צעלעס אין טורמע זענען אַ סך העכער ווי דער דיל פון קאָרידאָר, און ווען מען וואַשט דעם דיל קען מען אויסקערן דאָס וואַסער פון צעל אין קאָרידאָר אַריין און פון דאָרטן צו דער ספּעציעלער עפענונג, וואָס פירט צו די קאַנאַל־רערן. אין אונדזער צעל איז נישט אזוי. ביי אונדז מוז מען אויסווישן דעם דיל מיט שמאַטעס. דאָס איז נישט באַקוועם. בעתן וואַשן דעם דיל האָבן מיר איינגעלאַדן דעם אָפיצער אין צעל אַריין און אים דערקלערט:

— זע הער אָפיצער. אין אונדזער צעל דאַרף מען פטרן אַ האַלבן טאָג אויף אויסצוואַשן דעם דיל. אין אַלע אַנדערע צעלעס איז עס אַן ענין פאַר אַ פערטל שעה.

— איז וואָס? — האָט דער אָפיצער געפרעגט — וואָס ווילט איר? אויפהייבן דעם דיל פון צעל אין אַזאַ מאָס, אַז אויך איר זאָלט קענען אויסקערן דאָס וואַסער אין קאָרידאָר אַריין? דאָס קומט נישט אין פראַגע!

— ריכטיק. מיר פאַרשטייען, אז דאָס לאָזט זיך נישט מאַכן. אונדזער פאָרשלאַג איז: אין ווינקל, אונטערן האַנט־פּאַס וועלן מיר מאַכן אַ קליינע בירקע. דאָ וועלן מיר אַרונטערלאָזן דעם דיל מיט צוואַנציק סענטימעטער. דאָס וועט אונדז דערמעגלעכן אויסצוקערן דאָס וואסער פון דער גאַנצער צעל צום ווינקל און פונדאַנען וועלן מיר אויסשעפן דאָס וואַסער מיט עמערס.

דער איינפאַל איז געווען אַ געלונגענער. נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מען באַקומען אַ באַשטעטיקונג פון אָנפירער. צומאָרגנס האָט מען אונדז געבראַכט צוויי דזשעגאַנעס, אַ זאַק צעמענט און צוויי טאַטשקעס ארויסצופירן די ערד, וואָס וועט ארויס ביים גראָבן די בירקע. אויך אַ פּאָליציאַנט איז געקומען אין צעל אריין היטן אונדז מיר זאָלן זיך נישט באַניצן מיט די ארבעטס־כלים פאַר אַנדערע צוועקן.

איינער פון די בחורים האָט זיך געזעצט שפּילן „דאַמקע“ מיטן פּאָליציאַנט. צוויי זענען אַרונטער אונטערן בעט ביי אַ געלעגנהייט. אריין אין גרוב אַריין, וואָס איז געשטאַנען אָפן פון אינדערפרי אָן,

בלויז די קאַלדרעס, וואָס האָבן אַרונטערגעהאָנגען פון בעט האָבן אים פאַרשטעלט, און אַנדערע צוויי האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן ביי דער בירקע. זיי האָבן ארויסגענומען די שטיינער פון דיל און אָנגעפילט די טאַטשקעס, וועלכע צוויי קרימינעלע אַרעסטאַנטן, האָבן אַרויסגעפירט, פאַרן לוין פון 5 סיגאַרעטן, צום פלאַץ וואו ס'איז אויפגעהויפט אַ הויפן ערד פון אַנדערע אַרבעטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין טורמע. הינטער דעם רוקן פון פאָליציאַנט, האָבן די בחורים געבראַכט צו טראָגן די זעק ערד פונעם טונעל און אַריינגעשיט אין „בירקע" אריין. פון דער „בירקע" איז עס אויפגעלאָדן געוואָרן אויף די טאַטשקעס. אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה איז די בירקע פערטיק געווען און אונדזער גרוב ליידיק געוואָרן...

## ה.

צווישן די ענגלישע פאָליציאַנטן איז פאַראַן איינער וואָס זיין אויפגאַבע איז: זוכן מעגלעכקייטן פאַר אַנטלויפן און עס פאַרמיידן. ער אַליין האָט פּראַקטיק אין אַנטרינען, ווייל אין מלחמה־צייט איז ער געווען געפאַנגען און איז אַנטלאָפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט דורך אַ טונעל. צוליב דעם האָט אים די געהיימפאָליציי איינגעלאַדן ספּעציעל אין ירושלימער טורמע. דער „מומחה", אזוי האָבן מיר אים גערופן, גריבלט אין יעדן לאָך אין שטח פון טורמע און זוכט מעגלעכקייטן פאַר אַנטלויפן. כ'האָב נישט געדענקט, אַז ער איז אזוי געטריי זיין פּאָסטן, ביז אפילו צו גריבלען אין די נעכט.

כדי צוטרייבן דאָס דורכהאַקן דעם פונדאַמענט, די האַרטסטע טייל אין אונדזער טונעל, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַרבעטן אויך ביי נאַכט. זאָל זיך דאָרט זיצן אַ בחור רואיק קריצן צווישן די שטיינער ביז עס וועט זיך שאַפן אַ שפּאַלט.

צומאָרגנס, אַ זייגער 10 אינדערפרי איז פלוצים אַריינגעקומען דער אָפיצער קענעדי אין באַגלייטונג פון „מומחה" מיט נאָך איין בריטישן פאָליציאַנט. זיי האָבן מיט זיך געהאַט דזשעגאַנעס און נישט זאַגנדיק גאָרנישט דורכגעשפּאַנט די גאַנצע לענג פון צעל און צוגעגאַנגען גלייך צום ווינקל, וואו עס געפינט זיך דער טונעל.

דאָס חיות איז אונדז אַרויס. אין דער צייט זענען מיר, כמעט אַלע מענטשן פון צעל געזעסן אַרום טיש און איינער פון אונדז האָט פאָרגע־לייענט די צייטונג. אַלע זענען מיר בלאַס געוואָרן.

— לייען ווייטער און מאַכט זיך נישט וויסנדיק — האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן צו די, וואָס זיצן אַרום.

— דאָ! — האָט דער אָפּיצער אָנגעוויזן אויף דער וואַנט אונטערן פענסטער. — זיי מאַכן אַ בעטאָנענע פּליטע און אויף דעם אַ שיכטע גיפּס — דערקלערט ער די צוויי פּאָליציאַנטן. (דער אָפּיצער האָט געוואוסט וועגן דעם, נאָך פונעם טונעל, וואָס מען האָט אַנטפּלעקט צוריק מיט צוויי חדשים אין צעל נומער 18).

די פּאָליציאַנטן האָבן גענומען האַקן מיט די דזשעגאַנעס אָפּ־רייסנדיק שטיקער טינק מיט יעדן קלאַפּ.

— אויב ס'וועט דאָ נישט זיין — האָט דער אָפּיצער געזאָגט זע־ענדיק, אַז אין דער וואַנט איז נישט פאַראַן קיין שום עפענונג — וועט איר זוכן אין דיל. אין דעם ווינקל דאַרף זיין דער טונעל.

די בחורים האָבן גענומען איינציקווייז זיך אַרויסשאַרן פון צי־מער. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס בלאַסקייט זייערס וועט אונדז פאַראַטן. צום סוף זענען מיר געבליבן בלויז צוויי, משה סבוראַי און איך. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די דריי, וואָס זוכן. מיר האָבן זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן פריילעך צווישן זיך צו רעדן אויס־לאַכנדיק די פּאָליציאַנטן. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער אָפּיצער פאַר־שטייט העברעאיש.

אונטערן באַפעל פון אָפּיצער, האָבן די פּאָליציאַנטן גענומען זוכן אין דיל. משה איז בלאַס געוואָרן ווי קאַלעך. איך, פאַרשטייט זיך, האָב געזען זיין בלאַסקייט אָבער נישט מיינע, ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעשטעלט.

— מיר זענען פאַרלוירן — האָט משה מיר אויף יידיש אַ שעפּטשע געטאָן. — איך קען נישט צוקוקן דעם חורבן.

און ער איז אַרויס. די בחורים האָבן אינצווישן געפונען אַ טריק, ווי אַרויסצורופן דעם אָפּיצער. זיי זענען צוגעגאַנגען צו דעם הייל־אַנשטאַלט און אויף אונדזער מזל איז עס געווען די צייט ווען דער

דאָקטאָר נעמס־אויף באַזוכן. עס איז איינגעפירט, ווען אַן אַרעסטאַנט באַקלאָגט זיך פאַרן דאָקטאָר און סענהעט, אַז די דירעקציע פון טורמע גיט אים נישט קיין געהעריקע פלעגע, פלעג דער דאָקטאָר צו זיך רופן קענעדי׳ן קלאָר צו מאַכן דעם ענין. איצט האָט מען פון דרויסן גערופן דעם אָפּיצער.

אין צימער זענען מיר געווען דריי. די צוויי פּאָליציאַנטן וועלכע האָבן געזוכט די עפענונג פון טונעל אויפן געהעריקן אָרט, און איך. דער „מומחה״ איז געלעגן אויפן אייבערשטן בעט (די בעטן זענען געווען דאָפּלטע, ווי אין אַ שיף), און איינבייגנדיק זיך האָט ער מיטן דזשעגאַן געקלאפט אין דיל ארויסנעמענדיק באַלאָטע נאָך באַלאַטע. בלויז נאָך איין שורה האָט אָפּגעטיילט צווישן דעם אָרט, וואו ער האָט געקלאַפּט און דער עפענונג פון טונעל. דער צווייטער פּאָלי־ציאַנט איז אַביסל פויל געווען און ווען דער אָפּיצער איז אַרויס, האָט ער זיך אַביסל אָפּגערוט און אויסגעטון דאָס רעקל.

— ביסט מיד? — האָב איך געפרעגט — אפשר וועל איך דיך פאַרבייטן? זאָג מיר אויף וועלכן פלאַץ ווילסטו קלאַפּן וועל איך עס פאַר דיר טאָן.

ער האָט זיך צעלאַכט. ער האָט נאָך צוויי קלאַפּ געטאָן און דאָס הענטל פון דזשעגאַן האָט זיך צעבראָכן. „ווינציקער איינער״ האָב איך זיך מיט פרייד געטראַכט. דער פּאָליציאַנט האָט נישט באַדויערט. ער האָט נישט איבעריק געגלויבט אין טונעל. דער „מומחה״ האָט געאַרבעט מיט טעמפּאָ. די פּאָזיציע אין וועלכער ער איז געלעגן איז נישט געווען איבעריק באַקוועם. מיט יעדן קלאַפּ פלעג דער גוף זיינער אויפציטערן און זיך נאָכציען דעם דזשעגאַן. איך האָב אים צוגע־האַלטן ביי די פיס. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זעענדיק, אַז איך האַלט אים האָט ער איראָניש אַ זאָג געגעבן:

— אָ, אַ דאַנק דיר.

מיט נישט ווייניקער איראָניע האָב איך געענטפערט:

— איך האלט דיך, ווייל קענסט אַריינפאלן אין טונעל אַריין. וועסט ארויסנעמען נאָך אַ פּאָר שטיינער וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר דיר די עפענונג.

— אפשר וועסטו מיר זאָגן גענוי ווי זי געפינט זיך ?

— איך קען דיר גענוי זאָגן : דער טונעל געפינט זיך אין קאָפּ פון אייער מיסטער קענעדי. פון דער רגע, וואָס איך בין אַהער געקומען, הערט ער נישט אויף חושד זיין, אַז מיר גראָבן אַ טונעל. ער ווייסט, אַז איך האָב זיך באַטייליקט ביים גראָבן דעם טונעל אין לאַטרון און דעריבער דוכט זיך אים שטענדיק אויס, אַז איך גראָב אויך דאָ אַ טונעל. ווען דו וועסט ענדיקן די אַרבעט וועל איך דיר דערקלערן ווי ווייט איר זייט נאַריש.

— הער — האָט מיר דער „מומחה" געזאָגט — דאָס איז נישט ער. דאָס האָב איך אַנטפּלעקט דעם טונעל. באַלד וועלן מיר געפינען די עפענונג.

ער האָט נאָך צוויי מאָל געקלאַפּט אין דיל, אַרויסגענומען נאָך איין באַלאַטע און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צו מיר האָט ער געפרעגט :

— פאַרוואָס דענקסטו, אַז מיר זענען נאַריש ?

— איך וועל עס דיר זאָגן, ווען דו וועסט ענדיקן די אַרבעט. איך וויל דיר נישט שטערן.

דער „מומחה" איז געווען אַ פלאָפּלער.

— מאַכט נישט. קענסט מיר שוין איצט זאָגן. איך וועל פונדאַנען נישט אָפּטרעטן ביז כ'וועל געפינען די עפענונג פון טונעל. אַליין האָב איך אונטערגעהערט ביינאַכט און געהערט דאָס קראַצן אין וואַנט. איך האָב קיין שום ספק נישט, אז ביינאַכט האָט מען דאָ גע־גראָבן. ווען כ'האָב פון אָנפאַנג געהערט, האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַ מויז. דערנאָך בין איך געלאָפן אין צימער פון דאָקטאָר און גענומען פון דאָרט דעם סטאַטוסקאָפּ און געהערט יעדן קלאַפּ און יעדן קראַץ.

— איז אַרבעט־זשע ווייטער. איך וואָלט דיר בלויז פאָרגעשלאָגן, פאַר דיין און פאַר אונדזער טובה וועגן, מיר זאָלן ברענגען 20 בחורים, איר וועט זיי געבן כלים און אין משך פון אַ פערטל שעה, וועלן זיי עפענען דעם גאַנצן דיל און אַרונטערהאַקן דעם טינק פון די ווענט. אָדער דו וועסט געפינען די עפענונג פון טונעל, אָדער מיר וועלן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פטור ווערן פון אומזיסטיקן חשד.

— עס איז אַ גערדאַנק. אפשר וועלן מיר עס מאַכן...

ער האָט זיך ווידער איבערגעדרייט אויפן בויך און ווייטער גע־קלאַפּט. רבונו של עולם! ער נעמט שוין אַרויס דעם לעצטן שטיין. אויב נעמט ער אים אַרויס — זענען מיר פאַרלויערן! דאָס זאַמד וועט זיך אַראָפּשיטן אין טונעל אַריין און ס׳וועט זיך באַווייזן דער שפּיץ פון ברעט, אויף וועלכן עס ליגן די באַלאַטעס. מיר זענען פאַרלויערן! ער וועט פאַרשטיין, אַז ס׳איז אונטערן בעט.

דער עק־שטיין, וואָס פאַר דער עפענונג איז גוט איינגעפּאַסט אין אַ דיקער שיכט בעטאָן. ווען מיר פלעגן אויפהייבן די דעק, פלעג זי מיט זיך אונטערהייבן די שטיינער אין עק און כדי פאַרמיידן יעדעס מאָל איבעריקע אַרבעט צוריקצושטעלן די שטיינער אויפן פּלאַץ האָבן מיר צוריק מיט צוויי טעג באַשלאָסן גוט באַפעסטיקן די שטיינער ארום דעם צודעק. איצט איז דעם „מומחה" שווער אָנגעקומען ארויס־צונעמען דעם שטיין.

— העלפן דיר? — האָב איך געפרעגט אָנציענדיק דעם האַזאַרד שפּיל ביז ווי ווייט מעגלעך.

— ניין. מען דאַרף נישט. איך זע שוין, אונטער דעם שטיין איז גאָרנישט פאַראַן. העלף מיר וואו ס׳איז יאָ פאַראַן.

— גערן. זאָג מיר נאָר וואו.

— האַלסט מיך פאַר אַ נאַר? — זאָגט ער רעאַגירנדיק אַזוי אַרום אויף מיין שפּאָטיקן טאָן.

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז כ׳וועל דיך איבערצייגן ווען דו וועסט ענדיקן די אַרבעט.

— נו, אָט האָב איך געענדיקט.

— ניין. דו דאַרפסט ממשיך זיין. — כ׳האָב אַזאַ מאָס שפּאַט אַריינ־געלייגט אין מיינע ווערטער, ביז ס׳איז אויסגעשלאָסן געווען, אַז ער זאָל ממשיך זיין.

— ניין. כ׳האָב געענדיקט.

— גוט. כ׳וועל דיר דערקלערן: ווי ס׳איז מיר באַקאַנט האָסטו אַמאָל געגראָבן אַ טונעל אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. ריכטיק?

— ריכטיק.

— זענען מיר דאָך קאָלעגן פון פאַך. אויך איך האָב געגראָבן אַ טונעל אין לאַטרון. עס איז געווען צוריק מיט פיר יאָר.

— אָ, יאָ. דעם ערשטן. צוריק מיט אַ פּאָר חדשים האָב איך אַנט־דעקט אַ טונעל, וואָס מען האָט געגראָבן אין לאַטרון. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט עלעקטרישע מכשירים און איך האָב באַמערקט, אַז דער עלעקטרישער זייגער אַרבעט. לויט דעם האָב איך געכאַפּט.

(„סאַראַ שטות האָבן די בחורים דאָרט געמאַכט?" האָב איך זיך אין דער רגע געטראַכט. ווען מיר האָבן געגראָבן זענען מיר געוואָרנט געווען נישט באַניצן זיך ביי טאָג מיט דער עלעקטריע. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז נישט ער האָט אנטדעקט דעם טונעל און נישט אויף אַזאַ אופן).

— סאַראַ לענג איז געווען דער טונעל, וואָס האָסט געגראָבן אין לאַגער פון די געפאַנגענע? — האָב איך אים געפרעגט ווענדיק באַ־ווייזן זיין באַרישקייט.

— ביי אַ צוויי הונדערט יאַרד.

— אָ, דאָס איז אַ סך. מיר האָבן געגראָבן בלויז 70 מעטער. ווי לאַנג האָט עס געדויערט ביי אייך?

— פינף חדשים.

— דאָס איז זייער שנעל. ביי אונדז האָט עס גענומען 9 חדשים. ווי ס'ווייזט־אויס, האָט איר געהאַט פּרעכטיקע באַדינגונגען פאַרן פונאַנדערשפּרייטן די ערד.

— יאָ מיר האָבן געקענט גאַנץ פריי פונאַנדערשפּרייטן. דער שטח פון לאַגער איז געווען אַ דיזיקער.

— איצט זאָג מיר, איך בעט דיך, אלס אַ פאַכמאַן, ווי לאַנג דאַרף זיין דער טונעל, אַז מיר זאָלן פונדאַנען קענען אַרויס. נעם אין חשבון, אז מיר מוזן אַרויס אויסערן באַפּעסטיקטן געביט און אין די היינטיגע באַדינגונגען אויך איבערן אַראַבישן קוואַרטאַל. צי דענקסטו, אַז אַ טו־נעל פון אַ 300 מעטער די לענג וועט גענוג זיין?

— אומגעפער. אפשר אפילו אַביסל ווייניקער.

— איצט באַרעכן סאַראַ קוואַנטום ערד קען מען פונאַנדער־שפּרייטן אין הויף? לויט דיין מיינונג קען מען מער פונאַנדערשפּרייטן

ווי אַ פּאָר זשמעניעס אַ טאָג? וואו אַהין? אדרבה, ווייז מיר אַן אָרט וואו ס'איז מעגלעך דאָ פונאַנדערשפּרייטן די ערד?

ער האָט זיך צעטומלט. ער איז געווען אין אַ נאַרישער לאַגע. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער זוכט אַ טונעל, וואָס ס'איז אַ שטות צו דענקען, אַז עס עקזיסטירט אַזאַ.

— כדי דאָ צו גראָבן אַ טונעל אין דער לענג פון 300 מעטער — האָב איך ווייטער דערקלערט — דאַרפן מיר אַרבעטן לכל הפּחות צען יאָר. נאָך וואָס זאָלן מיר עס איצט טאָן, ווען ס'איז פאַראַן אַ פּאַרפּליכ־טונג פון אייער זייט אין אַ זיבן חדשים צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד? מיר ווילן שוין אַדורך די זיבן חדשים אין רו. לאָז אונדז, ווען מיר פאַר דיר אויפמאַכן דעם גאַנצן דיל, אויפמאַכן די ווענט, וועלן מיר האָבן מנוחה!

זיין צעטומלונג איז גרעסער געוואָרן.

— פונדעסטוועגן האָב איך געהערט אַליין מיט מיינע אויערן קלאַפּן אין דער וואַנט. איך בין איבערצייגט, אַז מען האָט דאָ גע־קלאַפּט ביינאַכט!

— אדרבה, זוך ווייטער. דאָס אינטערעסירט אויך מיך. קען זיין, אַז עפּעס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט און דער ווינט האָט עס גע־שאָקלט, האָט עס געקלאַפּט.

— ניין, ניין, ניין! איך קען אונטערשיידן. דאָס איז געווען אַ גראָבן!

— פאַרוואָס ביסטו ביינאַכט נישט אַריינגעקומען אין צעל אַריין?

— כ'האָב געוואָלט, אָבער די שליסל זענען ביים אָנפירער און ער איז נישט געווען. כ'האָב געקלערט, איך וועל נישט פאַרשפּעטיקן אינדערפרי.

— אָט האָסטו פאַרשפּעטיקט — האָב איך געזאָגט מיט אַ געלעכ־טער.

— איך מוז מודה זיין, אַז האָסט מיך איבערצייגט. אָבער, וואָס איז דער באַדייט פון דעם קלאַפּן און קראַצן אין וואַנט?

— איך ווייס נישט. געפין עס אַליין אויס. איך וואָלט צופרידע־

נער געווען, ווען וואָלס זיך נישט פּאַרלאָזט אויף מיינע רייד און ווייטער געזוכט.

ווען דער „מומחה" האָט ווידער גענומען דעם דזשעגאַן אין האַנט

— האָב איך צוגעגעבן:

— און ווייסט, דײַן מעלדן וועגן דעם קלאַפּן אין וואַנט באַזאָרגט מיך. ווער ווייס אויב די אַראַבער גראָבן נישט פון דרויסן אַ טונעל צו אונדז אונטערצולייגן דאָ אַ מינע. פאַר זיי איז עס לײַכט. זיי דאַרפן גראָבן בלויז פופציק מעטער. ס'איז אפשר כדאי צו מאַכן אַ רעוויזיע אין די קעגנאיבערדיקע מאַגאַזינען.

— אָ, דאָס קען געמאָלט זיין! דאָס איז מיר איבערהויפּט נישט איינגעפאַלן. דאָס קען זייער געמאָלט זיין. מיר וואוינען דאָ אין שכנות. איבער דער וואַנט געפינט זיך אונדזער וואוינונג. אויב דאָס איז ריכ־טיק קענען מיר נאָך אויך געהרגעט ווערן.

ער איז שוין זייער באַזאָרגט געווען.

— דאָ איז גאָרנישט פאַראַן — האָט דער „מומחה" געזאָגט צום צווייטן פּאָליציאַנט וועלכער איז געשטאַנען און אַ גאַנצע צייט גע־האַלטן דאָס צעבראָכענע הענטל פון דזשעגאַן.

— אפשר וועלן מיר אויפעפענען נאָך אַ פּאָר באַלאַטן דער אָפּי־צער זאָל זען, אַז מיר האָבן געאַרבעט. — האָט געזאָגט דער פּאָלי־ציאַנט וועלכער ווייזט אויס, פלעג געוואוינט זיין צו דעקן זיין פויל־קייט.

— גוט, עפן דאָ, אונטערן טיש, — האָט דער „מומחה" אים אָנגע־וויזן אַ פּלאַץ וואו אַ פּאָר באַלאַטן זענען אביסל געווען איינגעזונקן אין דיל. אונטערן בעט איז אים נישט איינגעפאלן זוכן.

כ'האָב פריי אָפּגעאָטעמט. קוים געקענט דאָסמאָל איינהאלטן מיין קאלטבלוטיקייט און נישט אַרויסווייזן מיין פרייד. כ'האָב געוואָלט לויפן צו די חברים, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי שאָטנס אין הויף, מיט בלאַסע פאַרזאָרגטע פנימער.

דער אָפיצער קענעדי איז צוריק פון דאָקטאָר און אַריין אין צעל.

— נו, וואָס איז נייעס? — האָט ער דעם „מומחה" געפרעגט.

— גאָרנישט.

— וואָס גאָרנישט? — האָב איך זיך אַריינגעמישט. — אָט. אָט האָט ער געפונען דעם טונעל, זע! — האָב איך אָנגעוויזן אויפן לאָך, וואָס איז געוואָרן נאָכדעם, ווי דער פּאָליציאַנט האָט פון דאָרט אַרויס־געריסן אַ שטיין.

דער אָפיצער קענעדי האָט קאָנטראָלירט און געזען, אַז די רעוויזיע איז גרונטלעך דורכגעפירט געוואָרן.

— אויב אַזוי איז וואָס? — האָט ער געפרעגט דעם „מומחה".

— נו, מיסטער קענעדי, — האָב איך זיך מיט חוצפה צו אים געווענדן — האָסט נאָך עפּעס אַ פּאָר איינפאַלן ווי אַזוי אונדז צו פאַר־ביטערן דאָס לעבן? זאָג, וואָס דענקסטו נאָך צו מאַכן?

— זיי נישט קיין קינד. — האָט צו מיר דער אָפיצער געזאָגט — פאַרשטיי, אַז אונדזער פליכט איז צו היטן.

— היטן — יאָ. אָבער דו היטסט נישט. דו זוכסט בלויז מיטלען אונדז צו פאַרביטערן דאָס לעבן.

— נו, קומט — האָט ער צו די פּאָליציאַנטן געזאָגט. — מיר וועלן נאָך צוריקקומען.

— זאָלסט זיך נישט דערוועגן! דאָס צווייטע מאָל וועסטו אויס־ריינִיקן דעם שמוץ, וואָס וועסט אָנמאַכן אין צעל! מיר וועלן נישט אויסריינִיקן! אויב ווילסט ממשיך זיין דאָס רעווידירן טו עס איצט!

ער איז שוין געווען אויפן וועג ארויסצוגיין און האָט נישט גע־ענטפערט.

— אין קאָפּ האסטו אַ טונעל! — האָב איך אים נאָכגעשריגן, און די בחורים, וואָס האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אין צעל אַריין מיט אַ גלאַנץ פון פרייד אין די אויגן, האָבן זיך צעלאַכט. דער אָפיצער מיט זיינע פּאָליציאַנטן האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

מיר האָבן זיך געמוזט פרייען אין דער שטיל, ווייל אינצווישן האָבן געגומען שטראָמען צו אונדז אַרעסטאַנטן פון אַלע צעלעס זיך דערוויסן, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

אין אָוונט איז ווידער געקומען דער „מומחה" און שטייענדיק ביי דער טיר האָט ער מיך געבעטן מיר זאָלן איינאָרדענען אַ וואַך ביי־נאַכט. ער וויל, אַז מיר זאָלן אויך זיך איינהערן. אפשר וועלן מיר הערן

קלאַפּן אין וואַנט. קען זיין, די אַראַבער גראָבן צו אונדז אַ טונעל כּדי אויפצורייסן. מיר האָבן דערפילט זיין פּאַרלאַנג. יעדער איז געזעסן אַ שעה אויפן פענסטער, איינגעוויקלט אין זיין קאָלדרע אָנשפּאַרנ־דיק דעם קאָפּ אין וואַנט האָט ער זיך צוגעהערט. דער „מומחה" איז צוגעקומען אַ פּאָר מאָל צום פענסטער פון דאַך און זיך איבערצייגט, אַז מיר הערן זיך איין מיט דער גאַנצער ערנסטקייט. אויך ער האָט זיך איינגעהערט אינדרויסן.

קיין שום קלאַפּן האָט מען, פאַרשטייט זיך, נישט געהערט. דער „מומחה" פאַר אַנטלויפן איז געווען צו שפּאַט פאַר זיינע חברים פאַר־ליציאַנטן. נאָר זיין „זיג" האָט ער געפייערט שפּעטער אַביסל, ווען ס'האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז אין אונדזער צעל איז באמת געגראָבן געוואָרן אַ טונעל, נאָר דעמאָלט האָט זיך אויך ארויסגעשטעלט, אַז די „מומחים" מיט אַ יידישן קאָפּ שטייגן אים איבער...

•

צוויי טעג האָבן מיר נישט געאַרבעט. דערנאָך האָבן מיר געענ־דערט דעם סדר פון דער אַרבעט. אנשטאָט ארבעטן ביינאַכט — וועלן מיר אַרבעטן בייטאָג. איצט וועלן זיי נישט הערן דאָס קראַצן אין וואַנט. באַלד נאָך דער פרימאָרגן־ציילונג איז איינער פון אונדז ארונטער אין טונעל. מען פאַרמאַכט פון אויבן און ער בלייבט דאָרט ביז צו דער מיטאָג־ציילונג. דערנאָך ווידער ביז אָוונט. ביינאַכט רוט מען.

די בחורים, וועלכע קומען טאָג־טאָג אַרבעטן ביי דער קאַנאַליזאַ־ציע אינדרויסן, האָבן צו וויסן געגעבן, אַז זיי האָבן שוין אויסגעריי־ניקט דעם גאַנצן קאַנאַל ביז צו ממילא־גאַס און זענען אים קריכנדיק אדורכגעגאַנגען, אָבער מער קענען זיי נישט פאָרויסגיין. די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע גייען דאָ אַרונטער אין דער טיף אין געשטאַלט פון אַן S און ס'איז נישט מעגלעך אין זיי אַדורכצוגיין. נאָך דעם שיפּוע הייבט דער קאַנאַל אָן ברייטער צו ווערן. עס נויטיקט זיך דאָרט פאַריכטן, צעברעכן דעם רער און מסדר זיין דעם ארונטערגאַנג אין אַ גלייכן שיפּוע.

— דאָס איז נישט גוט — האָט ערליך געזאָגט — מירן דאַרפן די

הילף פון די אינזשיניערן. ביז אַהין דערגרייכט נישט מיין מאַכט. אהין קען מען אויך נישט ברענגען קיין יידישע אַרבעטער. דאָרט איז שוין אַן אַראַבישע סביבה און אין די היינטיקע באַדינגונגען מוזן דאָרטן אַרבעטן אַראַבער. איך וועל זיך דערוויסן ווער ס׳איז דער אינזשיניער און יהושע וועט זיך מיט אים דאַרפן פאַרבינדן...

אָבער קיין סך צייט איז נישט געווען פאַר דעם אַלעמען. איבער די יידישע אינזשיניערן פון דער אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכע אַרבעטן האָט בלויז די „הגנה" געקענט באַפעלן. עס האָט נישט קיין צוועק ווידער צו קומען מיט זיי אין פאַרשטענדיקונג. און ערגער פון דעם: עס איז נישטאָ קיין צייט. די מאַכט האָט באַשלאָסן אונטערן דרוק פון די אַרעסטאַנטן׳ס עלטערן, אונדז איבערצופירן אין אַ יידישער סביבה: נאָך עתלית נעבן חיפה. דאָס אַריבערפירן וועט פאָרקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. דעריבער דאַרף מען זיך צואיילן. וועלן מיר אָפּראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך אָפּראַטעווען. מיר האָבן באַשטימט אַ פּלאַן אַרויסצו־גיין דורך דער עפענונג אַנטקעגן פענסטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט דער טונעל פערטיק זיין. מיר וועלן צוקומען ביז צום גרוב וועלכן די חברים אונדזערע האָבן געבויט אין אַ דיסטאַנס פון פינף מעטער פון פענסטער: די דריי אַרבעטער וועלן קומען אינדערפרי צו דער אַר־בעט ווי יעדן טאָג. זיי וועלן ניבע נעמען רייניקן דעם קאַנאַל, וועלן אַריינגיין אין „סעפּטינג" אַריין און פון־מאָל צו מאָל וועט איינער פון אונדז אַרויסגיין אנשטאט זיי. ער וועט נעמען אויפן אַקסל עפּעס אַ געצייג און וועט זיך לאָזן אין דער ריכטונג פון טויער, גלייך ער גייט לענג־אויס דער קאַנאַל־ליניע. מיט דער הילף פון אַ פאַלשער לעגיטי־מאַציע וועט ער אַדורך דעם טויער. די בחורים קומענדיק אינדערפרי וועלן אין אַ געוויסער מאָס דאַרפן פאַרשטעלן זייערע פנימער, אַז דער ענגלענדער, וואָס היט ביים טויער, זאָל נישט אונטערשיידן צווישן די וואָס גייען אריין, און די וואָס גייען ארויס. נאכדעם, ווי די ערשטע דריי אַרעסטאַנטן וועלן ארויס, וועלן זיך אויך אָפּטראָגן די דריי אַרבע־טער און נאָך זיי וועלן גיין יעדע צען מינוט איינער נאָכן אנדערן. ביז... מען וועט עמעצן פאַרהאַלטן. בלית ברירה — איז דאָס דער אויס־וועג. גוט וועט זיין — טראַכטן מיר — אויב ס׳וועלן מצליח זיין דריי

צו אנטלויפן און די דריי ארבעטער וועלן זיך אויך אָפּטראָגן. אין דעם פאַל וועלן דורכן טויער ארויסגיין זעקס אנשטאָט דריי וואָס זענען אריינגעקומען. אויף מער איז כמעט נישט צו האָפן.

קלאָר, אז פאַרן רוב פון אונדזערע מענטשן איז עס געווען אַן אַנטוישונג. אָבער וואָס קען מען מאַכן? מיר גראָבן דאָך נישט קיין טונעלן צוליב ספּאָרט. איינער איז שוין געבליבן אין עכו נישט אויס־גענוצט.

פיבערהאַפט ענדיקן מיר דאָס גראָבן. כדי אהינצוטאָן די גאַנצע ערד, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פונעם טונעל, האָבן מיר אויס־געפונען, אַז אין דעם שוסטער־וואַרשטאַט איז פאַראַן אַ פאַרשטופּט ווינקל, צו וועלכן קיינער קומט נישט צו. שטענדיק איז עס פאַרשטעלט מיט אַ הויפן שיך. וואָס וועט זיין אויב מיר וועלן עס אביסל פאַרקלע־נערן? בלויז אַ האַלבן מעטער. מירן מאַכן אַ וואַנט אָפּגערוקטן אַ האלבן מעטער פון דער פריעדיקער וואַנט, און דעם רוים וועלן מיר אָנפילן מיט דער ערד. דאָס וועט כמעט גענוג זיין ביזן סוף. דריי שעה האָט גודויערט מאַכן די וואַנט. דער גרוב איז ווידער ליידיק געוואָרן. בלויז נאָך איין מעטער טיילט אונדז אָפּ פונעם גרוב צו וועלכן מיר באַנען. דאָס איז בלויז איין ארבעטס־טאָג. מיר דאַרפן עס מאָרגן ענ־דיקן, ווייל אין צוויי טעג ארום קומען די דריי בחורים אונדז ארויס־נעמען.

מיט די אצ״ל־לייט זענען מיר דורכגעקומען צו באַטייליקן זיי אין אַנטלויפן מיט אַ דריטל. אויף יעדע צוויי פון אונדז וועט גיין איינער פון זיי.

## ז.

ווידער אַ שלאָפלאָזע נאַכט. מאָרגן וועלן מיר פרייע מענטשן זיין? ווער? וויפיל וועט געלונגען? און אפשר וועלן מיר ווידער דורכ־פאַלן? ניין! עס מוז געלונגען!

און ווי אזוי וועל איך דורכגיין ביים טויער? אפשר וועט מיך דערקענען דער וועכטער? ניין! כ׳וועל גיין אזא זיכערן טראָט, אז

ס'וועט אים נישט איינפאַלן חושד צו זיין. ער וועט עפענען דעם טויער ווען ער וועט מיך זען פון ווייטן!

און צי זענען אונדזערע לעגיטעמאַציעס גוט נאָכגעמאַכט? אפשר איז פאַראַן אין זיי עפעס אַ פּגם? ס'איז נישט געמאָלט! יהושע האָט שוין פאַר דעם געזאָרגט! מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

און וואָס וועט זיין מיט די, וואָס וועלן איבערבלייבן? זיי וועלן זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן פון עתלית. ווען איך וועל זיין אינדרויסן וועל איך זיי העלפן, אַזוי ווי יהושע האָט אונדז געהאָלפן!

און צי וועל איך זיין אינדרויסן? מאָרגן? ברררר... איך ציטער פון גרויס אָנרעגונג. וויפיל צייט איז אַריבער פון זייט איך בין אַרעס־טירט געוואָרן? באַענט צו פיר יאָר. צוזאַמען מיט די פאַרהאַלט־לאַ־גערן האָב איך אָוועקגעפּטרט זיבן יאָר טורמע! דאָס גענוגט! מאָרגן איז געענדיקט? יאָ! מאָרגן... אין פיר שעה אַרום. זייגער זיבן אינ־דערפרי וועלן זיי קומען. מען דאַרף אַביסל שלאָפן...

דער אָפיצער איז געקומען צו דער ציילונג. מיטן עפענען די טירן זענען מיר אַרויס אין הויף און ס'איז קאָנטיק, אַז מיר זענען וואַך אין אַזאַ פריער שעה, נישט ווי געוויינלעך.

— וואָס איז דיר געשען, וואָס ביסט אַזוי פרי אויפגעשטאַנען?

— האָט דער אָפיצער מיר געפרעגט.

— איך פיל זיך נישט גוט. דער בויך טוט מיר וויי.

— איך וועל דיר ברענגען אַ רעצעפּט.

— ניין. מען דאַרף נישט.

זעקס אַ פערטל בין איך שוין געווען אין טונעל און מיט אַ מאַ־שינדל האָב איך זיך אָפּגעשאָרן די באָרד, וואָס האָט שוין זייער אָנגע־וואַקסן, זייט איך האָב זי אָפּראַזירט דאָס לעצטע מאָל אין עכו. ווען אפילו איך וועל זיך אָנטרעפן אָן אַ פּאָליציאַנט אָדער אָן אָפיצער פון טורמע — וועט ער מיך נישט דערקענען. אָנגעטון אין אַרבעטס־קליי־דער בין איך אַריין אין טונעל און קריכנדיק דערגאַנגען ביז צום „סעפּ־טינג". די בחורים האָבן געמאַכט אַ שיינע אַרבעט. ער איז געווען גרויס גענוג, אַז אַ מענטש זאָל אין אים קענען זיצן. געגוי זיבן וועלן זיי קומען עפענען דעם צודעק. נאָך מיר, איז אַריין אליהו זאַנד און

נאָך אים איז געלעגן משה סבוראי. מיט דער דאָזיקער קייט מעלדעט מען פון אויבן: די אַרבעטער קומען!

איך בין געשפּאַנט. איך הער טריט איבער מיר, מען באַשעפטיקט זיך מיטן צודעק פון אויבן, מען עפנט אים אַביסל.

— טסס... טסס... דאָ איז עס — שעפּטשע איך.

— מירן באַלד אהער צוריקקומען — הער איך פון אויבן ווי איינער פון די אַרבעטער גיט וועגן דעם איבער זיינע חברים.

דורכן קאַנאַל־רער זע איך, אַז אין צווייטן עק רער דרינגט אַריין ליכט. אויך דאָרטן עפענען זיי. מיר געפינען זיך פינף מעטער פון דעם איינשטאָקיקן־בנין אויף וועלכנס דאַך עס שפּאַצירט אַרום אַ בריטישער פּאָליציאַנט. אויפן באָדן, נישט ווייט פון אונדז דרייט זיך אַרום אַן אַראַבישער פּאָליציאַנט. די „קאַנאַל־אַרבעטער" ווילן, ווייזט־אויס, אָפּציען זייער אויפמערקזאַמקייט צו אַן אַנדער פּלאַץ.

אין אַ מינוט אַרום האָב איך דערהערט טריט איבער מיין קאָפּ. די אַרבעטער קומען צוריק צו מיר. דורך דער שפּאַרע זע איך צוויי מענטשן בייגן זיך אַריבער איבער דער עפענונג. איידער זיי האָבן גע־עפנט די דעק האָט איינער צום צווייטן געזאָגט:

— רוק זיך אַוועק. דער גוי קוקט פון אויבן.

די רייד, פאַרשטייט זיך, זענען געווען געווענדעט צו מיר. כ׳האָב זיך צוגעדרוקט צום וואַנט פון גרוב. די דעק האָט זיך געעפנט. איינער פון זיי איז אַריינגעשפּרונגען אינעווייניק. אַ האַלבער קערפּער איז געווען אינדרויסן שטייענדיק אויפן דנאָ פון גרוב מיט צעשפּרייטע פיס, דאָס וואַסער, וואָס שטראָמט אין קאַנאַל זאָל אים נישט אַריין אין די שיך.

— דער גוי קוקט פון אויבן. וואָס וועט זיין? — פרעגט ער מיך האַלטנדיק אין פאַרבינדן רייפן, וואָס דינען פאַר אויסרייניקן קאַנאַלן.

אליהו זאַנד האָט עס אויך געהערט. ער איז געלעגן מיטן גוף אין טונעל און מיטן קאָפּ אין גרוב וואַרטנדיק אויף זיין ריי אַרויס־צוגיין.

— אליהו — האָב איך זיך געווענדט צו אים. — זאָג דאָרטן, אַז זיי זאָלן אינסצעניר̇ן אַ געשלעג אין הויף. אפשר וועט עס ציען די

אויפמערקזאַמקייט פון פּאָליציאַנט און ער וועט אַריבערגיין אין דער צווייטער זייט דאַך.

אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום האָבן זיך דערהערט געשרייען פון הויף. דער פּאָליציאַנט האָט זיך נישט גערירט.

— וואָס טוט מען? — פרעגט דער בחור וועלכער האָט זיך נאָך אַלץ באַשעפטיקט מיט די רייפן.

— גיי אַרויס און גיי אויף אַ מינוט אַריבער אין אַ צווייטן גרוב אַרבעטן. אפשר וועט דאָס ציען די אויפמערקזאַמקייט פון פּאָליציאַנט. איינער פון אייך וועט איבערבלייבן דאָרט אין גרוב און דו קום באלד צוריק.

ער איז ארויס און נאָך אַ פּאָר סעקונדן צוריקגעקומען.

— נו, — האָב איך געפרעגט — מען קען גיין?

— ניין. דער גוי קוקט נאָך אויף אונדז.

— נאָר זיך נישט איילן! — האָב איך אין זיך געטראַכט — ליבער וואַרטן אַביסל מיט געדולד און נישט קאַליע מאַכן אַלץ. סוף־סוף וועט ער זיך רירן. ס׳וועט אים נמאס ווערן צו שטיין אויף איין אָרט.

פלוצים האָט אליהו מיר געמאָלדן:

— פון אויבן מעלדעט מען, אַז דער אָפּיצער שווילי זוכט דיך אַרום איבער דער גאַנצער טורמע. אפשר וועסטו זיך אומקערן אויף אַ רגע אים באַרואיקן?

— ווי וועל איך זיך אומקערן? כ׳האָב זיך דאָך אָפּראַזירט די באָרד?! זאָל מען דאָרטן זאָגן, אַז איך בין אין קלאָזעט.

ווידער זענען פאַרביי פינף מינוט און דער ענגלענדער אויפן דאַך האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— דער אָפּיצער איז דיך געווען זוכן אין קלאָזעט. אזוי ווי ער האָט דיך נישט געפונען וויל ער מאַכן אַ ציילונג. וואָס טאָן? — פרעגט מען ווידער פון אויבן.

— זאָל משה אַרויסגיין צו אים און מיט אים זיך מסדר זיין. אויבן מען וועט באַדאַרפן זאָלן די בחורים באַהערשן די טורמע און בינדן דעם אָפּיצער מיט די פּאָליציאַנטן.

כ׳האָב געוואוסט, אז משה סבוראי וועט מסדר זיין דעם ענין.

ער איז אַרויס פון טונעל, לויט איך האָב זיך נאָך אַ פּאָר שעה דער־וואוסט, צוגעגאַנגען צום אָפּיצער שווילי און אים געזאָגט, אַז איך געפין זיך אין צעל. זאָל ער קומען זען. דער אָפּיצער שווילי האָט גע־האַלטן אַ רעצעפּט פאַר מיר. משה האָט אים צוגעפירט צו דער עפע־נונג פון טונעל.

— דאָ איז ער — האָט ער אים געזאָגט אָנווייזנדיק אויפן טונעל. דער אָפּיצער האָט ברייט געעפנט די אויגן.

— איצט — האָט משה ווייטער געזאָגט — באַשליס: מיר האָבן אַריינגעלייגט אין דעם טונעל אַלע אונדזערע כוחות מיר זאָלן קענען אַרויס קעמפן פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער. וואָס האָסטו בדעה צו טאָן אָפּיצער שווילי?

— איר... איר צעברעכט מיך. — האָט זיך צעכליפּעט דער אָפּי־צער. — איר צעברעכט מיר די פּרנסה. מיך וועט מען באַשולדיקן. מען וועט מיר אָפּזאָגן.

— ווי דו ווילסט, אָפּיצער שווילי. אָדער מיר וועלן דיך איצט בינדן און דערנאָך וועט מען דיך באמת קענען באַשולדיקן, ווייל זיי וועלן זאָגן, אַז ס׳איז געווען בייטאָג, אָדער דו גיסט אונדז אַ האַלבע שעה צייט און דערנאָך וועסטו געבן דעם אַלאַרם־צייכן און וועסט ריין זיין פון יעדער שולד.

דער אָפּיצער האָט מסכים געווען צו שווייגן אַ האַלבע שעה. אַ פּאָר בחורים זענען מיט אים אַריין אין אַ צימער אַריין און אים גע־היטן.

— ער האָט אונדז געגעבן אַ האַלבע שעה צייט — האָט מען מיר געמאָלדן.

און דער פּאָליציאַנט רירט זיך נישט פון אָרט. אַ מינוט יאָגט אַ מינוט און מיר וואַרטן נאָך אַלץ. איך קלער פאַרשידענע פּאָרטלען. צום סוף האָב איך געזאָגט צום בחור וועלכער איז געשטאַנען מיט די פיס אין גרוב:

— הער. טו איצט געניי ווי כ׳וועל דיר זאָגן. שיק איינעם פון די בחורים צום צווייטן גרוב. אין אָרדענונג?

— אין אָרדענונג.

— איצט פֿאַרבינד ווידער די רייפֿן, און הייב־אָן אַרבעטן.

ער האָט פֿאַרבינדן אַ לאַנגע ריי פֿון רייפֿן און זיי אַריינגעטון אין גרוב אַריין. בלויז אַ קליינער טייל רייפֿן איז געווען איבערן גרוב. ער האָט עס געהאַלטן און אָן אויפֿהער געאַרבעט. דאָס לאַנגע און עלאַסטישע רערל איז אַרויס און אריין. גלייך דער קאַנאַל איז פֿאַר־שטאָפּט און ער רייניקט אים.

— איצט — האָב איך אים געזאָגט — הער נישט אויף אַרבעטן און בויג זיך פּאַמעלעך איין. גיי אינגאַנצן אַריין אין גרוב, אבער זע, אז דער עק רייף זאָל זיך רירן אינדרויסן, דער פּאָליציאַנט זאָל זען, אז די אַרבעט רייסט זיך נישט איבער.

די רייף גייט אַרויס און אַריין, אַרויס און אַריין...

פּאַמעלעך האָב איך גענומען אים אויסטון דעם גרינעם סוועדער. ווען איך האָב איין האַנט זיינע, ארויסגענומען פֿונעם ארבל, האָב איך אים געזאָגט:

— הער נישט אויף אַרבעטן. נעם איבער די רייף אין דער צוויי־טער האַנט און זיי ממשיך.

איצט האָב איך ארונטערגעצויגן אינגאַנצן פֿון אים דעם סוועדער. שנעל האָב איך אים אָנגעטון אויף זיך. ווען דער רייף האָט זיך נאָך גערירט האָב איך זי פֿון אים איבערגענומען און פֿאַרטגעזעצט מיט דער זעלבער מאָנאָטאָנער באַוועגונג, אַריין־אַרויס, אַריין־אַרויס...

ער איז אַריבער אויף מיין פּלאַץ און איך האָב פֿאַרכאַפּט זיין פּלאַץ. פּאַמעלעך האָב איך זיך גענומען אויפֿהייבן מיטן רוקן צום פּאָליציאַנט. ער האָט נישט געקענט דערקענען, אַז ס'האָט זיך עפּעס־וואָס דאָ געענדערט. דער רער האָט אָן אויפֿהער געאַרבעט. אַ מענטש מיט אַ גרינעם סוועדער איז אַריין — אַ מענטש מיט אַ גרינעם סוועדער איז אַרויס.

שטייענדיק אזוי מיטן רוקן צום פּאָליציאַנט האָב איך גענומען פֿונאַנדערנעמען די רייפֿן, ארויסגעגאַנגען פֿון גרוב, גענומען די רייפֿן אויפֿן אַקסל און בין זיך געגאַנגען אין דער ריכטונג פֿון טויער.

„איך בין שוין אין אָרדענונג! וואָס וועט זיין מיט די איבעריקע?"

— האָב איך געטראַכט ווען כ'האָב געמאַכט די ערשטע טריט. כ'האָב



מ. שמולעוויטש אין טורמע. .



און אויף דער פריי.

אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָט: דער פּאָליציאַנט האָט זיך גערירט פון פלאַץ. זעענדיק, אַז איך גיי אוועק האָט ער, ווייזט אויס, געדענקט, אז מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די ארבעט. ער האָט שוין נישט קיין אַכט געלייגט, וואָס עס טוט זיך אין קאַנאַל־גרוב.

מיט זיכערע טריט בין איך פאַרביי דעם אַראַבישן פּאָליציאַנט. אַן אַרבעטער ווען ער גייט דאָ פארביי דערוועקט נישט קיין חשד, נאָכדעם, ווי דער פּאָליציאַנט זעט פון ווייטן די אַרבעטער אַרבעטן. נאָך ביי אַ 300 מעטער טיילן־אָפּ צווישן מיר און דעם טויער פונעם באַפעסטיקטן געביט. איידער איך בין דערגאַנגען צום טויער האָב איך דערהערט, ווי הינטער מיר רופט מיך ווער:

— טסס... טסס...

כ׳האָב זיך געמאַכט נישט הערנדיק און ווייטער געגאַנגען. „ווער קען עס זיין, צו אלדע רוחות!” כ׳האָב געפילט, אַז עמעץ גייט מיר נאָך מיט שנעלע טריט. אויב איך וועל פאַרשנעלערן מיינע טריט וועט עס פאַרשטאַרקערן דעם חשד. כ׳האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אליהו זאַנד איז עס. ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן. כ׳האָב אויף אים אויסגע־וואַרט.

— נו — האָב איך געפרעגט — מיר זענען אויפן וועג? וואָס הערט זיך דאָרט?

— דער ענגלענדער האָט זיך אָפּגעטראָגן. די חברה האָבן באַ־הערשט די אָפיצערן און פּאָליציאַנטן. מען האָט זיי שטילערהייט אַרעסטירט.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צום טויער. אָן אַ שיר שטעכל־דראָט. מען קען זייער לייכט בלאָנדזען אין אַזאַ לאַבירינט פון פלויטן. ווען מיר האָבן געזען, אַז דער וועכטער ביים טויער דרייט אויס זיין קאָפּ צו אונדז, האָבן מיר ארויסגענומען פון טאַש די אַריינגאַנגס לעגי־טימאַציעס און די דאָקומענטן אלס קאַנאַל־אַרבייטער. ער האָט שוין אריינגעשטעקט דעם שליסל אין לאָך פון שלאָס און וואַרט מיר זאָלן צוקומען וועט ער עפענען דאס טויער. ווען מיר זענען צוגעקומען האָט ער געעפנט נישט אָנקוקנדיק די לעגיטימאַציעס.

— געענדיקט די אַרבעט? — האָט ער געפרעגט.

— נאָכנישט. — האָב איך געענטפערט. — מיר גייען בלויז פּריש־טיק עסן. עס זענען געקומען נאָך אַרבעטער. פאַראַן אַ סך אַרבעט דאָרט...

אין איין רגע איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אַ חלום פון יאָרן. דעם טויער זענען מיר לייכט אַדורך. גלייך ס׳איז נישטאָ קיין ספּעציעלע זאַך דערביי. גלייך ווי מען קען עס שטענדיק מאַכן.

אין דער מאָס מיט וועלכער מיר האָבן זיך דערווייטערט פון טויער, האָבן מיר פאַרשנעלערט די טריט. איינער פון אונדזערע פּאָליציאַנטן, האָט זיך געדרייט נישט ווייט פון פּלאַץ. מיט אַן אויגן־וואונק האָבן מיר זיך באַגריסט. מיט אונדזער אַנטלויפן ענדיקט ער אויך זיין פליכט.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו בן־יהודה גאַס זענען מיר שטיין געבליבן.

— סוף, סוף — האָב איך געזאָגט דריקנדיק זיך די הענט צום גע־זעגענען.

— אַ דאַנק דיר! אויףֿ ווידערזען! — האָט אליהו געזאָגט און מיר האָבן זיך צעשיידט. ער איז געגאַנגען צו זיינע חברים און איך צום אָרט וואו יהושע האָט אויף מיר געוואַרט.

אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום בין איך אָנגעקומען אויפן אָרט. דאָס איז געווען דער זעלבער בנין אין בן־יהודה גאַס וועלכער איז אויפ־געריסן געוואָרן אין צוויי טעג אַרום דורך די ענגלענדער. אויפן טרעפּן צימער האָב איך באַגעגנט יהושע׳ן. נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט איז ער פּאָר מיר געלאָפן איבער די טרעפּ. ווען ער איז צו צו דער טיר אין פערטן שטאָק, האָט ער זי שנעל אויפגעמאַכט און נאָכדעם, ווי ער האָט זי הינטער אונדז פאַרהאַקט, זענען מיר זיך איי־נער דעם צווייטן געפאַלן אין די אָרעם.

— וואָס איז מיט די איבעריקע? — האָט יהושע געפרעגט, נאָכדעם, ווי איך האָב אים דערמאָנט, אַז איך קום פון קאַנאַל און, אַז איך בין נישט אַרויסגעקומען כדי ער זאָל מיר דערשטיקן אין זיינע אָרעמס.

— איך ווייס נישט. לאָמיר האָפן, אַז משה מיט די דריי אַרבעטער

װעלן נאָך קומען. און װאָס אנבאַלאַנגט די איבעריקע — זענען די אויסזיכטן שװאַך.

— איצט אײַל זיך. אין אַ שעה אַרום קען מען אָנהייבן רעװידירן אין שטאָט. אָט האָסטו ראַזיר־צײַג און אָט זענען קליידער פאַר דיר.

אַלץ איז געװען גרייט. אין אַ פערטל שעה אַרום בין איך געװען אין אָרדענונג און אַן אָנגעטוענער אין באַגלייטונג פון אַ שיין מיידל בין איך אַרונטער אין גאַס און מיט אַ מאַשין, װאָס האָט אויף אונדז געװאַרט זענען מיר געפאָרן אויף אַ זיכערן פּלאַץ...

*

יעדע פּאָר מינוט זענען צו אונדז דערגאַנגען קאָמוניקאַטן:

— — — „משה איז אָנגעקומען!"

— — — „די אַרבעטער זענען צוריקגעקומען!"

— — — „מאיר איז אָנגעקומען!"

— — — „שמחון איז אַרויס!"

— — — „ניסים איז אָנגעקומען!"

— — — „מענדל בעלקאָװסקי איז אַרויס!"

— — — „בעני איז אָנגעקומען!"

— — — „יוסף איז אָנגעקומען!"

בעני'ן און יוסף'ן האָט דער אַראַבישער פּאָליציאַנט פאַרהאַלטן און געמאַכט אַ געשריי, אַז די יידן גייען אַרויס פון אונטער דער ערד. צופעליק האָט זיך אויפן פּלאַץ געפונען דער אָפיצער קענעדי. זיי האָבן זיך צו אים געװענדעט מיט אַן אָנקלאַגע, אַז דער פּאָליציאַנט שטערט זיי אין דער אַרבעט... „װאָלטן מיר געװען אַראַבער װאָלט ער אונדז נישט אויפגעהאַלטן!" — האָבן זיי געטענהעט. דער אָפיצער קענעדי האָט אָנגעשריגן דעם פּאָליציאַנט און האָט זיי געהייסן גיין און צוריקקומען נאָכן פרישטיק. און זיי זענען געגאַנגען, אָבער זיך אומקערן קלערן זיי איבערהויפּט נישט!

יעדער קאָמוניקאַט, װאָס איז צו אונדז געקומען האָט פאַרשאַפט אַ נייעם פרייד־אויסברוך. דאָס איז געװען אַ טאָג פון פרייד. אויף אַזוי פיל האָבן מיר זיך נישט גערעכנט.

אין אַ שעה אַרום האָט מען געגעבן אַן אַלאַרם־צייכן אין שטאָט. די ענגלענדער זענען אַרויס אין די גאַסן פון ירושלים און אונדז געזוכט. אומזיסט רבותי.

אַ זייגער 1, מיטאָנג־צייט האָט דער לאָנדאָנער ראַדיאָ געמאָלדן: „12 אַרעסטאַנטן זענען אַנטלאָפן פון ירושלימער טורמע".

עס איז גוט געווען צו הערן די מעלדונג. בלויז דעם דרייצענטן האָט מען געכאַפּט. 15 מענטשן זענען אַרויס דורכן געהיטן טויער אויפן חשבון פון דריי, וואָס זענען אריינגעקומען.

אין שטאָט איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז מען האָט אונדז געזען מיט אַ מאַשין זיך אַוועקכאַפּן פון ירושלים אין דער ריכטונג פון תל־אביב. די ענגלענדער האָבן אונדז אויפגעהערט צו זוכן אין ירושלים.

*

אַ וואָך צייט בין איך נאָך פאַרבליבן אין ירושלים. איך בין דאַנקבאַר דעם מענטש וועלכער האָט מיך אויסבהאַלטן ביי זיך אין שטוב. זיין נאָמען קען איך נאָך דערווייל נישט אויסגעבן. פון דעמאָלט האָב איך אים מער נישט געזען. ער, אַ דאַנק זיין פערזענדלעכקייט איז ער דערגאַנגען צו אַ בכבודיקער שטעלע אין מדינת ישראל. איך האָב מורא, אויב ס'וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז ער האָט געהאָלפן דעם אונטערגרונט — וועט מען אים באַזייטיקן פון זיין שטעלע. עס איז געמאָלט, אַז מען וועט אויסגעפינען, אַז ער איז נישט ראוי פאַר דער שטעלע אין מדינת ישראל. ער האָט מיטגעאַרבעט מיטן אונטערגרונט וועלכער האָט געקעמפט קעגן די ענגלענדער. ער האָט נישט מיטגעאַרבעט מיט די ענגלענדער.

# דער אינהאַלט

